שלמה גראדזענסקי

# געקליבענע שריפטן





תל־אביב, תשל״ד — 1973

SHLOMO GRODZENSKY

# SELECTED WRITINGS

שלמה גראָדזענסקי / געקליבענע שריפטן

פאַרלאַג י. ל. פרץ,
תל־אביב, רח' אלנבי 31

I. L. PERETZ Publishing House
31, ALLENBY St. TEL-AVIV





**Printed in Israel 1973**

נדפס בישראל תשל״ד

הוצא לאור ע״י הועד להוצאת כתבי שלמה גרודזנסקי ז״ל
אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט
אַרויסצוגעבן געקליבענע שריפטן פון שלמה גראָדזענסקי ז״ל

דפוס „אור״ בע״מ, תל־אביב, שדר' הר־ציון 104, טל. 822481

# אינהאַלט

## געשטאַלטן



## אויף ישראל־טעמעס

# אַ קליינער אַריינפיר

## א

דער, צומאָל טרויעריק־פּאַרטראַכטער און צומייסט שטיפעריש־צעשמייכלטער אָוואַל, באַהעלט פון אַ פריער גאָלדלעכן און שפּעטער בלייכלעכן בלאָנד; דער, מחמת דעם בכיוונדיקן בויג פון קאָפּ, אויפגעטיילטער קוק פון די אויגן — דאָס רעכטע ווי געצילעוועט צום שמועס־פּאַרטנער, דאָס לינקע ווי חוץ דעם שמועס־עיגול בכלל; די הענט מאַכינאַל פּאַרטאָן מיטן טאַבאַק־בייטל און דער אויסדרוק פון די מויל־ווינקלען האַלב פאַרשאָטנט דורכן אייביקן ליולקעלע, וואָס האָט נאָך בולטער געמאַכט דאָס אויפגעהויבענע רעכטע אויער, וואָס האָט ווי פאַרשפּיצט, געלאָקערט אויף אַ יעדעס געהערטע וואָרט, כדי נישט איבערצוהיפּערן זיינס אַ מינדסטן ניואַנס — אַ ז ו י האָט זיך מיר, און מסתמא אויך אַנדערע, איינגעקריצט די דרויסנדיקע פיזיאָנאָמיע פון אונדזער האַרציקן פריינד ש ל מ ה ג ר אָ ד ז ע נ ס ק י, ווי אַ געטרייער אָפּשפּיגל פון זיין אינעווייניקסטער פּסיכאָנאָמיע: אָט אַזוי, ווייזט אויס, איז דער מנהג און דער נוסח פון אַ מענטשן, וואָס פאַרמאָגט דאָס זעלטענע יכולת זיך אַריינהערן און באמת אויסהערן, און תוך־כדי־כך דאָס געהערטע אויסמעסטן און אָפּוועגן לויט זיין באַהאַלטענער, אָבער תמיד רירעוודיקער, מאָס און וואָג, וואָס קאָן, כמעט אויטאָמאַטיש, תיכף און גיך פאַנאַדערשיידן צווישן תוך, וואָס האָט אַ ממש, און צווישן קליפּה, וואָס איז אַן אויסדאַכטעניש, אַן אַליין־אָפּנאַרעריי, כדי דעם ממש צו פאַרהאַלטן און דעם אוממש אַוועקשליידערן.

איך האָב די דאָזיקע אָבסערוואַציע מיינע און די זיך אָנקניפּנדיקע רעפלעקסיע מיינע אַפּירגעבראַכט, ווייל איך האָב געפונען, אַז אַזוי האָט זיך דער מאַן אויפגעפירט נישט בלויז ביי אַ שמועס־באַגעגעניש מיט אַ פאַרשוין, וואָס איז אים קעגן איבער געזעסן בגופו, נאָר אויך ביי אַ באַגעגעניש מיט אַ בוך, אַ ליד, אַן עסיי, אַ מחקר, אַ מעמואַר, אַ פּאַמפלעט, וואָס זיין מחבר איז פאַר אים געלעגן, בתורת חיבור, ברוחו. און אַזוי ווי ער האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט צו שמועסן און נאָך ליידנשאַפטלעכער

צו לייענען, און האָט צוזאַמענגעלייענט פאַלנע ביבליאָטעקן פון דעם וויכ־טיקיסטן, און אויך אומוויכטיקסטן, אין עטלעכע לשונות, וועלכע ער האָט גרונטיק געקענט און געווען אַ פולקומענער בן־בית, אָדער אַפילו בעל־הבית, אין זייערע ליטעראַטורן, האָט ער זיך, בעצם, כל ימיו, געפונען אין אַ שטענדיקער דיאַלאָגישער, לרוב ווידעראַנאַנדיקער געשפּאַנטקייט, וואָס האָט דאָס געהערטע און געלייענטע פאַרבעטן, אָדער ממש געצוווּנגען, אַריין אין אַ ויכוח מיט זיין וואָג און מאָס, און מיר, זיינע לייענערס, קענען בלויז אַ טייל פון דעם שטענדיקן ווידעראַנאַנד, ווי ער ליגט פאַר אונדז אין זיינע ליטעראַרישע און פובליציסטישע אַרבעטן, וועלכע זענען צעזייט אין זשורנאַלן — די יידיש געשריבענע, בעיקר אין „אידישער קעמפּער", און די העברעיש געשריבענע, בעיקר אין „דבר", און אין די פון אים רעדאַק־טירטע צייטונגען און צייטשריפטן, בעיקר אין „הדור", „אכסניה" און „אמות" און אין זיינע אַריינפירן צו געזעמלען פון שרייבער, פירער און דענקער. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן איצטיקן אָפּקליוב, וואָס עס האָט באַזאָרגט אונדזער טייערער פריינד, שלום ווורם, גייט בלויז אַ קליינער טייל פון דעם טייל אַריין און אַרויס אין בוך־טאָוולען. משמע, אַז וואָס מיר ווייסן וועגן דעם מחברס געראַנגל מיט מענטש און בוך, איז בלויז דער אָפּגעדעקטער שפּיץ, וואָס סטאַרטשעט אַרויס פון דער ברייטער און טיפער פאַרהוילנקייט, און בלויז אַ געניט אויג איז מסוגל לויטן אָפּגעדעקטן משער זיין דאָס פאַרדעקטע.

ב

ווי אַרום ער איז געקומען צו זיין אייגענער מאָס־און־וואָג־פאַרמעג — לאָזט זיך אַ קאָפּ אַרויסדרינגען פון זיינע פאַר אונדז, ליידער צו ווייניקע, אויטאָביאָגראַפישע שטריכן, וואָס גייען אין אָנהייב און סוף פונעם בוך, אויטאָביאָגראַפישע רמזים, וואָס זענען צעוואָרפן אין כל־ערליי אַרטיקלען, ווו מיר הערן וועגן פאַרשוינלעכע איבערלעבענישן, באַגעגענישן, רעמי־ניסצענצן: געבוירן אין דער אַטמאָספער פון אַן אַלטער ליטווישער קהילה, גראָדנע, וואָס איר חותם האָט זיך פאַרקריצט אין זיין משפחה־נאָמען, גראָדזענסקי, אויפגעצויגן אין אַ משפחה פון פרומע יושרדיקע יגיע־כפּימ־ניקעס — שוסטערס, שניידערס, בעקערס, וואָס האָבן מקיים געווען מיט תמימותדיקער שלימות זייער יידישקייט, און דאָס בהיפוך צום זינען און סדר פון פּאָפּולאַרן פאַלקסזאַג, משמע: שווערלעך אָבער ערלעך, האָט ער

זיך אין גאַס, היים און שול געכאַוועט כמעט ביז צו דער שוועל פון בר־מצווה, און זיך אַזוי אונטער־און אויפגעבויט, אַז ער איז געוואָרן און גע־בליבן ע ר, אין אַ יעדן ווינד און וועגד פון זיין קאַליריקן מאַרשרוט אין לעבן און אין זיינע צוויי עיקר־סטאַציעס — אַמעריקע און ארץ־ישראל.

מיר האָבן געזאָגט: אוטערגעבויט, און זיך מתכוון געווען צו די אַפּגעהיטענע און אָפּהיטערישע יידישקייט־יסודות פון אַלע פריערדיקע דורות — אמונה, מסורה, שטייגער; מיר האָבן געזאָגט: אויפגעבויט און זיך מתכוון געווען צו די אויפגערירטע און אויפרירערישע יסודות פון די לעצטע צוויי־דריי דורות: יידישער רענעסאַנס, וועלטלעכקייט, מאָדערנע. אָט די ביידערליי יסודות, וואָס האָבן זיך דיאַלעקטיש אינטעגרירט, האָט דאָס קינד מיטגעבראַכט פון דער ערשטער היים, דאָס יינגל האָט זיי אַריינ־געבראַכט אין דער אַנדערער כמו־היים, און דער יונגערמאַן האָט זיי אויס־געפּרוווט אין שווערע ראַנגלענישן, און פאַרטיפט צוריקגעבראַכט ווי אַ יחיד אין דער לעצטער אונז ווי אַ זון פון זיין פאָלק, אין דער ערשטער אמתער, אחרית־כראשיתדיקער היים. אמת, ער גופא דערציילט פון אַ באַזונדערן צופאַל אָדער אַ באַזונדערן מזל, וואָס האָט אים צוגעשפּילט — אַ דרייסיק־יאָריקע פריינדשאַפט מיט אַן עלטערן חבר, וואָס האָט, אין אַנצאָליקע באַגעגענישן, געלעבט און אויפגעלעבט זיין שטעטל, ווי אַ גרויס ליכט, און האָט באַשטאַרקט דאָס היימשטאָט־געדעכעניש פון אַ יינגערן חבר, פאַר וועלכן עס איז געוואָרן סיי מיטאָס — אַ שלימות וואָס איז געווען, סיי אוטאָפּיע — אַ שלימות וואָס וועט זיין (ווי אַזוי וועט אויסזען די אויס־געחלומטע געזעלשאַפט — אַזוי ווי זיין געבוירן־שטאָט?). אָבער אַפילו מיר זאָלן דעם צופאַל אָדער דעם מזל צושרייבן די ראָל פון אַזאַ וואָגיקן און אַפילו אַנטשיידנדיקן גורם, וואָס האָט פאַרהאָלפן צו אַ מין שיוויתי גראָדנע לנגדי תמיד, איז עס בלויז מעגלעך געווען, ווייל די וועלט האָט אין יינגערן פריינד געלעבט נישט ווי אַ מאָנומענט פון נעכטן, נאָר ווי אַ פערמענט פון היינט און מאָרגן. אַ ראיה דערויף איז טאַקע גראָדזענסקיס פּובליציסטיק. האָט ער דאָך געפירט אַ האַרטע אומ־רחמנותדיקע מלחמה קעגן כל־ערליי פאַרפרוירענע מאָנומענטן פון נעכטן, וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פערמענט פון היינט און מאָרגן, און זענען עס נישט געווען, נישט געקאָנט, און אפשר אַפילו נישט גע־וואָלט זיין.

ג

אַט, צו דעם ניין זיינעם, אין נאָמען פון דעם יאָ זיינעם — אַ לעבעדיקע פולע יידישקייט, וואָס איז נישט מעגלעך אָן אַן אייגענעם באָדן אונטער די פיס — איז שלמה גראַדזענסקי געקומען אַ גרייטער קיין ניו־יאָרק. סיי די ערשטע צען יאָר, ווען די פון מזרח־איראָפּע אַריבערגעבראַכטע קולטור־ווערטן, אין ברייטערן זינען, זענען נאָך געווען אַ גרויסער ממש, סיי אין די שפּעטערע צענדליקער יאָרן, ווען דער ממש האָט געמומען שמאָלער און ענגער ווערן, און פאַרעלטערטע און איבערגעלעבטע אידעאָלאָגיעס און פּאָרמאַציעס און זייערע וואָרטזאָגערס האָבן נישט געהאַט דעם רצון און נישט דעם כוח צו זען און צו פאַרשטיין די טראַגעדיע, און זי געמומען היילן מיט אילוזאָרישע רפואות, איז ער, דער אַנטשלאָסענער העברעיסט, פעסטער ציוניסט, דער קנאי פון חלוצישן קוק און גאַנג, וואָס האָט זיך געשפּייזט פון זייערע מקורות און געשטאַרקט אין דעם יאָר וואָס ער האָט, אַ ניינצן־יאָריקער בחור, פאַרבראַכט אין פתח־תקוה, געוואָרן אַן אָריגינעלער, שאַרפזיניקער און סטיל־פרישער יידיש־שרייבער. און ווידעראַמאָל שטעלט ער עס אַנידער ווי אַ צופאַל — חיים גרינבערג, בתורת רעדאַקטאָר פון „אידישער קעמפער", האָט אים פאַרבעטן ווי אַן איבערזעצער, און געוואָרן איז ער דער הויפּטשרייבער און שפּעטער רעדאַקטער פון דעם אַרבעטס־ציוניסטישן וואָכנבלאַט. אָבער עס זאָל אַפילו זיין אַ צופאַל, וואָלט עס נישט געוואָרן קיין גורל, ווען ער וואָלט, פאַר דער צוואַנציק־יאָריקער האָרעוואַניע, נישט לכתחילה פאַרמאָגט די פולע גרייטקייט און דאָס פולע יכולת דערצו, און דאָס איז שוין גאָר קיין צופאַל נישט.

וואָס ער האָט אין די צוויי צענדליק יאָר אויפגעטאָן ווי אַ שרייבער, נעמט אַרום אַ גרויסן פילפאַרביקן רייסטער. סיי וואָס שייך טעמעס — בעצם, נישטאָ קיין שום עיקרדיקע און אַפילו זייטיקע טעמע אין יידישן לעבן, וואָס ער זאָל נישט האָבן באַהאַנדלט, סיי וואָס שייך סאָרטן — פובליציסטיק, ליטעראַטור־קריטיק, וויסנשאַפטן; סיי וואָס שייך דרכים — פּשט און דרש, אַנאַליז און סאַרקאַזם, און אַלץ כדי צו ווייזן און באַווייזן, וואָס איז נאָך אָדער וואָס איז שוין לעבעריק און וואָס פאַרקערט. דער דאָזיקער חילוק לאָזט זיך מערקן כמעט אין אַלע זשאַנערס פון זיין שרייבן, ווו ער קאָנפראָנטירט די אידעאָלאָגיע פונעם באַהאַנדלטן פאַרשוין און זיין כאַראַקטעראָלאָגיע, אָבער גאָר בולט און פרעציז קומט דער חילוק

אַרויס אין זיינע פּאָרטרעטן — פון איין זייט די, וואָס קעמפן אין און פּאַר אַ ממשדיק, לעבעדיק און דינאַמיש יידישקייט, און זענען נישט צופרידן מיט זיך און וואָס זיי פּאָדערן, פּאָדערן זיי קודם כל פון זיך; פון דער אַנדערער זייט יענע, וואָס שטעקן אין אַ נעכטיקער, סטאַטישער זכר־לייִדישקייט, און אַזוי ווי זיי פילן נישט, אַז זיי זענען, נעבעך, בדומה לבר־מינן וואָס שפּילט אַ חתן־בראשית, זענען זיי תמיד היפּער־צופרידן מיט זיך, און וואָס זיי פּאָדערן, פּאָדערן זיי קודם־כל פון אַנדערע. פאַרשטייט זיך, אַז ביי זיין אויפטייל, וואָס די קריטיק האָט אים דיקטירט, האָט ער זיך צוגעצויגן די ליבשאַפט ביי די, וואָס קענען און ווילן קוקן דעם אמת אין די אויגן, און די פיינטשאַפט פון יענע, וואָס ווילן נישט געשטערט ווערן אין זייער באַקוועמלעכן זיך אַליין באַליגנערן.

אַוודאי איז אַ חילוק צווישן זיין ערשטן שרייב־פּעריאָד, אין אַמעריקע, און זיין צווייטן שרייב־פּעריאָד אין מדינת־ישראל, קודם כל דער קאַרדי־נאַלער חילוק פון סוסטראַט, פּראָבלעמאַטיק, אַקטואַליטעטן. אָבער דאָ און דאָרט איז עס דאָס זעלבע אויג, וואָס כאַפּט אויף, וואָס איז קאָרן און וואָס איז שפּריי, און די זעלבע פעדער, וואָס דעקט עס אויף און דאָס ברחל בתך הקטנה, און אויב נאָכגיין דעם פאָלקס־דרוש: הנאָקעטע, און עס איז נישט קיין טעות אָנצונעמען, אַז דער פּאָלעמישער חיתוך־הדיבור איז שוין מחמת דעם ממשדיקערן, לעבעדיקערן רעזאָנאַנס, דאָ שאַרפער געווען ווי דאָרט.

ד

און אַזוי ווי מיר האָלטן שוין דערביי, דאַרף מען באַטאָנען דעם צד השונה. דאָרט, אין ניו־יאָרק, האָט ער געשריבן בלויז, אָדער כמעט בלויז, יידיש, כאָטש ער האָט מיטגעלעבט אַ יעדן פּיבער פון ישוב, זיינע פּראָ־בלעמען, זיין ליטעראַטור, און האָט בעצם געלעבט אין אַ מין ארץ־ישראל־ענקלאַווע; דאָ, אין תל־אביב, האָט ער געשריבן בלויז, אָדער כמעט בלויז, העברעיש, כאָטש זיין אינטערעס פאַרן יידישן אַמעריקע האָט ווייטער אָנ־געהאַלטן; פונקט ווי מען דאַרף באַטאָנען סיי דעם איינעם צד השווה — דאָרט און דאָ האָט ער תמיד געמאָסטן און געוווויגן, וואָס איז ממש און וואָס איז אָנשטעל, וואָס אמת און וואָס בלאָף, און אַלץ מיט דער זעלבער, און אַפילו שטייגנדיקער, שאַרפקייט און פרישקייט; סיי דעם אַנדערן צד השווה — די גרונט־עלעמענטן, וואָס האָבן שוין אויסגעפּיקט אין גראָדנער

יינגל, און געבלימלט אין ניו־יאָרקער בחור און יונגערמאַן, און פול אויס־געצייטיקט אין תל־אביבער איש חכם ונבון: דער זיווג פון דעם דער־האַלטערישן — די ירושה פון היים און גאַס, שבת און וואָך, און פון דעם באַנייערישן — חדר מתוקן, העברעישע מאָדערנע, ארץ ישראל.

יאָ, ער איז געווען אַ טאָפּל־שפּראַכיקער שרייבער — מיר רעדן וועגן די הימישע שפּראַכן פון פאָלק — און דאָס איז אַ רייכע, כמעט אָפּגע־שלאָסענע פּרשה אין אונדזער, בעיקר מאָדערנער, ליטעראַטור. אָבער עס איז דאָ אַ באַזונדערער פענאָמען — ער געהער נישט מער צו די שרייבער, וואָס האָבן גלייכצייטיק געשריבן איןביידע שפּראַכן, פאַר דער זעלבער, אָדער כמעט דער זעלבער פּובליקע. די ערשטע צוואַנציק יאָר האָט ער געשריבן יידיש פאַר אַ באַזונדערן עולם, וואָס איז אַלעמאָל קלענער גע־וואָרן, און די אַנדערע פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער געשריבן העברעיש, פאַר אַ באַזונדערן עולם, וואָס איז אַלעמאָל גרעסער געוואָרן, און דער חידוש איז, וואָס נאָך דעם ווי ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט אַן עלטערן און אַפילו אַלטן לייענער, האָט ער דאָ, חוץ דעם כלל עולם פון חסידים פון זיין פּובליציסטיק — דערונטער די פּני פון דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט — זיך דערוואָרבן אַ שיכט פון יונגע לייענערס, דערונטער אַ פּאַלאַנגע פון אומקאָנפאָרמיסטישע שרייבער, וואָס האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער פּאַטראָן און זענען, נאָך זיין פריצייטיקער פּטירה, געווען פון זיינע וואַרעמסטע אָפּשאַצערס.

אָט די באַזונדערקייט מוז מען געדענקען ביי יעדן פּרווו אַרויסצוגעבן אַן אָפּקלויב פון זיינע כתבים, וואָס ער האָט ביים לעבן נישט געטאָן. אַזוי ווי יעדער פּרווו דאַרף אָפּשפּיגלען זיינע כל־זייטיקע ראָל און פונקציע, קען זיך אַ העברעישע אויסגאָב נישט באַגוגענען מיט זיינע העברעישע חיבורים און מוז אויך אָנקומען צו זיינע יידישע חיבורים, פּונקט ווי אַ יידישע אויסגאָב קען זיך נישט באַנוגענען מיט זיינע יידישע חיבורים און מוז אָנקומען צו זיינע העברעישע חיבורים. און דאָ שטעלט זיך די שווערע קשיה: ווי איבערזעצט מען אַ מחבר וואָס איז געווען אַ בן־בית אין ביידע שפּראַכן, און האָט אין יעדער איינער פון זיי מאַניפּולירט לויט איר ייחוד, כאַראַקטער און אַסאָציאַציעס; און די קשיא ווערט נאָך האַר־בער, וואָס ער גופא איז געווען אַ פיינער און סטריקטער איבערזעצער, און האָט זיך גערעכנט מיט יעדן וואָרט און קנייטש. איז עס אַ מזל פאַרן איצטיקן בוך, וואָס נעמט אַרום סיי אָריגינעל יידיש געשריבענע חיבורים, סיי פון העברעיש איבערגעזעצטע חיבורים, אַז עס איז אים בייגעשטאַנען

אַ מתרגם פון אַזאַ סאָרט און מדרגה, ווי עס איז שלמה שווייצער, וואָס די מלאכת־התרגום איז ביי אים אַ משפחה־זאַך (זיין שוועסטערקינד, שלמה דיקמאַן — ביידע הייסן נאָך דעם זעלבן זיידן, און זייער פעטער אברהם פראַנק) און האָט דאָס פּראָבלעם מיט פולער אחריות און קענטשאַפט געלייזט.

און צולעצט: דאָס איצטיקע בוך — איז אַן אָנהויב; אויך די איצטיקע הקדמה — איז אַן אָנהויב.

ירושלים, ט"ז חשון תשל"ד.

**דב סדן**

# שולעס I

מיינע ערשטע שול־יאָרן אין אָנהויב פון אונדזער יאָרהונדערט האָב איך פאַרבראַכט אין אַ „חדר מתוקן" אין מיין געבוירן־שטאָט גראָדנע, וואָס געפינט זיך אין אַ לאַנד אָדער אין אַ מדינה וואָס מ׳קען זי ניט אידענטיפיצירן אָן לאַנגע אויפקלערונגען. אין מיינע יוגנט־יאָרן איז דאָס געווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך בין שוין דאָרט ניט געווען, איז עס געווען דאָס זעלבסטשטענדיקע פוילן און איצט איז עס דאָס סאָוויעטישע ווייסרוסלאַנד — אָבער אויף דער יידישער מאַפּע איז גראָדנע פון תמיד אָן געווען ליטע.

כ׳בין אַלט געווען אַכט־ניין יאָר ווען כ׳האָב געלערנט די נייע העברעישע ליטעראַטור פון דער כרעסטאָמאַטיע „פרקים ראשונים" חלק ב׳ פון יעקב פיכמאַן. פאַר דער דאָזיקער כרעסטאָמאַטיע בין איך דאַנקבאַר יעקב פיכ־מאַנען, וועלכער געהערט ניט צו מיינע באַליבטע שרייבער, כאָטש אין מיין יוגנט, אין ניו יאָרק, פלעג איך אַ סך זיצן ביי אונדז אין קיך אין ברוקלין און פלעג חלומען איבער זיין ערשטן לידער־בוך „גבעולים" און שטאַרק באַגייסטערט ווערן דורך זיינע סאָנעטן פון ישראלדיקן פייזאַזש, דערשינענע אין דער חודש־שריפט „מעברות", וואָס ער האָט רעדאַגירט תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי אויך אין אַנדערע צייטשריפטן. אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, האָט מיין לערער אין „חדר מתוקן" געהייסן בראָזד. צי איז ער געווען אַ לערער אַ קפדן אָדער אַ סלחן — דאָס קען איך מיט פולער זיכערקייט ניט זאָגן. מיין לערער פון העברעישער ליטעראַטור דערמאָן איך זיך צום גוטן און מיט דאַנקבאַרקייט ניט אַזוי אים ווי אַזעלכן, נאָר ווי דעם וואָס האָט פאַר מיר אַנטדעקט די העברעישע ליטעראַטור, מיין ערשטע ליטעראַטור און בכלל אָט דעם „אָנגענעמען ווערטער־געווירץ (סם המלים הערב) וואָס אין יעקב שטיינבערגס ליד „עם ספר בשעת בין הערביים" („אני יושב אל חלון והוגה בספר ועיני סופגות כאור סם־המלים הערב"). בעת איינער פון די לעקציעס אינעם „חדר מתוקן" האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט דעם נאָמען ביאַליק. נאָך דעם ווי מיר האָבן געלייענט דאָס ליד „גמדי לילה", האָט אונדז דער לערער דערציילט וועגן דעם גרויסן

דיכטער, דעם גרעסטן פון די העברעישע דיכטערס, וואָס וווינט אין אָדעס און פאַרמאָגט דאָרט אַ דרוקעריי. פון דער לעקציע בין איך מיטגעגאַנגען מיטן לערער אויף זיין וועג אַהיים און האָב אים געהאַלטן אין איין אויס־פאָרשן עקשנותדיק וועגן דעם דיכטער. ווידער דערמאָן איך זיך ניט צי האָט ער מיר געענטפערט אויף מיינע פראַגעס מיט געדולד אָדער צוריק־געהאַלטן בעת מיר זענען ביידע געגאַנגען לענגאויס די פאַרשאָטנטע טראָטואַרן פון דער סאָפייסקע אָדער סאַדאָווסקע גאַס אין יענער פרײ־ליגנג־דיקער אָדער זומערדיקער מיטאָגצייט.

וואָסער געשמאַק מיין ליטעראַטור־לערער האָט געהאַט — דאָס קען איך ניט וויסן. ערשט יאָרן שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען ווייט פון מיין געבוירן־שטאָט און ווען כ׳פלעג זיך דאַן יעדן טאָג דערמאָנען מיט גרויס בענקשאַפט אין דעם „חדר מתוקן” און אין מיין לערער, ווען כ׳פלעג בלעטערן, אַזוי ווי כ׳טו עס נאָך איצט פון צייט צו צייט, יענע ווונדערלעכע כרעסטאָמאַטיע, פלעג איך פּרווון צונויפשטעלן אין מיין פאַנטאַזיע די גייסטיקע געשטאַלט פון מיין ערשטן לערער. אַזאַ צונויפשטעלן איז זיכער אַ שטאַרק מוטוויליקס, היות ווי דאָס איז אַ מעכאַניש צוזאַמענפאָרן פון סטאַנדאַרט־אייגנשאַפטן פון דעם טיפּ און פון איינמאָליקע אייגנשאַפטן פונעם אינדיווידואום. כ׳נעם אָן אַז ער איז דאַן אַלט געווען צווישן דרייסיק און פערציק יאָר, אַ געבוירענער אין די זיבעציקער אָדער אַכציקער יאָרן, אַז ער האָט זיך דערצויגן אין אַ חדר און אין אַ ישיבה און איז געוואָרן אַ משכיל, געווען אַן אַלטער לייענער פון „השילוח”, אַז ער פלעגט יאָ אָדער אפשר ניט לייענען רוסיש און דייטש, אַז ער האָט זיך געפילט אַ ביסל פרעמד אין זיין שיינער געבוירן־שטאָט (וואָס איז אפשר גאָר ניט געווען זיין געבוירן־שטאָט) וואָס אויף די ברעגעס פון ניעמאַן, וועלכע איך זע ביזן היינטיקן טאָג ווי אַ מין גן־עדן וואָס האַלט זיך אין איין בייטן מיט די שטראָמען פונעם טייך וואָס שניידט זי אַדורך. זיכער האָבן זיינע אויגן געזען דאָס וואָס איז פאַר מיינע אויגן פאַרהוילן געווען: די גרויע אָרעמקייט פון פאָרשטאָט, די שטיקעניש פונעם תחום המושב, דעם לאַנגווייל פון דער פּראָווינץ. אפשר איז עפּעס פון אָט דעם קוק פון אַ דערוואַקסענעם אויך אַריינגעדרונגען אין יענע ליטעראַטור־לעקציעס, אָבער צו מיר איז ער ניט דערגאַנגען. צי האָט ער אויך געלייענט בערדיטשעווסקין און ברענערן? דעם „הצידה”, דעם „בטרם” און „בינתיים”, וואָס זיינען שוין דאַן געהאַט דערשינען אין דוד פרישמאַנס צייטשריפטן? צי זיינען צו אים דערגאַנגען די העפטן פונעם „מעורר” פון לאָנדאָן און די נומערן פון

„הפועל הצעיר" פון יפו? וואָסער מיין האָט ער געהאַט בעת ער האָט אונדז געלערנט די נייע העברעישע ליטעראַטור — אַנטוויקלען אונדזער געפיל פאַרן שיינעם, אָדער פאַרטיפן אונדזער צובונד צום יידנטום, אָדער גאָר צוגרייטן אונדז אַנטיילצונעמען אין דער אויסגעגאַרטער יידישער רעוואָלוציע? אויך דאָס קען איך ניט וויסן.

ווען מ'האָט מיך געבראַכט ווי אַ צוועלף־יאָריקן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און כ'האָב געדאַרפט גיין אין דער אַלגעמיינער שולע, האָב איך אַ לאַנגע צייט ווייטער געלערנט העברעישע לימודים אין אַן אָוונט־שול. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן אויסצוזעצן אויף דער ריכטונג און דעם אינהאַלט פון די לימודים און אויף די אויפפאַסונגען און אָנשויאונגען פון מיין לערער. געווען בין איך באַווירקט דורך פאַרשיידענע השפעות. די ערשטע פון זיי איז געווען כמעט אַן אידעאָלאָגישע: דאָס באַגעגענען זיך מיט אַ דעמאָקראַטישער מדינה האָט מיך געמאַכט פאַר אַ פולן פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. קיין ניו־יאָרק זענען מיר אָנגעקומען אין אָנהויב פון יאָר 1917, באַלד נאָך דעם ווי די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַריינגעטרעטן אין דער מלחמה און אַ פּאָר חדשים איידער ס'איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע. אויף די עקן גאַסן פון אונדזער ברויזנדיקער יידישער געגנט זיינען אין די אָוונטן אויפגעשטעלט געוואָרן רעדנער־טריבונעס אויף וועלכע ס'פלעגן געהאַלטן ווערן פייערדיקע רעדעס און געפירט ווערן היציקע דיסקוסיעס. אַ באַגייסטערטער האָב איך זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו דעם אַלעם און בין געוואָרן באַהאַוונט אין די פּאַרטייען און אין זייערע חילוקי־דעות — פאַרטייען און פאַרטייעלעך, דער עיקר לינקע, מחמת אין דעם עמיגראַנטן־קוואַרטאַל האָבן די פּאַטריאָטישע, קאַפּיטאַליסטישע און אימפּעריאַליסטישע פּאַרטייען כמעט ניט געהאַט קיין דריסת הרגל. גאָר שנעל האָב איך אָנגענומען אַ קלאָרע שטעלונג, פאַרשטייט זיך אין גייסט פון דער אַנטי־מלחמהדיקער צימערוואַלדער קאָנפערענץ. אין די הייזער פון אונדזערע פריינד, אין וועלכע מיר פלעגן אַריינגיין כדי זיך צו באַקענען מיט זיי, זיינען אויף די ווענט געהאַנגען לייוונטענע לענטעס מיטן אויפשריפט אויף רוסיש: „זאָל לעבן די רוסישע רעוואָלוציע!" דאָס איז געווען זייער פאַרשטענדלעך און איבערצייגנדיק, אָבער ס'האָט דאָך געגאָגט די פראַגע, ווי אַזוי דאָס אַלץ פּאָרט זיך מיט דעם וואָס כ'האָב אַרויסגעטראָגן פון „חדר מתוקן"; די רעדנער־טריבונעס, די אויפרופן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די שמועסן פון די דערוואַקסענעביים טיש נאָך די אַרבעט־שעהן און אין די זונטיקן (דער שבת איז פאַרשוווּנדן אַזוי ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט געווען)

האָבן זיך אײַנגעאַנצן אָפּגעטרייסלט פון דער וועלט פון די „פּרקים ראשונים". איין מאָל האָב איך צו מיין גליק געפונען דעם אויסוועג. אויף איינער פון די ווענט איז געווען אויפגעקלעפּט אַ מעלדונג וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון פּועלי ציון לכבוד דער רוסישער רעוואָלוציע. כ'האָב ניט געוווּסט ווער עס זיינען די פּועלי ציון, אָבער דאָס מיסטעריעזע צונויפּפּאָרן פון ציון מיט דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אויפגעבליצט ווי אַ לאָגישע, כאָטש נאָך אומקלאָרע לייזונג פון מיין דילעמע. כ'האָב זיך כמעט ווי אַריינגעגנבעט אין דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין מיין לעבן. צוויי רעדנערס האָבן גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון דעם פאַלן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. דער ערשטער איז געווען אַלכסנדר כאַשין, אַ מענטש פון דער צווייטער עליה, איינער פון די שטענדיקע מיטאַרבעטער פון דעם פּועלי ציוניסטישן וואָכנבלאַט „אחדות" אין ירושלים, ווו ער האָט געשריבן זייער פיינע עסייען אויף ליטעראַרישע טעמעס אונטער דער אונטערשריפט צ. אַוווערבוך. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטי־שער פאַרטיי, געדינט איר געטריי און איז אויסגעגאַנגען אין סטאַלינס אַ תפיסה. איך געדענק מער ניט וואָס ער האָט דאַן געזאָגט, איך זע בלויז פאַר מיר נאָך היינט זיין שיינעם קאָפּ מיט קאַשטאַן ברוינע האָר און זיין גראַציעזן און איידעלן קערפּער. איך קען אויך כמעט אַרויפברענגען אין מיין זכרון זיין מוזיקאַלישע שטים. איך געדענק אָבער איין זאַץ פון דער רעדע פון דעם צווייטן רעדנער, נחמן סירקין, וואָס אַנטקעגן כאַשינען איז זיין אויסזען געווען אַן אומגעלומפּערטער און כמעט אַ מגושמדיקער — אַ שווערער קאָפּ מיט אַ באָרד, אַן אַרויסשטאַרצנדיקער בויך, שווערע פיס און אַ ניט גראַציעזע ענערגיע. כ'האָב אים געזען פון די עקן פונעם זאַל; פון דער נאָענט, אַזוי ווי מ'האָט עס געקענט זען אין די פאָטאָגראַפיעס, איז בולט געווען דאָס גייסטיקע קאָנצענטרירן זיך וואָס ס'האָבן אויסגעדריקט זיינע אויגן. סירקין האָט שטאַרק אַרויסגעהויבן דעם היסטאָרישן באַטייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס איז סוף כל סוף פאַרגעקומען, אָבער וואָס שייך יידן האָט ער צוגעגעבן: „אין די צאַרישע צייטן האָט מען געקענט זען אין מאָסקווע אַן אויפשריפט: „דער אַריינגאַנג איז פאַרווערט פאַר הינט און פאַר יידן" — איצט איז אונדזער מעמד, דער פון די הינט און דער פון די יידן, גלייכגעשטעלט געוואָרן צום מעמד פון אַלע רוסישע בירגער"... קען זיין, אַז די פאָרמולירונג איז געווען אַ שטאַרק מגושמדיקע און אפשר אפילו אַ בפירוש גראָבע. אָבער איך בין מודה, אַז דאַן האָט אָט די שווערע און טרוקענע חכמה וואָס האָט געשטעקט אין דעם דאָזיקן משל מיך פאַר־

כישופּט. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז פון דאַן אָן האָב איך מיט זיך געטראָגן די זיכערקייט, אַז דאָס איז די חכמה וואָס דאַרף טרעפן, איבער אַלע שפּינוועבסן פון די אָנגענומענע קאָנווענציאָנאַלן, דירעקט אין האַרצן פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

נאָענט צו דער דאָזיקער צייט האָב איך אַנטדעקט די ענגלישע ליטעראַטור. בעת מיין גערעדטער ענגליש איז נאָך געווען אַ שטאַמלענדיקער און נעבעכדיקער, האָב איך אָנגעהויבן צו לייענען ענגלישע ליטעראַטור מיט אַן אומגעשטילטן דורשט. דער שטויס דערצו איז געקומען אויף אַ מאָדנעם וועג. אין דער צייטונג פון דער געווערקשאַפט פון די פּרויען־שניידערס „גערעכטיקייט״, וואָס כ׳פלעג מיר אויסבאָרגן ביי איינעם פון די שכנים, האָב איך געלייענט אַ סעריע אַרטיקלען פון א. גלאַנץ־לעיעלעס וועגן דער מאָדערנער אַמעריקאַנער פּאָעזיע : ראָבינסאָן, ראָבערט פראָסט, איימי לאָויעל, עזרא פּאונד, וואַלאַס סטיוועגס, דזשאָן גאָלד פלעטשער. די דאָזיקע דיכטונג האָט זיך דעמאָלט געפונען אין איר עצם אַנטשטיין, אין די טעג ווען זי האָט ערשט געמאָלדן אַז זי עקזיסטירט און אַז זי האָט אַ בכבודיקע שלשלת היוחסין וואָס ציט זיך ביז צו וואָלט וויטמאַן, דעם פאַרשטויסענעם און דעם פאַרגעסענעם. כ׳בין געלאָפן אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק און האָב מיך אַראָפּגעלאָזן אין ים פון דער דיכטונג. כ׳בין שוין געווען אַן איינגייער אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק פון אונדזער קוואַרטאַל, וואָס איז געווען מיין אמתע און כמעט איינציקע שולע. די פּאַליצעס פון די עפנטלעכע ביבליאָטעקן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען אָפן און כ׳האָב געקענט וואַנדערן פון איין פּאָליצע צו דער צווייטער, פון איין אָפּטיילונג צו דער אַנדערער, זוכן, אַריינבליקן, אויסקלייבן אַ בוך, זיך זעצן ביי אַ טיש און לייענען אָדער מיטנעמען אַהיים עטלעכע ביכער אויף אַמאָל — בדרך כלל פלעג איך זיך ניט באַנוגענען מיט וויניקער ווי דעם מאַקסימום, דאָס הייסט זעקס. אין דער דאָזיקער ביבליאָטעק אין אונדזער קוואַרטאַל, וועלכער איז געווען אַ געגנט פון יידישע אימיגראַנטן, איז אויך געווען אַן אָפּטיילונג פון יידישע און העברעישע ביכער. כ׳האָב איבערגעלייענט אַלע איינגעבונדענע העברעישע צייטשריפטן און זאַמלביכער, וואָס כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען נאָך אין מיין געבוירן־שטאָט (און איינע פון די סיבות צוליב וועלכע כ׳האָב זי פאַרלאָזט מיט אַן אומווילן, כאָטש כ׳האָב געוווּסט אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן וואַרט אויף מיר מיין פאָטער, וואָס איז דאָרט אַוועקגעפאָרן ווי ס׳פלעג זיך דאַן פירן עטלעכע יאָר פריער, איז געווען די מורא כ׳זאָל דאָרט ניט געפינען קיין העברעישע ביבליאָטעק), אין דער דאָזיקער

ביבליאָטעק האָב איך אַנטדעקט די ענגלישע ליטעראַטור. דאָס לייענען די מאָדערנע ענגלישע דיכטערס, וואָס זיינען דאַן באמת געווען יונגע, האָט באַשטימט, צום גוטן אָדער צום שלעכטן, מיין געשמאַק אין פּאָעזיע ביז אויפן היינטיקן טאָג. בלויז שפּעטער בין איך דערגאַנגען צו דער ענגלישער פּאָעזיע לויט די דורות — ניט מיט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. ערשט ווען כ׳האָב געלייענט ראָבערט פראָסטן, איימי לאָועל, עזרא פּאָונדן און ט. ס. עליאָטן, בין איך צוריקגעגאַנגען (אין דעם סדר) צו די ראָמאַנטיקער און צו די וויקטאָר־יאַנער, צו די פּאָעטן פון זיבעצנטן יאָרהונדערט (וואָס צו זיי איז מיר פאַרבליבן די גרויסע ליבשאַפט ביזן היינטיקן טאָג), פון אַכצנטן יאָרהונדערט און צו שעקספּירן.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ געשווירענער מאָדערניסט. מיין באַליבטע צייטשריפט איז געווען דער חודש־זשורנאַל DIAL. אָט ליגט פאַר מיר דאָס ערשטע העפט: יאַנואַר 1920. אָט זענען די ערשטע אָפּגעדרוקטע לידער פון א. א. קאָמינגס. שוין דאָס טיפּאָגראַפישע אויסזען פון דעם עמוד האָט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ צום ליד. די שורות, אַמאָל קורצע, אַמאָל לאַנגע, אָן שום סימעטרישן סדר, און די פערזן וואָס די צאָל שורות זייערע איז ניט קיין גלייכע — איין פערז פון פיר שורות נאָך אַ פערז פון צוויי שורות און נאָך אים אַ פערז פון דריי שורות — האָבן שוין צוגעגרייט דעם לייענער אויפצונעמען דעם ריטם וואָס זעט אויס אַ ספּאָנ־טאַנישער, און אומדערוואַרטער, די איבערראַשונגען וואָס האָבן קיין גרענעץ ניט ווי אויך די פאַרגלייכונגען וואָס זענען אַזוי נאָענט צו דער ממשות־דיקייט פון די זאַכן...

קאָמינגס איז מיט אַ צייט פריער צוריקגעקומען פון דער מלחמה. דאָרט האָט ער געדינט ווי אַ פּריוויליקער (נאָך איידער די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען צוגעשטאַנען צו די אַליאירטע) אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, און איז צוליב עפּעס אַן אַבסורדאַלן דיסציפּלין־ברוך אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ שרעקלעכער תפיסה, וואָס וועגן איר דערציילט ער אין זיין בוך The Enormous Room.

כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט אַז ROUPY איז אַן אָרט ווו ס׳איז פאַר־געקומען איינע פון די מלחמה־שלאַכטן אין פראַנקרייך. פון דאָרט זיינען געקומען די דאָזיקע מאָדנע ריטמען, מעטאַפאָרעס און אַדיעקטיוון: „דער קלוגער שטאַרקער קול פון טויט״; „די לאַנגע רעדעוודיקע חיות״; „די נאַכט רעדט איבער רייפע שווייגנדיקע מיידלעך״. דער געמיש פון די חושים: דער קול פון טויט... די נאַכט וואָס רעדט איבער... די שטילקייט

וואָס איז פול מיט יוגנט... און זיכער האָב איך באַמערקט — אפשר טאַקע דערפאַר וואָס כ'האָב ערשט נאָר וואָס געהאַט געלערנט ענגלישע אָרטאָ־גראַפיע — אַז דער דיכטער הויבט אָן דעם זאַץ מיט אַ קליינעם אות און אַז ער שרייבט i און ניט I.

דאָס אַלץ איז געווען ניי און ס'איז ניט געווען קיין ספק אַז דאָס נייע איז געווען נויטווענדיק. דעם פּופּצן־יאָריקן בחור, מיין איך איצט, האָט דאָס נייע פאַרכאַפּט, מחמת עס האָט באַפרידיקט אַ ממש ביאָלאָגישע נייגער צו נייע זעאונגען און נייע געשמאַקן. ערשט שפּעטער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן אַז די שאַפערס און פאַרטיידיקערס פון אָט דעם נייעם האָבן אין אים געזוכט עפּעס וואָס איז כלל ניט געווען אינדיווידועל. זיי האָבן געזוכט, אַזוי ווי ס'האָט געזאָגט איינער פון זיי, „צו באַנייען דעם אויסדרוק פונעם שבט", וואָס האָט זיך געהאַט פאַרעלטערט, איז קאַליע און גראָ געוואָרן און איז אויסגעשעפּט אין דער דיכטונג פונעם פריערדיקן יאָר־הונדערט. בלויז ווען דער מענטש ווערט רייף, אַנטדעקט ער אַז ער איז ניט בלויז אַ יחיד, אַז זיין לעבן איז דער המשך פונעם לעבן פון זיין שבט, אַז נאָר אַ דאַנק דער ירושה, וואָס זיינע פאָרגייערס האָבן אים איבערגעלאָזט, איז ער — אויב ער איז ווערט — מסוגל עפּעס צו ענדערן, אָדער עפּעס צוצוגעבן צום אויסדרוק פון זיין שבט.

אין יענער צייט האָב איך געלייענט איינס פון די ערשטע לידער פון ט. ס. עליאָט (ער האָט עס געשריבן מיט געציילטע יאָרן פריער). ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ביים לייענען די ערשטע שורות איז אין מיר אויפ־געגאַנגען אַ שטומער פרייד־אויסרוף:

Let us go then, you and I
When the evening is spread out against the sky
Like a patient etherised upon a table...

זינט דאַן האָב איך דאָס ליד געלייענט צענדליקער מאָל אין פאַר־שיידענע תקופות פון מיין לעבן און יעדעס מאָל האָב איך געפּרוווט באַנייען זיין ערשטן איינדרוק, וועלנדיק דערגיין וואָס פון דעם דאָזיקן איינדרוק איז אַרויסגעפלאָסן פונעם ליד גופא און וואָס איז דאָ געווען צו פאַרדאַנקען דעם צופאַל, וואָס עס האָט דאָס ליד דאַן געלייענט אַ פּופּצן־יאָריקער בחור. און אָט ווי כ'קען רעזומירן דעם דאָזיקן עקזאַמען פון זיך אַליין: פאַר מיר איז דאָס ליד געווען ניי, מחמת אַ סך זאַכן, אויך ניט אַזוי נייע — אין דער דיכטונג און ניט נאָר אין דער דיכטונג — זענען פאַר מיר במילא געווען ניי. און דאָס דאָזיקע פאַרזענלעכע איבער־לעבן דאָס וואָס איז ניי האָט זיך זיכער אויסגעווירקט, מיט אָדער קעגן

מיין ווילן, אויף מיין פּערזענלעכער געשיכטע. אָבער דאָס אָביעקטיוו נייע פון דער פאַרגלייכונג האָט געשטעקט אין אַן אַנדער געשיכטע — אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער דיכטונג. דאָרט איז די דאָזיקע פאַר־גלייכונג ווי אַזאַ געווען אַן ערשטע. אַ סך פאַרגלייכונגען מיט דער נאַכט זענען פאַראַן אין דער ענגלישער פּאָעזיע פון אַלע דורות. אין דעם דאָזיקן ליד איז די נאַכט צום ערשטן מאָל דערשינען אין דער מעטאַפאָרע פון אַ קראַנקן וואָס שלאָפט אויף אויפן אָפּעראַציע־טיש.

פאַראַן אין דעם דאָזיקן צונויפפאַרן אין ליד אַ מין ערשטער מוסטער, אַ מין מאָדעל. שפּעטער האָבן זיי זיך גענומען מערן אָן אַ סוף. דעריבער האָב איך יאָרן שפּעטער ניט איין מאָל נאָכגעטראַכט: ווען אַזאַ ליד וואָלט אָנגעקומען אין אַ רעדאַקציע פון אַ צייטשריפט וואָס איז סימפּאַטיש איינ־געשטעלט צו מאָדערנער דיכטונג אין יאָר 1930 אָדער אין יאָר 1940, שוין ניט זאָגנדיק אין 1950 אָדער 1960, ווי אַזוי וואָלט עס אָנגענומען געוואָרן? זיכער ניט מיט דער פאַרוווּנדערונג מיט וועלכער ס׳האָט עס בשעתו, אין יאָר 1917, אָנגענומען, ווי איך שטעל זיך פאָר, די רעדאַקטאָרין פון דעם חודש־זשורנאַל „פּאָעטרי״, האַריעט מאָנראָ. איצט, האָב איך מיר געזאָגט, וואָלט פון דעם ליד אָוועקגענומען געוואָרן זיין יסוד פון אַבסאָ־לוטער נייקייט. און אויב אַזוי, וואָס האָט געזאָגט דער רעדאַקטאָר בעת ער האָט געלייענט דאָס ליד פון דעם ניט באַקאַנטן דיכטער וואָס האָט געהייסן ט. ס. עליאָט? אוודאי קען מען דערויף ניט געבן קיין זיכערע תשובה. ס׳איז אָנצונעמען, אַז אַלע וואָלטן געזאָגט אַז דאָס איז אַ גוט ליד. צי וואָלט אויך עמעצער געפונען אין אים מער ווי דאָס? דאָס איז די קאָמפּליצירטע פראַגע פאַר וועלכער עס שטייט דער לייענער ווען ער לייענט די שאַפונג און אוודאי שוין ווען ער וויל אַרויסטראָגן וועגן איר אַ מיינונג.

און אויב דאָס איז אַזוי, צי איז מעגלעך אָפּצושאַצן אַ ליטעראַרישע שאַפונג אַנדערש ווי אינעם היסטאָרישן אַספּעקט פון איר שפּראַך? זיכער איז עס ניט דער איינציקער אָדער דעציזירנדיקער יסוד ביים אַנאַליזירן דעם ווערט פון אַ שאַפונג, אָבער צי פאַרמאָגט ניט אין זיך יעדע אָפּשאַצונג וואָס נעמט ניט אין חשבון דעם דאָזיקן אַספּעקט אַ פּוסטע אַמביציע? איך געדענק, ווי איין מאָל אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן איז געזעסן מיט מיר אַ ישראלדיקער יונגערמאַן, און האָט געלייענט מיט אַ וואַקסנ־דיקער באַגייסטערונג דאָס דערמאָנטע ליד פון עליאָטן. ס׳איז מיר געווען שווער צו פאַרהוילן דאָס וואָס האָט אין זיינע אויגן זיכער אויסגעזען ווי

אַ גלייכגילט. איך האָב זיך געטראַכט: ער האָט איצט אַנטדעקט דאָס ליד. ער לייענט עס אײַנגאַנצן אויסער דער היסטאָרישער רעם: וואָס האָט ער, דער חיפה׳ער בחור, פֿאַר אַ שייכות צו די טרויעריקע באָסטאָנער געסלעך אין די פֿאַרנאַכטן? דאָס דאָזיקע באָסטאָן, דאָס איריש־קאַטוילישע, מיט זײַנע אָרעמע, אָפּגעקראָכענע רעסטאָראַנדלעך, אין די אויגן פֿון דעם פּאַטריצישן דיכטער, דעם זון פֿון די פּוריטאַנער — די שטאָט וואָס איז אַמאָל געווען די גײַסטיקע הויפּטשטאָט פֿון דעם אוניטאַרישן אַדל און איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן דורך דאָרפֿישע אימיגראַנטן פֿון דער אָרעמער אירלאַנד און דורך מיטללענדישע איטאַליענער און יידישע שניידערס פֿון מזרח־אייראָפּע. און ער, דער דיכטער זױיס, אַז ניט נאָר זי, די שטאָט, נאָר אַז אויך די אמונה פֿון זײַנע אבות איז אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון איר אינהאַלט און איז איינגעשרומפּן געוואָרן. און דאָס אַלץ, די זעאונגען, די איראָניע און די רעזיגנאַציע, איז דאָך איינגעקריצט אין די דאָזיקע שורות. און נאָך עפּעס: ער וואָלט ניט אַרויסגעבראַכט דאָס דאָזיקע צונויפּפּאָרן, ווען ניט דער מוסטער פֿון דער פֿראַנצויזישער סימבאָליסטישער דיכטונג, וואָס איז אים אייגן געוואָרן אין זײַנע יוגנט־יאָרן.

מײַן יונגערמאַן האָט אויפֿגענומען דאָס דאָזיקע ליד מיט זײַן קוק: זײַן יוגנט, זײַן קלאָרע פּראָווינץ, וואָס אירע שטעגן מוזן פֿירן צו אַ באַשטימטן און באַגרענעצטן ציל און די העברעישע פּאָעזיע אויף וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן. און דאַן האָב איך אויך געטראַכט ווי אַזוי איך האָב געהאַט רעאַגירט: אויב איך לייען היינט דאָס ליד אַנדערש ווי כ׳האָב עס געלייענט אין מײַן יוגנט, איז עס דאָך ניט נאָר דערפֿאַר וואָס דאָס ליד פֿאַרנעמט היינט אַ באַגרענעצט און במילא באַשרענקט אָרט אין דער ענגלישער פּאָעזיע פֿון אַלע דורות, נייערט זיכער אויך דערפֿאַר ווייל כ׳בין עלטער געוואָרן און במילא ענטפֿער איך היינט אַנדערש אויף אַ פּאָעטישער שאַפֿונג און מײַנע פֿאָדערונגען פֿון איר זײַנען אַנדערע ווי זיי זײַנען געווען אַמאָל, אין מײַן יוגנט.

אָבער ווען כ׳ברענג איצט אַרויס די דאָזיקע זאַכן, דערמאָן איך זיך אין מײַנע אָפּנויגן פֿון מײַן קנאות צום מאָדערנעם אין וועלכע כ׳וואָלט זיך זיכער ניט געוואָלט אָפּן מודה זײַן אין יענע יאָרן. אין דער צײַט ווען כ׳בין געווען פֿאַרכאַפּט דורך מײַנע אייגענע באַגײַסטערטע אַנטפּלעקונגען, דורך די נײַע ריטמען און פֿאַרגלײַכן, האָבן מיר אין דער שול געלערנט דעם באַקאַנטסטן און אָממייסטן אָנגענומענעם אַמעריקאַנער דיכטער, הענרי וועדסוואָרט לאָנגפֿעלאָ, וואָס איז אויך גוט באַקאַנט דעם העברעישן

לייענער פון דער פּאָעמע „הייוואטא״. וואָס שאול טשערניכאָווסקי האָט אים צוגעטראָגן. לאָנגפעלאָ (1807—1882) האָט געשטאַמט פון ניו־אינגלענד, אַ לאַנד פון פּוריטאַנישע פּויערים און פישערס, וואָס זיינען געווען שטאַרק אָפּגעהיט מיט זייערע פּירעכצן און טראַכטעניש. דער דיכטער איז געווען פּראָפעסאָר פון מאָדערנע שפּראַכן און איז געווען אויסגעבונדן אין זייערע ליטעראַטורן, האָט אַ סך אַרומגערייזט איבער פראַנקרייך, שפּאַניע, איטאַליע און דייטשלאַנד. פון זיינע נסיעות איבער די לענדער פון יענער זייט אָקעאַן האָט ער מיטגעבראַכט אין זיין פּראָווינץ די פּערל פון דער וועלט־דיכטונג. ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער דיכטער־איבערזעצער. דערמיט איז ער ענלעך געווען צו די באַגייסטערטע איבערזעצער אין אונדזער נייער ליטעראַטור, פרישמאַן און טשערניכאָווסקי, וואָס האָבן אין זייערע איבערזעצונגען געזען אַ שליחות. אָבער דער פּוריטאַנישער פּיינשמעקער, דער אידיליקער, האָט געזוכט אין דער וועלט־ליטעראַטור דער עיקר באַשיידענע חן־קאָלירן, דערהויבענע שטימונגען, כדי אויסצוצירן מיט זיי דאָס הויז אין זיין פאַרשטויסענעם אָפּגעלעגענעם פּאַטערלאַנד און אויסצובררייטערן די נשמה וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איינשרומפּן אין אירע ענגע גרענעצן. אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע חדשים ביי אַ פּרעכטיקער אָזיערע אין שטאַט מיין, ווו לאָנגפעלאָ איז געבוירן געוואָרן. און כ׳געדענק אַז, זעענדיק דאָס אַלץ, וואָס איז נאָך דאָרט פאַרבליבן פון דעם עבר פון דער אַלטער אַמעריקע אין אירע דערפער און שטעטלעך, אין זייער אויסזען און אין די רייד פון זייערע מענטשן — וואָס פּילט אַן מיט באַוווּנדערונג דעם וועלכער האָט זיינע מערסטע יאָרן פאַרבראַכט אין דער מעטראָפּאָליע ניו־יאָרק — האָב איך געטראַכט מיט פאַרערונג וועגן דעם דיכטער פון מיין וועלכער האָט בשעתו געבראַכט זיין לאַנד דעם עפּאָס פון די אינדיאַנער, „פאַוסט״ און דאַנטע און וואָס האָט אין זיינע אידיליעס געוואָלט צוריקגעבן אַ פּראַכט זיין יונגער פאַרגאַנגענהייט וואָס איז נאָך פריש אין זכרון פון זיינע לייענערס, דער פּיאָנערישער פאַרגאַנגענהייט פון די, וואָס האָבן דערעבערט די אורוועלדער.

ווען כ׳האָב אין דער שולע איינגעהזרט די פּערזן פון לאָנגפעלאָ, האָב איך שוין געוווסט, אַז זיין ריטם איז אַן איינטאָניקער און מעכאַנישער און זיין באַנעמען דאָס לעבן און די מענטשן איז איבערגעטריבן פּאַטעטיש און שוואַך. ווייל לאָנגפעלאָ איז שוין דאַן געווען אַ שם־דבר, כמעט אַ קאָמיש געשפּענסט, וואָס שטעלט פאַר די זאַכן אַנטקעגן וועלכע עליאָט און קאָמינגס

האָבן זיך קעגנגעשטעלט. און כאָטש כ׳וואָלט נאָך ניט געווען גרייט זיך מודה זיין אין דעם, האָב איך זיך פון דעסטוועגן אונטערגעגעבן דער לאַשטשענדיקער, דער פּאַרוויגנדיקער און האַרציקער מעלאָדיע פון זיינע פּערזן.

דאָס זיינען אָבער, ווי געזאָגט, געווען בלויז זינדיקע מחשבות וואָס כ׳האָב זיך אפילו שטילערהייט, פאַרבאָרגענערהייט אין זיי ניט מודה געווען. ערשט יאָרן שפּעטער, ווען די נייע דיכטונג האָט זיך דערוואָרבן אַ גאָר בכבודיק אָרט און ס׳זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פרעגן אויף אַ קול צי דער נייער סטיל איז אַזאַ אַבסאָלוטער, ווען כ׳האָב זיך דאָ און דאָרט אויך אָנגעטראָפן אויף רעוויזיעס פון דער אָרטאָדאָקסיש־מאָדער־ניסטישער מיינונג וועגן לאַנגפעלאָס דיכטונג, האָב איך זיך מיט זיי געפרייט אַ צופרידענער. כ׳געדענק אַז אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן האָב איך געליינט דאָס בוך פון א. א. ריטשאַרדס „פּראַקטישער קריטיציזם״ (Practical Criticism). ריטשאַרד, איינער פון די פּאַטערס פון דער מאָדערנער ליטעראַטור־קריטיק, איז דאַן געווען פּראָפעסאָר פון ענגלישער ליטעראַטור אין קיימברידזש. דאָס בוך איז געווען אַ סך הכל פון אַן עקספּערימענט וואָס דער מחבר האָט דורכגעפירט מיט זיינע תלמידים. זיי האָבן באַקומען אַ זאַמלונג לידער פון פאַרשיידענע תקופות, אָן די נעמען פון די פּאָעטן, און זיי האָבן געדאַרפט ענטפערן אויף אַ ריי פראַגעס וואָס שייך דעם באַשטימען די תקופה אין וועלכער די לידער זיינען פאַר־פאַסט געוואָרן און צוגעבן פּרטים וואָס זאָלן באַגרינדן זייערע השערות. איך האָב זיך אַליין עקזאַמינירט און בין דורכגעפאַלן מיט אַ קנאַק (די נעמען פון די דיכטערס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אין זעלבן בוך). גלייך נאָך דעם ווי כ׳האָב פאַרענדיקט מיין אייגענעם עקזאַמען, האָב איך דעם זעלבן עקזאַמען דורכגעמאַכט מיט מיין חברטע וואָס ענגליש איז געווען איר מוטערשפּראַך און וואָס איר געשמאַק איז — ניט ווי מיינער — ניט קאַליע געוואָרן פון צופיל לייענען ליטעראַטור־קריטיק און פון איבער־געטריבענעם אינטערעסירן זיך מיט זייערע שולעס און מאַניפעסטן. כ׳בין ספּעציעל נייגעריק געווען צו זען צי ס׳וועט איר געלינגען צו אידענטי־ציפירן איין ליד אין דעם אָפּקלייב, אַ באַזונדערס שיין ליד, וואָס כ׳האָב געוווּסט אַז זיין מחבר איז העגרי וועדסוואָרט לאַנגפעלאָ און ניט קיין אַנדערער. כ׳האָב איר פאַרגעלייענט דאָס ליד. ווער האָט עס געשריבן? ווען איז עס געשריבן געוואָרן? מיין חברטע האָט כלל ניט געהאַט קיין ספק, אַז דאָס איז „אַן אַלט ליד, צום שפּעטסטן פון זיבעצנטן יאָרהונ־

דערט״. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ וויכטיקע לעקציע אין פּראַקטישער אַליין־קריטיק.

מיין שוואַכקייט צו לאַנגפעלאָ, אפילו אין די טעג פון די אולטראַ־מאָדערניסטן, האָט באַקומען איר פולע באַפרידיקונג ווען כ׳האָב אַמאָל אָפּגעשטאַט אַ וויזיט, צוזאַמען מיט מיינעם אַ פריינד, אַ וויכטיקן מאָדער־ניסטישן יידישן דיכטער, ביי דער דיכטערין מאַריאַן מאָר. מיס מאָר, וואָס איז דאַן געווען אַ זעכציקערין, ווערט איצט באַטראַכט ווי איינער פון די אָריגינעלסטע דיכטערס אין דער נייער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. דאָס איז ממש אַן איינמאָליקע אָריגינעלקייט, וואָס קיין איין קריטיקער האָט זעט אויס נאָך ניט באַוויזן, אַזוי ווי עס טוען עס די קריטיקערס, צו אַנטדעקן אין איר די שפּורן פון וועלכער ס׳זאָל ניט זיין השפעה פון די טאַטעס פון דער ענגלישער דיכטונג. זי שרייבט קאָנסעקווענט מיטן סילאַבישן ריטם. אַ סך פון אירע לידער זיינען לידער וואָס קוקן זיך אַריין אין בעלי חיים וואָס זי האָט ליב. זי באַנוצט זיך מיט אַ סך ציטאַטעס פון פאַרשיידענע מקורות, ניט נאָר פון דיכטערס נאָר אויך פון קאַטאַלאָגן פון דעפּאַרטמענט־סטאָרס און פון מוזייען. ווען זי האָט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ דירעקטן און פערזענלעכן אויסדרוק, איז עס געווען אַ מין איבעררעשונג. אונדזער שמועס איז געשפּרונגען פון איין ענין צום אַנדערן און אין מיטן איז מיין פריינד איינגעפאַלן צו שטעלן איר אייניקע פראַגעס וועגן דיכטונג. „מיס מאָר, ווער זיינען לויט אייך די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער דיכטערס? זיכער ניט לאָנגעפעלאָ!״ דאָס איז געווען אַ רעטאָרישע פראַגע. דעם וואָס האָט זי געשטעלט איז קלאָר געווען פון פאָרויס ווי ס׳וועט אויסזען די תשובה פון איינער פון די וואָס האָבן געשאַפן דעם מאָדערנעם סטיל אין דער ענגלישער דיכטונג. אָבער מיס מאָר, וואָס איז געזעסן אויף איר שטול, מיטן רוקן אָפּגערוקט פון דעם אָנלען, כמעט אַ דרימלענדיקע און ס׳האָט זיך געקענט אויסדאַכטן אַז זי הערט זיך צו מיט אַ פאָרמעלער העפלעכקייט, האָט זיך מיט אַמאָל אַביסל פאַררויטלט און אירע בלויע אויגן האָבן זיך אויפגעוועקט ווי דערשטוינטע: „אָבער, מר. ג., מיסטער לאָנגפעלאָ איז געווען, לויט זיין שטייגער פאַרשטייט זיך, אַ ווונדערלעכער פּאָעט, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען ווען איך וואָלט אָנגעשריבן אַזאַ ליד ווי ,דער שמיד פון דאָרף׳ ״. ס׳איז פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, אַז כ׳האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון דער דאָזיקער תשובה אויף דעם זלזול וואָס האָט זיך אַרויסגעפילט פון דער פראַגע וועגן „מיסטער לאָנפעלאָ״ (אין

מויל פון מיס מאַר, איז יעדער מענטש, אַ לעבעדיקער צי אַזאַ וואָס איז שוין אפילו אויפן עולם האמת, ראוי מ׳זאָל אים אָנרופן מיט העפלעכקייט מיטן נאָמען „מיסטער״. אויך שעקספּיר, וועמען זיינע מיליאָנען פאַמיליאַרע פאַרערערס זיינען זיך ניט נוהג אָנצורופן ביי זיין פּריוואַטן נאָמען, איז ניט קיין אַנדערער ווי „מיסטער שעקספּיר״).

פון מיינע לערערס פון העברעיש געדענק איך ספּעציעל דעם דיכטער הלל בבלי. אים האָב איך געקענט נענטער ווי מיין לערער פון העברעישער ליטעראַטור אין מיין געבורטשטאָט. אָבער זיצנדיק פאַר אים ווי אַ פּערצן־פופצן־יאָריקער בחור בין איך ניט געווען מסוגל אים צו זען אַזוי ווי ער איז, אַזוי ווי ער איז אַליין. ער איז נאָך געווען פאַר מיר בעיקר דער סימבאָל פון אויטאָריטעט. כ׳געדענק אַ לעקציע וועגן ביאַליקן: „אם יש את נפשך לדעת״... בבלי האָט געלייענט און דערקלערט מיט פּאַטאָס. פון אַלע אונדזערע לערערס איז ער געווען דער וואָס איז געווען צום מערסטן דערוויטערט פון דער אוידיטאָריע. זיינע ברילן, פּענסנע־ברילן, אָן רעמען און אָן האַלאָבליעס, זיינען ממש געריטן אויף זיין נאָז, האָבן געהערשט איבער זיין קפּדניש פּנים. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרחלומטע, זיין קול אַ קלאָרס, אַ שניידנדיקס. צי בין איך שוין געשטאַנען דעמאָלט פאַר דער דילעמע, וואָס שטייט פאַרן לייענער, ווען דאָס ליד ווירקט אויף אים מיט דער קראַפט פון די ווערטער אָבער זיין געדאַנק איז געשפּאָלטן וואָס שייך זייער אינהאַלט? ס׳איז מאָדנע וואָס כ׳קען זיך ניט דערמאָנען. דיכטונג, יעדע דיכטונג איז געווען פאַר מיר אַ מאַגיע, און אַ מאַגיע איז אויך געווען אינעם דאָזיקן שיר. די מאַגיע איז געווען אין זיין אינהאַלט. ניט געקוקט אויף מיין גאַנצער רעוואָלוציאָנערישקייט, בין איך געווען אָפן צו דער פּראַכט וואָס איז אין קידוש־השם און קיינמאָל, ביי אַלע אומוואַנדלונגען אין מיינע אָנשויאונגען, איז ביי מיר ניט אַנטשטאַנען דער מינדעסטער צווייפל, אַז די דאָזיקע גבורה איז דערהויבענער פון יעטוועדער אַנדער גבורה אין דער געשיכטע, אפילו פון דער גבורה פון די מאַטראָסן און סאָלדאַטן וואָס האָבן געשטורעמט דעם קרעמל, אפילו פון דער גבורה פון די לעצטע קעמפערס אויף די באַריקאַדעס פון דער פּאַריזער קאָמונע. כ׳האָב אָבער אַ חשד — כאָטש זיכער בין איך ניט — אַז עפּעס האָט מיר שוין געשטערט אין דעם אויסדרוק פון די ווערטער אין ביאַליקס ליד. דאָס ליד איז געווען צופיל אויסגעטייטשט, עס האָט פאַרמאָגט צופיל קלאָרע אָנשויאונגען. אפשר האָב איך שוין דאַן געפילט, אַז אַלגעמיינע

אידעען זיינען די שווערסטע סכנה וואָס לויערט אויף אַ ליד אַזוי ווי דאָס האָט געזאָגט פּאָל וואַלערי, אויב כ׳האָב קיין טעות ניט.

מיט מיין לערער הלל בבלי האָב איך געהאַט פון מאָל צו מאָל צו־זאַמענשטויסן. כ׳דערמאָן זיך אין אַ שפּאַציר מיט אים. ער גייט לעבן מיר, הערט זיך צו צו מיינע רייד און קוקט ניט אויף מיר — אָבער ס׳דאַכט זיך אַז פון צייט צו צייט רירט מיך ממש פיזיש אָן זיין אומצופרידנקייט פון מיינע רייד. וועגן וואָס האָב איך גערעדט? וואָס האָט אים אויפגע־בראַכט? ס׳איז געווען דאָס יאָר טויזנט ניין הונדערט ניינצן. כ׳האָב שוין דורכגעלייענט אַלע שרייבערס וואָס זיינען קיין מאָל ניט דערמאָנט געוואָרן אינעם קלאַס פון מיין לערער: פרישמאַן, בערדיטשעווסקי און ברענער. כ׳בין שוין אַדורך אַלע בענד „רשפים״, „הפועל הצעיר״, „האחדות״. ווייזט אויס, אַז כ׳האָב געזאָגט עפּעס וואָס איז באמת געווען חוצפּהדיק. איך געדענק ניט. כ׳האָב מורא, אַז כ׳האָב אָנגערירט ביאַליקן. איך פּרוּוו צו־נויפצונעמען איין אָפּגעריסענע דערמאָנונג מיט אַן אַנדערער. אפשר האָב איך געהאַט געלייענט דאָס וואָס פרישמאַן האָט געשריבן וועגן ביאַליקן, דעם געזעלשאַפטלעכן דיכטער וועלכער שטייט אָפּ פון ביאַליקן דעם ליריקער. בבליס געדולד האָט געפּלאַצט. זיין נאָז איז אָנגעפילט געוואָרן מיט צאָרן און האָט אַ שאָקל געטאָן זיינע ברילן וואָס האָבן אויף איר געהאָנגען. ער האָט אַ געשריי געטאָן: „דו דאַרפסט נאָך זיצן אויף דער שולבאַנק״. אויך איך האָב זיך אָנגעצונדן. מעגלעך, אַז אָנגערירט מיך האָט ניט נאָר זיין אָנשרייען אויף מיר, נאָר אויך זיין מליצה „שולבאַנק״ (ספסל התלמידים), אַזוי שטאַרק האָב איך פיינט געהאַט דאָס מליצישע העברעיש, אַז די באַצייכענונג „עם ישראל״ האָט מיך געקענט אויפרעגן; מיר איז ליבער געווען דער נאָמען, וואָס האָט זיך מיר אויסגעזען ווי אַ מער צוגעפּאַסטער, „יהודים״, אַ נאָמען צו וועלכן כ׳האָב אגב אַ שוואַכקייט אויך צוליב באַ־זונדערע טעמים, וואָס האָבן צו טאָן מיט מיינע דערפאַרונגען אין ישראל, ביזן היינטיקן טאָג.

אויב אַזוי, האָב איך אין יענער מינוט באַשלאָסן, אונטער דער בריק פון דעם ניו־יאָרקער סאָבוויי, וועל איך מער ניט זיצן אויף דער שולבאנק און כ׳האָב דעם דאָזיקן באַשלוס מיינעם געהאַלטן ביז היינט. כ׳האָב זיך צעבונטעוועט קעגן הלל בבלי ווי קעגן אַ סימבאָל — דעם סימבאָל פון דער פּעדאַגאָגישער אויטאָריטעט, דאָס הייסט, אַז כ׳האָב אים נאָך ניט געזען ווי אים אַליין, ווי אַ מענטשן וואָס געפינט זיך מחוץ מיר, נאָר ווי אַ באַריערע אין מיר גופא, וועלכע איך דאַרף איינברעכן אויף מיין וועג

צו זיך אַליין. ווי אים אַליין האָב איך אים געזען ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער. ווען איך בין אין אַ געוויסער מאָס געווען איך אַליין, האָב איך געזען אים אַליין, אַזוי ווי ער איז געזען. ס׳האָט מיך תּמיד אַרומגענומען אַ ליבשאַפט ווען כ׳פלעג זיך מיט אים טרעפן. זיין וועלט האָט ניט אַנט־שפּראָכן מיין וועלט, על כּל פּנים ניט אינגאַנצן, אפשר אַ קליין ביסעלע, כאָטש דאָס ביסעלע איז געווען זייער וויכטיק. כ׳בין מער פון אים בכלל ניט אָפּהענגיק געווען און דאַן איז אויך געווען אַ קאָנטאַקט און אַ פּאַר־בינדונג. כ׳האָב תּמיד אָנגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך די דברי חז״ל וועגן די קינדער און תּלמידים פון אַ מענטשן („בכּול אדם מתקנא חוץ מבנו ותלמידו״). דעריבער האָב איך אַזוי אייפעריק אָפּגעהיט דאָס אונטערשיידן צווישן אינצעסטואַלער ליבע און אָביעקטיווער ליבע, צווישן לערערס און תּלמידים ניט ווייניקער ווי צווישן פאָטערס און קינדער און צווישן געליבטע. ניט בחינם הייסן, אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, אַלע גרויסע רעליגיעס ווי אויך די פּסיכאָאַנאַליטישע דאָקטרינע: „על כּן יעזוב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו״. דער נעווראָטישער מענטש איז אפשר דער מענטש וואָס איז נאָך אָפּהענגיק פון זיינע עלטערן און זיינע לערערס, איז באַהעפט מיט זיי אויך ווי אַ דערוואַקסענער מיט פּעדים פון ליבע אָדער שנאה אָדער ליבע און שנאה צוזאַמען. איך דער־שרעק זיך ווען איך כאַפּ אויף אין שמועס אָדער פון געשריפטס קלאַנגען וואָס דערוועקן אין מיר דעם חשד אַז כ׳האָב צו טאָן מיט אַן אינצעסטואַלן טיפּ: אַ מענטש לויט זיינע יאָרן אַ דערוואַקסענער, וואָס ראַנגלט זיך נאָך פאַר דער ליבע פון זיין לערער אָדער זיינע עלטערן און איז נאָך במילא זיי אונטערטעניק און אָפּהענגיק פון זיי. צוליב דעם איז אַזאַ איינער ניט מסוגל צו געבן פון זיין ליבע פרייוויליק, פון זיין אייגענעם ווילן, צו די וואָס זיינען דערצו ראוי. פאַר זיי אַליין. זינט כ׳בין עולה געווען קיין ישׂראל און אָנגעהויבן זיך צו באַקענען פון דער נאָענט מיט איר געזעלשאַפט, איר קולטור און איר ליטעראַטור, קלער איך אַ סך נאָך איבער דער באַ־זונדערער דערשיינונג פון דעם אינצעסטואַלן צובונד וואָס עקזיסטירט צווישן דורות — קינדער, וועלכע הערן קיין מאָל ניט אויף זיך צו בונטעווען קעגן זייערע עלטערן, ווייל זיי האָבן זיך ניט באַפרייט פון דער אָפּהענגי־קייט אין זייער הערשאַפט ווען די שעה דערצו איז ווי געוויינטלעך געקומען.

ווען כ׳האָב געלייענט אין די בענד פון אַלטע צייטשריפטן און אין העפטן פון נייע צייטשריפטן דעם וויכוח צווישן די אָנהענגער פון ביאַליקן דעם ליריקער און ביאַליקן דעם „נאַציאָנאַלן דיכטער״, בין איך בדרך כּלל

נענטער געווען צו די ערשטע. בשעתו האָב איך אפילו געקלערט, אַז דאָס איז מיין זיכערע און פעסטע מיינונג אויף תמיד. בלויז ביסלעכווייז האָב איך זיך אויסגעלערנט צו זיין ניט קאָנסעקווענט אין מיינע מיינונגען און אויך זיך מודה זיין דערין. ס׳אַמוזירט מיך איין דערמאָנונג פון אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן. נאָך עטלעכע יאָר שווייגן האָט ביאַליק פאַר־עפנטלעכט אַ ליד. אויך איך האָב זיך זיכער דערמיט געפרייט צוזאַמען מיט דער מאַסע לייענער פון ביאַליקן אין דער וועלט. אָבער אין איינעם אַ טאָג האָב איך געטראָפן אין גאַס אַן אַלטן עברית־ליבהאָבער און לויטן פאַך זיינעם אַ מוכר ספרים פון העברעיִשע ביכער (אַ דערהויבענע עבודה און צוגלייך אַן עבודה בזויה אין די פאַרגושמדיקע שיקאַגאָ און ניו־יאָרק פון אָנהויב יאָרהונדערט), שפּיראָ. ער האָט זיך צו מיר געווענדט מיט אַ פריילעך פנים אין זיין אשכנזישער אויסשפּראַך מיט דעם פוילישן מלעיל: האם כבר קראת את שירו החדש של ביאַליק? (צי האָסטו שוין געלייענט ביאַליקס ניי ליד?). אָט די דאָזיקע תמימותדיקע פרייד האָט מיך געשטויסן אים צו געבן אַן אויסערסט מנוּוולדיקע תשובה. כ׳האָב אויס־געשטעלט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן: ביאַליק? צי איז ער באמת אַ וויכטיקער דיכטער? זעט אויס אַז דאָס גאַנצע בלוט איז אַרויף אין די אויגן פון מיין מיטשמועסער: אַזוי? און ווער זיינען עס דיינע פּאָעטן? די תשובה איז אַרויף אויף מיינע ליפּן אַזוי ווי כ׳וואָלט זיך געוווּנדערט אויף דער דאָזיקער פראַגע: דוד פאָגעל. שפּיראָ האָט געמאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק, האָט זיך אַריינגעקוקט אין מיין אַנטיסעמיטיש פּנים, האָט אַ שפּיי געטאָן איןביידע זייטן און איז אַנטלאָפן.

זיכער האָב איך זיך אויך דאַן ניט געהאַלטן ביים דאָזיקן שטות וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט דעם אַלטן חובב־עברית. דאָס איז בלויז געווען אַ מין לאַבוזאַוואַטע חוצפּה. אָבער דאַן בין איך געווען אַ פאַר־ברענטער מאָדערניסט, כאָטש כ׳האָב נאָך ניט געהאַט ענדגילטיק אויס־געקליבן צווישן די פאַרשיידענע שולעס אינעם מאָדערניזם פון דער תקופה. ווי אַ לייענער פון דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע האָב איך געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו דער אימאַזשיסטישער שולע. כ׳האָב אויך אַ סך געלייענט דייטש און דאָס האָט מיך דערנענטערט צו דער עקספּרעסיאָניסטישער שולע, וואָס האָט געהערשט אין דער דייטשישער ליטעראַטור פון די צוואַנציקער יאָרן. נאָך היינט שטייט און צעפּאַלט זיך אויף מיינע פּאַליצעס די אַנטאָ־לאָגיע „מענשהייטסדעמערונג", דאָס ערשטע דייטשישע בוך וואָס כ׳האָב איינגעהאַנדלט זייענדיק אַ פופצן־יאָריקער בחור, אַ זאַמלונג עקספּרעסיאָ־

ניסטישע פּאָעזיע, צונויפגעשטעלט דורך קורט פּינטאָס. אין יענע יאָרן פלעגט כמעט ניט אַדורך קיין טאָג כ׳זאָל ניט אַריינקוקן אין דער דאָזיקער אַנטאָלאָגיע. זיכער האָב איך ניט אויסגעלאָזט קיין שום איבערזעצונג פון דער רוסישער מאָדערנער דיכטונג. הונדערטער מאָל האָב איך געלייענט די „צוועלף״ פון אַלעקסאַנדער בלאָק, סערגיי יעסענין און אַכמאַטאָוואַ און אַזוי האָב איך געשפּאַנט אַמאָל אונטער די פּאָנען פון סימבאָליזם און אַמאָל אונטער די פאָנען פון אַקאָמעיזם. כ׳האָב אויך, פאַרשטייט זיך, גע־לייענט יידיש און בין אַזוי געוואָרן אַן אָנהענגער פון דער אינטראָספּעק־טיוויסטישער און „אינזיכיסטישע״ שולע. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך צום מערסטן אָפּגעגעבן מיט דער דאַדאַיסטישער שולע, אָט דער וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אינעם „וואָלטער־קאַבאַרעט״ אין ציריך און וואָס זיינע גרינדער זיינען געווען דייטשישע דיכטערס און פילאָזאָפן (הוגאָ בעל, ריכאַרד הילזענבעק), מאָ־לערס פון רומעניע (מאַרסעל יאַנקאָ) און פון דער שווייץ (האַנס האַרפּ). אויסערלעך איז דער דאַדאַיזם פול געווען מיט ליצנישע שטיק, וואָס זייער ציל איז געווען אַרויסצוברענגען דעם גוטן בירגער פון די כלים און אינערלעך — איז ער אין גאַנצן געווען אַ פאַרצווייפלטער פּראָטעסט קעגן דעם שקר פון דער קולטור. פון אַלע שולעס פון דער מאָדערנער ליטע־ראַטור און קונסט, פון וועלכע כ׳בין באַגייסטערט געווען, בין איך מודה, אַז כ׳האָב ביזן היינטיקן טאָג אָפּגעהיט אַ באַזונדערס געטרייע ליבשאַפט דער דאַדאַיסטישער שולע און איר יורשטע דער סוררעאַליסטישער. פאַר־וואָס? אפשר דערפאַר וואָס פון אַלע מאָדערניסטישע שולעס אין דער אייראָפּעישער ליטעראַטור פון אונדזער יאָרהונדערט, האָט בלויז זי ניט גענומען ערנסט אירע אויפטוען, דאָס הייסט זי האָט געוווּסט אַז ס׳זיינען פאַראַן אַ סך וויכטיקערע זאַכן ווי ליטעראַטור, קונסט און קולטור. אפשר איז אין דעם פאַראַן אַ מין דערקלערונג פאַר דעם מאָדנעם פאַל וואָס אין דער צייט וואָס ס׳איז ניט פאַראַן קיין מאָדערניסטישע שולע וואָס זאָל ניט האָבן געפונען קיין תלמידים אין אונדזער ליטעראַטור, איז אין איר ניט געווען קיין איין פּאַטראָן פאַרן דאַדאַיזם. צי קען עס ניט דערוועקן אַ חשד, אַז זי פאַרמאָגט ניט קיין גענוגנדיקע מאָס פון לעצטער ערנסטקייט.

(„אמות״ י״ב, יוני 1964)

# שולעס II

געווען איז עס סוף זומער 1921. כ׳געדענק גענוי די דאַזיקע דאַטע, ווייל אין יענעם יאָר, אין פרילינג, איז דערמאָרדעט געוואָרן יוסף חיים ברענער. כ׳בין געשטאַנען אויף די טרעפּ פון אַן עפנטלעכער ביבליאָטעק אין איסט־סייד. לעבן מיר איז געשטאַנען אַ באַקאַנטער, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען צופעליק, אַ מענטש וואָס איז מיר געווען פרעמד. דער שמועס איז געווען אַן אָפּגעהאַקטער און אַן אויפגעצוווּנגענער. און אָט איז עמעצער אַדורך און האָט זיך באַגריסט מיט מיין מיטשמועסער. דער מענטש האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, ווען מיין באַקאַנטער האָט זיך אַזוי ווי אין עפּעס דערמאָנט. ער האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט דעם מענטשן און צוגעגעבן אַ ביסל אין אַ געלעכטער: איצט וועל איך אַוועקגיין. זיכער וועט איר האָבן אַ סך צו רעדן. איר רעדט דאָך ביידע העברעיש.

אַזאַ משונהדיקע אויפפירונג האָט מיך אויפגערעגט און אפילו די אויסזיכט אָפּצוהאַלטן אַ שמועס אויף העברעיש האָט מיר ניט געגעבן דערויף קיין פאַרגיטיקונג. מיט די העברעיש־רעדעס וואָס כ׳האָב געקענט, וואָס אַלע זיינען זיי געווען עלטער פון מיר, האָב איך כמעט ניט געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן. מיין נייער באַקאַנטער איז געווען נידעריק און דאַר, אַ ביסל אַטלעטיש. פון אונטער די ברייטע ראַנדן פון זיין הוט האָבן פון אַ געשטופּלטן פּנים ווי אַ זיפּ, אַרויסגעשטאַרט אַ פּאָר וואַרעמע, נייגעריקע און פריינדלעכע אויגן. אַ געשטאַלט פון אַ קוואַליפיצירטן אַר־בעטער, אַ זיכערן אין זיין מעמד און אַ פרייען אין זיינע באַוועגונגען. מיר האָבן בכן גערעדט העברעיש. ער האָט אָנגעהויבן דערמיט וואָס אונדזער געמיינזאַמער באַקאַנטער, וואָס האָט אונדז פאָרגעשטעלט איינער פאַרן אַנדערן, האָט געדינט צוזאַמען מיט אים אין דער מלחמה אינעם יידישן גדוד (הגדוד העברי) אין בריטישן מיליטער אין ארץ ישראל. ער האָט מיך געפרעגט פון וואַנען ס׳קומט צו מיר מיין עברית. ער האָט דערציילט, אַז ער איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווי אַ דרייצן־יאָריקער בחור פון אַ קליין שטעטל אין דער ליטע און פון דאָרט האָט ער מיטגעבראַכט זיינע קענטענישן וואָס ער האָט דערוואָרבן אין „חדר" און דערנאָך — האָט ער געלייענט. ס׳איז אַזוי אַרום געקומען דער מאָמענט אים צו שטעלן די פראַגע וואָס איז שוין ביי מיר געוואָרן אַ געוווינהייט

יעדעס מאָל ווען כ׳פלעג אָנטרעפן דאָס ערשטע מאָל איינעם וואָס האָט גערעדט העברעיש:

— צי האָט איר געלייענט גנעס־ינען?

ער האָט מיך אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער, האָט אָבער געענטפערט: „יאָ, פאַרשטייט זיך". איך בין דאַן אַלט געווען זעכצן יאָר און ער איז, פאַרשטייט זיך, עלטער געווען פון מיר מיט אַ סך יאָרן. וואָס איז עס? אַן עקזאַמען? איך אָבער, אויך פאַרוווּנדערט פון דעם ענטפער, היות ווי כ׳האָב נאָך ביז דאַן ניט אָנגעטראָפן אַ העברעיש־ריידער וואָס האָט געלייענט גנעסינען, האָב פאַרגעזעצט מיט אַ חוצפּהדיקער איינגעשפּאַרטקייט:

— און וואָס האָט איר געלייענט?

די זאַך האָט אים, זעט אויס, אָנגעהויבן צו אַמוזירן און ער האָט באַשלאָסן אָנצוגיין מיטן שפּיל:

— „הצידה", „בינתיים", „בטרם", „אצל" — און האָט צוגעגעבן „בגנים".

זינט דאַן האָבן די דאָזיקע שמועסן אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן ביז זיין פּטירה אין יאָר 1950, ווען ער איז אַלט געווען 60 יאָר. ער, שמעון, איז טאַקע געווען אַן אַרבעטער. צענדליקער יאָר האָט ער געאַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק, אין וועלכער איך האָב אויך פון צייט צו צייט געאַרבעט. אַן ערך דרייסיק יאָר פלעגן מיר זיך טרעפן כמעט יעדן טאָג. פאַר מיינע טעכטער איז ער געווען דער „אָנקל דזשוליאַן". געוווינט האָט ער ביי זיין אַלטער מאַמען און, נאָך איר טויט, ביי איר שוועסטער. דאָס וואָס ביידע האָבן זיי זיך געגוויטיקט אין זיין אונטערשטיצונג, איז געווען איינע פון די סיבות צוליב וועלכע ער האָט אָפּגעלייגט זיין עליה פון יאָר צו יאָר, ביז ס׳איז אין איינעם אַ טאָג קלאָר געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן וואָס לאָזט מער ניט איבער קיין אילוזיעס, אַז אין זיין עלטער האָט שוין אַ מענטש וואָס לעבט פון פיזישער אַרבעט קיין שום מעגלעכקייט ניט זיך איינצואָרדנען אין ארץ ישראל. אָבער אַזאַ דערקלערונג פאַרן פאַרבלייבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז געווען אַזאַ מאָדנע פאַר אַ מענטשן ווי ער, איז געווען זייער אַ באַקוועמע כאַטש ניט קיין אויסשעפּנדיקע. זעט אויס, אַז זיין קורץ אויפהאַלטן זיך אין ארץ ישראל בעת זיין מיליטער־דינסט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזן אין אים אַ געוויסן אָפּהאַלט. ער איז געווען אַן אמתער פּראָלעטאַריער און אַן אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריער. ער האָט פאַרמאָגט אַן אייגן־ווערדע פון אַ מענטשן וואָס איז גרייט צו פאַרקויפן אַן אַרבעטטאָג, וואָס איז אָבער אויסערדעם אַ

לחלוטין פרייער מענטש. פון זיין ערשטער יוגנט אָן איז ער געווען גע־בונדן מיט דער ציוניסטישער אַרבעט־באַוועגונג, אָבער אָן סאָציאַליסטישע אילוזיעס.

דערציילנדיק וועגן זיין קורצן אויפהאַלט אין ארץ ישראל, פלעגט ער זיך אָפט צוריקקערן צו איין עפּיזאָד. אַריינקומענדיק אַמאָל אין אַרבעט־ביוראָ (לשכת העבודה) אין תל־אביב, איז ער געווען אַן עדות פון אַ קליינעם סקאַנדאַל צווישן דעם סעקרעטאַר פון ביוראָ און אַן אַרבעטלאָזן אַרבעטער. אין יענע יאָרן האָט זיכער ניט געהאַט קיין זין צו רעדן וועגן ביוראָקראַטיע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. געווען איז עס נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער הסתדרות, און דאָס וואָרט „פקיד" (באַאַמטער) איז ניט געווען קיין נייטראַלע באַצייכענונג פון אַ פאַך אָדער אַמט, נאָר אַ שאַנד־וואָרט. מעגלעך, אַז דער דאָזיקער צוזאַמענשטויס צווישן דעם סעקרעטאַר און איין אַרבעט־לאָזן, וועלכן ער האָט בייגעוווינט, איז גאָר ניט געווען קיין באַווייז פון ביוראָקראַטישער רשעות. פאַרקערט, דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכע, חברישע אויפפירונג, אָן שום צערעמאָניאַלן, אַזוי ווי ס'האָט זיך געפירט אין יענע טעג. ער אָבער איז דערצו ניט געווען צוגעוווינט. ווען אַ באַאַמטער אין זיין יוניאָן וואָלט זיך אַזוי אויפגעפירט, וואָלט ער באַקומען קלעפּ אויפן אָרט. די סצענע האָט אים אַזוי דערשיטערט, אַז ער איז גלייך געלאָפן צו זיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן, אויך פון דעם גדוד העברי, אַ מענטש פון דער צווייטער עליה און איינער פון די אָנגעזעענע אָנפירערס פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, און האָט אים דערציילט די מעשה. דער דאָזיקער אַרבעטער־פירער האָט זיך שוין דאַן אויסגעצייכנט צווישן זיינע חברים מיט זיין שטאַרקן ווילנס־כח — אַ מענטש פון געוואַגטקייט און פון וויזיע — און צוליב דעם מסתם האָט אים געפעלט געדולד פאַר קליינע און אומבאַדייטנדיקע זאַכן. ווען עמעצער פלעגט אים מיט אַזעלכע קלייניקייטן באַלעסטיקן, פלעגט ער זיי מבטל זיין, אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: מיט וואָס פאַרנעמען מיר זיך אין אַ צייט ווען אַ וועלט וועט ווערט געבוירן? מיט אַזאַ מאַך מיט דער האַנט האָט ער, פאַרשטייט זיך, אויך געענטפערט מיין דערשטוינטן פריינד אויף עפּעס אַ נישטיקער אומאָרדנונג אין דער לשכת העבודה. דזשוליאַן האָט דאָס זיין גאַנץ לעבן ניט פאַרגעסן.

מיר דאַכט זיך אַז אַלץ וואָס איך ווייס אינטים וועגן יידישן שטעטל און וועגן דעם יידישן לעבנס־שטייגער אין אַמעריקע פון יאָרהונדערט, איז מיר געקומען פון מיין פריינד. ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין

שטעטעלע, ווייזט אויס אַזאַ פּאַרשטויסענער, אַז עד היום האָב איך ניט
געפונען צווישן די אָפּשטאַמיקע פון ליטע עמעצן, וואָס זאָל האָבן געהערט
איר נאָמען. כ׳האָב זיך תמיד געוווּנדערט ווי אַזוי דאָס דאָזיקע שטעטל
האָט זיך אַזוי איינגעבאַקן אַזוי ווי עס איז געווען אין זיין זכרון און אין
זיין האַרצן. צוליב דעם וואָס ער איז געקומען קיין אַמעריקע זייענדיק
נאָך אַ יונג ייִנגל אָדער אפשר צוליב דעם וואָס ער האָט אַ סך געאַרבעט
צווישן ניט־יידן, האָט ער זיך אויבנאויפיק גוט איינגעוואָרצלט אינעם פאָלק
פון לאַנד, אין דער ענגלישער שפּראַך, אין די אָרטיקע ענינים און גענג.
אַזוי ווי זיינע אַרבעט־חברים איז ער געווען געוווינט אָנצוהויבן צו לייענען
די צייטונג פון דער ספּאָרט־רובריק. אין די שבתים און אין די זונטיקס האָט
ער ניט פאַרפעלט צו זיצן צווישן די צושויערס אינעם סטאַדיאָן פון בייזבאָל.
איך האָב אָבער ניט געקענט נאָך אַ מענטשן ביי וועמען דער זכר פון זיין
קינדהייט איז אַזוי ווי ביי אים געווען איינגעקריצט אין האַרצן מיט אַזאַ
קלאָרער און פולער שריפט. פון די דערציילונגען פון זיין קינדהייט האָב
איך זיך ניט נאָר איינגעשאַפּט אַ קענטעניש פון אַ לעבנס־שטייגער וואָס
כ׳האָב דירעקט כמעט ניט געקענט, נאָר אויך אַ פעסטן כלל אין מיינער אַ מין
לחלוטין פערזענלעכער טיפּאָלאָגיע. מענטשן צעטיילן זיך אין אַזעלכע וואָס
געדענקען זייער יוגנט צום גוטן און אַזעלכע וואָס געדענקען זי צום שלעכטן.
די געשטאַלט פונעם יידישן שטעטל פון אָנהויב יאָרהונדערט אַזוי ווי זי
האָט זיך פאַר מיר אויסגעמאָלט דורך די דאָזיקע דערציילונגען איז מיר
אַזוי אַריין אין האַרצן, אַז אַלע באַשרייבונגען און אָפּשאַצונגען פונעם
טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער אין דער העברעישער און יידישער ליטע־
ראַטור, געטריי דער ליניע פון דער השכלה, האָבן אין מיינע אויגן אויס־
געזען זייער פאַרדעכטיק. ס׳האָט זי, לויט מיר, געפעלט פאַנטאַזיע און
אויפנעמען. דאָס שטעטל פון זיין יוגנט איז פאַרבליבן ביי מיין פריינד
שמעון אין האַרצן ווי אַ מין אַרומגעצוימטער תחום וואָס אַלע לעבנס־
איינדרוקן וועלכע זיינען געקומען דערנאָך האָבן ניט געקענט בייקומען.
כאָטש ער איז אויפגעוואַקסן אין אַ טראַדיציאָנעלער היים און זיין פאָטער
איז געווען דער שוחט פון שטעטל, איז די וועלט וואָס ער האָט אַרויסגע־
בראַכט אין זיינע זכרונות ניט געווען פינצטער און קלאָגעדיק, נאָר אַ וועלט
פון גרענעצלאָזער פרייד. אין דערציילן זיינע זכרונות איז ער געווען אַזאַ
מאַדים, אַז ער האָט געקענט צוזאַמענשטעלן אַ פולע רשימה פון די
איינוווינער פון זיין שטעטלע באַזלאַן — ער האָט אַלע מענער, פרויען און
קינדער געדענקט מיט זייערע נעמען ווי אויך מיט די צונעמען וואָס יעדער

איינער פון זיי האָט געהאַט. כ'דערמאָן זיך, אַז איין פרוי האָט מען גערופן „אסנת מיט דיביידע קוימענס", ווייל זי פלעג אָוועקזעצן אירע ביידע קליינע קינדער אויף אירע אַקסלען בעת זי פלעג אַדורכגיין די גאַס, ספּעציעל אין די רעגן־טעג ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין בלאָטע. מיר ביידע, מיין פריינד און איך, זיינען אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסשטאָט. דער קול און די געשטאַלטן פון איר המון זיינען אַריינגעדרונגען אין אונדזער בלוט אַריין, אָבער די וועלט פונעם שטעטל פלעגן מיר דערמאָנען מיט גרויס בענקשאַפט אַזוי ווי אַ פאַרלאָרענעם גן־עדן. זיכער איז עס אויך געווען צוליב דעם וואָס זי איז אַזוי וויט געווען פון אונדז און אפשר האָט די דאָזיקע וועלט אויסגעזען צו פאַרמאָגן אַזויפיל צויבער מחמת זי איז געווען די וועלט פון אָנהויב יאָרהונדערט. אין די דערינגער־רונגען פון מיין פריינד וועגן זיין היים און וועגן דער שול, וועגן די וועלדער און פעלדער, וועגן די יידן און די ליטווישע פויערים האָבן זיך אויך אַריינגעמישט די בשורות וואָס פלעגן אָנגעטראָגן ווערן אין דאָזיקן ווינקעלע אַרייַן פון מרחקים: די ערשטע יידישע ליטעראַרישע צייטונג „דער יוד", העפטן פון „השילוח" וואָס פלעגן מגולגל ווערן אין שטעטל אַריין, די ראשונים פון „בונד" און די ערשטע שמועות וועגן די קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. די וועלט אין די דאָזיקע שטעטלעך אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען אַ פּרילינגדיקע. עפּעס פון איר אַראָמאַט האָב איך אויפגעכאַפּט ווען זלמן שזר האָט מיר אמאָל, בעת איינעם פון זיינע וויזיטן אין ניו־יאָרק, דערציילט וועגן אַ העברעישן דיכטער וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן, י. ש. קאַצענעלבאָגען, וואָס איז געווען עלטער פון אים און וואָס האָט אים אַריינגעפירט אין דער וועלט פון דער העברעישער ליטעראַטור. שזר האָט אויסגעמאָלט אַ געדיכטן וואַלד און ווי אַזוי ער, אַ יונג יינגל, הערט זיך צו, מיט אַ באַצויבערנדיקער פאַרוווּנדערונג, צו זיין לערער וואָס לייענט אים פאָר מיט אַ קלינגענדיקער שטים זיינס אַ ליד. מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ'האָב זיך געטראָפן אין אַמעריקע און אין ישראל מיט יידן אָפּשטאַמיקע פון מזרח־אייראָפּע, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָב איך אין זייערע רייד קיינמאָל ניט געהערט קיין בענקעניש נאָכן לאַנד פון זייער יוגנט. זעט אויס, אַז דאָס איז אין זייערע אויגן געווען ניט מער ווי אַן אָפּשטאַם און אַן איבערגאַנגס־אָרט.

די דאָזיקע בענקענישן נאָך שמעונס באַזלאַן און נאָך מיינע קינדער־זכרונות זיינען געווען ביי מיר ניט נאָר אַ פּערזענלעכע נאָסטאַלגיע. דאָס האָט באַשטימט אַ סך אין מיינע רעאַגירונגען צו דער אַרומיקער וועלט און

אין מיינע אָנשויאונגען. אַ וווּנדערלעכן אויסדרוק דערצו האָב איך געפֿונען אין דער אויטאָביאָגראַפֿיע פֿון אַ סקאָטישן דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער, וועלכן כ׳האָב ליב געהאַט זינט מיינע יוגנט־יאָרן. עדווין מאַיאָר איז געבוירן געוואָרן אויף איינעם פֿון די פּאַרוואָרפֿענע אינדזלען אין אָרקניי, און ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָט זיין פֿאָטער, אַן אָרעמער פּויער, געמוזט אַנטלויפֿן אין דער אינדוסטריאַליזירטער גלאַזגאָ. דאָרט, אין לאָנדאָן, רוים און פּראַג (ער איז געווען קאַפֿקאַס איבערזעצער אויף ענגליש) האָט ער פֿאַרבראַכט זיין לעבן און יעדעס אָרט אויסער דעם אינדזל אויף וועלכן ער איז געבוירן געוואָרן איז אים געווען פֿרעמד. דאָס אַנטלויפֿן פֿון אָרקניי איז פֿאַר אים געווען אַ „שליידער פֿון אָרדענונג אין כאַאָס אַריין", „אַן אומ־זיניק צעטרענצלען פֿון ד׳ער ירושה פֿון די אבות". אין מיטן פֿון זיין לעבן, בעת דער מענטש טראַכט נאָך וועגן זיין אָרט אין דער וועלט, האָט ער געמאַכט אַזאַ סך הכל: „כ׳בין געבוירן געוואָרן פֿאַר דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע און כ׳בין איצט אַלט קרוב צוויי הונדערט יאָר. כ׳האָב אָבער איבערגעשפּרונגען איבער הונדערט פּופֿציק פֿון די דאָזיקע יאָרן. אין דער אמתן בין איך געבוירן געוואָרן אין יאָר 1751 און ביז כ׳בין אַלט געוואָרן פֿערצן יאָר איז מיר גאָר־בישט געשען. און דאַן, אין יאָר 1751, בין איך אָוועק פֿון אָרקניי קיין גלאַזגאָ און, קומענדיק אַהין, האָב איך דערזען אַז דאָס יאָר איז נישט 1751 נאָר 1901. כ׳בין אויפֿגעוואַקסן אין אַ לעבנסרעם וואָס איז נאָך געווען אַ שותּפֿותדיקע, אין וועלכער ס׳האָט נאָך געהערשט דאָס קאָמונאַלע געפֿיל פֿון מיטלאַלטער. מיר האָבן וואָס אַן אמת אַ סך געהערט וועגן דעם וואָס רופֿט זיך „קאָנקורענץ", אָבער פֿון אונדזער אייגענער דערפֿאַרונג האָבן מיר דאָס ניט געקענט. אונדזער לעבן איז געווען — אָרדענונג. זינט דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע איז אַזאַ אָרדענונג ניט געווען אַ הויז אין עטלעכע פֿאַרוואָרפֿענע ערטער... ס׳איז ניט מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל געבוירן ווערן מחוץ פֿון זיין תּקופֿה און זאָל געצווווּנגען זיין זיך צופּאַסן צו איר און דאָס זאָל ניט איבערלאָזן אין זיין נשמה קיין שפּורן וואָס זאָלן ווי טאָן. און דאָך וואָלט איך פֿאַר קיין שום פּרייז ניט מוותר געווען צו קענען יענע פֿאַר־אינדוסטריעלע אָרדענונג, ווייל זי האָט מיך אויסגעלערנט דאָס וואָס שטעקט אין יעדער גוטער אָרדענונג".

אין ניו־יאָרק און אויך אין תּל־אָביב האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער וואָס ווייס ניט וואָס דער מענטש האָט פֿאַרלאָרן מיטן אָפּרייסן זיך פֿון דער געשלאָסענער, ענגער גרופּע און וואָס זעט אין דער „אָפֿענער געזעלשאַפֿט"

כלומרשט אַ מין ממשותדיקן פּראָגרעס, איז אַ זייער נאַאיווער מענטש. וואָס שייך מיר, איז אויך מיין סאָציאַליזם אַרויסגעדרונגען פון דעם מקור. איך געדענק ווי כ׳האָב אין איינעם אַ טאָג אין יאָר 1920 שפּאַצירט מיט מיינעם אַ חבר און געשמועסט מיט אים וועגן די שטורמישע דיסקוסיעס וואָס זיינען אין יענע טעג אָנגעגאַנגען צווישן קאָמוניסטן און זייערע קעגנער. ווען דער אָוונט האָט זיך דערנענטערט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ ראָג גאַס, מידע פון אַזוי לאַנג גיין און רעדן, און דער חבר מיינער האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „און ווי שטעלסטו זיך פאָר די קומענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט?". — „עפּעס וואָס איז ענלעך צו גראָדנע" — האָב איך אים געענטפערט כמעט ניט טראַכטנדיק. איך געדענק, אַז דאָס איז געווען ערב שבת. אין יענעם מאָמענט איז אויפגעשווומען ביי מיר אַ דערינערונג וואָס פלעגט מיר כסדר צוריקקומען אויף דער וואַך און אין חלום זינט כ׳בין פון מיין געבוירן־שטאָט אַוועק קיין ניו־יאָרק. ערב שבת פלעג איך גיין אין שול אַריין מיט מיין זיידן. דאָס מאָל האָב איך צוליב עפּעס פאַרשפּעטיקט. מיר דאַכט זיך, אַז מיר זיינען געהאַט אַרויס פון שטאָט און כ׳בין צוריקגעקומען שפּעט. כ׳בין כמעט געלאָפן אין שול אַריין. ווען כ׳בין אַריבער די שוועל האָט זיך אַרויסגעריסן די תפילה פון „לכו נרננה" און צוזאַמען מיט איר — אַזוי איז מיר די זאַך איינגעקריצט געוואָרן אין האַרצן — דאָס ליכט פון די ענגלייכטער אויפן באַלקן, אַזוי ווי גאָלד וואָלט זיך געגאָסן מיט פאַרבלענדנדיקע שטראָמען. כ׳בין אַדורך אָן אומזיכערער און אַ פאַרשעמטער דורך די שורות בענק, זוכנדיק מיין זיידן, און פון אַלע זייטן האָבן מיך באַגלייט די בליקן פון די מתפללים וואָס האָבן מיר אָנגעוויזן אויף זיין פּלאַץ. דער דאָזיקער פאַרגלייך איז אויפגעקומען אין מיר בעת מיין חבר האָט מיר געשטעלט די פראַגע וועגן דער געשטאַלט פון דער קומענדיקער געזעלשאַפט. נאָך היינט וווּנדער איך זיך אויף דער תשובה וואָס כ׳האָב געגעבן און נאָך היינט בין איך זיכער, אַז זי איז געווען אַ ריכטיקע.

ברענער — גנעסין — שאָפמאַן: ניט ווילנדיק האָב איך אַרויפגעבראַכט צוזאַמען די נעמען פון דריי העברעישע שרייבערס, אַרויסגערעדטע אויף איין מאָל און פאַראייניקטע דורך אַ פאַרבינדונג־שטריך און כ׳בין דערשטוינט געוואָרן וואָס כ׳האָב אַזויפיל יאָרן פאַרגעסן די דאָזיקע צונויפבינדונג. דאַן האָב איך וועגן דער דאָזיקער צונויפבינדונג כסדר געטראַכט און אָפט זי דערמאָנט. זי האָט מיך שטאַרק באַגייסטערט. צי איז עס אָזוי אויך געווען אין דער ליטעראַטור, אָנגענומען צווישן קריטיקערס

און לייענערס? ניט לייכט דאָס אויפצוקלערן ספּעציעל וואָס שייך די לייענערס. ס'זיינען פאַראַן וויניק אַרויסזאָגונגען פון לייענערס פון דער העברעישער ליטעראַטור פאַר די לעצטע דורות — און די געשיכטע פון אַ ליטעראַטור איז דאָך אויך די געשיכטע פון די פאַרלאַנגען, פון די געשמאַקן, פון די התלהבותן און פון די אַנטוישונגען פון די לייענערס אין אַלע דורות און פון אַלע סאָרטן. און וואָס שייך מיר, האָב איך דאָך כמעט ניט געקענט נאָענט דעם העברעישן לייענער פון מיין דור, דעם דור וואָס האָט דערגרייכט זיין רייפקייטביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. וואָסער כאַראַקטער האָט געטראָגן דער העברעישער לייענער אין ליטע, אין פוילן און אפילו אין ארץ ישראל צווישןביידע וועלט־מלחמות — דאָס ווייס איך דאָך ניט פון מיין אייגענער דירעקטער דער־פאַרונג. כ'האָב טאַקע תמיד געלייענט עברית. איך בין מסופק צי כ'האָב דורכגעלאָזט אַ העברעיש בוך אָדער צייטשריפט וואָס איז דערשינען אין יענע יאָרן, אָבער די זאַכן זיינען דערגאַנגען צו מיר פון דערווייטנס.

צווישן מיין פופצנטן און צוואַנציקסטן לעבנסיאָר איז די צונויפבינ־דונג ברענער־גנעסין־שאָפמאַן געוועזן דער נאָמען פון מיין פאָטערלאַנד, דעם פאָטערלאַנד פון הארצן. פון די שריפטן פון די דריי זיינען צונויפ־געזאַמלט געוואָרן, און אויך דאָס ניט אינגאַנצן, בלויז די שריפטן פון גנעסינען אין אַ בוך וואָס איז דערשינען אין וואַרשע ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט אַ הקדמה פון פ. לאַכאָווער. נאָך לאַנגע אָנשטרענ־גונגען האָב איך דאָס בוך געפונען, אַ פאַרגעסנס אויף אַ פאַרשטויבטער פאָליצע, אין אַ קראָם פון העברעישע ביכער אויף דער קאַנאַל־סטריט. פאַרשטייט זיך, אַז די פיר גרויסע דערציילונגען („הצידה״, „בטרם״, „בינתיים״ און „אצל״) האָב איך נאָך פריער געלייענט אין די צייט־שריפטן און זאַמלונגען ווו זיי זיינען צום ערשטן מאָל דערשינען. די זאַכן פון ברענערן און שאָפמאַנען זיינען נאָך געווען צעשפּרייט איבער צייטונגען, צייטשריפטן, ביכער. מ'האָט געדאַרפט זיי אַלע אויפזוכן אין דעם העברעישן צימער פון דער צענטראַלער שטאָטישער ביבליאָטעק אויף דער 42טער גאַס, אין דער ביבליאָטעק פונעם קוואַרטאַל, צווישן די העברעישע ביכער וואָס זיינען געלעגן צופעליק אָנגעהויפטע אין אַ ציוניסטישן קלוב. ניט ווייסנדיק גאָרנישט וועגן זייער אָפּשטאַם און זייער לעבן, בין איך זיכער געווען, אַז ס'פאַראייניקט זיי אַן אינטימע אַבסאָלוטע נאָענטקייט. ערשט שפּעטער זיינען געקומען די ביאָגראַפישע באַשטעטיקונגען פאַר דער דאָזי־קער נאָענטקייט. צווישן די ביכער פון מיינעם אַ באַקאַנטן האָב איך געפונען

די זאַמלונג „הצידה״, וואָס ברענער האָט רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן אין ירושלים אין אָנדענק פון גנעסינען, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. און דאָרט האָט זיך געפונען דער מאמר „אורי ניסן״, דער מענטשלעכסטער דאָקומענט פון אַ שרייבער וועגן אַ שרייבער וואָס איז ווען עס איז געשריבן געוואָרן אין העברעיש און דאַכט זיך מיר ניט נאָר אין העברעיש. און שאָפּמאַן — וועגן גנעסינען און ברענערן ? ס׳האָט אים דאַן פאַרדראָסן וואָס ער שרייבט „בלויז דערציילונגען״, וואָס ער זאָגט זיך אויך ניט אַרויס דירעקט. אין דער זאַמלונג „הצידה״ איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיין אַרטיקל וועגן גנעסינען, וואָס באַווייזט, אַז ער האָט אים געקענט פון דער נאָענט („מיר זיינען ניט איינזאַם אין דער וועלט — פאַראַן און פאַראַן — איך האָב דעמאָלט אַרומגעבלאָנדזשעט צוזאַמען מיט מיין נייעם חבר איבער די גאַסן פון האָמעל, וועלכע זיינען מיר נאָך געווען פרעמד, און דער קאָפּ נעמט זיך דרייען פון דער ווונדערלעכער גייסטיקער באַרייכערונג וואָס איז מיר געקומען אומבאַוווסטזיניקערהייט פון דער קעגנזייטיקער פאַרשטענ־דיקונג, פון די נייע אַנטפּלעקונגען וואָס האָבן ווי פונקען פון זיך אַליין אַרויסגעשפּריצט ביים רעדן...״). און ברענער ? ער האָט צום מערסטן באַאומרואיקט. שאָפּמאַן האָט פאַרמאָגט אַ מין ניכטערקייט, ווייטקייט, סקעפּטיציזם. זעט אויס, אַז אָט די דאָזיקע שטריכן ביי שאָפּמאַנען האָבן אויך באַאומרואיקט ברענערן, אַזוי ווי דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין זיין בריוו צו אים וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם אָפּקלייב פון זיינע בריוו, וועלכע מנחם פּאָזנאַנסקי האָט אַרויסגעגעבן אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער בריוו איז פון יאָר 1906, אַ טראַגיש יאָר אין דער געשיכטע פון דער העברעישער ליטעראַטור, ווען ניט ווייניק העברעישע שרייבערס האָבן זי פאַרלאָזט און זיינען אַריבער צו יידיש וואָס איז געווען פאָלקסטימלעך און פול מיט האָפענונגען: „שאָפּמאַן! אין דער דאָזיקער שעה (האָב ניט קיין מורא! איך הויב ניט אָן: אין דער דאָזיקער שעה ווען דאָס בלוט א. א. וו.; איך גיי אָנהויבן מיט אַ ווייניקער שרעק־לעכן פּסוק —) אין דער שעה ווען אַלע אונדזערע שרייבערס פאַרלאָזן די ליטעראַטור אין דער העברעישער שפּראַך, טראַכט איך מיט אַ ציטער, אַז דו וועסט ניט זיין צווישן זיי, אָבער פאַרוואָס — ווייס איך ניט. אַמאָל טראַכט איך, אַז דו פאַרלאָזט ניט די אונטערגייענדיקע ליטעראַטור דער־פאַר ווייל דו וועסט ניט געפינען קיין שום אינטערעס איבערצוגיין פון איין אָרט צום צווייטן, און אַמאָל — ווייל דו וועסט ניט וועלן גיין מיט דער מאַסע. די מאַרשעראָווקע האָט דאָך דיך זיכער געעקלט. אָבער דאָך,

אויב דאָס איז דיר ניט שווער, גיב מיר צו וויסן ווי אַזוי דו באַציסט זיך צו דער דאָזיקער ‚פראַגע׳ ״. וואָס איז ברענער געווען פאַר שאַפמאַנען? די תשובה איז געקומען ערשט נאָך זיין טויט. ס׳איז גוט געוואָרן אויף דער נשמה ווען מ׳האָט דערזען דעם נאָמען ג. שאַפמאַן אין דעם אינהאַלט־פאַרצייכניש פון דער „התקופה״ וואָס איז דערשינען נאָך ברענערס טויט און זיין אַרטיקל איז געלייענט געוואָרן פאַר יעדער אַנדערער זאַך אין דעם זאַמלבוך: „די ישראלדיקע טראַגעדיע, וואָס האָט זיך ערשט אַצינד אַנטפלעקט אין איר גאַנצן שוידער איבער דער גאָרער וועלט, האָט ער דאָך געטראָגן אין זיין האַרצן זינט זיינע ערשטע יוגנט־יאָרן, געטראָגן אַליין (אַצינד האָבן מיר זי שוין דערפילט!) מחמת ביי אים איז עס געווען זיין אייגענע, זיין פריוואַטע טראַגעדיע. און אויב זי האָט אויך אונדז אַ מאָל אָנגערירט און מיר האָבן געזוכט פאַר איר אַ לייזונג, איז עס כלומרשט געווען בלויז פאַר אים, פאַר ברענערן... כדי ס׳זאָל אים אַביסל לייכטער ווערן, כדי ער זאָל גענעזן ווערן. און אַזוי האָט זיך אונדזער פאַנטאַזיע געטוליעט מיט דאַנקבאַרקייט צו יענער ערד וואָס ס׳האָט אויסגעזען, אַז אין איר שויס האָט ער סוף כל סוף געפונען זיין תיקון נאָך אַלע וואַגלענישן און גלגולים אין „שכול וכשלון״, ער וואָס האָט ניט געקענט לעבן אין דער לופטן, ער, די שוואַרצע און פרוכפערדיקע ערד־גרודע... ס׳איז אויך אָנגענעם געווען דער געדאַנק, אַז ער איז צווישן די גרונט־לייגער פון די ערשטע שטיינער און אַז אַלץ וועט אפשר אויפגעבויט ווערן אויף אַ ברענערשן יסוד... בעתן שרייבן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער איז תמיד געשטאַנען הינטער אונדז און האָט געלייענט הינטער אונדזער פלייצע דאָס געשריבענע... און בכלל? צי האָט אונדז זיין גוטער שאָטן ניט באַגלייט אויך אין די גאַסן און גערטנער? טיילמאָל, ווען דער טויט גופא האָט אַריינגעקוקט אין די אויגן, איז געווען אָנגענעם אַ טראַכט צו טאָן אין דער שטיל: ברענער וועט זיכער אָנשרייבן עטלעכע ווערטער...״

בלויז גנעסין איז פאַרבליבן אַ פאַרשלאָסענער אין זיין שטילשווייגן. עפעס פון זיינע פאַרבאָרגנקייטן האָט זיך אַדורכגעגנבעט דורך די זכרונות פון ברענערן: „עטלעכע מאָל אין יענער צייט האָב איך אים געטראָפן אין די גאַסן פון ווייטשעפל, כ׳בין געשטאַנען ממש אין זיינע ד׳ אמות און ער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרלאָרן אָדער איז אַזוי שטאַרק פאַרזונקען געווען אין געדאַנקען, אַז ער האָט אינגאַנצן ניט געקוקט אויף מיר. אַ נראה ואינו רואה. כ׳האָב ניט געקענט טראַכטן אַז ער מאַכט אַן אָנשטעל. זאָל מיך דער אויבערשטער אָפהיטן פון אַזאַ געדאַנק! צי וועט דען ער, דער

איידעלער גייסט, זעענדיק מיך, מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער דערקענט מיך ניט און זיך מאַכן אַזוי ווי ער וואָלט מיך ניט געזען? בלויז דאָס האָב איך געטראַכט. כ׳האָב ניט געקענט ניט טראַכטן אַז ער זעט מיך און וויל מיך ניט זען. און דאַן האָב איך זיך געזאָגט: זאָל ער מיך האַסן, אורי־ניסן, זאָל ער מיך האַסן, ער וויל ניט די דאָזיקע שנאה, שווער איז זי אים די שנאה. ער וועט מיך אָבער האַסן... וואָס איז מיט אים? פאַרוואָס זאָל ער מיך האַסן? מיט וואָס האָב איך קעגן אים געזינדיקט? צי זאָל עס זיין צוליב דעם וואָס איך האָב גורם געווען דערצו ער זאָל קומען קיין לאָנדאָן? ס׳איז אוממעגלעך... ער וואָס פאַרמאָגט אַזאַ דערהויבן יושר־געפיל, וואָס האָט אַזאַ גרויס הארץ, דוקא ווייל ס׳איז אים אַזוי שווער מיך פיינט צו האָבן און צו פאַרראַטן, דעריבער וועט ער מיך נאָך פיינט האָבן און פאַרראַטן... און טיילמאָל, ניט זעלטן, פלעג איך זאָגן: נאַרישקייטן, ס׳איז דאָ פאַרוואָס מיך פיינט צו האָבן. און צי האָב איך אים דען ליב?.. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אורי־ניסן אָפּגעפאָרן פון לאָנדאָן — אַזוי ווי אַ שטיין וואָלט אַראָפּ פון האַרצן... — האָבן מיר, איך און ביילין, געזאָגט איינער צום צווייטן נאָך דעם ווי מיר האָבן אים באַגלייט. און פון דאַן אָן ביז זיין טויט, פלעגט ער וויטער שרייבן צו ביילינען. אָבער איך האָב מער פון אים מער ניט באַקומען אפילו קיין איין שורה, אפילו ניט קיין צופעליקן גרוס״...

אָפּט פלעג איך זיך, אין די שפּעטערע יאָרן, וווּנדערן פאַרוואָס בין איך אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דאָזיקע דריי. קוקנדיק אויף צוריק, נאָך דעם ווי ס׳איז שוין אַוועק דאָס ערשטע פולע אידענטיפיצירן זיך פון ערשטן לייענען, מיטן פולשטענדיקן מבטל זיין דעם יש, ווערט קלאָר ווי פרעמד עס זיינען מיר געווען די פּסיכישע מאָטיוון אין די שאַפונגען פון ברענערן, פון גנעסינען און פון שאָפּמאַנען. אין דער אמתן האָב איך אַנטדעקט — און דאָס איז פאַר מיר געווען ניט קיין קליינע איבער־ראַשונג — אַז אַזעלכע זאַכן האָבן מיך כמעט ניט געמאַטערט. איך געדענק ניט כ׳זאָל ווען עס איז האָבן געפילט יענע „אָפּגעריסנקייט״, וואָס פּייניקט אַזוי די פּערסאָנאַזשן וועלכע דערשיינען אין די דערציילונגען. איך האָב זיך קיין מאָל ניט געפילט ווי אַן אמתער בן בית אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווו כ׳האָב געוווינט צענדליקער יאָרן. כ׳בין אָבער אויך ניט אַדורכ־געגאַנגען קיין יסורים פון פרעמדקייט. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז אין איין שיכט פון מיין נשמה בין איך אַ סענטימענטאַלער אַמעריקאַנער. ס׳איז פאַראַן אַן אויסזען פון אַן אַלטן אַמעריקאַנער וואָס קען ביי מיר אַרויסרופן שטאַרקע

בענקשאַפטן: דאָס פּנים פון דזשאָן קרו ראַנסאָם, דעם וווּנדערלעכן איידעלן דיכטער אויף דער עלטער. כ׳האָב זיך איין מאָל געפונען אין דער אַמע־ריקאַנער אַמבאַסאַדע אין תל־אביב, ווו כ׳האָב געדאַרפט דערליידיקן עפּעס אַ טעכנישן ענין, און כ׳בין אַריינגעפירט געוואָרן אין צימער פון איינעם פון די באַאַמטע. ער האָט געהאַט אַ שטעל און אַ פּנים פון אַ לינקאָלן און זיינע מאַניערן לגבי אַ פולשטענדיק אַנאָנימען קליענט, זיין אויפנעמען מיך שטייענדיק, זיין אויסשטרעקן די האַנט צו מיר, זיין באַגריסן מיך, זיין רואיקע און האַרציקע שטים, האָבן מיך באמת גערירט. מיין יידישקייט איז פאַר מיר קיין מאָל ניט געווען קיין פּסיכיש פּראָבלעם. געווען זיינען בלויז פאַרשיידענע יידישע פּראָבלעמען. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז אפילו דאָס עראָטישע אין די שאַפונגען פון די דריי האָב איך ממש ניט פאַרשטאַנען פון אינעווייניק, פונקט ווי כ׳האָב קיין מאָל ניט פאַרשטאַנען די קעגנזאַצן צווישן דעם „לעבן״ און דעם „בוך״ א. ד. גל.

זשיד האָט, אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, געזאָגט אַז אַ שאַפונג האַלט זיך אויף אין זכות פון איר סטיל. די דריי האָבן אַריינגעבראַכט זייער אייגענעם סטיל אין דער העברעישער ליטעראַטור. דער דאָזיקער סטיל האָט קיין סך ניט משפּיע געווען אויף דער העברעישער ליטעראַטור איבער זיין צייט און ווען מיר טרעפן זיך אין אים אָן היינט, קען ער אונדז אָפּ־שטויסן מיט זיינע עפּיגאָנישע גלגולים. אָבער ווען מיר קערן זיך אום צו אים אין די ווערק פון די וואָס האָבן אים געשאַפן, קענען מיר פון דאָס ניי ווערן פאַרבליפט. דאָס וואָס האָט דאַן געפאַנגען אונדזער האַרץ איז, דאַכט זיך מיר, ראשית כל געווען דער ריטם אין דער דאָזיקער פּראָזע. דאָס אָרט פון דעם דאָזיקן ריטם לגבי דעם דעמאָלט אָנגענומענעם ריטם אין דער העברעישער פּראָזע איז ווי דאָס אָרט פון דעם „פרייען ריטם״ לגבי דעם פעסטגעזעצטן ריטם אין דער דיכטונג. אויבנאויפיק איז דער פרייער ריטם „נאַטירלעכער״ און „לייכטער״ פון דעם פעסט־געזעצטן ריטם. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַן אילוזיע. נישטאָ קיין שווערערע זאַך ווי די געטריישאַפט צום ריטם — וואָס ענדערט זיך תמיד — פון דעם לעבעדיקן געדאַנק.

פון ברענערס פאָרלעזונגען און אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור זיינען צום מערסטן איינגעקריצט די געלעגנהייטלעכע זאַכן ווי למשל „מהרהורי סופר״, מיט דער אונטערשריפט „גליאַני, סוף אלול״ און וואָס איז דער־שינען אין נומער א׳ פון דער זאַמלונג „רביבים״, וואָס ער האָט רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן בעת ער איז געזעסן אין גאַליציע, און „רשמי ספרות״,

וואָס איז שוין דערשינען בעת ער איז געווען אין ישראל אין „האחדות"" אין יאָר תרע"ב. כמעט דרך אגב איז דאָרט געגעבן געוואָרן ניט נאָר ברענערס מיינונג וועגן דער נייער העברעישער ליטעראַטור נאָר אויך די הויפּט־פּונקטן פון זיין פּאָעטיק. ווען כ'האָב צום ערשטן מאָל געלייענט די דאָזיקע אַרטיקלען, עטלעכע יאָר נאָך דעם ווי זיי זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, פלעג איך אויף דער שנעל אַריבערגיין איבער די טיילן אין וועלכע ס'האָט זיך גערעדט וועגן פייערבערגן (כאָטש כ'האָב אים ספּעציעל ליב געהאַט צוליב זיין דערציילונג „העגל", וואָס האָט מיך פאַרכישופט בעת כ'האָב זי געלערנט אין „חדר מתוקן") און וועגן בערשאַדסקין און ש. בן־ציון (וואָס כ'האָב געלייענט אָן אינטערעס), און כ'האָב זיך כסדר אָפּגעשטעלט אויף די טיילן וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט גנעסינען און שאָפּמאַנען. ביים ערשטן לייענען האָט דאָס האַרץ פאַרפלייצט אַ ליב־שאַפט צו די שאָפּונגען פון אַנדערע וואָס איז אַזוי זעלטן צווישן שרייבערס: (וועגן שאָפּמאַנען) „אַ פרישע טרוימיקייט... אַ וואַרעמע קלעמעניש... פאַמע־לעך, פאַמעלעך! דאָס דאַרף געלייענט ווערן פאַמעלעך... שעפּטשענדיק... מ'דאַרף פון דאָרט נאָך אַ סך איבערשרייבן". ערשט שפּעטער, ביים צווייטן און דריטן לייענען, האָט זיך די אויפמערקזאַמקייט גענומען אָפּשטעלן אויף די לאַנגע, מער קאָמפּליצירטע, אַרומנעמענדיקע זאַצן: „ווייל שאָפּ־מאַנען וועט תמיד פעלן דער ברייטער אַרויפפלי, דער אָפענער פאַרנעם, דאָס אַרומנעמענדיקע וואָס נעמט אַריין אַ סך; ס'וועט אים תמיד פעלן דאָס אויפנעמען די שווערע קעגנזאַצן צווישן דעם וואָס איז דאָ און דעם וואָס דאַרף זיין; ס'וועלן אים תמיד פעלן די פּייניקונגען פון דעם קאַמף צווישן גוטס און שלעכטס, די עינויים פון דער גרויסער מאָראַלישער באַ־דערפעניש, פון דער מאָראַלישער באַדערפעניש וואָס איז ניט געשריבן אין די ביכער פון די פּראָפעסאָרן און אין „אלה המשפטים", נאָר איז אויס־געקריצט מיט שוואַרצן פייער אויף די לוחות פון ריינע הערצער. דאָס אָפּשאַצן פון דעם מאָמענט, די שאַרפקייט פון שטריך און דער קינדישער חלום זיינען שאָפּמאַנס קורצע און געציילטע סקיצן — אַ קינדישער חלום, וואָס שטעקט אָבער ניט אין דער קינדהייט פון אונדזערע גאַסן־פּאָעטן (אַש און אַנדערע): די אידילישע קינדהייט פון אונדזערע גאַס־פּאָעטן איז די וואָס האָט נאָך ניט אויפגעעפנט די אויגן, וואָס פאַרשטייט נאָך גאָר־ניט; אַ באַווייז זייער סטיל. שאָפּמאַנס קינדהייט פאַרמאָגט ברייט צעעפנטע אויגן, זי איז אַ קינדהייט וואָס ווערט באַאיינדרוקט, וואָס וווּנדערט זיך, וואָס ווערט נתפּעל און פרייט זיך שווער און משונהדיק מיט די דאָזיקע

איינדרוקן און התפעלותן. די קינדהייט פון דעם העלד פון „יונה״, „תלוי״, „עייפים״, „לא״, זי געהערט צו די דערוואַקסענע און שטאַרק אַנטוויקלטע קינדער, וואָס אלישע קאַראַמאַזאָוו פלעגט ליב האָבן זיך מיט זיי צו פאַרנעמען און הערן זייער באַזונדערן, טיפן, ניט־קינדישן סטיל...״.

---

די פאַבריק אין וועלכער שמעון האָט געאַרבעט איז געווען נאָענט צו קאַנאַל־סטריט אין דער איסט־סייד, ווו ס׳האָבן זיך געפונען צוויי העברעישע בוכהאַנדלונגען וואָס פלעגן גאָר שנעל אַראָפּברענגען כמעט יעדעס בוך אָדער צייטשריפט וואָס איז דערשינען אין ארץ ישראל און אין בערלין (וואָס איז אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן געווען דער לעצטער צענטער אין חוץ לארץ פאַר דער העברעישער ליטעראַטור נאָך דעם ווי זי איז פאַרטריבן געוואָרן פון רוסלאַנד). עטלעכע מאָל אין דער וואָך פלעגן מיר אַריינקומען אין די דאָזיקע בוכהאַנדלונגען, נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט אין דער פאַבריק. די אייגנטימער פון די בוכהאַנדלונגען האָבן אונדז שוין געקענט און געוווּסט אויף וואָס מיר וואַרטן. ס׳איז דאָ אַ נייע „התקופה״, אַ העפט „הדים״, אַ בוך לידער פון א. שלאָנסקי — אַזוי פלעגט אונדז מקבל פנים זיין דער בוכהענדלער ווען ער האָט אונדז דערזען אויף דער שוועל פון זיין קראָם. ניט געווען קיין געדולד צו וואַרטן ביז מיר וועלן דערגיין אַ היים און ס׳איז שווער געווען צוצולאָזן אַז דער חבר זאָל זיין דער ערשטער זוכה צו זיין דאָס בוך אָדער די צייטשריפט. טיילמאָל, ווען די נייגער איז געווען אַ גאָר גרויסע, פלעגן מיר וואַרפן גורל, כדי צו באַשטימען. טיילמאָל, ווען די נאַכט איז נאָך ניט געהאַט צוגעפאַלן, פלעגן מיר אַריינגיין אין אָפּגעלאָזענעם פאַרק אין איסט בראָדוויי און נעמען אויף דער שנעל לייענען דאָס וואָס האָט אַממייסטן אינטערעסירט.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ קאָמישער עפּיזאָד פון יענע טעג. מיר זיינען געקומען אין אונדזער ביכער־קראָם אין אַ רעגנדיקן אָוונט. אַ גוטע בשורה: אַ נייע „התקופה״. דער ערשטער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן מיין פריינד. ביים ליכט פון שויפענצטער האָבן מיר ביידע אַריינגעקוקט אין אינהאַלט. אַ נייע דערציילונג פון שאָפּמאַנען: „אדם בארץ״. כ׳האָב געבעטן שמעונען ער זאָל דאָס מאָל מיר אָפּטרעטן. כ׳וועל נעמען דאָס בוך בלויז אויף איין נאַכט. אין דער פרי וועל איך אים עס אומקערן אין דער פאַבריק. ער האָט געקענט מיין שוואַכקייט אין אַזעלכע מאָמענטן און זי האָט אים אויך

אַמוזירט. ער האָט צוגעשטימט מיט איין תנאי: כ׳זאָל אים נאָך אַמאָל בעטן — אויף די קני. דאָס איז אַלץ? האָב איך אַ זאָג געטאָן, און האָב אָנגעהויבן מיך אַראָפּצולאָזן אויף דעם נאַסן טראָטואַר. אַ דערשראָקענער פון מיין משוגעת האָט ער מיר אַריינגעשטעקט דאָס בוך אין האַנט אַריין. און מיין האַרץ האָט מיך ניט אָפּגענאַרט: כ׳האָב געלייענט, געלייענט און געלייענט, אין סאָבוויי, פאָרנדיק אַהיים, און שפּעטער אין דער היים, געלייענט, נאָך אַמאָל געלייענט און ווידער אַמאָל געלייענט.

(„אמות" ט"ז, פעברואַר 1965)

# אין דער מחיצה פון יידיש

צוואַנציק יאָר בין איך טעטיק געווען אין דער מחיצה פון דער יידישער ליטעראַטור דורך מיין אַרבעט אינעם וואָכנבלאַט „אידישער קעמפער", וואָס גייט אַרויס אין ניו־יאָרק און פייערט איצט זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג... דאָרט האָב איך פאַרעפנטלעכט מיין ערשטן אַרטיקל. ס'האָט אויסגעקוקט מאָדנע פאַר מיר און דאַכט זיך אויך פאַר מיינע פריינד, אַז מיין זשורנאַליסטישע אַרבעט איז אַזוי פיל יאָרן אָנגעגאַנגען אין יידיש. ווייל אויב כ'האָב פאַרמאָגט אין מיר אַ קנאות אין מיין קינדהייט און אין מיין פריסטער יוגנט, איז עס געווען ראשית כל אַ קנאות צו העברעיש. דער קאַמף צווישן יידיש און העברעיש איז געווען איינער פון די וואָס האָבן זיך צום מערסטן אויסגעווירקט אויף דער יידישער נשמה אינעם דור אין וועלכן איך בין אויסגעוואַקסן. אויב כ'האָב קיין טעות ניט, איז די ערשטע „געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט", אין וועלכער כ'האָב אָנטיילגענומען און וואָס כ'בין אפילו געשטאַנען אין איר שפיץ, געווען דאָס אָרגאַניזירן די תלמידים פון אַ יידישיסטישער שול פאַר קינדער פון פליטים אין ווילנע, וווהין איך בין פאַרוואָרפן געוואָרן קעגן מיין ווילן ווי אַ צען־אָדער עלף־יאָריקער בחור אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. כ'האָב דאַן אָרגאַניזירט די תלמידים, כדי אַרויסצושטעלן די פאָדערונג מ'זאָל אויסברייטערן דעם לימוד פון העברעיש, פאַר וועלכן ס'איז געווען גאָר ווייניק צייט. אָבער מיין קנאות צו העברעיש האָט זיך פאַרשאַרפט נאָך דעם ווי כ'בין אַראָפּגע־בראַכט געוואָרן, ווי אַ צוועלף־יאָריקער בחור, אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס זיינען געווען די יאָרן פון אויפשטייג פאַר יידיש אינעם גרויסן יידישן קיבוץ פון יענער זייט אָקעאַן, אין זיין גרעסטער מערהייט אַ מזרח־אייראָפּעישן. ווען מ'פלעגט אין די פרימאָרגן־שעהן אַריינגיין אין דעם אָנגעשטאָפּטן סאָבוויי וואָס פאָרט פון ברוקלין אין מאַנהעטן, פלעגט מען זען הונדערטער יידישע צייטונגען אין די הענט פון די פּאַסאַזשירן, אַ קליי־נער טייל פון זיי זיצנדיקע, די מערהייט שטייענדיקע. יידיש איז געווען די שפּראַך פון דער היים, פון דער גאַס, אָפטמאָל אויך אין די שמועסן מיט די אין אַמעריקע געבוירענע. געווען אויך ניט ווייניק ביכער־קראָמען וואָס זייער עיקר־סחורה איז געווען דאָס יידישע בוך און די יידישע צייטונג.

געווען אַ סך ביכער־פֿאַרלאַגן, צייטשריפֿטן, ליטעראַרישע זאַמלונגען. אין דער ליטעראַטור האָבן זיך געשאַפֿן שולעס: די „יונגע", די „אינזיכיסטן".

אויף דער יידיש רעדנדיקער גאַס איז אָנגעגאַנגען אַ קולטור־קאַמף. די פֿאָן צום קאַמף האָט אויפגעהויבן דעם יידישיזם. אַנטקעגן דער מאַסע און אירע טאָנגעבערס צווישן דעם אימיגראַנטן־קיבוץ, וועלכע האָבן געזען אין יידיש בלויז אַ נויטווענדיק און פֿאַרבייגייענדיק מיטל אינעם פּראָצעס פֿון דער אַמעריקאַניזאַציע אַזוי ווי עס האָט עס טאָג טעגלעך פּראָקלאַמירט די אַממייסטן פֿאַרשפּרייטע טאָגצייטונג, דער סאָציאַליסטישער „פֿאָר־ווערטס", האָט דער יידישיזם געזען אין דער פֿאָלקסשפּראַך אַן עיקרדיקן מענטשלעכן פֿאַרמעג, אַ סימן מובהק פֿאַר דעם ווערט, פֿאַר דער אייגנ־אַרט, פֿאַר דער קולטורעלער אויטענטישקייט פֿון דעם דאָזיקן יידישן אימיגראַנטן־פֿאָלק, וואָס ציילט שוין מיליאָנען און וואָס וועט אפשר באַלד זיין ניט קלענער ווי דאָס פֿאָלק פֿון יענער זייט ים פֿון וועלכן עס שטאַמט אָפּ. האָט דער יידישיזם קנאותדיק געפּלעגט די ריינקייט פֿון דער פֿאָלקס־שפּראַך, איר גראַמאַטיק, איר אידיאָמאַטיק, איר אייגענעם סינטאַקס. מיט אַ וווּנדערלעכער ענערגיע וואָס איז אויסגעבראָכן פֿון אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל איז אויפגעקומען אַן אויף אַ הויכער מדרגה שטייענדיקער געדאַנק, אַ פּאָעזיע, אַ ראָמאַן און אַ דערציילונג.

פֿאַרבלייבן געטריי צו העברעיש האָט אין דאָזיקער סביבה באַטייט אָפּזונדערן זיך פֿון ציבור. דאָס וואָס האָט אָפּגעשטויסן אין דעם דאָזיקן אויפשטייג פֿון יידיש איז געווען דוקא זיין הצלחה. די דאָזיקע הצלחה איז געווען באַגרינדעט אויף אַן אילוזיע, אויף דער אילוזיע פֿון דעם כלומרשט נויטווענדיקן פּראָגרעס, פֿון דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט, פֿון דער גרויסער מאַסע, פֿון דעם „יש". אין יענע טעג איז אָנגעגאַנגען אַ וויכוח צווישן דעם הויפּט־דענקער פֿון יידישיזם, חיים זשיטלאָווסקי, און נחמן סירקינען. סירקין, וועלכער האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר קיין פּאַראַדאָקסן, האָט געזאָגט: איך שלאָג פֿאָר זשיטלאָווסקי מיר זאָלן צעטיילן צווישן זיך די וועלט. ער וועט נעמען פֿאַר זיך דעם רשות פֿון „יש" און איך וועל נעמען דעם רשות פֿון „גאָרניט". איך בין אָבער זיכער, אַז מיין „גאָרניט" איז ממשותדיקער פֿון זיין „יש".

מיין קנאות צו העברעיש אין מיין קינדהייט איז ניט געקומען אין די פֿאָרמען פֿון אליעזר בן יהודה אָדער פֿון זאב זשאַבאָטינסקי, וואָס דער גאַנצער כבוד פֿון העברעיש איז פֿאַר זיי זעט אויס באַשטאַנען אין דעם וואָס עס איז ניט געווען קיין יידיש, אַ שפּראַך פֿון אַ פֿאָלק וואָס איז

מינדערווערטיק ווייל עס פֿאַרמאָגט ניט קיין אייגענע מדינה. מיין באַציונג צו העברעיש איז אויך ניט געווען די פֿון אחד־העמען וואָס אין זיינע אויגן איז העברעיש זיכער געווען די נאַטירלעכע שפּראַך פֿון למדן און פֿון משכּיל און יידיש דער זשאַרגאָן פֿון דער מאַסע. מיין ליבשאַפֿט און קנאות צו העברעיש האָט אויסגעדריקט יוסף חיים ברענער. די כּלומרשטע סאָציאַלע מינדערווערטיקייט פֿון יידיש האָט בלויז געקענט אויפֿוועקן ביי ברענערן אַ ליבשאַפֿט צו איר. ער האָט אָבער פֿיינט געהאַט די וווּלגאַרקייט וואָס שטעקט אין דער הצלחה, אין דער שרייענדיקער זעלבסט־זיכערקייט, ספּעציעל ווען עס קומט נאָך דערצו צו די פֿאַרבלענדקייט אין דעם ציוויליזירטן פּראָגרעס.

אָבער צו דעם דאָזיקן אויפֿשוווּנג פֿון יידיש אין די צוואַנציקער יאָרן איז כּמעט ווי פּלוצעם געקומען אַ סוף אין די דרייסיקער יאָרן. אָט אַזוי קומען פֿאָר ענדערונגען פֿון די וואָכן פֿון די דורות פֿאַר אַן אויג וואָס איז ניט אָפֿן — אויף איין מאָל, כּלומרשט אָן אַ פֿאַרוואָס, ווי אַ דערשטוינענדיק אומגליק. אָט גיי איך אַריין אין איינעם אַ פֿרימאָרגן אין סאָבוויי, פֿאָרנדיק צו דער אַרבעט. איך עפֿן מיין יידישע צייטונג. אינעם וואַגאָן בין איך דער איינציקער וואָס האַלט אַ יידישע צייטונג. לעבן מיר זיצט אַ ייד און וואַרפֿט מיר צו פֿון צייט צו צייט אַ פֿיינטלעכן אָדער זידלענדיקן בליק. דאָס זיינען שוין וואָס אַן אמת די טעג פֿון היטלערן. איז אין דעם זיכער אויך געווען אַ מורא פֿאַר אַן עין הרע פֿון אונדזערע ניט־יידישע שכנים אין וואַגאָן. איין מאָל האָט זיך צו מיר אויך געוואָנדן איינער פֿון די יידישע מיטפֿאָרערס מיט דער דירעקטער פֿראַגע: „צי מוזסטו טאַקע לייענען דאָס אין סאָבוויי?"

און דווקא אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן האָב איך אָנגעהויבן שרייבן יידיש. געבראַכט דערצו האָט חיים גרינבערג וואָס כ'פֿלעג איבערזעצן פֿאַר אים פֿון פֿרעמדע שפּראַכן אויף יידיש. אין איינעם אַ טאָג האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „עד מתי? האָסט זיך אויסגעקליבן אַ צו לייכט לעבן. ביסט ניט „קראַנק" אַליין צו שרייבן". כ'האָב ניט געהאַט קיין ברירה. און אַזוי בין איך געוואָרן אַ יידישער שרייבער ביז איך בין עולה געווען קיין ישׂראל.

און דאַן האָב איך דערזען ווי אָרעם און ווי פֿאַרקריפּלענדיק עס איז יעדעס זען פֿון דרויסן. פֿון דרויסן זיינען פֿאַר מיר אַלע יידישע שרייבערס, אַפֿילו די וועלכע איך האָב שטאַרק אָפּגעשאַצט, געווען כּמעט פֿרעמדע. איז דאָך פֿאַר זיי פֿרעמד געווען אַלץ וואָס איז פֿאַר מיר געווען אַזוי טייער. דער גרעסטער טייל פֿון זיי זיינען געווען ניט־ציוניסטן און אַנטי־

ציוניסטן. אין די צוואַנציקער יאָרן זײַנען אויך די גוטע צווישן זיי געווען קאָמוניסטן אָדער קאָמוניסטישע סימפּאַטיקערס און דאָס האָט דאָך באַטייט מיטאַרבעטן מיט דער יעווסעקציע אין איר ליקווידירן דעם ציוניזם און העברעיש. דאָס איז געווען שווער מוחל צו זײַן ליוויקן, אָפּאַטאָשון, מנחם באָריישאָן און זייערע חברים. און טאַקע אין דער אָ פּאָלעמיק האָט זיך מײַן שרײַבן אויסגעשליפן, כאָטש אין יענער צײַט האָבן זיי שוין געהאַט פֿאַרלאָזט די קאָמוניסטישע מחנה. דער קער איז געקומען אין זומער 1929, אין די טעג פֿון די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל, ווען דער קאָ־מינטערן האָט געשטיצט דעם אויפֿשטאַנד פֿון מופֿטי און געהייסן זײַנע דאָרטיקע שליחים מיטצוהעלפֿן בפועל צו דער פֿיזישער ליקווידאַציע פֿון יידישן יישוב. דאַן האָבן כּמעט אַלע יידישע שרײַבערס אין אַמעריקע — אַ חוץ די מנוולים און אייניקע עקשנים — זיך אָפּגעגרענעצט פֿון מאָסקווע. אָבער עס זײַנען פֿאַרגאַנגען עטלעכע יאָר ביז דער אומצוטרוי צו זיי האָט זיך אין גאַנצן אויסגעוועפּט. מ׳האָט זיי אָנגעהויבן צו געטרויען ערשט דעמאָלט ווען מ׳האָט זיך מיט זיי נענטער באַקאַנט. ערשט דאַן איז גע־קומען דאָס אָפּשאַצן, דאָס דערנענטערן זיך און די פֿרײַנדשאַפֿט.

ס׳דאַכט זיך מיר, אַז יענער קריזיס איז געווען אַן אַנטשיידנדיקער קער אין לעבן פֿון אַסך יידישע שרײַבערס. דאָס איז געווען זייער יידישער עקזאַמען. די יידיש־קולטור האָט זיך דאַן געשטיצט אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד און אויפֿן קאָמוניזם. אָבער זייער קאָמוניזם איז ביים גרעסטן טייל פֿון זיי געווען דאָס וואָס ווערט אין דער באָלשעוויסטישער שפּראַך פֿון לאָזונגען אָנגערופֿן „נאַציאָנאַלער קאָמוניזם". דאָס צושטיין צו דער מחנה פֿון דער באַלדיקער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז ביים רוב פֿון זיי ניט געווען פֿאַרבונדן מיט קיין מאַראַלישע און אינטעלעקטועלע מאַטערנישן. אין דער וועלט־ליטעראַטור איז ניט געווען נאָך אַזאַ ליטעראַטור ווי די יידישע וואָס איר גאַנצער מהות זאָל זײַן אַזוי צו זאָגן אַ סאָציאַליסטישער. דעריבער איז אויך געווען כּמעט אַזוי זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אין אַ סאָציאַליס־טישן רעזשים וועט די קולטור אין דער שפּראַך פֿון די יידישע מאַסן געניסן פֿון אַ מעמד וואָס וועט זײַן גלייך צו דעם פֿון דער קולטור פֿון אַלע פֿעלקער אין דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק. אין ראַטנפֿאַרבאַנד האָט יידיש פֿאַרמאָגט אַ מלוכהשן מעמד. עס זײַנען דאָרט געווען יידישע פֿאָלקס־שולן און הויכשולן, וויסנשאַפֿטלעכע אַקאַדעמיעס, פֿאַרלאַגן, טעאַטערס. די שאַפֿערס, די פֿרײַנד און סימפּאַטיקערס פֿון דער יידישער קולטור האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז סוף כּל סוף איז געקומען די שעה פֿון איר גאולה. ס׳האָט

זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָרט וועט די יידישע קולטור אויסגעלייזט ווערן פון די הענט פון די קולטור־סוחרים (פאַרלעגערס, באַלעבאַטים פון צייטונגען, באַלעבאַטים פון טעאַטערס), וואָס האָבן אין זינען בלויז זייער ריווח און ס'איז ניטאָ קיין פאַרדאַרבענע סחורה וואָס זיי זאָלן ניט זיין גרייט צו פאַרקויפן די פאַרדאַרבנסטע קליענטן זייערע. דאָרט, אינעם סאָציאַליסטישן רעזשים, וועט פון דער פאָלקסשפּראַך אַראָפּגענומען ווערן דער פלעק פון „זשאַרגאָן", וואָס איז איר צוגעקלעפּט געוואָרן דורך די אַסימילאַטאָרן פון אַלע מינים, וואָס איינער פון זיי איז דער „העברעיסטישער" מין.

ווען ס'איז געקומען דער קריזיס און די דאָזיקע האָפענונגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן אילוזיע, האָב איך זוכה געווען אַריינצוגיין אין דער מחיצה פון יידיש און זיך באַקענען מיט איר פון דער נאָענט. ביז יענער צייט בין איך געווען אַ לייענער פון יידיש, אַן אַלטער לייענער, נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן. כ'האָב געלייענט צוליב נייגער, צוליב פאַרמעסט, צוליב הנאה — און דאַן ווען כ'האָב שטאַרק הנאה געהאַט, ווען כ'בין שטאַרק מיטגעריסן געוואָרן, בין איך מודה, אויך צוליב קנאה. ס'איז דאַכט זיך מיר אמת, אַז איך האָב קיין מאָל ניט געפילט קיין אַראָפּפאַלן ביי זיך פאַרן כח פון יידיש. די העברעישע ליטעראַטור (און אפשר, פינקטלעכער געזאָגט, ברענער) האָט מיך געלערנט מער ווי אַלץ, אַז דער זיגער פאַרדינט ניט קיין כבוד און אַז ס'איז ניט פאַראַן קיין זאַך וועלכער מ'דאַרף אַזוי בלייבן געטריי ווי אַ „פאַרלאָרענע זאַך". ס'האָט ניט געוועקט קיין הנאה ניט די „פאָלקסטימלעכקייט" פון יידיש, ניט איר „ברייטער" עולם לייענערס, ניט איר ווערט ווי אַ סחורה וואָס מען פאַרלאַנגט אויפן מאַרק. דאָס אַלץ האָט ניט געקענט וועקן קיין כבוד אָדער קיין קנאה.

אָבער אין מיין יוגנט, ווען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט פריער מיט אירע בשורות און האָפענונגען און שפּעטער מיט אירע פאַרקריפּלונגען, אַנטוישונגען, מיאוסקייטן באַשעפּטיקט דעם מענטשן אָן אויפהער, האָב איך מקנא געווען יידיש אויך צוליב דעם וואָס זי האָט די דאָזיקע אַלע זאַכן אויסגעדריקט. אָבער געקענט האָב איך דאָס אַלץ פון דערווייטנס, פון אַן אָפּשטאַנד וואָס כ'האָב אויסגעקליבן — ביז איך בין אַריין אין דער מחיצה פון דער יידישער ליטעראַטור פון דער נאָענט.

(„דבר", 24 אַפּריל 1967)

# פערספעקטיוון

## (ראש השנה נאָטיצן)

צווישן די מטלטלים וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אויף דעם קורצן, בלינדן וועג, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען אין די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר, געפינט זיך אויך דער יידישער לוח, דער ספר פון אונדזערע חשבונות און זכרונות. עס האָט זיך אונדז אָנגעהויבן דוכטן אַז עס איז געקומען אַ סוף צו אונדזער אייגענעם וועג אין דער צייט און אין דער געשיכטע, אַז ער האָט זיך שוין צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם דרך־המלך פון די פעלקער צווישן וועלכע דער גרעסטער און אַנטשיידנסטער טייל פון אונדזער פאָלק לעבט — די פעלקער פון דעם מערבדיקן, אייראָפּעישן קולטור־קרייז.

און פּלוצלונג זיינען מיר מיט אַ ברוטאַלער האַנט צוריקגעשליידערט געוואָרן פון ברייטן שליאַך. מיר שטייען ווידעראַמאָל אָן אַ זייט פון ברייטן שליאַך. אומצופרידענע, פּראָטעסטירנדיקע, קוקן מיר זיך צו ווי די פעלקער האָבן זיך פאַרנומען אויף אַזעלכע נייע, אומבאַקאַנטע וועגן, וועגן אויף וועלכע עס איז פאַר אונדז ניטאָ קיין פּלאַץ. און מיר ווילן ניט שלום מאַכן מיט דעם דאָזיקן אויסשלוס פון דער גרויסער, אַרומיקער וועלט. מיר טענהן מיט די וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזן הינטער זיך. אָבער אונדזער קול דערגרייכט שוין ניט די מערסטע פון זיי. מיט קליינע אויסנאַמען, ריידן מיר צו זיך אַליין.



מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז אין אַ וויכטיקער ענגלישער צייטונג פאַר־עפנטלעך געוואָרן אַ דיסקוסיע אויף דער טעמע: צי האָט אייראָפּע אַ צוקונפט? אייראָפּע, פאַרשטייט זיך, ניט ווי אַ געאָגראַפישער שטח, נאָר ווי אַ קולטור־ספערע און אַ גייסטיקע טראַדיציע. די מערסטע אָנטיילנעמער האָבן פּרובירט באַווייזן אַז דער אייראָפּעישער גייסט — און דאָס קען דאָך זיין דער גייסט פון טאָלעראַנץ, סקעפּטישע אמת־זוכעניש, ליבעראַליזם — איז דער יסוד און זין פון דער מערב־קולטור, און דערפאַר קען ער ניט

און טאָר ער ניט אונטערגיין — וואָרעם די ליבעראַל־הומאַניסטישע טראַ־דיציע איז דאָך אייראָפּע. אַזוי האָבן געטענהט אַלע אָנטיילנעמער אין דער דיסקוסיע — קאָנסערוואַטאָרן און רעוואָלוציאָנערן, כאָטש יעדער איינער האָט, פאַרשטייט זיך, פאָרגעשלאָגן אַן אַנדער סגולה ווי אַזוי צו ראַטעווען אייראָפּע פון די געפאַרן וואָס באַדראָען זי.

איז אָנגעקומען דער ניכטערער און קאַלטבלוטיקער בערטראַנד ראַסעל און האָט דעם ענין אָוועקגעשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ — אָדער, אפשר ריכ־טיקער געזאָגט, מיט די פיס אויף דער ערד. די פאַרטיידיקער פון דער ליבעראַלער אייראָפּעישער טראַדיציע מאַכן איין טעות. זיי ריידן וועגן דער אורשפּרינגלעך־ליבעראַלער אייראָפּע וואָס ווערט באַדראָט פון פרעמדן (אַמאָל זאָגט מען, אָריענטאַלישן) באַרבאַריזם. אָבער די היסטאָרישע פאַקטן זאָגן עפּעס גאָר אַנדערש. פאַקטיש איז די ליבעראַלע עפּאָכע געווען ניט מער ווי אַ קורצער מאָמענט און דער לאַנגער טויזנט־יאָריקער אייראָפּעישער געשיכטע — און דער אַלטער, דער גרונט־יסוד פון דער אייראָפּעישער געשיכטע איז טאָקע יענע אומטאָלעראַנטע, פאַרגליווערטע מענטאַליטעט און יענע באַרבאַרישע רעגירונגס־פאָרמען, וואָס האָבן שוין פאַרכאַפּט דעם גרעסטן טייל פון דער מערב־וועלט, און דראָען אויך די פאַרבליבענע אינדזלען ווו עס הערשט נאָך די ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע טראַדיציע. אפשר דאַרף מען גאָר זאָגן, מיינט בערטראַנד ראַסעל, אַז אייראָפּע קערט זיך גאָר צוריק צו אירע אייגנטלעכע, אורשפּרינגלעכע יסודות.

און אויך מיר קערן זיך צוריק, ווילנדיק אָדער אומווילנדיק, צו אונדזער ספר הזכרונות. מיר הויבן ווידעראַמאָל אָן צו פירן אונדזער אייגענע בוכהאַלטעריע. מיר מישן די בלעטער פון יידישן לוח און עס ווערט פאַר אונדז אַזוי נאַטירלעך דער סדר פון יידישן יאָר, פון דעם לאַנגן טאָג, פון יידישע יאָרהונדערטער און יאָרטויזנטער. טאָג־איין, טאָג־אויס, יעדער טאָג מיט זיינע עכאָס פון אַמאָל, יעדער טאָג, דוכט זיך, אַ מיילשטיין אויף דעם טויזנט־יאָריקן וועג וואָס ציט זיך מיט אַזעלכע קרומע און פאַרפּלאָנטערטע ליניעס. מיר דערשפּירן ווידעראַמאָל דאָס וואָס עמעצער האָט לעצטנס גערופן די „גלייכצייטיקייט" פון דער יידישער געשיכטע, די איינהייט פון נעכטן און היינט. אָט לייענען מיר די פּיוטים פון יידישע דיכטער אין דייטשן מיטלאַלטער (זע די גרופּע וואָס י. י. שוואַרץ האָט איבערזעצט אין היינטיקן נומער „קעמפער"), און עס דוכט זיך אונדז, אַז אַ יידישער דיכטער וואָלט די געקענט שרייבן היינט אין דייטשלאַנד אָדער פוילן — ווען עס וואָלט זיך דאָרטן געפונען אַ יידישער דיכטער וואָס וואָלט מיט

גאָט געקענט פירן אַ דיאַלאָג אין נאָמען פון זיין אויסדערוויילטן, פאַר־לאָזענעם פאָלק.



נאָך אַ יאָר איז פאַרגאַנגען — נאָך אַ יאָר באַרג־אַראָפּ פאַר די יידישע מאַסן אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע. עס האָט זיך געדוכט אַז זייער לאַגע קען שוין ערגער ניט ווערן — עס איז אָבער ניטאָ קיין גרענעץ צום שלעכטן. דאָס לעצטע יאָר איז פוילן געשטאַנען אין צענטער פון אונדזער אויפמערקזאַמקייט. אין דער באַהאַנדלונג פון אירע יידישע בירגער האָט פוילן לעצטן יאָר געמאַכט אַ גרויסן פאָרשריט — פון קאַלטן צום הייסן פּאָגראָם, פון דער פאַרניכטונג פון דעם אַזוי אויך שוואַכן עקאָנאָמישן יסוד פון זייער קיום צו דער באַדראָאונג פון זייער קיום גופא.

אין אין דייטשלאַנד איז אַלץ געגאַנגען ווי פריער. קיינער דערוואַרט שוין ניט קיין נסים אין דייטשלאַנד, און וויניקער פאַר אַלעמען דערוואַרטן גיכע ישועות די ערנסטע קרייזן צווישן די אַנטי־פאַשיסטישע עמיגראַנטן. דאָס טוען בלויז יענע עלעמענטן ביי אונדז וואָס פאַר זיי איז די דייטשע טראַגעדיע אַ מיטל פאַר אייגענע קליינלעכע פּאַרטייאישע צוועקן — גרופּן וואָס עקספּלואַטירן דייטשלאַנד פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון אַ קאָמוניסטישן (און דאָס הייסט, זיך ווידערשפּרעכנדן) אַנטי־נאַציזם אָדער פאַר אַנטי־ציוניסטישע אַטאַקעס. כדי צו זען ווו עס האַלט אין דער אמתן מיט דער אַנטי־היטלעריסטישער רעוואָלוציע, דאַרף מען אַמאָל אַריינקוקן אין די ערדריקנדיקע אינפאָרמאַציע־העפטן, וואָס דער פּראַגער קאָמיטעט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי גיט לעצטנס אַרויס. דאָס זיינען אומבאַפּוצטע באַריכטן, וואָס קומען דירעקט פון דייטשלאַנד — פון אַלע טיילן פון לאַנד, און פון מענטשן וואָס פאַרנעמען די פאַרשיידנסטע פּאָזיציעס אין ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן לעבן. עס טראָגט זיך ניט קיין סך האָפענונג פון די דאָזיקע באַריכטן. און איין גרוס — זייער ניט קיין דערמוטיקנדיקער גרוס — ברענגען אָט די אַלע ראַפּאָרטן: דער ווידערשטאַנד קעגן היטלעריזם פילט זיך אַמשוואַכסטן אין דער אַרבעטנ־דיקער באַפעלקערונג, אין אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. די היטלער־רעגירונג איז אָריענטירט אויף דעם אַרבעטער, און אויב זי קאָרמעט אים ניט מיט ערדישן ברויט, זעטיקט זי אים מיטן מן פון כמו־סאָציאַליסטישע לאָזונגען און צויבער־שפּרוכן. און דאָס זעטיקט — דערווייל, יעדנפאַלס.

היטלער האָט זיכער איבערגעטריבן, ווען ער האָט זיך ניט לאַנג צוריק באַרימט, אַז די נאַציס קלייבן זיך צו הערשן אַ גאַנצן יאָרטויזנט אין דייטשלאַנד. אָבער עס איז אויך זיכער, אַז דאָס איז ניט קיין ענין פון חדשים און פון קורצע יאָרן. דער מאַרקסיזם האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף דעם מענטשן, ווען ער האָט אים דערקלערט פאַר אַ מאַטעריאַליסטישן ווען, וואָס איז קודם כל באַזאָרגט וועגן זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן. עס זיינען פאַראַן „העכערע" זאַכן, וואָס זיינען דעם מענטשן טייערער פון ברויט און פרידן: נאַציאָנאַלע גלאָריע, וואָס איר זאַלץ און פעפער, איר עסענץ, איז די שנאה צום פרעמדן; דער מאַרש פון הונדערטער טויזנטער פיס צום טאַקט פון מיליטערישע קאַפּעליעס: דער קולט פון דער נייער אין פלייש־און־בלוט פאַרקערפּערטער גאָטהייט — פון „פירער"; „בלוט און ראַסע".



און אויב דאָס יידישע לעבן איז אין לעצטן יאָר געוואָרן אין גרויסע ווונד — איז דער פיינלעכסטער פּונקט אירער — ארץ־ישראל.

די ליכטיקע האָפענונג וואָס אירע פליגלען האָבן אַזוי מונטער גע־פּלאַטערט איבער אונטערגייענדיקע יידישע קיבוצים, דער שבת אין זייער ביטערן אינדערוואָכן, דאָס לאַנד וואָס איז פאַר הונדערטער טויזנטער יונגע יידן נאָך זיצנדיק אין דער פרעמד געוואָרן היים, אויב ניט איבער־איאָר איז איבער צוויי יאָר, ווען עס וועט קומען די ריי, ווען עס וועט זיין פאַרטיק דער סערטיפיקאַט — איז פאַררוקט געוואָרן ערגעץ זייער ווייט, איז געוואָרן אַזוי אומזיכער ווי דאָס גאַנצע לעבן אין פּוילן און דייטשלאַנד און אַנדערע גיהנום־גלותן.

די לעצטע טייערע זיכערקייט איז צוגענומען געוואָרן ביי מיליאָנען יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען דער אַנקער פון זיכערקייט אין שווערן געמיט און אין דער פאַרצווייפלטער נשמה. קוקט אַריין אין אַ יידיש־פּוילישער צייטונג און איר וועט דערשיטערט ווערן פון דער הילפ־לאָזיקייט, פון דער גייסטיקער צערודערטקייט, פון דער פאַרצווייפלטער פאַנטאַסטיק אין וועלכער עס לעבן דאָרטן אונדזערע מיליאָנען.

די רירנדסטע יאָ־זאָגער אויף דעם ציוניסטישן קאָנגרעס זיינען געווען די פּוילישע דעלעגאַטן — פון אַלע פּאַרטייען. זיי איז געווען שווער צו ענטפערן. זיי האָבן אפילו ניט פּרובירט צו באַנוצן פּאָליטישע אַרגומענטן

פאַר זייער „יאָ". זיי האָבן בלויז דערציילט וואָס עס זיינען די מאָטיוון פון זייער „הסכמה" צום צעטיילונגס־פּלאַן. זיי האָבן בלויז דערציילט, אַז אָן דער האָפענונג האָבן די פּוילישע יידן ניט פאַרוואָס צו לעבן. כדי צו זאָגן „ניין" דאַרף מען האָבן קאָמפּס־גרייטקייט, אויסדויער, גלויבן אין די אייגענע כחות — פון וואַנען זאָלן דאָס די פּוילישע יידן נעמען?



פון אומעטום, פון אַלע ווינקלען פון חושך און צלמות, ווענדן זיך אויגן, טראָגט זיך הילפלאָזע דערוואַרטונג — צום אַמעריקאַנער יידנטום.

אויף אונדזער קיבוץ איז ווידער אַרויפגעלייגט געוואָרן די התחייבות צו זיין דער אַפּיטראָפּוס פון די שוואַכערע יידישע קיבוצים, זייער באַשי־צער און העלפער. און יידן אויף יענער זייט ים פאַרשטייען ניט וואָס עס איז פון אונדז געוואָרן. פאַרוואָס טראָגט זיך אַזאַ שטילקייט, אַזאַ אַפּאַטיע פון אַמעריקאַנישן יידנטום? יעדע מאָמענטאַלע דערוואַכונג אונדזערע, יעדער ריר אונדזערער פונזייערטוועגן דערפילט זיי מיט פרייד — באַנייט זייער זיכערקייט אַז מיר זיינען פאַראַן, אַז מיר האָבן זיי ניט פאַרגעסן. אָבער דאָס זיינען בלויז קורצע מאָמענטן. נאָכדעם פילט מען נאָך שאַרפער די שטומקייט און טעמפּקייט.

די יידישע קיבוצים אויף יענער זייט ים ווייסן ניט, אַז ביי אונדז גייט אויך ניט אַלץ כשורה. דער דור וואָס זיין טרייקייט, זיין וואַרעמע ברידערלעכקייט אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָט געשאָפן די לעגענדע פון ווייטן, טרייען אַפּיטראָפּוס, איז שוין ניט מער די פירנדיקע שיכט אין אַמעריקאַנער יידנטום. עס איז שוין ניטאָ די יוגנט, מיט איר טיפער, אינסטינקטיווער פאַרבונדנקייט מיטן יידישן כלל אומעטום, וואָס האָט זיך גענערט פון פערזענלעכע זכרונות און פאַרצווייגטע פאַמיליע־פאַרבינדונגען. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז אין די יאָרן דורכגעגאַנגען אַ פּראָצעס פון ניוועלאַציע — די פאַרשיידענע שיכטן און טיפּן, אימיגראַנטן און איינ־געזעסענע, מערבֿ־יידן און מזרח־יידן, האָבן זיך אויסגעמישט און אויס־געגליכן — אָבער דאָס איז אָן אויסגלייך אויף דער נידעריקער פלאַך פון אַן עלעמענטאַרער אינהאַלט־אָרעמער רעשט־יידישקייט. עס וועט קיינעם ניט איינפאַלן צו לייקענען זיין „יידישן אָפּשטאַם", אַ טייל זיינען אפילו „שטאָלץ" מיט דעם — אָבער וואָס איז דער אינהאַלט, וואָס זיינען די התחייבותן פון דער דאָזיקער אָנגעהעריקייט? גאָרניט, אין בעסטן פאַל

אַביסל פילאַנטראָפּיע, אַ זאַך פון קאַלטער פליכט און יוצא־זיין, וואָס באַרירט ניט די עמאָציעס, וואָס פאַרכאַפּט ניט דעם גאַנצן מענטשן.

אפשר איז דאָס אַן אומפאַרמײַדלעכער פּראָצעס, אַן איבערגעשטאַלטונג און איבערשיכטונג פון יידישן קיבוץ, וואָס מוז אויך פירן צו זיין טראַנס־פאָרמאַציע און באַנייאונג. אפשר. אַזוי ווילן מיר גלויבן. אָבער דערוויל איז זייער טרויעריק. דערוויל ריידן מיר צו טעמפּע אויערן און הערצער.

אָבער האָבן מיר טאַקע דאָס רעכט די גאַנצע שולד דערפאַר אַרויפ־צולייגן אויף דעם באַקוועמען שעיר לעזאזל — אויף די „אָביעקטיווע פּראָצעסן״? טראָגן מיר אויך ניט אַ טייל פון דער שולד? האָבן מיר, וואָס האַלטן זיך פאַר באַוווסטזיניקע יידן, וואָס מיר הערן ניט אויף איבער־צוחזרן אונדזער ווילן צו בויען אַ יידיש לעבן און אונדזער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַרן וואַקסנדן דור, פאַר די קומענדיקע דורות — צי האָבן מיר אַלץ געטאָן כדי פאַרמיידן דעם איבערברוך אין דער קייט פון די דורות, וואָס מיר זעען איצט אַזוי קלאָר פאַר אונדזערע אויגן? וואָס האָבן מיר געטאָן פאַרן אויפבוי פון אַ יידישן געמיינשאַפט־לעבן, וואָס זאָל אַרומנעמען דעם גאַנצן יידישן קיבוץ? וואָס האָבן מיר געטאָן פאַר דער דערציונג פון יונגן דור? האָבן מיר וועגן דעם אפילו ערנסט געטראַכט? מיר האָבן אפשר עפּעס געטאָן — אויך ניט מער ווי עפּעס — כדי איבערצוגעבן אונדזערע קינדער — די קינדער פון אונדזער קרייז — די ספּעציפישע ירושה פון אונדזער קרייז אָדער פּאַרטיי אָדער קלייזל. אָבער וועגן די בויטן פון אַ גאַנצן קיבוץ, פון גאַנצן יונגען דור האָבן מיר זיך ניט געזאָרגט.

און אַז מיר האַלטן שוין ביי דעם קאַפּיטל „על חטאינו״, קענען מיר זיך דען דערלויבן צו פאַרגעסן די גרויסע אינערלעכע סכנה וואָס דראָט שוין אַ לענגערע צייט אונדזער קיבוץ? עס איז אויף דער יידישער גאַס אויפגעשטאַנען אַ כח, וואָס זיין גאַנצער מהות איז שענדונג און לעסטערונג, חורבן און פאַרלייקענונג. זיינע מיטלען זיינען — אונטערגראָבן פון אינ־ווייניק, אַ פּרינציפּלאָזע צופּאַסונג־פעיקייט וואָס שטייט אין דינסט פון אַ פעסטן און צוגלייך עלאַסטישן צעשטערונג־פּרינציפּ. און אָט די סכנה האָט ביי אונדז געפונען אָפענע טויערן. דער ציל איז טאַקע „צו געווינען די וועלט״, די גאַנצע וועלט — אָבער פּאַקטיש דרינגען די חורבן־האָרדעס אַריין דאָרטן ווו עס לאָזט זיך, ווו עס שטייען זיי ניט אין וועג קיין פעסטע גרענעצן, קיין אינערלעכע צוימען, קיין כאַראַקטערפולער ווידערשטאַנד —

פּאַקטיש דרינגען זיי אַריין ביי אונדז, ביי אונדזער גייסטיק פּאַרוואָרלאָזטער יוגנט.

און די ערנסטקייט פון אָט דער סכנה דאַרף דאָך זיין קלאָר פאַר אַלעמען. גייט אַריין אין אַ יידישער היים ווו עס זיינען פאַראַן קינדער, הערט זיך צו צו די שמועסן וואָס עס פירן צווישן זיך יונגע אַמעריקאַנער יידן. וועגן וואָס ריידן זיי? וואָס פאַרכאַפּט זייער אינטערעס? וועגן וואָס זאָרגן זיי זיך?

מען קען ניט זאָגן אַז אונדזער יוגנט איז גלייכגילטיק צו די פּראָבלעמען און נויטן פון אונדזער צייט. אַ באַדייטנדער טייל פון דער יידישער יוגנט באַשעפטיגט זיך מיט פּאָליטישע פראַגן, און זיינע סימפּאַטיעס זיינען, פאַרשטייט זיך, אויף דער זייט פון די וועמען עס קומט הילף און סימפּאַטיע. די אָביעקטן פון די דאָזיקע סימפּאַטיעס בייטן זיך — שטענדיק געפינט זיך אַ לאַנד אָדער אַ פאָלק וואָס איז הילף־און סימפּאַטיע־באַדערפטיק. אָט די דאָזיקע ברייטהאַרציקייט וואָלט געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַ שיינע אייגנשאַפט — וואָס קען זיין שענער ווי אַ מיטגעפיל און אַ הילפס־גרייטקייט וואָס באַגרענעצט זיך ניט אויף אייגענע, אויף דעם אייגענעם פאָלק אָדער דעם אייגענעם קרייז? אָבער ביי אונדזער יוגנט — מיט אַ זייער קליינעם אויסנאַם — איז די סימפּאַטיע פאַרן ווייטן און פרעמדן ניט קיין אויסברייטערונג פון אייגענעם האָריזאָנט. זי הויבט זיך אָן מיט אַנטלויפן פון דער אייגענער וועלט און אירע פּראָבלעמען, מיט טעמפּער גלייכגילטיקייט צום נאָענטן און אייגענעם. און דאָס איז אויך אַ סימפּטאָם פון ירידה, פון דער אַטראָפיע פון די פּשוטסטע מענטשלעכע עמאָציעס, פון פאַלשע ווערטן, וואָס זיינען עלול צו פאַרגיפטן און פאַראַליזירן די יידישע פּערזענלעכקייט, און אָפּרייסן פון יידישן פאָלק זיין איינציקן הילפס־פעיקן קיבוץ אין דער שעה וואָס ער נויטיקט זיך אין אים אַזוי שטאַרק.

אויך וועגן דעם זאָלן מיר טראַכטן אין די טעג פון זכרון, חשבון הנפש און תשובה.

(„דער אידישער קעמפער", 3 סעפּטעמבער 1937)

# פאַקטן און פועל־יוצאס

אין די לעצטע יאָרן האָט מען זיך אין געוויסע קרייזן אָנגעהויבן מתנבא זיין וועגן אַמעריקאַנער יידנטום, זיין קעגנוואַרט און צוקונפט. מיר האָבן אין די דאָזיקע יאָרן, באַזונדערס זינט דעם קריזיס־יאָר 1929, געהערט ניט אײן דיאַגנאָז וועגן דעם עקאָנאָמיש־סאָציאַלן און קולטורעלן צושטאַנד פון אונדזער פיר־מיליאָניקן קיבוץ, און עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין פּראָגנאָזן וועגן דער צוקונפט. מען האָט די דאָזיקע צוקונפט געמאָלן אין העלע און שוואַרצע פאַרבן — מערסטנטייל, שוואַרצע. די דאָזיקע נבואות האָבן ניט איינמאָל אַרויסגערופן שטרייטיקייטן און דיסקוסיעס.

צום באַדויערן, האָבן זיך אָבער די דאָזיקע אויפדעקונגען און פאָרויס־זאָגונגען כמעט אָן אויסנאַם געשטיצט בלויז אויף פּערזענלעכער אינטואיציע — אויף „איך האָב דאָס געפיל״־שטימונגען. באַהויפּטונגען וואָס שטיצן זיך אויף דער אינטואיציע פון דערפאַרענע און סענסיטיווע פּערזאָנען האָבן, פאַרשטייט זיך, זייער ווערט אויף באַשטימטע געביטן. לײדער, האָט מען דער פאַנטאַזיע געלאָזן זיך ווילגיין מכוח סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאַקטן — אַ געביט וואָס פאָדערט פון דעם וואָס וויל „עפּעס זאָגן אַ וואָרט״ די גרעסטע פּאָרזיכטיקייט און זעלבסט־קאָנטראָל.

וואָס האָבן אָבער אונדזערע נביאות־זאָגער געקענט טאָן, אַז קיין פאַקטן וועגן דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער ווירקלעכקייט פון אַמעריקאַנער יידנטום זיינען כמעט ניט געווען צו געפינען? אַליין זאַמלען אַזעלכע פאַקטן — דאָס איז, אונטער די אַמעריקאַנער אומשטענדן, אַן אויסעראָרדנטלעך שווערע אויפגאַבע. דערפאַר האָבן זיי אָבער אויפגעמישט אין זייער געדע־כעניש אַ ריי אַלטע פאָרמולעס און שלאַג־ווערטער, אַ ירושה פון דעם יידישן פּאַרטיי־קאַמף און פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע אין דעם פאַר־מלחמהדיקן רוסלאַנד, און זיי האָבן זיי אָנגעהויבן מעכאַניש אָנצווענדן אויף די אַמעריקאַניש־יידישע באַדינגונגען.

די נביאות־זאָגער האָבן אָנגעוויזן אויף אַ ריי פאַקטן, וואָס זיינען באַקאַנט יעדן איינעם וואָס לעבט צווישן יידן און האָט אַן אָפן אויג פאַר די אויבנאויפיקע פּראָצעסן פון יידישן לעבן. אין די נאָדל־פאַכן ווערט כסדר קלענער דער פּראָצענט יידישע אַרבעטער. גרויס־קאַפּיטאַליסטישע געשעפטן

שטופּן אַרויס דעם יידישן קרעמער און קליינהענדלער פון זיינע פּרנסה־קוואַלן. דער יונגער דור גייט ניט אין פאַבריק — עס וואַקסט כסדר די צאָל יידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע פרייע פּראָפעסיעניקעס.

דער סך הכל איז קלאָר. מיר זעען די אַלע סימפּטאָמען פון יענער פאַרקריפּלטער יידישער עקאָנאָמישער סטרוקטור, וואָס די רוסיש־סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגן און טעאָרעטיקער האָבן נאָך אין 1905 אויף איר אָנגעוויזן ווי אויף דער הויפּט־סיבה פון אונדזער „אומנאָרמאַלער עקזיסטענץ".

די אַמעריקאַנער יידן ווערן אויך „דעקלאַסירט", „דעפּראָדוקטיוויזירט", מיר ווערן דאָ אויך אַ פאָלק פון „פאַרמיטלער", פון הענדלער און ווייסע־קאָלנערניקעס. די מהדרין האָבן זיך מיט די דאָזיקע עפּיטעטן ניט באַגנוגנט. ביי זיי זיינען די אַמעריקאַנער יידן געוואָרן אַ פאָלק פון „פּאַראַזיטן", פון „לײדיק־גייער". דאָס האָט זיי שוין אויך געגעבן די דערקלערונג פאַר דעם וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם. וואָרעם די הויפּט־סיבה פאַרן אַנטיסעמיטיזם דאַרף מען, לויט זייער מיינונג, זוכן אין אונדזער נייגונג צו פאַרכאַפּן אַלע „גרינגע פּרנסות", צו לעבן אויפן חשבון פון דער פּראַצע פון די אַרבעטזאַמע ניט־יידן. עס איז געפאַלן דאָס שרעקנס־וואָרט „פּאָגראָם". עס האָט אָנגעהויבן שווינדלען און גריבלען מיט פּלענער און פּראָיעקטן ווי אַזוי צו „פּראָדוקטיוויזירן" און לאַבאָריזירן" די „פּאַראַזיטישע" יידישע מאַסן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די מערסטע פון די דאָזיקע פּראָיעקטן האָבן געהאַט דעם פּנים פון יענער „פּראָדוקטיוויזאַציע"־געזעלשאַפט וואָס דוד פּינסקי האָט ניט לאַנג צוריק געשילדערט אין זיין „דער שניידער ווערט אַ קרעמער".



צו דער טעאָריע און די שלאָגווערטער, אויף וועלכע אָט די אַלע בייזע נבואות שטיצן זיך, וועלן מיר זיך נאָך צוריקקערן. פריער ווילן מיר דערציילן וועגן אַ נוצלעך שטיקל אַרבעט, די ערשטע פון איר מין, וואָס איז די טעג פאַרענדיקט געוואָרן אויפן געביט פון פאָרשן די פאַקטן וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אַמעריקאַנער יידנטום. מיר מיינען די אויספאָרשונג וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דעם יידישן קיבוץ אין ניו יאָרק וואָס עס האָט דורכגעפירט פּראָפעסאָר מאָריס קאָהענס „קאָמיטע פאַר דזשואיש רילײשאָנס", אַ ניט לאַנג צוריק געגרינדעטע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שטודירן יידישע פּראָבלעמען,

באַזונדערס אַזעלכע וואָס זיינען געוואָרן דרינגענד אין די לעצטע אויפגע־ברויזטע יאָרן. מיר נעמען די ציפערן פון ה. לאַנגס רעזומע אין „פאָרווערטס״.

די אויספאָרשונג איז געפירט געוואָרן אונטער זייער אומגינסטיקע באַדינגונגען. אין אַמעריקע איז זייער שווער צו פירן סטאַטיסטישע פאָר־שונגען צווישן יידן — דערפאַר וואָס דער באַפעלקערונגס־צענזוס וואָס די רעגירונג פירט דורך יעדע צען יאָר שטעלט ניט קיין פראַגעס וועגן רעליגיע אָדער „נאַציאָנאַליטעט״. אַ פריוואַטע אויספאָרשונג, וואָס האָט ניט דאָס רעכט צו פאָדערן אינפאָרמאַציע מיט יענער אויטאָריטעט וואָס בלויז אַ רעגירונג פאַרמאָגט זי, קען, פאַרשטייט זיך, ניט זיין פולקום. פירמעס און יחידים צו וועמען מען האָט זיך געווענדט נאָך אינפאָרמאַציע, האָבן זיי געגעבן ערשט נאָכדעם ווי מען האָט זיי איבערצייגט, אַז עס וועט דערפון קיינעם קיין רעה ניט אַרויסגעקומען. אָבער צום סוף האָט זיך די אויספאָרשער איינגעגעבן צונויפצוזאַמלען די וויכטיקסטע פאַקטן וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די יידן אין ניו יאָרק.

און אָט אין דער סך־הכל פון דער אויספאָרשונג:

פון די בערך צוויי מיליאָן יידן וואָס לעבן אין ניו יאָרק זיינען עקאָנאָמיש אַקטיוו ניט ווייניקער ווי 925 טויזנט („עקאָנאָמיש אַקטיוו״ איז אַ באַגריף וואָס שליסט איין אַרבעטס־געבער אַזוי גוט ווי לוין־אַרבעטער). אָבער פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער צאָל זיינען 125 טויזנט אַרבעטסלאָזע „רעליף״־נעמער, און באַשעפטיקטע ביי הילף־פּראָיעקטן פון דער רעגירונג.

די פאַרבליבענע 800 טויזנט נאָרמאַל־באַשעפטיקטע ווערן אַזוי פאַר־טיילט צווישן די פאַרשיידענע צווייגן פון עקאָנאָמישער טעטיקייט אין ניו יאָרק:

אַ פערטל פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע יידן זיינען באַשעפטיקט אין אינדוסטריעס וואָס פאַבריצירן פאַרטיקע סחורות. זייער צאָל באַטרעפט אַרום 234 טויזנט.

דאָ קומען אויך אַריין ציפערן וועגן אָנטייל פון די יידן אין דעם אייגנטום פון די דאָזיקע אינדוסטריעס. אין ניו יאָרק זיינען פאַראַן 34 טויזנט פאַבריקן. פון זיי געהערן צוויי־דריטל צו יידן. אָבער ווי לוין־אַרבעטער זיינען יידן באַשעפטיקט אין די דאָזיקע פאַבריקן בלויז איין־דריטל. דערביי איז כדאי צו געדענקען אַז די יידן שטעלן מיט זיך פאָר, לויט דעם לעצטן צענזוס, וואָס איז גענומען געוואָרן אין יאָר 1930, אַרום 30 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

אַ ביסל ציפערן וועגן עטלעכע אײנצלנע אינדוסטריעס, וואָס גייען אַריין אין דער דאָזיקער גרופּע פון פּראָדוצענטן פון פּאַרטיקע סחורות.

פון די נאָדל־אינדוסטריעס, וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק געווען כמעט אויסשליסלעך יידיש, סיי וואָס שייך אַרבעטס־געבער, סיי אַרבעטס־נעמער, איז בלויז די פוטער (פּאַר)־אינדוסטריע געבליבן אין דעם דאָזיקן צושטאַנד. אין די אַנדערע קליידונג־אינדוסטריעס האָט זיך די לאַגע זייער ראַדיקאַל געענדערט. די אַרבעטס־געבער זיינען כמעט אַלע יידן, אָבער צווישן די לוין־אַרבעטער זיינען איצט יידן ניט מער ווי העלפט.

די זעלבע דיספּראָפּאָרציע צווישן יידישן אייגנטום און אונטערנעמונג און יידישער אַרבעט זעט מען אויך אין אַ צאָל אַנדערע אינדוסטריעס. אַזוי זיינען די ניו יאָרקער פּאַפּיר־פּאַבריקאַנטן כמעט אַלע יידן; צווישן די לוין־אַרבעטער אין דער דאָזיקער אינדוסטריע איז פּאַראַן ניט מער ווי אַ פינפטל יידן. אין די שפּייז־ און טאַבאַק־צווייגן געפינען זיך 1,700 אַרבעטס־געבער — און צווישן זיי 830 יידן. די צאָל לוין־אַרבעטער אין די דאָזיקע פאַכן באַטרעפט 51 טויזנט — צווישן זיי 10 טויזנט יידן. אין דער האָלץ־אינדוסטריע באַטרעפן די יידישע אַרבעטס־געבער אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל; די יידישע לוין־אַרבעטער שטעלן מיט זיך פאָר אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל. אין דער גלאָז־פּראָדוקציע באַטרעפן די יידישע אַרבעטס־געבער 200 פון אַן אַלגעמיינער צאָל פון 398; די יידישע לוין־אַרבעטער באַטרעפן 1500 פון אַן אַלגעמיינער צאָל פון 4,113. אין דער מעטאַל־אינדוסטריע געפינען זיך העכער דריי טויזנט אַרבעטס־געבער — פון זיי זיינען העכער טויזנט יידן; די דאָזיקע אינדוסטריע באַשעפטיקט העכער 47 טויזנט אַרבעטער — פון זיי זיינען אַרום 8 טויזנט יידן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין די בוי־אינדוסטריע. פון די 10 טויזנט בוי־אונטערנעמער, וואָס געפינען זיך אין ניו יאָרק, זיינען 4 טויזנט יידן. די צאָל יידן אין אַלע צווייגן פון בוי־פאַך, אַרבעטס־געבער און אַרבעטס־נעמער, באַטרעפט 48 טויזנט. די יידן מאַכן אויס בלויז פינף פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אין דעם בוי־פאַך. דאָס איז ניט קיין גרויסער פּראָצענט. וויכטיק איז אָבער וואָס די יידן האָבן די דאָזיקע פּאָזיציעס דעראָבערט אין די לעצטע יאָרן, קעגן דעם האַרטן ווידערשטאַנד פון די אירלענדער און דייטשן, וואָס דאָמינירן די בוי־אינדוסטריע אין ניו יאָרק.

וואָס פאַר אַ בילד גיבן אונדז די דאָזיקע ציפערן וועגן דעם אָנטייל פון די יידן אין דער ניו יאָרקער אינדוסטריע?

מיר זעען פאַר אַלעמען אַ טענדענץ, וואָס פירט פון אַרבעט צו אייגנטום

און אונטערנעמונג. אין די נאָדל־פאַכן איז דער דאָזיקער פּראָצעס זייער קלאָר. מיר ווייסן, אַז ערשט ניט לאַנג צוריק זיינען די לוין־אַרבעטער אין די דאָזיקע אינדוסטריעס געווען כמעט אויסשליסלעך יידן — איצט איז זייער צאָל געשניטן געוואָרן אויף אַ העלפט (מיטן אויסנאַם פון דער פוטער־אינדוסטריע). עס איז שווערער צו ציען שלוסן וועגן דער פּראָפּאָרציע פון יידישן אייגנטום און יידישער אַרבעט אין די אַנדערע צווייגן. אַזוי ווי די איצטיקע אויספאָרשונג איז פּאַקטיש די ערשטע פון איר מין, ווייסן מיר ניט ווי די לאַגע אין די דאָזיקע אינדוסטריעס איז געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק. איז אין משך פון די לעצטע יאָרן געוואַקסן אָדער געפאַלן דער פּראָצענט יידישע לוין־אַרבעטער אין אַזעלכע צווייגן ווי האָלץ, גלאָז, מעטאַל, שפּייז־פּראָדוקטן? מיר האָבן וועגן דעם ניט קיין ציפערן, וואָס זאָלן דינען ווי מאַטעריאַל פאַר אַ פאַרגלייך. איין זאַך איז אָבער קלאָר: איצט וועגט דאָס יידישע אייגנטום אַריבער די וואָגשאָל. דער אַנטייל פון דער יידישער אַרבעט איז אין די דאָזיקע אינדוסטריעס קליין אין פאַרגלייך מיט דעם חלק פון יידישן פאַבריקאַנט און אונטערנעמער.

עטלעכע ציפערן וועגן יידישן אַנטייל אין האַנדל אין ניו יאָרק:

אין לאחדים (ריטייל)־האַנדל זיינען יידן רעפּרעזענטירט מיט 50 פּראָצענט — אין אַנגראָ (האָלסייל)־האַנדל באַטרעפן זיי בלויז אַ דריטל. 87 פּראָצענט אייגנטימער פון לאחדים־געשעפטן פון קליידער און הויז־אַרטיקלען, הויפּטזעכלעך מעבל, זיינען יידן. אַרום צוויי־דריטל קליינע אַפּטייקן האָבן יידישע אייגנטימער. פון די 48 טויזנט קליינע שפּייז־קראָמען געפינען זיך 35 טויזנט אין יידישע הענט.

וואָס שייך די צאָל אָנגעשטעלטע אין די דאָזיקע געשעפטן, אַרבעטן אין די ניו יאָרקער לאחדים־געשעפטן פון אַלע מינים 103 טויזנט יידן; צוזאַמען מיט די יידישע אָנגעשטעלטע אין די אַנגראָ־געשעפטן, מאַכט עס אויס אַ סך־הכל פון 170 טויזנט יידישע אָנגעשטעלטע.

דאָ איז, ווידעראַמאָל צוליב דעם פעלן פון אַ פאַרגלייך־באַזיס, שווער עפּעס צו זאָגן וועגן דער טענדענץ אויף דעם דאָזיקן געביט. אָבער דער איינדרוק פון אַ באַאָבאַכטער איז, אַז עס איז גרעסער געוואָרן דער יידישער פּראָצענט אויף דעם געביט פון לאחדים־האַנדל — און דאָס שליסט איין לוין־אַרבעטער אַזוי גוט ווי אייגנטימער.

מיר גייען איצט אַריבער צו די פרייע פּראָפעסיעס.

אין די צוויי קונסט־פּראָפעסיעס, טעאַטער און מוזיק, זיינען באַשעפטיקט אַרום 22 טויזנט יידן — 7 טויזנט אַקטיאָרן, 12 טויזנט און 500 מוזיקער

און 500 אַנדערע באַשעפטיקטע אין טעאַטערן און קאָנצערט־זאַלן. יידן שרייבער זיינען אין ניו יאָרק פאַראַן — 3,500; אינזשינערן — פינף טויזנט; אַרכיטעקטן — איין טויזנט; כעמיקער—איין טויזנט; מעדיקער — 7 טויזנט; אַדוואָקאַטן — 12 טויזנט; דענטיסטן — 4 טויזנט; פאָטאָגראַפיסטן — 2 טויזנט; לערער — 10 טויזנט; אוניווערסיטעט־לערער — 800.

דאָ וואָלט כדאי געווען צו פאַרגלייכן דעם פראָצענטועלן אַנטייל פון די יידן אין די דערמאָנטע פראָפעסיעס מיטן ניט־יידישן אַנטייל. וויפיל יידישע מעדיקער אָדער שריפטשטעלער אָדער טעאַטער־אַרבעטער געפינען זיך אויף יעדן טויזנט יידן? און ווי שטייט עס אין פאַרגלייך מיט דעם פּראָצענט ניט־יידן אין די דאָזיקע פּראָפעסיעס? ליידער איז אָבער דער לעצטער באַפעלקערונגס־צענזוס גענומען געוואָרן מיט אַכט יאָר צוריק. זינט דעמאָלט זיינען פאַרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג — ניט נאָר „נאָרמאַלע", נאָר אויך „אומנאָרמאַלע", אַ דאַנק דעם עקאָנאָמישן קריזיס און דעם „ניו דיל". אַזאַ פאַרגלייך־שטודיע מוז דערפאַר וואַרטן אויף דעם קומענדיקן צענזוס, אין 1940. דערווייל מוזן מיר זיין זייער פאָרזיכטיק ביים מאַכן השערות. אָבער אויפן יסוד פון דעם מאַטעריאַל פון לעצטן צענזוס, פון יאָר 1930, שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז דער יידישער אַנטייל אין אַזעלכע פּראָפעסיעס ווי טעאַטער, מוזיק, שריפטשטעלעריי, מעדיצין, צאָן־מעדיצין, לערעריי שטייגט איבער דעם יידישן פּראָצענט אין דער ניו יאָרקער באַפעל־קערונג. באַזונדערס בולט איז דאָס אין אַזעלכע פּראָפעסיעס ווי טעאַטער און מוזיק, שריפטשטעלעריי און לערעריי. אַ דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער טאַטזאַך איז ניט שווער צו געפינען. דאָס נעמט זיך, ווייזט אויס, פאַר אַלעמען פון דעם הויכן בילדונגס־ניוואָ פון דער יידישער באַפעלקערונג (צום ביישפּיל, אַזאַ פּרט ווי דער גרויסער פּראָצענט יידישע קינדער וואָס שטודירן מוזיק, אָפּטמאָל מיט דער האָפענונג פון די עלטערן אַז זיי וועלן גיין אין די פוסטריט פון יאַשאַ חפץ און מישאַ עלמאַן, וואָס ענדיקט זיך מערסטנטיילס מיט אַ באַשיידענער שטעלע אין אַ טעאַטער אָדער קינאָ). פון דער אַנדער זייט, איז פאַראַן אַזאַ וויכטיקער פאַקטאָר ווי דיסקרימינאַציע קעגן יידישע אינזשינערן און כעמיקער אין דער פּריוואַטער אינדוסטריע. דאָס איז אַ וויכטיקע סיבה פאַר וואָס די יידישע שטודירנדיקע יוגנט ווערט געטריבן צו די קינסטלעריש־ליטעראַרישע פּראָפעסיעס, ווו עס ווערט, פאַר־הערלטנישמעסיק, ניט דיסקרימינירט קעגן יידן, און צו מעדיצין, וועלכע קען פּראַקטיצירט ווערן צווישן „אייגענע". אויפפאַלנד איז אויך דער גרוי־

סער אָנטייל פון יידן אין לערעריי. דאָס איז אַ פּראָפעסיע, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן צוגעצויגן גרויסע מאַסן יידישע מיידלעך און פרויען. די צאָל יידישע לערער (באַזונדערס, לערערינס) אין די פּאָלקס־שולן וואַקסט פון יאָר צו יאָר, און איז פאַרבונדן מיט אַ צאָל אינטערעסאַנטע ספּעציפיש־יידישע מאָטיוון און פּראָבלעמען אויף וועלכע עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן באַזונדער.

עס איז אַ שאָד וואָס דער קאָהען־קאָמיטעט האָט ניט באַוויזן צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דעם עלטער פון די באַשעפטיקטע אין די פאַרשיידענע אינדוסטריעס און פּראָפעסיעס. עס איז כמעט זיכער, אַז די דאָזיקע מאַטע־ריאַלן וואָלטן באַוויזן, אַז בעת אין דער אינדוסטריע געהערט דער גרעסטער טייל באַשעפטיקטע אין דער עלטערער שיכט, איז אין לאחדים־האַנדל (באַזונדערס צווישן די אָנגעשטעלטע) און אין די פרייע פּראָפעסיעס רעפּרעזענטירט דער ייִנגערער דור אין דער ניו־יאָרקער יידישער באַפעל־קערונג. די פאַרשוווּנדענע ציפערן אין די פאַבריקן דאַרפן געזוכט ווערן אין די שפּיטז־קראַמען, אַפּטייקן, דאָקטוירים־קאַבינעטן, טעאַטערן, רעדאַק־ציעס, קינסטלער־ און שריפטשטעלער־סטודיאָס. אַזוי זעט אויס די פאַקטישע איבערשיכטונג וואָס די ניו־יאָרקער יידישע באַפעלקערונג האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרן.

מיר וועלן שליסן אונדזער סך־הכל פון דער אויספאָרשונג מיט נאָך עטלעכע ציפערן וועגן דעם יידישן אָנטייל אין עפנטלעכע און האַלב־עפנט־לעכע אונטערנעמונגען און טראַנספּאָרט. 7,500 יידן זיינען באַשעפטיקט אין פינאַנץ־אינסטיטוציעס — אָבער 6000 פון זיי זיינען אָנגעשטעלט אין פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן.

פון די העכער 96 טויזנט אָנגעשטעלטע אין די עפנטלעכע אונטערנע־מונגען („פּאָבליק סירוויסעס”) זיינען 21 טויזנט יידן — 18 טויזנט אין דער שטאָט־אַדמיניסטראַציע און 3 טויזנט אין פּאָסט־אָפיס. ביי טעלעפאָן און טעלעגראַף, גאַסן־טראַמווייען, גאַז און עלעקטריציטעט זיינען באַשעפטיקט פינף טויזנט יידן. די טראַנספּאָרט־אינדוסטריע באַשעפטיקט 25 טויזנט יידן.



וואָס איז דער סך־הכל פון דער דאָזיקער אויספאָרשונג? און וואָס איז דער מוסר־השכל?

אויב מען וויל, קען מען זיך ווידער אָנהויבן וואַרפן מיט די ווערטער „דעפּראָדוקטיוויזאַציע”, „דעקלאַסירונג” און „פּאַראַזיטיזם”. וואָרעם די

אויספאָרשונג באַשטעטיקט דאָך: די טענדענץ איז פון לוין־אַרבעט צו פריי־וואַטע אונטערנעמונגען אויף אַלע געביטן, צו קליין־האַנדל און פרייע פּראָ־פעסיעס.

אָבער וואָס הייסט „פּראָדוקטיוויטעט״? אויף וועלכן גרונט באַצייכנט מען געוויסע עקאָנאָמישע אַקטיוויטעטן ווי „פּראָדוקטיווע״ און מען פאַר־דאַמט אַנדערע ווי „ניט פּראָדוקטיווע״?

עס איז קלאָר, אַז אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט דעקט דער באַגריף „פּראָדוקטיוו״ כמעט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן, אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז דער האַנדל דער הויפּט־נערוו פון דער גאַנצער ווירטשאַפט און די פרייע פּראָפעסיעס זיינען אָן ספק אַ וויכטיקער יסוד פון יעדן קולטור־לעבן. אין בעסטן פאַל קען מען זאָגן, אַז אין יעדן ווירטשאַפט־צווייג געפינען זיך געוויסע ווינקלען וואָס זיינען „אומפּראָדוק־טיוו״ — צוליב דעם וואָס זיי זיינען אַ שטער פאַרן טעכנישן פאָרשריט, אָדער צוליב זייער אַנטי־סאָציאַלן כאַראַקטער. אין די ראַמען פון אַ קאַפּי־טאַליסטישער ווירטשאַפט איז יעדע עקאָנאָמישע אַקטיוויטעט „פּראָדוקטיוו״.

עס זיינען אָבער פאַראַן שוואַרצזעערישע קריטיקער, וואָס פאַרדאַמען דאָס וואָס זיי רופן די יידישע „אומפּראָדוקטיווע פּרנסות״, פון אַ „סאָציאַליס־טישן״ שטאַנדפּונקט. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, זאָגן זיי, איז האַנדל אַ ניט־פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג, וואָרעם דער הענדלער פּראָדוצירט דאָך ניט קיין סחורות. דאָס זעלבע איז אויך ריכטיק וועגן אַזעלכע פּראָפעסיעס ווי אַדוואָקאַטור — וואָס איר אויפגאַבע איז דאָך, פאַרשטייט זיך, צו פאַרטיידיקן דאָס קאַפּיטאַליסטישע אייגנטום און בכלל פאַרפעסטיקן דאָס קאַפּיטאַליסטישע געזעץ.

איז אָבער די דאָזיקע טעאָריע אינגאַנצן איין גרויסער אַבסורד. עס האָט נאָך אַ זין צו פאַרדאַמען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט־סטרוקטור, צוזאַמען מיט די אַזוי גערופענע „אומפּראָדוקטיווע״ ווירטשאַפט־צווייגן, וואָס זי האָט באַשאַפן. אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט קען מען די יידן פאַרווערן זיך צו באַשעפטיקן מיט די דאָזיקע צווייגן כל זמן דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן? און נאָך עפּעס דאַרף מען דאָך געדענקען: אַזוי ווי אונטערן קאַפּיטאַליזם איז פּראָדוקטיוו יעדע באַשעפטיקונג, וואָס טרייבט די רעדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט — אַזוי איז אויך אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג „פּראָדוקטיוו״ יעדע אַרבעט וואָס טרייבט די רעדער פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. דער יידישער קליינהענדלער און אַדוואָקאַט איז אַ פּראָדוקטיווער מיטגליד פון אַ קאַפּי־

טאַליסטישער געזעלשאַפט; דער יידישער מלוכה־באַאַמטער און קאָאָפּעראַ־טיוו־פאַרוואַלטער איז אַ פּראָדוקטיווער מיטגליד פון אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפטס־אָרדנונג. „פּראָדוקטיוו" איז אַ רעלאַטיווער באַגריף — זיין גילטיקייט איז אָפּהענגיק פון דער ווירטשאַפטס־ און אייגנטום־אָרדנונג אין וועלכער ער פונקציאָנירט. עס איז אָבער אומלאָגיש, אויב ניט נאַריש, אָנצווענדן דעם באַגריף „פּראָדוקטיוו" אויף איין סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדנונג אין אַ זין וואָס איז גילטיק בלויז אין אַ צווייטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדנונג, און פאַרקערט.

דער באַגריף „פּראָדוקטיוו", ווי ער ווערט באַנוצט פון אונדזערע שוואַרצזעער און מוכיחים, איז אָבער ניט קיין קאַפּיטאַליסטישע קאַטעגאָריע. עס איז אַ באַגריף וואָס פּאַסט זיך גיכער אַריין אין אַ פּרימיטיווער, ניט־אינדוסטריעלער ווירטשאַפט, ווו אַ פעל פון אַ בופלאָקס ווערט געטוישט אויף אַ שטיינערנער פייל. אין אַן אינדוסטריעלער קולטור־געזעלשאַפט פאַרלירט דער דאָזיקער באַגריף פון „פּראָדוקטיוויטעט" יעדן זין.

אויב אַזוי, פאַרוואָס האָבן זיך ביי אונדז אַזויפיל יידן, גראַדואירטע פון בערנער און זשענעווער אוניווערסיטעטן, און סתם־אינטעליגענטן אָנ־געכאַפּט אָן דער דאָזיקער טעאָריע? פאַר דעם זיינען פאַראַן כלערליי פּסיכאָלאָגישע דערקלערונגען. דער שאַרפזיניקער העברעישער דענקער יחזקאל קויפמאַן דערקלערט דעם ענין זייער פשוט: יידישער אַנטיסעמיטיזם. דער פאַקט, וואָס די מערסטע אידעאָלאָגן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע" זיינען אַליין מעדיקער, פילאָזאָפן, זשורנאַליסטן, פאַרזיכערונגס־אַגענטן, און וואָס זייערע קינדער זיינען, געוויינלעך אויך ניט קיין ערד־אַרבעטער און פאַבריק־„הענט", וואַרפט אויך אַן אינטערעסאַנט זייטיק ליכט אויף דעם פּסיכאָלאָגישן מקור פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע.

נאָך עפּעס: די לייזונג וואָס די אידעאָלאָגן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע" שלאָגן אונדז געוויינלעך פאָר איז אַזוי פּרימיטיוו ווי זייער טעאָריע. וואָרעם, וואָס מיינען זיי בעת זייריידן וועגן „פּראָדוקטיוויזאַציע"? פאַקטיש, שלאָגן זיי פאָר אַ יידישע עקאָנאָמישע אויטאַרקיע, אַז די יידן זאָלן שאַפן אַן אייגענע עקאָנאָמישע מלוכה, וואָס זאָל אַליין פּראָדוצירן אַלץ אין וואָס די יידישע באַפעלקערונג נויטיקט זיך. קען מען זיך פאָרשטעלן עפּעס וואָס זאָל זיין מער פאַנטאַסטיש־פּרימיטיוו אונטער די באַדינגונגען פון אַ מאָדערנער, אינדוסטריעלער געזעלשאַפט? דאָס הייסט ביי זיי „אַרויסקריכן פון אונטער די רעדער פון דער געשיכטע" — ווערן אומאָפּהענגיק. עס איז ניט שווער צו געפינען די דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער אוטאָפּיע. אַ געוויסער קרייז

יידישע אינטעליגענץ האָט זיך אָן דער דאָזיקער פאַנטאַזיע אָנגעכאַפּט טאַקע צוליב דעם, וואָס דאָס איז אַ פאַנטאַזיע. עס איז שוין העכער פופציק יאָר ווי אין יידישן לעבן ווירקט אַ כח, וואָס פּרובירט פּאַקטיש, מיט רעאַלע מיטלען, צו שאַפן די באַזע פאַר אַ יידישן אומאָפּהענגיקן קיום. אָבער דער דאָזיקער כח איז, צוליב פאַרשיידענע סיבות, ניט צום האַרצן די אידעאָלאָגן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע". אין דער ערשטער ריי טאַקע דערפאַר ווייל דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ קאַמף, מיט קרבנות, שוועריקייטן, פאַמעלעכדיקע טריט, אַנטוישונגען. עס איז, פאַרשטייט זיך, גרינגער צו געפינען שוץ און זיכער־קייט אין אַ וועלט פון אינפאַנטילע טרוימען און פּראָיעקטן, איינער פאַנ־טאַסטישער פון צווייטן.

הייסט עס, אַז דער יידישער קיבוץ האָט ניט קיין עקאָנאָמישע פּראָב־לעמען? דאָס וועט קיינער ניט לייקענען. אָבער דאָס זיינען טאַקע עקאָנאָמישע, ניט קיין עטישע אָדער פּאָליטישע פּראָבלעמען. די פראַגע פון פּרנסה איז אַ פראַגע פון פּרנסה, פון בעסערע, זיכערערע פּרנסות פאַר אונדזערע מאַסן, פאַר אונדזער יוגנט — און ניט מער. אוודאי וואָלטן מיר געמעגט טראַכטן, ווען מיר האָבן דאָ אָן אָרגאַניזירט יידיש געמיינשאַפט־לעבן, וועגן איינפירן אַ ביסל ריכטונג און פּלאַן ביים אויסוואַל פון באַשעפטיקונגען — באַזונדערס ביי דער יוגנט. אָבער אויב מיר זאָלן זאָגן, אַז יידן דאַרפן זיך ניט רייסן, לאָמיר זאָגן, צום האַנדל אָדער צו אַדוואָקאַטור, איז עס ניט דערפאַר וואָס די דאָזיקע פּראָפעסיעס זיינען טריף, וואָס זיי זיינען ניט „פּראָדוקטיוו" — דאָס צו זאָגן וואָלט געווען אַ בפירושדיקער אומזין — נאָר דערפאַר וואָס מיר האָבן אין די דאָזיקעווירטשאַפטס־צווייגן קליינע שאַנסן אויף אַ זיכע־רער און סטאַבילער פּרנסה.

און אַנטיסעמיטיזם? רופט אונדזער קאָנצענטראַציע אין געוויסע ווירטשאַפטס־צווייגן ניט אַרויס די קנאה און שנאה מצד אונדזערע ניט־יידישע שכנים? יאָ, עס איז אמת, אַז דאָרטן וווּ יידן, אַלס אַ קיבוץ, געניסן, בדרך כלל, פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרעסערער מאָס וווילשטאַנד ווי די ניט־יידן, איז עס עלול אויסגענוצט צו ווערן מצד דעמאַגאָגן און פּראָ־פעסיאָנעלע אַנטיסעמיטן. אָבער פעלט דען אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן און קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, מיט זייער שרעקלעכער יידישער אָרעמקייט? איז אונדזער עקאָנאָמישע סטרוקטור טאַקע די אמתע סיבה פון אַנטיסעמיטיזם? איז דאָס די סיבה פון דייטשן אַנטיסעמיטיזם? וואָלטן די דייטשע יידן איצט געווען אין אַ בעסערער לאַגע ווען זיי באַשעפטיקן זיך מיט לאַנד־ און פאַבריק־אַרבעט? וואָלטן זייערע „פעסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס", אין אַזאַ

פאַל, ניט געקענט אַוועקגעבלאָזן ווערן מיטן כח פון איין היטלערשן געזעץ? און, אגב, וואָס טראַכטן אונדזערע אידעאָלאָגן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע" וועגן ראַטנפאַרבאַנד? וואָס וועט טאַקע זיין, אַז דאָרטן וועט אויך ווייטער גיין די שוין איצט שטאַרק בולטע טענדענץ פון די יידן זיך צו קאָנצענטרירן אין די בעסער באַצאָלטע און פּריווילעגירטע פּאָזיציעס פון דעם מלוכה־און ווירטשאַפטס־באַאַמטנטום? וועט עס ניט אַרויסרופן קיין אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד ווו דאָס „הענדלערישע יידנטום" איז שוין לאַנג פאַרניכטעט געוואָרן מיט די וואָרצלען?

דער אמת איז אָבער, אַז אונדזערע „עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס" (וואָס באַשטייען, מערסטנטיילס, אין אַן אַכצן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אין אַ פינצטערן קרעמל, אָדער אַ געמאַטערט לעבן אין אַ דאָקטאָר־קאַבינעט) זיינען קיינמאָל און אין ערגעץ ניט די סיבה פון אַנטיסעמיטיזם. דער אַנטיסעמיטיזם איז פיל עלטער פון קאַפּיטאַליזם און פאַשיזם. דערפאַר קען די ראַדיקאַלע תרופה פאַרן אַנטיסעמיטיזם ניט געפונען ווערן אין דער אויטאָפּיע פון אַ יידישער עקאָנאָמישער מלוכה אין אַ מלוכה. דער וועג צו אַ יידישן אומאָפּהענגיקן קיום פירט צו אַן אַנדער, מער רעאַלער מלוכה. ער פירט איבער דערנער, אַנטוישונגען, אפשר אַפילו קאַטאַסטראָפעס. צו גיין אין דעם דאָזיקן וועג, אין אים צו גלויבן פאָדערט זיך מער ווי מוט צו דערקלערן אַ גאַנץ פאָלק פאַר אַ פּאַראַזיטן־באַנדע. אונדזערע אידעאָלאָגן פון „פּראָדוקטיוויזאַציע" פוילן זיך צו גיין אויף דעם דאָזיקן וועג? ווער האָט צו זיי? אָבער זאָלן זיי ניט דרייען אַ קאָפּ מיט פּאַפּירענע אויטאָפּיעס און באַליידיקנדיקע נאַרישקייטן.

עקאָנאָמיק קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון סאָציאָלאָגיע. דאָס פּראָבלעם פון יידישן קינד אין די גלות־לענדער איז פאַרבונדן מיט אַ סך מער און אַ סך קאָמפּליצירטערע פאַקטאָרן ווי אונדזער עקאָנאָמישע סטרוקטור. און אַפילו די סיבה פון פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם דאַרף מען אויך זוכן ערגעץ ווייטער ווי אין דער יידישער שפּייז־קראָם און אַדוואָקאַטן־ביוראָ. מען דאַרף אים אויסזוכן ניט אַזוי פיל אין אַרבעטס־פּלאַץ אָדער געשעפט פון דעם יידישן מענטשן, ווי אין אים אַליין, אין זיין איצטיקער געשטאַלט און גייסטיקער פיזיאָנאָמיע. די וואָס האָבן זיך אָנגעטשעפּעט אָן איין פאַקטאָר פון אונדזער לעבן, און האַלטן מעכאַניש אין איין איבערחזרן אַלטע, פּוסטע פאָרמולעס, מאַכן בלויז שווערער זיך צו דערגרונטעווען צום תוך און גאַנצן פאַרנעם פון אונדזערע פּראָבלעמען.

(„דער אידישער קעמפער", 27 מאַי 1938)

# פעק: נייע און אַלטע

אַז איך האָב איבערגעלייענט די רעדע, וואָס סאָלאָמאָן לעוויטאַן, דער יידישער שאַצמייסטער פון שטאַט וויסקאָנסין, האָט די טעג געהאַלטן וועגן די יידן און זייער צוקונפט אין אַמעריקע, האָב איך זיך דערמאָנט אָן י. י. שוואַרצס פּאָעמע „ניי־ערד" (אין בוך „קענטאָקי"). דוכט זיך, אַז דאָס רעדט צו אונדז שוואַרצס קערנדיקער, דערפאַרונגס־רייכער און פון עלטער געבויגענער „דזשאַש" — אמת אַ „דזשאַש" וואָס שטאַמט ניט פון תחום אין אַלטן רוסלאַנד, נאָר איינער וואָס קומט פון אַ קליין שטעטל ערגעץ אין מזרח־פּרייסן. אָבער אויסער דעם דאָזיקן געבורטס־צופאַל איז דער ווירקלעכער שר־האוצר פון וויסקאָנסין אַזוי ענלעך אויף דער גע־שטאַלט פון י. י. שוואַרצס דיכטער־וויזיע — ענלעך אין דער גראַדקייט פון זיין כאַראַקטער, אין דער פאַרזיכטיקער שפּאָרעוודיקייט פון זיין וואָרט, און ענלעך אין זיין לעבנס־וועג. ער, ווי יענער, האָט אָנגעהויבן מיטן פּאַק סחורה אויף דער פּלייצע, איבער דאָרף־וועגן אין ניו־ענגלאַנד און די דרום־שטאַטן, איבער די שוועלן פון איינזאַמע פאַרם־היימען, איבער־נעכטנדיק ערגעץ אין אַ שטאַל אָדער שייער פון אַ גאַסטפריינדלעכן פאַר־מער. און צום סוף זיך דערשלאָגן וואָרצלען ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער נייער ערד, זיך דערוואָרבן וועלטלעכע גיטער, אַ גוטן נאָמען, דרך־ארץ פון שכן, פון נעכטיקן מכניס־אורח.

מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק האָט סאָלאָמאָן לעוויטאַן זיך דערשלאָגן צו דער טיר פון ראָבערט לאַפאַלעט, וועלכער האָט דעמאָלט געשטעלט זיינע ערשטע שריט ווי אַ פּאָפּוליסטישער פּאָליטיקער. לעוויטאַן האָט לאַפאַלעטן פאַרקויפט אַ פּאָר שלייקעס, און האָט פון אים דערפאַר באַקומען די ערשטע לעקציע אין דער „קונסט פון פּאָליטיק". זיין פּערזענלעכער גורל איז זינט דעמאָלט פאַרבונדן געוואָרן מיטן שיקזאַל פון דער לאַפאַלעט־דינאַסטיע אין וויסקאָנסין. ער איז געוואָרן אַ באַנקיר, אַ פּאַרטיי־מענטש, אַ פּאָליטיקער, און איצט טראָגט ער איינעם פון די העכסטע און פאַר־אַנטוואָרטלעכסטע אַמטן אין זיין שטאַט, וווּ ער איז זייער באַליבט. דער ייד מיטן פּאַק, וואָס האָט זיך אַ פרעמדער און האַלב־שטומער אַרומגע־שלעפּט ביי פרעמדע טירן איז געוואָרן אַ פאַרוואָרצלטער, באַרעדעוודיקער

און בכבודיקער בירגער, איז געקומען צו דער „מנוחה" און דער „נחלה".

שוואַרצס „דזשאַש" האָט געשלאָסן זיינע אויגן פאַר דעם יאָר 1933, און אפשר אַ לאַנגע צייט פריער. דער מחבר זאָגט אונדז ניט גענוי ווען. אין זיינע לעצטע מינוטן האָט אים פאַרוויגט דער ניגון פון אַ ווייך, פאַר־שלעפערנדיק קינדער־ליד: „פאַרוויג מיך צום שלאָף אין מיין אַלט־קענטאָקי היים, און דעק מיך צו מיט דיקסיס זיסן הימל..."

דער אַלטער „דזשאַש" פון קענטאָקי האָט ביז זיין לעצטן טאָג ניט געוווּסט פון דעם אומרו וואָס עס נאָגט איצט דעם לעבעדיקן „דזשאַש" פון וויסקאָנסין. אויך יענער האָט אַמאָל געפילט אַז ער האָט פיל פאַרלאָרן אויפן וועג צו זיין גליק — עס איז אָבער דאָך אַרויסגעקומען אַן אידיליע. אָבער היינט איז אידיליע, ווייזט אויס, אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, אפילו פאַר מענטשן מיט אַזאַ איינגעבאַרענעם אידילישן געמיט ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן.

„אין איצטיקן מאָמענט זיינען מיר איינע פון די אומגליקלעכסטע ראַסן אויף דער ערד", זאָגט דער פאָפּולערער און פלינקער „חכם פון וויסקאָנסין". און ניט נאָר אין דייטשלאַנד, אין רומעניע, אין פוילן, אין אונגאַרן און די אַנדערע לענדער וווּ דער „סאָציאַליזם פון די טפשים" איז שוין טיילווייז אָדער אינגאַנצן פאַרווירקלעכט געוואָרן — נאָר אויך דאָ אין דעם זוניקן אידיליע־לאַנד. „אפילו דאָ אין לאַנד זיינען די אויסזיכטן פינצטערע". סאָלאָמאָן לעוויטאַן געדענקט נאָך די פריינדלעכקייט מיט וועלכער מען האָט יידישע אימיגראַנטן דאָ אויפגענומען. ער אַליין געדענקט ווי גוט די פאַר־מער זיינען געווען צו אים אין יענע יאָרן ווען ער האָט זיך געשלעפּט איבער זייערע שוועלן מיט זיין פּאַק סחורה. ער געדענקט ווי ער פלעגט זיי פאַרקויפן אַלערליי קליינינקייטן פאַר דער שטוב און ווי אין די אָוונטן פלעגן אים זייערע קינדער לערנען שרייבן און לייענען ענגליש. ער רעדט וועגן דעם מיט טרויעריקער בענקשאַפט.

ברענגט עס ניט אַרויף אויפן זכרון יענעם וווּנדערלעכן קאַפּיטל אין שוואַרצס „ניי־ערד" וווּ די פאַרמער פאַרזאַמלען זיך כדי זיך דורכצושמועסן ווי אַזוי צו העלפן דזשאַשן זיך איינצושטעלן צווישן זיי?

און איצט? די וועלט האָט זיך געענדערט. און די יידן האָבן זיך אויך געענדערט.

אַ ייד ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט דעם שיינעם, פרישן, יום־טובדיקן קבלת־פּנים, און זעט איצט מיט די אויגן דעם ניט זייער פריידלעכן, וואָכעדיקן שכנים־לעבן וואָס האָט זיך דערפון אַנטוויקלט, מוז וועגן דעם נאָכדענקען. ער זוכט אַ תקנה, ער פּרובירט

געפינען אַ מיטל ווי אַזוי צוריק צוזאַמענצושטעלן די שערבלעך פון דער אידילישער פרימאָרגן־וועלט. און אַזוי ווי ער שטעקט אַליין אַזוי טיף אין אַט דער אידיליע, איז זיין לייזונג אויך אַן אידילישע, אַ כולו־אידילישע.

קריסטן וועלן זיך צו יידן באַציען מיט איינזעעניש, אויב די יידן וועלן דאָס פאַרדינען. זאָלן יידן ניט גיין דאָרטן וווּ מען וויל זיי ניט האָבן. (אַז זיי וועלן דאָס טאָן, וועלן די פאַרשלאָסענע טירן סוף־סוף זיך עפענען פאַר זיי.) זאָלן יידן זיך ניט גרויסן מיט זייער דערפאָלג און עשירות. זאָלן זיי זיך צופיל ניט פּוצן. זאָלן זיי ניט זיין עקסטראַוואַגאַנט־פאַרשווענדעריש. זאָלן זיי זיך ניט וואַרפן אין די אויגן מיט איבערטריבענעם לוקסוס. דער „אמתער ייד" איז ניט קיין גרויסהאַלטער; ער רייסט ניט די אויגן מיט זיינע רייכטימער, ער קליידט זיך מיט גוטן געשמאַק.

סאָלאָמאָן לעוויטאַן באַנוגנט זיך ניט מיט די דאָזיקע „לא תעשה׳ס". זיינע פופציק יאָר אין אַמעריקע האָבן אים אויך געלערנט אַ צאָל פּאָזיטיווע געבאָטן. מיר שטאַמען פון אַן אַלטן, אין ריינקייט לעבנדיקן פאָלק. מיר זיינען יורשים פון אַ דערהאַבענער קולטור. די אַמעריקאַנער דאַרפן טריי בלייבן די דאָזיקע לערעס וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע עלטערן. צופיל יידן פּרובירן מאַכן דעם אָנשטעל אַז זיי זיינען „אַן אַנדער מין ייד", אַז זיי האָבן ניט קיין שייכות מיט אַנדערע יידן. די דאָזיקע פּרעטענזיעס נאַרן אָבער קיינעם ניט — פאַרקערט, זיי זיינען בלויז עלול צו פאַרמיאוסן די וואָס פּרובירן זיך אַזוי צו פאַרמאַסקירן. עס וואַקסט אויס אַ דור יידן וואָס זיינען אינגאַנצן אומבאַקאַנט מיט די „קולטור און סאָציאַלע ווערטן פון דער יידישער ירושה". מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק האָט כמעט יעדעס יידישע קינד באַקומען אַ יידישע דערציונג; היינט איז זייער פּראָצענט געוואָרן זייער קליין. און וואָס וועט זיין אין 25 יאָר אַרום?

איר שמייכלט? איר ווייסט ניט פאַרוואָס עס זאָל אויף יידן ליגן די פליכט — ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן פאָדערט — „זיך אויפצופירן נאָך בעסער ווי דער ניט־איד". די באַבסקע רפואות אַמוזירן אייך?

איר זייט אפשר גערעכט, און דאָך, לאָמיר זיך מודה זיין: איך האָב אַ שוואַכקייט פאַר יידן ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן. מיינע ליפּן האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעוווינט פון דער רגילות אויטאָמאַטיש זיך צו פאַרקרימען ביי אַזעלכע דיבורים. איך בין שוין לאַנג חושד, אַז אין אַזעלכע רייד ליגט אַמאָל אויך עפּעס אַ טיפער, כאָטש ניט אויפפאַלנדער אמת, צו וועלכן עס איז זיך כדאי צוצוהערן. יידן ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן רופן אין מיר אַרויס עפּעס אַ באַזונדער מין צוטרוי.

זיי אימפּאָנירן מיר, די דאָזיקע יידן, פאַר אַלעמען מיט דער אַטמאָ־ספּערע פוןווירקלעכקייט, וואָס זיי שאַפן אַרום זיך און זייערע רייד. די וועלט וואָס ליגט פאַר זייערע אויגן, די פיל־דערפאַרענע און מאַטע, האָט באַשטימטע פאַרמען און קאָנטורן. זיי רופן אין מיר אַרויס אַ צוטרוי־געפיל שוין מיט דעם אַליין וואָס זיי ריידן אַזוי וויניק וועגן „רעכט" — און דאָס הייסט דאָך, ביי אונדז, דאָס אַבסטראַקטע רעכט צו טאָן דאָס וואָס עס שטימט ניט מיטן שכל הישר. און דאָס איז שוין ביי מיר לאַנג אָנגענומען ווי דער בעסטער מיטל צו דערקענען אַ רייפן יידן פון אַ ניט־רייפן: דער רייפער ייד באַנוצט זיך מיט זיינע „רעכט" אַלס דעם לעצטן מיטל; דער אין דער לופטן־שוועבנדיקער הויבט אַלצדינג אָן מיט זיינע אַבסטראַקטע „רעכט" — און ביי דעם בלייבט ער טאַקע.

דער „רעכט"־ייד רעכנט זיך ניט מיט מה יאמרו הגויים. אויב מען קריטיקירט אונדז איז דאָך דערפאַר שטענדיק פאַראַן אַ דערקלערונג: די צוריקגעשטאַנענקייט פון די קריטיקער. און קיינער וועט דאָך ניט פאָדערן פון אונדז, אַז מיר, מיר, זאָלן זיך מיט דעם רעכענען.

אָבער דער ווירקלעכקייט־ייד ווייס אַז אין לעצטן סך־הכל איז אַלץ, אפילו אונדזערע רעכט גופא, אָפּהענגיק פון געוויסע ווירקלעכקייטן. געוויסע ווירקלעכקייטן, וואָס אויב דו ביסט אַ זיבעצן־יעריק מיידל, וואָס דו האָסט דיין גאַנצן לעבן פאַרבראַכט אין דער היימישער, וואַרעמער שוץ פון דער דורכאויס־יידישער בראָנזוויל, מעגסטו זיי איגנאָרירן — וואָרום דו האָסט אין בעסטן פאַל וועגן זיי בלויז געהערט. אָבער אויב דו האָסט זיך אַמאָל געשלעפּט איבער אַמעריקאַנער וועגן, געקלאַפּט אויף די שוועלן פון ניו־ענגלענדער און דרומדיקע פאַרמער־היימען, אויב דו רייבסט זיך טאָג־טעגלעך אָן דער דאָזיקער ווירקלעכקייט, מוזסטו וועגן איר טראַכטן, זיך רעכענען מיט איר. דעמאָלט איז די דאָזיקע וועלט, די וועלט פון שכן, מיט זיין געשלאָסענער פיזיאָנאָמיע און פּסיכאָלאָגיע, מיט זיינע געוויינ־הייטן, מיט זיינע פאָראורטיילן, מיט זיין פאָן און זיין קירך, מיט זיינע רעאַקציעס און שטימונגען, ווירקלעכקייט, דריי־דימענסיאָנעלע ווירקלעכקייט.

ער איז ווירקלעכקייט — און די ביסט ווירקלעכקייט. און דו ביסט געצוווּנגען צו טראַכטן וועגן ווירקלעכע באַציונגען און ווירקלעכע האַנד־לונגען, וועגן ווירקלעכע מענטשן פון פלייש און בלוט, און ווירקלעכע אינסטיטוציעס און טראַדיציעס. און אויב דו ווילסט פרידן, האַרמאָניע, גוטן צוזאַמענלעבן אין דער דאָזיקער ווירקלעכער וועלט, דאַרפסטו זיך פרעגן גאַנץ קאָנקרעט: ווי אַזוי קאָנען אָט די צוויי ווירקלעכקייטן לעבן אויף

איין פֿאַרהעלטנישמעסיק ענגן, גליטשיקן לעבנס־שטח? און דו טאָרסט ניט פֿאַרגעסן: דאָס אַלץ קומט ניט פֿאַר אין קיין פּוסטן חלל — נאָר אויף דער ערד פֿון דערווירקלעכקייט, מיט אירע קאָנקרעטע גרענעצן.

עס איז ניט בלויז די פֿראַגע: וואָס קומט אונדז? עס איז אויך די פֿראַגע: וואָס פֿאַר אַ פּרייז דאַרפֿן מיר צאָלן דערפֿאַר. אויך מיר דאַרפֿן עפּעס בייטראָגן כּדי דאָס צוזאַמענלעבן מיט אונדזערע שכנים זאָל זיין דערטרעגלעך (וועגן אידיליעס קען מען דאָך איצט אפילו ניט חלומען).

און אַז די דאָזיקע אמתן ווערן פֿאַר אונדז לעבעדיק, באַקומען אויך אַ סך אַלטע, דוכט זיך אָפּגעלעבטע ווערטער אַ נייעם, לעבעדיקן, זייער אַקטועלן זין. צום ביישפּיל אַזאַ אַלטמאָדיש וואָרט ווי „ישראל ערבים זה בזה". פֿון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט איז דאָס אַ לעכערלעכע פֿאָרמולע, אַן אָפּגעלעבט געבאָט, וואָס שטייט אפשר גאָר אין ווידערשפּרוך צו אונדזער אויפֿפֿאַסונג פֿון „נאַציאָנאַלן שטאַלץ". אָבער ווען מען פֿרעגט זיך: וואָס איז עלול אַרויסצורופֿן מער ווערטפֿולע מאָראַלישע ענערגיע אין יידישן מענטשן — דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס גיט דעם יידישן יחיד דאָס „רעכט" אויף אַלע זיינע פֿאַרוועלעכישן און קאַפּריזן, זיך ניט רעכנענדיק מיט זייערע קאָנסעקווענצן פֿאַרן כּלל, אָדער דער אַלטער פּרינציפּ פֿון קעגנזייטיקער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס צווינגט דעם יחיד זיין אייגענע הנהגה אונטערצואָרדנען צו די אינטערעסן און דער צוקונפֿט פֿון פֿאָלק — וועל איך אַפילו קיין איין מינוט ניט טראַכטן וועגן ענטפֿער.

אין אונדזער „עמאַנציפּאַציע"־ שכרות האָבן מיר פֿאַרגעסן, אַז עס איז זייער מענטשלעך צו באַטראַכטן יעדן יחיד ווי אַן עקזעמפּלאַר פֿון זיין מין, און וועגן אים צו אורטיילן, אין בעסטן פֿאַל, לויט די פּרעטענזיעס פֿון דעם מין. מיר אַליין זיינען אין דעם דאָזיקן פּרט אויך קיין אויסנאַם ניט. ווען מיר אַליין זעען ווי ברוטאַל און בעסטיאַליש דער ציוויליזירטער אייראָפּעער איז געבליבן אונטער אַלע זיינע קולטור־מאַסקעס, טראַכטן מיר ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, וועגן דער „פּרעטענזיע" וואָס טראָגט דעם נאָמען: קריסטנטום. און מיר אורטיילן וועגן דער ציוויליזירטער חיה לויט איר אייגענעם מאָסשטאָב — לויט דער לערע אין וועלכער זי פּרעטענדירט צו גלויבן. און אונדזערע שכנים, און ניט בלויז די ערגסטע צווישן זיי, טוען, פֿאַרשטייט זיך, די זעלבע זאַך.

מיט פֿופֿציק יאָר צוריק און אויך שפּעטער האָט אונדז די יונגע אַמעריקע אויפֿגענומען מיט אַן אייגנאַרטיקער גאַסטפֿריינדלעכקייט, און איצט האָט זיך די דאָזיקע פֿריינדשאַפֿט אַ שיין ביסל אויסגעוועפּט. ווי אַזוי

דערקלערט מען עס? זיי האָבן זיך געענדערט? נו, אַודאי, אייראָפּע איז קראַנק, אָדער אפשר ווערט זי גאָר, ווי בערטראַנד ראָסעל וויל עס האָבן, צוריק „געזונט" — וועלפיש־„געזונט". און צווישן אייראָפּע און אַמעריקע ליגט דאָך ניט מער ווי אַ פּיזישער ים. אָבער זיינען מיר טאַקע אינגאַנצן פריי פון שולד?

ווען דער פאַרמער אין שוואַרצס פּאָעמע האָט אינדערפרי געעפנט די טיר פון זיין שייער, האָט ער זיין אויסטערלישן יידישן אורח געפונען איינגעוויקלט אין טלית און תפילין. אין אָנהויב האָט ער זיך אַביסל דער־שראָקן, אָבער נאָך דער ערשטער איבערראַשונג איז געקומען דער גרויסער יראת־הכבוד. די גאַסטפריינדלעכקייט האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס גענומען פון אָט דעם יראת־הכבוד פאַר דעם פרעמדן, אָבער אייגנאַרטיק־דערהויבע־נעם. און שפּעטער האָט אַמעריקע אונדז געזען אין געשטאַלט פון דעם יידישן פּראָלעטאַריער — דעם יונגן, אויסגעמאַטערטן, מיט אָרעמקייט־באַלאָדענעם, אָבער אויך גלויביקן. די אַמעריקע פון די פאַר־מלחמה יאָרן האָט אפשר אינגאַנצן ניט גורס געווען די וועלט־איבערקערנדיקע אידעאָ־לאָגיע פון יידישן פּראָלעטאַרישן אימיגראַנט. אָבער פונדעסטוועגן האָט זי אים אויפגענומען מיט אַ האַרציקן גוטן ווילן. מיט דרך־ארץ גערעדט וועגן דער פעסטקייט און שיינקייט פון יידישן פאַמיליען־לעבן. זי האָט זיך מיט רעספּעקט, געמישט מיט גוטמוטיקן הומאָר, באַצויגן צום יידנ־שאַפּטלעכן, וויזיאָנערישן וועלט־פאַרבעסערער. זי איז געווען אַנטציקט פון דעם פאַרנעם פון יידישן אינטעלעקט. זי האָט אונדז מכניס־אורח געווען ווי אַ פאָלק מיט אַן אייגענעם פּנים — און אפשר האָט זי אונדז אַזוי מכניס־אורח געווען דערפאַר וואָס מיר זיינען געווען אַ פאָלק.

אָבער די וועלט האָט זיך געענדערט. מיר לעבן אין דער צייט פון אילוזיע. זיי זיינען אַליין געוואָרן צו אומגלויביק (דאָס איז אפשר דער טיפסטער יסוד פון דעם צוריקקער צום וואַלד, וואָס מען זעט איצט אומעטום) אַז זיי זאָלן אין אונדז זען אַ העראָאישע ליידנס־געשטאַלט און אַ רעליגיעזע וועלט־דראַמע, וואָס פירט פון ליידן און פּיין און בלינדקייט צו ליכט און לייטערונג און דערלייזונג. אָבער עס איז אויך אמת, אַז עס ווערט אַלץ שווערער אונדז אַזוי צו זען. ווען דער אַלטער „דזשאָש" איז רייך געוואָרן, האָט אויך ער זיין טלית און תפילין פאַרלייגט אין זיין אַלקער.

און יענע שכנים אונדזערע וואָס זיינען פעיק צו זען טיפער ווי דער דורכשניט־מענטש האָבן מיט אונדז אַן אַנדער חשבון, אַ חשבון וואָס צווישן אונדז אַליין זיינען נאָך פאַראַן זייער ווייניקע וואָס זיינען רייף גענוג אים

צו מאַכן. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך, ווי עס טרעפט זיך אַמאָל, אין אַ צופעליקן אַרטיקל געפונען אַ זייער טרעפנדיקן אויסדרוק פאַר די פראַגן פון אַט דעם מין. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דער פיינער דראַ־מאַטישער קריטיקער סטאַרק יאַנג געשריבן וועגן אַן אַרבעט פון דעם יונגן, און שוין דעמאָלט זייער באַרימטן יידישן דראַמאַטורג, קליפאָרד אָדעטס — וועגן זיין דראַמע „עוועיק ענד סינג". די דראַמע שפּילט זיך אָפּ אין אַ יידישער פאַמיליע ערגעץ אין די בראָנקס. עס איז אַ מעשה מיט אַ טאָכטער וואָס גייט אַראָפּ פון דרך הישר; אַ זון מיט רעוואָלוציאָ־נערע שטימונגען, וואָס פאַרליבט זיך אין אַן אָרעם מיידל, קעגן ווען די מוטער פירט מלחמה; אַן אַלטן זיידן וועמעס קאָפּ איז פול מיט מאַרקסן („אַ שיין ביסל פאַרוואָסערט מיט קאַרוזאָ־אַריעס" — כאַראַקטעריזירט אים סטאַרק יאַנג); אַן איידעם וואָס האַנדלט מיטן אומלעגאַלן ביטערן טראָפּן. דער סוף פון דער דראַמע איז, אַז דאָס אייניקל וואָס פאַרלירט זיין מיידל, ווערט פאַרכאַפּט פון זיידנס רעוואָלוציאָנערן גייסט, ירשנט זיין פּעקל בי־כער, און באַשליסט צוווידמען זיין לעבן דער רעוואָלוציע. דאָס איז די דראַמע פון אַ יידישער פאַמיליע, ווי אַזוי אַ יונגער יידישער דראַמאַטורג האָט זי געזען. דאָס איז דער קאָנפליקט און דאָס איז די לייזונג.

עס איז כדאי צו ציטירן עטלעכע באַמערקונגען פון סטאַרק יאַנגס צופעליקן אַרטיקל. וואָרום עס איז פיל מער ווי דראַמאַטישע קריטיק. עס איז קריטיק פון יידישן לעבן, קריטיק וואָס טרעפט אין סאַמע תוך.

„מיר הערן (אין דער דראַמע) כסדר אַ וואָרט וואָס איז חל אויף אַלע בורזשואַן: 'הימען וואָס זיינען פול מיט האַס'. דאָס גאַנצע לאַנד, אין דער לענג און ברייט, איז פול מיט אַזעלכע הימען; די רעוואָלוציע וועט עס אַלץ ענדערן, דורך דעם וואָס זי וועט אַזאַ פאַמיליע ווי די בערגערס (אַזוי הייסט די פאַמיליע אין אָדעטס דראַמע) געבן דאָס רעכט צו ליגן אין דער זון, און זייערע קינדער צו דערציען ווי — עס איז ניט קלאָר ווי וואָס. וואָס איז שייך האַס־אָנגעפילטע הייזער, בין איך באַקאַנט מיט אַזוי פיל הימען וואָס זיינען ניט אַזוי, אַז איך בין ניט בכח צו אורטיילן וועגן דער אידעע וואָס קומט דאָ צום אויסדרוק. איך קען אַ סך פאַמיליעס, ווו עס הערשט ניט קיין האַס, אַ טייל פון זיי זיינען מיר זייער נאָענט. איך טראַכט אויך, אַז האַס איז, ווי אַ דראַמאַטישער מאָטיוו, פון קנאַפּן נוצן, סיידן דאָס ווערט אויפגעפאַסט און געשילדערט אין דעם אינטענסיווסטן און טראַ־גישסטן זין, ניט ווי סתם געמיינהייט און קנאה.

„וואָס עס פעלט דער דראַמע איז אַ טיפער יסוד אין דעם דראַמאַטורגס אייגענער קאָנצעפּציע. וואָס פאַראַ לעבן, הינטער דעם צופעליקן, האָט ער אין זינען? וואָס, צום ביישפּיל, טראַכט ער וועגן זייער כסדרדיקן ריידן וועגן עפּעס דערגרייכן, אין געלט, אין עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס, בעת עס ליגט פאַר זיינע יידן אינגאַנצן אומבאַרירט זייער אייגענע וואונדערבאַרע ירושה? זאָלן מיר ווייניגן דערפאַר וואָס די קינדער פון דער דאָזיקער פאַמיליע, וועלכע האָבן געקענט באַזיצן איינע פון די גרעסטע פאָלקס־טראַדיציעס אין דער וועלט, איר פּאָעזיע און תפילה, — זיינען ברוגז וואָס זיי קענען ניט האָבן קיין פּעקאַרד־אויטאָמאָבילן? ווו איז דער דאָזיקער ראַסעס חלום פון געטלעכקייט און זיין שאָטן? מיר האָבן אַ רעכט צו פאָדערן פון דעם דראַמאַטורג אַ מער פונדאַמענטאַלע קאָנצעפּציע. אויף וואָס שטיצט זיך, לויט זיין מיינונג, דאָס לעבן וואָס ער שילדערט?"

טאַקע, אויף וואָס פאַראַ יסוד? און האָט די דאָזיקע פראַגע ניט עפּעס אַ שייכות מיט סאָלאָמאָן לעוויטאַנס נאַאיוו־אויסגעדריקטע זאָרגן?

לויט פינסקערן שרעקן זיך די פעלקער פאַר אונדז דערפאַר וואָס זיי זעען אונדז ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ דעמאָנישע געשטאַלט. אָבער אַ גע־שפּענסט, באַזונדערס ווען עס איז איינגעהילט אין טלית און תפילין, אָדער ווען איבער זיין קאָפּ שיינט דער אָרעאָל פון מאַרטירערטום פאַר אַ וועלט־דערלייזערישער אידעע איז אַמאָל עלול אַרויסצורופן ניט נאָר געפילן פון שרעק. שרעקלעך איז אָבער ווען מען דערזעט אונדז מיט ניכטערע, קאַלטע אויגן, אין העלן ליכט פון טאָג — אַן אומפאַרשטענד־לעכער קנויל פון עקסטרעמע סתירות און סתירותדיקע עקסטרעמיזמען, אין אונדזער זאַטער צופרידנקייט מיט זיך אַליין און אונדזערע דערגרייכונגען און גיטער, אין אונדזער צוועקלאָזער אומצופרידנקייט מיט אַלץ וואָס עס באַשטייט (אין וועלכן מיר קענען זיך ניט אַריינפּאַסן), אין דער טעמפּקייט פון אונדזער בורזשואַזיע און דער בלינדער, טראַגישער איטלקייט פון אונדזערע רעוואָלוציאָנערן — און אומעטום אָן אַ יסוד, אָן אינערלעכער האַרמאָניע אָדער פעסטקייט, אָפּגעריסן פון יעדן צובונד צו דער פאַרגאַנ־גענהייט, אומגליקלעך פריי פון שווערגעוויכט פון באָדן און געשיכטע.

און נאָך טראַגישער איז וואָס ווען איינער פון אונדז טראַכט שוין יאָ וועגן דעם, איז דאָס בלויז אַ ליבער, גרייז־גרויער אידיליקער ווי סאָלאָמאָן לעוויטאַן — און ניט די יעניקע, וואָס וועלן אויף זייערע אייגענע פּלייצעס דאַרפן טראָגן דעם ניט־אידילישן פּאַק וואָס וואַרט אויף אונדז אומעטום.

(„דער אידישער קעמפער", 20 מאַי 1938)

# קרבן און שכר

רחל און שמואל סיגעל, צו דער געבורט
פון זייער אייניקל אין קיבוץ בנימינה.

ערב יום־טוב. אָבער דווקא אין אַזעלכע טעג ווערט מאָדנע שווער און אומעטיק אויף דער נשמה. אַמאָל, אין די קינדער־יאָרן, האָט מען מיט אומ־געדולד אַרויסגעקוקט אויף די יום־טובדיקע טעג — אומעטיק איז מען געוואָרן ערשט ווען מען האָט זיך מיט זיי אָנגעהויבן זעגענען. אַנדערש איז דער היינט. אַ פריינד, אַ מענטש וועלכער איז קיינמאָל ניט אַוועק פון דער טראַדיציע, כאָטש ער איז ניט קיין אָרטאָדאָקסישער שומר־מצוות, האָט די טעג געזאָגט: איך שרעק זיך פאַרן קומען פון יום־טוב — און איך קען זיך ניט דערוואַרטן, אַז ער זאָל זיך שוין ענדיקן.

עס איז דאָך ניט בלויז די שולד פון עלטער. ניין, ניט מיר אַליין האָבן זיך געענדערט. פאַר דעם וואָס האָט אין דעם דאָזיקן לאַנד אָפּגעלעבט די לעצטע צוויי צענדליק יאָר איז קלאָר ווי גרינטלעך אונדזער לעבן האָט זיך דאָ געענדערט. מיר האָבן זיך אויסגעלייזיקט פון דער ירושה פון דורות, מיר זיינען צעשטויבט געוואָרן און אַטאָמיזירט געוואָרן — און דאָס איז געשען אין וויניקער ווי אַ האַלבן מענטשן־לעבן.

ערשט מיט פופצן, מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט נאָך אויך אין דעם לאַנד איבער אונדזער סדר־טיש געהויכט מיט המשך, אפשר ניט דעם המשך פון לערע און געבאָט, נאָך דעם המשך פון דער פאָלקישער לעבנס־סטיכיע, וואָס שטראָמט ווייטער איבער אַלע ענדערונגען און גילגולים. אַרום יום־טובדיקן טיש האָבן זיך פאַרזאַמלט זיידעס און קינדער און אייניקלעך. די משפחה אַרום דעם יום־טובדיקן טיש איז ניט געווען קיין אייגהייטלעך־האַרמאָנישע; די מסובים אַרום טיש זיינען אָפטמאָל געווען פאַרשידענע וועלטן. דער זיידע האָט אין זיך געטראָגן און אויף די איבעריקע בני־בית אָנגעוויט אַ וועלט פון תמימותדיקן און קוועלנדיקן גלויבן. די זין און טעכטער האָבן עס אויפגענומען פאַסיוו־נאָכטראַכטנדיק און אַמאָל גוטמוטיק־רעבעליש. אָבער טאַטע און זון האָבן גערעדט איין שפּראַך, ניט נאָר אַ שפּראַך פון ווערטער, נאָר אויך פון באַגריפן און בילדער. און אַרום טיש

איז אויך געזעסן דאָס אייניקל, וועלכער איז נאָך געווען כולו מעגלעכקייט און פאַרשפּרעכן. אַפילו ווען איינער האָט געטראַכט וועגן אַלטע וועלטן וואָס ווערן חרוב, און וואָס זייער חורבן איז אומפאַרמיידלעך, האָט ער אָבער דאָך געקענט האָפן, אַז די אומזיכטבאַרע, אומדערמידלעך־פלייסיקע הענט פון דער געשיכטע וועבן ערגעצוווּ פון אַלטע און נייע פעדים אַ בייעם שטאָף, וואָס וועט זיין דער לעבעדיקער סינטעז פון נעכטן און היינט, פון דעם וואָס דוכט זיך אונדז היינט אויס צו זיין אַנדערש און סתירהדיק.

היינט: דעם זיידנס פּלאַץ איז שוין ליידיק. עס פעלט זיין געשטאַלט און זיין וואָרט, וואָס האָט גערעגט און אָנגערעגט — און סטימולירט לעבעדיקן המשך. דער זון איז שוין זייער אָפּט אַליין אַ זיידע — אָבער אַ זיידע „אין לייב" און ניט „אין גייסט". אויב אַפילו ער וויל עס זיין, פילט ער יעדע רגע ווי ווייניק ער קען עס זיין. און דאָס אייניקל פון אַמאָל איז שוין מער ניט רויע, פּלאַסטישע מעגלעכקייט: ער איז שוין פאַרענדיקטע, רייפע געשטאַלט. און די געשטאַלט איז אַזוי דערשרעקנדיק־פרעמד. צווישן פאָטער און זון שטראָמט שוין מער ניט אַהין־און־צוריק קיין ווידערשפּרעכנדיקער און דאָך פאַראייניקנדיקער, קעגנזייטיק־באַפרוכ־פערנדיקער דיאַלאָג. און פונעם קינד, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון אייניקל וואָס איז שוין איצט זון און פאָטער, ווייעט ניט מיט זיכערקייט און צוזאָג. עס איז, פאַרקערט, זיכער, אַז עפּעס איז ענדגילטיק דורכגעבראָכן געוואָרן. מען דאַרף זיך שטאַרק מיען כדי צו געפינען עפּעס אַ פאָדים וואָס זאָל פאַרבינדן די וואָס זיצן אַרום יום־טובדיקן טיש.

אַזוי איז עס אין יענע הייזער וווּ עס איז נאָך פאַראַן עמעצער וואָס קוקט זיך צו און טראַכט נאָך וועגן דעם וואָס ער זעט. אָבער דאָס זיינען געציילטע אינדזלען אין אַ וועלט פון טעמפּן עולם הזה, פון גלייכגילטיקן מינוט־צו־מינוט לעבן, פון כאַאָטיש־אָנגעוואָרפענעם ברוכוואַרג. די זיידעס ליגן אונטער דער גרינער פרילינגס־ערד — אָבער דער אמתער בית־עלמין איז גאָר דאָ, צווישן די לעבעדיקע.

און אַז די בילדער וואָס מען זעט דאָ מיט די „אויגן פון קערפּער" מישן זיך צונויף מיט חורבן־בילדער פון דאָרטן, אויף יענער זייט ים, וואָס די פאַנטאַזיע האַלט אין איין מאָלן, מוז די נשמה אַריינפאַלן אין אַ נידערגעשלאָגענער הילפלאָזיקייט, וואָס ווערט ניט דורכגעריסן פון קיין איין ליכט־שטראַל.



ווען מען קוקט זיך אַרום אויף אונדזער לעבן, איז שיער ניט צו פֿאַרצווייפֿלען. אָבער נאָך שווערער איז דאָך יאָ צו פֿאַרצווייפֿלען. און דער וואָס האָט ניט דעם כח אָדער דעם ווילן צו צווייפֿלען און פֿאַרצווייפֿלען (אין דעם עקזיסטירנדן און נאָענטן), מוז זוכן אַ טרייסט און אַ דערלייכטערונג ווו עס לאָזט זיך.

זוכט מען אַ נחמה אין אידעאָלאָגישע קאָמבינאַציעס און קינסטלעכע רעקאָנסטרוקציעס פֿון אַלטע תורות. איינער פֿאָדערט דווקא דעם מאַקסימום שבמאַקסימום, דאָס וואָס איז על־פּי־שכל אונטער די אומשטענדן דווקא אוממעגלעך און אומדערגרייכבאַר — אָבער וואָס פֿייערדיקער ער שמייסט דעם צווייפֿל פֿון די אומגלויביקע, אַלץ וויניקער איבערצייגנד קלינגט זיין אייגענער גלויבן. און אַ צווייטער איז ערלעכער מיט זיך און מיט אַנדערע. ער מאַכט אַ פּראָגראַם פֿונם מעגלעכן מינימום. אויב ניט לעבעדיקע קולטור — איז לאָמיר זינגען אַ יידיש פֿאָלקס־לידל. אויב ניט רעדן יידיש — איז לאָמיר גיין צוויי מאָל אַ יאָר אין יידישן טעאַטער (כל זמן ער עקזיסטירט). אָבערביידע מאַכן ניט דעם פּראַקטישן חשבון פֿון זייערע פּלענער. ווען זיי וואָלטן עס געטאָן, וואָלטן זיי דאָך געמוזט צוגעבן, אַז סיי דער מאַקסימאַליזם, סיי דער מינימאַליזם קען, אין בעסטן פֿאַל, בלויז לייכטער מאַכן דעם געמיט פֿון דעם וואָס גלויבט אין דעם — עס איז אָבער אין זיי ניטאָ קיין ברעקל ממשותדיקע טרייסט פֿאַרן קיבוץ, קיין ברעקל פֿאַרשפּרעכן פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון קיבוץ. דער מאַקסימום איז, אונטער נאַטירלעכע באַדינונגגען, אומדערגרייכבאַר — דער מינימום איז ניט ווערט, אַז מען זאָל אויף אים פֿאַרטאַכלעווען ענערגיע.

די וואָס רעדן וועגן אַ צוקונפֿט פֿון יידישן קיבוץ אין אַמעריקע, וועגן זיין צוקונפֿט ווי אַ פֿאָלקס־קיבוץ, פֿאַרגעסן — זיי מוזן עס פֿאַרגעסן, אַניט וואָלטן זיי אַזוי לייכט וועגן דעם ניט גערעדט — זייערע קינדער, יאָ, זייערע אייגענע קינדער. זיי פֿאַרגעסן די פּראַקטישע אַסימילאַציע אין זייערע היימען. אַן אַסימילאַציע, וואָס דריקט זיך טאַקע ניט אויס אין פֿאַרמישן זיך מיט דער ניט־יידישער מערהייט, אָבער זיכער אין אויסטאָן זיך פֿון דער יידישער סביבה און דער יידישער קולטור. פֿילע פֿון זיי פּרובירן אָפּוועגדן זייערע אויגן פֿון אייגענעם ווינקל, אפֿשר דערפֿאַר וואָס זיי מיינען, אַז עס איז אַן איינצלפֿאַל, אַ רעזולטאַט פֿון אייגענער נאַכלעסיקייט אָדער ניט גענוגענער ענערגיע. אָבער ווען זיי וואָלטן זיך אין דער זאַך טיפֿער אַריינגעטראַכט, וואָלטן זיי זיך אפֿשר גאָר געקענט באַרויקן, אַז זייער שולד איז גאָרניט אַזוי גרויס ווי זיי האָבן געמיינט. אָוודאי איז

ניטאָ קיין שום אַנטשולדיקונג פאַר אַ ייד, וואָס פאָדערט פון אַנדערע אַ מער אויסגעהאַלטענעם און ענערגישן יידישן לעבנס־ווילן, און זיינע קינדער לאָזט ער וואַקסן אויף גאָטס באַראָט. אָבער דער אמת איז, אַז אָפּטמאָל פילן יענע עלטערן וואָס באַזאָרגן זייערע קינדער מיט דער מאַקסימאַלסטער יידישער דערציאונג, אַז זיי שטייען פאַר אַ „צעבראָכענער קאָרעטע". דער גלות, דער עמאַנציפּירטער, פרייער גלות, שטעלט זייער שטרענגע גרענעצן צו אַלע באַמיאונגען פון יידישן לעבנס־ווילן. מען קען אין פאָראויס זאָגן, וואָס עס קענען זיין די מאַקסימאַלסטע רעזולטאַטן פון אונדזערע ענערגיש־סטע, פאַנאַטישסטע באַמיאונגען — און דער סאַמע מאַקסימום איז פאַר־שעמענדיק קליין און באַליידיקנדיק בלאַס.

עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן די אָביעקטיווע זאַכלעכע שוועריקייטן. די שטערונגען ליגן ניט נאָר אין דעם איינפלוס פון דער ניט־יידישער סביבה, ניט נאָר אין די שעהן וואָס יעדעס קינד דאַרף פאַרברענגען אין דער ניט־יידישער שול, ניט נאָר אין די מאָגערע איינפלוס־מיטלען וואָס געפינען זיך אין רשות פון דער יידישער שול און דער יידישער קולטור־סביבה. די גרעסטע שטערונג איז אַ פראַגע, וואָס מוז זיך שטעלן פאַר די דערצויגענע, פאַר יעדן יידישן קינד, וואָס די עלטערן אָדער דער יידישער כלל פּרובירן אויף אים אַרויפלייגן דעם יידישן יאָך — די פראַגע: צו וואָס?

מיר פאַרגעסן זייער אָפט, אַז שטענדיק אין אונדזער געשיכטע, ווען יידן האָבן מקריב געווען זייערע חיי שעה (און אַפילו זייערע לעבנס) פאַר זייער יידישקייט האָבן זיי דאָס (ווי עס איז דער פאַל מיט אַלע קרבנות וואָס מענטשן מאַכן) געטאָן ניט בבחינת „קרבן לשם קרבן" (אויפן משקל פון „קונסט לשם קונסט") נאָר צוליב אַ שכר. אַמאָל איז דער שכר געווען עולם הבא, אַן אַנדערש מאָל איז עס געווען דאָס יחוס־געפיל פון אויס־דערוויילטן פאָלק. עס איז אָבער שטענדיק געווען דער קרבן פון היינט — אין נאָמען און צוליב עפּעס בעסערס. דער טעות וואָס מיר מאַכן, איז וואָס מיר גלויבן, אַז יידן, וועלכע זיינען ניט קיין יידן דורך דערציאונג און אינערציע, וואָס זייער יידישע האַלטונג דאַרף אַנטשיידן ווערן דורך אַ ווילנס־אַקט, קענען עס טאָן סתם־אַזוי, ווייל ניט־יידן צווינגען אונדז, אָדער ווייל אונדזערע עלטערן האָבן עס געטאָן, אָדער פּשוט דערפאַר וואָס „עס איז אַ פאַקט, אַז מיר זיינען יידן". נייך, יענער ייד, וואָס זיין יידישקייט איז ניט אויסגעשכאָוועט געוואָרן אין דער וואַרעמקייט פון אַ מזרח־אייראָ־פּעיש שטעטל, וואָס יידיש איז ניט געווען זיין פּאַקטיש מאַמע־לשון און

ער האָט אין די פריעסטע יאָרן ניט איינגעזאַפּט יידישע קולטור־ווערטן (אָן דער „קאָנקורענץ" פון דרויסנדיקע איינפלוסן), וועט אָט די דאָזיקע אַרגומענטן ניט פאַרשטיין. ער וועט זאָגן (און ער זאָגט עס): עס איז אַ פאַקט, אַז איך בין אַ ייד? — אַודאי, איך לייקן עס ניט. וואָס איז שייך די ניט־יידן, וואָס צווינגען אונדז צו זיין יידן, זאָגן אייניקע, אַז מען דאַרף שאַפן אַזאַ סאָציאַלע אָרדענונג, וואָס זאָל די גויים אויסקורירן פון זייער עקשנות, און אַנדערע זאָגן: ניט, איז ניט, מיר וועלן לעבן ווי עס לאָזט זיך. אָבער צו קיין שום ספּעציעלער אָנשטרענגונג פאַר אַ באַוווּסטזיניקן יידישן קיום פירט עס ניט. מיינער אַ פריינד, דר. בען האַלפּערן, אַ יונגער יידישער תלמיד חכם, אַליין אַ „געבוירענער אין אַמעריקע", וועלכער האָט וועגן די ענינים טיף און ערלעך געטראַכט, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז יידישער קיום איז ניט מעגלעך אָן „אַ קינסטלעכער סובסידיע פון מענטשלעכער ענערגיע" (Artificial subsidy out of human energy). אָבער אַזאַ מין „סובסידיע פון מענטשלעכער ענערגיע" קען אַרויסרופן בלויז דער צוזאָג פון אַ שכר, אַ שכר וואָס זאָל לאָקן די פיינערע ליידנשאַפטן, וואָס שלומערן (אַזוי מוזן מיר דאָך האָפן), אין אַ טייל פון יינגערן דור. און דער שכר קען זיין בלויז דער: אָנשטאָט דעם פאַרלאָטעטן בגד פון דעם „טענצער אויף פרעמדע חתונות" — אייגענע, קוועלנדיקע קולטור און אַן אייגענע שפּראַך, אָנשטאָט גליטשיק אייז — באָדן אונטער די פיס, אָנשטאָט אָפּ־העננגיקייט פון פרעמדע חסדים און די קאַפּריזן פון זאַטע און הונגעריקע גאַסטגעבער —פרייהייט. אין נאָמען פון דעם דאָזיקן שכר מעג מען פון יוגנט פאָדערן גרויסע קרבנות. עס איז אָבער אַ גרויסער צווייפל, צי וועט זי אַפילו מקריב זיין אירע מינדעסטע באַקוועמלעכקייטן פאַר אָט די קינסטלעכע פאָרמולעס פון „יידנטום" אָדער פאַר פראָגראַמען פון אַ לעב־לעכער און סיי ווי סיי אומפאַרמיידלעכער מינימום־יידישקייט.



צו פאַרזאָרגטע טאַטע־מאַמע אין ניו־יאָרק איז דערגאַנגען אַ פריידיקע בשורה פון ארץ־ישראל: אין אַן אַרבעטער־קיבוץ אין שומרון איז געבוירן געוואָרן זייער ערשטער אייניקל.

און אויך מיך, איינעם וואָס איז בלויז אַ פריינד און אַ באַקאַנטער, האָט די ידיעה פון ארץ־ישראל, די ידיעה וועגן אַ „ריין פּריוואַטער גע־שעעניש", מאָדנע גערירט און באַרוישט. די מוטער פון ניי־געבוירענעם

קינד איז דאָך ערשט ניט לאַנג צוריק אין מיינע אויגן געווען אַ קינד — אַ יידיש קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואָקסן ערגעץ אין אַ ניו יאָרקער טענעמענט־הויז, וועמען איך פלעג פון צייט צו צייט זען אויף אַ פאַרזאַמלונג אָדער צווישן יונגע חברים. און אָט איז זי, דוכט זיך, איבער נאַכט אויסגעוואַקסן אין אַ יונגער פרוי — אַ מוטער, און איר קינד איז שוין געבוירן געוואָרן אין אַן ארץ־ישראלדיקן דאָרף, אין אַ קיבוץ פון באַלטישער, ענגלישער און אַמעריקאַנער יוגנט, אין גרעסערן קיבוץ גלויות וואָס הייסט ארץ־ישראל.

ניין, דאָס איז שוין ניט קיין וואָכעדיקע געשעעניש (אויב די געבורט פון אַ מענטשן קען בכלל זיין אַ וואָכעדיקע געשעעניש). יעדעס מאָל וואָס איך לייען אין אַ בריוו אָדער אין עפּעס אַ בולעטין וועגן אַזאַ געשעעניש אין אונדזער קליינעם הייפל אַמעריקאַנער יוגנט, וואָס האָט געפונען אַ וועג קיין ארץ־ישראל, נעמט מיך אַרום אַ געפיל פון וווּנדער. און דאָס וווּנדער־געפיל ווערט נאָך קאָנקרעטער און שאַרפער ווען מען זעט פאַר זיך פּנימער פון באַקאַנטע מענטשן. אַזאַ געשעעניש שווימט אַרויף ווי אַ נס אויף דער אויבערפלאַך פון די וואָכעדיקע טעג, וואָס דו ווייסט לכתחילה וואָס זיי וועלן זיין און ווי זיי וועלן אויסזען.

באַקאַנטע פּנימער. איך קען דאָך די דאָזיקע עלטערן און די דאָזיקע קינדער. איך האָב דאָך צווישן זיי אָפּגעלעבט פילע יאָרן. איך קען דאָך ניט נאָר דעם אָדער יענער יחיד, די אָדער יענע פאַמיליע. איך קען דעם טיפּ.

אַ מאָל, מיט צענדליקער יאָרן צוריק אין אָנהויב פון יאָרהונדערט, האָט אַ ציטער געטאָן די ערד, אויף וועלכער עס זיינען צעוואָרפן די שטעטלעך פון ליטע און פּוילן, וואָלין און אוקראַינע און גאַליציע. עפּעס האָט אָנגעהויבן יוירן אין דער יוגנט, וואָס איז אויסגעוואָקסן אין די דאָזיקע אין זיך פאַרשלאָסענע יידישע ישובים. עס איז געווען דאָס געפיל, אַז דער אַלטער פעסטער באָדן ווערט אַוועקגענומען פון אונטער די פיס. און אין וועלדלעך און טונקעלע צימערן האָט מען געזונגען „משיח בן־יוסף איז שוין געשטאָרבן...״ — און פון דער אַנדער זייט: „מיר שווערן ביי ציון, איר פאָן און דער הייליקער ערד...״.

פון דער דאָזיקער יוגנט האָבן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אויסגעוואַנדערט מעבר לים — קיין אַמעריקע, קיין אַרגענטיניע, קיין דרום־אַפריקע; אַ קליין הייפל איז אַוועק אין וויסטן לאַנד ביי די ברעגן פון מיטללענדישן ים. אָבער צווישן די וואָס זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן מיט

דער גרויסער וואַנדערער־מאַסע האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זייער נייע היים באַטראַכט בלויז ווי אַ נאַכט־אכסניה. דאָס האַרץ האָט געצויגן אַהין, צום חלום־לאַנד — עס האָט אָבער געפעלט דער כח אָפּ־צוקערן די אויגן פון רוישנדיקן לאַנד פון די גרויסע מעגלעכקייטן. אָבער מען האָט צו זיך געזאָגט: דאָס איז בלויז דערווײַלע — דאָס איז ניט די לעצטע סטאַנציע. מיר וועלן נאָך קומען צום ציל.

די יאָרן זיינען אַוועק. מען האָט זיך איינגעבירגערט אין דער נאַכט־אַכסניה. מען האָט אויפגעשטעלט פאַמיליעס. קינדער זיינען געבוירן גע־וואָרן און אָנגעהויבן וואַקסן. און מיט יעדן טאָג און יאָר איז געוואַקסן די נאָגנדיקע מורא און אומזיכערקייט. וואָס וועט פון זיי ווערן? ווער זיין אַ המשך? איז די שבועה פון די ווייטע יונגע יאָרן טאַקע געווען אַ פאַלשע? זיינען דאָס געווען בלויז פייערלעכע ווערטער?

מען האָט זיך מיט אַלע כחות (און די כחות זיינען ניט געווען קיין געוואַלדיקע) געהאַלטן ביי דער ירושה וואָס מען האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. מען האָט אויסגעמיטן די ברייטע שליאַכן פון נייעם לאַנד. מען האָט זיך „פאַרגעסן" צו לערנען זיין שפּראַך. מען האָט זיך פאַרנורעט אין די פיר איילן פון אייגענעם קרייז. מען האָט געבויט אינס־טיטוציעס און געמאַכט „אונטערנעמונגען". אָבער מען האָט שטענדיק געפילט: עס איז ניט דאָס. דער עיקר איז דאָרטן. פאַרן דאָרטן האָט מען אַוועקגעגעבן די בעסטע ענערגיעס און אויף אים האָט מען געלייגט די פאַרבאָרגנסטע האָפענונגען.

און אָט דער דאַזיקער אומרו און די דאָזיקע אומזיכערקייט האָט אַמאָל אויך אָנגעשטעקט די קינדער, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן אין דער נייער וועלט, וואָס האָט, דוכט זיך, פאַרשפּראָכן ענדגילטיקע זיכערקייט און רו. עס איז אמת, אַז פאַרן אויג פון דרויסנדיקן באַאָבאַכטער האָט די יידישקייט פון די דאָזיקע קינדער אויסגעזען אַ שיין ביסל קינסטלעך און וואַסערדיק. איך געדענק ווי איך האָב מיט יאָרן צוריק פאַרבראַכט אַן אָוונט אין אַ לאַגער פון „הבונים". מען האָט אַרום לאַגער־פייער אויפגעפירט אַ פאָר־שטעלונג פון למדנס „מסדה". לעבן מיר איז געשטאַנען אַ יידישער שריפט־שטעלער, אַ קאָמוניסטיש־געשטימטער, וועלכער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין לאַגער. אויף זיין פנים איז געלעגן אַ שפּאָטישער שמייכל. מיין פנים האָט, גלויב איך, אויסגעדריקט צווייפל.

און אָט זיינען אַוועק עטלעכע יאָר, און אַ טייל פון די דאָזיקע קינדער וועלכע זיינען ביים לאַגער־פייער אויך ניט געווען פיל אין צאָל, זיינען

איצט אין עינות, אפיקים, עין־השופט, דגניה, און קיבוץ בנימינה. און אין זייערן אַ ביולעטין לייען איך מזל־טובס צו די עלטערן פון קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין די דאָזיקע ישובים, ווו עס קאָנצענטרירט זיך דאָס ביסל יונגע חברים פון אַמעריקע. די עלטערן זיינען געבוירן געוואָרן אין נוי־יאָרק, דעטרויט, מאָנטרעאָל — און די קינדער אין יידישע דערפער אין ארץ־ישראל. זייערע טאַטע־מאַמע האָבן געציטערט איבער יעדן יידישן אָדער העברעישן וואָרט פון די אַמעריקאַנער קינדער; אָבער זייערע קינדער וועלן אין וויגל פּלאַפּלען אין דער שפּראַך פון די דורות. און כאָטש אין בנימינה און עין־השופט איז אויך נישטאָ קיין זיכערקייט, כאָטש איבער זיי דראָען אויך די שאָטנס פון חורבן און אומגליק און פאַרראַט — שיינט אָבער איבער זייערע קעפּ אויך דער גרויסער שכר, וואָס מאַכט אַלץ, אַלץ כדאי.

און אַז מען טראַכט וועגן די אייניקלעך, מוז מען זיך דערמאָנען וועגן זייערע זיידעס און באָבעס. אָט זע איך זיי אין די פיר יאָר מלחמה, וואָס האָט אין ארץ־ישראל געבושעוועט פאַר סעפּטעמבער 1939 און די ערשטע צוויי יאָר וועלט־מלחמה. איך זע זיי אויף אַ פאַרזאַמלונג אָדער אין גאַס. אין דערפרי האָב איך געלייענט אַ נייע רשימה קרבנות אין דעם אָדער יענעם ישוב. אָבער דאָס פּנים פון דעם טאַטן אָדער דער מאַמען איז אַ דיסציפּלינירט־שטרענגע מאַסקע. „וואָס הערט מען פון ארץ־ישראל?" — „ער (אָדער זי) שרייבט, אַז זי איז געזונט און צופרידן... ער איז געוואָרן אַ ,גאַפיר'... זי געפינט זיך אין נייעם ישוב..." עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז דאָס זיינען יידישע עלטערן, ווי איך און ווי דו, עלטערן וואָס לעבן, דוכט זיך, בלויז פאַר זייערע געצערטלטע קינדער.

איינפאַכע מענטשן, ניט קיין העלדן, מענטשן ווי מיר אַלע. אָבער די גרויסע זאַך, דער ערנסט פון דער זאַך, האָט זיי געלייטערט און דערהויבן. די טויט־ערנסטע אויפגאַבע וואָס הייסט: המשך. אָבער ער דיקטירט — איבערברוך; ווילן צום לעבן — אָבער ער דיקטירט — אַנדערש לעבן; לעכצן נאָך אַ נאָרמאַלן קיום — אָבער עס דיקטירט איבערצופלאַנצן אַלץ וואָס איז לעבנספעיק אויף נייעם, אייגענעם באָדן; גאַרן נאָך שלום מיט זיך אַליין און דער וועלט — אָבער עס דיקטירט אומרו און אומ־צופרידנקייט מיט זיך אַליין און אָפּקערן זיך פון אילוזיעס.

אין זכות פון דעם דאָזיקן אומרו האָבן זיידעס זוכה געווען צו זען קינדער און קינדס־קינדער, וואָס זיינען המשך, לעבעדיקער המשך פון דור צו דור, פון מדרגה צו מדרגה.



אַרום דעם סדר־טיש פון אונדזערע עלטערן און זיידעס האָבן מיר געאָטעמט אין דער לופט פון וואַנדערנדיקע דורות: קנעכטשאַפט, יציאת־מצרים, אין איילעניש געבאַקטע צידה־לדרך, דער לאַנגער וועג דורכן מדבר. דאָרטן האָבן מיר דערשפּירט און אויף אונדזער גאַנצן לעבנס־וועג מיט־גענומען דעם דערלייכטערנדיקן (יאָ, דערלייכטערנדיקן) געפיל: מיר זיצן דאָ צייטווייליק. דאָס איז ניט מער ווי אַן אַכסניה אויף וועגן צום ציל, צו היים. השתא הכא — לשנה הבאה...

עס איז שווערער געוואָרן צו זאָגן די אַלטע ווערטער. פאַר אונדז ליגט אַ מדבר וואָס איז פיל מוראָדיקער פון דער וויסטע דורך וועלכער די אור־עלטערן האָבן געבלאָנדזשעט. אָבער זאָלן די אַלטע ווערטער געזאָגט ווערן, זאָלן קינדערשע אויערן און הערצער אויפנעמען די באַפרייענדיקע בשורה, אַז מיר האָבן העכערע צילן ווי די „פליישטעפּ" פון מצרים.

בלויז די דאָזיקע אומזיכערקייט און אומצופרידנקייט גיט אונדז דאָס רעכט צו האָפן, אין די ווערטער פון אַן ארץ־ישראלדיקן פאָלקסליד, אַז מיר וועלן נאָך זוכה זיין

...לראות בנים, בנים ובני בנים
עוסקים בתורה ובעבודה —

**אויף אייגענער ערד.**

(„אידישער קעמפער", 11 אַפּריל 1941)

# יידיש אין אַמעריקע

די טעמע פון די פאָלגנדיקע שורות איז ניט די „שפּראַכן־פּראַגע". ס'איז אויך ניט די פּראַגע פונעם ענדגילטיקן גורל פון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע. יעדערער פון אונדז האָט דאָך שוין „גענומען שטעלונג" צו דער פּראַגע „יידיש אָדער העברעיש"; עס איז מסתמא ריכטיק צו זאָגן, אַז היינט איז שוין ניטאָ וועמען צו „ווערבירן" אויף דעם אָדער יענעם צד. די וואָס זיינען אַזוי איינגעוואָרצלט אין יידישן לעבן, אַז זיי זיינען בכלל רייף צו „נעמען שטעלונג" אין אַזאַ אינערלעכער שטרייט־פּראַגע, האָבן דאָס שוין לאַנג צוריק געטאָן. דערוויילע וואַקסט קאַטאַסטראָ־פאַל די צאָל פון די יעניקע, וואָס די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פון יידישן קיום איז נאָך ניט דערגאַנגען צו זייער באַוווסטזיין. די פּראַגע איז, צי די יידישע שפּראַך און איר קולטור זיינען צווישן יענע יידישע קולטור־קנינים, וואָס זייער לעבנספעיקייט איז בלויז באַגרענעצט אויף איין דור, אויפן דור הולך פון מזרח־אייראָפּעישע אימיגראַנטן, אָדער זי קען נאָך עפּעס געבן אויך דעם קומענדיקן דור, וואָס וואַקסט אויס פאַר אונדזערע אויגן און בכלל דעם יידן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער אַמעריקאַנער סביבה?

אַז מען קוקט אויפן יידישן לעבן אין אַמעריקע ווי אויף אַ היסטאָרישן פּראָצעס און מען טראַכט זיך אַריין אין די סאָציאָלאָגישע פאַקטאָרן, וואָס דעטערמינירן דעם דאָזיקן פּראָצעס, קען דער ענטפער אויף דער דאָזיקער פּראַגע זיין בלויז איינער. איינער פון די ערשטע פּרייזן, וואָס מיר באַצאָלן אַמעריקע פאַר איר הכנסת אורחים און זיכערקייט — זיינען אונדזערע שפּראַכן. אין די מערסטע אייראָפּעישע לענדער, די לענדער פון די יידישע מאַסן־קיבוצים, זיינען מיר, פאַר היטלערן, אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ נאַציאָנאַליטעט. אמת, אויך אין די דאָזיקע לענדער (אין קאָמוניסטישן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אויך אין דעם קאַפּיטאַליסטישן פּוילן) האָבן יידן אין די לעצטע יאָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער אויסגענוצט די געלעגנ־הייטן אויף אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט־עקזיסטענץ, אָבער די מעגלעכקייטן זיינען דאָרטן געווען, כאָטש ניט אין קיין גלייכער מאָס און אין פאַרשיידענע פאָרמען. די מלוכה אין ביידע לענדער האָט ניט געפאָדערט, אַז יידן זאָלן זיך אסימילירן; מען קען אפילו זאָגן, אַז ביידע מלוכות האָבן דאָס, אייגנט־

לעך, ניט געוואָלט. אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד אַסימילירן זיך יידן ניט אונטערן דרוק פֿון דער מלוכה אָדער דער עפֿנטלעכער מיינונג; זיי ווערן דערצו געטריבן פֿון דעם אייגענעם ווילן זיך באַפֿרייען פֿון אַן עול, פֿונם באַגער זיך צו אידענטיפֿיצירן מיט דער מערהייט. דאָס זיינען אויך געווען די מאָטיוון, וואָס האָבן סטימולירט דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס אין דעם פֿאַר־מלחמהדיקן פּוילן. גאָר אַנדערש איז די לאַגע אין אַמעריקע. דער דרוק פֿון דער אַסימילאַציע פּרעסט אויף אונדז פֿון פֿאַרשידענע זייטן. ניט אונדזערע שונאים, נאָר אונדזערע פֿריינד פֿאָדערן פֿון אונדז די מעגלעך־פֿולסטע אַסימילאַציע. נעמען נעמט זיך עס אין די מערסטע פֿאַלן ניט אַזוי פֿון גרויסער ליבע פֿאַר אונדז, נאָר פֿון זאָרג פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון דער „ליבעראַלער אַמעריקע". אונדזערע פֿריינד זיינען באַזאָרגט וועגן דעם קיום פֿון די יידן ווי אַן „אָפּגעזונדערטע" גרופּע אַלס אַ סטימול צו ראַסן־שנאה און ראַסן־קאָנפֿליקטן. דורך די סענטימענטן פֿון אומצוטרוי און האַס, וואָס זיי רופֿן אַרויס, פֿאַרשטייט זיך, ניט צוליב זייער שולד, שטערן די יידן דעם אויפֿקום פֿון אַ האָמאָגענער אַמעריקאַנער נאַציע. יידיש, אויף די ליפּן און אויפֿן פּאַפּיר, איז, לויטן געפֿיל פֿון פֿילע „ליבעראַלע" פֿריינד אונדזערע, עפּעס וואָס מוז סטימולירן אַנטיסעמיטישע שנאה. מען מוז צוגעבן, אַז די דאָזיקע באַהויפּטונגען זיינען ניט אינגאַנצן אויסגעטראַכטע. מען קען ניט זאָגן, אַז דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער באַציט זיך מיט גרויסער טאָלעראַנץ צו פֿרעמדע שפּראַכן. דער אַמעריקאַנער מאַסן־מענטש איז אַ לייכט אויפֿרייצבאַרער מענטש — און דער קלאַנג פֿון אַ פֿרעמדער שפּראַך גרילצט אים אין די אויערן און אויף די נערוון. די אַמעריקאַנער זיינען אַ יונג פֿאָלק, וואָס געפֿינט זיך נאָך אין פּראָצעס פֿון ווערן אַ נאַציע — און אַלע עטנישע גרופּעס אין דער באַפֿעלקערונג פּרובירן איבעריאָגן איינע דער צווייטער אין „אַסימילאַציע". זייער גרעסטער שטאָלץ, אַלס געוועזענע מיטגלידער פֿון ניט־אַמעריקאַנער נאַציעס, איז די מאָס און גרינטלעכקייט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַוויזן צו באַפֿרייען פֿון זייער אַלטער נאַציאָנאַלער ירושה. די באַציונג צו די יידן, אַן אַלטער אָביעקט פֿון „קריסטלעכער" שנאה, איז אפֿשר אויך איינער פֿון די מיטלען, וואָס די „געשיכטע" נוצט אויס ביים צעמענטירן אַן אַמעריקאַנער נאַציע... מען וועט, פֿאַרשטייט זיך, זאָגן, אַז אויב אַזוי, וועט דאָך די דאָזיקע נאַציע האָבן אַ קנאַפּע שייכות מיט דער אַמעריקע פֿון די „אבות פֿון דער רעפּובליק" — מיט וואַשינגטאָן און דזשעפֿערסאָן און לינקאָלן. דאָס איז טאַקע אמת: די אַמעריקע פֿון אונדזער צייט, מיט אירע מיליאָנען אירלענדער און דייטשן, מיט איר

שאַרפֿער נעגער־פּראַגע און קאַטאָליקן־פּראַגע, קען נישט זײַן פֿיל ענלעך אויף דער אַמעריקע פֿון די דרײַצן קאָלאָניעס, מיט איר כּמעט אומדערגרייכ־באַרער איזאָלאַציע, איר רעװאָלוציאָנערן „עלאַן", איר דעמאָקראַטישן־רעפּובליקאַנישן מיסיע־באַװוסטזײַן, איר דעאיזם און פּוריטאַניזם.

דאָס איז די אַלגעמיינע ראַם פֿאַר דער באַטראַכטונג פֿון דער פּאָזיציע פֿון ייִדיש אין אַמעריקע. און מען דאַרף ניט זײַן קיין צו שאַרפֿער דעטער־מיניסט כּדי צו גלויבן, אַז אָט די אַלגעמיינע פֿאַקטאָרן װעלן זיך סוף־כּל־סוף אַרױסװײַזן צו זײַן שטאַרקער פֿון אַלע ספּעציעלע אָנשטרענגונגען פֿון די קנאים פֿאַר ייִדיש. אין לעצטן סך־הכּל, דערװאַרט ייִדן אין אַמעריקע אַ מין נאַציאָנאַלע מאַראַנען־עקזיסטענץ — אַפֿילו די יעניקע צװישן זיי, װאָס װייסן דעם סוד, אַז ייִדן זײַנען שוין היינט ניט קיין רעליגיעזער קיבוץ, װעלן זייער ייִדישקייט מוזן דורכשמוגלען אַלס אַ רעליגיעזע „סחורה". און דערפֿאַר װאָס קיין רעליגיע קען זיך אונטער די דאָזיקע אומשטענדן ניט אַנטװיקלען אויף אַ פֿרייען און שעפֿערישן אופֿן, װאָלט אפֿשר געװען אוטאָפּיש צו דערװאַרטן, אַז אונדזערע שולן און סינאַגאָגעס זאָלן זײַן עפּעס מער װי דאָס װאָס זיי זײַנען.

דאָס איז דער סך־הכּל צו װעלכן עס מוז אונדז פֿירן יעדער חשבון, װאָס איז געבױט אויף אַ ניכטערער באַטראַכטונג פֿון אַמעריקע און אירע ייִדן אין דער היינטיקער צייט. די ברייטע ייִדישע מאַסן אַסימילירן זיך זייער שנעל — כאָטש פֿון דעם דאַרף מען ניט דרינגען, אַז זיי װעלן אויך אַסימילירט װערן פֿון דער סבֿיבֿה, אַפֿילו מיט אַ פּאַמעלעכדיקן טעמפּאָ. אָבער אין פּראָצעס פֿון דער דאָזיקער אַסימילאַציע לײדיקן זיך ייִדן אויס פֿון אַלץ, װאָס האָט דעם ייִדישן יחיד געמאַכט פֿאַר אַ גליד פֿון אַן אָרגאַנישן ציבור (דאָס הייסט אַ קולטור־מענטש). די אַסימילאַציע פֿון ייִדישן קיבוץ אין אַמעריקע געפֿינט זיך איצט ערשט אין דער ערשטער סטאַדיע. מיר קענען נאָך ניט פֿאָרױסזאָגן װאָס עס װעט זײַן דער מענטשלעכער פּרצוף־פּנים און דער לעבנס־שטייגער פֿון דעם פֿון אַנקער אָפּגעריסענעם ייִדישן מענטשן, אַז ער װעט דורכגיין דעם דאָזיקן פּראָצעס — און װי אַזוי די ניט־ייִדישע סבֿיבֿה װעט דערויף רעאַגירן. מיר װייסן אָבער, אַז דערװײַל איז אונדזער אויפֿגאַבע — װידערשטאַנד, כאָטש קיינער קען אויך ניט זאָגן מיט זיכערקייט, אין װאָס פֿאַר אַ מאָס דער דאָזיקער װידערשטאַנד קען מילדערן די אינטענסיװיטעט פֿון דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס.

קעגן דער סכּנה פֿון דער אַלץ פֿאַרפֿלייצנדיקער אַסימילאַציע דאַרפֿן מיר מאָביליזירן אַלע אונדזערע פֿאַר דעם צװעק ברויכבאַרע קולטור־קנינים. אַלע

יידישע קנינים קענען ניט זיין אין דער גלייכער מאָס און ראַנג טייער יעדן ייִדן. אָבער אונדזער לאַגע איז אַזעלכע, אַז יעדער איינער פון אונדז דאַרף וויניקסטנס אַרויסווייזן אַן אינטערעס אין יעדן רינג אין אונדזער קיום־קייט. עס איז פאַראַן אַ ציוניסטישע ווערטן־סקאַלע (כאָטש ניט אַלע ציוניסטן — מיר רעדן דאָך וועגן אַמעריקע — איז זי מחייב), אָבער אַ ציוניסט קען זיך ניט פאַרגינען צו בלייבן גלייכגילטיק צו קיין איין וויכטיקער שטרעמונג אין יידישן לעבן. איך בין ניט קיין אָרטאָדאָקסישער ייד, אָבער דער גורל פון „אַלטן בית מדרש" און דער נייער סינאַגאָגע אין אַמעריקע איז אויך מיינע אַ זאַך, איז אויך מיין זאָרג. ספּעציפישע יידישע באַשטרעבונגען, וואָס אָריענטירן זיך אויף אַ באַשטימטער צוקונפט, מוזן האָבן אַ באָדן און אַ יידישע אַטמאָספערע, אין וועלכער צו וואַקסן. פון דער הוילער לופט וועט קיין וואָגיקער ציוניזם ניט קומען. מיר שטרעבן ערגעץ ווייט, צו עפּעס וואָס ליגט אויף יענער זייט פון דער אַמעריקאַנער יידישערווירקלעכקייט און אַמעריקאַנער יידישע השגות — אָבער אַנהויבן מוזן מיר דאָך פון נאָענטן, פון דעם וואָס ליגט ביי דער האַנט.

דער אַמעריקאַנער יידישער קיבוץ איז אַ קראַנקער אָרגאַניזם. אויב מען וויל אים היילן, אים ראַטעווען — דאַרף מען קודם כל אויסזוכן יענע אָרגאַנען זיינע, וואָס זיינען נאָך ניט אינגאַנצן פּאַראַליזירט, וואָס פונקציאָנירן נאָך מער אָדער וויניקער. איינער פון די דאָזיקע אָרגאַנען איז זיכער די יידישע שפּראַך.

אַז דער צושטאַנד פון יידיש איז ניט קיין געהויבענער, אַז דער שפּראַך, וואָס מיליאָנען יידן האָבן אַהער געבראַכט פון מזרח־אייראָפּע דראָט דער אונטערגאַנג — דאָס ווייסן מיר אַלע. אַז עס זיינען ניטאָ קיין אויסזיכטן, אַז יידיש זאָל אָפּגעהיט ווערן אַלס די טאָג־טעגלעכע אומגאַנגס־שפּראַך פאַר מער ווי איין דור, דעם „דור הולך", אין אַמעריקאַנער יידנטום — דאָס ווייסן, דוכט זיך, אויך אַלע. אָבער מיר פאַרגעסן צו אָפט, אַז יידיש לעבט נאָך, אַז זי ווערט נאָך פאַרשטאַנען. וועגן וויפל אַנדערע יידישע קולטור־קנינים קען מען דאָס אין אַמעריקע זאָגן?

ווען מען מאַכט חשבונות וועגן דער קעגנוואַרט און דער צוקונפט פון יידיש אין אַמעריקע, רעכנט מען קודם כל אויס, אויף וויפל עס לאָזט זיך רעכענען, די צאָל יידיש־רעדנדיקע און יידישע־לייענער. דאָ, קען מען ניט לייקענען, מוז דער חשבון זיין אַן אומעטיקער, יאָ, אַ דערשרעקנדיקער — באַזונדערס ווען מען טראַכט ניט נאָר וועגן דער סטאַטיק, וועלכע איז דאָך נאָך לכל הדעות אַ וואָגיקער „יש", נאָר אויך וועגן דער דינאַמיק, וועגן

די צוקונפט־אויסזיכטן. אָבער, דוכט זיך, אַז קיינער האָט נאָך ניט אָנגעוויזן דערויף, אַז יידיש־רעדנדיקע און יידיש־לייענער זיינען ניט די איינציקע פאַקטאָרן ביים באַשטימען די נאָענטע צוקונפט פון יידיש אין אַמעריקע. אין אונדזערע שווערע, ניט נאָרמאַלע אומשטענדן קענען מיר זיך ניט דערלויבן אַרויסצולאָזן פון חשבון נאָך אַ פאַקטאָר — דעם פּאַסיוון יידיש־קענער. עס איז דאָ יעדער גרונט צו גלויבן, אַז ווען דאָס פּאַסיווע יידיש־וויסן, וואָס געפינט זיך אין אַמעריקאַנער יידנטום זאָל „אַקטיוויזירט" ווערן קען דאָס, אין באַשטימטע גרענעצן, באַדייטנד ענדערן די מערכה פון דער יידישער שפּראַך און קולטור.

פּאַסיווע יידיש־קענער זיינען די יעניקע, וואָס קענען שוין ניט רעדן אָדער לייענען יידיש — וועלכע פאַרשטייען אָבער ווען אַנדערע רעדן. זיי קענען יידיש ניט דורכן מעדיום פון מויל אָדער די אויגן — נאָר פון די אויערן. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט קיין סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל פון אַזעלכע פּאַסיווע יידיש־קענער. אָבער מען קען אָננעמען, אַז זי איז זייער גרויס. די צאָל פּאַסיווע יידיש־קענער איז באַזונדערס גרויס צווישן די דרייסיק ביז פופציק יעריקע אין אַמעריקע געבוירענע און דערצויגענע יידן — אָט דעם דור וואָס איז נאָך אויפגעוואַקסן אין יידיש־ריידנדיקע קוואַרטאַלן און היימען (צווישן די עלטערע שיכטן פון דעם דור זיינען נאָך אויך פאַראַן פילע יידיש־ריידנדיקע). איך גלויב, אַז איך וועל ניט איבער־טרייבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז אויף יעדן אין אַמעריקע דערצויגענעם יידן וואָס קען פריי רעדן יידיש זיינען פאַראַן צוואַנציק וואָס קענען פאַרשטיין יידיש. דאָס איז אַ גרויסער רעזערוואַר פאַר דער יידישער קולטור־אַרבעט.

אָבער דאָס איז בלויז די „אַריטמעטישע" זייט פון דער פראַגע. פיל וויכטיקער זיינען די עמאָציאָנעל־גייסטיקע פּאָטענצן וואָס ליגן אין דעם דאָזיקן פּאַסיוון יידיש־קענען. פאַרשטייט זיך, אַז ניט שטענדיק ווייזט דאָס פּאַסיווע יידיש־קענען אויך אויף באַציאונג און דרך ארץ פאַר יידיש. אָבער פון דער אַנדער זייט אונטערשאַצן מיר, גלויב איך, דעם חן, וואָס יידיש האָט פאַר אַ געוויסן טיפּ אַמעריקאַניזירטן יידן.

אין דער אמתן האַנדלט זיך עס וועגן צוויי טיפּן: דער זייער פּשוטער, וואָס האָט אייגנטלעך קיינמאָל ניט פאַרלאָזן די וואַרעמע ד' אמות פון דער פאַמיליע־סביבה, און וואָס יידיש איז אים ליב ווי אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט דער משפּחה, און דער עכטער קולטור־מענטש, וואָס האָט שוין געלערנט דעם סוד, אַז „קולטור" איז עפּעס מער ווי אַ סנאָבישע פאָרם פון פאַרווײַלונג. עס זיינען צווישן אונדזערע „איינגעבוירענע" פאַראַן פיל מער מענטשן ווי

עס דוכט זיך אונדז אויס, וואָס שפּירן מער אָדער ווייניקער באַוווסטזיניק אַז זיי זיינען אין אַמעריקע אַסימילירט אין אַ פּאָליטישער און אין אַ געוויסער מאָס, ציוויליזאַטאָרישער אייגנהייט — אָבער דער מענטש נויטיקט זיך אויך אין אַן אינטימער סביבה, ווו ער איז ניט נאָר אַ בירגער, נאָר אויך אַן „אייגענער". יידיש איז אַ פאַרבינדונג מיט אַזאַ „וועלט פון אייגענע".

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן איז געבויט אויף אַ שיין ביסל דערפאַרונגען — דערפאַרונגען, וואָס האָבן מיך, מוז איך מודה זיין, אַליין איבערראַשט יעדעס מאָל וואָס איך האָב זיך אָן זיי אָנגעשטויסן. אַ קליינער ביישפּיל: מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען אויפגעפירט אַ יידישן פילם מיטן נאָמען „יידל מיטן פידל" — אַ מאַלי פּיקאָן־שטיק. אַ יונגע פרוי אין מיין פאַמיליע האָט דעם פילם „אַנטדעקט" — און אים געגאַנגען זען גאַנצע דריי מאָל. איך האָב זיך דעמאָלט געחידושט: די יונגע פרוי איז אַ מענטש מיט די העכסטע קינסטלערישע פאָדערונגען. וואָס האָט זי אַריינגעבראַכט אין אַזאַ התלהבות אין דעם דאָזיקן פּרימיטיוון פאָלקס־שטיק? אָט־דאָס טאַקע — דאָס פאָלקישע, אין־זיך־רוענדיקע, אויטענטישע, די אייגנטאַר־טיקע קלאַנגען, נשמה־נאָענטער ריטם, טאָן און זשעסט אויפן פאָן פון יידיש־פּוילישן שטעטל. דווקא דער מער קריטישער און ראַפינירטער אַסי־מילירטער יידישער קולטור־מענטש מוז דערגיין צום פּונקט ווו ער פאַר־שטייט, אַז קיין שום „קולטור"־שפע קען ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון גאַנצן, אוממיטלבאַרן און „אייגענעם". איך בין איינמאָל געגאַנגען מיט עטלעכע יונגע אַסימילירטע יידן זען דעם פילם־נוסח פון פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער". וואָס פאַר אַן איבערלעבעניש דער דאָזיקער ניט־פּרעטענציעזער פילם איז פאַר זיי געווען! „קיין שום פילם, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען האָט אויף מיר ניט געלאָזן אַזאַ רושם", האָט מיר געזאָגט אַ יונגערמאַן, וואָס איז אַ בקי אין דעם „לעצטן וואָרט" אין טעאַטער, פילם און ליטעראַטור. ווי קומט עס? עס איז דער כוח פון „אייגענעם" — און קודם כל דער פאַרבינדנדיקער כח פון דער יידישער שפּראַך. (מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז אָט־דער כוח ווירקט, ווייזט אויס, בלויז אויב יידיש פירט צום יידישן, צום יידישן אינהאַלט און שטייגער).

די גרעסטע מעגלעכקייטן פאַר דער קולטורעלער „עקספּלואַטאַציע" פון פאַסיוון יידיש־וויסן ליגן אין טעאַטער און פילם. איז דען נויטיק, צו זאָגן, ווי פאַרברעכעריש די דאָזיקע צוויי מעגלעכקייטן ווערן ביי אונדז פאַרנאַכ־לעסיקט? איך וועל דאָך מיינע יונגע יידיש־פאַרליבטע פריינד ניט וואַגן צו רעקאָמענדירן גיין אין איינעם פון אונדזערע עקזיסטירנדיקע יידישע

טעאַטערן. וואָרעם וואָס איז אין זיי פאַרבליבן פון אָט דעם יידיש־חן, דעם חן פון יידישן וואָרט און יידישן שטייגער? איך דערמאָן זיך: מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען אויפגעפירט אַ פילם פון „טביה דער מילכיקער״, בין איך עס געגאַנגען זען צוזאַמען מיט מיינער אַ חברטע — דער זעלבער וואָס האָט אַזוי שטאַרק הנאה געהאַט פון „יידל מיטן פידל״. אָבער דעם דאָזיקן פילם האָט רעזשיסירט און אין אים געשפילט די הויפּט־ראָלע אַ יידישער רעזשיסאָר און אַקטיאָר, וואָס אַלץ קומט ביי אים אַרויס „גיגאַנטיש״ און „טראַגיש״ (דאָס הייסט מעלאָדראַמאַטיש). פון טביהן איז ביי אים געוואָרן אַ וואָדעוויל־קאַריקאַטור פון שיילאָקן. מיר זייבען אַרויס אינמיטן. אַנטקעגן וואָס דערמאָן איך דעם דאָזיקן אינצידענט? „קונסט״־געשעפטמאַכער וועלן פונעם יידישן טעאַטער און פילם ניט מאַכן אָט ׳דאָס וואָס זיי וואָלטן געקענט ווערן פאַר אַ טייל אַמעריקאַניזירטע יידן, אין וועלכע עס דרעמלט אַ לעכ־צעניש נאָכן אינטים־יידישן, אַ המשך פון דעם יידיש און דעם יידישן, וואָס זיי האָבן אין די קינדער־יאָרן פאַרנומען אין אַן אָנשטענדיקער יידישער היים.

מיט טעאַטער און פילם שעפּן זיך נאָך ניט אויס די דאָזיקע מעגלעכ־קייטן. קליינע צאָלן פאַסיווע יידיש־קענער קענען, אונטער גינסטיקע אומ־שטענדן, געפירט ווערן צו מער אַקטיווע פאָרמען פון באַנוצן יידיש — קודם כל, צום לייענען. איך האָב אַ מוסטער פון דעם דאָזיקן פּראָצעס געזען אין אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הבונים״. אין די לעצטע יאָרן האָבן די „הבונים״, אין זייער שבת־שול, אויך איינגעפירט אַ קורס אין יידישער ליטעראַטור — ניט קיין לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור, נאָר לייענען מוסטערן פון יידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער. קיין קורס איז ניט געווען מער פּאָפּולער ביי אונדזער יונגוואַרג. און ס׳איז אינטערעסאַנט: איינער פון די באַגייסטערטע אָנטיילנעמער איז געווען מיינער אַ יונגער פריינד, וואָס קען קיין יידיש ניט לייענען — אָבער ער פאַרשטייט און רעדט יידיש זייער גוט. און ער איז, דוכט זיך מיר, ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט די יידישע ליטעראַטור געלערנט „דורכן אויער״. דער דאָזיקער קורס, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון אַ באַגאַבטן לערער, דעם דיכטער נ. ב. מינקאָוו, איז אַ מוסטער פון דעם, וואָס קען געטאָן ווערן אויף דעם געביט.

פיל קען געטאָן ווערן — אַז עס וועט נאָר זיין דער ווילן. איך מיין: ווילן צו „קליינע״ טאַטן. אָבער דער יידישיזם, וואָס די יידישע שפּראַך איז, ליידער, זיין מאָנאָפּאָל, האָט פאַר אַזעלכע קלייניקייטן ניט קיין גרויסן גוסט. עס איז, פאַרשטייט זיך, פיל גרינגער צו פּראָטעסטירן קעגן די „רדיפות״ אויף יידיש אין ארץ־ישראל און צו פאָדערן פון אַנדערע די פולסטע

פאַרווירקלעכונג פון דער מאַקסימום־פּראָגראַם. ווער האָט עס די צייט און געדולד צו זאָרגן זיך, לאָמיר זאָגן, פאַר איין קליינעם אָנשטענדיקן יידישן טעאַטער? פאַר איין יידישן פאַרלאַג, פאַר איין טיכטיקער אַגענטור פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך, וואָס זאָל דעם יידישן שריפטשטעלער באַפרייען פון דעם בזיון פון „פּעדלען" מיט זיינע ביכער? וועגן יידיש־קורסן פאַר אונדזער דערוואַקסענער יוגנט?

מאַקסימום־יידישיזם איז דווקא ניט פאַרבונדן מיט פּראַקטישע טאָטן פאַר יידיש — גרויסע אָדער קליינע. אָט נעמט אַזאַ ביישפּיל: ס'איז שוין אַ שיין ביסל יאָר ווי דער „אַרבעטער־רינג" האָט אָרגאַניזירט זיין „יאָנג סוירקל". בראש פון דער קולטור־אַרבעט פון „יאָנג סוירקל" שטייט ד"ר עזריאל נאַקס, אַ מיליטאַנטער יידישיסט, וועלכער האָט, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, מיט יאָרן צוריק פאַרלאָזן די פּועלי ציון־יוגנט, פון וועלכער ער איז געווען אַ פירנדיקער חבר, צוליב אירע „אָפּנויגן" בנוגע דער שפּראַכן־פראַגע. וואָס טוט דער „יאָנג סוירקל" אויפן געביט פון יידישער קולטור־אַרבעט? אַז איך לייען דעם זשורנאַל פון „יאָנג סוירקל ליג", פאַרגעס איך אָפטמאָל ניט נאָר וועגן יידישיזם, נאָר אַפילו וועגן יידן...

די איינציקע האָפענונג איז אפשר, אַז עס וועלן זיך ביי אונדז געפינען קרייזן, וואָס „שלא לשמה" וועלן זיי קומען „לשמה". איך האָב אַ חשד, אַז אויב עפּעס וועט נאָך געטאָן ווערן פאַר דער יידישער קולטור אין אַמעריקע, וועט עס געטאָן ווערן דורך ניט־יידישיסטן — דורך מענטשן, וואָס יידיש איז פאַר זיי ניט אַלץ („אַלץ" איז, כידוע, אַ נאָענטער מחותן מיט „גאָרניט"), אָבער דערפאַר עפּעס. איך אַליין בין צופרידן, וואָס די דאָזיקע שורות (ווי דער „אידישער קעמפער" בכלל), ווערן אויך געלייענט פון אַ צאָל יונגע מענטשן, וואָס זענען ניט יידישיסטן, וואָס גרייטן זיך צו לעבן אין דער העברעישער ארץ־ישראל, אָבער זייער אינטענסיווער, פערזענלעכער, ערנסטער אינטערעס אין יידישן קיום און דער יידישער ווידעראויפריכטונג, וואָס האָט אין זיי סטימולירט דעם ווילן צו ווערן בני־בית אין יידישן לעבן, האָט אין זיי אויך אַרויסגערופן דעם ווילן זיך אויסצולערנען יידיש. ניט צוליב „פּרינציפּ", ניט אַלס „נאַציאָנאַלער אויפטו" — נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס דאָס איז פאַר זיי אַ נוצלעכער אינסטרומענט. דאָרטן ווו עס איז פאַראַן אַן ערנסטער ווילן צו „קיום האומה", קען מען אויך ניט פאַרקוקן אַזאַ וויכטיקן אינסטרומענט ווי יידיש. אָט דאָס איז די האָפענונג פון יידיש אין אַמעריקע.

(„אידישער קעמפער", ראש השנה תש"ד)

# פּאַטריאָטיזם און באַקוועמלעכקייט

דער האָלענדיש־אַמעריקאַנער שריפטשטעלער העגדריק וואַן לון האָט ניט לאַנג צוריק, ריידנדיק וועגן פּאָטער קאָגלין, באַמערקט: „איך האָב מיין גאַנץ לעבן ניט געוווּסט וואָס עס איז אַזוינס חילול השם — ביז וואַנען איך האָב אויף דער ראַדיאָ געהערט ווי אַ געוויסער גייסטלעכער האָט זיינע אַ רעדע פאַרענדיקט מיט די ווערטער ,גאָד בלעס יו׳ (זאָל אייך גאָט בענטשן)״. וואַן לון׳ס ווערטער זיינען מיר געקומען אין קאָפּ ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין דער סטענאָגראַמע פון אַ רעדע וואָס אַ באַקאַנטער יידישער „קלוירדזשימען״ פון באַלטימאָר, ראַביי מאָריס ס. לאַזאַראָן, האָט לעצטנס געהאַלטן אויף דער פּאָפּולערער יידישער ראַדיאָ־שעה „מעסעדזש אָוו איזראַעל״.

אין וואָס ליגט דער חילול־השם פון ראַביי לאַזאַראָנס ווערטער? אייגנטלעך וויל ראַביי לאַזאַראָן ניט מער ווי דאָס וואָס עס ווילן אַ סך דורכשניט־יידן. ער וויל לעבן אין אומגעשטערטער זאָרגלאָזיקייט; ער וויל אַז אַ ייד זאָל קענען הנאה האָבן פון עולם הזה און דערביי ניט אַרויסרופן די קנאה־געפילן פון זיינע ניט־יידישע שכנים; ער וויל אַז מען זאָל אונדז ניט באַמערקן און ניט דערמאָנען — אויסער ביי פייערלעכע געלעגנהייטן, ווען מען גיט אונדז אַ קאָמפּלימענט פאַר דער ביבל אָדער דזשוליוס ראָזענוואַלדן, מיט וועלכע מיר האָבן באַגליקט די וועלט; קורץ, ער וויל זיין און ניט־זיין אין איין און דער זעלבער צייט.

אייגנטלעך וויל דער דאָזיקער טיפּ ייד דאָס זעלבע וואָס זיין ניט־יידישער שכן. די צרה איז בלויז וואָס דער ייד — איז אַ ייד; דאָס ביסל פיליסטערישע עולם־הזה קומט אים אָן פיל שווערער ווי זיין ניט־יידישן פּראָטאָטיפּ. חוץ דעם זיינען זיי ביידע ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. ביידע האָבן ניט דעם כח צו זיין אָפן און ערלעך עולם־הזה׳דיק. זיי מוזן עס איינוויקלען אין כלערליי „גייסטיקע״ און „מאָראַלישע״ און אפילו „רעליגיעזע״ פייגנבלעטער. עס איז אָבער פאַראַן אַ מערקבאַרער אונטערשייד צווישן יידישן און ניט־יידישן פיליסטער. דער לעצטער שעפּט זיין גבורה פון אַ געפיל פון איינגעוואָרצלטער, אומדערשיטערלעכער זיכערקייט. אין זיין אינערטער טעמפּקייט פּאַלט אים גאָרניט איין, אַז דער קריסטלעכער גלויבן איז אייגנטלעך עפּעס מער ווי אַ זונטיקדיקער צודעק פאַר אַ ניט

זייער געהויבענעם אינדערוואַכן. דער יידישער פיליסטער איז אַ ווייניקער איינגעוואָרצלטער און אינטעלעקטועל מער באַוועגלעכער מענטש. קאָרטשעט ער זיך נעבעך אין דרייען כדי אויסצוטראַכטן אַ שטיקל אומשעדלעכע רוחניות וואָס זאָל אים דינען ווי אַ הערב און יחוס־בריוו. ריכטיקער געזאָגט: זיין ראַביי קאָרטשעט זיך פאַר אים.

וואָס איז ראַביי לאַזאַראָן אויסן געוועזן מיט זיין פיל דיסקוטירטער רעדע? אַ גאַנץ ערדישן, גאַנץ קאָנקרעטן ענין. מען דערוואַרט אַז חיים ווייצמאַן זאָל אונדז דאָ אין דער נאָענטסטער צייט אָפּשטאַטן אַ באַזוך. זיינען פאַראַן יידן וועלכע זעען אין דעם דאָזיקן באַזוך אַ געפאַר פאַרן אַמעריקאַנער יידנטום. ראַביי לאַזאַראָן האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע עפנטלעך אַרויסצוקומען מיט אַ וואָרענונג קעגן ווייצמאַנס באַזוך. ווייצמאַנס באַזוך אין דער איצטיקער צייט, זאָגט ראַביי לאַזאַראָן, איז אַן „אומגליקלעכע זאַך" („אַנפאָרטשונייט"). וואָרום עס איז „עלול צו האָבן פּאָליטישע אימפּליקאַציעס מיט וועלכע די מערהייט אַמעריקאַנער יידן ווילן ניט האָבן קיין שייכות". און ראַביי לאַזאַראָן דריקט אויס זיין „אויפריכטיקע" האָפענונג, אַז דער באַזוך וועט ניט צושטאַנד קומען — אָדער אַז יעדע קאָנפערענץ וואָס וועט פאַררופן ווערן לכבוד דעם אָנגעזעענעם גאַסט, אויב ער זאָל יאָ קומען, וועט אַראַנזשירט ווערן פון די יעניקע וועלכע זיינען פּאָליטישע ציוניסטן אָדער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס".

פאַרשטייען מיר, וואָס ראַביי לאַזאַראָן וויל זאָגן — מיר פאַרשטייען עס אויפן ווונק. מלחמה אין אייראָפּע, אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטן שרייען „מלחמה־העצער" און „דאָפּלטע לאָיאַליטעטען". צו וואָס זאָלן מיר זיך פאַרשאַפן אומזיסטע צרות? פאַרוואָס זאָלן מיר אונדזערע שונאים ניט באַווייזן ווי פּאַטריאָטיש מיר זיינען? נאָך אַלעמען — וואָס איז דאָס ביסל לעבן אָן דאָס ביסל קאָמפאָרט?

יאָ, וועגן דעם האַנדלט זיך עס — וועגן קאָמפאָרט און ניט וועגן פּאַטריאָטיזם. וואָרום מען קען זיין אַ גאַנץ געטרייער אַמעריקאַנער בירגער, אפילו אַ פייערדיקער פּאַטריאָט — און זיך ניט שרעקן פאַר יענע „פּאָליטישע אימפּליקאַציעס" וואָס ראַביי לאַזאַראָן פאַרבינדט מיט ווייצמאַנס מיסיע אין אַמעריקע. אָבער דעמאָלט מוז מען מסכים זיין דערצו, אַז אפילו אַמעריקאַנער לאָיאַליטעט און פּאַטריאָטיזם איז אַן ענין וואָס וועגן זייער אינהאַלט מעג מען פריי טראַכטן און ריידן — און דאָס הייסט, זיך מעסטן מיט דעם מאָסשטאָב פון העכערע ווערטן, ווערטן וועלכע זיינען העכער פון יעדן פּאַטריאָטיזם. קלינגט אפשר אַזאַ באַהויפּטונג געוואַלדיק „רעוואָלוציאָנער"? אפשר פאַר ראַביי לאַזאַראָן און זיינע פריינד אין דער „לעיטי" פון געוויסע

רעפאָרם־טעמפּלען. איך קען זיך אָבער ניט פאָרשטעלן קיין איין אָנשטענ־דיקן קריסטלעכן גייסטלעכן, פּראָטעסטאַנטישן אָדער קאַטוילישן, וועלכער זאָל די באַהויפּטונג, אַז פּאַטריאָטיזם קען זיין אַ מענטשלעך־ווערטלעכער סענטימענט, ערשט ווען ער קען באַרעכטיקט ווערן פון שטאַנדפּונקט פון העכערע עטישע און רעליגיעזע ווערטן, באַטראַכטן ווי אַן אַפּיקורסות וועגן וועלכער מען דאַרף פירן דיסקוסיעס אָדער גאָר זיך חידושן. יעדער מענטש וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין דער קולטור־ספערע פון די ענגליש־ריידנ־דיקע פעלקער איז באַקאַנט מיטן וואָרט: „פּאַטריאָטיזם איז דער לעצטער מקום־מקלט פון דעם אויסוווּרף״. און געזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט האָט זייער לאַנג צוריק דער טאָרי שבטאָריס סעמיועל דזשאָנסאָן.

און אויב פּאַטריאָטיזם איז ניט קיין צויבערוואָרט מיט וועלכן מען קען אָן טענות ומענות פאַרדאַמען אָדער בענטשן מענטשלעכע איינשטעלונגען און האַנדלונגען — מעג מען פרעגן, פאַר וואָס די אַמעריקאַנער יידן טאָרן ניט האָבן קיין שייכות מיט די „פּאָליטישע אימפּליקאַציעס״ פון וויצמאַנס באַפאָרשטייענדיקן באַזוך? וואָרעם מיר ווייסן דאָך גאַנץ קלאָר וואָס די דאָזיקע „אימפּליקאַציעס״ זיינען — און וואָס זיי זיינען ניט. וואָס קען אונדז וויצמאַן זאָגן? אַז אין דעם קריג צווישן היטלערן און די דעמאָקראַטיעס דאַרף יעדער ייד (ווי יעדער אָנשטענדיקער מענטש) סימפּאַטיזירן מיט די דעמאָקראַטיעס? וואָס פאַר אַ שאָטן וועט דאָס וואַרפן אויפן פּאַטריאָטיזם פון די אַמעריקאַנער יידן? איז דען פאַראַן איין קלאָרער ניט־ייד וועלכער דערוואַרט פון אונדז עפּעס אַנדערש? נאָר וואָס, וויצמאַן וועט דאָ פּרובירן אַמעריקע אַריינשלעפּן אין דער מלחמה? אַזוי וועלן אוודאי זאָגן אַמעריקאַנער פאַשיסטן און אַנטיסעמיטן. וויל ראַבביי לאַזאַראָן, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין, אַז ער גלויבט אויך אַזוי? אַזוי זעט אויס פון זיין רעדע. אָבער דאָס וועט אים קיין אינפאָרמירטער מענטש ניט גלויבן. מיר ווייסן ניט גענוי וואָס וויצמאַן וועט אונדז האָבן צו זאָגן. אָבער איין זאַך וועט ער זיכער ניט פאַרפעלן צו טאָן: ער וועט די ענגלישע רעגירונג ניט שוינען פאַר אירע זינד בנוגע די יידישע האָפענונגען אין ארץ־ישראל. ניין, אפילו ווען וויצמאַן זאָל דאָס וועלן, וועט ער דאָ קיין מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע ניט קענען פירן. ער וועט דאָ פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר איין זאַך: פאַר די אינטערעסן פון יידנטום. ער וועט דאָ זיך באַמיען צו וועקן פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע פאַר אונדזערע צעטראָטענע מיליאָנען און דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל עס וואָלט כדאַי געווען, אַז ראַבביי לאַזאַראָן זאָל אונדז זאָגן, צי ער פאַרדאַמט טאַקע די דאָזיקע „טאָפּלטע לאָיאַליטעט״.

און דאָ איז כדאַי צו זאָגן אַ וואָרט וועגן ענין „טאָפּלטע לאָיאַליטעטן".

פון שטאַנדפּונקט פון אַ מענטשלעך־ווערטפולן פּאַטריאָטיזם איז גאָרניט דאָ וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם, אַז אַמעריקאַנער יידן זאָלן האָבן טאָפּלטע (אָדער מער ווי טאָפּלטע) לאָיאַליטעטן — אויב די דאָזיקע לאָיאַליטעטן זיינען אַליין אַזוי עכט, אַזוי ווערטפול ווי זייער פּאַטריאָטיזם. פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַזאַ פּאַטריאָטיזם איז גאָרניט דאָ וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם ציוניזם, אפילו אין זיין עקסטרעם קאָנסעקווענטסטער אויסטייטשונג. וואָרעם אויב פּאַטריאָטיזם איז אַ מענטשלעך־ווערטפולער ענין קען ער ניט זיין קיין סתירה צום אמת. און דער אמת איז, גלויבן הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען יידן, אַז אפילו אין אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע, מיט אירע טראַדיציעס פון פרייהייט און טאָלעראַנץ, געניסן זיי ניט פון העכסטן ערדישן גליק וואָס עס קען געבן פאַר אַ יחיד אָדער אַ פאָלק: דאָס גליק פון פולער פרייהייט. אויך דאָ זיינען זיי, ווי אַ מינדערהייט, אָפּהענגיק פון גוטן ווילן פון דער מערהייט. אויך דאָ „גייט עס זיי גוט" בלויז דעמאָלט ווען מען טאָלערירט זיי — און דאָס איז אָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סטאַביליטעט פון אַ באַשטימטער סאָציאַלער אָרדנונג און דער עמאָציאָנעלער גלייכגעוויכט פון מענטשן, וועלכע זיינען ניט מער ווי מענטשן. אַמעריקאַנער יידן זיינען, און דאַרפן זיין, דאַנקבאַר פאַר דעם סטאַטוס וואָס זיי געניסן פון אים אין דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. אָבער זיי וואָלטן געווען בלינדע און טעמפּע נאַראָנים ווען זיי וואָלטן אויך ניט געשפּירט די טראַגישע אומזיכערקייט און דריקנדע אָפּהענגיקייט און „עבדות בתוך חרות" פון יעדן גלות־סטאַטוס. און זיי וואָלטן געווען פאַראַכטונגסווערטע יורדים ווען זיי וואָלטן ניט געחלומט דעם חלום פון פּאָליטישער פרייהייט — וויניקסטנס פאַר אַ טייל פון יידישן פאָלק.

אָבער ווען יידן פון לאַזאַראָן־טיפּ הערן אַזעלכע דיבורים פאַלט אויף זיי אָן אַ מורא. פאַרשטייען מיר דאָס. ווען עס וואָלטן ניט געווען אַזעלכע יידן ווי זיי, וואָלטן מיר געוועזן אַן „אויסדערוויילט פאָלק" פון גאָלע העלדן — און מיר זיינען דאָס ניט. עס שאָקירט בלויז ווען די דאָזיקע יידן הויבן אָן צו ריידן וועגן „גאָט פון אונדזערע אָבות" — ווען זיי מיינען בלויז דעם זייער ניט־יידישן גאָט „קאָמפאָרט".

ראַביי לאַזאַראָן באַמערקט גאָרניט אויף וואָס פאַר אַ געפערלעכע וועגן ער לאָזט זיך אַוועק ווען ער דערקלערט אַז „מיר, אַמעריקאַנער יידן, האָבן ניט קיין אַנדערע פּאָליטישע אינטערעסן אַחוץ די וואָס מיר טיילן מיט אַנדערע בירגער — צו שיצן די גאַנצקייט און פרייהייט פון דער (אַמעריקאַנער) נאַציע און אָפּהיטן דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער". מיר ווייסן,

אַז ווען די דאַמען פון די „דאָטערס אָוו די אַמעריקען רעוואָלושאָן״ רעדן וועגן דער „גאַנצקייט פון דער נאַציע״ און דעם „אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער״, האָבן זיי אין זינען גאַנץ באַשטימטע זאַכן. ראַביי לאַזאַראָן וועט זיכער ניט מסכים זיין מיט אַזאַ אויסטייטשונג פון „אַמעריקאַניזם״. דער לאַזאַראָן־טיפּ אַמערקאַנער ייד וויל זיין אַ פּאַטריאָט — און גלייכצייטיק אַ „ליבעראַל״. אָבער אויב „ליבעראַל״ האָט בכלל אַ זין, באַצייכנט דאָס יענעם טיפּ אַמעריקאַנער ביי וועמען דאָס וואָרט פּאַטריאָטיזם רופט דווקא אַרויס אַ געפיל פון חשד און אומצוטרוי, און ניט באַגייסטערונג. אַ „ליבע־ראַל״ איז אין אַמעריקע יענער בירגער וואָס באַציט זיך סקעפּטיש צו פּאַטריאָטישן עקסהיביציאָניזם און רעטאָריק, וועלכער האָט ניט ליב דעם ביליקן אַמעריקאַנער „אתה בחרתנו״. עס זיינען פאַראַן פילע, גרונט פאַר־שיידענע אויסטייטשונגען פון „אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער״. עס זיינען פאַראַן אַמעריקאַנער וועלכע פאַרשטייען דערמיט אַן אַמעריקע ווו עס הערשט די „אַנגלאָ־זאַקסישע ראַסע״ און ווו אַלע וועלכע געהערן ניט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע זיינען „פרעמדע״. און עס איז פאַראַן אַן אַלטע אַמעריקאַנער טראַדיציע וועלכע באַטראַכט דווקא דאָס צוזאַמענלעבן פון פאַרשיידענע קולטורן און לעבנס־שטייגערס פאַרן תוך פון „אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער״. כאָטש ראַביי לאַזאַראָן קען דאָך ניט אָננעמען דעם ערשטן בליק אויפן „אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער״, רעדט ער אַזוי ווי ער וואָלט אים יאָ אָנגענומען.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו גלויבן, אַז ראַביי לאַזאַראָן און זיינע פריינד ווייסן ניט אַז זייערע רייד זיינען פול מיט סתירות. דעם אויסוועג זוכן זיי אינסטינקטיוו אין... „רעליגיע״. אָבער די יידישע רעליגיע איז דאָך אויך אַ „סעפּעראַטיסטישער״ ענין. ראַביי לאַזאַראָן גלויבט אַז „עס וואָלט געווען פאַטאַל פאַרן יידישן לעבן דאָ און אומעטום ווען מיר זאָלן בויען ווענט וואָס זאָלן אונדז איזאָלירן פון אונדזערע מיטבירגער״. איז אָבער די יידישע רעליגיע ניט קיין וואַנט? האָט זי אונדז ניט אָפּגעטיילט פון אונדזערע „מיטבירגער״ אין משך פון טויזנטער יאָרן? זאָגט אונדז ראַביי לאַזאַראָן, אַז זיין רעליגיע האָט מיט „נאַציאָנאַליזם״ קיין שום שייכות ניט — אַז זיין יידישע רעליגיע איז כולו רוח, אַז זי איז „אוניווערסאַליס־טיש״. „יידנטום איז ניט קיין בלוט־קולט. עס איז אַן אוניווערסאַלע רעליגיע וואָס אַנערקענט ניט קיין לאַנד און קיין פאָלק און קיין ראַסע. זי איז אַזוי ברייט ווי דער היקף פון מענטשלעכן האַרץ און גייסט און דער זין פאַר שיינקייט און געמיינשאַפט מיט מענטש און גאָט״... „מיר ווילן ניט האָבן

קיין אַנדערע קענצייכנס ווי די וואָס כאַראַקטעריזירן אונדז ווי אַ מיטגליד פון אַ גרויסער רעליגיעזער געמיינשאַפט וואָס אין אירע גרענעצן זיינען אַלע אַנגעלייגט. איך וואַרף אָפּ די אָפּגעזונדערטקייט פון דעם סעקטאַנט; איך וויל אין די יידן זען די אָפּגעזונדערטקייט פון הייליקן".

און ראַביי לאַזאַראָן פילט ניט, ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַן אַרויסרוף צו זיין קריסטלעכן „אַמעריקאַנער מיטבירגער". יענער קען אים פרעגן: פאַרוואָס זונדערסט דו זיך אָפּ פון מיר? מיין רעליגיע איז דאָך אויך „אוניווערסאַליסטיש". מיר שטרעבן דאָך אויך צו גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד. „הייליקע" קענען מיר דאָך זיין צוזאַמען. איז דער יידישער פאַבריקאַנט וועלכער גייט זונטיק (אָדער אפילו שבת) אין טעמפּל מער הייליק פון דעם קריסטלעכן פאַבריקאַנט וואָס גייט זונטיק אין קירכע? פאַר יעזוסן האָסט דו דאָך דעם גרעסטן יראת הכבוד — דו רעדסט דאָך אַליין וועגן דעם ייד „וואָס האָט מיט ניינצן הונדערט יאָר צוריק דער וועלט געגעבן אַ וויזיע פון דערלייזונג וואָס האָט אויפגעמונטערט און דערלייזט מיליאָנען". וועגן דעם כאַראַקטער פון יעזוסעס וועזן זיינען דאָך פאַראַן געוואַלטיקע חילוקי־דעות אין קריסטנטום גופא — און פונדעסטוועגן איז פאַראַן איין קריסט־לעכע אמונה. אויב אַזוי, פאַרוואָס איזאָלירסט דו זיך? און אויב דו האָסט אַן אייגענעם אמת — אַגב, געניי געזעדט, וואָס איז ער? — פאַרוואָס קעמפסטו ניט פאַר דיין אמת? אויב דיין אמת איז אוניווערסאַל פאַרוואָס פּרובירסטו מיך ניט באַקערן צו אים?

פאַקטיש האָבן שוין אַמעריקאַנער ליבעראַלע פּראָטעסטאַנטן געשטעלט אַזעלכע פראַגן צו די „רעליגיעזע יידן" פון לאַזאַראָן־טיפּ. אָבער זיי האָבן דערויף ניט וואָס צו ענטפערן. וואָרעם אויב מען הויבט אָן צו פּרובירן ענטפערן אויף אַזעלכע ערנסטע פראַגן — קען עס ווערן זייער אומבאַקוועם. און די רעליגיע פון די לאַזאַראָנס — אַגב, טאַקע אַן „אוניווערסאַליסטישע" רעליגיע — איז... באַקוועמלעכקייט.

ווייסן מיר דאָס — און מיר האָבן צו זיי קיין טענות ניט. אָבער אַמאָל כאַפּן זיי אַריבער די מאָס. אין די לעצטע יאָרן, ווען דער שאָטן פון אַנטי־סעמיטיזם האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אַ מורא אויף אַמעריקאַנער יידן, האָבן מיר אַפילו אָנגעהויבן הערן וועגן יידן, וועלכע בעטן גאָט, אַז אַמעריקע זאָל פאַרמאַכן די טויערן פאַר יידישע פליכטלינגען פון היטלערס גיהנום. דר. לאַזאַראָן איז אַ „הומאַניטאַריער" — גייט ער ניט אַזוי ווייט. ער קעמפט בלויז קעגן „יידישן נאַציאָנאַליזם" — אין נאָמען פון הונדערט־פּראָצענטיקן אַמעריקאַנער שאָוויניזם — און אַ זייער ניט־איבערצייגנדיקן „גאָט".

איז וואָס שייך גאָט, האָבן מיר וואָן לונ׳ס טרעפלעך וואָרט. און וואָס שייך „אַמעריקאַניזם״ — איז עס אַן ענין מיט עטלעכע נוסחאות. „פּאַטער״ קאַלין וואָרנט לעצטנס אויך־קעגן „ציוניזם״, וועלכער וויל אַמעריקע אַריינשלעפּן אין דער מלחמה. עס איז אָבער אַמאָל געווען אַן אַמעריקאַנער, וועלכן מען האָט טאַקע אין זיין צייט געהאַלטן פאַר אַ שטיקל בראַדיאַגע און וווּלגאַרן נפש — אָבער איצט דעקלאַמירט מען שוין זיינע „שאָקירנדיקע פּסעוודאָ־לידער״ אַפילו אויף פּאַטריאָטישע פייערונגען אין די „בעסטע״ רעפאָרם־טעמפּלען — וואָלט וויטמאַן. אין איינעם פון זיינע כאַראַקטעריס־טישע לידער, אין זיין „סאַלוט צו דער וועלט״, אַ לאַנגן הימן צו די פעלקער און שבטים און גלויבנס פון דער ערד, באַגריסט ער אויך דעם אייביקן און דאָך ערדישן יידן:

You Jew journeying in your age through every risk,
to stand on Syrian ground !

You other Jews waiting in all lands for your Messiah !

אַזוי האָט וואָלט וויטמאַן געזען דעם יידן — מיט זיין אייביקן, פון אים אומאָפּטיילבאַרן חלום. דער שלוס פון ליד דערקלערט אונדז פאַרוואָס ער איז פעיק געווען אַזוי אים צו זען:

Health to you ! Good will to you — from me and
America sent.
Each of us inevitable ;
Each of us limitless — each of us with his or her right
upon the earth ;
Each of us allow'd the eternal purports of the earth ;
Each of us divinely as any is here.

וואָלט וויטמאַן איז, ווי איר זעט, „אויך״ געווען אַן אַמעריקאַנער, אַ גאַנץ רעליגיעזער מענטש און אַ „ליבעראַל״ און דאָך איז דעם „גוטן, גראָען דיכטער״ גאָרניט איינגעפאַלן, אַז ער באַרעכטיקט אַ סענטימענט וואָס שטייט אין ווידערשפּרוך צום „אויסגעהאַלטענעם אַמעריקאַניזם״. און מיר מוזן זיך מודה זיין: מיר האָבן אַ שטיקל שוואַכקייט פאַר אָט דעם סאָרט אַמעריקאַנער און אַמעריקאַניזם. זאָל דאָס אונדז ראַביי לאַזאַראָן מוחל זיין.

(„אידישער קעמפער״, 15 דעצעמבער 1939)

# אַ ברכה אויף אַן אבידה

איינע פון די גאָר טשיקאַווע דערשיינונגען פון אונדזער צייט איז דער מאָדנער אָפּטימיזם בנוגע דער צוקונפט פון אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס מען געפינט לעצטנס גראָד אין ערטער ווו מען האָט עס, דוכט זיך, אַמווייניקסטנס געדאַרפט דערוואַרטן. וואָרעם אָפּטימיסטיש און האָפענונגספול וועגן דער צוקונפט פון אַמעריקאַנער יידנטום, ווי אַ קיבוץ און אַ קולטור־געמיינשאַפט, זיינען גראָד מענטשן, וואָס האָבן, על פי שכל, איצט געדאַרפט זיין זייער ניט אויפגעלייגט. דער אַמאָליקער פריידיקער פון מאַקסימאַלער יידיש־יידישקייט איז געוואָרן אַן אַפּאָלאָגעט פון „וואָס עס לאָזט זיך״־יידישקייט. דער אומגליק פון אונדזער קולטור־אויסליידיקונג איז, ביי פיל פון אונדז, שוין צו לייכט געוואָרן אַ נאַטירלעכער מוז. שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אבלים קענען מיט אַזאַ גרינג האַרץ אַ ברכה מאַכן אויף זייער אבידה.

עס איז ניט קיין ברכה פון קיין יחיד. דער דאָזיקער אָפּטימיזם האָט לעצטנס ביי אונדז געפונען ניט ווייניק פירשפּרעכערס. אָט גייט שוין כמה חדשים אין דער „צוקונפט״ אַ סימפּאָזיום: „וואָס וועט ווערן פון די יידן אין אַמעריקע״. אַלע באַטייליקטע אין דעם סימפּאָזיום זיינען, דוכט זיך, בדעה אחת: „צו גאָט און צו לייטן״. עס איז אייגנטלעך ניטאָ וועגן וואָס זיך צו זאָרגן. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז אפשר ניט דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט און געהאָפט — אָבער, נישקשה, אַזוי איז אויך ניט צו פאַרזינדיקן. דעם סאַמע אומפאַסנדיקסטן און האָפנונגספולן פּראָגנאָז וועגן דער צוקונפט פון אַמעריקאַנער יידנטום האָט אונדז געגעבן זכריה שוסטער אין זיין אַרטיקל „אַמעריקע — אַ נייע פּראָבע פאַר יידן״ (אין אַפּריל־העפט פון דער „צוקונפט״). עס איז דערפאַר כדאי זיך אויף אים אָפּשטעלן באַזונדער.

„דער פונדאַמענטאַלער פעלער פון אַ סך פון אונדזערע טראַכטענישן און אָפּשאַצונגען פון אַמעריקאַנער יידן״, שרייבט זכריה שוסטער, „נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האַלטן אין די ענגע פאַרטיקע מאָסן, אויסגעפורעמט דורך עלטערע יידישע קיבוצים אין פאַרלויף פון לאַנגע תקופות, און מיר מעסטן מיט זיי אַמעריקאַנער יידן... אַמעריקאַנער יידן זיינען בפירוש

אַ נייער היסטאָרישער פענאָמען, וואָס האָט ביז איצט אין ערגעץ ניט געהאַט זיין גלייכן... אָט דער נייער אָרגאַניזם אין דער נייער יידישער געשיכטע לאָזט זיך מעכאַניש אַריינפּאַסן ניט אין קיין איינער פון די כלל־פאָרמולעס, וואָס די יידישע פאַרגאַנגענהייט האָט געשאַפן און אויך ניט אין קיין איינער פון די טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס, וואָס יידישע אידעאָלאָגיעס און באַוועגונגען האָבן אויסגעאַרבעט פאַרן לעצטן האַלבן יאָרהונדערט".

די ערשטע סיבה, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, ליגט אין אַמעריקע גופא. „אַמעריקע איז דער ערשטער געשיכטלעכער עקספּערימענט פון אַ גע־שאַפענער, ניט קיין געבוירענער נאַציע; פון אַ פּאָליטישן און סאָציאַלן כלל, וואָס זוכט זיין יסוד און אָנהויב ניט אין אָרגאַנישע סיבות — ראַסע, שבט, שטאַם — נאָר אין ראַציאָנעלע פּרינציפּן און בשותפותדיקען לעבנס־שטייגער. אין אַמעריקע זיינען מענטשן ניט געוואָרן קיין פאָלק פון זיך, נאָר מענטשן וואָס האָבן פריער געהערט צו באַשטימטע פעלקער, ראַסן און רעליגיעס האָבן באַוווּסטזיניק געזאָגט איינער צום אַנדערן: ‚לאָמיר ווערן איין פאָלק' — און דערמיט אַליין זיינען זיי שוין ניט קיין פאָלק ווי אַנדערע פעלקער". שוסטער גיט צו, אַז אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע און אין אַמעריקאַנער לעבן זיינען פאַראַן דערשיינונגען, וואָס זעען אויס ווי אָפּנויגן פון דעם דאָזיקן כלל — די נעגער־פּראָבלעם, די קאַמפּן קעגן דער נייער איינוואַנדערונג, די ראַסן און רעליגיע־אויסברוכן, אָבער, זאָגט ער, „דאָס אַלץ זיינען נאָר באַווייזן אויף דעם קריסטאַליזאַציע־פּראָצעס, וואָס גייט נאָך אָן און אַז אַמעריקע האָט נאָך ניט געפונען איר ענדגילטיקע פאָרם. אַמעריקע איז קודם כל אַ ווילנס־געמיינשאַפט', אַ באַוווּסטזיניקער ווילן פון מענטשן צו בויען אַ בשותפותדיקע אָרדענונג אויפן גרונט פון בשותפותדיקע פּרינציפּן".

דאָס שטעלט אַוועק יידן, גלויבט שוסטער, פאַר „גאָר אַ נייער פּראָבע". אין אייראָפּע האָבן יידן געלעבט צוזאַמען מיט איין „אָרגאַניש פאָלק... אָדער אין גרופּעס פון אָרגאַנישע פעלקער". זיי האָבן אין יענע לענדער מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט. אָבער אַמעריקע איז אַ לאַנד, ווו דער „באַגריף נאַציאָנאַלע מינאָריטעט קען און טאָר... ניט עקזיסטירן, ווייל דערמיט וואָלט איר צוגעגעבן די עקזיסטענץ פון אַ נאַציאָנאַלער מאַיאָריטעט און דאָס וואָלט געווען אַ פאַרלייקענונג פון סאַמע יסוד פון אַמעריקאַניזם".

„פאַר אַמעריקאַנער יידן שטייט דעריבער אַ פראַגע וואָס איז ניי אין

דער יידישער געשיכטע: ווי אַזוי האַלטן מיר אויף אונדזער אידענטיטעט ווי אַ גרופּע און דאָך ניט זיין אויסגעטיילט ווי אַ פרעמד־קערפּערדיקע נאַציאָנאַלע מינאָריטעט אינמיטן אַ געזעלשאַפט, וואָס איז לויט איר עצם וועזן אַ פעלקער־פּאַרמישונג? ווי אַזוי בלייבן מיר אַן אינטעגראַלער חלק פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער קערפּערשאַפט, וואָס הייסט אַמעריקע און דאָך ניט פאַרלירן אונדזער היסטאָרישן פּרצוף?"

קלאָר איז שוסטערן, אַז די „מאָדערנע יידישע אידעאָלאָגיעס", וואָס אייגנטלעך הייסט עס, די צוויי יידישע אידעאָלאָגיעס, ציוניזם און גלות־נאַציאָנאַליזם, קענען ניט געבן קיין ענטפער אויף די גרונט־פראַגן פון דער דורכאויס נייער יידישער עקזיסטענץ־פאָרם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אַמעריקע. זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אין און פאַר אַנדערע סביבות, זיי האָבן פשוט אויסגעלאָזט פון חשבון אַמעריקע און דערפאַר שטייען זיי אַלע געפּלעפט פון דער היגער ווירקלעכקייט. דער אַמעריקאַנער ציוניזם איז אַ באַוועגונג ניט פאַר אַמעריקאַנער יידן, נאָר פאַר אַנדערע. דער היגער ציוניזם האָט ניט געשאַפן קיין סכעמע פון אַ לעבנס־שטייגער פאַר די אַמעריקאַנער יידן גופא. וואָס שייך דעם גלות־נאַציאָנאַליזם, טראַכט דאָך דאָ קיינער ניט וועגן אַ נאַציאָנאַלער מינאָריטעטן־פּאָליטיק. דאָס וואָלט געהייסן גיין קעגן דעם סאַמע גרונט־פּרינציפּ פון אַמעריקאַנער לעבן. קיין גרעסערע אויסזיכטן קען אין אַמעריקע אויך ניט האָבן דער „קולטורעלער נאַציאָנאַליזם", וועלכער איז „אַ סינאָנים פאַר דעם יידישיזם, איז מער געווענדט צו דעם אינעווייניק ווי צו דעם אויסנווייניק... דער יידישיזם האַלט, אַז פאַר וועלטלעכע יידן איז די שפּראַך דער קלאָרסטער סימן פון יידישקייט און ניט נאָר אַ סימן, נאָר אַ לעבנספאָרם פאַרן יידישן כלל". אָבער אויך דאָס איז אַן אוממעגלעכקייט אונטער די אומשטענדן פון דער נייער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. ערשטנס, האָבן יידן קיינמאָל ניט באַוויזן „אין אַ צושטאַנד פון עמאַנציפּאַציע אָדער כמו־עמאַנציפּאַציע אָנהאַלטן זייער שפּראַך שטייענדיק אינמיטן דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע". צווייטנס, איז די ענגלישע שפּראַך „איינע פון די פעדים וואָס האַלטן צונויף דעם גאַנצן סאָציאַלן אָרגאַניזם". יידיש קען אין אַמעריקע זיין „בלויז די צווייטע שפּראַך, די שפּראַך צו וויסן און זיך אויסלעבן אין איר אין געוויסע אינטימע מאָמענטן, די רעזערוו־שפּראַך... ניט דער פונדאַמענט פון אַן אייגן לעבן".

אויב אַזוי, וואָס וועט טאַקע זיין דער פּרצוף פון דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן? „וואָס וועט ווערן פון די יידן אין אַמעריקע"?

קודם כל, רעליגיע: אָבער דאָס איז ניט אַזוי פּשוט, ווי עס קען זיך אויסדוכטן. „ווען איך זאָג רעליגיע, מיין איך ניט דאָגמעס און טעאָלאָגישע פּרינציפּן; איך מיין אפילו ניט פּשוטן גלויבן. מיט רעליגיע מיין איך דאָ אַ ריטואַל, וואָס מענטשן פירן דורך אין די אינטימערע מאָמענטן פון זייער לעבן און אַקטן וואָס פאַרבינדן דעם מענטשן מיט פריערדיקע און קומענדיקע דורות און מיט דער אייביקייט... איך ווייס ניט, צי אין וואָסער עס איז קיבוץ פלעגן אַזוי פיל ניט גלויביקע יידן אָפּהיטן מצוות און מנהגים ווי דאָ אין אַמעריקע... די סיבה איז, וואָס דערמיט זיינען זיי ניט אויסן אויפצודעקן זייער רעליגיעזישקייט, נאָר צו באַצייכענען זייער אָנגעהעריקייט צום כלל און דער רעליגיעזער ריטואַל האָט געשאַפן באַשטימע פאָרמען פאַר די געלעגנהייטן, וואָס אַ מענטש וויל באַצייכענען".

„רעליגיעזע פירונגען", דערקלערט שוסטער ווייטער, „ווערן זיין אַ הויפּט־סימן פון אַמעריקאַנער יידנטום ניט נאָר צוליב דעם דאָרשט נאָך אַ ריטואַל, נאָר אויך ווייל די גאַנצע אַמעריקאַנער סביבה טרייבט דערצו. די קירך איז אָפּגעטיילט פון שטאַט און אָפיציעל האָט די מדינה ניט צו טאָן מיט גלויבן, אָבער דאָך איז עס אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע אין דעם זין, וואָס מען דערוואַרט פון אַ מענטשן, אַז ער זאָל געהערן צו אַ קירך. די פראַגע ,צו וועלכער קירך געהערט איר?' איז אויף די ליפּן פון יעדן דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער... דער ייד דאַרף געהערן צו דער סינאַגאָגע. אָט דאָס דערוואַרט מען פון אים. די פליכט צו געהערן צו דער קירך איז אין דער לופט — און דער ייד פּאַסט זיך צו".

אַ צווייטער עלעמענט פון יידישן לעבן אין אַמעריקע וועט זיין דאָס, וואָס שוסטער באַצייכנט מיטן נאָמען „די בויאונגס־אַרבעט פאַרן גאַנצן וועלט־יידנטום". „הילף, בויען דאָס יידישע לעבן אומעטום, איז שוין איצט געוואָרן ביי אַמעריקאַנער יידן ניט סתם אַ פונקציע, נאָר אַ מיטל פון אויסלעבן זיך. דורך דעם אידענטיפיצירט זיך דער אַמעריקאַנער ייד מיטן כלל ישראל און מיט יידישער עקזיסטענץ... פאַר אונדזער ענין מיינט דאָס, אַז דער יידישער כלל דאָ וועט נעמען אויף זיך אַ גרויסע מיסיע, ניט נאָר לטובת יענע יידן, נאָר ווי אַן אינסטרומענט אין אויסדריקן זיין אייגענעם כאַראַקטער, ווי אַ באַרייכערונג פון זיין כלל־צוגעבונדנקייט, שיר ניט ווי אַ לעבנס־פאָרם... אַמעריקאַנער יידן קענען טיילווייז זיין די אינזשינערן און אַרכיטעקטן פון וועלט־יידנטום — און דאָס וועט זיי געבן זייער באַזונדערן כאַראַקטער סיי לגבי אַמעריקע בכלל, סיי לגבי אַנדערע יידישע קיבוצים".

אַ דריטער הויפּט־שטריך פון אַמעריקאַנער יידנטום וועט זיין — יידישע וויסנשאַפט. „יידן אין אַמעריקע וועלן זיין די זוכער און פאָרשער פון דער גאַנצער יידיש־היסטאָרישער ירושה. זיי וועלן דערצו האָבן די נויטיקע פינאַנציעלע מיטלען, די נויטיקע אַטמאָספערע און די פאַסיקע מענטשן".

שוסטער פאַרענדיקט זיין פּראָגנאָז פון אַמעריקאַנער יידנטום מיט די ווערטער: „אַמעריקאַנער יידן וועלן נאָך אפשר אַנטדעקן אַמעריקעס אין דער וועלט פון יידישקייט".

*

דער טעות וואָס אונדזערע אָפּטימיסטן מאַכן באַשטייט דערין, וואָס זיי באַמערקן ניט, אַז ערשט דאָרטן, ווו די יידן־פראַגע ענדיקט זיך ביי זיי, הויבט זי זיך ערשט אָן אין דערווירקלעכקייט. זיי זיינען גערעכט ווען זיי זאָגן, אַז די יידן־פראַגע טראָגט אין אַמעריקע גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער ווי אין אייראָפּע (כאָטש דער אונטערשייד איז ניט אַזאַ פונדאַמענטאַלער, ווי זיי ווילן מיינען); אָבער ערשט ווען מען נעמט אָן די דאָזיקע הנחה, שטעלט זיך אַוועק די יידן־פראַגע אין אַמעריקע, מיט איר גאַנצער האַרבקייט און מיט אירע אַלגעמיינע און ספּעציפיש אַמעריקאַנער קאָמפּליקאַציעס.

אָבער איידער מיר קומען צו צו דער פראַגע „וואָס עס וועט ווערן פון יידן פון אַמעריקע", איז כדאי זיך אַ ביסל אָפּצושטעלן אויף דער אַלגעמיינער הנחה, אַז אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרונט נייעם טיפּ נאַציאָנאַלע געמיינשאַפט, וואָס איז געבויט ניט אויף געמיינזאַמען אָפּשטאַם, נאָר אויף פרייוויליקער אַסאָציאַציע, אויף בשותפותדיקן גלויבן און בשות־פותיקע „פּרינציפּן". אַט די דאָזיקע הנחה, אויף וועלכער עס ווערט געבויט דער גאַנצער טעאָרעטישער בנין וועגן דעם באַזונדערן גורל פון אַמערי־קאַנער יידנטום, איז אַ פאַראיינפאַכונג פון אַ האַלבן אמת. היסטאָריש איז זיכער אמת, אַז די אַמעריקאַנער רעפּובליק איז געגרינדעט געוואָרן דורך אָפּשטאַמיקע פון פאַרשיידענע פעלקער, וואָס זיינען געווען פאַראייניקט בלויז אין זייער געמיינזאַמען פּאָליטישן אני מאמין. אָבער דער אורשפּרונג פון אַ היסטאָרישער דערשיינונג, איר „ערשטע סיבה", אַזוי צו זאָגן, מוז ניט אויסשעפּן איר מהות, ווי ער האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אין משך פון דער צייט. אָן דעם „ראַציאָנעלן" כאַראַקטער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטיע, איז זיכער אוממעגלעך צו פאַרשטיין איר היסטאָרישן אורשפּרונג, אָבער דאָס איז כלל וכלל ניט גענוג כדי צו פאַרשטיין דעם מהות פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע היינט־צו־טאָג.

בעת מען וויל באַשטימען, וואָס עס האַלט היינט צוזאַמען דאָס אַמערי־

קאָנער פאָלק, איז ניט גענוג אַריינצוקוקן אין „ביל אָוו רייטס" און אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. ניט ווייניקער וויכטיק איז זיך צו פרעגן, אין וואָסער מאָס דעמאָקראַטישע איבערצייגונג, פון איין זייט, און אָפּשטאַם, פון דער אַנדערער זייט, באַשטימען היינט דעם אָנגעהעריקייט־באַוווסטזיין פון דעם אַמעריקאַנער בירגער. עס קען קיין ספק ניט זיין, אַז פאַר דער גאָר גרויסער מערהייט אַמעריקאַנער איז אַמעריקע ניט קיין „ווילנס־געמיינ־שאַפט", נאָר בפירוש אַן „אָפּשטאַם־געמיינשאַפט". פאַרשטייט זיך, אַז די קאָנסטיטוציע איז אַ „גדר" קעגן געוויסע האַנדלונגען, צו וועלכע דער דאָזיקער אָפּשטאַם־באַוווסטזיין קען פירן. אָבער עס קען אויך קיין ספק ניט זיין, אַז די גאָר גרויסע מערהייט האַלטן זיך פאַר אַמעריקאַנער דורך זייער אָפּשטאַם. דער „ראַציאָנעלער" עלעמענט אין אַמעריקאַנער פאָלקס־באַוווסט־זיין איז היינט צו טאָג בלויז איינער פון די עלעמענטן פון דעם אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

פון דער יידישער געשיכטע קענען מיר לערנען, אַז די דערקלערונג פון אורשפרונג פון אַ פאָלק שעפּט ניט אויס זיין קעגנוואַרטיקן מהות. לויט דער מיינונג פון געוויסע פאָרשער (יחזקאל קויפמאַן אין דער לעצטער צייט), איז דאָס יידישע פאָלק לכתחילה אַנטשטאַנען אַלס אַ גלויבנס־בונד. דער גלויבן אין יהוה האָט דאָס יידישע פאָלק געמאַכט פאַר אַ פאָלק. עס וואָלט אָבער געווען, פאַרשטייט זיך, אַ טעות דערפון צו דרינגען, אַז היינט באַשטימט דער גלויבן אין תורת משה די שייכות צום יידישן פאָלק. אין משך פון די יאָרטויזנטער יידישע געשיכטע האָט זיך דער אינהאַלט פון יידישן גלויבן פיל געענדערט — היינט ווערט די שייכות צום יידישן פאָלק באַשטימט: ערשטנס, דורך אָפּשטאַם און, צווייטנס, דורך אַ ווילנס־אַקט, דורך דעם ווילן צו געהערן צום פאָלק. אָבער דער דאָזיקער ווילנס־אַקט איז ניט גלייכבאַדייטנדיק מיט נעמען אויף זיך דעם גלויבן, וואָס האָט אפשר לכתחילה געבראַכט דאָס יידישע פאָלק אויף דער היסטאָרישער אַרענע.

אויך אַמעריקע האָט אין משך פון איר קורצער געשיכטע דורכגעמאַכט גרויסע ענדערונגען. אין פּאַטריאָטישע רעדעס ווערט פיל גערעדט וועגן דעם „אַמעריקאַנער לעבנס־וועג" אַלס דעם איינציקן זינען פון אַמעריקאַנער קיום. אָבער מיר וויסן דאָך, אַז אין באַוווסטזיין פון פאָלק איז אַן „אַלטער אַמעריקאַנער" פון דער סאָוט, וואָס שטאַמט פון די ערשטע אַנגלאָ־זאַקסישע קאָלאָניסטן, און האַלט זיין נעגערישן שכן כמעט פאַר קיין מענטשן ניט, מער אַמעריקאַנער, ווי, לאָמיר זאָגן, אַ ייד (ניט דווקא קיין אימיגראַנט), וואָס איז מיטן גאַנצן האַרצן טריי די גרויסע עיקרים, וואָס אין זייער נאָמען

איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די רעפּובליק. שוסטער גלויבט, אַז דאָס זיינען פֿאַרבייג׳יענדיקע דערשיינונגען. אָבער די דאָזיקע פֿאַרזיכערונג וואָלט געווען מער איבערצייגנדיק, ווען מען וואָלט געקענט אויפֿווייזן, אַז דער גלויבן אין אַמעריקאַנער „לעבנסוועג״, אין דעם „ראַציאָנעלן״ אני מאמין פֿון דער רעפּובליק איז געוואַקסן און שטאַרקער געוואָרן אין דער קורצער תקופה פֿון דער אַמעריקאַנער געשיכטע. אָבער געשען איז גראָד דאָס פֿאַרקערטע. אַלץ שטאַרקער ווערט, נאַטירלעך, דאָס באַוווסטזיין פֿון „אָרגאַנישער״, אָפּ־שטאַמיקער צוגעהעריקייט. דער מאָמענט פֿון אויסוואַל, פֿון באַוווסטזיניקער אָנגעהעריקייט, מוז ווערן אַלץ שוואַכער פּשוט דערפֿאַר, וואָס אין אַ לאַנד, וואָס איז געשלאָסן פֿאַר אימיגראַציע קען פֿאַר זיינע מערסטע תושבים דער „אַמעריקאַניזם״ ניט זיין קיין ענין פֿון אויסוואַל.

דאָס דאַרף ניט הייסן, אַז אַמעריקע מוז פֿאַרלירן דאָס פּנים, וואָס זי האָט אָנגענומען בעת זי האָט זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַן אומאָפּהענגיק לאַנד. זינט דער גרינדונג פֿון דער רעפּובליק גייט אין אַמעריקע אָן אַן אינערלעכער קאַמף צווישן אירע פֿאַרשיידענע יסודות. מיר האָפֿן אַלע, אַז דער גייסט פֿון רוזוועלט אָדער ווילקי וועט באַזיגן דעם גייסט פֿון, לאָמיר זאָגן, מאַרטין דייעז. אָבער אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע האָבן קיינמאָל ניט געפֿעלט קיין דייעזעס. לאָמיר ניט פֿאַרגעסן, אַז שוין די פֿרייע אַמעריקע, די אַמעריקע וואָס האָט זיך לכתחילה צוזאַמענגעשלאָסן דורך איר געמיינ־זאַמען גלויבן אין די אומאָפּפֿרעגלעכע מענטשנרעכט, האָט אַ לאַנגע צייט טאָלערירט שקלאַפֿעריי. און מען קען ניט זאָגן, אַז אפֿילו נאָך דעם ווי די שקלאַפֿעריי איז בטל געוואָרן, איז דער נעגער שוין געוואָרן אַ גלייכער אַמעריקאַנער צווישן אַמעריקאַנער. און דאָך איז אַמעריקע שטענדיק געווען אַמעריקע. עס איז דערפֿאַר, גלויבן מיר, אַביסל אומפֿאָרזיכטיק צו באַשטימען געוויסע, ווען אַמעריקע וועט אויפֿהערן צו זיין אַמעריקע — אויב מיר רעדן ניט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אונדזערע סוביעקטיווע פֿאַרלאַנגען, נאָר פֿון דעם באַוווסטזיין פֿון אַמעריקאַנער דורכשניטס־מענטש.

און דאָ קומען מיר צו דער יידן־פֿראַגע.

אין אַמעריקע, זאָגט ז. שוסטער, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר קיין נאַציאָ־נאַלע מינדערהייטן. אַמעריקע איז דאָך אַ „געזעלשאַפֿט, וואָס איז לויט איר עצם וועזן אַ פֿעלקער־פֿאַרמישונג״. קען דאָ דערפֿאַר ניט זיין קיין רייד וועגן נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אין אַזאַ געזעלשאַפֿט קען אויך קיין פּלאַץ ניט זיין פֿאַר „גלות־נאַציאָנאַליזם״, פֿאַר אַ שפּראַכלעכער געטאָ. דערפֿאַר, קומט

ער צו דער מסקנה, מוז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום ווערן אַלץ מער און מער אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט.

קען מען ניט לייקענען, אַז דאָס וואָס ער זאָגט וועגן דעם מהות פון אַמעריקע איז אמת. זיכער איז אַמעריקע אַ „פעלקער־פאַרמישונג", וואָס וויל ניט טאָלערירן קיין שום נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. עס איז אמת, אַז פאַרשיידענע קריסטלעכע פעלקער מישן זיך דאָ אויס אַזוי, אַז עס בלייבט פון זיי כמעט קיין זכר ניט. עס זיינען אָבער פאַראַן צוויי מינאָריטעטן, וואָס מישן זיך ניט אויס, וואָס פאַרשווינדן ניט אין דער אַלגעמיינער „פאַר־מישונג" — נעגערס און יידן. אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין ענגלישע אָדער איטאַליענישע, דייטשע אָדער אירלענדישע „פּראָבלעם". עס איז אָבער יאָ פאַראַן אַ נעגער־פּראָבלעם און אַ יידן־פּראָבלעם. די נעגערס האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זיין אַ פּראָבלעם פאַרן אַמעריקאַנער באַוווסטזיין און דער אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג — די יידן זיינען געראָד אין די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ פּראָבלעם פאַר אַמעריקע, אין אַ מאָס, וואָס מען האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן מיט פופציק אָדער פינף און צוואַנציק יאָר צוריק.

ווען שוסטער זאָגט, אַז אין אַמעריקע קענען מיר ניט זיין קיין נאַציאָ־נאַלע מינדערהייט און מיר מוזן דערפאַר ווערן אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, פאַרגעסט ער איין וויכטיקע פראַגע: וואָס זיינען מיר בעצם? וואָס זיינען מיר, באַנוצנדיק זיין אויסדרוק בנוגע אַמעריקע, אין אונדזער „עצם וועזן"? אָט לאָזן זיך די נעגערס אויך ניט אַסימילירן אין דער „פעלקער־פאַרמי־שונג". וועלן מיר זיי אָנקלעפּן דעם עטיקעט „רעליגיעזע געמיינשאַפט", בלויז דערפאַר וואָס אין אַמעריקע איז, אין פּרינציפּ, ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר ראַ־סישע אָדער עטנישע געמיינשאַפטן? עס איז דאָך מעגלעך, אַז די נעגערס זאָלן טאַקע זיין אַ ספּעציפישע, אייגנאַרטיקע גרופּע, וואָס פּאַסט זיך טאַקע ניט אַריין אין אַלגעמיינעם בילד פון דער „פעלקער־פאַרמישונג" — און דאָך זאָל זי עקזיסטירן. דערפאַר שטעלט זי מיט זיך טאַקע פאַר אַ פּראָבלעם פאַר אַמעריקע.

שוסטער ענטפערט אַליין אויף דער פראַגע, ווען ער כאַראַקטעריזירט יידן אלס אַ מין רעליגיעזע געמיינשאַפט — און גיט גלייך צו: „ווען איך זאָג רעליגיע, מיין איך ניט דאָגמעס און טעאָלאָגישע פּרינציפּן; איך מיין אפילו ניט פּשוטן גלויבן". און אין אַן אַנדער פּלאַץ מאַכט ער דעם ענין קלאָרער, בעת ער זאָגט, אַז אַמעריקע איז אַ „רעליגיעזע ציוויליזאַציע אין דעם זין וואָס מען דערוואַרט פון אַ מענטשן, אַז ער זאָל געהערן צו אַ

קירך". מען דערוואַרט עס פון אונדז — „געהערן" מיר. איז מיט דעם טאַקע די פראַגע געלייזט?

מיר ווייסן ווי קליין עס איז די צאָל יידן, וואָס געהערן צו שולן און סינאַגאָגעס — און די צאָל ווערט קלענער פון יאָר צו יאָר. שטעלט זיך די פראַגע: וואָס זיינען די יידן, די מערהייט אַמעריקאַנער יידן, וואָס „געהערן" ניט? זיינען זיי „פאַרשלונגען געוואָרן" אין דער „פעלקער־פאַר־מישונג"? דאַרפן זיי זיך באַמיען פאַרשלונגען צו ווערן?

די מערהייט פון די דאָזיקע יידן געהערן ניט צו קיין רעליגיעזער געמיינשאַפט, זיי רעדן ניט אויף קיין יידישער שפּראַך, זיי שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין נאַציאָנאַלע מינדערהייט — און דאָך זיינען זיי יידן. וואָס זיינען זיי?

דוכט זיך, אַז דאָ ליגט אונדזער פּראָבלעם. ערשט ביי דעם פּונקט הויבט זי זיך אָן אין איר גאַנצן ערנסט. און דאָס איז קודם כל אַן אינער־לעכע פּראָבלעם, ניט קיין פּראָבלעם פון דעפיניציע און פון פאָרמעלן סטאַטוס, נאָר אַ פּראָבלעם פון אונדזער מהות, פון אונדזער קעגנוואַרט און צוקונפט, פון אונדזער זעלבסט־באַשטימונג.

די מערהייט יידן אין אַמעריקע זיינען ניט פאַרשלונגען געוואָרן פון דער „פעלקער־ פאַרמישונג". זיי לעבן אין סאָציאַלער און קולטורעלער איזאָלאַציע (קולטור איז ניט בלויז שפּראַך). און דאָך לעבן זיי אין אַ געמיינ־שאַפט, וואָס איר אייגענע קולטור איז שוין כמעט אויסגעוועפּט, פאַרטרינקט, לעבנס־אומפעיק. דאָס וואָס שוסטער רופט אָן „רעליגיע" אין אין אַ כסדר וואַקסנדיקער מאָס ניט קיין פון אינעווייניק קוועלנדיקע גייסטיקע שעפערישקייט און פּראָדוקטיווקייט, נאָר אַ פּרוּוו זיך אַריינצופּאַסן אין דער פון דרויסן אָרויפגעצוווּנגענער ראַם פון אַ „רעליגיעזער געמיינשאַפט". מען דאַרף דאָך האָבן וואָס צו ענטפערן אויף דער פראַגע: „צו וועלכער קירך געהערט איר?"

מיר צווייפלען ניט, אַז עס זיינען ביי אונדז פאַראַן יחידים און קרייזן, וואָס זייער גלויבן און האַנדלונגען האָבן אַ שייכות מיט רעליגיע אין עכטן זינען פון וואָרט. אָבער דער מהות פון אונדזער „רעליגיעזן לעבן" בכלל איז דאָך אַזעלכער, וואָס מוז אָנוואַרפן אַ מורא אויף יעדן איינעם, וואָס איז באַזאָרגט וועגן גייסטיקן געזונט פון אונדזער קיבוץ. ווען מען זאָגט „רעליגיע", און מען מיינט אפילו ניט פשוטן גלויבן, מוז עס מיט דער צייט שאַפן אַ צושטאַנד פון אומדערטרעגלעכער קאָרופּציע. אונדזער יידישקייט פאַרדינט דעם נאָמען „דעלעגירטע יידישקייט". דער כלל, די כלומרשטע

„רעליגיעזע געמיינשאַפט" איז פּטור פון מצוות און אפילו גלויבן, אָבער אַזוי ווי ער וויס, וואָס מען „דערוואַרט" פון אונדז, דעלעגירט ער זיינע ראַבאַיס און כלי־קודש, אַז זיי זאָלן שוין טאָן וואָס מען דאַרף. צווישן עולם און זיינע כלי־קודש איז פאַראַן אַ שטילער אָפּמאַך, אַז מען זאָל ניט פרעגן צופיל פראַגעס, מען זאָל צופיל ניט קוקן איינער ביי דעם אַנדערן אין טעפּל. אַ קאָנסערוואַטיווער ראַבאַי „פירט" אַן עדה, וואָס קיין איינער פון אירע מיטגלידער איז ניט קיין שומר שבת, אָבער ער זאָגט פאַר זיי „ושמרתם את השבת לקדשו". זיי פרעגן ניט אָפּ דעם הייליקן געבאָט — און ער דערמאָנט זיי קיין מאָל ניט, אַז זיי זיינען עובר דעם געבאָט. דערפאַר אָבער צעגיסן זיך פריינדלעכע סענאַטאָרן ביי „גודוויל"־באַנקעטן וועגן דעם „רע־ליגיעזן זשעני פון ישראל".

וואָס קען אַרויסקומען פון אַזאַ מין „רעליגיע"? קען מען אַזאַ טראַדיציע מנחיל זיין דעם קומענדיקן דור? קען אין אַזאַ אַטמאָספערע געשאַפן ווערן עפּעס ווערטפולס?

דער אמת איז, אַז אונדזער קיום־פראַגע שטויסט זיך אין אַמעריקע טאַקע אָן אָן באַדינגונגען, וואָס זייער גלייכן איז שווער צו געפינען אין דער יידישער געשיכטע. אָבער די דאָזיקע באַדינגונגען צייכענען זיך ניט אויס מיט לייכטקייט — נאָר פאַרקערט, מיט טראַגישער האַרבקייט. אונדזער קולטורעלע זעלבסט־באַשטימונג איז פאַר אונדז אפשר אין ערגעץ ניט געוועזן אַזוי שווער ווי אין אַמעריקע. אין די קומענדיקע יאָרן, קען מען כמעט מיט זיכערקייט פאָראויסזאָגן, וועט די יונגע אַמעריקע דורכמאַכן אַ פּעריאָד פון שנעלער נאַציאָנאַלער קריסטאַליזאַציע — און דערפאַר אויך נאַציאָנאַליסטישער אומטאָלעראַנץ. און מיר וועלן זיין די ערשטע — און אפשר די איינציקע — צו ליידן דערפון. דאָס איז ניט קיין אָנגענעמער אמת. עס איז שווער צו געבן אַן ענטפער אויף די פראַגעס, וואָס וועלן פאַר אונדז שטיין — אויב עס איז בכלל פאַראַן אויף זיי אַן ענטפער. אָבער די ערשטע אויפגאַבע פון דעם ערלעך דענקענדיקן יידישן מענטשן איז צו קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין — און רופן די זאַכן ביים ריכטיקן נאָמען.

(„אידישער קעמפער", 7 מאַי, 1943)

# די שכינה אין גלות

די „גאָט־זוכער״ און „צוריק צו רעליגיע גייער״, וואָס האָבן זיך אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַזוי שטאַרק פאַרמערט אין דער יידישיסטיש־וועלטלעכער סביבה, שטעלן מיט זיך פאָר זייער אַ בונטע געזעלשאַפט. עס מערקן זיך צווישן זיי עטלעכע הויפּט־טיפּן.

דער ערשטער טיפּ איז שוין כאַראַקטעריזירט געוואָרן פון ח׳ חיים גרינבערג. דאָס איז דער יעניקער וואָס מיינט, אַז ער זוכט דעם פאָטער אין הימל, בעת אייגנטלעך בענקט ער גאָר נאָך זיין פעטער אין קאָלאָמיי (לייבוש לעהרער האָט עס פאָרמולירט אַנדערש — לשבח און ניט לגנאי: ניט גאָט־זוכער, נאָר פאָלק־זוכער).

דער קאַטאַסטראָפאַלער טעמפּאָ פון דער שפּראַך־אַסימילאַציע אין די לעצטע יאָרן האָט אין דער יידישיסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט דעם גאַנצן יידישן קיום געשטעלט אויף דער לעבעדיקער, גערעדטער פאָלקס־שפּראַך, אַרויסגערופן אומקלאָרע בענקענישן נאָך טראַדיציע און שטייגער. די דאָזיקע אַנטוישטע קעמפער פאַר אַ וועלטלעכער יידישער קולטור טראַכטן אין טערמינען פון היסטאָרישער אַנאַלאָגיע: די אַלטע יידישקייט האָט אין משך פון דורות אויפגעהאַלטן יידן אַלס אַ באַזונדערן קיבוץ, זי האָט אין אירע טרעגער אַרויסגערופן כמעט איבערמענטשלעכע זעלישע כוחות — בטחון, מסירת נפש, קידוש השם. (די דאָזיקע טעאָלאָגישע טערמינען האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן שטאַרק איינגעבירגערט אין דעם יידישיסטישן לעקסיקאָן). די „נייע יידישקייט״ האָט אין אירע אָנהענגער ניט אַרויס־גערופן קיין ענלעכע כוחות — און אָן דעם, איז דאָך קלאָר, איז פאַראַן די סכנה, אַז עס זאָל נאָך פאַר אונדזערע אויגן אויסטריקענען דעם בוים, וואָס האָט זיך ערשט נעכטן פאַנאַנדערגעבליט מיט אַזאַ שפע און פּראַכט. געוועזענע „וועלטלעכע״ יידן הויבן אָן צו פאַרדעכטיקן, אַז אפשר האָט די מאָדערנע יידישע קולטור געמאַכט אַ טעות, בעת זי האָט פון זיך אַזוי ראַדיקאַל אַראָפּגעוואָרפן די אַלטע קולטור־ירושה, ספּעציעל די שבתים און ימים־טובים. דער יידישיזם איז אויף דער וועלט געקומען מיט אַ קאַמפּס־רוף קעגן דעם שבת, קעגן דער שבת־קולטור און דער שבת־שפּראַך. רעאַל לעבן, האָט דער יידישיזם פּראָקלאַמירט, איז בלויז דער אינדערוואָכן. מען דאַרף זיך ניט חקרענען וועגן דעם זינען און דער צוקונפט פון יידישן קיום.

יידן לעבן, רעדן אין זייער לעבעדיקער שפּראַך — מען דאַרף ניט קיין ראָמאַנטיק פון דער אָפּגעלעבטער פאַרגאַנגענהייט אָדער עפּעס אַ פאַנטאַסטישער (און דערפאַר, לעכערלעכער) צוקונפט. אָבער דאָס דאָזיקע אײַנדערוואָכעדיקע לעבן הויבט אָן צו צאַנקען, די לעבעדיקע שפּראַך הויבט אָן צו גוססן. יידיש ווערט אַן ענין פון ראָמאַנטישער פייערלעכקייט, פון מסירת נפש — און זיינע טרעגער זוכן אין דער „אַלטער יידישקייט" אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער דער קינסטלעך געכאָוועטער, ראָמאַנטישער יידיש זאָל קענען לעבן.

דאָס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, גאָרניט צו טאָן מיט רעליגיע אָדער מיט גאָט. עס איז אַ זוכן נאָך היסטאָריש פאַרהייליקטע סאַנקציעס פאַר די באַדנלאָזע אָנשטרענגונגען פון אַ פאַרצווייפלטן דור.

פון אַן אַנדער מין, אַ מער עכט רעליגיעז, זיינען די זוכענישן פון אַ צווייטן טיפּ אַנטוישטן, וועלטלעכן יידן. דער בולטסטער רעפּרעזענטאַנט פון דעם דאָזיקן טיפּ איז חיים ליבערמאַן. ביי דעם דאָזיקן טיפּ איז די אַנטוישונג ביטערער, טיפער און ראַדיקאַלער. עס איז די אַנטוישונג מיט דער אייראָפּעישער קולטור, וועלכע איז פאַר דעם וועלטלעכן יידישן אינטעליגענט געווען דער אלף און דער תיו פון אַלץ, וואָס איז ווערטפול און שיין, מיט דעם סאָציאַליזם וואָס האַלט אַזוי שלעכט, סיי אין זיין באַלשעוויסטישן, סיי אין זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן נוסח. ביי די דאָזיקע זוכער איז דער „צוריק" באמת אַ צוריקגאַנג — ת ש ו ב ה. אין דער „אַלטער יידישקייט" ציט דעם דאָזיקן בעל־תשובה הויפּטזעכלעך דער „אתה בחרתנו", מיט דעם שטאָלץ וואָס ער גיט און דעם עול, וואָס ער לייגט אַרויף. „יידישקייט" ווערט פאַרשטאַנען ניט פיגוראַטיוו און אַטמאָספעריש, נאָר בוכשטעבלעך־אינהאַלטלעך — דער שולחן ערוך און די תרי"ג מצוות. שטאַרקער ווי אַלץ ברויזט ביי די דאָזיקע די שנאה צו דער „נייער יידישקייט", און אירע וואָרטזאָגער, די „פירער און פאַרפירער". עס דוכט זיך אָפּט, אַז די בעלי־תשובה גלויבן טאַקע אַז ווען ניט די דאָזיקע „פאַרפירער" מיט זייער טריף־פסולע, פאַלשע „תורות", וואָלטן יידן, איינגעשלאָסן די מיליאָנען וואָס זיינען אין משך פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט אַזוי אכזריותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנסשטייגער אין מזרח־אייראָפּע, געבליבן יראים ושלמים. זיי פּרובירן ניט אַריינבעמען אין חשבון אומשטענדן און היסטאָרישע אַנטוויקלונג; די סעקולאַריזאַציע פון יידישן לעבן איז געווען אַ זינד און אַ פאַרראַט — און עס איז פאַראַן בלויז איין אויסוועג — פולשטענדיקע תשובה.

די דאָזיקע תשובה איז אַ דערשיינונג וואָס איז ניט באַגרענעצט אויף יידן. פאַרקערט, מעג מען אָננעמען, אַז אויף אונדזערע בעלי־תשובה האָבן ניט ווייניק השפּעה געהאַט ענלעכע שטרעמונגען אין דער קריסטלעכער קולטור־וועלט: אַן אויגוסט סטרינדבערג, אַ דזשיאָוואַני פּאַפּיני, אַ ט. ס. עליאָט. ווי פאַר די דאָזיקע קריסטלעכע תשובה־טוער, איז אויך פאַר אונדזערע, כאַראַקטעריסטיש דער ברייטער ביטול־זשעסט בנוגע דער נעענ־טערער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, דאָס פּאַראַדאָקסאַלע יאָ־זאָגן צו אַלץ וואָס דער שכל הישר פרעגט אָפּ. דאָס איז אַ גלויבן, וואָס קען זיין ציל דערגרייכן בלויז דורך אַ „סאַלטאָ מאָרטאַלע״, אַ „טויטשפּרונג״ איבער דער „פיליסטערישער באַנאַליטעט״ פון היסטאָרישער און לאָגישער קאָנטי־נואיטעט. דער היפּער־מאָדערנער ענגלישער דיכטער ט. ס. עליאָט, וועלכער האָט זיך נאָך מיט יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט אַלס „קלאַסיציסט אין דער ליטעראַטור, מאָנאַרכיסט — אין דער פּאָליטיק און אַנגלאָ־קאַטאָליק — אין דער רעליגיע״, נעמט דאָס וואָרט פון דעם נייעם טעסטאַמענט וועגן דעם „טויטן בוכשטאַב״ און דעם „לעבעדיקן גייסט״ און קערט עס איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ. פאַר אמתער רעליגיע, זאָגט עליאָט, איז דער טויטער בוכשטאַב, זיינען די רעליגיעזע פאָרשריפטן און פאַרבאָטן, וויכטיקער פונם לעבעדיקן גייסט, פון דעם ספּאָנטאַנעם רעליגיעזן געפיל. און אונדזערע בעלי־תשובה הויבן אָן צו פאַרהערלעכן אין דער יידישער רעליגיע דווקא יענע עלעמענטן, וואָס אפילו דענקענדיקע אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס זיינען פון דער אַלטער יידישקייט קיינמאָל ניט אַוועקגעגאַנגען, ווייסן ניט, ווי אַזוי זיך מיט זיי אַן עצה צו געבן.

איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז פון די דאָזיקע תשובה־שטימונגען זאָל אַרויסקומען אַ רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס זאָל באַאיינפלוסן אונדזער כלל־לעבן? עס איז פאַראַן יעדער יסוד צו צווייפלען אין דעם. די דאָזיקע בעלי־תשובה זיינען זיכער אַן אינטערעסאַנטער סימפּטאָם אין אונדזער לעבן אין דער איצטיקער צייט. פערזענלעך, פאַרדינען זיי אָפטמאָל דעם העכסטן דרך־ארץ און, אפשר, קנאה. אוודאי ליגט דער מקור פון יעדער ביז איצט באַ־קאַנטער היסטאָרישער רעליגיע אין אַן איבערראַציאָנעלער איבערלעבונג, וואָס ברעכט איבער, פאַרן גלויביקן, די קאָנטינואיטעט פון נאַטירלעכן לעבן און דענקען, אין דער אַנטפּלעקונגס־איבערלעבעניש פון אַ יחיד, וואָס ווערט אַ מיטאָס פאַר אַ כלל. אָבער די בעלי־תשובה, ביי די אומות העולם און אויך ביי אונדז, לאָזן זיך פאַרפירן פון דער אילוזיע, אַז דער פּאַראַדאָקס קען זיין עפּעס מער ווי „ערזאַץ״ פאַר עכטער התגלות און מיטאָס. פּאַראַ־

דאָקסן און העראַאישע זשעסטן זיינען איינמאָליקע דערשיינונגען — זיי קענען ניט איבערגעגעבן ווער פון מענטשן צו מענטשן און פון דור צו דור. זיי שאַפן ניט קיין געשיכטע.

אויב רעליגיע זאָל אין יידישן לעבן ווידעראַמאָל פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ, קען דאָס געשען בלויז, אויב זי זאָל גיין אויפן וועג פון רמב״ם, פון די חסידים — און די מער ערנסטע פון די שפּעטערדיקע באַנייער און רעפאָרמאַטאָרן. אין אונדזער צייט, אַ צייט, וואָס צייכנט זיך ניט אויס מיט קיין עלעמענטאַרער רעליגיעזער (אָדער וועלכער עס איז אַנדערער גייס־טיקער) שעפערישקייט, קען דאָס בלויז זיין דער וועג פון קאָמפּראָמיס, פון באַוווסטזיניקע באַמיאונגען צונויפצושטוקעווען נעכטן און היינט, אייגנס און פרעמדס — דער וועג פון עוואָלוציע.

מען קען, פאַרשטייט זיך, פרעגן, וווּהין קען אונדז אַזאַ וועג פירן. אויף דעם קען ניט זיין קיין קלאָרער און זיכערער ענטפער. דער רמב״ם, וועלכער האָט געלעבט אין אַ געשלאָסענער יידישער גלויבנס־וועלט, האָט אפשר געקענט וויסן פאָרויס ווי ווייט ער וועט גיין אין זיינע פּרוּוון צו אַסימילירן אין יידנטום פרעמדע טעאָלאָגישע און פילאָזאָפישע עלעמענטן. ער האָט זיי דאָך אַסימילירט אין דער יידישער רעליגיע (און אפילו וועגן אים האָבן זיינע קריטיקער, פון זיינע מיטצייטלער ביז לעאָ שטראַוס, אין אונדזער צייט, געזאָגט, אַז ער האָט מיט זיין ראַציאָנאַליזם צעשטערט דעם יסוד פון דעם יידישן גלויבן). היינט (דאָס הייסט, אין די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר), האָט זיך די לאַגע גרינטלעך געענדערט. דער וואָס טרעט אָפּ איין שפּאַן פון דרך־המלך פון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, קען בשום אופן ניט וויסן, וווּהין זיין שטעג וועט אים פירן. עס קען פירן זייער ווייט. און וואָס מער עכט רעליגיעז עס זיינען די מאָטיוון פון דעם בלאָנ־דזשענדיקן, אַלץ ווייטער קען ער פאַרגיין.

און דאָ קומט אַ פאַקטאָר, וואָס מען קען ניט פאַרקוקן, ווען מען רעדט וועגן דער יידישער רעליגיע: ניט נאָר מיר, יידן, נאָר אויך די שכינה, דער יידישער גלויבן, איז אין גלות.

ווען דאָס יידישע פאָלק איז אַוועק אין גלות איז ביי אים אויך אַוועק־גענומען געוואָרן די מעגלעכקייט פון פרייער און אומגעשטערטער אַנטוויק־לונג פון זיין רעליגיעזן זשעני. אין משך פון צווי טויזנט יאָר האָט זיך דאָס יידישע פאָלק געפונען אין אַ שטענדיקער דעפענסיווער פּאָזיציע. דער יידישער קיום אין גלות איז געווען איין לאַנגער קאַמף פאַר דער בלויזער עקזיסטענץ. יידן האָבן געלעבט אין שטענדיקער מורא פאַר די

„הערן־פעלקער" צווישן וועלכע עס איז זיי אויסגעקומען צו לעבן. די יידישע רעליגיע איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ דעפענסיווער פּאָזיציע. אין רשות פון דער זיגרייכער קירך זיינען געשטאַנען אומ־געהויערע צוואַנגס־מיטלען, וואָס האָבן ביי די יידן אָפּגעטויט יעדן אַגרעסיוון רעליגיעזן אימפּולס. די איינציקע מעגלעכקייט צו עקזיסטירן איז געווען זיך צו פאַרשטעקן אין די אייגענע פיר איילן, זיך ראַטעווען פון אונטער־גאַנג. צוזאַמען מיט דעם האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ כמעט פּאַטאָלאָגישע מורא פאַר ענדערונגען און רעפאָרמען. אויב דער בנין שטייט אין שטענ־דיקער סכנה, קען מען דאָך, דורך אַרויסנעמען איינעם פון זיינע ציגל, אים אינגאַנצן אומוואַרפן. פון דער נויט איז געוואָרן אַ געוווינהייט. אפילו די מעכטיקע שטראָמען פון דער קבלה און חסידות, אָט די „אונטערערדישע" אויפברויזן אין יידישן רעליגיעזן לעבן, האָבן ניט באַוויזן, און האָבן ניט געקענט באַווייזן, צו ענדערן די דאָזיקע לאַגע.

אַזוי האָט איבער דעם יידישן רעליגיעזן לעבן און געדענקען אין משך פון פילע יאָרהונדערטער געהויערט דער שאָטן פון גלות. ווי דער יידישער גייסט בכלל, איז אויך די יידישע רעליגיע געפּענטעט אין די קייטן פון דער פּאָליטישער אומפרייהייט פון יידישן פאָלק — ביז היינטיקן טאָג.

אָט האָט א. מענעס, איינער פון די געלערנטסטע און עכטסטע צווישן אונדזערע רעליגיעזע זוכער, פּרובירט אָנצוצייכענען די גרונט־שטריכן פון אַ רעליגיעזער פּראָגראַם פאַרן מאָדערנעם סאָציאַליסטישן יידן („די צו־קונפט", אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער, 1941). א. מענעס איז איינער פון די וויניקע צווישן אונדזערע גאָטזוכער, וואָס ווייס וועגן וואָס ער רעדט — אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט. ער ווייס, אַז רעליגיע איז ניט סתם יעדער „אידעאַליזם". גייענדיק אין פוסטריט פון דעם טיפן און פּיאָנערישן פּראָטעסטאַנטישן רעליגיע־פאָרשער רודאָלף אָטאָ, סקיצירט ער אויף אַ דורכדרינגלעכן אופן די גרונט־אַטריבוטן פון דער אייגנטלעך־רעליגיעזער ספערע. „מאָראַל איז מאָראַל און רעליגיע איז רעליגיע. זיי ווערן דערקלערט ניט דורך אינטערעסן, נאָר דורך זיך אַליין, דורך די רעליגיעז־מאָראַלישע אורגעפילן, וואָס ווירקן אין מענטשן און האָבן גע־שאַפן אונדזער קולטור". אין די דערמאָנטע אַרטיקלען און צוויי אָפּהאַנד־לונגען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די זאַמלביכער „אויפן שיידוועג", וואָס זיינען אין פּאַריז דערשינען ערב דער מלחמה (אונטער דער רעדאַקציע פון א. טשעריקאָווער און י. יעפרויקין), האָט א. מענעס אויך פּרובירט גענוי צו אַנאַליזירן די אורשפּרינגלעכע פאָרמען פון די דאָזיקע „אור־

געפילן". ער האָט געגומען אַ צאָל אור־דערשיינונגען פון דער מענטשלעכער נשמה און דעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן (תקיעת כף, סעודה), און באַוויזן, אַז זיי קענען בשום אופן ניט רעדוצירט ווערן צו דער מדרגה פון עפּיפע־נאָמענאַלע אָפּשפּיגלונגען פון מאַטעריעלע און געזעלשאַפטלעכע אינטע־רעסן. גאָר אַ גרויסע וויכטיקייט שרייבט א. מענעס צו דער באַדערפעניש נאָך געמיינשאַפט, נאָך חברותא, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, אויך איינער פון די מענטשלעכע „אורגעפילן". (די באַגריפן „געזעלשאַפט", צוועק־מעסיקע סאָציאַלע אַסאָציאַציע, און „געמיינשאַפט", צוזאַמענבונד אויס חברותא־באַדערפעניש, האָט מענעס זייער עפעקטיוו אויסגענוצט אין אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דעם קריזיס אין סאָציאַליזם, וואָס ער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אין דער „צוקונפט". די דאָזיקע אַרבעט, וואָס איז ביי אונדז געבליבן כמעט אינגאַנצן אומבאַמערקט, געהערט צו די טיפסטע סאָציאַליסטישע אַנאַליזעס פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם, וואָס זיינען מיר באַקאַנט).

אויף דעם דאָזיקן יסוד פּרובירט א. מענעס בויען אַ נייעם בנין פאַר דער יידישער רעליגיע. ער ציט אונטער אַ האַרטן סך־הכל אונטער דעם באַלאַנס פון אונדזער וועלטלעכער, נייער יידישקייט. מיר פירן אַ לעבן אָן מצוות, אָן עכטער פרייד, אָן שבתים און ימים טובים. מיר ווערן פאַר־פלייצט פון וואָכעדיקייט און ביליקייט.

אָבער אַז מענעס קומט צו אַ פּאָזיטיווער פּראָגראַם, פאַלט ער אַראָפּ פון דער הויך פון זיין אויפפאַסונג וועגן מהות פון דער רעליגיע, און מיר זעען פאַר זיך גאָר עפּעס אַנדערש, עפּעס וואָס איז פיל וויניקער פון רעליגיע.

„קודם כל", זאָגט ער, „מוזן מיר ווידער אַריינברענגען אַביסל הייליקייט אין אונדזער יידיש לעבן... די ווידעראויפלעבונג פון שבת טאָר זיך ניט באַגרענעצן מיט פּרייטיק־צו־נאַכטיקע ליטעראַריש־קינסטלערישע אונטער־נעמונגען פון דעם עונג שבת־טיפּ. עס מוז ווידער ווערן אין אַ געוויסער מאָס אַ הייליקער שבת, וואָס זאָל דעם פּשוטן יידן ווידער ברענגען זיין נשמה יתירה. עס מוז לפחות אויסגעטיילט ווערן אַ טייל פון שבת, ווען סיי דערוואַקסענע, סיי די קינדער לעבן נאָר ווי יידן, רעדן נאָר יידיש (געווען אַמאָל פרומע יידן, וואָס פלעגן שבת רעדן נאָר לשון קודש), לייענען אַ יידיש ספר, קומען זיך צונויף און אינטערעסירן זיך נאָר מיט יידישע ענינים. עס מוז ווידער געשאַפן ווערן אַ סטיל פון פייערן שבת אין פאַמיליע־קרייז. די יידישע שול און די יידישע דערציונג בכלל מוז

דעם שבת אַריינגעמען ווי אַ צענטראַלן עלעמענט פון יידיש לעבן. און מיר מוזן אויך האָבן דעם מוט צו פאָדערן, אַז געוויסע זאַכן טאָר מען אום שבת ניט טאָן (אַ שטייגער, שפּילן אין קאָרטן און ניט דווקא דאָס), עס מוז ווידער אויפגעלעבט ווערן דאָס געפיל, וואָס האָט ניט דערלאָזן צו חילול שבת".

אין אַן אַנדער פּלאַץ אין זיינע אַרטיקלען זאָגט א. מענעס: „אמונה איז ניט קיין רעאַקציע אויף בייזע חלומות און אַנגסט־געפילןביים פּרי־מיטיוון מענטשן, נאָר אַ טיפע אורמענטשלעכע אַנונג פון אין־סוף, פון אַ העכערער וועלט און אַ העכערער אחריות". די רעליגיעזע „אורגעפילן" עקזיסטירן ניט פאַר זיך אַליין — זיי האָבן אַן אָביעקט. ביי רודאָלף אָטאָ הייסט דער דאָזיקער אָביעקט: „דאָס הייליקע". וועגן דעם רעדט א. מענעס זייער ווייניק. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס, אויסרעכענענדיק די אַלע מעשים טובים, וואָס זייער קוואַל איז די רעליגיעזע ספערע, פאַרגעסט ער „איין קליינינקייט" — תפילה. צו דעם — און ווי קען רעליגיע געמאָלט זיין אָן דעם? — קומט ער אויך ניט. מען שפּירט זיכער אין א. מענעסעס ווערטער אַ טיפע אַנונג פון אין־סוף און לעכצעניש נאָך התדבקות מיט אים. אָבער הינטער יעדן וואָרט שפּירט מען עפּעס אַנדערש: די „בייזע חלומות און אַנגסט־געפילן" פון אַ יידן, וואָס איז פאַרוואָרצלט אין דער היסטאָ־רישער ירושה פון זיין פאָלק און איז פול מיט ווייטיק און פּחד פאַר דער געשפּענסט־קאַריקאַטור, וואָס ער זעט פאַר זיך היינט. דאָס זיינען די „בייזע חלומות", וואָס האָבן מיט פילע יאָרן צוריק געמאַטערט אויך דעם משכיל־דיכטער י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט זיינע האָפנונגען אפשר געלייגט אויף פּרימיטיווע פּתרונות פון זיינע קאָשמאַרן, אָבער זיי אַליין האָט ער געזען מיט ברייט צעעפנטע, דערשראָקענע אויגן:

חלומות רעים בלילה בעתוני,
את עמי בעצם עניו הראוני.

אָט די דאָזיקע „בייזע חלומות" מוזן זיך צונויפמעמישן מיט יעדער „אַנונג פון אין־סוף", צו וועלכער אַ ייד איז היינט זוכה. און זיי וועלן שוין ניט דערלאָזן, אַז די אומקלאָרע, אָדער אפילו קלאָרע, רעליגיעזע לעכצענישן פון יידישן מענטשן אין אונדזער צייט (וואָס זיינען ווי די רעליגיעזע לעכצענישן פון אַלע מענטשן אין דער דאָזיקער קריזיס־עפּאָכע, אומזיכער, אויסגעקליגלט און געמאַטערט), זאָלן קומען צו עפּעס, זאָל זיין אפילו צו טיילווייזער שלימות און שעפערישער פאַרווירקלעכונג.

דער גלות ליגט ווי אַ שאָטן איבער אַלע אונדזערע שטרעבונגען און

טואונגען. זיין שאָטן פאַלט אויך איבער אונדזער וועג צו עכטער קדושה. די יידישיסטישע אינטעליגענץ, וואָס האָט אונדזער גלות־ווירקלעכקייט ניט געוואָלט זען אָדער האָט זי עקסטאַטיש אידעאַליזירט, הויבט ערשט אָן צו דערקענען דעם דאָזיקן ביטערן אמת. העברעישע שריפטשטעלער האָבן דאָס שטענדיק געוווּסט. ברענער האָט ניט געגלויבט אין קיין שום „יידישער עטיק", כל זמן עס בלייבט דאָס יידישע לעבן, מיט זיין גלות־שפלות און אומפרייהייט, מיט זיין אָפּהענגיקייט פון פרעמדע חסדים. מ. י. בערדי־טשעווסקי האָט געזאָגט: „גוי קדוש צריך להיות גוי קיים".

בערדיטשעווסקי האָט אויך געזאָגט אַן אַנדער וואָרט, וואָס פּאַסט זיך צו אונדזער טעמע: „גיט אונדז פריער אַ שטיין, צו לייגן אויף אים אונדזער קאָפּ — וועלן מיר דעמאָלט אויך חלומען".

אפילו יעקב אבינו האָט זיך ניט געקענט באַגיין אָן דעם דאָזיקן שטיין.

(„אידישער קעמפער", 23 יאַנואַר 1942)

# ווען עס איז שווער צו לאַכן

אַז איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט וועגן דעם באַשלוס וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט אָנגענומען וועגן תנ״ך איז דער קונדס אין מיר אויפגעשפרונגען פון באַגייסטערונג. דאָס הייסט אַ טעמע — ממש אַ גאָלדגרוב. איך האָב פאַר די אויגן גלייך געזען דעם טריבונאַל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם טויטאורטייל איבער דעם ספר הספרים. אָט זיצן זיי, די קאַרדינאַלן פון רייגעם, פון גאָט ניט־באַפּלעקטן סאָציאַליזם, אויסגעפוצט אין רויטע קאַפּאָטעס און שטריימלעך, מיט שוואַרצע ליכט אין די הענט, און זייערע ליפּן מורמלען אומפאַרשטענדלעכע צירופים און השבעות. די חכמה איז נאָך ביי יידן ניט אויסגעשטאָרבן — נו, דערלעבט, אַ סנהדרין פון תלמידי־חכמים לייגט אַריין אין חרם די כתבי הקודש! בראש פון די הייליקע דיינים זיצט, פאַרשטייט זיך, אונדזער אַלטער פריינד יעקב לעווין, דער מאַרקסיסטישער פּראָגנאָסטיקער, אָט דער וועלכער האָט נאָך אין יאָר 1913, מיט זיין דיאַלעקטישן חוש הנבואה געזען, אַז אין הייסן ארץ־ישראלדיקן קלימאַט מוז אויסוואַקסן אַ דור שוואַכזיניקע קינדער... אוי, אַ טעמע!

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זיך אַליין געהאַלטן ביי די זייטן פון מיין נאָך ניט געשריבענעם פעליעטאָן.

איז אָבער געקומען חיים ליבערמאַנס רעזיגנאַציע־בריוו פון אַרבעטער־רינג, און איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר מיין נאַרישן קוויקן זיך מיט אַ „טעמע". ניין, עס איז ניט קיין שפּאַס. ס'איז טאַקע אפשר ניט אַזאַ „מעשה נורא", ווי חיים ליבערמאַן וויל האָבן. קיין מיליאָנען קינדער לערנען דאָך ניט אין די אַרבעטער־רינג־שולן. און דער פאַרגלייך צווישן דעם תנ״ך־שונא היטלער און די „תנ״ך־שונאים" פון בילדונגס־קאָמיטעט איז זיכער אויך ניט קיין געלונגענער. היטלער איז אַ דעמאָנישע קראַפט, וואָס זעט אין תנ״ך דעם שטרויכל־שטיין, וואָס שטייט אים אין וועג צום פּלאַנעטאַרישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. היטלער ווערט באַוועגט פון פלאַמענדיקסטער און פינצטערסטער שנאה. אָבער די מענטשן פון בילדונגס־קאָמיטעט, וואָס זיי זאָלן יאָ זיין, איז אָבער זיכער, אַז קיין גרויסן כוח צו האַסן אָדער ליבן האָבן זיי שוין ניט. זיי זיינען מידע יידן, וואָס שרעקן זיך פאַר די שאָטנס

אויף אַ האַלב־איינגעפאַלענער וואַנט. כ׳האָב אפילו אַ שמייכל געטאָן, ווען איך האָב געלייענט ליבערמאַנס פּאַטעטישע קללה: „אפילו אַ ראַדיקאַלע דערציונג דאַרף זיין געשטעלט אויפן תנ״ך, ווי מען קען עס זען אין מיין אַמאָליקן ביכל ,די אידישע רעליגיע אין דער נאַצ.־ראַדיקאַלער דערציונג׳. פונדעסטוועגן, אפילו דערמיט, האָבן מיר געמעגט אָפּדאַרן די הענט איידער איך האָב עס געטאָן״. עס איז ניט אַזוי געפערלעך, ווי אַ חוזר תשובה, אַ מהדר שבמהדרין, וויל מיינען. ביאַליק און ראַווניצקי, וועלכע זיינען פון דער טראַדיציע קיינמאָל ניט אַוועקגעגאַנגען, האָבן ניט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן, ווען זיי האָבן זייער שול־תנ״ך געקירצט, אין איינקלאַנג מיט דער קינדערשער תפיסה. עס איז אַ געבאָט צו לערנען תורה, מיר האָבן אָבער ניט קיין אומפאַרענדערלעכע געבאָטן וועגן די מעטאָדן פון תורה־לערנען. ווער ווייסט, צי ביאַליקס „סיפורי המקרא״ האָט ניט דער־צויגן מער און בעסערע תנ״ך־לייענער ווי אַ סך אַלטמאָדישע חדרים.

און דאָך איז ליבערמאַן גערעכט. עס איז ניט קיין וועלט־אומגליק, אָבער עס איז זיכער ניטאָ פון וואָס צו לאַכן. וואָס איז דאָ פאַראַן צו לאַכן, ווען מען זעט ווי יידן אַנטשולדיקן זיך און שעמען זיך און וואַרפן זיך מיט זייער גרעסטן אוצר?

איך האָב שוין קיין פריילעכן פעליעטאָן ניט געקענט שרייבן, באַזונ־דערס ווען איך האָב געלייענט די ענטפערס אויף ליבערמאַנס געוואַלט־געשריי. די שרעקעדיקע ראַדיקאַלן האָבן זיך דערשראָקן פאַרן געשריי. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, זיי האָבן דעם ענין פּרובירט „דערקלערן״, זיי האָבן קאָרעגירט געוויסע פּרטים אין די באַריכטן וועגן זייער באַשלוס. אָבער דעם שלעכטן נאָך־טעם האָבן די פייערלעכע דעק־לאַראַציעס וועגן דרך־ארץ פאַר תנ״ך ניט אַוועקגענומען. וואָרעם פון אָט די אַלע דערקלערונגען און פאַרזיכערונגען קומט אַרויס... בנימין פייגנבוים. אַביסל אַנדערש געשלייערט, קולטורעלע מאַניערן, וויניקער חוצפה, אַביסל מער מורא פאַר דעת־הקהל. און דאָך איז דאָס ניט קיין אַנדערער ווי דער מחבר פון די אומשטערבלעכע „מייסטער־ווערקע״ וועגן דער מילה און אברהם דעם מצרי (איך האָף, אַז איך מאַך ניט קיין טעות). דאָס סקאַנדאַלכל וועגן דעם תנ״ך־באַשלוס האָט די אַרבעטער רינג פּעדאַגאָגן געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. און אין דער פאַרלעגנהייט זיינען בולטער געוואָרן די השגות און די ווערטן פון מענטשן, וועלכע בויען יידישע שולן אין יאָר 1941 און דער פּרצוף־פּנים פון יידישע פירער, וואָס דער תנ״ך איז ביי

זיי צווישן די טריף־פסולע ביכער. (אַגב, אויף דער באשולדיקונג, וואָס חיים ליבערמאַן האָט געמאַכט, אַז דער אַרבעטער־רינג בילדונגס־קאָמיטעט, וועלכער פאַרשפּרייט צווישן זיינע מיטגלידער כלערליי ביכער, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן פאַרשפּרייטן דעם יהואש־תנ״ך, האָט קיין איינער פון די אַפּאָלאָגעטיקער ניט געענטפערט. אַ סימן, אַז דאָס איז ניט קיין בילבול. דאָ האַנדלט זיך דאָך שוין ניט וועגן קליינע קינדער, וואָס זייערע מוחות זיינען נאָך ניט גענוג אימוניזירט קעגן „אַבערגלויבן״, נאָר וועגן דער־וואַקסענע. זיי קען דער תנ״ך, ווייזט אויס, אויך פאַרשאַטן).

פון די דערקלערונגען און אויפקלערונגען זעט מען, אַז די בילדונגס־קאָמיטעט־מענטשן האָבן זיך אין דעם ענין תנ״ך אַ שיין ביסל פאַרפּלאָנ־טערט — קעגן זייער ווילן. די אַרבעטער־רינג־פּעדאַגאָגן האָבן זיך געלעבט אַ גאַנץ רואיק לעבן. זיי האָבן אין קעשענע געהאַט, ווי וויליאַם עדלין פאַר־זיכערט אונדז, „אַ באַשטימטן פּראָגראַם פון לימודים״. איז אויף זיי אָבער אַרויפגעשפּרונגען די רוגזה פון אפרים אויערבאַכן און אַנדערע „פינסטער־לינגע״ און האָט צעשטערט די אידיליע. דאַרף מען זיך ניט וווּנדערן וואָס זייערע אויפקלערונגען קומען אַרויס אַזעלכע ניט אויסגעהאַלטענע, ווידער־שפּרוכפולע און צעטומלטע.

די אַרב.־רינג־שולן, זאָגט וויליאַם עדלין, אַ בילדונגס־קאָמיטעט־מיט־גליד, וועלכער איז מיט דעם ענין אודאי גרינטלעך באַקאַנט, האָבן זייער אייגענעם פּראָגראַם און וועג. איצט קומען מענטשן, פרעמדע תנ״ך־פאַר־לעגער (וועלכע מאַכן פון תנ״ך, ווייזט אויס, גלענצנדע געשעפטן) און אייגענע פרעמדע, און ווילן אויף די דאָזיקע שולן אַרויפצווינגען עפּעס ווייטע, אומבאַקאַנטע דרכים.

וואָס איז טאַקע די אויפגאַבע וואָס די אַרבעטער־רינג־שולן האָבן זיך געשטעלט?

וויליאַם עדלין דערקלערט:

„איינצופלאַנצן אין די קינדער אַ ליבע פאַר די שיינע אידעאַלן פון זייערע עלטערן — דורך באַקענען זיי מיט דער יידישער שפּראַך, דורך לערנען מיט זיי די שענסטע קאַפּיטלען פון דער יידישער געשיכטע, דורך פאַרבינדן זייער פאַנטאַזיע מיט די פיינסטע שאַפונגען פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און דורך אָנצינדן אין זייערע הערצער אַ וואַרעמע, סימפּאַטישע באַציאונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און צום דעמאָ־קראַטישן סאָציאַליזם בפרט״.

דוכט זיך, אַ פּראָגראַם מיט אַלע פּרטים. און דאָך איז עס גאָר ניט

אַזוי קלאָר. אָדער אפשר איז ריכטיקער צו זאָגן, אַז עס איז פּונקט אַזוי קלאָר ווי דער מוח פון אַן אַרויפגעאַרבעטן פאַבריקאַנט אָדער „ריל־עסטייט״־אונטערנעמער, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ גוואַלדאַוונער רעוואָלוציאָנער און הערט זיך נאָך עד היום ניט אויף צו קוויקן מיט די זכרונות פון די אַמאָליקע „גאָלדענע טעג״. פּונקט אַזוי קלאָר.

וואָרעם, אויפריכטיק גערעדט, וואָס זיינען דאָס טאַקע די „שיינע אידעאַלן״ פון די עלטערן פון די ליבע תלמידים פון די אַרבעטער־רינג־שולן? יאָ, מיר וויסן, וואָס עס איז אַמאָל געווען: דער זיס מליצהדיקער, נאַאיוו אָפּטימיסטישער, עטוואָס שרייענדיקער ערשטער מאַי־סאָציאַליזם, וועלכער איז איצט אומעטום טויט. וואָס איז פון דעם דאָזיקן סאָציאַליזם היינט געבליבן? פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם פון דער אַמאָליקער רוישנדיקער „איסט סייד״ איז געבליבן די ניו יאָרקער לייבאָר־פּאַרטיי און אַ ביסל פאַרכלינעטער רוזוועלט־ענטוזיאַזם. קיינער וועט עס ניט קריטיקירן. אפשר דאַרף דאָס זיין אַזוי. אפשר איז ניטאָ קיין אַנדער וועג. אָבער אויב אַזוי, איז וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן וועגן די „שיינע אידעאַלן״ פון די עלטערן? פאַר די עלטערן זיינען די דאָזיקע אידעאַלן, אין בעסטן פאַל, אַנגענעמע פערזענלעכע איבערלעבונגען. וואָס איז אָבער דאָ פאַראַן אויף איבערצוגעבן דעם קומענדיקן דור? איז דאָס בלויז ענין פון כיבוד אב — באשר ער איז אַמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנער מיט אַ רויטן קראַוואַט און לאַנגע לאָקן? און אפשר קומט די דאָזיקע עלטערן גאָרניט אַזאַ כבוד? פאַרוואָס זאָלן קינדער דערצויגן ווערן צו ליבן די „שיינע אידעאַלן״ פון די עלטערן, פון וועלכע עס זיינען פאַרבליבן בלויז אויסגעלאָשענע האָלע־ווערטער און אויסגעדראָשענע פראַזעס, אין וועלכע מען גלויבט אַליין ניט, און מאַטע זכרונות נאָך אַ גוטן מיטאָג?

און וואָס הייסט אַזוינס, צו „לערנען מיט זיי [די קינדער] די שענסטע קאַפּיטלען יידישע געשיכטע״? וועלכע קאַפּיטלען אין דער יידישער געשיכטע זיינען עס די שענסטע? אָט קנעלט מיט אונדז דער אַגראָנאָם־פּעדאַגאָג יעקב לעווין (אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״), אַז „די לעגענדעס וועגן וועלט־באַשאַף [אין תנ״ך] זיינען סיי לויט זייער פאָרם, סיי לויט זייער אינהאַלט רעליגיעזע״ (יאָ, רעליגיעז לויט דער פאָרם...) און דערפאַר מעג מען זיי לערנען בלויז אין מיטלשול, ווו די יונגע וויסנ־שאַפטלעך אימוניזירטע תלמידי־חכמים וועלן זיי פאַרגלייכן „מיט די פאַר־שטעלונגען פון אַנדערע אַלטע פעלקער (גריכן, כשדים), ווי אויך מיט די מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע פאַרשטעלונגען וועגן דער זעלבער זאַך (דאָס

הייסט, די וויסנשאַפטלעכע פאַרשטעלונגען וועגן וועלט־באַשאַף...) ווען דער צוגאַנג צום סאַמע אָנהויב, צום וועלט־באַשאַף, איז אַזאַ פאַרזיכטיק קריי־טישער, קען מען שוין פאַרשטיין ווי עס שניידן ביי די אַרבעטער־רינג־פעדאַגאָגן אָפּ די שפּעטערדיקע עפּאָכעס. קיין חנוכה־ליכטלעך טאָר מען ניט אָנצינדן, ווײַל דער מנהג איז געבויט אויף אַן „אָבערגלויבן", און די חנוכה־ליכטלעך קענען נאָך ביי די אומשולדיקע קינדער, ספּעציעל די וואָס זיינען נאָך ניט אויפגעקלערט געוואָרן אין דער מיטלשול, אויפוועקן דעם פאַלשן איינדרוק, אַז אַ לעמפּל, אין וועלכן עס געפינט זיך אויל פאַר איין טאָג קען טאָקע ברענען גאַנצע אַכט טעג. די וויסנשאַפט לאַכט זיך אָבער אויס פון אַזעלכע בבא־מעשיות. איר גרונטפּרינציפּ איז דאָס באַ־רימטע וואָרט פון אַ מאָדערנעם קאָנפוציוס: „נאָו טיקי, נאָו וואַשי". חנוכה דאַרף אין די אַרבעטער־רינג־שולן, לויט יעקב לעווינס פאָרשלאָג, געפייערט ווערן אויף אַ פּראָגרעסיוו־וויסנשאַפטלעכן אופן, דורך „אָנצינדן אַ סך לאָמפּן, וואָס זאָלן ווירקלעך ליכטיק מאַכן די צימערן"... זאָל חנוכה אויסגענוצט ווערן ווי אַ געלעגנהייט צו דעמאָנסטרירן פאַר די קינדער דעם אונטערשיד צווישן די ניסים פון אַן עדיסאָן און אַ ליאַדע גאָט! און אַזוי גייט עס ווייטער, פון וועלט־באַשאַף ביז מתן־„בונד". מען מוז קומען צום שלוס, אַז דאָס איז דער ערשטער „שיינער קאַפּיטל" אין דער יידישער געשיכטע.

אָבער פאַרוואָס זאָל אַ סאָציאַליסטישע שול בכלל זיך אַזוי אויסשליסלעך אָפּגעבן דווקא מיט דער פאַרגאַנגענהייט, מיט דער געשיכטע? דער וועלט־באַשאַף איז דאָך אַן ענין פאַר קאָסמאָלאָגן, די „געשיכטלעכע לעגענדעס" אין חומש — פאַר אַרכעאָלאָגן, דער „בונד" — פאַר די היסטאָריקער פון „ייוואָ", די „שיינע אידעאַלן" — פאַר רעדנער אויף יובליי־באַנקעטן פון פופציק און זעכציק יעריקע גענאָסן. אָבער וואָס איז עפּעס מכוח דער קעגנוואַרט? דאָס קאַפּיטל יידישע געשיכטע, וועלכן מיר לעבן איצט דורך, צייכנט זיך לכל הדעות ניט אויס מיט קיין גרויסער שיינקייט. עס איז דאָך אָבער אַזוי לעבעדיק, אַזוי דאַאיק, מען קען פון דעם ניט אַנטלויפן. עס איז פאַראַן אַ גרונט צו צווייפלען, צי מען קען עס אפילו אָפּלייגן ביז דער מיטלשול. אַמאָל מוזן דאָך אפילו די אומשולדיקע, נאָך ניט אויפגעקלערטע קינדער (און אפשר דווקא זיי) פרעגן: וווהין פירט זי, די דאָזיקע געשיכטע, מיט אירע שיינע און ניט שיינע קאַפּיטלען? לאָמיר וועגן דער פאַרגאַנגענ־הייט טראַכטן ווי מיר ווילן. לאָמיר זי פייערן מיט חנוכה־ליכטלעך אָדער מיט יאַפּאַנישע לעמפּלעך אָדער אפילו „מיט אַ סך עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס זאָלן ווירקלעך ליכטיק מאַכן די צימערן". לאָמיר אפילו מסכים זיין,

אַז די איינציקע יידישקייט, צו וועלכער דער „גייסטיק־באַפרייטער יידישער עולם" (יעקב לעווינס אויסדרוק) מעג זיך צורירן איז די „וועלטלעכע יידישקייט". אָבער וואָס איז דער תּכלית? ווו ליגט דער תּכלית פון דער גאַנצער זאַך? ווי אַזוי זאָל אָפּגעהיט ווערן אפילו די דאָזיקע יידישקייט?

איך ווייס, אַז וויליאַם עדלין שליסט אין זיין פּראָגראַם אויך איין „אַ וואַרעמע סימפּאַטישע באַציאונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און צום דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם בפרט". איך גלויב, אַז איך פאַרשטיי וואָס ער מיינט. דאָס קינד וועט דורכגיין די אַרבעטער־רינג־שול, פינף פּראָצענט פון די דורכגעגאַנגענע וועלן אפשר פאַרזעצן די לימודים אין דער מיטלשול, ווו מען וועט זיי אפילו דערציילן די ביז דעמאָלט פאַרבאָטענע „לעגענדעס פון וועלט־באַשאַף", פאַרגליכן, פאַרשטייט זיך, מיט די „פאַרשטעלונגען פון די אַנדערע אַלטע פעלקער" און די „מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע פאַרשטעלונגען וועגן דער זעלבער זאַך". די טאַטעס, די יידן מיט די „שיינע אידעאַלן", וועלן זיי שוין צוגרייטן לחופּה, לוויסנשאַפט און לגוטע געשעפטן. אַז זיי וועלן זיך איינאָרדנען אין דער וועלט, אין וועלכער עס הערשן נאָך, ליידער, בורזשואַזע באַגריפן וועגן דערפאָלג און ניט־דערפאָלג, וועלן אַ טייל פון זיי, אויס „ליבע צו די שיינע אידעאַלן פון זייערע עלטערן", זיך אָנשליסן אָן „יאָנג סוירקל ליג". אַזוי ווי זיי וועלן האָבן אָפּגעטאָן זייער חוב צו דער „וועלטלעכער יידישקייט", וועלן זיי אין „יאָנג סוירקעל ליג" זיך קענען פאַרנעמען אויסשליסלעך מיטן כאַוואַן זייער „וואַרעמע סימפּאַטישע באַציונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און צום דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם בפרט". דאָס הייסט, אויב איר ווילט וויסן וואָס דאָס איז אַזוינס קאָנקרעט, זיי וועלן פירן דיסקוסיעס וועגן סאָציאַליסטישע טעאָריעס און וועלן שטימען פאַר די דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטן, וועלכע וועלן אינדאָרסיסט ווערן פון דער לייבאָר־פּאַרטיי. דאָס איינציקע שיינע קאַפּיטל יידישע געשיכטע מיט וועלכן זיי וועלן זיך דעמאָלט אָפּגעבן וועט זיין די געשיכטע פון „גרויסן אַרבעטער־אָרדן" (אָן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס אירע מיטגלידער זיינען צופעליק בלויז יידן). וועגן אַנדערע אַספּעקטן פון דער מאָדערנער יידישער געשיכטע וועט זיי אויפקלערן דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־רינג. ער וועט זיי באַזאָרגן מיט לייען־מאַטעריאַל וועגן ציוניזם, וואָס אונטערשיידט זיך ניט צו פיל פון דעם מאַטעריאַל פון דעם מין, וואָס עס גיט אַרויס די ניט־דעמאָקראַטישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

און אַלץ וועט זיין גוט און שיין, אַלץ וועט שווימען אין „ליבע" און „סימפּאַטיע" צו נ־ט־גאָט און צו לייטן.

וויליאַם עדלין דערציילט, אַז פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט דער אַר־בעטער־רינג שוין אויסגעגעבן אַ קיילעכדיקן מיליאָן דאָלער. עס איז ניט מיין געלט, און דאָך מעג מען פרעגן: איז עס כדאי?



איר זעט, ליבער, אַנטוישטער לייענער, וואָס עס איז געוואָרן פון מיין געפּלאָנטן וויציקן, פריילעכן פעליעטאָן: רוגזהדיקע טענות, „פּאַרטייאישע" פּאָלעמיק, ערנסטע פּראָגעס, וואָס ווען, האָב איך מורא, ניט געפינען קיין לייטזעליקייט אפילו אין די אויגן פון אַזאַ ערנסטן מענטשן ווי וויליאַם עדלין.

אָנגעהויבן האָב איך מיטן תנ״ך. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן וועגן תנ״ך אין דער יידישער שול, וועגן תנ״ך און סאָציאַליזם. און אָט וואָס עס איז דערפון אַרויסגעקומען. אָבער וואַרט אַ רגע! איך האָב זיך עפּעס דערמאָנט: ערגעץ אויף אַ פּאָליצע אין מיין ביכער־עטאַזשערקע שטייט אַ בוך און אין אים געפינען זיך די ווערטער, אין וועלכע איך נויטיק זיך איצט. לאָמיר לייענען:

„דער תנ״ך גיט אונדז אַ שפּיגל פון יעדן יחידישן לעבן, אַ שפע פון ביישפּילן פון מענטשלעכע בלאָנדזשענישן, טעותן, האָפן, צווייפלען, ליידן, האַנדלען, בייקומען, פון פאַרבילדלעכן פאַרהאַלטן־זיך אין אַלע דענקבאַרע אינערלעכע און אויסערלעכע נויטן און שטרייטן; אַן אוצר פון לעבנס־חכמה און דערהויבונג; קיינע אַבסטראַקטע כללים — זיי פּאַר־נעמען, יעדנפאַלס, ניט קיין וויכטיקן פּלאַץ — קיין מאָראַל־פּויקעניש, נאָר בלויז אָנשויאונגס־לעקציעס פאַר מענטשן פון פליייש און בלוט, לעבנסקראַפט און שוואַכקייטן. ביישפּילן פון קוועלנדיקער ווירקלעכקייט, אין דער שלמות־דיקסטער פאָרשטעלונג, גיסן זיך אָן אַ סוף, ווי שטראָמען רעגן, אין אייג־דרינגלעכע משל־פאָרמען. דער תנ״ך שטעלט מיט זיך פאַר אַ ליכטיקן בלומען־טעפּיך פון לירישער צאַרטקייט, די גאַנצע פאַנטאַסטיק פון אָריענט, דעם שווונג פון אַנטציקטער התלהבות, די טונקעלע טיפקייט פון נביאישער פאַרקינדיקונג און עקסטאַטישער זעאונג. אַזוי איז דער תנ״ך אַ פּאָעטיש ווערק, וואָס האָט ניט קיין גלייכן, דאָס בוך פון ביכער".

דאָס בוך הייסט: „שטודיען" און איז דערשינען אין מינכען, אין יאָר 1922. דער מחבר, קאַרל ליבקנעכט, דער גרינדער פון ספּאַרטאַקוס־בונד און דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט דאָס בוך (אגב, איינס פון די זעלטנסטע ביכער אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור), געשריבן אין

טורמע, ווו ווילהעלמס רעגירונג האָט אים אַריינגעזעצט פאַר זיין קאַמף קעגן דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ליבקנעכט איז ניט געווען קיין ייד. אָבער איך גלויב, אַז אַפילו יעקב לעווין וועט צוגעבן, אַז ער איז געווען אַ „גייסטיק באַפרייטער" מענטש. איך האָף אויך, אַז ווילי‌אַם עדלין וועט זיך מיט מיר ניט שפּאַרן ווען איך וועל זאָגן, אַז ער איז געווען אַ סאָציאַליסט, איינער פון די איידלסטע געשטאַלטן אין דער סאָציאַליסטעשער באַוועגונג, כאָטש זיין סאָציאַליסטי־שער וועג האָט ניט געפירט פון „עסן טעג", דורך דעם אומפאַרגעסלעכן „אַבענדבלאַט", צו אַ פאַבריקל אָדער אַן „אינשורענס־ביוראָ". (זיין סאָציאַ־ליזם האָט אים, כידוע, געפירט צום מאַרטירער־טויט אין האָטעל „אַדלאָן" אין בערלין). ער איז אויך געווען אַ זון פון אַ פאָטער מיט גאַנץ „שיינע אידעאַלן" — ער האָט געהייסן ווילהעלם ליבקנעכט. אָבער מיר דוכט זיך, אַז וועגן תנ"ך האָט נאָך עד היום קיין איין יידישער סאָציאַליסט אַזוי ניט געשריבן (וועגן דעם סאָציאַליזם פון די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער, וואָס אין זייערע שולן לערנען די קינדער תנ"ך גלייך פון ערשטן קלאַס, זיינען דאָך פאַראַן גאָר גרויסע ספקות).

איך בין יעדנפאַלס דאַנקבאַר דעם גייסט פון קאַרל ליבקנעכט, וואָס ער האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך אויסצופּלאָנטערן פון אַ שווערער סיטואַציע. איצט קען איך ענדיקן.

נ. ב. ניין, איך האָב נאָך ניט פאַרענדיקט. אין דער לעצטער מינוט איז מיר געקומען צו דער האַנט אַ פרישער נומער פון „וועקער". אין אַן אַרטיקל וועגן „אַרבעטער־רינג און די נביאים" פאַרזיכערט אונדז דוד איינהאָרן, אַז „ווען ישעיה הנביא און עמוס און ירמיה וואָלטן געלעבט אין דער הייַנטיקער צייט... וואָלטן זיי קיין איין מינוט ניט געטראַכט און געוואָרן מעמבערס פון אַרבעטער־רינג". איך וואָלט אָבער געוואָלט וויסן: ווען זיי וואָלטן טאַקע געוואָרן „מעמבערס" פון חשובן אַרבעטער־אָרדן, צי וואָלט נאָך דער בילדונגס־קאָמיטעט אַלץ זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרשפּרייטן זייערע „ווערק"? און וואָלטן זיי געהאַט וועלכע עס איז שאַנסן צו זיצן אין בילדונגס־קאָמיטעט צוזאַמען מיט יעקב לעווין און ז. ליבין?

איך וואָלט ניט געוואָלט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן דער איינדרוק, אַז איינהאָרן האָלט ניט פון תנ"ך. ער האַלט פון אים אַן עולם ומלואו, באַזונ־דערס פון יונה הנביא, מיט זיין „הערלעכן אַנטי־נאַציאָנאַליסטישן און אַנטי־ציוניסטישן געדאַנק". איצט וויסן מיר, אַז אפילו פאַרן „בונד" איז שוין געווען אַ „שיין קאַפּיטל" יידישע געשיכטע — די נינוה־עפּאָכע...

(„אידישער קעמפער" 7 פעברואר 1941)

# „די עלעמענטן פון דער סיטואַציע"

די מעשה וואָס איך וויל דאָ איבערדערציילן, איז ניט זייער קיין וואָזשנע. די צייטונגען האָבן די מעשה ניט פאַרעפנטלעכט אויף דער ערשטער זייט; זי איז בכלל דערמאָנט געוואָרן בלויז אין צוויי פּובליקאַציעס — אין דער טעגלעכער „פּי עם." און דער וועכנטלעכער „ניישאָן".ביידע זיינען נוגעים בדבר: א. פ. סטאָון, דער העלד פון אונדזער אַנעקדאָט, איז זייער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט. און דאָך איז די מעשה אַן אינטערעסאַנטע — ניט צוליב איר וויכטיקייט פאַר זיך אַליין, אָדער אירע קאָנסעקווענצן (אפילו די דירעקט געטראָפענע האָבן שוין מסתמא דעם ענין פאַרגעסן), נאָר אַזוי צו זאָגן, צוליב די עלעמענטן פון דער סיטואַציע, די עלעמענטן פון אַ ברייטערער סיטואַציע, וואָס דער דאָזיקער אינצידענט אילוסטרירט.

אָט איז די מעשה אַליין:

אויף איינער פון די לעצטע פּרעסע־קאָנפערענצן פון אונדזער אויסערן־מיניסטער, קאָרדעל האַל, האָט דער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט א. פ. סטאָון געשטעלט אַ פראַגע וועגן דעם פּלאָנטער אין צפון־אַפריקע. סעקרעטער האַל איז לעצטנס געצווונגען געוואָרן אויסצוהערן, און אַמאָל אויך ענטפערן, פיל ניט־געבעטענע פראַגעס וועגן אַמעריקעס חלק אין דער דאַרלאַן־זשיראָ אַפערע. זיך שטיצנדיק אויף אַ באַהויפּטונג, וואָס אַן אַנדער קאָרעספּאָנדענט האָט געמאַכט וועגן דעם ענין פּעירוטאָן, האָט סטאָון געפרעגט, צי מעג מען פון דער באַהויפּטונג דרינגען, אַז דער סטייט־דעפּאַרטמענט איז געווען קעגן באַשטימען פּעירוטאָנען אויף זיין איצטיקן אַמט. אַנשטאָט צו ענטפערן אויף דער פראַגע, האָט סעקרעטערי האַל דעם פראַגע־שטעלער געבעטן, אַז ער זאָל אים געבן זיין נאָמען. דער קאָרעספּאָנדענט האָט געענטפערט: „סטאָון". דער סעקרעטערי האָט ווייטער געפרעגט: „איר האָט נאָך אַן אַנדער נאָמען אויך, ניט אַזוי?" מיט דעם האָט זיך דער שמועס צווישן דעם סעקרעטערי און דעם קאָרעספּאָנדענט געענדיקט.

וועגן וואָס האָט סעקרעטערי האַל מרמז געווען, ווען ער האָט סטאָונען געפרעגט, צי ער האָט אַן אַנדער נאָמען?

א. פ. סטאָון האָט ביז ניט לאַנג צוריק געטראָגן דעם נאָמען איזידאָר

פיינשטיין. אַ געוויסע צייט האָט דער יונגער זשורנאַליסט געאַרבעט אין אַ טעגלעכער צייטונג אַלס לייטאַרטיקל־שרייבער. כל זמן איזידאָר פיינשטיין איז געווען אַן אַנאָנימער זשורנאַליסט, האָט ער זיך אויך ניט געשיידט מיט זיין אַלטן יידישן נאָמען. אָבער שפּעטער, בעת ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אַרטיקלען אונטער זיין נאָמען — האָט ער דעם נאָמען געביטן. ער האָט זיין אַלטן נאָמען אינגאַנצן ניט אויפגעגעבן. ער האָט אים אָנגעהויבן באַנוצן — ווי אַ מין אונטערשלאַק — דעם מיטעלן איניציאַל פ. אָט דאָס האָט דער סעקרעטערי סטאָונען געוואָלט דערמאָנען, בעת ער האָט אים געשטעלט די מאָדנע פראַגע וועגן דעם, צי ער האָט אַ צווייטן נאָמען.

ווי קומט מר. קאַרדעל האַל צו שטעלן אַ יידישן צייטונגס־קאָרעספּאָנ־דענט אַזאַ מאָדנע פראַגע? וואָס האָט ער דערמיט געמיינט? אונדזער אויסערן־מיניסטער איז אַן אַלטער, הויך פאַרערטער דזשענטעלמאַן. דער דרום, פון וואַנען סעקרעטערי האַל שטאַמט, צייכנט זיך אויס פון שטענדיק אַן מיט זיינען איידעלע מאַניערן, מיט זיין שטרענגער העפלעכקייט. סעקרעטערי האַל איז איינער פון די פירער פון קריג קעגן היטלערן. ניט געקוקט אויף דעם שפּיל מיט ווישי, פאַר וועלכן ער און זיין דעפּאַרטמענט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז ער זיכער איינער פון די ביטערסטע שונאים פון פאַשיזם אין אונדזער רעגירונג. סעקרעטערי האַל איז זיכער ניט קיין אַנטיסעמיט. אָבער וואָס האָט ער פאָרט געמיינט מיט זיין פראַגע וועגן סטאָונס צווייטן נאָמען — וועגן איזידאָר פיינשטיין? ביים שטעלן די דאָזיקע פראַגע האָט דאָך מר. קאָרדעל האַל געקאָנט האָבן בלויז איין מאָטיוו — דערמאָנען דעם קאָרעספּאָנדענט, וואָס האָט זיך קעגן אים פאַר־זינדיקט מיט אַן אומאָנגענעמער פראַגע, אַ זאַך וואָס איר אויפדעקונג קען אים, דעם יידישן קאָרעספּאָנדענט, פאַרשאַפן עגמת נפש אין די אויגן פון זיינע קאָלעגן, אים שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט. און די דאָזיקע זאַך איז — דער פאַקט וואָס דער אמתער נאָמען פון א. פ. סטאָון איז גאָר איזידאָר פיינשטיין. כדי צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע האָט מר. האַל געדאַרפט זיין לכתחילה זיכער, אַז אָט די אינסינואַציע וועגן זיין יידישן נאָמען, דאָס הייסט, אָפּשטאַם, מוז פאַר דעם קאָרעספּאָנדענט סטאָון זיין זייער פיינלעך.

פאַרוואָס איז דער צאָרן פון דעם סעקרעטערי אָוו סטייט אויסגעגאָסן געוואָרן אויף איזידאָר פיינשטיין־א. פ. סטאָון אין אָט דער פאָרם? אַנדערע זשורנאַליסטן האָבן דאָך אויך קריטיקירט דעם סטייט־דעפּאַרטמענט פאַר זיין פּאָליטיק אין צפון־אַפריקע. אַלע באַאָבאַכטער אין וואַשינגטאָן האָבן דעם איינדרוק, אַז די דאָזיקע קריטיק פון דער פּאָליטיק פון סטייט־

דעפּאַרטמענט לגבי צפון אַפריקע, ווי לגבי ווישי פריער, האָט זיך דעם אַלטן סעקרעטערי שטאַרק „געלייגט אויף די נערוון". אינטערעסאַנט איז אָבער וואָס דער שאַרפסטער עפנטלעכער אויסברוך קעגן זיינעם אַ קריטיקער איז געקומען אויף דעם אויבנדערציילטן אופן. אינטערעסאַנט איז אויך וואָס דער צווייטער קרבן פון סעקרעטעריס כעס איז געווען וואַלטער ליפּמאַן, וועלכער האָט, כידוע, מיט יידן קיין שייכות ניט — אָבער פון יידן שאַמט ער און ער האָט אפילו זיין נאָמען ניט געביטן.

אָבער ווי קומט טאַקע דער סעקרעטערי אָוו סטייט, אַזאַ אַנטי־פאַשיסט און אַזאַ „דזשענטעלמען אָוו טהי אָלד סקול", צו אַזעלכע אַנטי־יידישע חכמות? איז ער, חלילה, אַן אַנטיסעמיט?

ניין, קאָרדעל האָל איז זיכער ניט קיין אַנטיסעמיט. אָבער דער אמת איז, אַז מען דאַרף גאָרניט זיין קיין אַנטיסעמיט, כדי עס זאָל זיך ביי איינעם, אפילו אַ יידן־פריינד און איינעם פון די רעגירער פון דער גרעסטער, יידן־פריינדלעכסטער דעמאָקראַטיע אין דער וועלט אַרויסכאַפּן אַזאַ חכמה.

עס זיינען דאָ געוויסע „ספּעציעלע אומשטענדן", וואָס זיינען אויך וויכטיקע „עלעמענטן פון דער סיטואַציע".

די אויסערן־פּאָליטיק איז גראָד איינע פון די אינערלעכסטע, אינעווייניקסטע געביטן פון מלוכה־לעבן אין יעדן לאַנד. די פּראָפעסיאָנעלע אויסערן־פּאָליטיקער שטעלן אין פיל לענדער מיט זיך פאָר כמעט אַ מין געשלאָסענע קאַסטע. געוויינלעך שטאַמען די דאָזיקע מלוכה־מענטשן פון די „בעסטע פאַמיליעס" — „בעסטע" און „עלטסטע" זיינען אין דעם פאַל כמעט איינס און דאָס זעלבע. אין אַמעריקע איז דאָס אויך אַזוי. אונדזער סטייט־דעפּאַרטמענט איז דער אַממערסטן „בלויבלוטיקער" צווייג פון אונדזער רעגירונג.

די וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענטן וואָס פּאַרמיטלען צווישן דעם סטייט־דעפּאַרטמענט און „עמך" שטעלן מיט זיך אויך פאָר אַ שטיקל „אַריסטאָקראַטיע", אפשר די מיוחסדיקסטע גרופּע אין דער זשורנאַליס־טישער פּראָפעסיע. דאָ דאָמינירט אויך אַ מענטש פון אַ באַשטימטן טיפּ. ער פאַרשטייט אויפן ווונק וואָס דער סעקרעטערי מיינט און וואָס ער וויל. אפילו אויב ער איז ניט אינגאַנצן מסכים מיט דער פּאָליטיק פון סטייט־דעפּאַרטמענט, ווייס ער ווי אים צו קריטיקירן אויף אַ „דיסקרעטן" אופן. דער דורכשניטלעכער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט איז בכלל ניט קיין פאַנאַטישער איבערצייגונגס־מענטש. ער ווייס גענוי וויפיל קאָקטעילס ער דאַרף אַרונטערשלינגען כדי ווייכער צו מאַכן די האַרטע סתירות פון דער

זינדיקער וועלט. דער גאַנצער ענין פּאָליטיק איז פאַר אים אין אַ גרויסער מאָס אַ שפּיל, אַ „גיים". און ער ווייס, אַז איינע פון די אייגנשאַפטן, וואָס עס פאָדערן זיך פון אַ מענטשן אין זיין פּראָפעסיע איז „טו פּליי טהי גיים".

יידן האָבן צווישן די וואַשינגטאָנער אויסנפּאָליטישע קאָמענטאַטאָרן ביז ניט לאַנג צוריק קיין פּלאַץ ניט פאַרנומען. לעצטנס האָט זיך די לאַגע אָבער אַביסל געענדערט. אַ יונגער יידישער זשורנאַליסט, ראָבערט בענ־דינער, פון דער „ניישאַן", האָט ניט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט אַ בוך וועגן סטייט־דעפּאַרטמענט — מעג מען זיכער זיין, אַז דאָס בוך האָט אונדזער סעקרעטערי אָוו סטעיט געגעבן די געלעגנהייט אויסצולופטערן זיין „פּראָ־פאַנעם" לעקסיקאָן, אין וועלכן ער איז, ווי מען דערציילט, אַ גאַנצער מייסטער. דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן מיט דורכדרינגענדיקער, אומ־רחמותדיקער רעספּעקטלאָזיקייט. בענדינער האָט די לייטער פון דער אַמע־ריקאַנער אויסערן־פּאָליטיק אַרויסגעשטעלט ווי קליינע, אַמביציעזע מענ־טשעלעך, ניט־דערוואַקסענע צו זייער ראָלע אין אַזאַ צייט ווי אונדזערע. ער האָט אונטערגעשטראָכן זייערע פאַמיליע־הינטערגרונטן, זייערע סאָציאַלע פאַרבינדונגען — דאָס קליין וועלטל, אין וועלכן עס זיינען דערצויגן געוואָרן און עס לעבן די דאָזיקע מענטשן וואָס טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַמעריקאַנער אויסערן־פּאָליטיק אין אַ וועלט, אין וועלכער עס בושעוועט אַ „פּלאַנעטאַרישע רעוואָלוציע". דער סך־הכל פון זיין אַנאַליז פון סייט־דעפּאַרטמענט איז געווען נאָענט צו — כולו חייב.

אַז מען האָט געלייענט בענדינערס בוך, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס בוך איז גאָרניט קיין שלעכטס, נאָר עס האָט אַ חסרון. אין וואָס דער חסרון באַשטייט, איז שווער צו זאָגן. אפשר קען מען עס דעפינירן דורכן וואָרט צו — צו שאַרף, צו קריטיש, צו אומקאָמפּראָמיסלעך. אין אָט דעם דאָזיקן עודף פון „צו", האָט זיך געפילט דער „אַאוטסיידער". פון דרויסן זעט אַלץ אויס אַנדערש ווי פון אינעווייניק. בענדינער איז, דוכט זיך, געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע — און ער איז אַן אַמעריקאַנער, „בלויז" אַן אַמעריקאַנער. אָבער די אַמעריקע, אין וועלכער עס לעבט קאָרדעל האָל און זיינע קאָלעגן און די אַמעריקע פון בענדינער און סטאָון זיינען דאָך באַזונדערע, ווייטע וועלטן. בענדינער קוקט אַריין אין קאָרדעל האָלס וועלט פון דרויסן. קאָרדעל האָל שטייט אויף אַ זיכערן באָדן; דער באָדן אונטער בענדינערס פיס, צי ער ווייס דאָס אָדער ניט, שאָקלט זיך. קאָרדעל האָלס אַמעריקע איז אַ קלאָרער, סאָלידער יש; בענדינערס אַמעריקע — אַן אידעאַל, וואָס אָט־אָט איז ער אַזוי נאָענט, אַז מען קען אים אָנטאַפּן מיט

די הענט, און אָט גליטשט ער זיך אַוועק ערגעץ אין פאַרנעפּלטע מרחקים. צי מיר ווילן, אָדער מיר ווילן ניט, צי מיר ווייסן עס אָדער ניט, זיינען מיר קינדער פון אונדזערע עלטערן, פון פריערדיקע דורות, פון אונדזער שטאַם־געשיכטע. און בענדינער געהערט צו אַ שטאַם, וואָס איז פּאָרט זייער שוואַך פאַרטראָטן אין דער אויבערשטער שיכט פון אַמעריקאַנער פאָלק.

און קאָרדעל האַל? אַן אַלטער אַמעריקאַנער, דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דער שענסטער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ברייטהאַרציק, העפלעך. אָבער ווען אפילו אַזאַ איינער ווי ער שטויסט זיך אָן אָן דעם אַנדערן, אָן דעם „פרעמדן", ווען דאָס „פרעמדע" הויבט אָן אַריינדרינגען אין זיין ספערע — דענערווירט עס אים, ווייזט אויס. האָט ניט מר. סטאָון עפּעס אַ צווייטן, אָן אַנדער נאָמען, וועלכן ער באַהאַלט? יאָ מר. איזידאָר פיינשטיין, וואָס טוט איר אין סטייט־דעפּאַרטמענט? איר לערנט אונדז ווי אַזוי מיר זאָלן פירן די אַמעריקאַנער פּאָליטיק? איר קענט זיך אויף אונדז ניט פאַר־לאָזן? עס איז אמת, אַז מר. סטאָון־פיינשטיין איז אַ שאַרפער קריטיקער, אין יעדן פאַלשן דיפּלאָמאַטישן „גאַנג" פון די פּאָליטישע שאַכמאַטיסטן פון זיין לאַנד זעט ער סכנות, וואָס אַנדערע, ניט־יידישע אַמעריקאַנער, באַמערקן גאָרניט. דאָס איז זייער פאַרשטענדלעך — פאַר אים איז יעדער פּאָליטישער שריט, וואָס דוכט זיך אים אויס צו זיין אַ קאָנצעסיע צום פאַשיזם אָדער צום האַלב־פאַשיזם, אַ סכנה פון גאָר אַ באַזונדערן מין. וואָרעם דער באָדן אונטער סטאָונס פיס איז ניט אַזוי זיכער ווי אונטער קאָרדעל האַלס פיס. און דער זיכערער קען ניט פאַרשטיין די נערוועזיטעט פון דעם אומזיכערן — זיין „היסטעריע", זיין „בעסער וויסן", זיין „חוצפּה". אוודאי קריטיקירן אויך ניט־יידן — אָבער יידישע קריטיק, ווייזט אויס, רייצט עפּעס באַזונדערס די נערוון. נעמט זיך עס אפשר פון אַ מין ברוגז אויף דעם „פרעמדן", וואָס פאַרגעסט דאַנקבאַר צו זיין פאַר די „פּריווי־ליגיעס", וואָס ער געניסט און הויבט אָן זיך צופיל צו מישן ווו מען דאַרף און ווען מען דאַרף ניט?

דאָס איז אפשר אַ צו אַ ברייטע אויסטייטשונג פון אַ קליינעם אינצי־דענט. דער סעקרעטערי אָוו סטייט האָט שוין מסתמא חרטה געהאַט אויף די עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין מויל אין אַ מינוט פון אויפרעגונג, כאָטש עפנטלעך האָט ער דאָס ניט צוגעגעבן. אפשר וואָלט מען אויך געדאַרפט אַריינרעכענען אין חשבון אַן אַנדער „עלעמענט" אין דער „סיטואַציע" — דעם געביטענעם נאָמען. ווען א. פ. סטאָון וואָלט געטראָגן זיין אַלטן יידישן נאָמען, איזידאָר פיינשטיין, וואָלט זיך מר. האַל

ניט געהאַט צו וואָס צו טשעפּען. צו אַ יידישן נאָמען טשעפּען זיך בלויז כוליגאַנעס — אַ דזשענטעלמאַן רעדט דעם נאָמען פיינשטיין אַרויס מיט דעם זעלבן דרך־ארץ ווי מעקסוויני. דווקא דער פאַרשטעלטער יידישער נאָמען האָט אפשר סטימולירט דעם סעקרעטעריס בייזן „הומאָר". דאָס איז, מסתמא, אויך אַן „עלעמענט" אין אונדזער „סיטואַציע".

צום סוף: סטאָון, דער יידישער קאָרעספּאָנדענט, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַזוי פיל קעמפערישן מוט אין פּאָליטישע ענינים, וואָס שרעקט זיך ניט פאַר מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן, וואָס איז ניט מוותר אויף זיינע מיינונגען — האָט שטילשווייגנדיק אַראָפּגעשלונגען מר. האָלס גראָבן פּאַטש אין פּנים, האָט אויף זיין כבוד מוותר געווען, אָן אַ וואָרט פון צאָרן. פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? די „פּסיכאָלאָגיע" פון דעם ענין איז ניט אינטערע־סאַנט — אָדער אפשר איז זי צו אינטערעסאַנט און צו קאָמפּליצירט, אַז מען זאָל זי קענען דערקלערן על רגל אחת. דער פּאַטש איז, הייסט עס געבליבן, אויף סטאָונס באַק — אויף דער באַק פון יעדן יידן אין אַמעריקע. דער פּאַטש איז ניט אָפּגעווישט געוואָרן — ניט דורך אַ קעגן־פּאַטש און ניט דורך אַן אַנטשולדיקונג פון דעם פּאַטשער. דער ווייטיק האָט זיך שוין מסתמא אויסגעוועפּט. דאָס איז אויך אַן „עלעמענט" אין דער „סיטואַציע" — דער סאַמע וויכטיקסטער.

יאָ, פון אויבן אויף איז דער ענין ניט געפערלעך. אוודאי האָבן מיר געלערנט, אַז אַן „אַרויסגעכאַפּט וואָרט" איז אַ שליסל צום אונטערבאַוווסט־זיין, אַ ליכט אין די טיפענישן פון דער נשמה. אָבער ווער וויל עס טראַכטן וועגן אַזעלכע אומעטיקע זאַכן? אַן אַלטער דזשענטעלמאַן האָט זיך געלאָזט ווילגיין. אַזוי זיינען זיי שוין, די פּריצים — קאַפּריז־מענטשן און שאַרפע צינגער. מיר זיינען בלויז באַזאָרגט, וואָס דזשענטעלמענער זיינען אויף דער וועלט פאַראַן אַזוי ווייניק, און ניט־דזשענטעלמענער — אַזאַ המון.

נישקשה, מיר קענען פאַרטראָגן אַ קאַפּריז פון אַן אַלטן דזשענטעלמאַן — אפילו אויב עס באַליידיקט אונדז. מיר זיינען געוווינט צו ערגערע זאַכן.

(„אידישער קעמפער". 12 פעברואר 1942)

# מעשה בב' אחים

(אַ טרויעריקע געשיכטע אָן אַ מוסר־השכל)

לעצטן זונטיק האָב איך, כאַפּנדיק אַ קוק אויף דעם ענגלישן קאָלום פֿון דער „מאָרגן פרייהייט", דאָרטן געפֿונען אַ שטיקל סורפּריז. דער שרייבער פֿון דעם דאָזיקן „קאָלום", דזשאָן אַרנאָלד, איז מודיע, אַז פֿון היינט אָן און ווייטער וועט ער זיינע אַרטיקלען שרייבן אונטער זיין אייגענעם נאָמען, אברהם טשאַפּמאַן. האָט מיך עס שטאַרק איבערראַשט. דער נאָמען אברהם טשאַפּמאַן איז מיר שוין באַקאַנט אַ שיינע עטלעכע יאָר, און עס איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפֿאַלן, אַז ער באַהאַלט זיך הינטערן קאָמוניסטישן פּסעוודאָנים „דזשאָן אַרנאָלד".

איך האָב זיך דערמאָנט דעם זומער 1939. אברהם טשאַפּמאַן איז דעמאָלט געווען דער פֿאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פֿון דער „עקוואַליטי", אַ מאָנאַטסשריפֿט וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין די „קאָגלין יאָרן", אַלס אַן „אומפּאַרטייאישע" טריבונע פֿון אַ גרופּע שריפֿטשטעלער און קינסטלער, וואָס האָבן אַזוי אַרום געוואָלט ברענגען זייער צושטייער צום קאַמף קעגן דעם דראָענדיקן פֿאַשיזם, און באַזונדערס — דעם אַנטיסעמיטיזם. פֿאַקטיש איז דער זשורנאַל געטריי נאָכגעגאַנגען די סטאַליניסטישע ליניע, און די מערסטע פֿון זיינע אַרויסגעבער און מיטאַרבעטער זיינען אויך געווען באַקאַנט אַלס קאָמוניסטישע „נאָכלויפֿער". וועגן דעם פֿאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר, אָבער, אברהם טשאַפּמאַן, זיינען ניט געווען קיין שום פֿאַרדאַכטן. בעת עמעצער פֿלעגט פּרובירן פֿאַרטיידיקן דעם זשורנאַל קעגן דעם חשד אין קאָמוניזם, פֿלעגט ער טאַקע דעם פֿאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר דערמאָנען, ווי אַ באַווייז, אַז דאָס איז אַ פֿאַרלוימדונג. דער דאָזיקער נאָמען, אינגאַנצן אַן אומבאַקאַנטער בכלל, איז דאָך קיינמאָל ניט פֿאַרמישט געווען מיט קאָמוניזם...

מיר האָבן אין יענער צייט אין „אידישן קעמפֿער" פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן מיר האָבן אויסגעדריקט אונדזער מיינונג, אַז „עק־וואַליטי" איז טאַקע אַ קאָמוניסטיש בלאַט פֿאַר „אומשולדיקע". איינער פֿון זיינע רעדאַקטאָרן, ראַביי מייקל האַלפּער, איז אַזוי אויפֿגערעגט געוואָרן פֿון די דאָזיקע „אינסינואַציעס", אַז ער האָט אונדז אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין דער רעדאַקציע. דער דאָזיקער ראַביי, וועלכער האַלט זיך, דוכט

זיך, פאַר אַ ציוניסט און איז אויך אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון „רעקאָנסטראָקשיאָניסט", איז אַ מענטש מיט גרויסע פעיקייטן פאַר ריזי־קאַלישע אינטעלעקטועלע קאָמבינאַציעס. אין יענע יאָרן האָט ער זיך נוהג געווען צו באַגריסן די „פּראָגרעסיווע קריסטלעכע אַמעריקע" לכבוד ווייַנאַכט אין... „דעילי וואָירקער". ער איז אויך דער אויטאָר פון איינעם פון די אומזיניקסטע זאַצן אין דער ענגלישער שפּראַך. ער האָט עס אַמאָל דערקלערט, אַז עס איז שוין צייט צו „רעווידירן די יידישע רעליגיע אין ליכט פון דעם (אַטעיסטישן!) קאָמוניזם". בקיצור, ראַביי האַלפּער איז אויף אונדז געווען זייער שטאַרק ברוגז, וואָס מיר האָבן אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף דער אומשולדיקער „אַנטי־פאַשיסטישער" „עקוואַליטי". אַזוי ווי ער האָט אין דער רעדאַקציע קיינעם ניט געפונען, האָט ער איבערגעלאָזן אַ שאַרף בריוול, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז אָט צוליב דעם טאָן, אין וועלכן אונדזער אַרטיקל וועגן „עקוואַליטי" איז געשריבן געוואָרן, דעם טאָן פון פּראָפּעסיאָנעלע „רעד־בייטער", ווערן פּראָגרעסיווע יידן פאַרטריבן פון יידיש און דער יידישער פּרעסע: ער אַליין האָט שוין, טאָקע צוליב דער דאָזיקער סיבה, עטלעכע יאָר ניט געלייענט קיין יידישע צייטונג...

איצט דערוויס איך זיך, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס „דזשאָן אַרנאָלד" האָט, אונטער זיין אמתן נאָמען, אברהם טשאַפּמאַן, פיגורירט אַלס רעדאַקטאָר פון דער „אומפּאַרטייאישער" מאָנאַטסשריפט „עקוואַליטי", האָט ער אין דער „מאָרגן פרייהייט" מיטגעאַרבעט אַלס אָפיציעלער קאָמוניסט; ער האָט, אגב, אין דער זעלבער צייט אויך רעדאַגירט דעם ענגלישן זשורנאַל פון דער יידישער ביוראָ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „דזשואיש לייף". „דזשאָן אַרנאָלד" האָט געטאָן אַלץ וואָס אַ קאָמוניסט דאַרף טאָן: פאַרטיידיקט אַנטי־יידישע העצע־פּראָקלאַמאַציעס פון דער פּאַלעסטינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין וועלכע די ענגלישע רעגירונג איז בעת די אומרוען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו אָנטוואָפענען די יידישע זעלבסטשוץ און אָפּשטעלן די יידישע אימיגראַציע; גענומען אונטער זיין שוץ דעם מופטי, „דעם גרעסטן נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן פירער פון די אַראַבער"; שפּעטער האָט ער געדונערט קעגן דער „אימפּעריאַליסטישער מלחמה" און דעם „מלחמה־העצער", רוזוועלט; פאַרגליכן טשוירטשילן מיט היטלערן; געוואָרנט, אַז די „יאַנקס אַר נאָט קאָמינג". איצט, בעת די „מאָרגן פרייהייט", אין איר פּאַטריאָטיזם, קען זיך פאַרמעסטן אַפילו מיט הוירסט־צייטונגען, און דער „דעילי וואָירקער" פאַרקויפט זיינע לייענער

סטאַטועטקעס פון דעם „אַמעריקאַנער אָדלער״, קען ער שוין אַרויסקומען מיט זיין אמתן נאָמען, אברהם טשאַפּמאַן.

און דאָס ברענגט מיך צו אונדזער מעשה, אַ טשיקאַווע מעשה מיט צוויי ברידער, די געשיכטע פון אַן אַמעריקאַנער יידישער פאַמיליע.

אין שיקאַגאָ האָט אַמאָל געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען טשאַפּמאַן. געווען איז דער ייד אַ פאַרמעגלעכער געשעפטסמאַן, אָבער מיטן מאַטעריעלן ווויליזיין האָט ער זיך ניט צופרידנגעשטעלט. דער ייד איז געווען אַ ציוניסט, אַ משכיל, אַ ליבהאָבער פון דער העברעישער ליטעראַטור. ער האָט זיך אין ארץ־ישראל איינגעקויפט אַ „פּרדס״, און ווען זיינע קינדער זיינען אויפגעוואַקסן, איז ער עולה געווען אין לאַנד פון זיינע טרוימען. ער האָט געהאַט צוויי זין, ביידע זייער געראָטענע, און איינער פון די וויכטיקסטע מאָטיוון פון זיין עליה איז געווען דער ווילן זיי צו געבן אַ גוטע יידישע דערציונג אין יידישן היימלאַנד.

איינער פון זיינע זין, עמנואל, האָט נאָך אין אַמעריקע אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט רעליגיע, באַזונדערס מיט מיסטישע לערעס און שטרעמונגען. מיינער אַ פריינד האָט מיר איינמאָל דערציילט ווי אַזוי עמנואל טשאַפּמאַן איז צו אים געקומען מיט דער בקשה, אַז ער זאָל אים מדריך זיין אויפן געביט פון יידישער מיסטיק. ער האָט מיין פריינד מיד געמאַכט מיט פראַגעס וועגן די פאַרשיידענע שולן אין קבלה און חסידות. נאָך דעם ווי ער האָט אין ארץ ישראל פאַר־בראַכט עטלעכע יאָר, אַלס סטודענט אין דעם העברעישן אוניווערסיטעט, האָט עמנואל זיך צוריקגעקערט קיין אַמעריקע, כדי דאָרטן צו פאַרענדיקן זיין שטודיום.

אַ צייט שפּעטער איז עמנואל טשאַפּמאַן געקומען קיין ארץ־ישראל אויף אַ באַזוך. מיינער אַ באַקאַנטער, וועלכער האָט געוווּסט וועגן עמנואלס רעליגיעז־מיסטישע זוכענישן, דערציילט מיר ווי אַזוי ער האָט זיך מיט אים דעמאָלט באַגעגנט. ער איז געגאַנגען אין גאַס אין תל אביב, ווען ער האָט באַמערקט ווי עס קומט אים אַנטקעגן די גאַנצע טשאַפּמאַן־פאַמיליע, צווישן זיי אויך עמנואל. ביים באַגריסן זיך מיטן אורח, האָט ער זיך צו אים געווענדט מיט דער האַלב־ערנסטער, האַלב־שפּאַסיקער פראַגע:

— נו, איר האָט שוין געפונען דעם „שטיין פון חכמה״?

אָנשטאָט אַן ענטפער אין דעם זעלבן שטיפערישן טאָן, איז געקומען דער שטייפלעך־ערנסטער:

— יאָ, איך האָב אים געפונען.

מײַן פֿרײַנד האָט זיך װעגן דער מאָדנער תשובה אַביסל געחידושט. אויף צו מאָרגנס איז צו אים אָבער געקומען דער ייִנגערער ברודער, אברהם, און אים אויסגעמוסרט פֿאַר דער פֿראַגע װעגן דעם „שטיין פֿון חכמה״. עס לאָזט זיך אויס, ער האָט געשטעלט אומבאַװוּסטזיניק אַ פּראָװאָצירנדיקע פֿראַגע — דערפֿאַר איז דער ענטפֿער געװען אַזאַ ערנסטער. עמנואל האָט זיך געשמדט — ער איז געװאָרן אַ קאַטאָליק.

געשען איז עס אָט אַזוי:

אויפֿן װעג פֿון ארץ ישראל קיין אַמעריקע האָט זיך דער אַמעריקאַניש־ארץ־ישׂראלדיקער בחור אָפּגעשטעלט אין רוים. איינמאָל, זיצנדיק אין גאָרטן פֿון װאַטיקאַן, איז איבער אים געקומען אַ התגלות. עמנואל איז טאַקע גלייך אַרײַן װוּ מען דאַרף, און זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם קאַטױלישן קהל מאמינים. קומענדיק קיין אַמעריקע, האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ באַרימטן קאַטױלישן אוניװערסיטעט, אַלס פּראָפֿעסאָר פֿון קאַטױלישער פֿילאָזאָפֿיע. ער װערט פֿאַררעכנט אַלס איינער פֿון די װיכטיקע מפֿרשים פֿון דעם הייליקן טאָמאַס פֿון אַקװינאַ.

און איצט װעלן מיר דערציילן װעגן דער התגלות, װאָס איז געקומען איבער דעם צװייטן ברודער, אברהם:

ער איז געקומען קיין ארץ ישׂראל אַלס גאָר אַ יונג בחורל. ער האָט זײַן דערציונג באַקומען אין דער תּל־אבֿיבֿער גימנאַזיע „הרצליה״. שוין דעמאָלט האָט ער אַרויסגעװיזן אַ זעלטענעם אינטערעס אין ליטעראַטור — אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. שוין אַלס שול־תּלמיד האָט ער זיך אָנגעהויבן באַטייליקן אין דער ארץ־ישׂראלדיקער פּעריאָדישער פּרעסע — אין דעם חודש־זשורנאַל „גליונות״. זײַנע אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ זאַפֿטיקן העברעיִשן סטיל און אַ בן־ביתדיקן ייִדישן געמיט. ארץ־ישׂראלדיקע העברעיִשע שרײַפֿטשטעלער האָבן געקליבן נחת: אַ ייִדישער בחור, װאָס איז געבוירן געװאָרן אין דער װייטער און פֿרעמדער שיקאַגאָ... און דאָך — װען אברהם טשאַפּמאַן איז אַװעקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, אויך, װײַזט אויס, מיט דער כּוונה דאָרטן פֿאָרצוזעצן זײַנע לימודים, איז זײַנע פֿרײַנד ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז מיט דעם גייט ער אויך אַװעק פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור און אַלץ װאָס איז מיט איר פֿאַרבונדן.

אָבער — אויסטערליש זײַנען די װעגן פֿון דער ייִדישער נשמה! דוכט זיך, אַז בלויז עטלעכע חדשים נאָך זײַן אָנקומען קיין אַמעריקע, איז שוין אברהם טשאַפּמאַן דער רעדאַקטאָר פֿון דער „אומפּאַרטייִאיש״ גרימירטער קאָמוניסטישער שריפֿט „עקװאַליטי״. און איצט דערװיסן מיר זיך, אַז ער

האָט אין דער זעלבער צייט, פאַרשטעלנדיק זיך הינטער אַ פּסעוודאָנים, שוין פונקציאָנירט אַלס פּאַרטייאיש־קאָמוניסטישער „ספּעץ״ איבער יידישע ענינים. אין משך פון עטלעכע חדשים האָט, הייסט עס, דער יונגער העברעישער שריפטשטעלער אין זיך איינגעזאַפּט ניט נאָר די קאָמוניסטישע „הלכה״, נאָר אויך רייף געוואָרן פאַר קאָמוניסטישע „מעשים״, פאַר די שווינדל־מעשים, וואָס לענין אַליין האָט נאָך מתיר געווען אין נאָמען פון „פּראָלעטאַרישער עטיק״.

ווי אַזוי איז דאָס געשען? וועגן דעם זיינען ניטאָ קיין עדות. אָבער איך בין גענויגט צו גלויבן: אויך דאָס איז געקומען דורך אַ התגלות. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז דער יונגער אברהם טשאַפּמאַן געזעסן אין יוניאָן סקווער פּאַרק — און פּלוצעם איז עס איבער אים געקומען. פּלוצעם איז ער געוואָרן אַן אַנדערער. וואָרעם — יאָ, אויסטערליש זיינען די וועגן פון דער יידישער נשמה. אומהיימלעך־מוטנע זיינען אירע טיפענישן. זי וואַרפט זיך שוין יאָרן אין אַ פיבער־קראַמף. אין אַזאַ נשמה קען אַלץ געשען — אומפאַרשטענדלעכע טראַנספאָרמאַציעס, זינלאָזע „קאָנווערסיעס״, מטורפדיקע „גילגולים״.

מיר ווייסן אַליין ניט די פּאָטענצן פון דער יידישער נשמה אין אונדזער צייט. מיר ווייסן נאָך ניט וואָס פאַר אַ רוחות און דיבוקים עס האָבן זיך אין דער יידישער נשמה אַריינגעזעצט אין יענע טעג ערב דער איצטיקער מלחמה, בעת יידן יעדן טאָג געעפנט און פאַרשלאָסן די אויגן מיט איין שוידער־מחשבה: קאָגלין... מיר ווייסן ניט וואָס פאַר אַ פחדים עס שטעקן הינטער דעם אומגעוויטערן היסטערישן פּאַכען מיט דער פאָן, וואָס האָט איצט אַרומגעכאַפּט די יידישע אַמעריקע. (מיר צווייפלען, פאַרשטייט זיך, ניט אין דער נויטיקייט אָדער עכטקייט פון דעם דאָזיקן פּאַטריאָטיזם — מירריידן וועגן דעם היסטערישן אימפּעט פאַר דעם דאָזיקן פּאַטריאָטיזם, וואָס קומט צום אויסדרוק אויף פאַרשיידענע אופנים). מיר ווייסן ניט, וואָס עס ליגט הינטער דער פאַרדעכטיקטער רואיקייט, מיט וועלכער אַמעריקאַנער יידן האָבן אויפגענומען די שוידער־ידיעות פון אייראָפּע.

אָבער איך בין פאַרקראָכן. איך האָב צוגעזאָגט אַ מעשה — אַ מעשה אָן אַ מוסר השכל. וועל איך פאַרענדיקן מיט אַ בילד, וואָס איז אויפגעשווומען אין מיין זכרון, בעת איך האָב אין דער „מאָרגן פרייהייט״ געלייענט די גוטע בשורה, אַז „דזשאָן אַרנאָלד״ וועט אונדז פון היינט און ווייטער מזכה זיין מיט אַרטיקלען אונטער זיין אייגענעם, בירגערלעכן נאָמען.

זומער, 1939. טיימס סקווער. אויטאָמאָבילן פליען. מענטשן האָוועז. דער געוויינלעכער טומל פון דער טומלדיקער גאַס. אָבער דאָס אויער פאַרנעמט דאָך איבער דעם דאָזיקן טומל די געשרייען פון די פאַרקויפער פון „סאָשעל דזשאָסטיס", וואָס שטייען דאָ אויסגעשטעלט ווי בייזע סאָלדאַטן אויף יעדן שריט און טריט.

אַ ראָג־ווינקל. אַ בלאָס פאַרביסן, בלאָנד יינגל שפּרייט אויס און רוקט כמעט אין פּנים אַריין די געלע הילע פון דעם דעטרויטער פּאָגראָם־בלעטל. יידן, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און אָנגעשטרענגטע מינעס, לויפן פאַרביי דעם דערשראָקענעם צייטונגס־פאַרקויפער. אָבער לויפנדיק כאַפּן זיי אַ קוק אויף צוויי אַנדערע יינגלעך, וואָס שטייען אַביסל אָפּגערוקט פון ביידע זייטן פון קאָגלינס „שטורם־טרופּער", און עס דוכט זיך, אַז זיי כאַפּן אָפּ דעם אָטעם. איינער פון די צוויי — אַ שוואַרץ־חנעוודיקער, אַ שעמעוודיק יידיש פּנים, וואָס באַמיט זיך איבערצושרייען זיין שעמעוודיקייט, באָט די פאַרבייגייער אָן דעם נייסטן נומער „עקוואַליטי". דער צווייטער, מיט אַ מטושטשדיקן פּנים, וואָס זאָגט ניט אויס דעם סוד פון זיין אָפּשטאַם, שפּרייט אויס, מיט אַן עטוואָס פלעגמאַטישער האַנט־באַוועגונג, „דהי וואָיס", אַ בלאַט, וואָס ווערט פון אַ גרופּע קאַטאָליקן אַרויסגעגעבן ספּעציעל כדי צו באַקעמפן קאָגלינען.

ביידע פראָ־יידישע צייטונגס־פאַרקויפער האַלטן אין איין איבערחזרן דעם פּסוק:

— קאָגליניזם איז ניט קריסטנטום. קאָגליניזם איז ניט קריסטנטום. קאָגליניזם איז ניט קריסטנטום.

דער רעדאַקטאָר פון דער „אומפּאַרטייאישער" „עקוואַליטי" איז אברהם טשאַפּמאַן — און כאָטש דער זשורנאַל גיט אָן אַ באַשטימטן אַדרעס, איז אָבער זיין אמתער אַדרעס דער סטאַלינישער „קרעמל" אויף דרייצנטער גאַס. איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דעם קאַטוילישן בלאַט — איז עמנואל טשאַפּמאַן, אַ טעאָלאָג, וואָס פאַרזיכערט, אַז אַנטיסעמיטיזם איז ניט אין איינקלאַנג מיט דער קאַטוילישער לערע („גייסטיק, זיינען מיר אַלע סע־מיטן" — האָט געזאָגט דער פאַרשטאָרבענער פויפּסט פּיוס דער 11־טער).

די פאַמיליע טשאַפּמאַן, די צוויי זין פון דעם שיקאַגער ציוניסט און משכיל, דער מפרש פון סטאַלינס פּאָגראָם־העצערישע פּראָקלאַמאַציעס און דער אויסטייטשער פון דער טעאָלאָגיע פון דעם גאָר ניט יידן־ליבנדיקן הייליקן טאָמאַס, האָבן אויף זייערע יונגע פּלייצעס גענומען אַ לאַסט — די פאַרטיידיקונג פון כלל ישראל קעגן זיינע שונאים. איינער — אין נאָמען

פון דער „טראַדיציאָנעלער אַמעריקאַנער טאָלעראַנץ״ און „די פּרינציפּן פון 1776״ (עס איז דער פּעריאָד פון „פּאַראייניקטן פראָנט״, אַרום אַ חודש ערב דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך); דער צווייטער — אין נאָמען פון „דעם פאָטער, דעם זון און דעם הייליקן גייסט״.

גערעדנקט איר, ווי איר פלעגט אין די קינדער־יאָרן פאַרבייסן די ליפּן, בעת איר פלעגט נאָך זון־אונטערגאַנג איילנדיק דורכלויפן דאָס שמאָלע געסל, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דאָס שטאָטישע משוגעים־הויז? עפּעס פון יענער אומהיימלעכער פּאַניק נעמט מיך אַרום, בעת איך זע פאַר זיך פון דאָס ניי די דאָזיקע סצענע אויף אַ ראָג פון טיימס סקווער.

(„אידישער קעמפער״, 22 יאַנואַר 1942)

# יידיש־אַמעריקאַנער זעלבסט־פּאָרטרעטן

זיינען טאַקע שרייבער און דיכטער טיפערע, מער וויסנדיקע מענטשן, ווי „סתם מענטשן״? אַן אַלטע פראַגע, וואָס רופט אַרויס די פאַרשיידנסטע ענטפערס. עס דוכט זיך אָבער, אַז היינט מוז מען, אויפן יסוד פון עמפּירישע באָאָבאַכטונגען און דערפאַרונגען זאָגן — בפירוש, ניין. די אוניווערסאַלע פאָלקס־בילדונג, וואָס האָט דערצויגן פיל־מיליאָניקע אוידיטאָריעס פאַר דער צייטונג, דעם זשורנאַל און בוך, האָט אויך געשאַפן אַ געוואַלדיקן אַפּאַראַט, וואָס פּראָדוצירט עפּעס, וואָס האָט, בדרך כלל, אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות מיט דעם, וואָס עס האָט אַמאָל געהייסן „ליטעראַטור״ אָדער „דיכטונג״. פון דער אַנדערער זייט, איז די אַזוי גערופענע „ערנסטע ליטעראַטור״ אין די לעצטע פופציק יאָר — און אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער, בערך אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט — געוואָרן אַלץ מער און מער אַ מעדיום פאַרן אויסדרוק פון ספּעציפישע פּראָבלעמען פון אַ ספּעציפישן, בערך קליינצאָליקן קלאַס מענטשן אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט — די אַזוי גערופענע „אינטעלעקטואַלן״. אָבער דער באַגריף „אינטעלעקטואַל״ האָט היינטיקע צייטן אַ קנאַפּע שייכות מיטן שורש פון דעם דאָזיקן וואָרט — מיט „אינטעלעקט״. דער „אינטעלעקטואַל״ איז זיכער אַנדערש פון דעם „דורכשניטלעכן בירגער״ — אָבער דווקא ניט אַ דאַנק זיינע אינטעלעקטועלע קוואַליטעטן. אַז מען נעמט אַ גרופּע רעפּ־רעזענטאַטיווע אַמעריקאַנער „אינטעלעקטואַלן״ אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר, אפשר דעם סאַמע קריטישסטן פערטל יאָרהונדערט אין דער מערבדיקער געשיכטע, קען מען ניט זאָגן, אַז זייער אינטעלעקט האָט אין דער דאָזיקער תקופה זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ זייער עפעק־טיווער אינסטרומענט פון וויטזיכטיקייט, דיסקרימינאַציע, אָריענטאַציע. דער זעלבסטבאַוווסטער „אינטעלעקטואַל״ האָט זיך אין דער תקופה זיכער אַרויסגעוויזן צו זיין „אַנדערש״ פון זיינע „פשוטע מיטבירגער״, מער באַוועגלעך, מער נערוועז, מער באַרעדעוודיק. האָט ער אָבער קלאָרער געזען די טענדענצן פון דער צייט? האָט ער בעסער פאַרשטאַנען די דילעמעס, פאַר וועלכע מיר זיינען אין משך פון די קריטישע יאָרן געשטעלט געוואָרן? נעמט די באַרימטסטע „פאָרגעשריטענע״ וואָרטזאָגער

פון אונדזער צייט. זעט ווי זיי האָבן אין די דאָזיקע יאָרן געשפּרונגען פון איין גלויבן צום צווייטן, פון איין עקסטרעם צום אַנדערן, און זאָגט, צי די טרעגער פון „אינטעלעקט" האָבן טאַקע אַרויסגעוויזן מער אינטעל־לעקט ווי דער דורכשניטלעכער מענטש. אויף די מערסטע פון זיי קען מען זאָגן, אַז זיי האָבן געשאַלט, בעת זיי האָבן געדאַרפט זיין טרויעריק — און געקלאָגט בעת מען האָט געדאַרפט האַנדלען. ווי נאַאיוו זיי זיינען געווען! אויף וועמען האָבן זיי ניט געלייגט קיין האָפענונגען — און ווער האָט זיי ניט אָפּגענאַרט? אויף זיי קען מען זאָגן: בלינדע וועגווייזער פון די בלינדע. און עס איז, דוכט זיך, היינט איבעריק צו זאָגן, אַז וואָס עס איז שייך מאָראַלישער סענסיטיוויטעט, האָט זיך די אינטעליגענץ אין אַלע לענדער דערין אויסגעצייכנט אַזוי ווייניק ווי אין פרט פון אינ־טעלעקטועלער פעיקייט צו פאַרשטיין די צייט און אירע דילעמעס. דערויף זאָגן עדות די פּאָליטישע ליבעס און פלירטן פון די בעסטע שריפטשטעלער פון אונדזער צייט — פון דעם נאָצי קנוט האַמסון ביז, להבדיל, דעם קאָמוניסט ראָמען ראָלאַן.

אַמעריקאַנער יידן האָבן אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט אָנגעהויבן פאַרנעמען כסדר אַ וואַקסנדיקן פּלאַץ איןביידע סעקטאָרן פון דער אַמע־ריקאַנער ליטעראַטור — סיי אין דער אַמוזיר־ליטעראַטור פאַר די מיליאָנען און סיי אין דער „ערנסטער ליטעראַטור" פאַר דער „דענקענדיקער אינ־טעליגענץ". איז דערפאַר כדאי צו מאַכן די דאָזיקע פאַר־באַמערקונגען צו אַן אַרטיקל, וואָס באַהאַנדלט אַ סימפּאָזיום פון אַ גרופּע „אינטעלעקטועלע" יידיש־ענגלישע שרייבער וועגן זייער שייכות צו יידישע ענינים *). מיר דאַרפן לכתחילה פון זיי ניט דערוואַרטן קיין העכערע וויזהייט — דאָס, דאַרפן מיר וויסן, פאַרמאָגט די אינטעליגענץ בכלל ניט. אָבער די דאָזיקע שרייבער דריקן זיכער אויס די איינשטעלונגען און באַגריפן, ווערטן און זאָרגן פון אַ באַשטימטער שיכט אין דעם אַמעריקאַנער יידנטום — פון דער „אינטעליגענץ". דאָס איז די שיכט פון די „געראָטענע" זין פון אימיגראַנטישע טאַטע־מאַמעס, וועלכע מען האָט נאָך אין די וויגעלעך איינגערעדט, אַז זיי איז באַשערט „עפּעס צו ווערן". טאַטע־מאַמע האָבן געהאָרעוועט אין קראָם און פאַבריק, מוותר געווען אויף זיך און געשפּאָרט כדי דער זון זאָל זיין „עפּעס אַנדערש". אַ טייל זיינען

---

*) Under Forty. A symposium of American literature and the younger generation of American Jews (Contemporary Jewish Record, Feb. 1944).

געוואָרן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן, אַנדערע זיינען געוואָרן שריי־בער. און יעדער קלאַס, וואָס געניסט אין אונדזער סאָציאַלער אָרדענונג פון אַ שטיקל פּריווילעגירטער פּאָזיציע, האָט זיך זיין „יחוס" און זיין סנאָביזם. עס איז פאַראַן דער סנאָביזם פון געלט — און אויך אַ ווייניקער באַמערקטער סנאָביזם פון „אַנדערש זיין". געגעטיש, אַזוי צו זאָגן, טרעפט זיך גאַנץ אָפט, אַז דאָס ערשטע מאַכט מעגלעך דאָס צווייטע. סאָציאָלאָגיש, יעדנפאַלס, דאַרף מען דעם ענין אַזוי באַטראַכטן. און איך וויל באַמערקן גלייך פון אָנהויב, אַז דער ליטעראַרישער אַספּעקט פון דעם סימפּאָזיום אין „קאָנטעמפּאָרערי דזשואיש רעקאָרד" האָט מיך ווייניק פאַראינטערעסירט; באַשעפטיקט האָט מיך דער סאָציאַלער אַספּעקט פון די דאָזיקע „ווידויים" פון אַ גרופּע יונגע יידיש־ענגלישע שריפטשטעלער.

לאָמיר זאָגן גלייך פון אָנהויב, אַז ניט מיט אַלע אָנטיילנעמער אין דעם דאָזיקן סימפּאָזיום איז פיינלעך זיך צו באַקענען. די אַנגעגעבעמסטע איבערראַשונג איז צו לייענען דעם יידישן אני מאמין פון צוויי פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דעם יונגן יידישן דור אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור — די דיכטערין און ביאָגראַף מיוריעל רוקאייזער און דער דיכטער־קריטיקער דעלמאָר שוואַרץ. מיס רוקאייזער האָט הינטער זיך פיר דורות אין אַמעריקע; זי שטאַמט פון אַ דייטש־יידישער בורזשואַזער פאַמיליע; דעלמאָר שוואַרץ שטאַמט פון אַ מזרח־אייראָפּעישער אימיג־ראַנטן־פאַמיליע.ביידע שטייען פאַר דער רעטעניש פון אייגענעם ייד־זיין דערשטוינטע, ניט צוגעגרייטע; אָבער מען פילט, אַז דער ענין איז פאַר זיי גאָר אַ וויכטיקער. זיי ווייסן, אַז זייער יידיש־זיין איז אַ שליסל צו זייער פּערזענלעכקייט, אַן אומפאַרמיידלעכער עלעמענט אין זיין שאַפן — אַז דער יידישער יחיד קען ניט האָפן צו דערגרייכן וואָסער עס איז פּסיכישע און מאָראַלע אינטעגראַציע, אויב ער פּרובירט „אומקרייזן" די דאָזיקע ווירקלעכקייט.

מיוריעל רוקאייזער דערציילט וועגן איר היים: „מיין פאָטער און מיין מוטער האָבן ניט געהאַט קיין שום קולטור־מקורות, וואָס זאָלן זיי שטאַרקן. אין דער היים איז ניט געווען קיין סימן פון יידישער קולטור, וואָס מען האָט געקענט פילן — ניט קיין מעשיות, ניט קיין לידער, ניט קיין באַזונ־דערע מאכלים — עס איז בכלל ניט געווען קיין קולטור־הינטערגרונט, וואָס מען האָט געקאָנט שפּירן... איך בין דערצויגן געוואָרן אָן קיין שום סיבה שטאָלץ צו זיין מיט מיין יידיש־זיין, אָבער שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיין שטאָלץ; אָן קיין שום סיבה זיך צו שעמען,

און שפּעטער האָב איך געזען מענטשן, וואָס האָבן זיך געשעמט". מיוריעל רוקאײזער אַלײן זאָגט, אַז זי האָט קײנמאָל ניט געהאַט דעם דאָזיקן שאַנד־געפיל. אָבער זי האָט שוין אין די קינדער־יאָרן געשפּירט די פּוסטקייט פון דער דאָזיקער ייִדישער עקזיסטענץ. „איך גלויב, אַז פיל מענטשן, וואָס זײנען אויסגעוואַקסן אין דער סביבה פון רעפאָרם־ייִדנטום, זײנען אויסגעהונגערט נאָך צוויי אַספּעקטן פון דער רעליגיע: פּאָעזיע און פּאָליטיק". און זי דערציילט, אַז בעת זי פלעגט זיצן אין „טעמפּל" בעת דער „פּאַרוואַסערטער דרשה" און דער „פּאַרוואַסערטער ליטורגישער מוזיק", פלעגט זי אַלײן לײענען דעם תנ"ך. „זײן קעמפערישקייט און פּאָעזיע און נאַקעטקייט, זײן פײערדיקע וויזיע פון דעם קאָנפליקט, וואָס קען געפינען אַ תיקון בלויז אין גאָט, זײנען פאַר מיר געבליבן אַן אמת, וואָס איך זאָל שפּעטער ניט האָבן געגלויבט וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט, וועגן מאַכט אָדער געטלעכקייט, טויט אָדער ליבע".

הײנט זאָגט זי וועגן זיך: „איך ווײס ניט וואָסער טײל אין מיר איז ייִדיש", אָבער זי פאַרשטײט, אַז איר ייִד־זײן מוז אינטעגרירט ווערן מיט אַנדערע עלעמענטן פון איר פערזענלעכקייט — דער דיכטערין, דער אַמעריקאַנערין, דער פרוי. אויסער די ייִדן, וואָס זי האָט געקענט אין אירע קינדער־יאָרן, זעט זי פאַר זיך איצט אויך „די מענער און פרויען אין דעם וואַרשעווער געטאָ, וואָס זײנען ווי די לאָיאַליסטן אין שפּאַניע גע־שטאַנען אומבאַוואָפנטע קעגן דעם, וואָס עס האָט זיך זיי, מסתמא, אויס־געדוכט ווי דער דונער און שטאָל פון דער גאַנצער וועלט... די ייִדן וואָס באַוועגן זיך פרײ אין רוסלאַנד... די מענער און פרויען, וואָס פלאַנצן ארץ־ישראל און האָבן פײערלעך געשוואָרן קײנמאָל ניט אַוועקצולייגן די וואָפן".

אונדזער פערזענלעכקייט קען אויפגעבויט ווערן בלויז פון יענע עלעמענטן, וואָס עס האָט אונדז געגעבן אונדזער סביבה, סיטואַציע און טראַדיציע. און עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די רעוואָלוציאָנערע דיכטערין פון אַ רײכן „יאַהודים"־הויז, קעגן וועלכן זי האָט רעוואָלטירט און פון וועלכן זי איז אַוועק אין אַ קאָמוניסטישער סביבה, קען איר באַפרײטע פערזענלעכקייט דאָך בויען בלויז פון די עלעמענטן, וואָס זי האָט געירשנט פון איר סביבה. די גרונט־געשטאַלט פון מיוריעל רוקאײ־זערס רעוואָלוציאָנערער ייִדישקייט איז, אין עצם, רעפאָרם־ייִדישקייט, אפילו אין דער ראַדיקאַל־פּאָליטישער טראַנספאָרמאַציע. (ממש אַזוי ווי די געשטאַלט פון דעם קאָמוניזם פון אַזאַ אַמעריקאַנער שריפטשטעלער

ווי גרענוויל היסק בלייבט דאָך פּראָטעסטאַניש־ניו־ענגלאַנדיש). אויך דאָס קעגן וואָס מיר רעוואָלטירן טראַנספאָרמירט אונדזער פּערזענלעכקייט — ניט נאָר דאָס אין נאָמען פון וואָס מיר רעוואָלטירן. דאָס איז אַן ענין, וואָס איז בכלל כדאי צו געדענקען, ווען מען רעדט וועגן דעם פּנים פון אַמעריקאַנער יידנטום. אין פאַל פון מיוריעל רוקאייזער, יעדנפאַלס, איז פון די דאָזיקע קאָנפליקטן זיכער ניט אַרויסגעקומען קיין איינשטעל, וואָס איז עלול צו זיין באַלערנדיק אָדער וועגווייזעריש פאַר עמעצן אַנדערש — אָבער דערפאַר אַ שטימונג, וואָס איז זויבער, ערלעך און עכט.

דעלמאָר שוואַרץ איז אַ קאָמפּליצירטער קינסטלער און אַ מער איינ־טראָספּעקטיווער דענקער, ווי מיוריעל רוקאייזער. ער זאָגט וועגן זיך: „איך וואָלט געוואָלט גלויבן, אַז מיין הויפּט־מאָטיוו אַלס אויטאָר איז די אָנ־שטרענגונג צו פאַרשטיין די סיבות פון מיינע דערפאַרונגען; איך וואָלט געוואָלט פאַרשטיין אַלץ מער און מער וואָס עס איז מיט מיר געשען". ער הויבט אָן זיין פיינעם זעלבסט־אַנאַליז מיט עטלעכע זייער וויכטיקע „קליינינקייטן". אַ קינד פון מזרח־אייראָפּעיִשע עלטערן, האָט ער „אין דער קינדהייט געהערט צוויי שפּראַכן, איינע וואָס ווערט לייכט גערעדט אין דער היים, די אַנדערע — וואָס ווערט לייכט גערעדט אין גאַס און אין שול, אָבער שלעכט גערעדט אין דער היים. געוויסע פאַרשער פון דער גערעדטער שפּראַך האָבן געוויסע אַרטן פון ניט־ריכטיקער אויסשפּראַך אויסגעטייטשט אין טערמינען פון דער דאָזיקער דאָפּלטער שפּראַך־דער־פאַרונג. אַן אויטאָר, ספּעציעל אַ דיכטער, איז דאָס עלול צו געבן אַ גע־שטייגערטע סענסיטיוויטעט בנוגע שפּראַך, אַ חוש פאַר אידיאָם, אַ חוש פאַר וויפיל עס לאָזט זיך אויסדריקן דורך מאָסן־שפּראַך. עס שאַפט אָבער אויך אין געוויסע מענטשן אַ מורא פאַר שלעכטער אויסשפּראַך, אַן אומזיכערקייט ביים רעדן און אַ פאַרשאַרפטע אויפמערקזאַמקייט אויף די כאַראַקטערן פון די עלטערן, ביי געוויסע מענטשן פון דעם מין... קומט אַ פאַנטאַסטישע פּרעציזקייט בנוגע אַקצענט און אַן אַקצענט, וואָס איז מער ענגליש ווי דער ענגלישער אַקצענט: עס קען ניט זיין קיין מער פאַעטישע און קאָמישע זאַך ווי דער שטאָלץ, וועלכן די עלטערן פילן בעת זיי הערן ווי זייער זון רעדט אין אַן אַקצענט, וואָס פאַסט פאַר אַן אָקספאָרדער פּראָפעסאָר: פון וואַנען זאָלן זיי וויסן, אַז אַן אמתער אָקספאָרדער פּראָפעסאָר מוז דאָס באַטראַכטן ווי אַ קאַריקאַטור?"

דאָס אַמעריקאַנער יידישע קינד, באַזונדערס אין ניו־יאָרק, לעבט אין אַ סביבה, וואָס פאַרווישט און פאַרטעמפּט „דעם פאַקט פון יידיש־זיין". אַנטיסעמיטיזם ווערט באַטראַכט ווי „אַן אינטערעסאַנטע אַבסטראַקציע אָדער ווי אַ טייל פון דער באַרבאַרישער פאַרגאַנגענהייט". „דאָס אמתע וויסן וועגן דעם, וואָס עס הייסט זיין אַ ייד ווערט פאַרטונקלט דורך דער לייכטער פאַראַכטונג פאַר אַלע מינים אימגראַנטן, וואָס באַהערשט דעם נאַציאָנאַלן הומאָר און דורך די יידישע וויצן, וואָס די עלטערן דערציילן... מען דאַרף אפשר אויך זאָגן, אַז דער דאָזיקער מין פאַרטושן דעם פאַקט פון יידיש־זיין איז אייגנטלעך פאַר דעם נידעריקערן מיטלקלאַס, וואָס האָט זייער וויניק סאָציאַלע אַספּיראַציעס... דערצו קומט די „בר־מצוה"־יידישקייט. דער קאָנטראַסט צווישן דער אויטאָריטעט פון די פּאַבליק־סקול לערערס און דער שוואַכקייט פון דעם לערער אין דער יידישער שול רופט ביים קינד אַרויס די פראַגע, וואָס פאַר אַ סיבה עס קען באַרעכטיקן צוצושרייבן יידישקייט וואָסער עס איז חשיבות".

דערלמאַר שוואַרץ דערציילט, אַז פאַר אים אַליין איז דער „פאַקט פון ייד־זיין געווען אַן ענין פון נאַיוון און תמימותדיקן שטאָלץ, וואָס איז ניט באַרירט געוואָרן פון קיין שום מורא". אָבער, גיט ער צו, „דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אומוויסן, און דער דאָזיקער ריינער שטאָלץ איז געבליבן ביז וואַנען איך האָב אָנגעהויבן באַזוכן אַ שול אויסער ניו־יאָרק". און דאָ קומט דער אינטערעסאַנטסטער טייל פון זיין זעלבסט־אַנאַליז: „אָבער אויך דאָרטן (אויסער ניו־יאָרק) איז מיין אומוויסן וועגן דעם כאַראַקטער פון אַנטיסעמיטיזם געוואַקסן אַ דאַנק אַ פּערזענלעכער שוואַכקייט, נעמלעך, די שוואַכקייט זיך אויסצודוכטן, אַז אויב עמעצער האָט מיך ניט ליב געהאַט, איז די סיבה דערפון געווען מיין פּערזענלעכער כאַראַקטער און באַנעמונג. די געוווינהייט צו גלויבן, אַז אַ גרויסער טייל פון דער קוואַליטעט פון דער אייגענער דערפאַרונג איז, אין זיין אורשפּרונג, פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער, איז אַ גרויסע שוואַכקייט; און דאָך איז דאָס אַ שוואַכקייט, וואָס גיט דעם מענטשן שוץ, און וואָס ווערט, ווען מען איז זיך איבער איר מתגבר, אַ קוואַל פון שטאַרקייט. אויב איינער ווערט באַטראַכט אַלס משונהדיק (פּעקוליאַר) און בלייבט אויסן (לעפּט אַוט) פון דעם סאָציאַלן לעבן בלויז דורך קריסטלעכע ייִנגלעך און מיידלעך, ווערט ער געצוויגט אויף דעם צו קוקן ווי אויף אַן אומפּערזענלעכן ענין און ווערט איבערצייגט, אַז דאָס איז שטענדיק אַ רעזולטאַט פון זיין אַ ייד. אָבער דאָקעגן, אויב עמעצער ווערט באַטראַכט אַלס משונהדיק און בלייבט אויסן

פון סאָציאַלן לעבן אויך דורך יידן, אויב דאָס איז זיין דערפאַרונג אויך אין דער פאַמיליע, בלייבט ער אומוויסנדיק וועגן דעם חילוק צווישן די צוויי אַרטן ,אויסן בלייבן׳. מיר האָט די אויפלעבונג פון דעם פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם קלאָר געמאַכט דעם אונטערשייד פון ,בלייבן אויסן׳ דורך קריסטן און דורך יידן. ערשט דעמאָלט בין איך געווען בכוח צו פאַרשטיין דעם סאָציאַלן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז שטענדיק געווען אַ טייל פון מיין דערפאַרונג, כאָטש איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַזוי געווען. דעמאָלט בין איך געווען בכוח צו פאַרשטיין דעם וויכטיקן אונטערשייד צווישן דעם סאָציאַלן אַנטיסעמיטיזם און דעם פּאָליטישן מין, וועלכן מען האָט געשאָנקען אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט אין די לעצטע יאָרן״.

דעלמאָר שוואַרץ איז דאַנקבאַר זיין גורל, וואָס פריער, אין זיינע פאָרמאַטיווע יאָרן אַלס אַמעריקאַנער שריפטשטעלער, האָט ער ניט איינגעזען, אַז די פרעמדקייט, וואָס ער האָט געפילט אַרום זיך, איז געווען געווענדט ניט קעגן אים אַלס יחיד, נאָר אַלס ייד. „מיין אומוויסן, מיין שוואַכקייט צו זיין צו־פערזענלעך, מיין פאַרנומען זיין מיט זיך אַליין — יעדע פון די דאָזיקע אייגנשאַפטן אַ בייז פאַר זיך אַליין — האָבן מיך סטי־מולירט צו באַטראַכטן מיינע אייגענע דערפאַרונגען מיט אַנדערע מענטשן, ווי אַלגעמיינע און אוניווערסאַלע, ניט לאָקאַלע אָדער רעגיאָנאַלע אָדער ראַסישע דערפאַרונגען. און דאָס איז אין משך פון אַ צייט געווען אַ גוטע זאַך, כאָטש ווען דאָס וואָלט אַזוי געבליבן, וואָלטן די שלעכטע רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן אומוויסן געוואָרן אַ וואַקסנדיקע שוואַכקייט. שפּעטער, ווען איך האָב געלערנט אונטערצושיידן צווישן די פאַרשיידענע אַרטן פרעמדקייט (אייליענייזשאָן), האָט דאָס דאָזיקע וויסן באַלויכטן מיין גייסט אויף אַ זייער פּראָדוקטיוון אופן... איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין מיין אייגענעם קוק־ווינקל, דורך וועלכן איך נעם אויף דאָס לעבן; און דער פאַקט פון זיין אַ ייד איז פאַר מיר געוואָרן ברויכבאַר אַלס אַ צענטראַלער סימבאָל פון פרעמדקייט, פאַראורטייל, שטאַנדפּונקט, און אַנדערע אייגנ־שאַפטן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַרן מאָדערנעם לעבן — און, איך גלויב, די סאַמע עיקרדיקסטע. און אַזוי קען איך זאָגן (מיט דאַנקבאַרקייט און גלייכצייטיק מיט קווענקלעניש, דערפאַר וואָס דאָס איז אַזוי אַנדערש פאַר אַנדערע יידן, אַנדערש ביז צום טויט), אַז דער פאַקט פון ייד־זיין איז פאַר מיר איצט קלאָר, אַז פאַר מיר יעדנפאַלס קען דאָס זיין בלויז אַ פרוכטבאַרע און אומאויסשעפּלעכע ירושה״.

דער לייענער וועט אפשר דאָ אָ צי טאָן מיטן אַקסל: פון וואָס איינער

ווערט דאָס נתפעל! אַז ער וועט זיך אָבער באַקענען מיט די איבעריקע „שרייבער אונטער פערציק", וועט ער, בין איך זיכער, פאַרשטיין פאַרוואָס.

מען קען ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע רעפּרעזענטאַטיווע יונגע ייִדיש־אַמעריקאַנער שרייבער פאַרשטייען אינגאַנצן ניט די קאָמפּליצירטע סיטו־אַציע, אין וועלכער זיי געפינען זיך. כמעט יעדער איינער פון זיי חזרט איבער אײַן און דאָס זעלבע וואָרט „אײליעניישאָן" — פרעמדקייט אָדער פאַרפרעמדקייט. זיי פילן אַלע, אַז זיי זײַנען קינדער פון אַ מינאָריטעט — אַן אייגנאַרטיקער מינאָריטעט. זיי ווייסן, אַז דער שונא געפינט זיך ניט נאָר אויף יענער זייט ים. זיי ווייסן אויך, אַז דער שעפערישער אימפּולס פון דעם ייִדישן שריפטשטעלער דאַרף זיך ראַנגלען מיט מכשולים, וואָס מאַטערן ניט דעם ניט־ייִדישן אַמעריקאַנער קינסטלער. דער היסטאָ־ריקער און טעאַטער־קריטיקער לואיס קראָנענבערג האַלט, אַז עס איז „אַן אַלגעמיינער אמת" וועגן „ייִדישע שעפערישע שרײַבער, — פיל פון זיי אַמעריקאַנער פון צווייטן דור — אַז זייערע טעמעס זײַנען, אין טערמינען פון אַמעריקאַנער לעבן, מער פעריפעריש ווי צענטראַל. דאָס איז אפילו גילטיק בנוגע דעם אייגנאַרטיקסטן צושטייער פון ייִדן צו דער היינטצײַ־טיקער ליטעראַטור — די ליטעראַטור וואָס האָט אַ שייכות צו דער שטאָט ניו־יאָרק. זי מאַכט דעם אײַנדרוק צו זײַן מער קוואָרטאַלמעסיק, ווי מע־טראָפּאָליעמעסיק. כאָטש ייִדישע שרײַבער אַסימילירן זיך אַלץ מער און מער מיטן אַמעריקאַנער לעבן, האָבן זייער ווייניק פון זיי יענע טיפע וואָרצלען, וואָס ווערן באַטראַכט — ביז צו באַנאַליטעט — אַלס דער סאָלידסטער יסוד פאַר וויכטיקע דערגרייכונגען. אפילו די בולטע אייגנ־שאַפט פון רעבעלישקייט אין ייִדן האָט ניט דערגרייכט קיין גרויסן פאַרנעם, דערפאַר וואָס עס פעלט איר דאָס פערפעקטע גלייכגעוויכט און אָביעקטיוויטעט; זי פאַרמאָגט ניט די נאָטע פון אַ טאָראָ אָדער ווענדעל פיליפּס".

דער ייִדישער „שעפערישער שרייבער" ווייס, אַז ער לעבט אין אַ וועלט, וואָס איז גאַנץ אַנדערש פון דער וועלט פון זײַן ניט־ייִדישן קאָלעגע. ער ווייס, אַז די סיבה דערפון איז דער „פאַקט פון ייִד־זײַן". אָבער וואָס פאַר אַ מסקנות ציט ער פון דער דאָזיקער סיטואַציע? וואָס פאַר אַ גייסטיקע ענערגיעס רופט זי אַרויס אין אים?

אַלע „ייִדישע שרייבער אונטער פערציק" האָבן טענות צו דער אַמעריקאַנער ייִדישער סביבה. דער קריטיקער אַלפרעד קעיזין זאָגט:

„איך האָב קיינמאָל ניט געזען קיין סך פון דעם, וואָס איך באַווונדער (אין דער יידישער טראַדיציע) אין דער אַמעריקאַנער יידישער קולטור אָדער צווישן יידישע שרייבער אין אַמעריקע בכלל". דער קריטיקער און דערציילער ליאָנעל טרילינג זאָגט: „דער (אַמעריקאַנער) יידישער קיבוץ, ווי ער איז היינט, איז ניט בכוח צו נערן (גייסטיק) דעם אַמעריקאַנער קינסטלער אָדער אינטעלעקטואַל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ ייד". זיי האָבן אַלע אַ שאַרף אויג פאַר אונדזער גייסטיקער אָרעמקייט. ליאָנעל טרילינג: „די יידישע רעליגיע איז, בין איך זיכער, זייער ליבעראַל און אינטעליגענט און מאָדערן. איר פונקציע איז צוצושטעלן, באַזונדערס מענטשן וואָס האָבן ניט קיין שטאַרקן רעליגיעזן אימפולס, אַ סאָציאַלע און ראַציאָנעלע שוץ קעגן דער פיינטשאַפט פון דער וועלט. זיכער אַ לויבנס־ווערטע אויפגאַבע, אָבער ניט גענוגנדיקע באַזע פאַר אַ רעליגיע; מען דאַרף בלויז אַליין דורכמאַכן די דערפאַרונג ווי אַזוי דאָס מאָדערנע יידנטום פירט דורך די קבורה פון אַ מענטשן, כדי צו דערשפירן זיין גאַנצע אינערלעכע אומזיכערקייט, זיין אומפעיקייט צו קאָנטראָלירן דאָס לעבן, וואָס מוז צום סוף אויך פאַראַליזירן זיינע ראַציאָנעלע און סאָציאַלע צילן. דאָס מאָדערנע יידנטום, אין זיינע בעסטע אויסדרוקן, קען טאַקע זיין גאַנץ אינטעליגענט און אויסגעוויקט אין אוניווערסיטעט־בילדונג, אָבער פון אים איז ניט געקומען קיין איין שטים מיט דער באַטע פון אויטאָריטעט, פילאָזאָפישער אָדער פּאָעטישער, אָדער אפילו רעטאָרישער, שוין אָפּגערעדט פון רעליגיעזער אויטאָריטעט".

און אויב אַזוי — מוז קומען דער צעפאַל, וואָס מוז ווערן אַלץ טיפער און טיפער. לואיס קראָנענבערגער: „די פּראָבלעם פון פאַרלירן דעם גלויבן איז צווישן יידן שטענדיק אַ פאַמיליע־קאָנפליקט צווישן אַ פרומען עלטערן דור און אַן אַגנאָסטישן יינגערן דור. איך בין ניט באַקאַנט מיט קיין איין יידישן שרייבער, וואָס איז אינערלעך פאַרווונדעט געוואָרן דורך רעליגיעזע צווייפלען, ווי דאָס איז געשען מיט פיל קאַטוילישע שרייבער: ער האָט זיך פשוט געדאַרפט אָפּרייסן פון עפּעס, ניט אויסשניידן אַ טייל פון זיך אַליין".

וואָס בלייבט דעם יידישן שרייבער פון יידישקייט, אין וואָס באַשטייט זיין ייד־זיין? ליאָנעל טרילינג, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין אַן אָרטאָ־דאָקסישער היים און איז אַמאָל אויך געווען אַ רעדאַקטאָר פון „מנורה זשורנאַל" זאָגט, אַז דאָס איינציקע, וואָס פאַרבינדט אים נאָך מיט יידן איז „אַ פּאָינט אָוו האָנאָר". אָבער ער גיט אַליין צו, אַז ער האָט זייער

אַ באַגרענעצטן רעספּעקט פֿאַרן „פּאָינטס אָוו האָנאָר" — „דאָס זײַנען געוויינלעך בלויז מצבֿות און מאָנומענטן, זיי האָבן אַן עקזיסטענץ, וואָס קומט ניט פֿון באַגער". „אויב דאָס, וואָס איך רוף אָן מיין ׳פּאָינט אָוו האָנאָר׳ איז מינימאַל און נעגאַטיוו, אויב עס באַגערט ניט גענוג און איז ניט מער ווי אַ ווידערשטאַנד קעגן אַן אויסערלעכער קראַפֿט, האַלט איך, אַז די פּאָזיציע פֿון דער אַמעריקאַנער יידישער געמיינדע קען אויך כאַראַקטעריזירט ווערן אויף דעם זעלבן אופֿן. איך ווייס, אַז מען רעדט און טוט אַ סך וועגן פּאָזיטיווע צילן, אָבער דער צוועק דערפֿון איז בלויז צו מאַכן מער אָננעמבאַר די נעגאַטיווע אָדער נייטראַלע עלעמענטן. לויט מיין מיינונג, איז דער גרויסער פֿאַקט פֿאַר די אַמעריקאַנער יידן זייער אויסגעשלאָסן זיין פֿון געוויסע טיילן פֿון אַלגעמיינעם לעבן און אַלע אַקטיוויטעטן אין יידישן לעבן זיינען, גלויב איך, רעאַקציעס אויף דעם דאָזיקן פֿאַקט".

שאַפֿער פֿון טעאָריעס, וואָס דאַרפֿן אויסטייטשן מענטשלעכע האַנדלונגען אין ליכט פֿון איין דעטערמינירנדיקן פּרינציפּ, לאָזן אָפּטמאָל זיך אַליין אַרויס פֿון דעם דורך זיי אַליין אויפֿגעשטעלטן כּלל; דאָס פֿאָדערט אַמאָל אַ ווערדע־געפֿיל, אָן וועלכן עס איז, ווייזט אויס, אויך שווער אויסצוקומען. אין זיינע אייגענע טערמינען, איז לייאָנעל טריילינגס „האָנאָר" אויך אַ „רעאַקציע" אויף „דעם דאָזיקן (נעגאַטיוון) פֿאַקט". „האָנאָר" אין „האָנאָר" בלויז דעמאָלט, ווען עס איז פֿאַראַן אַן אַנדער ברירה, און מען קען אויסקלייבן די העכערע, די מער ערנפֿולע. אַזאַ ברירה האָט דאָך אויך ניט לייאָנעל טריילינג.

אָבער אין אַן אינגאַנצן פּוסטן חלל קען מען לאַנג ניט לעבן. דער אויסגעוואָרצלטער יידישער „אינטעלעקטואַל" אין אַמעריקע מוז מיט עפּעס אָנפֿילן די כּמורנע וועלט, אין וועלכער ער לעבט. דער איינציקער אינהאַלט, וואָס געפֿינט זיך אין זיין רשות איז — סאָציאַלע רעבעלישקייט. קראָנענבערגער זאָגט: „די ראַסן־צרה האָט פֿיל יידישע שרייבער געטריבן צו ווערן ליידנשאַפֿטלעכע ליבעראַלן און ראַדיקאַלן... סאָציאַלער געוויסן איז היינט אַ קענצייכן פֿון אַמעריקאַנער יידישע שרייבער; און טיילווייז, אָן ספֿק, דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען יידן". פֿאַר אַ טייל פֿון זיי האָבן שוין זייערע עלטערן אויסגעטראָטן דעם וועג צו דעם דאָזיקן גן־עדן פֿון אַזוי גערופֿענעם „סאָציאַלן געוויסן". דער מאַרקסיסטישער קונסט־קריטיקער קלעמענט גרינבערג שרייבט: „דער שרייבער האָט ניט קיין מער באַוווסטזיניקן איינשטעל צו זיין יידישער ירושה ווי דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער ייד — און דאָס הייסט, כּמעט גאָרניט. און אפֿשר נאָך ווייניקער

ווי דאָס. זיין פאָטער און מוטער האָבן פאַר אים אין פאָראויס אָפּגעוואָרפן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער ירושה, בעת זיי זיינען געוואָרן פריידענקענדיקע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אָפּגעהיט בלויז זייער יידיש, געוויסע רעשטן פון פאָלקס־שטייגער אין תחום־המושב, און די עקשנות זיך צו פּראָקלאַמירן אַלס יידן — צום ביישפּיל, עס איז אַ שאַנד צו בייטן דעם נאָמען, דערפאַר וואָס עס איז צו יידיש". אַן אַנדער אָנטיילנעמער אין סימפּאָזיום, האָוואַרד פאַסט, דער ביאָגראַף פון אַמעריקאַנער היסטאָרישע געשטאַלטן (טאָם פּעין און אַנדערע), האָט, ווייזט אויס, אפילו אַזאַ יידישע ירושה ניט געהאַט. „מען בעט מיך פעסטצושטעלן און דערקלערן די שייכות צווישן מיין שרייבן, און עפּעס וואָס טראָגט דעם נאָמען ,יידישע ירושה'. אויב יידישע ירושה הייסט יידיש וויסן, יידישע טראַדיציע, יידישע רעליגיעזע השפּעות, יידישער היסטאָרישער זכרון, און אַ זינען פאַר מיין חשיבות און אָפּגעזונדערטקייט אין דער דאָזיקער וועלט אַלס אַ ייד — איז מיין ענטפער אַ בפירושדיקער ניין". אָבער דאָס דאַרף ניט הייסן, אַז פאַסט לייקנט אָפּ, אַז ער איז אַ ייד. „פאַר מיר איז אַ ייד — אַ מענטש. ער ווערט פאַרפאָלגט: דאָס זעלבע אַנדערע מינאָריטעטן... קעגן יידן ווערט דיסקרימינירט; זיינען דען ניטאָ קיין דיסקרימינאַציעס קעגן נעגער?" מיר האָבן פריער ציטירט דעלמאָר שוואַרץ, וועלכער האַלט, אַז אומוויסן איז אַן אומגליק. אָבער עס איז אַ יוצא־מן־הכלל. בדרך כלל האַלטן אונדזערע „שרייבער אונטער פערציק", אַז אַ געוויסע אַרט אומוויסן איז אַ ספּעציעל יידיש גליק, פאַר וועלכן יידן דאַרף זיין באַזונדערס דאַנקבאַר זייערע עלטערן אָדער זייער אייגענער חכמה. „איך בין" — זאָגט מר. פאַסט — „אויפגעוואַקסן אינגאַנצן אַן רעליגיעזע פאָראורטיילן, אַן יידישער דערציונג: איך בין פריי געווען פון די מערסטע יידישע זיטן און די מערסטע יידישע מוראס. אַזוי אַז ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן ווירקן אויף מיר, ווי ער ווירקט אויף אַלע יידן, בין איך געווען מסוגל צו זען דעם גאַנצן ענין אָביעקטיוו..."

אַזוי זאָגט האָוואַרד פאַסט און אַנדערע. כמעט אַלע „שרייבער אונטער פערציק" פאַרזיכערן אונדז, אַז זיי זיינען גליקלעך — עס איז פּשוט ניטאָ קיין גלייכן צו זיי. פריי פון טראַדיציע, פריי פון פאָראורטיילן, רעוואָלו־ציאָנערן פון געבורט — קענען זיך פיל ניט־יידישע „שרייבער אונטער פערציק" באַרימען מיט אַזעלכע פאָרצוגן?

און דאָך:

לאָמיר אייך ציטירן עטלעכע שורות פון דעם אני־מאמין פון דעם

באַקאַנטן ראָמאַניסט אַלבערט האַלפּער. האַלפּער האָט דערגרייכט די סאַמע העכסטע היויכן פון „סאָציאַלן געוויסן" — ער איז אַן אויסגעהאַלטענער סטאַליניסט. בערך אַ חודש פאַר דעם דייטשן אָנגריף אויף דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָט ער אפילו אַרויסגעגעבן אַן אַנטי־מלחמה ראָמאַן, וואָס זיינע העלדן זיינען גראָד יידן, וואָס האַלטן, אַז עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן היטלערן און טשוירטשילן... זאָל ער אָבער רעדן פאַר זיך אַליין:

„איך בין ניט קיין היסטעריש פּערזאָן, איך באַזוך ניט קיין ציוניסטישע מיטינגען... איך באַלעסטיק ניט מיינע ניט־יידישע פריינד מיט די ליידן פון די פינף מיליאָן גוססדיקע יידן, און איך דערלאָז ניט, אַז די געשרייען פון די דאָזיקע שטאַרבנדיקע יידן זאָלן שטערן מיין אַפּעטיט. צום טייוול, מיינע ניט־יידישע פריינד זיינען אַזוי אינטעליגענט ווי איך. זיי ווייסן, אַז דער פאַרראַט פון די יידן איז אַ טייל פון דעם גאַנצן שטינקענדיקן היפּאָקריטישן פאַרראַט פון דער וועלט. מיט דער צייט לערנט מען זיך אויס צו עסן אַ מאָלצייט אויף אַ מיסטקאַסטן. איצט איז די וועלט אַ מיסטקאַסטן — און דער וואָס ליגט ניט אונטער אים מוז עסן, אויב ער וויל לעבן".

צו די אַנדערע גליקן, וואָס אַ ספּעציעלע השגחה האָט געשאָנקען אונדזער יונגן דור, קומט אויך צו, ווי איר זעט — ניט־היסטערישקייט.

און דאָך האָבן מיר ניט קיין רעכט צו פאַראורטיילן די דאָזיקע אומגליקלעכע קינדער פון אַ ירידהדיקער געמיינדע. וואָרעם יעדעס וואָרט, וואָס זיי זאָגן, ווי טיפּשותדיק אָדער געמיין עס זאָל ניט זיין, איז אַ באַשולדיקונג — אַ באַשולדיקונג קעגן אַ דור, וואָס האָט זיינע קינדער גאָרניט געגעבן, כאָטש ער האָט זיך פאַר זיי אַזויפיל געמיט, אַזויפיל מקריב געווען. אין לעצטן סך־הכל זאָגן אונדז די דאָזיקע חכמהדיקע „מאַרקסיסטן" און „רעוואָלוציאָנערן" כאָטש זיי אַליין ווייסן דאָס ניט און ווילן דאָס ניט וויסן, אַז יעדער מענטש האָט אַ רעכט ניט נאָר אויף ברויט און אַ קאַריערע, נאָר אויך אויף אַ גייסטיקער היים, אויף אַ קולטור־ירושה, אויף (לויט אַן אויסדרוק פון וואַן וויק ברוקס) אַ „ברויכבאַרער פאַרגאַנגענהייט". דאָס האָבן עטלעכע דורות יידישע אימיגראַנטן זייערע קינדער ניט געגעבן — און די שטראָף דערפאַר האָט געמוזט קומען, זי איז שוין געקומען.

(„אידישער קעמפער", 25 פעברואַר 1944)

# אַ זונטיק אויף מיין גאַס

מיין גאַס איז לעצטן זונטיק געווען אויסערגעוויינלעך באַזאָרגט, אויפגערעגט, באַרעדעוודיק.. אַפּאַרטמענט־איינוווינער, יידן אויף די גאַניקעס פון זייערע פּריוואַט־היימען, די קונים אין קענדי־סטאָר — אַלע האָבן געשמועסט וועגן איין ענין, וועגן אַ יידישן ענין. אָבער דאָס איז ניט געווען די לאַגע פון די יידן אין אייראָפּע, דער פּראָצעס פון די דייטשע יידן־קוילערס אָדער דער צוזאַמענשטויס אין כפר גלעדי. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם קאָלום אין „דעילי ניוס", אין וועלכן דשאַן אָ'דאָנעל האָט דערציילט, אַז גענעראַל פּעטאָן איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין אַמט, ווי אַ רעזולטאַט פון אַ קאָנספּיראַציע פון עטלעכע באַרימטע אויסלענדיש־געבוירענע יידן, וואָס זיינען בכוח צו דיקטירן דער אַמעריקאַנער רעגירונג און זי צווינגען טאָן אַלץ וואָס זיי ווילן. אַזוי האָבן זיך די אַמעריקאַנער יידן אָפּגערעכנט מיטן גענעראַל דערפאַר וואָס ער האָט בערך מיט אַ יאָר צוריק אויסגעפּאַטשט און אויסגעזידלט יענעם נערוון־דערשיטערטן סאָלדאַט, וועלכער איז, האָט איצט אָ'דאָנעל אויסגעטראַכט, אַ ייד.

כ'האָב שוין לאַנג ניט געזען די יידן אין מיין גאַס אַזעלכע אויפגערודערטע און דערשיטערטע. יאָ, איך געדענק ווען דאָס איז געשען דאָס לעצטע מאָל — בעת דער יידישער זשורנאַליסט מילטאָן מייער האָט אין „סאַטורדעי איוונינג פּאָוסט" מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט די אַמעריקאַנער יידן געמוסרט דערפאַר, וואָס זיי, די יורשים פון ישעיה און מיכה, זיינען ניט קיין בעסערע מענטשן פון זייערע ניט־יידישע שכנים. אויך דעמאָלט האָבן די יידן אויף מיין גאַס איבערגעלעבט עטלעכע טעג פון זאָרג און צאָרן. אויך דעמאָלט האָבן זיי געשטורעמט קעגן אַ צייטונג — דער „סאַטורדעי איוונינג פּאָוסט".

אָבער בלויז גאָר גאָר דערשראָקענע און נאַרישע אַמעריקאַנער יידן האָבן אין דעם אַרטיקל פון זייער אויך ניט זייער קלוגן „גלויבנס־ברודער" מילטאָן מייער געקענט געפינען אַנטיסעמיטיזם. דעמאָלט האָט זיי באמת פאַרפירט זייער אויפגערייצטע פאַנטאַזיע און שלעכטע נערוון. מען קען דאָס אָבער ניט זאָגן וועגן דעם אָ'דאָנעל־„קאָלום". דאָס איז באמת געווען אַן אָפּן שטיק געבעלס־פּראָפּאַגאַנדע, מיט אַלע סימנים און פּליטערלעך.

דאָסמאָל איז ניט שווער צו פאַרשטיין די פאַרזאָרגטע פנימער פון די יידן אויף מיין גאַס.

פאַרוואָס טוט עס אַזאַ צייטונג, ווי די „דעילי ניוס״? פאַרוואָס האָט זי זיך גענומען רייצן די יידן, וואָס פיל פון זיי זיינען צווישן אירע לייענער?

כ׳ווייס ניט צי קאָלאָנעל פעטערסאָן, דער אַרויסגעבער פון „דעילי ניוס״, איז אַליין אַן אַנטיסעמיט. מיר ווייסן דאָך, אַז ס׳איז ניט נויטיק, אַז אַ געשעפטסמאַן זאָל אַליין שטאַרק האַלטן פון דעם וואָס ער האָלט פאַר נויטיק צו פאַרקויפן זיינע קליענטן. מוסאָליני, וועלכער האָט אין איטאַליע דורכגעפירט אַנטי־יידישע געזעצן און אָנגענומען די גאַנצע נאַציִשע ראַסן־לערע, האָט אַליין זיכער ניט געגלויבט אין אָט די אַלע נאַרישקייטן. דער ניהיליסט מוסאָליני איז געווען אַן אויפגעקלערטער מענטש — דער סאָציאַליזם פון זיינע יוגנט־יאָרן האָט אים זיכער באַפרייט פון נאַציאָנאַלע פאָראורטיילן און ראַסן־אַבערגלויבנס. שפּעטער האָט ער בלויז געמאַכט איין שריט ווייטער; ער איז פּטור געוואָרן פון דעם לעצטן „אַבערגלויבן״ — פון דעם סאָציאַליזם. ווי אַן אויסגעפּרובירטער פּראָ־לעטאַרישער פירער, האָט ער געהאַלטן, אַז ער ווייס בעסער פון נאַרישע, בורזשואַזע ליבעראַלן, וואָס די מאַסן זיינען און וואָס זיי ברויכן.

קאָלאָנעל פעטערסאָן האָט אויך אָנגעהויבן ווי אַ סאָציאַליסט. איך געדענק נאָך ווי היינט דעם ערשטן נומער „דעילי ניוס״. איך דערמאָן זיך: אין דעם דאָזיקן נומער, וואָס איז דערשינען אין אַ צייט וואָס די היגע קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט נאָך געפירט אַן אומלעגאַלע עקזיסטענץ, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל פון דער סענסאַציאָנעל באַרימטער ראָוז פּאַסטאָר סטאָוקס, דאָס רעוואָלוציאָנערע יידישע אימיגראַנטן־מיידל, וואָס האָט, אַלס שניידערקע, זיך באַקאַנט און חתונה געהאַט מיט אַ מיל־יאָנער ,אים באַקערט צום סאָציאַליזם און איז שפּעטער געווען אַן אָנגע־זעענע פיגור אין דער היגער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין דער „דעילי ניוס״ האָט די קאָמוניסטישע מיליאָנערשע אין איר אַרטיקל דערציילט ווי אַזוי זי פּרובירט צו דערוועקן דעם קלאַסן־באַוווסטזיין ביי איר דינסט — און ס׳געלינגט איר, נעבעך, ניט. בעת פעטערסאָן האָט אָנגעהויבן אַרויס־געבן זיין צייטונג — דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע, דער אָנהויב פון דעם בילד־בלאַט — האָט ער, ווייזט אויס, אַליין ניט געוווּסט וואָס פאַר אַ פּאָליטיש פּנים ס׳זאָל טראָגן. ער האָט בלויז געוווּסט איין זאַך: ס׳זיינען פאַראַן מיליאָנען פּאָטענציעלע לייענער, וואָס די טאָג־צייטונג, ווי זי איז, איז

פאַר זיי ניט קיין סחורה. אפילו די גלעג פּרעסע איז פאַר זיי אַ צו גע־הויבענער ענין. די דאָזיקע לייענער דאַרפן ניט האָבן דאָס וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַרטיקל". אפילו אַ שטיקל זאַכלעכע נייס לאַנגווייליקט זיי. די דאָזיקע מענטשן, פּראָדוקטן פון דער אמעריקאַנער פאָלקס־שול, קענען טאַקע לייענען — אָבער דאָס הייסט ניט, אַז דורך דעם אַליין איז שוין אין זיי געשאַפן געוואָרן אַ באַדערפעניש פאַר דער אַזוי גערופענער „ליטעראַטור". זיי ווילן לייענען אַ ליבע־געשיכטע, אַ וויץ, אַ חכמה, אַ שטיקל רכילות וועגן דעם וואָס עס טוט זיך ביי דער אָדער יענער אַקטריסע אונטער דער קאָלדרע. וואָס שייך פּאָליטיק, איז קאָלאָנעל פּעטערסאָן איבערצייגט, אַז דער שטאָטישער מענטש איז אַ שטיקל ציני־קער — ער וויס, אַז אַלץ וואָס אַ מענטש טוט, טוט ער צוליב זיין אייגענעם ריווח און געניוס. דאַרף מען דערפאַר מיט דעם דאָזיקן מענטשן אויך וועגן פּאָליטיק, וועגן סאָציאַלע צילן און פּראָגראַמען, וועגן פעלקער און לענ־דער, מלחמה און שלום, רעדן אויף אַ שפּראַך וואָס ער זאָל פאַרשטיין. דאָס הייסט בשום אופן ניט, אַז מען דאַרף פון צייט צו צייט ניט אַ פּאַך טאָן מיט דער „אַלטער גלאָריע", מיט דער פאָן פון „גאָטס אייגענעם לאַנד". אפילו די לייענער פון דער „דעילי ניוס" זיינען דאָך ניט אַזוי פריי פון מענטשלעכע שוואַכקייטן, אַז זיי זאָלן אינגאַנצן קענען אויסקומען אָן אַביסל „באַלאָני"? אָבער, וואָס זאָגט די פאָן דעם דאָזיקן מין מענטש? די פאָן איז דער סימבאָל פון דעם סך־הכל פון זיינע אַפּעטיטן און מוראס — און דאָס איז דאָס העכסטע געזעץ, וואָס קיין זאַך און קיינער קען ניט אָפּפרעגן. דער גרונט־„פּרינציפּ" פון די אַרויסגעבער פון „דעילי ניוס" איז די גלייכהייט. „איך בין אַזוי גוט ווי דו". אַ צייטונג דאַרף אפילו ניט פּרובירן דעם לייענער עפּעס צו לערנען; זי דאַרף רעדן ניט צו אים, נאָר פאַר אים. וואָרעם אַלע זיינען גליך, אַלע געדאַנקען זיינען גלייכווערטיק — זיי זיינען בלויז אַ באַקוועמער צודעק פאַר די אין גרונט ענלעכע מענטש־לעכע אַפּעטיטן און ליידנשאַפטן.

דאָ קומען מיר צום אַנטיסעמיטיזם. אין דער טערמינאָלאָגיע פון „ביג ביזנעס" — אַ צייטונג ווי די „דעילי ניוס" געהערט, פאַרשטייט זיך, אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע — איז פאַראַן דער טערמין PLAYING WITH AN IDEA. דאָס דאָזיקע וואָרט, ווי עס באַנוצן עס געשעפטס־מענער און זייערע טעכניקער, האָט, פאַרשטייט זיך, ניט קיין שום שייכות מיט דער פּלאַטאָנישער „אידעע". עס ווערט דערמיט געמיינט אַ פּאָטענציעלע געלעגנהייט צו מאַכן געלט, מיט וועלכער מען דאַרף עקספּערימענטירן.

שוין עטלעכע יאָר, ווי פֿאַרשיידענע יחידים און גרופּעס אין אַמעריקע שפּילן זיך מיט דער „אידעע" פֿון — אַנטיסעמיטיזם. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אין אַמעריקע ניט געבוירן געוואָרן ערשט נעכטן; אָבער ביז ניט לאַנג צוריק איז ער געווען ניט מער ווי אַ ברייט פֿאַר־שפּרייטער פּריוואַט־סענטימענט, וואָס רעגולירט, אפשר מער ווי אין יעדן אַנדער לאַנד אין דער מערב־וועלט, די פּערזענלעכע באַציונגען צווישן יידן און ניט־יידן. ס'איז באַקאַנט, אַז אין קיין שום מערב־אייראָפּעיש לאַנד זיינען פּערזענלעכע קאָנטאַקטן צווישן יידן און ניט־יידן אַזאַ זעלטנהייט, ווי אין די דעמאָקראַטישע פֿאַראייניקטע שטאַטן. אונטערן איינפֿלוס פֿון היטלערס דערפֿאָלגן האָבן עטלעכע אַמביציעזע אַמעריקאַנער „פּראָמאָוטערס" זיך אַריינגענומען אין קאָפּ דעם רייצנדיקן געדאַנק, אַז ערגעץ ווו — וואָס הייסט ערגעץ ווו? טאַקע אומעטום, איבער דער לענג און ברייט פֿון לאַנד — וואַלגערט זיך אַ טייערע סחורה, ממש אַן אבן שאין לה הופכין. ס'איז פֿאַראַן אַ ברייטער, גרויסער, גרייטער מאַרק — און קיינער זאָרגט זיך ניט וועגן צושטעלן אים דאָס נאָך וואָס ער גאַרט. אַנטיסעמיטיזם דאַרף ניט פֿאַר־בלייבן קיין „פּריוואַט־זאַך", אַ פּריוואַטער, עטוואָס שעמעוודיקער פֿאָראור־טייל. דער גרונט־פּרינציפּ פֿון קאַפּיטאַליסטישן מאַרק איז נאָכצוקומען אַלע מענטשלעכע נויטן און באַדערפֿענישן. אין אַמעריקע וואַקסט די יידן־שנאה, יידן־פֿאַראַכטונג, יידן־קנאה, יידן־מאָרדלוסט. אָבער פֿון די אַלטע צייטן (פֿאַר וועלכע אַזעלכע מאָדערנע, אויפֿגעקלערטע מענטשן ווי קאָלאָנעל פּעטערסאָן האָבן בלויז אַ שמייכל) זיינען פֿאַרבליבן עטלעכע איבערגעלעבטע טאַבוס. אין די מער ערנסטע צייטונגען איז אָנגענומען, אַז אַ שלעכט וואָרט וועגן אַן עטנישער גרופּע, ווער רעדט נאָך אַ רעליגיע, איז אַן עבירה קעגן ספּאָרטסמענישקייט און ריטערלעכקייט. אפֿילו די עלטערע געלע פּרעסע (די הוירסט־צייטונגען) היט זיך פֿון דירעקטע אַטאַקעס אויף מינדערהייטן — דערפֿאַר מסתמא, וואָס די דאָזיקע פּרעסע איז אויסגעוואַקסן אין דער צייט פֿון דער גרויסער אימיגראַציע, בעת די גרויסע שטעט האָבן זיך נאָך ערשט געהאַלטן אין אויספֿורעמען און די פּאָליטישע אינטערעסן, ווען די צײ־טונגען האָבן געדינט, האָבן זיך ניט געקענט דערלויבן צו אַנטאַגאָניזירן גרויסע מאַסן ווילער. אָבער איצט איז די יידן־פֿראַגע אין אַמעריקע ניט מער גרינער, רויער פֿאָראורטייל; ס'איז אַ רייפֿע פּרי, וואָס בעט זיך ממש ביי געניטע הענט: נעמט מיך! און פֿיבערדיקע, גיריקע פֿינגער ציען זיך צו דער דאָזיקער גיפֿטיקער פּרוכט: דער קאַטוילישער גלח, קאָגלין, דער טעכנאָמאַן לינדבערג, דער שונד־מאַגנאַט פּעטערסאָן.

דערווייל שפּילן זיי זיך נאָך מיט דער „אידעע". זיי פּרובירן אויס אירע מעגלעכקייטן. כל זמן מען האָט נאָך ניט געמאַכט קיין גענויערע עקספּע־רימענטן, איז שווער צו ענטפערן אויף די עיקר־פראַגעס: ווי גרויס איז טאַקע די נאָכפראַגע? ווי שטאַרק איז די פּאָטענציעלע „סעילס רעזיזטענס"? וואָס זיינען די אַנדערע מעגלעכע שטערונגען?

אַן אַרטיקל ווי דזשאַן אָ'דאָנעלס איז אַזאַ מין עקספּערימענט. די אַרויסגעבער פון „דעילי ניוס" ווילן וויסן: ווי שטאַרק זיינען די יידן? זיינען זיי בכוח אויפצוהויבן אַ טומל אַרום אַזאַ אָפענעם אַנטיסעמיטישן אַרויסטריט? וועלן יידן אויפהערן לייענען די צייטונג? וועלן יידישע פירמעס (אפשר די מערהייט פון די קליענטן פון „דעילי ניוס") צוריקציען זייערע אַנאָנסן, וואָס ברענגען איר אַריין גרויסע מיליאָנען? האָבן יידן דעם מוט און דעם כוח צו באַשטראָפן זייערע שונאים? און אָט איז דער ענטפער.

ס'איז, מען קען ניט לייקענען, שוין איינמאָל אַן ענטפער. קודם כל: יידישע אחדות — טאַקע אַבסאָלוטע יידישע אחדות. ערשט מיט אַ וואָך צוריק זיינען יידן געגאַנגען צום פּרעזידענט בנוגע ארץ־ישראל — צוויי דעלעגאַציעס זיינען געגאַנגען באַזונדער, איינע פון זיי, ווייזט אויס, מיט דער אויסדריקלעכער כוונה אָפּצושוואַכן און שעדיקן די פאָדערונגען פון דער צווייטער. אָבער דאָסמאָל, בעת עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אַרטיקל פון דעם שונד־ליפעראַנט אָ'דאָנעל, איז די יידישע אייניקייט אויסגעשמידט געוואָרן אין דעם מאַקסימאַלסטן פאַרנעם און אָן די מינ־דעסטע שוועריקייטן. עס האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַלע, אַלע: דער הונדערט און פופציק פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער פּראָסקאַוער, פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע; דער ציוניסט סטיפען ווייז, פון אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס; דער סאָציאַליסט אַדאָלף העלד, פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט; דער קאָמאַנדיר פון די יידישע מלחמה־וועטעראַנען, אַרטשי גרינבערג, פרענק וויל, דער פּרעזידענט פון יידישן וועלפעיר באָארד.

אחדות — צוליב וואָס? די פאָרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרטרעטן צוזאַמען דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער יידנטום, זיינען ניט אַרויס־געקומען מיט קיין דערקלערונג צו יידן וועגן דעם כאַראַקטער פון דער „דעילי ניוס", אַ דערקלערונג וואָס זאָל ניט לאָזן קיין ספק, אַז יעדער יידישער גראָשן, וואָס גייט אַריין אין דער קאַסע פון דער צייטונג העלפט און סטימולירט דעם אויפבוי פון אַ מעכטיקן אַנטיסעמיטישן פאַקטאָר. ניין, זיי האָבן געשיקט אַ בריוול — צו דער „דעילי ניוס". די זעקס פאָרשטייער פון אַמעריקאַנער יידנטום — ראַבינער און ניט־ראַבינער, מיליאָנערן און

סאָציאַליסטן, מיליטערישע קאָמאַנדירן און פּראָפּעסיאָנעלע פילאַנטראָפּן — האָבן אָנגעשטעלט אַ דערשטוינט־באַליידיקטע מינע און, טייטלענדיק מיט מאַראַליזירנדיקע פינגער, געפרעגט דעם קאָלאָנעל פּעטערסאָן: היתכן? ווי קומט עס צו ברידער־אַמעריקאַנער אַזעלכע זאַכן, ווי זאָגן ליגן, ווי פאַר־לוימדן מינאָריטעטן, ווי העצן קעגן פרעמד־געבוירענע?

אַ פריינדלעכער ברוגז צווישן „פעלאָו אַמעריקענס".

צום סוף פון דעם מוסר־בריוול האָבן די יידישע פאָרשטייער געבעטן די רעדאַקציע פון „דעילי ניוס", אַז זי זאָל עס אָפּדרוקן אויף דעם זעלבן פּראָמינענטן פּלאַץ ווי אַ׳דאָנעלס העץ־אַרטיקל. די רעדאַקציע פון „דעילי ניוס" האָט דעם אַרטיקל טאַקע פאַרעפנטלעכט — אָבער ניט אויף דעם געבעטענעם „פּראָמינענטן פּלאַץ", נאָר אין דער בריוו־רובריק, צווישן די „שטימען פון פאָלק" — אין אָט דעם אינטערעסאַנטן ווינקל, אין וועלכן יעדער לייענער פון דער צייטונג קען זיך אָראָפּרעדן פון האַרצן — דאָרטן ווו ער קען פריי און פראַנק חוזק מאַכן פון אַן אַמעריקאַנער פּרעזידענט דערפאַר וואָס ער איז אַ קאַליקע, אויסדריקן זיין ווונטש אַז היטלער זאָל קומען קיין אַמעריקע, אינסינואירן אויף אַ רעגירונגס־באַאַמטן אַז ער איז האָמאָסעקסועל, אויסדריקן דעם פאַרדאַכט, אַז די אָדער יענע אַקטריסע האָט ניט קיין „נאַטירלעכע", נאָר, נעבעך, וואַטענע בריסט. דאָרטן האָט מען אויך אָפּגעדרוקט דעם בריוול פון די פאָרשטייער פון פינף מיליאָן יידן.

די יידישע פאָרשטייער זיינען ניט קיין שלעכטע מענטשן. זיי זיינען רעפּרעזענטאַטיווע יידן — זיי באַזיצן די זעלבע מענטאַליטעט ווי די יידן אויף מיין גאַס, ווי אין אַנדערע יידישע גאַסן. זיי וועלן אויך טאָן אַלץ אין דער וועלט — אויסער איין זאַך: זיי וועלן ניט צוגעבן, אַז אויך דאָ, ווי אומעטום, ווי תמיד אין אונדזער וואָגל־געשיכטע, שטייען זיי פאַר די זעלבע ברירות און נסיונות, ווי זייערע עלטערן און אור־עלטערן.

די יידן אויף מיין גאַס — איך בין צווישן זיי אַרומגעגאַנגען היינטיקן זונטיק און זיך געפילט ווי אַ ווילד־פרעמדער.

איך בין דאָך צווישן זיי אויפגעוואַקסן, צווישן זיי פאַרבראַכט מיין קינדהייט און יוגנט. אָבער אַ מאָל דוכט זיך מיר, אַז קיין זאַך פאַרבינדט מיך ניט מיט זיי. ניט איך, נאָר מיין שאָטן, איז, דוכט זיך, צווישן זיי אַרומגעגאַנגען היינטיקן זונטיק. איך אַליין האָב זיך געטוליעט צו אַ באַרגביינער ערגעץ אין מיידאַנעק, אָשוויענטשים אָדער טרעבלינקאַ.

(„אידישער קעמפער", 12 אָקטאָבער 1946)

# אַמעריקאַנער יידן און דער אויפקום פון מדינת ישראל

ווען אַ ניט־ייד, לאָמיר זאָגן אַ היסטאָריקער, זאָל פּרובירן זיך שאַפן אַ בילד פון יידישן לעבן אויפן גרונט פון די מאַטעריאַלן וואָס פאַרשער באַנוצן געוויינלעך אין זייער אַרבעט — ביכער, צייטונגען, אָפיציעלע דאָקומענטן — איז אַ גרויסער ספק, צי ער וואָלט געקומען צום שלוס, אַז דאָס יאָר וואָס האָט זיך איצט פאַרענדיקט, איז געווען אַן אויסער־געוויינלעך קאַפּיטל אין לעבן פון אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ.

דאָס איז דאָך איינער פון די בולטסטע און אומגליקלעכסטע שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן די יידישע אַמעריקע. עפּנטלעך קומט ביי אונדז צום אויסדרוק בלויז דאָס אָפיציעלע. כדי זיך צו איבערצייגן ווי אומנאַטירלעך „אָפיציאַליזירט" מיר זיינען, איז גענוג צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן אַ בעסערער ענגליש־יידישער וואָכנשריפט און אַן ענלעכער וואָכנשריפט פון אַן אַנדער אַמעריקאַנער מינדערהייט — לאָמיר זאָגן די קאַטוילישע „קאָ־מאָנוויל". די קאַטאָליקן, ווי אַ מינדערהייט אין דער פּראָטעסטאַנטישער אַמעריקע פאַרנעמען זיך אויך מיט „זעלבסטשוץ" — מיט אַפּאָלאָגעטיק פאַר זייער גלויבן, מיט ווידערשטאַנד קעגן אַטאַקעס פון דרויסן, מיט אַרויס־שטעלן זייערע פאַרדינסטן פאַר אַמעריקע און זייער לאָיאַליטעט צו איר. אָבער דאָס איז ניט אַלץ. דער עיקר בלייבט פאַרט דאָס אינערלעכע לעבן — דער קאַטויליציזם „פאַר זיך אַליין", זיינעליידן און פריידן, זיין צופרידנקייט אָדער אומצופרידנקייט מיט זיך אַליין. די אָפיציעלע שטעלונגען פון דער היעראַרכיע פון דער קירך קומט צום אויסדרוק אין אָפיציעלע אַרויס־טרעטונגען — אָבער דאָס לעבן פון דער קאַטוילישער געמיינדע ווערט אויך „אומאָפיציעל" אָפּגעשפּיגלט אין איר ליטעראַטור און פּרעסע און אויף אַנדערע אופנים.

און אַז מען זאָגט קאַטויליציזם, רעדט מען דאָך וועגן דער דאָגמאַ־טישסטער, דער שטייפסטער און דיסציפּלינירטסטער סאָציאַלער גרופּע אין דער מערבדיקער וועלט. דאָס יידישע לעבן האָט דאָך אָבער אַזאַ שפע רעליגיעזע, סאָציאַלע און פּאָליטישע ריכטונגען, אַזעלכע טיפע חילוקי־דעות, אַזאַ ברייטע און בונטע גאַמע סטילן און נוסחאות; וואָלט זיך דאָס

געדאַרפט אָפּשפּיגלען אין אונדזער ליטעראַטור, אין אונדזער פּרעסע, אין אונדזערע אינערלעכע ויכוחים. אָבער מען זעט דערפון כמעט קיין סימן ניט.

מיר ווייסן בלויז וואָס עס האָט באַשלאָסן די אָדער יענע אָרגאַניזאַציע, דער אָדער יענער קאָמיטעט. מיר הערן פון צייט צו צייט אויך וועגן חילוקי־דעות צווישן אָרגאַניזאַציעס און קאָמיטעטן. אָבער וואָס טוט זיך אין דער יידישער נשמה? איז זי רויק אָדער אומרויק? וואַרט זי זיכער און האָפערדיק אויפן מאָרגן — אָדער קוקט זי אויף אים אַרויס מיט שרעק? מאַכט זי אַמאָל אַ חשבון פון אירע פאַרלוסטן און געווינסן אין דעם נייעם לאַנד? האָט זי אין לאַנד וואָס האָט פאַר יידן געעפנט אַזעלכע ברייטע מאַטעריעלע און סאָציאַלע געלעגנהייטן וואָס זיי האָבן אפשר ניט געגאָסן אין זייער גאַנצער געשיכטע — אויך געפונען אינערלעך גליק? פילן זיי זיך דאָ באמת אַזוי ווי אין דער היים אָדער פאַרפאַלגט זיי דאָ אויך דאָס געפיל פון פרעמדקייט? ניט נאָר פרובירן אַמעריקאַנער יידן ניט צו ענט־פערן אויף אַזעלכע פראַגעס, נאָר זיי מיידן אפילו אויס זיי צו באַרירן.

אַוודאי איז עס ניט אמת וועגן אַלע טיילן פון אַמעריקאַנער יידנטום. קודם כל, האָבן מיר נאָך דעם יידיש־ריידנדיקן און יידיש־לייענענדיקן טייל פון אַמעריקאַנער יידנטום. אין דער יידישער פרעסע און ליטעראַטור קומט אַוודאי צום אויסדרוק (סיי אין דער בעלעטריסטיק און סיי אין דער פובליציסטיק) אַ „ניט־אָפיציעלער" קוק אויף די פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן — כאָטש מען דאַרף צוגעבן, אַז דאָס איז מער אַ חשבון־הנפש פון אַ דור, ווי אַ דירעקטער פאַרמעסט מיט די כוחות און פּראָבלעמען פון דעם היינט און דעם מאָרגן. דאָ און דאָרט דערשיינט אַ דערציילונג אָדער אַ ליד, וואָס דערציילט עפּעס וועגן דער אינערלעכער וועלט פון אַ יונגן יידן אין אַמעריקע. אָבער דאָס אַלגעמיינע בילד בלייבט אומפאַרענדערט. דער רוב מנין אַמעריקאַנער יידן לעבט זיך אויס אויף ענגליש — פּריוואַט: זיין יידיש לשון איז אָבער — שטום־לשון.

ווי אַזוי דערקלערט זיך עס? עס איז ניט שווער דערויף צו ענטפערן. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז אין אַמעריקע ווערט מען אַ בירגער דורך אַרויסנעמען די „צווייטע פּאַפּירן". אָבער אונדזערע קינדער, „די נייטיווס", ווייסן שוין וואָס פאַר אַ טעות זייערע נאַיווע עלטערן האָבן געמאַכט. זייער ווייניק צווישן זיי האָבן שוין אַנטדעקט די פּאָזיטיווע ווערטן פון יידנטום, אָבער היינט זיינען שוין צווישן אַמעריקאַנער־דערצויגענע יידן געבליבן בלויז איינציקע, לעצטע מאָהיקאַנער, וועלכע ווייסן ניט, אַז מיט די בירגער־פּאַפּירן און די בירגער־רעכט ענדיקט זיך ניט, נאָר פאַרקערט,

עס הויבט זיך ערשט אָן די יידישע פּראָבלעם אין אַמעריקע. אַרום דעם, אַרום דער עלעמענטאַרער זיכערקייט און אַרום דעם קאַמף מיט דער אומ־זיכערקייט פון דרויסן און אינעווייניק, דרייט זיך דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין אַמעריקע. און אויב אַמעריקאַנער יידן האָבן נאָך ניט אָנגעהויבן אפילו צווישן זיך צו דיסקוטירן זייערע אינערלעכע פּראָבלעמען, איז עס דערפאַר וואָס זיי זיינען נאָך פאַרטאָן אינגאַנצן מיט דער פּראָבלעם פון זייער אייגנטלעכער עקזיסטענץ אין אַמעריקע. אייגנטלעך, זיינען נאָך אַלע יידישע קערפּערשאַפטן און וואָרטזאָגער פאַרנומען הויפּטזעכלעך מיט איין אויפ־גאַבע — מיט איבערצייגן אונדזערע קריסטלעכע שכנים, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו לעבן אין אַמעריקע און מיר זיינען ווערט צו זיין אירע בירגער.

דערפאַר פילט יעדער יידישער וואָרטזאָגער בחוש, אַז אונטער די דאָזיקע אומשטענדן, וואָלט דיסקוטירן יידישע פעלערן, אָדער אפילו אָפּן אויפהויבן ספיקות וועגן דעם אָדער יענעם אַספּעקט פון אַמעריקאַנער גלות — געווען אַן אַקט פון פאַרראַט קעגן די יידיש־אַמעריקאַנער אינ־טערעסן, וואָס דער דרינגענדיקסטער פון זיי איז, פאַרשטייט זיך, דער קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער „רשעות".

די צרה איז נאָר וואָס די דאָזיקע קאָנצענטראַציע אויף זיכערקייט מוז פירן צו אַ מוראדיקער גייסטיקער און מאָראַלישער פאַראַרעמונג פון דעם גרעסטן יידישן קיבוץ אין דער נאָך־היטלער־וועלט. מיר מאַכן זיך ניט קיין חשבון צו וואָס די דאָזיקע זעלבסט־צענזור מוז אונדז פירן. עס איז מיר לעצטנס אויסגעקומען צו שמועסן מיט אַ יידן, וועלכער איז גרייט געווען צו אינוועסטירן אַ באַדייטנדיקע סומע כדי צו איבערזעצן און אַרויסגעבן אויף ענגליש די קלאַסיקער פון דער נייער יידישער און העברעישער ליטעראַטור, מיט וועלכע ער אַליין איז ניט באַקאַנט — ער לייענט ניט קיין יידיש און ניט קיין העברעיש. האָט זיך דער ייד באַקאַנט מיט עטלעכע כאַראַקטעריסטישע מוסטערן פון אַ צאָל העברעישע און יידישע שריפטשטעלער — ביאַליק, בערדיטשעווסקי, מענדעלע, ברענער. ער האָט זיך דערשראָקן! אויב ער זאָל אַזעלכע שריפטן אַרויסגעבן אויף ענגליש, וועט מען אים דאָך באַשולדיקן אין אַנטיסעמיטיזם. און וואָס וועלן טאַקע זאָגן די אַנטיסעמיטן אַליין? זיי וועלן דאָך עס אויסנוצן קעגן אונדז.

איז דערפאַר דאָס עפנטלעכע אַמעריקאַנער יידנטום אַן אָפיציעל יידנטום. אונדזערע פירער האָבן פיל אויפגעטאָן כדי דעם קיבוץ צו באַשיצן קעגן שונאים, כדי צו העלפן יידן אויסער אַמעריקע אין זייער גרויסער

נויט, כדי צו שטאַרקן אונדזערע תביעות בנוגע ארץ ישראל. אָבער דאָס אינערלעכע לעבן פון אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ איז געבליבן פאַרוואָר־לאָזט און אומבאַפרוכפערט. און דער רעזולטאַט? מיר האָבן פאַרלאָרן עטלעכע יידישע דורות — די רינגען צווישן דעם יידיש־וואָרצלדיקן אייראָפּעישן נעכטן און אַ יידישן מאָרגן אויפן אַמעריקאַנער באָדן; מיר האָבן פאַרטאַכלעוועט די גרויסע ירושה וואָס הונדערטער טויזנטער יידן האָבן דאָ מיט זיך מיטגעבראַכט, די ירושה פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום; אונדזער פירערשאַפט, פון אַלע לאַגערן, רעדט אַ שפּראַך וואָס דער ייִנגערער דור פאַרשטייט ניט.

אויף אונדזער קיבוץ זיינען ממש אָנגעמאָסטן די ווערטער פון אַ פיינעם יידישן דיכטער פון אַן אַנדער אַסימילירטן קיבוץ (פאַר דער קאַטאַסטראָפע), די ווערטער פון מאַקס בראָד, אַמאָל פון דער דייטש־טשעכישער פּראַג און היינט פון תל־אָביב (פון זיין „עלעגיע אויף די אָפּגעפאַלענע יידן"):

לעבעדיקער בית־עולם פון מיין פאָלק! איך וואַנדער שטיל
דורך דיין בין־השמשותדיקן שטח, וואָס וויל גאָר ניט אויסער רו,
וואָס וויל בלויז צעברעקלט ווערן, בלויז אונטערגיין...
ברידער און שוועסטער, אומגעציילטע און אומבאַקאַנטע,
זיצן אויף זייערע קברים, קוקן מיך אָן, שטאַר איז זייער בליק,
אָפּשטופנדיק די האַנט,
ברידער און שוועסטער, ווײ, וואָס האָב איך אייך געטאָן?
אָ, פראַגע ווייכע, וואָס די תשובה אויף איר מוז זיין האַרט:
דו האָסט אונדז ניט גענוג געליבט!
און אַט דערקען איך פיל, וואָס זיינען מיר טייער.
אָ, יינגל דאָרט, אויסגעצערט פון בלייכע רעטעניש,
דו ביסט געערכט — מען האָט דיך גאָרניט געלערנט.
אָ, ווו זיינען דיינע לערער, ישראל?
עס שלומערט טאָקע און עס שלאָפט ניט דער שומר ישראל,
אָבער זיינע לערער דרימלען, ווי גראָבע מומיעס.
דאָס גרויסע מויל פון דער טוגנט איז פאַרשטומט.
איר, וואָס האָט דעם יוגנט־כח פון אונדזערע קנאָכן פאַרטריבן,
שענדלעכע זקנים, איר האָט ניט גענוג געליבט.



אין יאָר תש״ח איז געשען דער ווונדער — די עטאַבלירונג פון מדינת ישראל. אַ ווונדער איז געשען ניט נאָר דאָרטן, אויף די ברעגעס פון מיטל־לענדישן ים, נאָר אויך דאָ, אין דער יידישער אַמעריקע.

דער ווונדער איז ניט געקומען דעם לעצטן יאָר. ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט דריי יאָר צוריק, בעת דער יידישער ישוב האָט פּראָקלאַמירט דעם ווידערשטאַנד קעגן בעווינס פּאַרטיליקונג־פּראָגראַם. דעמאָלט, בעת אַ יידיש דאָרף האָט זיך צום ערשטן מאָל געשטעלט קעגן בריטישן מיליטער וואָס איז געקומען פאַנגען יידישע „אומלעגאַלע״ פּליטים, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּסיכאָלאָגישע רעוואָלוציע וואָס האָט אין משך פון דריי יאָר איבערגעפורעמט די נשמה פון אַמעריקאַנער יידנטום.

ווען דאָס אַמעריקאַנער יידנטום וואָלט געהאַט קינסטלער און דיכטער און ניט נאָר „קאַזיאָנע״ אָראַטאָרן און געדונגענע פּובליסיטי־מענטשן, וואָלטן ערגעצווו פאַרצייכנט געוואָרן די פּסיכישע ווונדער וואָס עס זיינען געשען אין די דאָזיקע יאָרן, די יאָרן פון דער „אומלעגאַלער״ עליה, פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, די יאָרן אין וועלכע דער גאַנצער ישוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרמיי וואָס איז גרייט געווען אַלץ מקריב צו זיין פאַר דעם כבוד און דער צוקונפט פון פאָלק.

אָט דער דאָזיקער ביישפּיל, דאָס דאָזיקע לעבעדיקע קאַפּיטל יידישע געשיכטע, האָט פיל, פיל מער יידן אין אַמעריקע צוריקגעבראַכט צו זייער פאָלק ווי די גאַנצע יידישע דערציונג מכל המינים, ווי אַלע מוסר־דרשות פון רבנים און ראַבאַיס, ווי אַלע רופן וועגן „אָפּגעבן כבוד דער יידישער פאַרגאַנגענהייט״ און „שטאָלץ זיין מיט אונדזער קולטור־ירושה״.

מיט וואָס פאַר אַ כח האָט דער יידישער ווידערשטאַנד געבראַכט די דאָזיקע גרויסע טראַנספאָרמאַציע אין אַמעריקאַנער יידנטום? מען קען, פאַרשטייט זיך, מאַכן אַ פרומע מינע, געבן אַ טיפן קרעכץ, און זאָגן, ווי עס טוען עס געוויסע יידישע שרייבער: מיר לעבן אין אַ זינדיקן דור: מלחמה אַפּעלירט; וואָפן־גבורה האָט פאַרכאַפּט די יידישע פאַנטאַזיע; אַ גרויסע ירידה, בעוונותינו הרבים.

דאָס איז אַ ביליקע קאַריקאַטור פון אמת. דער אמת איז אַז אַלע אונדזערע „אַפּילס״ פאַר יידישקייט האָבן ניט געקענט האָבן קיין אַנדער פּעולה ווי די וואָס זיי האָבן געהאַט. בלויז צוליב מינים יידישקייט האָבן פון אַמעריקאַנער יידן געפאָדערט ניט סתם „דרך ארץ״ פאַר עפּעס, מיט וואָס זיי אַליין האָבן קיין שייכות ניט און איז זיי צו קיין זאַך ניט מחייב,

נאָר אַז זיי זאָלן אַליין פֿאַרווירקלעכן אַ באַשטימטע פֿאָרם פֿון „יידישקייט" — דאָס איז די אָרטאָדאָקסישע יידישקייט און דער חלוצישער ציוניזם. אָבער די ראַדיקאַלע אויסגעהאַלטנקייט אָן וועלכער די דאָזיקע שטרעמונגען אין יידישן לעבן פֿאַרלירן יעדן זין, האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקענט אַפּעלירן צו גרויסע מאַסן. די אַנדערע ריכטונגען, פֿון דער רעפֿאָרם־יידישקייט ביז דעם יידישיזם, האָבן פֿון אַמעריקאַנער יידן געפֿאָדערט בלויז „דרך ארץ" און „שטאָלץ" — וואָס איז צו גאָר ניט מחייב: שטאָלץ זיין מיט רעליגיעזע געבאָטן וואָס מען וואַרפֿט אָפּ — אָדער ליב האָבן אַ שפּראַך, וועלכע מען נוצט ניט. מיט אַזאַ „שטאָלץ" און „דרך־ארץ" קען מען אפשר גרינדן אַ „פֿאַמיליע־פֿאַראיין", אָבער ניט אויפֿלעבן אַן אָפּטריניקע, פֿאַרשמאַכטע יידישע נשמה.

מען האָט אַמעריקאַנער יידן דערציילט, אַז אַמאָל איז געווען אַ יידיש פֿאָלק, מיט אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער, מיט פֿעסטע געבאָטן, מיט קידוש־השם. אָבער אַרום זיך האָט דער ייד וואָס איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַמעריקע (אפילו אין אַ ישיבה) דערפֿון כמעט ניט געזען קיין סימן. ער האָט געהערט וועגן דעם גרויסן אומגליק וואָס איז געקומען אויף זיינע אומבאַקאַנטע קרובים אין אייראָפּע — און אַוודאי האָט ער עס באַדויערט; אַוודאי האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט בייגע־שטייערט צו די „רעליף"־פֿאָנדן. אָבער די היינטיקע עקזיסטענץ פֿון אַ יידיש פֿאָלק איז פֿאַר אים געוואָרן אַ ממשות בלויז דעמאָלט ווען דער יידישער ישוב האָט פּראָקלאַמירט זיין געזעץ, דאָס געזעץ פֿון יידישער ברידערלעכקייט און יידישער ווידעראויפֿריכטונג, קעגן דעם פּאַרטיליקונג־געזעץ פֿון דעם בריטישן „ווייס־בוך" און דער גלייכגילטיקייט פֿון דער וועלט.

דעמאָלט האָבן הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער יידן אין זיך פּלוצעם אַנטדעקט דאָס געפֿיל פֿון פֿאָלק־שייכות, וואָס איז זיי ביז דעמאָלט געווען אינגאַנצן פֿרעמד אָדער האָט אין זיי מטושטשדיק געצאַנקט. דעמאָלט האָבן אָפּגעפֿרעמדטע יידן אין זייער מאָרגן־צייטונג קודם־כל אָנגעהויבן לייענען די יידישע נייעס. דעמאָלט האָבן אויף אומזיכערע יידישע צינגער אָנגעהויבן הימיש קלינגען די ווערטער „הגנה" און „חלוץ" און „אירגון". אין די יאָרן וואָס אין ארץ ישראל איז אויסגעשמידט געוואָרן די יידישע מדינה, זיינען מיר אין אַמעריקע געוואָרן אַ יידיש פֿאָלק.



עס איז בלויז דער אָנהויב, אָבער אַן אָנהויב וואָס טראָגט אין זיך גרויסע מעגלעכקייטן.

געבענטשט זאָלן זיין די יידישע מדינה, אירע בויער און פּאַרטיי־דיקער, פאַר דעם גרויסן ביישפּיל וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן. אָבער דאָס דאַרף פאַר זיי אויך זיין בלויז אַן אָנהויב.

די יידישע מדינה האָט אונדז געגעבן אַ מוסטער פון יידישער ווערדע, פון יידישער קאַמפּס־גרייטקייט און פון יידישער גבורה. דער קאַמף איז נאָך ניט געענדיקט. די ידיעות פון פּאַריז און פון ירושלים רופן ניט אַרויס קיין זייער דערמוטיקנדיקע האָפענונגען אויף אַ נאָנטן שלום. אָבער סוף־סוף וועט דאָך דער שלום קומען. דעמאָלט וועט קומען די צייט פאַר דער אמתער שליחות פון ישראל אין יידישן לעבן.

אַמאָל איז אין ציוניזם געגאַנגען אַ ויכוח צווישן דער אויפפאַסונג פון יידנשטאַט און דער אויפפאַסונג פון דעם „גייסטיקן צענטער". דער ויכוח האָט זיך אין דער ווירקלעכקייט געשלאָסן מיטן נצחון פון יידנשטאַט. אָבער גראָד היינט נויטיקט זיך דער גלות אין אַ „גייסטיקן צענטער", מער ווי אין יעדער אַנדער תקופה אין אונדזער געשיכטע. עס איז געפאַלן פּוילן, דער לעצטער גרויסער און שעפערישער צענטער פון וועלט־יידנטום. ישראל מוז איצט היסטאָריש אומפאַרמיידלעך ווערן דער דאָזיקער צענטער.

קיינער קען, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן קיין נביאות וועגן דעם גורל פון יידן און יידישקייט אין אַמעריקע. די ראָלע וואָס ארץ ישראל האָט געשפּילט אין אויפוועקן דעם יידישן באַוווסטזיין אין די לעצטע עטלעכע יאָר איז אַ רמז אויף דער צוקונפט. פון אינווייניק אַליין, פון די אייגענע כוחות וועט עס ניט קומען. מיר זיינען צופיל קאָנצענטרירט אויף עלעמענ־טאַרע באַדערפענישן — אויף מאַטעריעלער און סאָציאַלער זיכערקייט. די מערסטע אני־מאמינס און אידעאָלאָגיעס וואָס יידן האָבן אַהער געבראַכט פון יענער זייט ים זיינען אַן ענין פאַר קליינע קרייזן, ראָמאַנטישע באַוווּנ־דערער — זיי וועלן אפשר פאַרשווינדן צוזאַמען מיט דעם דור, וואָס איז געוווען זייער טרעגער. די אינספּיראַציע און דער מוסטער פון אַ באַנייטער גייסטיקער וויטאַליטעט קענען קומען בלויז פון דאָרטן — פון ישראל. אין קיין שום אַנדער יידישן ישוב זעט מען אפילו ניט קיין סימן דערפון.

זאָל דאָס קומענדיקע יאָר דערנענטערן די צייט ווען מדינת ישראל וועט אָנהויבן שפּילן איר גייסטיק־קולטורעלע שליחות אין יידישן לעבן.

(„מאָרגען־זשורנאַל", ערב ראש השנה תש"ט)

# יידן און ציוניסטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן

ברוך צוקערמאַן צו זיינע זיבעציק יאָר

אין אַ מסיבה, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט מענטשן פון די צוויי עליות פון צווישןביידע וועלט־מלחמות, חניכים פון די חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען אין חוץ לארץ און אַקטיוויסטן פון דער באַוועגונג אין לאַנד, איז אויך אַנוועזנד געווען אַ נייער עולה פון די פּאַראייניקטע שטאַטן. די אַנוועזנדיקע האָבן אים באַוואָרפן מיט פראַגעס וועגן די יידן און זייער לעבן אינעם לאַנד פון וועלכן ער איז געקומען. דער עיקר האָט זיך גע־האַנדלט וועגן דעם פּראָבלעם פון עליה פון די פּאַראייניקטע שטאַטן. זעט אויס אַז די תשובות האָבן ניט באַפרידיקט די וואָס האָבן די פראַגעס געשטעלט און צום סוף האָט איינער פון די אַנוועזנדיקע אַ וואָרף געטאָן אַ לעצטע פראַגע אין אַ ביסל אַ פּראָוואָקאַטאָרישן טאָן ווי ער וואָלט דעם געפרעגטן געוואָלט כאַפּןביים עיקר פון וועלכן ער וויל זיך אַרויסדרייען: „כ׳וואָלט וועלן וויסן צי טוט זיך ניט אָפּ אין די נעכט דער שלאָף פון די אַמעריקאַנער יידן צוליב דער דאגה פאַר זייער עקאָנאָמישער צוקונפט?" אין יענעם מאָמענט האָט זיכער דער וואָס איז אַרויס מיט דער פראַגע געזען אין זיין געדעכעניש איינגעקריצט דאָס בילד פון זיין טאַטן, דעם סוחר, וואָס זיין שלאָף טוט זיך פון אים אָפּ אין די נעכט צוליב די גזירות פון דער מאַכט וואָס וויל אונטערגראָבן דעם יידישן האַנדל, די באָיקאָטן פון די אַנטיסעמיטישע פאַרבאַנדן, פון די קאָאָפּעראַטיוון וואָס שטויסן אַרויס די יידן. דאָס האָט בשעתו געבראַכט דערצו, אַז דער זון זאָל זיך אָנשליסן אין „החלוץ", ער זאָל אַרויסגיין אויף הכשרה און זאָל עולה זיין. אָבער דער נייער עולה פון די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט אויף דער געשטעלטער פראַגע ניט געקענט ענטפערן מיט אַ יאָ. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַן אַמעריקאַנער ייד זאָל ניט קענען שלאָפן אין די נעכט צוליב דאגות פאַר זיין עקאָנאָמישער צוקונפט — ווייל ער איז אַ ייד. (ס׳זיינען אָן ספק אויך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן יידן וואָס דאגות־פּרנסה רויבן ביי זיי אַוועק דעם שלאָף, אָבער די דאָזיקע דאגות האָבן קיין שום שייכות ניט מיטן פאַקט וואָס זיי זיינען יידן). „אָקעגן זיינען פאַראַן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן יידן, כאָטש זייער צאָל

איז ניט קיין איבעריק גרויסע, וואָס שלאָפן ניט קיין נעכט, ווייל זיי קלערן נאָך וועגן דער יידישקייט פון זייערע קינדער, וועגן זייער יידישער דערציונג, וועגן דער סכנה זיי זאָלן זיך אָפּפרעמדן פון פאָלק ניט גע־קוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען וואָס ווערן געמאַכט כדי זיי איבערצוגעבן זיין גייסטיקע ירושה, וועגן געמישטע חתונות א.א.וו. איך האָף, אַז דערין וועט איר געפינען אַ טראָפּן נחמה" — אַזוי האָט דער נייער עולה פון אַמעריקע פאַרענדיקט זיין תשובה. און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט אויף די פּנימער פון זיינע צוהערערס סימנים פון אַנטוישונג און אפשר אויך אַן אומגלויבן. איך האָב אָבער מורא, אַז די שלאָפלאָזע נעכט וואָס דער עולה פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט צוגעגעבן אַז זיי זענען יאָ פאַראַן, האָבן ניש פאַרגיטיקט די צוהערערס פאַרן פעלן פון די נעכט אָן שלאָף וועגן וועלכע ער איז געפרעגט געוואָרן. די צוהערערס האָבן פאַרשטייט זיך געוווּסט, אַז די ממשותדיקע וואָג פון אַן „עקאָנאָמישער" שלאָפלאָזיקייט איז אָן אַ ערך אַ שווערערע ווי די פון אַ „גייסטיקער" שלאָפלאָזיקייט.

מיר האָבן אַ נייגונג צו פאַרגעסן, אַז די ציוניסטישע אידעאָלאָגיעס זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין סוף פון ניינצנטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, דאָס הייסט איידער ס'האָט זיך נאָך אויסגעפורעמט דער יידישער קיבוץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אויך הערצל און אויך באָראָכאָוו האָבן דעם דאָזיקן קיבוץ געזען בלויז אין די ערשטע עטאַפּן פון זיין אַנטוויקלונג. נאָך אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן האָט דאָס אַמעריקאַנער יידנטום פאַרמאָגט די דאָזיקע דריי קענצייכנס: אימיגראַנטן, אַרבעטער, יידיש־רעדער. דעריבער אויך האָט מען עס געקענט באַטראַכטן ווי אַ צווייג אויף יענער זייט ים פון דעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. צוליב דעם אויך האָט מען געקענט רעדן וועגן אים אין טערמינען פון די געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס וואָס זיינען פאָרמולירט געוואָרן סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט אין מזרח־אייראָפּע. די יידישע יוגנט אין דער צאַרישער אימפּעריע און אין דער האַבסבורגער אימפּעריע האָט אָנגענומען די דאָזיקע אידעאָלאָגיעס, זייענדיק זיכער אַז אירע שטרעבונגען און מעשים ווערן געטראָגן מיטן „שטראָם פון דער געשיכטע" — דער אַלץ שטאַרקער ווערנדיקער אַנטיסעמיטיזם פון די הערשנדיקע קלאַסן פאַר זייער אומ־פאַרמיידלעכן אונטערגיין; די פּראָלעטאַריזאַציע פון די יידישע מאַסן; דאָס עמיגראַציע־באַדערפעניש; דער אויפבלי פון אַ וועלטלעכער קולטור אינעם מאַמע־לשון פון מיליאָנען, דעם גרעסטן טייל פון פאָלק. אַרויסגייענדיק

פון די דאָזיקע הנחות האָבן די אַנטי־ציוניסטישע סאָציאַליסטן און די ציוניסטן־סאָציאַליסטן אַרויסגעצויגן פאַרשידענע און קעגנזעצלעכע מסקנות: די ערשטע האָבן זיך פאַרלאָזט אויף דער רעוואָלוציע, וואָס וועט אָפּשאַפן אַלע ווילקירלעכע שטערונגען צו דער פּראָלעטאַריזאַציע, צו דער פולער שותפות פון די יידישע מאַסן אינעם קלאַסנקאַמף, פאַר אַ נאַציאָנאַל־קול־טורעלער אויטאָנאָמיע. זייערע ציוניסטישע קעגנערס האָבן אָנגעוויזן אויף די שוועריקייטן אין וועלכע עס שטויסט זיך אָן דער פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעס אויך מצד דעם ניט־יידישן פּראָלעטאַריאַט, אויף דער אָביעקטיווער נויטווענדיקייט פון דער עמיגראַציע, אויף דער באַדערפעניש פון אַ טערי־טאָריאַלער קאָנצענטראַציע, אויף דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָבער אויב זייערע מסקנות זיינען געווען קעגנזעצלעכע, זיינען זייערע הנחות געווען ענלעכע. אָט די דאָזיקע הנחות, די דאָזיקע דיסקוסיעס האָבן צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידן איבערגעוואַנ־דערט פון מזרח־אייראָפּע אויף יענער זייט ים. אויך דאָרט האָט מען זיך באַמיט זיך צו באַנוצן מיט די דאָזיקע אויספּאַסונגען לגבי דעם יידישן קיבוץ וואָס האָט זיך כסדר געהאַלטן אין פאַרגרעסערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער דאָזיקער אימיגראַנטן־קיבוץ האָט זיך שוין געהאַט איינגעוואָרצלט אין לאַנד און זיין סאָציאַלע און קולטורעלע געשטאַלט האָט זיך שוין געהאַט אויסקריסטאַליזירט, איז גע־קומען די ווירקלעכקייט און האָט אָפּגעלייקנט די דאָזיקע הנחות, וואָס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן אַהער פון יענער זייט ים. דאָס האָט באַ־שטימט דעם פּרצוף־פּנים פונעם ציוניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די אייגנאַרטיקייט פונעם ציוניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס עס פעלן אים עטלעכע „אויסהעלף־פאַקטאָרן" וואָס האָבן אויסגעפורעמט די ציוניסטישע באַוועגונג אין אייראָפּע און געמאַכט פון איר אַ מאַסן־באַוועגונג. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ניטאָ קיין אָרגאַניזירטער אַנטיסעמיטיזם מיט אַ פּאָליטישער וואָג; ס'זיינען ניטאָ קיין באַוועגונגען וואָס זייער ציל איז צו קאָנקורירן מיט די יידן אויפן עקאָנאָמישן געביט; ס'איז כמעט ניטאָ קיין נומערוס קלאַוזוס אין די אוניווערסיטעטן (אין די לעצטע יאָרן האָבן אין אַ גרויסער מאָס אויפ־געהערט די באַגרענעצונגען אויך אין דער מעדיצין ווו דער נומערוס קלאַוזוס קעגן די יידן איז געווען צום מערסטן פאַרשפּרייט). צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן דאָס פעלן פון נאָך איין פאַקטאָר, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע כאָטש נישט קיין בולטע ראָלע אין דער ציוניסטי־

שער באַוועגונג, און דער עיקר אין דער חלוצישער עליה. אַלע מאָדערנע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס אין מזרח־אייראָפּע זיינען געשפּייזט געוואָרן פון דער שפּאַנונג צווישן עלטערן און קינדער, פון דער צעטרייס־לונג פון דער יידישער משפחה ווי אַ פּאַראייניקנדיקע און קולטור־איבער־ליפערנדיקע סאָציאַלע אינסטיטוציע. די צוזאַמענשטויס־ליניע צווישן די דורות האָט איבערגעשניטן פאַרשיידענע תחומים פונעם לעבן פון יחיד: שפּראַך, רעליגיע, פּראָפעסיע, די עראָטישע ספערע. אויך דער חלוצישער ציוניזם האָט אין אַ גרויסער מאָס גענאָסן פון די גאַנץ באַזונדערע ווייען פון רייף־ווערן פון איינעם אָדער צוויי דורות, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן אין תחום פון אַ משפּחה וואָס מאַכט דורך אַ לענגערן קולטור־קריזיס. די ווידערשפּעניקע גייסטיקע ענערגיע פון דעם דור, וואָס אין זיינע אויגן האָבן די ווערטן פון זיינע עלטערן פאַרלוירן זייער פאַרפליכטנדיקע קראַפט, האָט געשפּייזט די רעוואָלוציאָנערע גלויבנס־קראַפט פון די פּראָגרעסיוו־באַוועגונגען: דעם סאָציאַליזם, דעם קאָמוניזם און דעם חלוצישן ציוניזם. דעריבער זיינען די דאָזיקע באַוועגונגען געווען אין אַזאַ גרויסער מאָס יוגנט־באַוועגונגען און דעריבער אויך איז אַזוי שטאַרק געווען די צוציאונגס־קראַפט פון די משפחה־סוראָגאַטן וואָס די דאָזיקע יוגנט האָט געפונען אין ציוניזם — די „הכשרה", דער קיבוץ. ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן די ציוניסטישע באַוועגונג, בעיקר אין דער גורלדיקער תקופה פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אָן דעם דאָזיקן „בונט פון די יוגנטלעכע".

אָבער מיטן אויסקריסטאַליזירן זיך פונעם אַמעריקאַנער יידנטום ווי אַ קיבוץ פון אָרטיקע געבוירענע, פון אָנגעהעריקע צום מיטלשטאַנד און פון ענגליש רעדנדיקע, ווערן אַלץ מער דאָמינירנדיק אין זיין געשטאַלט קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן און איינער פון די מעדיומס פון אָט דעם וואַקסנדיקן קאָנסערוואַטיזם איז די קולטורעל מאָנאָליטישע משפחה. דער דור פון אימיגראַנטן פאַרשווינדט ביסלעכוויין און די יידישע משפחה הויבט אָן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ האָמאָגענישער אינסטיטוציע. טאַטעס און זין זיינען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זכרונות פון די פאַרשיידענע אָפּשטאַם־לענדער שאַפן מער ניט צווישן זיי קיין מחיצה. זיי רעדן איין שפראַך, זיינען דערצויגן געוואָרן אין איין שולע, סיי ווען זיי זיינען געשעפטסלייט, סיי ווען זיי האָבן פרייע פּראָ־פעסיעס, געהערן זיי דאָך צום זעלבן קלאַס — צום מיטלקלאַס. אַן אייראָ־פּעישער אָדער ארץ ישראלדיקער ייד, ווען ער פאַלט אַריין אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, קען ניט ניט דערשטוינט ווערן פון דעם קאָנסאָלידירנ־

דיקן סאָציאַלן און עמאָציאָנעלן כח פון דער יידישער משפחה. ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ חלוצישע באַוועגונג וואָס זאָל זינגען אַזוי ווי ס'האָבן געזונגען די חלוצים אין אייראָפּע: „אל תשמע, בן, למוסר אב ולדברי אם אל אוזן תט, כי תורת אב היא קו־לקו ודרכי אם לאט־לאט..." (הער זיך ניט צו, דו זון, צום טאַטנס מוסר זאָגן / פאַר־מאַך דאָס אויער פאַר דיין מאַמעס רייד / דעם טאַטנס תורה איז: פאַמעלעך, זיך ניט יאָגן / און מאַמע הייסט: פּאַוואָליע גיין און שטילערהייט). — (אגב איז דער מחבר פון דעם דאָזיקן הימן, דער דיכטער דוד שמעוני ז"ל, געווען אַ טראַדיציאָנעלער ייד. אויך דאָס איז פאַרשטענדלעך בלויז אויפן פאָן פון מזרח־אייראָפּע). זיכער קומען אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאָר קאָנפליקטן צווישן די דורות, זיי טראָגן אָבער ניט קיין כאַראַקטער, וואָס זאָל שפּייזן אַ ציוניסטיש־חלוצישע באַוועגונג.

און דאָך איז דער לעבנס־ווילן פון דעם יידישן קיבוץ אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן אַזוי שטאַרק! די אַסימילאַציע־פּראָצעסן וואָס ווירקן אינעם אַמעריקאַנער יידנטום וואַרפן זיך אין די אויגן — אַן אַסימילאַציע אין לעבנס־שטייגער, אין דער שפּראַך, אין דער מענטאַליטעט. ס'איז אָבער כמעט ניטאָ קיין ווילן אָפּגעווישט צו ווערן. דער דורכשניטלעכער ייד אין די פאַראייניקטע שטאַטן וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גרעסטן חלק פון דעם יידישן באַגאַזש, וועלכן ער און זיינע פאָטערס האָבן אַהער־געבראַכט מיט זיך פון יענער זייט ים, וויל אויפהאַלטן זיין יידישע אייגנ־אַרטיקייט. אָבער דער אַמעריקאַנער ייד פילט ניט זיין אייגנאַרטיקייט ווי אַ פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע. קיינעם וועט ניט איינפאַלן צו שטעלן אין ספק זיין לעגיטימע צוגעבונדנקייט צו דער „אַמעריקאַנער נאַציע" — זיינען דאָך „נאַציע" און „מדינה" אידענטישע באַגריפן אינעם אַמעריקאַנער פּאָ־ליטישן ווערטערבוך. ס'איז אָבער פאַראַן אַן אונטערשייד וואָס טיילט אָפּ דעם אַמעריקאַנער יידן פון דעם ניט־יידן, אַן אונטערשייד וועלכער איז אַ זייער ממשותדיקער און וואָס ער איז עס דער וואָס באַשטימט דעם יידישן באַוווסטזיין פון אַנדערשקייט לגבי דער ניט־יידישער וועלט. דעם דאָזיקן אונטערשייד קען מען פאָרמולירן אָט אַזוי: אין די פאַראייניקטע שטאַטן שטייט ניט אַ ייד קעגן אַן אַמעריקאַנער, נייערט אַן אַמעריקאַנער ייד קעגן אַן אַמעריקאַנער קריסט. דער דאָזיקער אונטערשייד איז ניט נאָר אַ טעאָלאָגישער. די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט איז אַ קריסטלעכע, כאָטש די מדינה איז אַ וועלטלעכע. (אַן אַנגליקאַנער טעאָלאָג, דזשיימס מ אַ ר ק ס, האָט איינמאָל באַמערקט, אַז דעם תמציתדיקן וועזן פון אַ

רעליגיעזן גלויבן קען מען דערקענען אין לעצטן טראָפּן זיינעם, אין די אַנגעהעריקע פון אַ משפחה נאָך דעם ווי זי האָט אין משך פון דריי דורות איבערגעריסן אירע פעדעם מיט דער קירכע). דער צובונד צו דער מדינה איז בלויז איינער פון דעם מענטשנס צובונדן. זיין צובונד צו דער געזעלשאַפט איז אַ טיפערער און מער קאָמפּליצירטער. די געזעלשאַפט איז ניט דער תחום פון די רעכט און די פליכטן, נאָר דער גייסטיקער קלימאַט אין וועלכן דער מענטש אָטעמט אָדער ווערט דערשטיקט. דאָס אָרט פונעם יידן אין דער געזעלשאַפט — דאָס איז דאָס יידישע פּראָבלעם אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס דאָזיקע פּראָבלעם מאַטערט אַלע יידן אין אַמעריקע. די גרעסטע מערהייט געפינט פאַר אים לייכט לייזונגען וואָס באַפרידיקן. אויך אַזעלכע לייזונגען דאַרף מען ניט אונטערשאַצן. פאַר איינעם וואָס קוקט פון דרויסן איז שווער צו פאַרשטיין דער פאַקט וואָס די שול פאַרנעמט אינעם לעבן פון דער יידישער געמיינדע אין אַמעריקע אַ צענטראַל אָרט. די מערהייט פון די אַמעריקאַנער יידן וואָס, ווען מ׳וועט זיי פרעגן צי זיי האַלטן זיך פאַר רעליגיעזע יידן, וועלן ענטפערן אַז יאָ, זיינען אין דער אמתן מקיים בלויז געציילטע מצוות מעשיות, אויב זיי זיינען בכלל מקיים אַזעלכע. דער יראת שמים זעט זיך נישט אָן אויף זייער פּנים, אין זייער הלבשה און אין זייערע התנהגותן. און אויב אַזוי, וואָסער שייכות האָבן זיי צום דת און צום בית כנסת? צי איז עס ניט קיין „צביעות״? מאָדנע איז טאַקע דער דאָזיקער יידישער דת — דער דת פון דעם קאָנסערוואַטיוון בית כנסת — צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און דער רעפאָרם — וואָס האַלט אין ווערן דער אויסגעשפּראָכענער רעליגיעזער נוסח פונעם אַמעריקאַנער יידנטום, אין וועלכן פּראָטעסטאַנטיש־ליבעראַלע איינפלוסן זעען זיך ניט ווייניקער אָן ווי די השפּעה פון שולחן־ערוך. ס׳איז קלאָר אַז די דאָזיקע סינטעטישע שאַפונג איז אַ צו שוואַכע זי זאָל קענען אויסהאַלטן אַ שווערן אידעישן עקזאַמען. זי עקזיסטירט אָבער מיטן כח פון אַ גרויסער גייסטיקער וויטאַ־ליטעט, וואָס ווערט באַוועגט דורכן טיפן יידישן זכרון און מעכטיקן לעבנס־ווילן פון אַ פינף מיליאָניקן קיבוץ.

אויך דער אַמעריקאַנער ציוניזם איז טעטיק אין דעם דאָזיקן גייסטיקן קלימאַט, וואָס זיינע בולטע סימנים זיינען די איבערגעגעבנקייט, די זאָרג וואָס איז אין האַרצן און דער געדאַנק וואָס האָט אַ נטיה צו פּשרות און צום אַרויסדרייען זיך. מ׳דאַרף זיך דערויף ניט וווּנדערן. ביז צום חורבן איז ־אַר פאַרווירקלעכנדיקער ציוניזם געווען אַן עניז פאַר ווינציקע אויך אין

איירָאָפּע. דער שטויס צו אַ מאַסן־עליה איז אומעטום געקומען פון רדיפות, פון פּאָגראָמען, פון עקאָנאָמישע אַרויסשטויסונגען. ס׳איז זיך ניט צו וווּנדערן אויף די מיליאָנען און די הונדערטער טויזנטער וואָס זיינען ניט עולה געווען פון דער רויִקער און רייכער אַמעריקע. אָבער פאַרוואָס זיינען נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה ניט געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן קיין טויזנטער ? צי שוין־זשע איז אין אַמעריקע ניט פאַראַן אפילו קיין הייפל געוואָגטע אַזוי ווי עס איז געווען אין מזרח־איירָאָפּע אין די יאָרן פון דער צווייטער עליה און אפילו אין דייטשלאַנד אין דער ווייִמאַר־תקופה ?

ס׳איז קיין ספק ניט אַז אַזאַ הייפל געוואָגטע איז פּאָטענציעל יאָ פאַראַן. אין דער זעלבער צייט וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט זיך אויסקריסטאַליזירט, רייך געוואָרן און אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך אַ געפיל פון זאָרגלאָזיקייט, זיינען אין אים אויך אויפגעקומען גייסטיקע כוחות. בלויז מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן יידן כמעט ווי ניט געווען פאַרטרעטן אין דער וויסנשאַפט (ספּעציעל אין די גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן), אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט. איצט איז כמעט ניטאָ קיין געביט פון גייסטיקער באַשעפטיקונג, וווּ יידן זאָלן ניט זיין פאַרטרעטן אין דיספּראָפּאָרציאָנעלע מאָסן. די באַטייליקונג פון יידן אין די נאַטור־וויסנשאַפטן און אין דער טעכנאָלאָגיע איז גוט באַקאַנט. אָבער אויך אין די גאָר אינטימע ספערעס פון דער גייסטיקער שאַפונג איז אין די לעצטע צוויי יאָרצענדליק פאָר־געקומען אַ רעוואָלוציע וואָס שייך דער באַטייליקונג פון די יידן. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור געקענט אפשר קוים אָנציילן אַ האַלבן טוץ יידן. און אויך זיי זיינען געשטאַנען אויף דער גרענעץ צווישן ליטעראַטור און קיטש. איצט ווען מ׳עפנט אויף אַן ערנסטע צייטשריפט, ווערט מען דערשטוינט צו זען, אַז אָפטמאָל זיינען דאָרט דער גרעסטער טייל פון די באַטייליקטע — יידן. אין די געזעל־שאַפטלעכע וויסנשאַפטן, און דאָס הייסט אין דער פּרינציפּיעלער קריטיק פון דער געזעלשאַפט, ווערט זייער חלק וואָס אַמאָל אַ גרעסערער. דאָ רעדט זיך נישט נאָר וועגן מיטגלידער פון פרייע פּראָפעסיעס, נייערט אין אַ סאָציאָלער שיכט וועלכע נתן ראָטענשטרייך האָט ריכטיק באַצייכנט ווי אַזאַ וואָס באַשטייט פון מענטשן „וואָס זייער אָרט און זייער טעטיקייט אין דער געזעלשאַפט, אַריינגערעכנט זייער פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט, ווערן באַשטימט דורך געדאַנקען וועגן דעם וועג פון דער געזעלשאַפט, וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם מענטשן אין דער געזעלשאַפט און זיינע צילן

און אויפגאַבעס״. אַט די דאָזיקע שיכט האָט געדאַרפט באַאיינפלוסט ווערן דורך אַ פאַרפליכטנדיקער ציוניסטישער אידעע. אָבער פאַקטיש איז די זאַך נישט אַזוי — כאָטש אויך די שיכט איז אין איר גרעסטער מערהייט אַ שותף צו דער זאָרג פונעם אַמעריקאַנער יידנטום פאַרן קיום און פאַר דער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל.

ווען מען טראַכט נאָך וועגן די סיבות דערפון, דאַרף מען ניט אַוועק־קוקן פון ישראלס חלק אין דער זאַך. די ארץ ישראלדיקע געזעלשאַפט איז ניט ווייניקער ווי די יידישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע אַ פּראָדוקט פון באַשטימטע באַדינגונגען. און צו אונדזער אומגליק רעדן זיי ביידע צוויי פאַרשיידענע לשונות. אַט איז איין ביישפּיל פון אַ סך: מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך אַ גרופּע גדנ״ע־יונגעלייט (גדנ״ע — ראשי תיבות פון „גדודי נוער״ יוגנט־באַטאַליאָנען — יוגנטלעכע וואָס ווערן מיליטעריש אויסגעשולט איידער זיי טרעטן אַריין אין מיליטער — דער איבערז.) באַטייליקט אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענטרעף אין האָלאַנד. ווען זיי זיינען צוריקגעקומען קיין ישראל, האָט זיי איינער פון די מדינה־פאַרשטייערס באַגריסט אומגעפער מיט די ווערטער: אייער דערפאָלגרייכע באַטייליקונג אין דעם מיליטערישן אויפמאַרש אין האָלאַנד האָט באַוויזן אַז ס׳זיינען פאַראַן זאַכן וואָס אַ ייד קען זיי ניט דערגרייכן אפילו אין דעם אַממייסטן דעמאָקראַטישן לאַנד, נאָר בלויז אין מדינת ישראל. דער רעדנער האָט פאַרשטייט זיך, געמיינט דאָס מיליטער. און ס׳איז זייער פאַרשטענד־לעך אַז אַ ייד, אַן אָפּשטאַמיקער פון מזרח־אייראָפּע, נעמט אָן דאָס מיליטער ווי אַ קענצייכן פון דער העכערקייט איבערן גלות און פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט. וואָס אָבער קען אַזאַ דערקלערונג זאָגן אַ יידן אין אַן אמת דעמאָקראַטישן לאַנד ווי ענגלאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער האָלאַנד? אין די דאָזיקע לענדער איז אויך דאָס מיליטער ניט אינגאַנצן פאַרשלאָסן פאַרן יידן וואָס וויל אין אים אַריינגיין. אָבער אויב אפילו אַ יידן קומט דאָרט אויס צו זיין אויסגעשטעלט אויף געוויסע שטערונגען צו אַ מיליטערישער קאַריערע, דאַרף מען ניט אָננעמען אַז אַזעלכע פאַלן זיינען צאָלרייכע. איינס פון די זאַכן וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט איז דאָס וואָס כאָטש מ׳ווייס דאָרט ווי נויט־ווענדיק עס איז, ווערט אָבער דאָרט דאָס מיליטער ניט אידעאַליזירט. ווי אַמעריקאַנער בירגער דינען די יידן אין אַמעריקאַנער מיליטער מיט ניט ווייניקער געטרייישאַפט ווי די ניט־יידן; אָבער דאָס שטרעבן צו אַ מיליטערישער קאַריערע איז ביי זיי זייער אַ זעלטענע דערשיינונג און

קיינער וועט זיי צוליב דעם ניט טאַדלען. ס'איז זייער שווער אָנצונעמען, אַז די אַ סך ברייטערע מעגלעכקייטן וואָס זיינען פֿאַראַן אין דעם פּרט אין ישראל וועלן ביי זיי אַרויסרופֿן מינדערווערטיקייט־געפֿילן אָדער וועלן זיי שטויסן עולה צו זיין. דערפֿאַר אָבער איז פֿאַראַן אַ גרונט מורא צו האָבן אַז אַן עקסקלוזיווו אונטערשטרייכן דעם דאָזיקן אַספּעקט פֿון דער יידישער דערלייזונג קען ביי זיי אַרויסרופֿן מחשבות וועגן דעם וואָס דער ציוניזם באַטייט פֿאַר זיי.

דאָס איז ניט מער ווי איין ביישפּיל פֿון דער גייסטיקער אָפּהענטיקייט פֿון דער יידישער מדינה, בעת זי ווענדט זיך צו די יידן אין די פֿאַראיי־ניקטע שטאַטן. געפֿערלעכער נאָך איז דער „פּראַקטישער" צוגאַנג, וואָס באַשטימט אונדזערע באַציונגען מיט די אַמעריקאַנער יידן. די דרינגענדיקע און קאָלאָסאַלע באַדערפֿענישן אונדזערע שטויסן די פֿאַראַנטוואָרטלעכע צו זוכן פֿריינדשאַפֿט און הילף אומעטום ווו מ'קען זיי געפֿינען — און פֿאַר־שטייט זיך ביי די וואָס קענען דערפֿילן דעם מאַקסימום פֿון אונדזערע באַדערפֿענישן. און די מערהייט פֿון די דאָזיקע פֿאַראַנטוואָרטלעכע שטעלן פֿאַר דעם ציוניזם אין אַ פֿאָרם וואָס קען ניט אַרויסרופֿן קיין גרויסן אינטערעס אין ישראלס גייסטיקער בשורה. יעדער פֿון די דאָזיקע ספּעצ־יאַליסטן פֿאַר קאַמפּיינען און געזעלשאַפֿטלעכע קאָנטאַקטן טוט זיין אַרבעט אויף זיין שטייגער, אָבער דער מומחה פֿאַר קאַמפּיינען און געזעלשאַפֿט־לעכע קאָנטאַקטן געהערט בדרך כלל ניט צו די פּראָדוקטן פֿון דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע וואָס דערהויבן דעם גייסט. דוקא פֿאַרן אַמע־ריקאַנער יידן וואָס איז פּאָטענציעל אַן אָביעקט פֿאַר דער ממשותדיקער ציוניסטישער השפּעה, איז די דאָזיקע פּראָפֿעסיאָנעלע באַשעפֿטיקונג מיט ענינים פֿון מדינת ישראל און די אופֿנים אויף וועלכע זי ווערט געפֿירט, „צו פֿיל אַמעריקאַניש".

מעגלעך, אַז ישראל גופֿא זעט אין זיינע אויגן אויס ווי אַ „צו פֿיל אַמעריקאַנישע" מדינה. דאָ רעדט זיך, פֿאַרשטייט זיך, ניט אין דער אויסערן־פּאָליטיק, נאָר אינעם לעבנס־סטיל און אין דער מענטאַליטעט. די דאָזיקע שיכט, וואָס אַן אמת טאָקע אַ מינדערהייט, וועלכע באַציט זיך שאַרף קריטיש צו אַלץ וואָס איז ספּקדיק אין דער אַמעריקאַנער ציווי־ליזאַציע — די קאָנצענטראַציע פֿון אַ סך פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און דערציערישע שליסל־כוחות און מאָנאָפּאָליסטישע קערפּערשאַפֿטן, די פֿאַר־טעמפּונג פֿון די מאַסן דורך די פּאָליטישע אַפּאַראַטן, די הערשאַפֿט פֿון לאָזונגען, דער מגושמדיקער „פּאַטריאָטיזם" וואָס האָט פֿיינט און וואָס

דערשטיקט יעטוועדע זעלבסטקריטיק — אָט זי קען זיך ניט באַגייסטערן מיט דעם וואָס זעט אויס צו זיין אין אירע אויגן אַ מין ישראלדיקער נוסח פון דער דאָזיקער „אַמעריקאַנישקייט”. אַ ווילן זיך צו אידענטיפיצירן מיט איר איז עלול אַרויסצורופן ביי איר „די אַנדערע ארץ ישראל”, די וואָס אונטערשיידט זיך ראַדיקאַל פונעם „אַמעריקאַנער לעבנסוועג” אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט: דער קאָאָפּעראַטיווער סאָציאַליזם און דער אמת דעמאָקראַטישער שטייגער, אָט די אייגנשאַפטן וואָס זיינען אין דער ניט ווייטער פאַרגאַנגענהייט כמעט ממילא געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער געשטאַלט פון ארץ ישראל און וואָס האַלטן אין פאַרשווינדן דוקא זינט דאַן ווען די מדינה איז אַנטשטאַנען.

ס'איז שווער זיך אָפּצוזאָגן פון דער האָפענונג אויף אַן עליה פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער זי וועט קומען, זאָגט מען, ווען ישראל וועט דערגיין צו אַ העכערן לעבנס־ניוואָ. דערפון דאַרף מען אַרויסציען די מסקנה, אַז דאָס וואָס האַלט איצט אָפּ די עליה איז דער נידעריקער לעבנס־סטאַנדאַרט. די דאָזיקע הנחה איז אַ ריכטיקע, פאַרשטייט זיך, לגבי דער גרויסער מערהייט פונעם אַמעריקאַנער יידנטום. צי קען מען זיך אָבער פאָרשטעלן, אַז אונדזער לעבנס־ניוואָ וועט זיך אויפהויבן אויף אַזויפיל, אַז ער וועט קענען באַוועגן אַרויסצופאָרן פון די פאַראייניקטע שטאַטן יידן פאַר וועלכע דער מאַטעריעלער לעבנס־ניוואָ פאַרמאָגט די גרעסטע וויכ־טיקייט? דערווייל געפינען זיך די פּאָטענציעלע קאַנדידאַטן אויף אַ פאַר־ווירקלעכנדיקן ציוניזם דוקא צווישן די וואָס זייער לעבן ווערט ניט באַשטימט דורך אויסרעכענונגען וועגן אַ מאַטעריעלן לעבנס־סטאַנדאַרט. ניט אַ הויכער לעבנס־ניוואָ איז מסוגל זיי אַנצופילן מיט חלוציש־ציוניס־טישער העזה, נייערט אַ גייסטיקע און סאָציאַלע ענדערונג אין ישראל.

(„דבר”, 12 יולי 1957)

# יידן נעגערס און ווייסע נעגערס

מיט אַן ערך פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך אָנטיילגענומען אין אַ שריפטלעכער דיסקוסיע וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן. נאָך דעם ווי מיין בר־פּלוגתא, אַ יידיש־אַמעריקאַנישער זשור־נאַליסט און אַ פאַרהעלטנישמעסיק נייער אימיגראַנט, האָט אויסגעליידיקט אַלע פיילן פון זיין פיילנבייטל, האָט ער פון אים אַרויסגעצויגן די לעצטע טענה, די אייביקע. אויב ס׳וועט חלילה קומען אַ טאָג און ס׳וועלן אַנגערירט ווערן די ציווילע רעכט פון די אַמעריקאַנער יידן, וועלן די פאַראייניקטע שטאַטן במילא שוין מער ניט זיין דאָס וואָס זיי זיינען געווען פון אָנהויב אָן און פון איר עצם נאַטור זינט זייער אַנטשטיין — אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק וואָס פאַרזיכערט אַלע אירע בירגער, אָן אונטערשייד פון רעליגיע, פון אָפּשטאַם, פון קאָליר, גלייכהייט פאַר דער קאָנסטיטוציע, פאַרן געזעץ. און אויב ס׳וועט אַמאָל געשען אַזאַ שרעקלעכע זאַך, וואָס וועט שוין האָבן פאַר אַ ווערט אַנטקעגן דעם דער דאָזיקער יידישער פּרט?

האָב איך פון מיין פיילבייטל אויך אַרויסגעצויגן די לעצטע פייל. צי האָט טאַקע באמת קיין זין ניט אַרויסצוברענגען אָט די דאָזיקע אומ־מעגלעכע מעגלעכקייט, אַ קאַטאַסטראָפע וואָס וועט אָנגרייפן די יסודות פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, כדי עטנישע, רעליגיעזע אָדער ראַסן־מינדערהייטן זאָלן דיסקרימינירט און אפילו צעטראָטן ווערן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. דאָס איז דאָך ניט בלויז אַ היפּאָטעטישע מעגלעכקייט. אָט איז דער מעמד פון די נעגערס, ביז דעם בירגערקריג, אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעפּובליק געווען אַ מעמד פון שקלאַפן און אפילו נאָך דער דאָזיקער מלחמה פאַרן אָפּשאַפן זייער שקלאַפעריי ווערן זיי נאָך דיסקרימינירט און זיינען בירגער פון אַ נידעריקער מדרגה אומעטום און פאַרמאָגן אין עטלעכע שטאַטן בכלל ניט קיין בירגערלעכע רעכט. די דיסקרימינאַציע זייערע האַלט זיך מיטן כח פון געזעץ, און דער עיקר מיטן כח פון דער טראַדיציע, פון דער עפנטלעכער מיינונג און פון די אינטערעסן פון געוויסע איינפלוסרייכע שיכטן. איצט, האָב איך געטענהט, געפינט זיך די יידישע מינדערהייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויף דער ליניע פון סאָציאַלן אוןווירטשאַפטלעכן אויפשטייג. צו איז פאַראַן וועלכע

ניט איז גאַראַנטיע אַז דער דאָזיקער אויפשטייג וועט זיך קיינמאָל ניט אָנטרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד? די פּאַראַייניקטע שטאַטן זיינען אַ מאָזאַיק פון רעגיאָנאַלע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, עטנישע און רעליגיעזע אינטערעסן. די געשיכטע פון די פּאַראייניקטע שטאַטן איז איין לאַנגע קייט קאַמפן צווישן די דאָזיקע אינטערעסן, ראַיאָנען, סאָציאַלע שיכטן, עטנישע בלאָקן (וואָס זיינען בדרך כלל געאָגראַפישע בלאָקן), רעליגיעזע געמיינדעס הייבן זיך אויף און נידערן אַראָפּ אויף דער דאָזיקער אַרענע. און ס׳איז מעגלעך און אפשר אפילו כמעט זיכער, אַז דער פּרעצעדענטלאָזער עקאָנאָמיש־סאָציאַלער אויפשטייג פון די אַמעריקאַנער יידן וועט אָפּגעהאַלטן ווערן ווען ער וועט אַריבערגיין אַ געוויסע גרענעץ, וואָס איז נאָך דערוויל פאַר אונדז פאַרהוילן. די קאָנסטיטוציע איז ניט קיין אויסגעפּרוווטע סגולה קעגן אַן עין הרע, קעגן קנאה. פאַראַן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן נידעריקע און באַעוולטע שיכטן. ס׳איז כמעט זיכער אַז פון זיי וועט קומען דאָס שלעכטס, כאָטש מ׳דאַרף אויך ניט מזלזל זיין מיט דער שנאה און מיט דער קנאה פון אויבן, פון די מיוחסדיקע שיכטן וואָס יידן גרייפן אָן זייערע פעסטע און איינגעפונדעוועטע פּאָזיציעס.

כ׳האָב אָנגערופן דעם נאָמען פון אַן אַמעריקאַנער מינדערהייט וואָס איז עלול צו שפּילן די דאָזיקע ראָלע — די נעגערס. שוין דאַן האָט מען זיך געקענט באַזירן אויף שווערע דערשיינונגען פון נעגערישן אַנטיסעמיטיזם. כ׳מיין, אַז איך בין געווען איינער פון אַ טוץ (און אפשר ווייניקער) ניו־יאָרקער יידן, וואָס האָבן רעגולער געלייענט דעם „אַמסטערדאַם־ניוז", די טאָגצייטונג פון די נעגערס אין דער דאָזיקער שטאָט. (כ׳האָב אַ געוווינהייט, אַז כ׳פאָלג מער נאָך די מיינונגען וואָס זיינען קעגנעריש צו מיינע ווי די וואָס זיינען צו זיי נאָענט. דאָס איז ניט מסוגל צו הייבן דאָס געמיט און ס׳טרעפט אַז דאָס דערדריקט אפילו — דערפאַר אָבער קען עס דינען ווי אַ לערע אָדער אפילו האַרטעווען דעם כאַראַקטער). האָט זיך אין מיין זכרון איינגעקריצט אַ לייט־אַרטיקל וואָס איז איין מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער דאָזיקער צייטונג, בעת עס זיינען באַקאַנט געוואָרן די ערשטע איינצלהייטן וועגן די דייטשישע טויטלאַגערס. אין דעם אַרטיקל איז געזאָגט געוואָרן: „דער ענין גייט אונדז ניט אָן. איצט קענען מיר זיך רויִק צעשפּרייטן אין אונדזערע פאָטעלן און הנאה האָבן. האַ, האַ, האַ!" פון מיין דערפאַרונג מיט נעגערס וועלכע כ׳האָב ליב געהאַט אַזוי ווי דאָס דאַרף טאָן יעדער „ליבעראַלער" אַמעריקאַנער, צוליב זייער מוזיקאַלישן טעמפּעראַמענט און זייער הומאָר און וואָס זייערע ליידן און נויט האָבן מיך

אָנגעפּילט מיט צאָרן, האָב איך געוווּסט אַז עס טרעפט אַז אַ נעגער ברעכט אויס אין אַ מין געלעכטער וואָס איז גאָרניט אַזוי אָנגענעם.

פון וואַנען קומט דער דאָזיקער אַנטיסעמיטיזם? מיט עטלעכע יאָר צוריק איז איין מאָל געזעסן ביי מיר דער אַמעריקאַניש־יידישער שרייבער לעסלי פידלער. פידלער איז אַ געבאָרענער אין ברוקלין און דאָס זעט זיך אויף אים אָן. ער טראָגט אויף אַלע צייכנס פון זיין אַרויסגיין פון געטאָ און פון אַלץ וואָס קען קומען נאָך דעם — צאָלרייכע אַקאַדעמישע און ליטעראַרישע איינדרוקפולע דערפאָלגן. אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פון זיין אָפּשטאַם און פון זיין סאָרט איז פידלער אַדורך זיין וועג פון געטאָ צו דער אַקאַדעמיע און צום פּאַרנאַס מיט גרויס גערודער. ניט געווען קיין טאָג ער זאָל ניט אַרויסקומען מיט אַ געוואַגטן און דער־שיטערנדיקן געדאַנק און ניט געווען ביי אים קיין שורה אין וועלכער ס׳זאָל ניט באַהאַלטן געווען קיין אויפרייס־מאַטעריאַל. דער דורכשניט־לעכער טיפּישער אַמעריקאַנער איז אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש און האָט שרעקלעך פיינט חידושים. אָבער אַמעריקע איז אַ לאַנד וואָס האַלט שטאַרק פון דערפאָלג. צוליב דעם האָבן, ווייזט אויס, אויך קאָנסערוואַטיווע אַמעריקאַנער געהאַלטן אַז זיי דאַרפן אָפּגעבן כבוד די דאָזיקע צאָלרייכע יידן, זין פון נעבעכדיקע אימיגראַנטן, שניידערס, קירזשנערס און קרעמערס, וואָס האָבן זיך מאַסנווייז פאַרמאָסטן אויף די פעסטונגען פון דער וויסנ־שאַפט, פון דער קונסט, פון דער ליטעראַטור, פון די פּאַרוויילונגען. דאַן ווען כ׳האָב געהאַט דעם שמועס מיט פידלערן האָט דער יידישער דערפאָלג געהאַט דערגרייכט אַ ממש קאָפּשווינדלערישע הויך, און ווען כ׳זאָג קאָפּ־שווינדלעריש איז עס כלל ניט קיין איבערטרייבונג. יעדעס מאָל ווען כ׳האָב אָנגעטראָפן אַזעלכע יידן אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן מצליח געווען — איינער וואָס מ׳האָב געהאַלטן פאַרן ערשטעראַנגיקן אַמעריקאַנער ראָמאַ־ניסט, אַ צווייטער, וואָס מ׳האָט געזאָגט אויף אים אַז ער איז דער צווייטער גרויסער ראָמאַניסט, אַ דריטער וועגן וועלכן די מיינונגען זיינען געווען געטיילט צי ער איז דער טיפסטער צווישן די אַמעריקאַנער ליטעראַטור־קריטיקער און אַ פערטער וואָס איז לויט אַלעמען דער אָריגינעלסטער אַמעריקאַנער היסטאָריקער פון דעם דור א.א.וו. א.א.וו. — האָב איך ניט געקענט ניט דערזען אָט דעם קאָפּשווינדל. מ׳האָט אים אָנגעזען אויף זיי, אין דער שטים, אין רעדן און אין די רייד. זיי האָבן מיר אויסגעזען ווי זיי שטייען אויף איינעם פון די העכסטע שטאַפּלען פון אַ לייטער אויף וועלכן זיי זיינען אַרויפגעשטיגן לויפנדיק און זיינען דערגאַנגען צו זיין

הויך, צו זייער אייגענער דערשטוינונג, און איצט האָבן זיי פאַרלאָרן דעם אָטעם און זייער פוס שטייט ניט פעסט — זיי קוקן אַראָפּ צו דעם וואָס איז אונטער זיי און זייער קוק איז אַ ביסל מטושטש.

פידלער פלעגט רעדן אַ סך וועגן די נעגערס און די נעגער־פּראָבלעמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין די אויגן פון דעם היסטאָריקער, דעם סאָציאָלאָג, דעם שטאַט־וויסנשאַפטלער, דעם עקאָנאָמיסט און זיכער שוין פון דעם פּראַקטישן פּאָליטיקער איז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם פון מער ווי צוואַנציק מיליאָן מענטשן אַ ממשותדיק פּראָבלעם, דאָס הייסט עס האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן פאַר וועלכע מ׳דאַרף געפינען לייזונגען. פידלער האָט גערעדט וועגן די נעגערס אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פאַר אים אַ מין מאַטעריאַל פאַר אַ פּאָעטישער, היסטאָריש־מיטישער שאַפונג. ס׳עקזיסטירן מיטישע וועזנס אָדער אַרכעטיפּן נעגערישע, יידישע, שוואַרצע, ווייסע. די דאָזיקע וועזנס בייטן פון צייט צו צייט זייערע טרעגערס. נעכטן איז דער נעגער געווען דער ייד, היינט איז דער ייד — דער נעגער א.אַ.וו. די דאָזיקע מיטישע וועזנס זיינען אין דער אמתן עראָטישע. די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אין דער היינטיקער צייט אַן ארענע פאַר אַ צוזאַמענשטויס צווישן די דאָזיקע עראָטישע וועזנס. פידלער האָט ניט ווייניק געשריבן וועגן די דאָזיקע פּראַגעס. פון דעם שטאַנד־פּונקט איז ער אויך צוגעטרעטן צו אַנאַליזירן די ליטעראַרישע דער־שיינונגען אין אַמעריקע, למשל: דער נעגער איז די טייוואָלישע געשטאַלט פון שוואַרצן האַנס וואָס יאָגט נאָך די פאַנטאַזיע פונעם אַמעריקאַנער אין דער ליטעראַטור פון דעם דאָזיקן לאַנד פון זיין אָנהויב אָן. דער מקור פון דער דאָזיקער געשטאַלט איז אין פאַרבאַהאַלטענעם, אומבאַוווסטזיניקן האָמאָסעקסואַליזם א.אַ.וו. א.אַ.וו. אגב האָט ער דאָס אַלץ אויסגעדריקט מיט אַ שטאַרק דערפינדערישער און געפעפערטער חריפות, אפשר ווי אַן אַטאַוויסטישער איבערבלייב פון אַן איינגעוווינטן יידישן געדאַנקען־גאַנג.

פידלער האָט דערמאַנט אַן אַרטיקל פון איינעם אַ קאָלעגע וואָס איז אין יענע יאָרן שטאַרק באַרימט געווען — נאָרמאַן מיילער. מיילער האָט זיך איינגעשאַפּט פּאָפּולאַריטעט דורך זיין מלחמה־ראָמאַן „די נאַקעטע און די טויטע״ (וואָס איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אויף עברית). דער דאָזיקער אַרטיקל זיינער — דאָס איז דער באַוווסטער עסיי וועגן דעם „ווייסן נעגער״ — איז שוין געווען אַן ערשטער עדות דערפאַר אַז אַט דער ברוקלינער ייד באַנוגנט זיך ניט בלויז מיט אַ ליטעראַרישן דערפאָלג, נאָר אַז ער האָט אַן אמביציע צו דינען פאַר זיין פאָלק, כלומרשט ווי

אַ נביא אָדער אַ גורו. און מיילער האָט טאַקע נאָך „די באַקעטע און די טויטע" פאַרעפנטלעכט נאָך עטלעכע ראָמאַנען, אָבער אַזוי ער ווי זיינע פאַרערער זעען אין זיי ניט בלויז ליטעראַרישע שאַפונגען, נאָר אַ סאָרט דערציילונגען, וואָס דער עיקר זייערער איז די בשורה וואָס זיי זאָגן אָן. די דאָזיקע בשורה, האָט צו טאָן מיטן נעגער אַזוי ווי מ׳קען עס אַרויסדרינגען פונעם טיטל פון דערמאָנטן עסיי. אין דעם נעגער לעבט נאָך אַן אייגנשאַפט וואָס אינעם ווייסן מענטשן האַלט זי אין פאַרשטויסן ווערן און ווערט כמעט אין גאַנצן אונטערגעדריקט — דאָס איז די ספּאָנ־טאַנישקייט און ספּעציעל די סעקסועלע ספּאָנטאַנישקייט. דער ווייסער מענטש קען אויסגעלייזט ווערן נאָר דורך דעם וואָס ער וועט זיך באַמיען צו זיין אַ „ווייסער נעגער". דער פולער מענטש איז דער „היפּסטער" (פון דעם דער אויסדרוק „היפּי" און שפּעטער „ייפּי". אין דער אמתן געהערט מיילער צו די גרינדערס פון דאָזיקן שבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן).

די וועלט וועט באַקומען איר תיקון דורך דעם „גוטן אָרגאַזם". מ׳קען צו אים ניט דערגיין אַנדערש ווי דורכן באַפרייען זיך פון די אימפּולסן וואָס ווערן אָנגענומען ווי צעשטערערישע. אויפן וועג צום פאַרבעסערן די וועלט דורך דעם „גוטן אָרגאַזם" טרעפט דער מענטשן אָן אויף שווערע פלאָגן ווי למשל דאָס פאַרוווערן פאַרגוואַלטיקונגען אָדער מאָרדן. דער ווייסער מענטש קען זיך באַפרייען בלויז דורכן באַפרייען זיך פון די דאָזיקע פאַרבאָטן און דער וואָס האָט דעם מוט און שיידט זיך אָפּ פון דער פאַר־שקלאַפטער און פאַרשקלאַפנדיקער געזעלשאַפט איז אַ „ווייסער נעגער".

מיילער איז אַ באַקאַנטע געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישע געשטאַלט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון די פּופּציקער און זעכציקער יאָרן. זיינע ביכער זיינען בעסט־סעלערס. מ׳הערט זיך צו אויס גרויס נייגער צו זיינע מיינונגען אין פּאָליטישע ענינים ווי למשל וועגן דער מלחמה אין וויעטנאַם און די נעגערס. זאָל קיינעם ניט איינפאַלן אַז מיילער מאַכט אַן אָנשטעל פון ערנסטקייט וואָס פאָסט גאָרניט פאַר אים, בעת ער רעדט פאַר זיין אַמעריקאַנער פאָלק. ער האָט אַ שאַרפן חוש פאַר הומאָר און פאַרבאַהאַלט גאָרניט פאַר זיינע קליענטן אַז ער איז אַ לץ. דאָס איז די נייע, די לעצטע אויפלאַגע פון דעם יידיש־אַמעריקאַנישן פאַרוויילער — אַ מין קאָמבינאַציע פון אַל. דזשאָלסאָן (דעם קאָמעדיאַנט פון געטאָ פון אָנהויב יאָרהונדערט, וואָס פלעגט אויפטרעטן אויף דער בינע מיט אַ מאַסקע פון אַ נעגער) און הערבערט מאַרקוזע (דעם אַלטן בערלינער־אַמעריקאַנער פילאָזאָף, דעם תלמיד פון העגעלן און פון מאַרקסן, וועמען ס׳איז געלונגען זיך צו קאָנ־

סערווירן ווי אַ יונגער ספּאָרטאַקיסט, וואָס באַצויבערט די רעוואָלטירנדיקע סטודענטן).

מיר זיינען געזעסן און האָבן געשמועסט וועגן נאָרמאַן מיילער. איך געדענק שוין ניט גענוי אין וואָס פידלער האָט ניט מסכים געווען מיט מיילערן אין דער פראַגע פון „ווייסן נעגער". ס׳איז געווען קלאָר, אַז פידלער דער גורו האָט ניט געהאַט די הצלחה וואָס עס האָט געהאַט מיילער. מיילער איז ניט נאָר אַן אַמעריקאַנער „פּערזענלעכקייט" וואָס איז באַקאַנט מיליאָנען, נאָר ממש אַ מיליאָנער. יעדעס וואָרט וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל און יעטוועדע קליינע געשעעניש אין זיין לעבן איז אַ בייס וואָס פאַרכאַפּט אַ סך הערצער. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מיילער געמאַכט אַ פּרווו בייצוקומען איינע פון די קאָנווענצן וואָס פּענטען דעם ווייסן מענטשן וועלכער איז נאָך ניט אויסגעלייזט געוואָרן. אין איינער אַ מסיבה האָט ער צעשטאָכן זיין פּערטע אָדער פיפטע פרוי. באַגאַנגען איז ער וואָס אַן אמתן דעם דאָזיקן געוואַגטן אַקט מיט פאַרשטענדעניש — ער האָט אויסגעפירט דאָס שטעכן מיט אַ טאַשנמעסערל. און זיין פרוי, ניט נאָר וואָס זי איז דערפון אַרויס בשלום, נאָר האָט אויך עדות געזאָגט צו זיין טובה וועגן פאַרן געריכט, ווו ער האָט געהאַלטן אַ פאַרטיידיקונגס־רעדע אין וועלכער ער האָט געגעבן צו דערקלערן אַז מיט דער דאָזיקער טאַט האָט ער געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון אַ פּרימיטיוון און טיפן מענטשלעכן אימפּולס וואָס ווערט צוגערויבט ביי די מענטשן צוליב דעם לאָוו וואָס פּענטעט און צעשטערט די נשמה. פידלער איז אַ פּראָפעסאָר פון אַמעריקאַנער ליטעראַטור און איז באַקאַנט בלויז אין ענגע קרייזן פון די וואָס לייענען די אַוואַנגאַרדיסטישע ליטעראַטור. לעצטנס האָט וואָס אַן אמת אויך ער זוכה געווען מ׳זאָל זיין נאָמען דערמאנען אויף דער ערשטער צייטונג־זייט: מ׳האָט אים באַשולדיקט אַז ער אָרדנט איין סעאַנסן אויף איינצונעמען נאַרקאָטיקס אין וועלכע ס׳באַטייליקן זיך זיין פרוי, זיינע קינדער און זיינע תלמידים.

דער שמועס איז אָנגעגאַנגען וועגן אַלעם וואָס דרינגט אַרויס מעטאַפיזיש און פּאָליטיש פון דעם ענין „ווייסער נעגער". נאַטירלעכערהייט האָט מען אויך אָנגערירט דעם ענין פון די באַציונגען צווישן די ממשותדיקע יידן און די ממשותדיקע נעגערס. פידלער האָט אָנגעהויבן מיט זיין אופן דערקלערן די דאָזיקע שפּאַנונג צווישן ביידע — דער מעטאַפיזיק פון איין זייט און פּסיכאָלאָגיע פון די טיפענישן פון דער אַנדערער זייט. כ׳האָב אים אַ פרעג געטאָן: צי איז ניט פּשוטער עס צו דערקלערן דערמיט

וואָס די נעגערס איז באַקוועמער אָנצוגרייפן יידן איידער קריסטן־אַמערי־קאַנער, מחמת די ערשטע זיינען אַ מינדערהייט פונקט ווי זיי און דעריבער זיינען זיי מער אויסגעשטעלט ווי דער רוב, די אַנדערע?

פידלער האָט מיך אָנגעקוקט אַ צעטומלטער ווי ער וואָלט זיך אויפ־געכאַפּט פון אַ חלום אָדער פון אַ טראַנס פון ל.ס.ד. „באמת? אַזוי מיינט איר? אפשר...״

(„דבר״, 21 יאַנואַר 1969)

# אַ מוטיקער דענקער

## סידני הוק׳ס אַרטיקל וועגן דער ייִדנפראַגע און דעם אַנטי־פאַשיזם

די לעצטע געשעענישן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וועלכע האָבן אויפֿגעטרייסלט דעם גאַנצן לינקן לאַגער אין איראָפּע, הויבן ענדלעך אָן צו געפינען אַן אָפּקלאַנג אויך אויף דער זייט ים. דעם שאַרפסטן אָפּרוף האָבן זיי אויך דאָ געפונען צווישן דער לינקער, קאָמוניסטישער אָדער קאָמוניסטיש געשטימטער אינטעליגענץ. עס וואָלט געקומען מער ווי איין זייט „קעמפער" בלויז אויסצורעכענען די נעמען פון די וואָס האָבן אין דער לעצטער צייט געשלאָסן זייער'ע חשבונות מיט מאָסקווע. עס איז בלויז גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע נעמען ווי וואַלדאָ פראַנק, דזשיימס פאַרעל, עדמאַנד ווילסאָן, סידני הוק. דאָס זיינען אַלץ נעמען פון מענטשן וואָס זיינען דירעקט און אָן רעזערוואַציעס געווען פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער מען טאָר פון דעם דאָזיקן צעטל אויך ניט אַרויסלאָזן אַזעלכע ליבעראַלן ווי דזשאָן דיואי און אָסוואַלד געריסאָן ווילאַרד, וואָס האָבן קיינמאָל ניט אָנגענומען די קאָמוניסטישע פּראָגראַם פאַר אַמעריקע, זיינען אָבער געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר דעם „קאָמוניסטישן עקספּערימענט" אין רוסלאַנד (כמעט פון סאַמע אָנהויב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע).

די אַמעריקאַנער אינטעליגענץ לויפט פון קאָמוניזם אין אַזעלכע גרויסע צאָלן און אַזוי האַסטיק, אַז די היגע סעקציע פון קאָמינטערן פאַרשפּרעכט גאָר אין גיכן צו ווערן אינגאַנצן „אינטעלעקטועלן־ריין". דער צענטער פון די קאָמוניסטיש־געשטימטע „אינטעלעקטועלע אַרבעטער" איז איצט ניט די ליטעראַרישע ניו־יאָרק, נאָר — האָליוווד. די קאָמוניסטישע מאָדע האָט זיך סוף־סוף „אָנגעכאַפּט" ביי די איבער־זאַטע, לעבנס־מידע און קיצל־זוכנדיקע „אַרבעטער"־מיליאָנערן פון דער קאַליפאָרניער פאַרוויילונגס־אינדוסטריע. און אַזאַ פּנים האָט עס טאַקע.

צום באַדויערן קען ניט געזאָגט ווערן, אַז אַ גרויסער טייל פון דער אַנטוישטער קאָמוניסטישער אינטעליגענץ האָט טאַקע מיט דעם קאָמוניזם געמאַכט דעם גרויסן און האַרבן חשבון. אויף די מערסטע קען מען, אין בעסטן פאַל, זאָגן, אַז זיי זיינען דערגאַנגען ביז ערלעכער אויפגעבראַכטקייט

קעגן קאָמוניסטישן טעראָר־רעזשים. אָבער פון ערלעכער אויפגעבראַכטקייט ביז ערלעכן דענקען איז פּאַלג מיך אַ גאַנג. די מערסטע חוזרים־בתשובה זוכן די קאַרעקטור פון סטאַליניזם אין דעם „עכטן לעניניזם" (און דאָס איז ער דאָך טאַקע) פון טראָצקין. דעם קראַנשטאַדטער גאַליפּע באַטראַכטן זיי פאַר דעם וועגווייזער אין העכערן סאָציאַליסטישן יושר, אין „סאָציאַ־ליסטישן הומאַניזם".

איינער פון די באַדייטנדסטע אויסנאַמען איז סידני הוק. ער איז אפשר דער איינציקער קאָמוניסטישער בעל־תשובה וואָס באַנוגנט זיך ניט מיט שילטן סטאַלינען. בלייבנדיק אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרטיפן אין די יסודות ניט נאָר פון לעניניזם, נאָר אויך פון מאַרקסיזם. אָנשטאָט צו טאָן ווי אַנדערע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן, וואָס וואַרפן טאַקע אַוועק אַ גרויסן טייל פון מאַרקסיסטישן תוך און האַלטן זיך אָן דער שאָלעכץ, אָן דער מאַרקע פון דער פירמע מאַרקס — האָט סידני הוק, וועלכער איז איינער פון די באַדייטנדסטע פיגורן אין דער אַמעריקאַנער פילאָזאָפיע, זיך גענומען עקזאַמענירן די יסודות פון מאַרקסיזם. ער טוט עס אומדערשראָקן, זיך ניט רעכנענדיק מיט יענע „פּראַקטישע קאָנסעקווענצן", וואָס אין זייער נאָמען פאָדערן פאַרטייען אָפּטמאָל צו פאַרבויגן דעם אמת. ער טוט עס ווי אַ דענקער, וואָס איז קודם כל פאַרפליכטעט צו אינטעלעקטועלער ערלעכקייט. אַ סך סאָציאַ־ליסטן טוען נאָך דעם נאַצישן „פילאָזאָפיע־פירער" אַלפרעד ראָזענבערג. ער האָט איינגעפירט דעם מנהג אָנצוקלעפּן דעם שילדל „מאַרקסיסט" אויף יעדער זאַך וואָס איז ניט ליב דעם נאַצישן טעמפּעראַמענט; אַ געוויסער טיפּ רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן מאָנאָפּאָליזירט דעם נאָמען „מאַרקסיס־טיש" פאַר אַלץ וואָס עס געפעלט זיי צופעליק. זיי זיינען אפשר געטרייע פאַרטיי־מענטשן; זיי זיינען ניט קיין אינטעלעקטועל־ערלעכע סאָציאַ־ליסטן. מיר האָבן אָבער אין די לעצטע יאָרן געלערנט וואָס פאַר אַ שווערן פּרייז אין פּראַקטישע פאַרלוסטן סאָציאַליסטן האָבן אין אַ סך לענדער געצאָלט פאַרן פעלן פון אינטעלעקטועלער ערלעכקייט.

סידני הוק איז אפשר דער איינציקער מאַרקסיסט אין אַמעריקע — און איינער פון די ווייניקע אויף דער וועלט, — וואָס האָט געהאַט מוט צו זאָגן געזוי וואָס ער אַקצעפּטירט אין מאַרקסיזם, בלויז דערפאַר וואָס עס איז לאָגיש ריכטיק און עטיש רעכט. צי סידני הוק איז באַרעכטיקט זיך צו האַלטן פאַר אַ מאַרקסיסט איז אַ באַזונדערע פראַגע. וואָרעם ער האָט פון דעם גרויסן ים פון מאַרקסישע סתירות און מאַרקסיסטישע פירושים

אויף זיין ווענטקע פּאָרזיכטיק געכאַפּט בלויז איין זאַך: דאָס וואָס ער באַטראַכט פאַר דעם סאָציאָלאָגישן מעטאָד פון מאַרקסיזם — און זיין גילטיקייט איז אויך, לויט הוקן, באַגרענעצט בלויז אויף אַ קורצן אָפּשניט פון דער מענטשלעכער געשיכטע — אויף דער אינדוסטריעלער עפּאָכע.

סידני הוק איז איינער פון די ווייניקע סאָציאַליסטישע דענקער אין אַמעריקע. און ער האָט אין די לעצטע יאָרן, ווייזט אויס, ניט נאָר פיל שטודירט מאַרקסן און זיינע פאָרלויפער, נאָר אויך פיל איבערגעלעבט ווי אַ סאָציאַליסט. הוק איז אַ ייד. עפנטלעך האָט ער קיין יידישע פראַגן ביז איצט ניט באַרירט. אָבער פּריוואַט איז ער געווען באַקאַנט ווי אַן אַנטי־ציוניסט. דערפאַר איז אַזוי אינטערעסאַנט, וואָס הוק האָט צו זאָגן וועגן אַזאַ טעמע ווי יידישע סאָציאַלע אָריענטאַציע אין אונדזער צייט — נאָך די אַנטוישונגען און אידעאָלאָגישע רעוויזיעס פון די לעצטע יאָרן („פּראָמיס וויטאַוט דאָגמאַ, ע׳ סאָשעל פילאָסאָפי פאַר דזשוס" — צוזאָג אָן דאָגמע, אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע פאַר יידן — אין הערבסט־נומער „מנורה דזשורנאַל").



דער אויסגאַנגס־פּונקט פון הוקס באַטראַכטונגען איז אַן אַנאַליז פון דעם אינהאַלט פון לאָזונג „אַנטי־פאַשיזם". דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך פאַר אַ מענטשן מיט סידני הוקס פּאָליטישן הינטערגרונט. דער אַנטי־פאַשיזם פון לינקן שניט איז ביז איצט ניט איינמאָל קריטיקירט געוואָרן מצד פּאַטריאָטישע יידן — אין נאָמען פון בירגערלעכן שטאַט און טאַקע (אפשר מיטן אויסנאַם פון אַן אַרטיקל פון דעם שרייבער פון די שורות אין „לייבאָר זייאָניסט ניוסלעטער", וואָס האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט דעם פּאָפּולערן אַנטי־פאַשיסטישן זשורנאַליסט וויליאַם צוקערמאַן). איצט קומט אַן ערלעכער סאָציאַליסטישער דענקער און מאַכט אַ פּרווו קריטיש צו אַנאַליזירן דעם אינהאַלט פון באַגריף „אַנטי־פאַשיזם" — זיין לאָגיק און זיין עטאָס — אָן פּאָליטישע חשבונות און פּחדים.

אָבער איידער הוק טוט עס, דעפינירט ער זיין פּראָבלעם. און וואָס איז דער פּראָבלעם? הוק דעפינירט עס אַזוי: „וואָס זיינען די תנאים און איינגעשאַפטן וואָס עס דאַרף באַזיצן אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע, כדי צו זיין ווערט אָנגענומען צו ווערן פון זעלבסט־רעספּעקטירנדע יידן". הוק רעכנט אויס פינף אַזעלכע קריטעריומס, מיט וועלכע מען דאַרף מעסטן דעם ווערט פון אַזאַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע.

„דער ערשטער עיקר — זאָגט סידני הוק — איז געבויט אויף דער

אַנערקענונג, אַז ווי שווער עס זאָל ניט זיין זיי צו דעפינירן זיינען אויף דער וועלט פאַראַן יידן, און זייער ווילן צו בלייבן יידן האָט צום סאַמע וויניקסטן די זעלבע מאָראַלישע באַרעכטיקונג ווי די ענלעכע ווונטשן פון אַנדערע פעלקער". דער ערשטער קריטעריום, וועלכער דאַרף אָנגעווענדט ווערן אויף יעדער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, וואָס קאַנדידירט אָקצעפּטירט צו ווערן פון יידן, איז צי זי אָנערקענט דעם ווערט פון קולטורעלער פאַרשיידנאַרטיקייט. „אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע וואָס אַקצעפּטירט נאָמינעל קולטורעלע פאַרשיידנאַרטיקייט ווי אַן אמתן ווערט דאַרף דורכגיין דעם האַרבסטן עקזאַמען, כדי אויסצופאָרשן, צי הינטער דעם שטייט ניט עפּעס אַ גיפטיקע הנחה, וועלכע פירט צו טאָטאַליטאַרע קאָנסעקווענצן אויפן קולטור־געביט".

דער צווייטער קריטעריום איז, צי די באַטרעפנדע סאָציאַלע פילאָזאָפיע דערלויבט, ניט נאָר אין פּרינציפּ, נאָר פּאַקטיש, רעליגיעזע פרייהייט. דאָס, זאָגט הוק, מיט טרעפלעכער שאַרפקייט, איז אַ פראַגע „וואָס איז וויכטיק פאַר אַלע יידן, דערפאַר וואָס זי איז נוגע אַ טייל יידן".

די וויכטיקייט פון דריטן קריטעריום ווערט קלאָר ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם, אַז היסטאָריש זיינען די יידן שטענדיק געווען דער באַקוועמסטער שעיר לעזאזל פאַר נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס. דאָרטן וווּ עס פונקציאָנירט אַן עכטע פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, קענען די יידן עפּעס טאָן כדי אַרויסצושטעלן אַ ווידערשטאַנד דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געצילט קעגן זיי. דאָס איז ניט מעגלעך אין לענדער, וווּ עס עקזיסטירט ניט קיין פרייע רעדע, פּרעסע און פאַרזאַמלונגס־רעכט.

און דאָ שטעלט זיך הוק אָפּ אויפן פאַקט אַז מיטן מויל זיינען אַלע יידן איינשטימיק, אַז יידן קענען גלויבן בלויז אין אַ דעמאָקראַטישער סאָציאַלער פילאָזאָפיע. „אָבער איך ווער ממש דערשראָקן ווען איך זע וואָס יידן פאַרשטייען אונטער ,דעמאָקראַטיע'". ווען היטלער רעדט וועגן „דעמאָקראַטיע אין העכערן זין", ווייסן אַלע, אַז מען דאַרף לאַכן. אָבער די זעלבע יידן לאַכן ניט בעת סטאַלין פּראָקלאַמירט דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד ווי אַ דעמאָקראַטיע, און זיי וויזן די יידן אָן אויף דער רוסישער אָרדנונג ווי אויף זייער איינציקן אויסוועג.

דעם זין פון פערטן קריטעריום „איז שווער אויסצושעפּן אין עטלעכע ווערטער". ער האָט צו טאָן מיט דעם עקאָנאָמישן סטאַטוס פון די יידן. אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע דאַרף די יידן געבן אַ געוויסע זיכערקייט קעגן

עקאָנאָמישער פאַרניכטונג. אָבער טאַקע דערפאַר וואָס די יידן זיינען אומעטום אַ מינאָריטעט קענען זיי לאַנג ניט געניסן קיין עקאָנאָמישע זיכערקייט אין אַ לאַנד, ווו גרויסע גרופּעס ניט־יידן ליידן עקאָנאָמישע נויט.

זיין פינפטן קריטעריום באַטראַכט סידני הוק פאַר דעם וויכטיקסטן. דער דאָזיקער קריטעריום שטיצט זיך אויפן עיקר, אַז אַן אָנגענומבאַרע סאָציאַלע פילאָזאָפיע דאַרף זיין טריי דעם פרייען, קריטישן גייסט. „דאָס איז די איינציקע אַלטערנאַטיווע צו אַלע מינים אויטאָריטאַריזם — פון דאָגמע און פון פיזישן צוואַנג — אין געראַנגל מיט די פּראָבלעמען, וואָס שווימען אויף ווען איין ווערט איז אין קאָנפליקט מיט אַ צווייטן — ווען עס מוזן געזוכט ווערן מיטלען וואָס זייערע קאָנסעקווענצן זאָלן ניט פאַרניכטן די צילן". „דער מעטאָד פון קריטישער פאָרשונג איז געבוירן געוואָרן אין גריכנלאַנד, אָבער די יידן האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע ביים פאַרשפּרייטן אים און אויסברייטערן אים: ווי איך פאַרשטיי יידישע קולטור, איז איר נאָבעלסטע כאַראַקטעריסטיק דער אופן ווי אַזוי אירע טראַדיציעס האָבן צוזאַמענגעשמאָלצן די ליידנשאַפט פאַר סאָציאַלן יושר מיט דרך־ארץ פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד און וויסן. ווען יידן פאַר־ראַטן דעם דאָזיקן מעטאָד, פאַרראַטן זיי אַ טייערן טייל פון זייער טראַדיציע. זיי פאַרראַטן אויך זיך אַליין. וואָרעם דורכדעם וואָס זיי באַרעכטיקן אַנדערע מעטאָדן, סטימולירן זיי פאַקטיש פיינטלעכע עלעמענטן, אַז זיי זאָלן די דאָזיקע מעטאָדן אָנווענדן ביי דער לייזונג פון יידישן פּראָבלעם".

אין דעם ליכט פון די דאָזיקע פינף עיקרים באַטראַכט סידני הוק יענע „אַנטי־פאַשיסטישע באַוועגונג", וואָס פּרעטענדירט צו באַזיצן די איינציקע לייזונג פאַר אַלע יידישע נויטן, און ער קומט צו אַ שלוס, וואָס קען אויסקוקן, ווען מען טראַכט זיך ניט אַריין אין די אויבן־געבראַכ־טע פינף הנחות, ווי אַ פאַרברעכערישער פּאַראַדאָקס: „מצד דער אַנטי־פאַשיסטישער באַוועגונג, אין איר איצטיקער פאָרם, לויערט אויף די יידן אַ מער טויטלעכע געפאַר, ווי מצד יעדער אַנדער מעגלעכער פאַלשער אוטאָפּיע".

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז, אייגנטלעך, איבעריק צו דערקלערן. עס הענגט אָפּ פון דעם, צי מען נעמט אָן הוקס פינף קריטעריומס. און דאָס איז טאַקע דאָס וויכטיקסטע אין הוקס באמת אייגנאַרטיקן אַרטיקל — וואָס עס האָט זיך געפונען אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, וואָס איז צום יידישן פּראָבלעם צוגעגאַנגען מיט אַזוי פיל ערנסט, מיט אַזוי פיל קריטישן מוט, מיט פאָדערונגען.

הוק איז דער ערשטער. ביז איצט, אפילו ווען אַ קאָמוניסט אָדער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט האָט זיך שוין אַמאָל יאָ פאַרגונען ספּעציפיש צו דערמאָנען דעם יידישן פּראָבלעם (און אויך דאָס האָט געטאָן בלויז אַן אומבאַדייטנדע מינאָריטעט) איז דאָס געווען בלויז כדי אונטערצושטרייכן די ספּעציעלע ליידן, וואָס יידן קענען דערוואַרטן — ווי בירגער, אָדער בעסער געזאָגט, ווי סתם טעראָריזירטע באַשעפענישן — פון דעם פאַשיזם. יידישע קאָמוניסטן און רעוואָלוציאָנערן, אפילו פון דעם מער סימפּאַטישערן טיפּ — וועגן די פּאַרטיי־„כאַזיאַאינעס״ איז דאָך שוין אָפּגערעדט — האָבן געשפּילט אויף יידישן פּחד. הוק איז דערגאַנגען ביז דעם באַגריף „זעלבסט־רעספּעקטירנדע יידן״. און ווען מען לייענט וואָס ער פאַרשטייט אונטער די פאַרבאַדינגונגען פון יידישער זעלבסט־ווירדע, מוז מען זאָגן, אַז פּאַר אַ מענטש פון זיין קרייז איז ער דערגאַנגען גאַנץ ווייט.



סידני הוקס אַרויסטריט איז אַ געשעעניש צוליב מער ווי איין טעם. דער אופן ווי ער פאָרמולירט דעם יידישן פּראָבלעם איז שוין אַליין אַ חידוש און אַן אינטעלעקטועלע דערגרייכונג.

אָט וואָס ער פאַרשטייט אונטער „יידישן פּראָבלעם״:

„אין משך פון די (לעצטע) יאָרן בין איך דערגאַנגען צו דער שוועער־פאַרדינטער דערקענטעניש, אַז בלויז די יעניקע, וואָס האָבן זיך אויפגע־הערט צו באַטראַכטן ווי יידן אין אַלע הינזיכטן, קען זיך אויסדוכטן, אַז די לייזונג פון די פּראָבלעמען פון מענטש אָדער געזעלשאַפט אין אַלגעמיין („אין די אַבסטראַקט״) איז שוין דערמיט אַליין די לייזונג פון די יידישע פּראָבלעמען. אָבער די וואָס עצהן די יידן, אַז זיי זאָלן זיך אויפהערן באַטראַכטן ווי יידן, אין זייער רעליגיע, קולטור, נאַציאָנאַליטעט אָדער אַנדערע הינזיכטן, זיינען אַליין, ניט קוקנדיק אויף זייער גראַנדיעזער און פון אויבנאויף נייטראַלער רעטאָריק, ניט פריי פון באַשטימטע קולטורעלע אָדער נאַציאָנאַלע בינדונגען. מיר הערן די מאָדנע פאָדערונג, אַז יידן זאָלן אויפגעבן אַלץ וואָס איז ספּעציפיש יידיש אין זייער לעבן, פון מענטשן וואָס זייער אייגענע פּערספּעקטיווע, אויב אפילו ניט זייערע ווערטער, איז רוסיש, פראַנצויזיש אָדער ענגליש. די דאָזיקע אָפּנאַרעריי מוז דווקא ניט זיין קיין באַוווסטזיניקער אַקט. אָבער זי נעמט געוויינלעך אָן די פאָרם פון אַ סכעמע („בליו פּרינט״) פון אַן אידעאַלער געזעלשאַפט אין וועלכער דער יידישער פּראָבלעם וועט ווי אַ רעזולטאַט פון פאַרשטעלטע

דעפיניציעס, פאַרשווינדן, און דערנאָך ווערט געפאָדערט אין איר (דער אידעאַלער געזעלשאַפטס) נאָמען אַ ספּעציפישע פּראָגראַם און אַרבעטס־פּלאַן, וואָס דאַרפן דינען די אינטערעסן פון אַ באַשטימטן שטאַט אָדער פּאָליטישער פּאַרטיי. די דערפאַרונג, און נאָכמער, אונדזער שכל, וואָרנט אונדז, זיך צו היטן פון גרינגע און ביליקע „לייזונגען”, וואָס גיבן אונדז לאָזונגען אַנשטאָט אַ קריטישן אַנאַליז, און פּרובירן צו עקספּלואַטירן יידישע ליידן און פאַרצווייפלונג אין די אינטערעסן פון אַ פּאַרטיי”.

און ווייטער זאָגט הוק: „דער יידישער פּראָבלעם איז ניט בלויז דער פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם; און דער מקור פון אַנטיסעמיטיזם איז אויך ניט קיין אויסשליסלעך עקאָנאָמישער. דער „יידישער פּראָבלעם” איז אַ וואָרט וואָס האָט צו טאָן מיט אַ קאָמפּלעקס פון קולטורעלע, נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידן, ווי אַ מינאָריטעט־פאָלק אין יעדן לאַנד אויף דער וועלט. עקאָנאָמישע זיכער־קייט איז נויטיק פאַר דער פולער באַפרידיקונג פון יענע יידישע טראַדיציעס און קולטורעלע טעטיקייטן, וואָס זיינען פאַרהייליקט געוואָרן דורך דער צייט אָדער סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך געוווינהייט. אָבער עקאָנאָמישע זיכערקייט אַליין איז נאָך ניט גענוג. די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידן אין דעם פאַר־היטלערישן דייטשלאַנד איז געווען אַ גאַנץ גוטע. און וואָס איז נוגע די עקאָנאָמישע זיכערקייט איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן די יידן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און די אַנדערע בירגער, וואָס די דאָזיקע עקאָנאָמישע זיכערקייט זאָל ניט זיין. אָבער בלויז דער הוצפּהדיקסטער אַסימילאַטאָר וועט וואַגן צו זאָגן, אַז עס זיינען ניטאָ קיין אַנדערע סאָרטן יידישע פּראָבלעמען. מען דאַרף פון יידן דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן אַ סאָציאַלע פילאָ־זאָפיע פאָרמולירן דוקא מיט אַן אויג אויף די דאָזיקע ברייטערע קולטורעלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַן אינעווייניקסטע שייכות מיט יעדער קאָנצעפּציע פון אַן אידעאַלן לעבן („די גוד לייף”); און דער כאַראַקטער פון אַן „אַנטי־פאַשיסטישער באַוועגונג” דאַרף באַאורטיילט ווערן אין איר שייכות צו די דאָזיקע פּראָבלעמען”.

אַלטע אמתן — אָבער טיפע, עכטע אמתן. וויפיל מענטשן זענען פאַראַן אפילו צווישן אונדז, סאָציאַליסטישע ציוניסטן, וואָס זיינען נאָך צו זיי ניט דערגאַנגען?

דערווייל האָט סידני הוק בלויז אַוועקגעשטעלט דעם פּראָבלעם. צום תוך איז ער נאָך ניט דערגאַנגען, כאָטש ער זעט די קאָנטורן פון פּראָב־לעם. ער דערמאָנט די קאָמוניסטישע שטעלונג צו ארץ־ישראל און ער גיט

אין עטלעכע ווערטער אַ גלענצנדן סך־הכל פון דער דאָזיקער כלומרשט סאָציאַליסטישער שטעלונג: „היפּאָטעטישע מינאָריטעטן־רעכט — אונטער די אַראַבישע קעניגן". אין אַן אַנדער שטעלע זאָגט ער, אַז דער קאָמוניזם איז „מיטן מויל פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג פון די מינאָריטעטן־פעלקער, אָבער ער אַנערקענט ניט דאָס רעכט פון די יידן אויף נאַציאָ־נאַלער באַפרייונג. ער רודפט יעדע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ יידישן היימלאַנד אין ארץ־ישראל (אויף וויפיל עס איז עפּעס אַנדערש ווי אַ גרענעץ־פּאָסטן אין בירא־בידזשאַן) ווי אַ זאַך וואָס איז אַן און פאַר זיך רעאַקציאָנער. ער רעספּעקטירט מינאָריטעטן־קולטור, בלויז אויף אַזוי ווייט ווי זייער אינהאַלט און זייערע ווערטן זיינען אין הסכם מיט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי־דעקרעטן. די שפּראַכן פון די מינאָריטעטן־פעלקער ווערן דערהאַלטן ביים לעבן און קאָדיפיצירט, ניט כדי צו דערמוטיקן אמתע קולטורעלע פאַר־שיידנאַרטיקייט, נאָר כדי צו דערגרייכן טאָטאַליטאַרישע איינשטימיקייט. עס איז אויסדריקלעך אַ פּאָליטישער מיטל פון נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע" (פון דער מאַיאָריטעט־נאַציע, פאַרשטייט זיך).

(אגב, די לעצטע זאַצן וואָלטן געמעגט לייענען געוויסע מענטשן, וואָס האַלטן זיך פאַר די אמתע „יידישע יידן", און וואָס אַ סידני הוק האַלטן זיי אודאי פאַר אַן אַסימילאַטאָר. איך מיין די יעניקע וואָס פּרעטענדירן צו זיין ניט־קאָמוניסטן און שפּרינגען דאָך קדוש פאַר דער „מוסטערהאַפטער סאָציאַליסטישער לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד" — און ברענגען אַלס ביישפּיל די מלוכה־רעכט וואָס די יידישע שפּראַך געניסט דאָרטן. אויב בנוגע אַנדערע מינאָריטעטן־פעלקער איז ריכטיק וואָס סידני הוק זאָגט וועגן דעם אמתן זין פון זייערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט, וואָס קען מען שוין זאָגן וועגן די שטאַרק רעקלאַמירטע רעכט פון דער יידישער קולטור? דער יידישער קיבוץ אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז באַ־רויבט געוואָרן אפילו פון דער היפּאָטעטישער פּוסטער זעלבסט־באַשטימונג וואָס די אַנדערע מינאָריטעטן געניסן בנוגע זייערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס „דער גרעסטער מענטש פון אַלע דורות" האָט אַלס דעם יסוד פון דער סאָוויעטישער קולטור־פּאָליטיק פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ „סאָציאַליסטיש — אין אינהאַלט, נאַציאָנאַל — אין דער פאָרם", זיצן קאָמוניסטיש געשטימטע העברעישע שריפטשטעלער אין סאָוויעטישע טורמעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

צום תוך דאַרף נאָך הוק קומען. אויב דער יידישער פּראָבלעם בלייבט אַ פּראָבלעם, אָפּגעזען פון דער סאָציאַלער אָרדנונג, און אויב הינטער דעם

קאָמפּלעקס וואָס טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „יידישער פּראָבלעם" שטייען ניט קיין קאַפּריזן, נאָר נויטן וואָס פאָדערן אַ לייזונג — דאַרף זיך דאָך שטעלן די קשיה: ווו ליגט די דאָזיקע לייזונג? הוק זאָגט, אַז בלויז דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם (וואָס ער גרענעצט אָפּ פון „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע") איז עלול געזעצט צו זיין צו די פינף קריטעריומס, וואָס ער רעכנט אויס ווי אומפאַרבייטלעכע תנאים פאַר אַן אַקצעפּטירבאַרער יידישער „סאָציאַלער פילאָזאָפיע". אָבער ווי ער שטעלט די זאַך, איז דאָך דאָס אויך דער סאַמע מינימום, אָן וועלכן עס איז אַפילו ניט מעגלעך די בלויזע עקזיסטענץ פון יידישן קיבוץ. אָבער דער אינהאַלט און די טענדענץ פון הוקס פינף תנאים דייטן דאָך אַליין אָן אויף אַן אויפפאַסונג, וואָס צילט ווייטער און אַריבער דער בלויזער עקזיסטענץ. אָבער אַפילו אויב מיר זאָלן זיך מיט דעם באַנוגענען — ווו איז דאָס לאַנד, ווו עס עקזיסטירן פאַקטיש די דאָזיקע תנאים? אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז אין די ליבעראַל־דעמאָקראַטישע לענדער ווערט אונדז דאָך געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו ווערן קעגן שונאים און זיך ראַנגלען מיט אומגעוווּנטשענע אָביעקטיווע פּראָצעסן, מוז מען דאָך זיין בלינד ניט צוצוגעבן, אַז דער שטח פון דער דאָזיקער דערטרעגלעכער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער וועלט ווערט שמאָלער און ענגער פון טאָג צו טאָג. בנוגע אַ גרויסן, אפשר דעם גרעסטן, טייל פון יידישן פאָלק האַנדלט זיך דאָך וועגן דרינגנדע נויטן, ניט נאָר גייסטיקע נויטן פון סענסיטיווע יחידים, נאָר עלעמענטאַרע, פיזישע נויטן פון גרויסע קיבוצים. עס איז ניט גענוג צו ריידן וועגן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט — מען דאַרף, מען מוז ריידן וועגן דעם וואָס מען דאַרף און מען מוז טאָן. און דעמאָלט קען מען ניט פאַרקוקן די קאָנקרעטע ענטפערס אויף די דאָזיקע נויטן, קען מען זיך ניט צוריקציען פון מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די ענטפערס. און מען קען ניט פאַרזען דעם ענטפער — דעם טראַגישן, אָבער דעם ערנסטן ענטפער פון ציוניזם — מיט אַלע נסיונות און קאָנפליקטן, מניעות און גלויבן וואָס זיינען מיט אים פאַרבונדן. מען מוז אים זען אין זיין פולער גאַנצקייט — אין שייכות צו דער גאַנצקייט פון יידישן פּראָבלעם, ווי הוק האָט אים אַזוי ערלעך און קלאָר סקיצירט.

אָבער דערווייל איז הוקס אַרויסטריט דער ערשטער, דער מוטיקסטער און דער אָנשטענדיקסטער (אָנשטענדיקייט איז איצט ניט אַזאַ געוויינלעכער עניין, ווי עס האָט זיך אַמאָל אויסגעדוכט). די פראַגע איז, צי איז דאָס בלויז אַ פּערזענלעכער חשבון־הנפש אָדער אַן אויסדרוק פון שטימונגען וואָס לעבן שוין אין אַ ברייטערן קרייז. איין זאַך איז זיכער: ערשט ווען

**אַ גרעסערע צאָל אַמעריקאַנער־יידישע אינטעליגענטן פון לינקן לאַגער וועלן אַרויסווייזן הוקס קוראַזש און גרייטקייט צו לערנען און דענקען וועט דער סאָציאַליסטישער עקסטרעמיזם פון אונדזער היגער יוגנט זיין עפּעס מער ווי אַ פּרעטענציעזער צודעק פאַר די רוגזה־געפילן פון שלי־מזלדיקע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן און דעם זעלבסטהאַס און נקמה־לוסט פון מענטשן וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק געבוירן צו ווערן יידן.**

(„אידישער קעמפער", 3 דעצעמבער 1937)

# אַפּילו גאַנדי

דער פיינער ענגלישער ליטעראַטור־קריטיקער עדווין מיור האָט אַמאָל געזאָגט: „עס איז ניטאָ קיין אײן נאַציע וואָס קען זיך פאָרשטעלן פאַרוואָס אַ צווייטע נאַציע זאָל באַשטיין אויף איר נאַציאָנאַלן קיום״. עדווין מיור איז אַ שאָטלענדישער און ער האָט די דאָזיקע ווערטער געזאָגט אין אַן אַרטיקל וועגן שאָטלענדישן נאַציאָנאַליזם. „שאָטלענדישער נאַציאָנאַליזם״ איז ניט אינגאַנצן קיין געניויער אויסדרוק. אייגנטלעך, איז אין שאָטלאַנד ניטאָ קיין נאַציאָנאַליזם אין ערנסטן, מאָדערנעם זין פון וואָרט. סקאָטלאַנד איז שוין יאָרהונדערטער ניט מער ווי אַ פּראָווינץ פון גרויס־בריטאַניע: „סקאָטס״ איז ניט מער ווי אַ דיאַלעקט וואָס אפילו דאָרפישע און קליינשטעטלדיקע איילן זיך אים צו פאַרגעסן אַזוי גיך ווי זיי קומען אין באַרירונג מיט דער גרויס־שטאָטישער, פון לאָנדאָן שטראָמענדיקער קולטור. און דאָך זיינען אפילו אין אָט דער בריטישער פּראָווינץ (אויך אין אַ צווייטער, אין וועילס) פאַראַן גרופּן מענטשן וואָס פילן אַז אין זייער טיפסטן וועזן אָדער אין די פאַרנאַכלעסיקטע טראַדיציעס פון זייער „פאָלק״ לעבט אַ ווערטפולער „עפּעס״, וואָס אויב מען זאָל אים לאָזן אינגאַנצן פאַרשווינדן, וועט פאַר זיי דאָס לעבן ווערן פוסטער און ביליקער און די וועלט־קולטור וועט דורכדעם פאַרלירן אַן אייגנאַרטיקן ניואַנס.

מען קען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי אַ דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ, אַ מענטש וואָס זיין גאַנצע רעפּוטאַציע איז אומפאָרשטעלבאַר אָן אַן אינטערנאַציאָנאַלער, כיכענדיקער וועלט־גאַליאַרקע אָדער אַ ה. דזש. וועלס, דער פון אַלע טראַדיציעס עמאַנציפּירטער און צו אַלע טראַדיציעס אומטאָלעראַנטער נביא פון „וויסנשאַפטלעכן וועלט־שטאַט״, פאַרקרימט זיין גאָז ווען ער הערט וועגן אַזאַ אָנשיקעניש ווי שאָטלענדישער נאַציאָנאַליזם — כאָטש פאַקטיש האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן אומשולדיקער קולטור־אַספּיראַציע, וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן דורך פרידלעכע מיטלען (צו מוסאָליניס אימפּעריאַליזם אָדער די אַמביציעס פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין זיין שוין פאַרשווונדענער עקספּאַנסיווער פאַזע, האָבן זיךביידע ענגלישע „אינטערנאַציאָנאַליסטן״ באַצויגן מיט פיל מער פאַרשטענדעניש; מען האָט דאָך דאָס געקענט באַטראַכטן ווי פאָרשטופּן צו דער געגאַרטער „ערדקיילעך־מלוכה״). אָבער

אַ זון פון אַ קליין פאָלק אָדער שבט, באַזונדערס ווען ער איז אַ שטאָטלענ־דער, מיט יענער האַרטנעקיקער ניכטערקייט, מיט וועלכער דאָס דאָזיקע פאָלק צייכנט זיך אויס, וועט זיך פון דעם דאָזיקן זאַטן „אידעאַליזם" ניט לאָזן נאַרן. אַ שטאָטלענדער וואָס האָט איינמאָל טועם געווען די פרעמדקייט פון לאָנדאָן און פאַרנומען דעם צויבער וואָס רעדט צו אים פון די שטאָט־לענדישע בערג, פון שטאָטלענדישע באַלאַדעס און שטאָטלענדישן געמיט, ווייסט ווו מען דאַרף זוכן די דערקלערונג פאַר יענעם אינטערנאַציאָנאַליזם וואָס איז אַזוי בריטישהאַרציק און וועלט־אַרומנעמענדיק, אַז ער קען ניט פאַרטראָגן די זאָרג פון אַ קליין פאָלק פאַר דער דערהאַלטונג פון זיין קולטורעלער אייגנאַרט. „עס איז ניטאָ קיין איין נאַציע, וואָס קען זיך פאַר־שטעלן פאַרוואָס אַ צווייטע נאַציע זאָל באַשטיין אויף איר אייגענעם נאַצ־יאָנאַלן קיום". די מענטשלעכע פאַנטאַזיע און די מענטשלעכע סימפּאַטיע האָבן זייערע גרענעצן. די דאָזיקע גרענעצן ווערן אַמאָל באַשטימט פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסן, און אַמאָל בלויז פון טעמפּקייט פון זאַטן, וואָס וויל ניט, אַז מען זאָל שטערן זיין רו.

עדווין מיורס קלוג וואָרט איז מיר געקומען אין קאָפּ ווען איך האָב געלייענט די דערקלערונג וואָס גאַנדי האָט די טעג געמאַכט וועגן די יידן אין דייטשלאַנד און ארץ־ישראל.

גאַנדי פאַרדאַמט, פאַרשטייט זיך, די רדיפות אויף די יידן אין דייטש־לאַנד. ער גייט אַזוי ווייט ווי צו זאָגן, אַז „אויב עס איז בכלל מעגלעך אַזאַ זאַך, ווי אַ באַרעכטיקטע מלחמה אין נאָמען פון מענטשלעכקייט, איז אַ מלחמה קעגן דייטשלאַנד — כדי צו פאַרמיידן די נידערטרעכטיקע רדיפות אויף אַ גאַנצער ראַסע — פולשטענדיק באַרעכטיקט".

דאָס איז אָבער בלויז אַ רעטאָרישע באַהויפּטונג, וואָס באַווייזט ווי שטאַרק גאַנדי איז אויפגעבראַכט צוליב די רדיפות אויף יידן. פאַר די דייטשע יידן האָט גאַנדי אַ גאַנדיסטישע עצה: „ווען איך וואָלט געווען אַ ייד און וואָלט געבאָרן געוואָרן אין דייטשלאַנד, וואָלט איך באַשטאַנען דערויף אַז דייטשלאַנד איז מיין היים, ניט ווייניקער ווי פון דעם העכסטן ניט־איד, און וואָלט אים אויפגעפאָדערט מיך צו שיסן אָדער אַריינצוואַרפן אין אַ טורמע. איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט צו לאָזן אַרויסוואַרפן אָדער זיך אונטערצוגעבן צו דיסקרימינירנדער באַהאַנדלונג".

די נאַציש פּרעסע האָט זיך גלייך אויף איר שטייגער אָפּגערופן אויף גאַנדיס דערקלערונג. זי וואָרנט דעם אינדישן פירער, אַז מיט אַזעלכע דערקלערונגען „טוט ער ניט קיין טובה דער זאַך פון דער אינדישער

נאַציאָנאַלער פרייהייט״. פון נאַצישן שטאַנדפּונקט איז גאַנדי באמת באַ־גאַנגען אַן אומדאַנקבאַרן אַקט. די נאַציס זיינען דאָך איצט די פּאַרקעמפּער פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער — ווי וואַגט עס גאַנדי זיי צו קריטיקירן?

וואָס שייך די דייטשע יידן, וועלן זיי אודאי פילן, אַז גאַנדיס עצות ליידן אַ ביסל דערפון וואָס דער אינדישער נאַציאָנאַלער פירער איז, ווייזט אויס, ניט געניט באַקאַנט מיט זייער לאַגע. די נאַציס שיסן און וואַרפן אין טורמע אויך אַן אַרויספאָדערונגען מצד זייערע קרבנות. דייטשע יידן וואָלטן גאַנדין געקענט דערמאָנען דעם אונטערשייד צווישן זייער לאַגע און דער לאַגע פון די אינדיער. אין אינדיע איז פּאַסיווער ווידערשטאַנד — און דאָס רעקאָמענדירט דאָך גאַנדי די דייטשע יידן — אַ פּאַציפיסטישער מעטאָד ווי אַזוי צו דערגרייכן בעסערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע לעבנס־באַדינגונגען פאַר די אינדישע מאַסן. גאַנדי האָט ניט איינמאָל געמאַכט באַהויפּטונגען פון וועלכע מען קען אַרויסדרינגען, אַז ווען ער וואָלט געהאַט אַ ספק אויב די מעטאָדן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד פירן צו דעם דאָזיקן ציל, וואָלט ער אויך געווען גרייט צו טראַכטן וועגן אַנדערע מעטאָדן. עס איז זיכער, יעדנפאַלס, אַז גאַנדי וואָלט זיין פאָלק ניט אויפגעפאָדערט שלום צו מאַכן מיט אייביקער נאַציאָנאַלער אָפּהענגיקייט אפילו אויב עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן אַז מיט פּאַציפיסטישע מיטלען קען דער דאָזיקער סטאַטוס ניט אָפּגעשאַפט ווערן. און דאָס אינדישע פאָלק שטייט דאָך ניט, ווי די יידן אין דייטשלאַנד, פאַר דער סכנה פון פיזישער פאַרניכטונג. אין אינדיע איז דער „פּאַסיווער ווידערשטאַנד״ אַ נייער, מאָראַליש הע־כערער מעטאָד פון נאַציאָנאַלן פרייהייטס־קריג. גאַנדי קען זיין שטאָלץ מיט די רעזולטאַטן וואָס דער דאָזיקער קאַמף האָט שוין איצט געגעבן דעם אינדישן פאָלק. אין דייטשלאַנד וואָלט אַזאַ „אַרויספאָדערונג״ מצד די יידן — וואָס ווערן סיי ווי סיי געשאָסן, פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גערודפט, באַרויבט — געהייסן בלויז פאָדערן אינטענסיווער צו מאַכן און פאַרמערן די ליידן וואָס זיי האָבן במילא אויסצושטיין.

אָבער ניט דאָס איז דער עיקר אין גאַנדיס דערקלערונג. משונהדיקער, מילד גערעדט, איז אַ באַמערקונג, וואָס גאַנדי מאַכט אין דעם דאָזיקן אַרטיקל וועגן ארץ־ישראל.

ער זאָגט: „ארץ־ישראל געהערט צו די אַראַבער אין דעם זעלבן זין ווי ענגלאַנד געהערט צו די ענגלענדער און עס איז ניט רעכט און אומ־מענטשלעך אַרויפצוצווינגען די יידן אויף די אַראַבער״. און ווייטער מוסרט

ער די יידן, וועלכע „קומען אַריין אין ארץ־ישראל אונטער דעם שאָטן פון די בריטישע קאַנאָנען".

דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס דער אינדישער פּאָליטישער און רעליגיעזער פירער זאָגט זיך אַרויס וועגן ארץ־ישראל און ציוניזם אין דעם דאָזיקן זין. ער האָט עס שוין געטאָן ביי עטלעכע פריערדיקע גע־לעגנהייטן. ארץ־ישראל איז אין די לעצטע יאָרן אין אינדיע געוואָרן גאַנץ פּאָפּולער. אויב די הינדוס וואָלטן וועגן ארץ־ישראל פאַרגעסן, אָדער פאַר־בייגעגאַנגען ניט שענקענדיק דער ווייטער פראַגע קיין ספּעציעלע אויפ־מערקזאַמקייט, איז אין אינדיע פאַראַן אַ באַדייטנדיקע מוסולמענישע מינ־דערהייט וואָס איז זיי שטענדיק גרייט וועגן דעם צו דערמאָנען. די זיבעציק מיליאָן מוסולמענער זיינען אַ גרויסער פּאָליטישער כח מיט וועלכן עס מוזן זיך רעכענען ניט נאָר די בריטישע אימפעריע, נאָר אויך די אינדישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג. די מוסולמענישע באַפעלקערונג אין אינדיע איז קריגעריש, פאַנאַטיש רעליגיעז, פאַרהעלטנישמעסיק רייך, פּאָליטיש אַמ־ביציעז. זיי ווייסט, אַז ווי אַ וואָגיקע מינדערהייט האָט זי אין איר רשות עטלעכע קאָרטן וואָס זי קען נוצן סיי קעגן די ענגלענדער, סיי קעגן די הינדוס. מיט דעם דערקלערט זיך דער טראַדיציאָנעל אָפּאָרטוניסטישער כאַראַקטער פון דער פּאָליטיק פון דער דאָזיקער איינפלוסרייכער מינדער־הייט. אינדיעס נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיקער מוזן זיך רעכענען מיט די שטימונגען און פאָדערונגען פון דער דאָזיקער מינדערהייט. און אַזוי איז אויף דעם לעצטן „נאַציאָנאַלן קאָנגרעס" פלוצעם פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן „ארץ־ישראל־טאָג". אינדישע נאַציאָנאַליסטישע צייטונגען זיינען פול מיט באַריכטן וועגן „די רדיפות אויף די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער". נעהרו, דער סאָציאַליסטישער פּרעזידענט פון „אינדישן נאַציאָנאַלן קאָנ־גרעס", שרייבט בריוו צו ליבעראַלע ענגלישע צייטונגען אין וועלכע ער נעמט אונטער די פליגלען פון זיין זויבערער רעפּוטאַציע דעם „נאַציאָנאַלן פרייהייטס־קאַמף" פון די אַראַבער אין ארץ־ישראל.

די סימפּאַטיעס וואָס די אינדישע נאַציאָנאַליסטישע פירער האָבן אין די לעצטע יאָרן ניט איינמאָל אויסגעדריקט פאַר די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער איז ניט קיין צופעליקע זאַך. עס איז אַ טייל פון אַ פּאָליטישער פּראָגראַם, וואָס איר ציל איז אַריינצוציען די מוסולמענישע מינדערהייט אין דער אינדישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג — אָדער ווייניקסטנס זי צו נייטראַליזירן אין קאַמף צווישן אינדישן נאַציאָנאַליזם און בריטישן אימ־פּעריאַליזם. די פירער פון דער אינדישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג טוען

דאָס זיכער ניט מיט קיין גרינג האַרץ. עס איז שווער צו גלויבן, אַז מענער פון דעם שניט פון גאַנדי און נעהרו קענען האָבן שטאַרקע סימ־פּאַטיעס פאַר די קאַליפאַט־אַמביציעס און אינטריגעס פון די אינדישע מוסולמענער. אָבער בעת די פאַרשטאָרבענע ברידער אַלי, די פירער פון דער מוסולמענישער עדה אין אינדיע האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע אין נאָענטן מזרח, כדי צו מאָביליזירן די אַראַבישע וועלט פאַר זייער קאַליף־קאַנדידאַט (דוכט זיך, דער געוועזענער קאַדיוו פון מצרים), האָבן זיי דערפאַר געקראָגן גאַנדיס שטיצע. איז זיך ניט שווער פאָרצושטעלן ווי אָנגענעם דאָס איז געווען פאַר אַ מענטש פון גאַנדיס פריי רעליגיעזע איבערצייגונגען. דער קאַליפאַט איז דאָך קודם כל אַ פּאָליטישער אַמט — און די מוסולמענער וואָס פרווון אים איצט באַנייען טוען דאָס כדי צו האָבן אין האַנט אַן אינסטרומענט פאַר באַשטימטע, ניט זייער געהויבענע פּאָליטישע אַמביציעס. עס איז שווער צו גלויבן, אַז גאַנדי וויסט דאָס ניט. אָבער גאַנדי איז אויך אַ פּאָליטיקער. ער וויל זיכער זיין מיט דער שטיצע פון די אינדישע מוסולמענער פאַר זיין נאַציאָנאַלער זאַך; און ער וויסט, אַז ער וועט דאָס פון זיי באַקומען בלויז פאַר אַ באַשטימטן שכר. דער קאַליפאַט איז וויט; אינדיע איז נאָענט. און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז גאַנדין — אפילו גאַנדין — אינטערעסירט דער גורל פון זיין פאָלק און זיין באַוועגונג מער ווי די מעגלעכע וועלט־פּאָלי־טישע און רעליגיעז־מענטשלעכע רעזולטאַטן פון אַ באַנייטן, קריגערישן איסלאַם.

אָבער ניט אַלע אינדישע פירער זיינען פּאָליטיקער. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער אינדישער דיכטער און דערציער ראַבינדראַנאַט טאַגאָר זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן וועגן די אינדישע מוסולמענער. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער צעשטערנדיקער ראָלע וואָס דער איסלאַם האָט שטענדיק געשפּילט אין דער אינדישער געשיכטע, אויף דעם קריגערישן פאַנאַטיזם מיט וועלכן ער האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט — און האָט געוואָרנט קעגן אַ הינדו־מוסולמענישן בונד. ראַבינדראַנאַט טאַגאָר, וועלכער איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיינעם אויסער פאַר זיך אַליין האָט זיך געקענט דערלויבן צו ריידן אָפן וועגן דער דאָזיקער דעליקאַטער פראַגע. ער האָט אפילו געקענט אָפן אָפּפרעגן די אויפריכטיקייט און פאַרלעסלעכקייט פון דעם מוסולמענישן צד. אָבער דער שלום־נביא גאַנדי און דער סאָציאַליס־טישער פירער נעהרו זיינען געצוווּנגען צו פאַרקוקן זאַכן וואָס אין האַרצן וויסן זיי גאַנץ גוט ווי ערנסט זיי זיינען. און אויב זיי קענען עס טאָן, צוליב

פּאָליטישע קאַלקולאַציעס, װעגן ענינים, װאָס האָבן אַ שײכות מיט זײער אײגן לאַנד, — קומט דאָך דאָס זײ אָן פיל גרינגער װען עס האַנדלט זיך װעגן אַזאַ װײט, מטושטשדיק פאָלק װי די יידן.

מיר לעבן אַלע, דוכט זיך, אויף אַזאַ קלײנעם פּלאַנעט. אָבער אונדזער פאַנטאַזיע איז דאָך צו שװאַך און צו קריכנדיק, אַז זי זאָל זיך קענען אױפהײבן איבער דעם אײגענעם װינקל. און דערפאַר קען אַפילו גאַנדי, דער צדיק, אין זײן סימפּאַטיע פאַר די גערודפטע יידן אין דײטשלאַנד, גרינגער צושטימען צו אַ היפּאָטעטישער מלחמה — װי זיך צו פאַררײסן מיט אַ ממשותדיקן פאַרבינדעטן, װאָס קען אויסגענוצט װערן פאַר די אײגענע, נאַציאָנאַלע אינטערעסן. װער קען לײקענען דעם געװאַלטיקן אונטערשײד צװישן דער אַטמאָספערע װאָס הערשט אין די מלכותדיקע באַראַטונגס־צימערן פון שלויען „װײטהאָל" און די אָרעמע, אַסקעטישע לײמענע שטיבלעך װו גאַנדי פאַסט און דאַװנט — אָבער װען עס קומט צו פרעמדן און װײטן, קען דאָרטן די פאַנטאַזיע שפּילן דעם זעלבן באַהעלטעניש־שפּיל מיט דעם מענטשן װאָס זוכט אַ תירוץ.

אפשר זײנען גערעכט די װאָס זאָגן, אַז געװיסן װאַקסט אַרויס בלויז פון שולד־געפיל. איך האָב די טעג אין „העראַלד־טריביון" געלײענט אַ בריװ פון אַ קריסטלעכער דאַמע, אין װעלכן זי פּרוּװט ענטפערן אויף די ברײט פאַרשפּרײטע טענות פון יענע קריסטן װאָס די לעצטע פּראָטעסטן קעגן די יידן־רדיפות האָבן זײ דערמאָנט אַז איצט איז די צײט אויפצומאָנען די חשבונות פאַר די ברוטאַליטעטן װאָס זײנען אין די לעצטע יאָרן באַגאַנגען געװאָרן אין סאָװיעטן־פאַרבאַנד, אין שפּאַניע און אין מעקסיקאָ. די בריװ־שרײבערין דערמאָנט די דאָזיקע קריטיקער, אַז בעת רוסלאַנד און שפּאַניע זײנען פאַר דעם קריסטלעכן אַמעריקאַנער װײטע און פרעמדע לענדער, זײנען די יידן „אַ טײל פון אונדזערע אײגענע טײערע װאָרצלען. מיר קענען זיך די רדיפות אויף די יידן פאָרשטעלן לעבעדיקער װי די רדיפות אויף װײטע פעלקער אין די פאַרװאָרפענע װינקלען פון דער ערד — פעלקער װעלכע זײנען פאַר אונדז אינגאַנצן אַנאָנים". עס איז אינטערע־סאַנט זיך צו דערמאָנען, אַז די אויסגעפּרוּװטע פרײנד פון ציוניזם זײנען אָפּטמאָל מענטשן, װאָס זײנען באַלאָדן מיט אַ היסטאָרישן שולד־געפיל כלפּי אונדז. לײענט מרס. דאַגדײלס ביאָגראַפיע פון לאָרד באַלפור און איר װעט זע װי װײט דער דאָזיקער שולד־געפיל האָט דיקטירט דעם ענגלישן שטאַטסמאַנס גרויסע פרײנדשאַפט פאַר דעם ציוניזם. צװישן די פרײנד פון ציוניזם האָבן זײער װײניקע אַרויסגעװיזן אַזאַ פאַרשטענדניש פאַר

אונדזער זאַך ווי נאָרמאַן ענדזשעל. ער איז אויך אַ גרויסער פּאַציפיסט, און דאָך האָט ער זיך קיינמאָל ניט געוואַקלט בנוגע אונדזער מאָראַליש רעכט אויף ארץ־ישראל. און איך געדענק ניט, אַז נאָרמאַן ענדזשעל זאָל ווען עס איז ריידן וועגן ארץ־ישראל־פּראָבלעם און ניט דערמאָנען די שולד וואָס די קריסטלעכע אייראָפּע טראָגט אויף זיך בנוגע יידן.

מיר זיינען ניט מער ווי באַגרענעצטע מענטשן, און אונדזערע העכסטע ווי אונדזערע נידעריקסטע סענטימענטן וואַקסן אַרויס פון צער־ און זינד־פולן פלאָנטער פון מענטשלעכער דערפאַרונג און שולד, אין וועלכער מיר זיינען אַלע פאַרוועבט. ווען אונדזערע סימפּאַטיעס וואַקסן אַרויס בלויז פון אונדזער אַבסטראַקטן שכל, ווען עס פעלט זיי דאָס ביסל מענטשלעכע וואַרעמקייט, וואָס צוזאַמענלעבן און קעגנזייטיקע דערפאַרונגען שאַפן אין משך פון דורות, ווען זיי ווערן ניט באַלעבט פון אַ קאָנקרעטן שולד־געפיל, זיינען מיר אַלע עלול נכשל צו ווערן מיט יענער פאַנטאַזיעלאָזער גלייכ־גילטיגקייט וואָס באַליידיקט אונדז אַזוי אין גאַנדיס גוט געמיינטן סימ־פּאַטיע־אויסדרוק.

פון דעם דאָזיקן כלל קען זיך, ווייזט אויס, קיין שום מענטש ניט באַפרייען; אפילו ווען דער מענטש הייסט — מאַהאַטמאַ גאַנדי.

(„אידישער קעמפער“, 16 דעצעמבער 1938)

# דער קלײנער אונטערשייד

מײן באַליבטער ייִדיש־פּראָלעטאַרישער פילאָזאָף — איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך מײן גענאָסע צביון — ווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זײנע לעצטע „אידשע אינטערעסן" דער פאַרטיידיקונג פון ווײנאַכטס־בוים און ווײנאַכט אַליין. דערשרעקט זיך ניט, ליבע ייִדן! צביון האַלט זיך ניט ביים שמדן. אין דעם זעלביקן אַרטיקל דערציילט ער אונדז וועגן די חנוכה־ליכטלעך אין זײן טאַטנס הויז, וואָס האָבן (ער געדענקט דאָס נאָך עד־היום) „איבערגעלאָזן אַ שלעכטן ריח נאָך זיך". אַ מענטש, וואָס גע־דענקט אַט־דאָס וועגן די חנוכה־ליכטלעך אין זײנע קינדער־יאָרן, האַלט נאָך גאַנץ ווייט פון רעליגיע — קריסטלעכער אָדער ייִדישער. פונדעסטוועגן האַלט צביון, אַז עס וועלן ניט העלפן די אַלע קלאָגענישן וועגן דער בידנער מערכה פון די חנוכה־ליכטלעך אין פאַרגלײך מיט דער לוקסור־יעזער פײערלעכקייט פון דעם ווײנאַכט־בוים. חנוכה קען, אויך ביי ייִדן, ניט קאָנקורירן מיט ווײנאַכט. די סיבה — איז אַ גאַנץ פשוטע: „ביי די קריסטן איז טאַקע קריסטמעס אַ רעליגיעזער יום־טוב, אָבער ביי ייִדן איז עס איז אַ יום־טוב פון לאַנד און אַ גאַנץ גרויסער טייל פון זיי וואַרטן אויף אים אַ גאַנץ יאָר, ווייל עס איז אַ יום־טוב, וואָס איז פאַרבונדן מיט פרנסה".

דער לעצטער אַרגומענט וועט זיכער שטאַרק געפעלן ווערן צביונס טרייסטע לייענער, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טעם פון „דעם געזאַלצענעם ים פון מענטשלעכע טרערן" און זײנען דאָך, ווי צביון אַליין, געבליבן כשרע אָרטאָדאָקסישע, מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן. די חנוכה־ליכטלעך האָבן נאָך זיך געלאָזן אַ שלעכטן ריח — אָבער אַ יום־טוב, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ קאָפּעטשקע פרנסה — דאָס איז גאָר אַן אַנדער געשיכטע! „געלט", זאָגט, דוכט זיך, אַן אַלט גלײכווערטל, „האָט ניט קײן ריח".

און גלײך נאָך דעם דאָזיקן טעאָלאָגישן טראַקטאַט, וואָס צביונס רבי, דער גאָטזעליקער קאַרל מאַרקס, ווען ער וואָלט דערלעבט קלײבן נחת פון זײן אײנקל, וואָלט אין אים מסתמא געפונען נאָך אַ באַווייז, אַז „דער גאָט פון די ייִדן — איז דאָס געלט", — קומט אַן אינטערעסאַנטע אַנטדעקונג. צביון האָט אַרײנגעקוקט אין דעם לעצטנס דערשינענעם ברעגער־בוך און

זיך פון דאָרטן דערוווּסט, אַז ער און דער פאַרשטאָרבענער קדוש זיינען ממש — אַ צווילינג.

איך בין גאַנץ זיכער, אַז אין דער גאָרער וועלט איז ניטאָ קיין צווייטער מענטש, וואָס זאָל ווען עס איז האָבן געטראַכט בנשימה אחת, אַזוי צו זאָגן, וועגן די דאָזיקע צוויי שרייבער — י. ח. ברענער און, אים צו לענגערע יאָר, צביון. עס קומט דערפאַר צביונען אַ גרויסן דאַנק פאַר אַזאַ איבער־ראַשנדיקער אַנטדעקונג.

צביון האָט אין דעם דערמאָנטן זאַמלבוך געפונען אַ בריוו וואָס י. ח. ברענער האָט אין יאָר 1920 געשריבן צו זיין פריינד מ. י. בערדיטשעווסקי. ער ציטירט פון דעם בריוו די פאָלגנדיקע שורות:

„אין לאַנד שלעפּט זיך אַלץ, און אַלע ווייסן, אַז דער ציוניזם איז אַ פּוסטער חלום. דאָס לאַנד איז קליין און דער בעסטער און מיטלמעסיקער באָדן איז באַזעצט דורך די איינגעבוירענע איינוווינער. עס זיינען פאַראַן פּלעצער, וואָס מען קען זיי קאָלאָניזירן, דורך באַמיונגען, וואָס זיינען איבער די כּוחות. אָבער יידן זיינען ניט קיין קאָלאָניזאַטאָרן".

צביון, דערציילט ער אונדז, האָט ארץ־ישראל באַזוכט אין יאָר 1921. ער האָט וועגן זיינע איינדרוקן געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זיינען שפּעטער דערשינען אין אַ בוך־פאָרם. ציוניסטן האָבן אויף אים געהאַט שטאַרק פאַראיבל פאַר דעם דאָזיקן בוך. ער האָט צו זיי קיין טענות ניט געהאַט. „מיינע אַרטיקלען זיינען געווען זייער ניט גינסטיק פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג און אירע אויסזיכטן אין פּאַלעסטינע... איך האָב אָבער יאָ געהאַט צו זיי אַ טענה, פאַרוואָס זיי פּרובירן לייקענען די פאַקטן, אויף וועלכע איך האָב געבויט מיינע אויספירונגען. איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַן עוולה, ווייל איך האָב מיינע פאַקטן גענומען פון די ציוניסטן אַליין. עס איז פאַר מיר דערפאַר געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט צו לייענען י. ח. ברענערס אַ בריוו, אין וועלכן איך האָב געפונען, אַז ער איז געקומען צו די זעלבע אויספירונגען וואָס איך".

נו, מען קען דאָס ניט לייקענען. ברענער און צביון —ביידע האָבן איינגעזען די שוועריקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אויפבוי פון אַ יידן־לאַנד אין ארץ־ישראל. אַ קליין לאַנד, וואָס אויף זיינע בעסטע באָדנס לעבט שוין אַ צווייט פאָלק. און יידן זיינען, האָבן ביידע געהאַלטן, ניט קיין קאָלאָניזאַטאָרן. אמת, ברענערן האָט די דאָזיקע מורא, אַז יידן זיינען ניט קיין פאָלק פון קאָלאָניזאַטאָרן אָפּטמאָל געטריבן צו רייסן די האָר פון קאָפּ. צביון, דאַקעגן, האַלט, אַז דאָס איז ניט קיין חסרון. יידן זיינען

געשאַפן געוואָרן פאַר „בעסערע זאַכן". פאַרוואָס זאָלן מיר זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ גוייש־פּויערשער אַרבעט ווי קאָלאָניזאַציע, אַז מיר האָבן אַזעלכע פעיקייטן אויף האַנדלען — מיט הערינג, שמאַטעס, וויינאַכט און אַנדערע כשרע סחורות? אָבער דאָך בלייבט אַ פאַקט, אַז ביידע, ברענער און צביון, זיינען שטאַרקע פעסימיסטן און צווייפלער. צביון האָט אַ רעכט זיך צו פאַררופן אויף י. ח. ברענער.

און דאָך איז צווישן זיי פאַראַן אַ קליינער אונטערשייד.

ברענער האָט געזאָגט וואָס ער האָט געזאָגט, ריכטיקער, ער האָט אויסגעשריען זיין פּיין און זיין צווייפל — און איז פאַרבליבן אין ארץ־ישראל, געליטן, געהונגערט, געשאַפן. „כל זמן די נשמה לעבט זיינען פאַראַן דערהויבענע מינוטן און ווערטפולע מעשים. זאָל לעבן די יידיש־מענטשלעכע אַרבעט". אריה לפידות (א. ד. גאָרדאָן) דער העלד פון זיין „מכאן ומכאן", איז אַזאַ הערויִשע געשטאַלט דערפאַר וואָס ער איז „אַליין, איינער אַליין" געבליבן אויפן שלאַכטפעלד מיט דער פאָן אין האַנט, בעת אַלע זיינען זיך צעלאָפן. ברענער האָט בכלל ניט געהאַלטן קיין סך פון „יידישן בטחון"; ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז ביי אונדז איז דאָס דאָזיקע וואָרט: בטחון ניט מער ווי אַן אויסרייד פאַר בהמהדיקער זעלבסטצופרידנ־קייט, זאַטקייט און פוילקייט. די „גראַנדיעזע טענצער פאַר דער שכינה" — אַזוי האָט ער כאַראַקטעריזירט דעם טיפּ וואָס ער האָט אַמביטערסטן פיינט געהאַט צווישן יידן. דאָס שליסל־וואָרט צו ברענערס לעבנס־בליק און צו זיין ציוניזם איז, ווי באַקאַנט: אף־על־פּי־כן (און דאָך, פונדעסטוועגן). געגאָסע צביון פאַרגעסט זיך אויך, אַז אין די צוואַנציק יאָר וואָס זיינען פאַרגאַנגען צווישן זיינע און ברענערס פעסימיסטישע נבואות וועגן ציוניזם איז אין ארץ־ישראל אויפגעטאָן געוואָרן עפּעס, וועגן וואָס ער האָט ניט געחלומט (ווי קומען צו אים חלומות?) און ברענער האָט יאָ געחלומט, אָבער זיך געשראָקן דאָס אַרויפצוברענגען אויף די ליפּן, טאָמער זיינען דאָס ניט מער ווי זיסע, פאַרשלעפערנדיקע אילוזיעס.

אָבער, וואָס דריי איך געגאָסע צביונען אַ קאָפּ? ווי קומען אַזעלכע נאַרישקייטן צו אים? מען קאָן זיך טאָקע זיין אַ ייד אַ חכם, אַ מבין אויף כלערליי זאַכן און דאָך ניט פעיק זיין צו באַנעמען אַזאַ ענין ווי ברענערס אף־על־פּי־כן. צביון איז אַ ייד מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים. אָט איז ער, דוכט זיך, אַ סאָציאַליסט — אויב איר ווילט, דער לעצטער אויסגעהאַלטענער סאָציאַליסט ביי יידן. דער סאָציאַליזם ליגט איצט לעבן זיינע פיס — אַ צעשמעטערטער, אַ צעבראָכענער אויף פּיצלעך. ווער

**ווייסט, צי ער וועט נאָך אַמאָל צוריק גאַנץ ווערן? אַזאַ כשרער, הונדערט־פּראָצענטיקער סאָציאַליסט וואָלט דאָך אַמאָל געדאַרפט געבן אַ זיפץ, אַפילו פאַרגיסן אַ טרער אויפן חורבן פון** זיין **אידעאַל. האָט איר דאָס אַמאָל באַמערקט? ניין, צביון איז ניט פון די מענטשן.** דערווײַלע **לעבט מען דאָך, חכמהט מען זיך. וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו זאָרגן?**

מערי קריסטמעס, גענאָסע צביון — און קריסטמעס־פּדיון פאַר כלל־**ישראל — בשפע!**

(„אידישער קעמפער״, 2 יאַנואַר 1947)

# דער „קאַפּמענטש" און זיין „כשרער לולב"

אויב איר ווילט זען אַ מאָדערנעם, טיפּישן, יידישן „קאַפּמענטש" — האָבן מיר אַזאַ איינעם אין אַמעריקע; זיין נאָמען איז ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. אונדזער נעבעכדיקע ווירקלעכקייט איז ביי אונדזער „קאַפּמענטש" כמעט גאָרנישט מיט גאָרנישט; זיך באַקענען מיט עפּעס אַ פֿאַקט אויפֿן פּלאַץ האַלט ער ניט פֿאַר נויטיק, זיין אידעע, וואָס ער האָט גענומען פֿון אַן אַנדער תּלמיד־חכם אָדער צו וועלכער ער איז דערגאַנגען דורך אייגענער לאָגיק איז אים מער ווי גענוג, אַז ער זאָל שוין מיט דעם דאָזיקן כּוח אַליין ווערן אַ פּריידיקער, אַ מוכיח און אַ מורה־דרך. אַזאַ מין מענטש זעט די שאָטנס פֿון בערג ווי די בערג אַליין, אויב זיי האָבן נאָר עפּעס אַ שייכות מיט זיין אידעע, און ער איז באַהערשט פֿון דעם תּקיפֿותדיקן גלויבן, אַז זיינע לאָגישע הנחות זיינען בכּוח צו שאַפֿן וווּנדער, איבערצוקערן וועלטן. עס איז בלויז נויטיק, אַז די דאָזיקע הנחות זאָלן אַריינגעקלאַפּט ווערן אין די פֿיל תּלמידים — דעמאָלט וועט אַלץ זיין ווי גאָט האָט געבאָטן.

(1911).

דאָס איז דאָך ד"ר זשיטלאָווסקי, דער רבי־אינטעליגענט, דער מאָדער־נער פּוסק, וועלכער גיט זיין הסכּמה אויף יעדער נייער דערשיינונג, אָדער דערשיינונג, וואָס דוכט זיך אים אויס צו זיין ניי — דאָס הייסט, ער געפֿינט שוין, אַז מען דאַרף, אויף וואָס זיך סומך זיין אין פֿאַרשיידענע טעאָריעס און ביכער און מפֿרשים. ער כּשרט און מאַכט טריף, כאַטש מערסטנטייל כּשרט ער: כּחא דהיתּרא עדיף (דער כּוח פֿון היתּר איז שטאַרקער)... דאָס איז דאָך דער ד"ר זשיטלאָווסקי, וואָס תּמיד דוכט זיך, אַז אָט לערנט ער עפּעס, אָבער אין דער אמתן פֿאַרגעסט ער תּמיד...

(1916).

די וועלט האָט זיך ניט געענדערט. יידן נייען הויזן־קנעפּלעך און פֿאַרקויפֿן סאָדע־וואַסער און פֿאַרפֿוילטע פּרוכט און שיקן די קינדער אין „סקול" און קויפֿן זיך אין ווינטער־„העטס" — און דער וואָס האָט גאָר אַ פֿילנדיק האַרץ און דער „פּעיפּער" באַגייסטערט אים גאָר שטאַרק — גייט צו אַ מיטינג אָדער קויפֿט אַ „טיקעט" און קלייבט נחת פֿון ד"ר זשיטלאָווסקיס אַ „לעקטשור" (אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר!).

(1916).

...פון יענע מענטשן, די מענטשן וואָס דער יידישער סאָציאַליזם איז פאַר זיי ניט קיין אַרבעטס־פעלד, נאָר אַ כשרער לולב מיט אַ מהודר־דיקן אתרוג (על פי סאָציאַליסטישער כשרות, פאַרשטייט זיך), וואָס מען קען זיי האַלטן אין איין שאָקלען כלפי זיך און כלפי חוץ.

איך האָב פיינט — מיט שלאַנגען־שנאה — דעם מאַרקס פון דער יידן־גאַס, אָט דעם סאָציאַליזם, וואָס האָט ניט קיין קאַמפּס־פעלד און קיין אַרבעטער־טרעגער און קיין שום האַפט; דער סאָציאַליזם פון טעמפּע און זאַטע למדניש־באַלעבאַטישע קינדער...

י. ח. ברענער.

פאַר אונדז (איז) דער סאָציאַליזם געוואָרן אַ רעליגיעזער אני־מאמין — אַן אידעע, אַן אָנגעזאַפּטע מיט ליידנשאַפטלעכן געפיל — אַן אני־מאמין, וואָס דאַרף באַשטימען דעם גאַנג פון אייגענעם לעבן, אַן „אורח־חיים" אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט.

מען זאָגט אויף מיר, אַז איך בין אַ היפּש ביסל לייכטזיניק אין מיין פּריוואַט לעבן... אָבער אין די פראַגן פון אידעען און אידעאַלן קען איך מיך גאַנץ זיכער מיט אַזוינס ניט באַרימען.

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי — „זכרונות פון מיין לעבן".

**יאָ, איך האָב איבערגעלייענט ד״ר חיים זשיטלאָווסקיס צוויי נייסטע שאַפונגען — זיין „ענטפער מיינע קריטיקער" און „ענטפער דוד פינסקין" (אַרויסגעגעבן פון קאָאָפּעראַטיוון פאָלקס־פאַרלאַג פון דער יידישער סעקציע, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן) — און איך בין ניט ברוגז. איך לייג די צוויי בראָשורן אַוועק אויף דער פּאָליצע צווישן די עטלעכע אַנדערע ביכער פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקין, וואָס געפינען זיך אין מיין ביבליאָטעק. זיי געהערן דאָרטן. דאָס זיינען ניט קיין פלוצלימדיקע שמד־בראָשורן. דאָס זענען פרוכט פון דעם זעלבן בוים ווי די אַנדערע, די פריערדיקע. כאָטש איך מוז צוגעבן: לעצטע פרוכט, פאַרדאַרטע, קרענקלעכע.**

**פאַר איך, אפשר, זיינען ד״ר זשיטלאָווסקיס שפּעטע יאָרן — אַ חרפּה־דיקע אַנטוישונג, אַן אומפאַרשטענדלעכע טראַנספאָרמאַציע. איך בין זיך מודה: פאַר מיר ניט. ד״ר זשיטלאָווסקי איז פאַר מיר ניט קיין יחיד, נאָר אַן עקזעמפּלאַר פון אַ שטאַם, פון אַ גזע אין מאָדערנעם יידנטום — אין איין און דער זעלבער צייט די ראַפינירטסטע און סאַמע גראָטעסקע פּרי פונעם דאָזיקן גזע. צו זען די דאָזיקע פּרי פון דעם דאָזיקן גזע אין**

איר ירידה — איז זיכער ניט קיין פאַרגעניגן. עס איז אָבער אומפאַר־מיידלעך. די רייפע פרי איז שוין געלעגן אין קערנדל.

אין מיינע גאָר פריסטע יאָרן האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט איינעם פון דעם גזע. די דאָזיקע פּאַטאַלע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין אַ שפּעטן שבת נאָכמיטאָג אין אַן אָרעמען געסל פון אונדזער ווייס־רוסישער שטאָט. מיר, אַ גרופּע קינדער, האָבן זיך געשפּילט אויפן טראָ־טואַר, וואַרטנדיק אַז מען זאָל אונדז רופן דאַוונען מנחה. אין גאַס איז געווען שבתדיק שטיל. פון אַ פענסטער האָבן זיך געקייקלט זיס־ווייפּולע טייטש־חומש פסוקים. אין אַ נאָענטן הויף האָבן זיך צוויי שטימען געפלאָכטן אין אַ זינגענדיקן דיאַלאָג — אַ זיידע האָט פאַרהערט דעם אייניקל. אָבער פּלוצעם איז עפּעס געשען, וואָס האָט אויפגערודערט די שבתדיקע שטילקייט. עטלעכע טוץ אויגן האָבן זיך אַריינגעגראָבן אין אַ דראָשקע, וואָס האָט זיך, אין האַלבן גאַלאָפּ, דערנענטערט צו אונדז. אום שבת האָבן מיר נאָך אַזאַ בילד קיינמאָל ניט געזען.

אין דער אָפענער דראָשקע איז געזעסן אויסגעצויגן אַ לאַנגער יונ־גערמאַן. ער איז געווען אויסגעפּוצט מיט אַזאַ „שיק" וואָס האָט ממש געבלענדט די ניט־דערפאַרענע אויגן. דער ווייסער זומער־אַנצוג האָט געבלאַנקט. אין לאַץ איז געווען אַריינגעשטעקט אַ בלום. אויף דער ברוסט איז געווען אויסגעלייגט אַ קינסטלערישער קראַוואַט. דער קאָפּ איז געווען פאַרקאַמט אַזוי, אַז מען האָט געזען, דוכט זיך, יעדע האָר באַזונדער. אין שויס איז געלעגן אַ שטרויהוט מיט אַ קאָלירפולער לענטע און אַן אויפ־געעפנט בוך. פון איין אָרעם האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ געשניצטער שטעקן.

דער אויסזען פון דעם בחור האָט ניט געלאָזט קיין פּלאַץ פאַר קיין ספק, אַז אין דער דראָשקע איז געזעסן אַ ייד. און דאָך איז שווער געווען צו גלויבן, אַז מיר מאַכן טאַקע ניט קיין טעות. רחבותדיק אָנגע־שפּאַרט אויפן אָנלען, האָבן פון דעם דאָזיקן יידישן פּנים אויף אונדז אַראָפּגעקוקט צוויי פרעמדע אויגן. עס איז אין זיי געלעגן עפּעס אַ מאָדנער, פאַר אונדז, אין אַ יידישן פּנים, נייער געמיש פון גאווה, אַרויספאָדערונג, שפּאָט. די מערסטע קינדער אויפן טראָטואַר זיינען שוין געגאַנגען אין פרייערע, „מאָדערנע" חדרים. אונדזער יידישקייט איז אויף אונדז ניט אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן. דאָס „פרעמדע" האָט זיך אַזוי נאַטירלעך „אַסי־מילירט" אין דעם יידישן געוועב. אָבער די דאָזיקע שבתדיקע דראָשקע־דעמאָנסטראַציע, דער דאָזיקער פאַרשוין אין דער דראָשקע, האָט אויפגע־רייצט יעדן נערוו. די האַנט האָט אינסטינקטיוו געזוכט אַ שטיין.

אַז איך האָב נאָכדעם זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן דעם מאָדנעם דראָשקע־פּאַסאַזשיר, האָט מען דערציילט, אַז דאָס איז אַ זון פון אַ באַקאַנטן נגיד אין שטאָט, אַ בן־יחיד — און איינער פון די „ברידער און שוועסטער". אַ בייזע מומע האָט צוגעגעבן: „ער איז מסתמא געפאָרן אין אַ שענק עסן אַ שטיקל ,קאָלבאַסע' לכבוד שבת". וועגן די „ברידער און שוועסטער" האָב איך געהערט פון חברים, וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע אין זייערע משפחות. זיי האָבן אַרויסגערופן געפילן פון מיסטעריע, פון יראת־הכבוד — און קנאה. ווי האָט זיך עס געוואָלט זיין איינער פון זיי, צוזאַמען מיט זיי קעמפן קעגן צאַר און די אונטערדריקער. עס איז געווען עפּעס קשה צו געפינען אַ שייכות צווישן דעם דאָזיקן בילד פון די מיסטעריעזע, אַלע יאָכן טראָגנדיקע, מיט געפאַרן קעמפנדיקע „ברידער און שוועסטער" פון מיינע חברים פון דעם אָרעמען געסל און דעם פּריץ, וואָס איז געזעסן אין דער דראָשקע און זיין שבתדיקער צו־להכעיס רייזע.

די דאָזיקע קינדהייטס־איבערלעבונג האָט זיך איינגעקריצט טיף־טיף אין זכרון. און בעת איך האָב זיך שפּעטער באַגעגנט מיט יידישע סאָציאַ־ליסטן און יידישע סאָציאַליזמען, האָט שטענדיק גענומען אַ לאַנגע צייט ביז איך האָב זיך איבערגעצייגט, אַז דאָס זיינען טאַקע ניט קיין שפּראָצלינגען פון יענעם גזע, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל געזען אין דער דראָשקע אין יענעם שבת נאָכמיטאָג. און אַז איך בין יאָ זיכער געוואָרן, אַז דאָס איז עס, האָבן ניט געהאָלפן קיין שום מעלות און קיין שום ריידן. שנאה האָט דורכגעדרונגען יעדע נשמה־צעל — פיינטשאַפט צו אַ פרעמדער ראַסע. מיין איבל־געפיל איז ניט געווען „פּאַרטייאיש". דאָס הערן אָדער זען מאָיסעי אָלגין האָט טאַקע אַרויסגערופן זייער און זייער ניט קיין געשמאַקן געפיל, אָבער גאָר, גאָר אַנדערע געפילן האָט אַרויסגערופן א. ליטוואַק, וועלכער איז אויך געווען אַ בונדיסט. ניט געקוקט אויף אַלע אידעישע חילוקי־דעות, האָט מען אין אים געפילט דעם נאָענטן און אייגענעם. און איך בין זיך מודה: עס זיינען אויך פאַראַן ציוניסטן און פּאַרטיי־חברים, וואָס רופן ביי מיר אַרויס דעם דאָזיקן אומאָנגענעמען געפיל. אויך זיי זיינען צו אונדז געקומען אויף דער שבתדיקער דראָשקע.



פאַר אַ גאַנץ ניט־רעוואָלוציאָנערן „רעכטן" סאָציאַליסט איז דאָס אפשר אַ משונהדיקער פּאָראורטייל — אָבער איך בין זיך מודה ומתודה: דאָס געפיל פון פרעמדקייט און אומצוטרוי, וואָס אַזאַ מאַן ווי ד"ר זשיט־

לאָווסקי האָט ביי מיר שטענדיק אַרויסגערופן, איז דעטערמינירט, קודם כל, דורכן קלאַסן־אָפּשטאַם. אָט אַזוי זעט דער פּראָלעטאַריער אין מיר, דאָס קינד פון דורות שוסטער און שטעפּער און טרעגער, דעם געראָטענעם זונדל פון דעם שטאָטישן נגיד.

בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע „פּראָגרעסיווע" געלערנטע האָבן פיל געשריבן וועגן אונדזער „פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע". אָבער וואָס ווייסן זיי וועגן אונדז, וועגן אונדזער אמתן מהות, די דאָזיקע ווילגעלערנטע נאַראָנים? זיי שרייבן אונדז צו כלערליי „רעוואָלוציאָנערע" טוגנטן, אָבער דער אמת איז, אַז דער האַרעפּאַשנער מענטש איז דער אייגנטלעך קאָנסער־וואַטיווער מענטש. אין די טיפסטע שיכטן פון זיין וועזן לעבט אַ לעצטער, ניט־פּאָליטישער, עקזיסטענציעלער קאָנסערוואַטיזם. בלויז ער, דער פּויער און אַרבעטער און „קליינער מענטש", ווייס, אויס אייגענער דערפאַרונג און געירשנטער, דורך דורות איבערגעגעבענער, וויזהייט, אַז דאָס לעבן איז מוראדיק ערנסט און מוראדיק שווער. ער שטייט דאָך נאָענט, פיזיש נאָענט, ביי די „גלגלים" פון דער ניט דורך אים באַשאַפענער ווירקלעכ־קייט. ער האָט ניט געדאַרפט וואַרטן אויף קאַרל מאַרקס כדי זיך דערוויסן, אַז אַלע „אידעאַלן" און „אידעען" זיינען, אין לעצטן סך־הכל אָפּהענגיק פון אַ מגושמדיקן „אונטערבוי". דער פּראָלעטאַרישער מענטש איז פון זיינע פריסטע יאָרן דורכגעדרונגען מיט אומצוטרוי צו די פּרעטענזיעס פון די, וואָס זיינען פריי פונעם שווערן לעבנס־עול. אויך אין דער סאָציאַ־ליסטישער מחנה האָט דער פּראָלעטאַריער שטענדיק געקוקט דורך די פינגער זיין אינטעליגענטישן פירער. איך דערמאָן זיך אַ וואָרט, וואָס אַ פּשוטע יידישע פרוי האָט אַמאָל, אין מיינע יוגנט־יאָרן, געזאָגט בנוגע מיין רעוואָלוציאָנערן עקסטאַז: אוי, מיין קינד, איך הער דאָך שוין אָט די מעשיות גאַנצע דרייסיק יאָר. איך דערמאָן זיך, וואָס מען האָט וועגן דעם גערעדט בעת איך האָב געשקלאָפט אין אונדזער טאַבאַק־פאַבריק. און וואָס איז דערפון געוואָרן? די רעדנער האָבן חתונה געהאַט מיט רייכע כלות — און לעבן אַ טאָג. און מיר פינסטערן נאָך אַלץ...

ניט האָבנדיק געהערט וועגן אים, איז די דאָזיקע האַרעפּאַשנע פרוי, וואָס האָט זיכער ניט קיין גרונט מורא צו האָבן, אַז זי וועט עפּעס פאַרלירן דורך דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע", געווען אַ נאָכפאָלגערין פון דעם רוסישן סאָציאַליסטישן דענקער מאַכאַיעוו, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז דער קומענדיקער פּריווילעגירטער קלאַס וועט זיין די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ.

עס איז קיין ספק ניט, אַז דער עכטער פּראָלעטאַריער איז אַ מענטש, וואָס האָט זיך ניט דערהויבן צו דער מדרגה פון טראַכטן „ברייט, היסטאָריש, אָביעקטיוו”. כדי מען זאָל דאָס קענען טאָן, דאַרף מען זיך קענען דערלויבן צו שווימען אין די הימלען. אָבער דער עכטער „ראַסישער” פּראָלעטאַריער באַציט זיך צו די דאָזיקע הימל־עקסקורסיעס מיט אומצוטרוי. ער וואַגט דאָס ניט שטענדיק צו זאָגן בפומבי, אָבער טיף אין האַרצן פילט ער אויך, אַז דער אינטעליגענט פון דעם פרעמדן קלאַס, מיט זיינע „היסטאָרישע פּערספּעקטיוון”, זיין „וויטן בליק”, זיין „דיאַ־לעקטישער” פעיקייט צו פאַרבינדן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, איז, במחילה אַ שטיקל טפּש. ווי יעדער לעבנס־נאָענטער, לעבנס־געפּרוּווטער, באַציט זיך אויך דער אַרכי־קאָנסערוואַטיווער, דער פּראָלעטאַריער, מיט אומצוטרוי צום ראַדיקאַלן אינאָוואַטאָר, צו דעם וואָס נעמט זיך אַליין, אויף אייגענער אחריות, „שאַפן אָרדנונג” אין דעם מענטשלעכן געדאַנק און אין דעם מענטשלעכן „לעבן”. ער ווייסט, פון אייגענער דערפאַרונג, ווי אומוויכטיק דער יחיד איז, ווי אָנגעוויזן ער איז אויף אַנדערע, ניט נאָר אויף זיינע מיטצייטלער, נאָר אויך אויף די פאַרגאַנגענע דורות. אוי, דער אינטעלי־גענטישער חכם! ער מיינט, אַז ער האָט „אַנטדעקט אַמעריקע”! מיין אַנאַלפאַבעטישע באָבע האָט שוין לאַנג צוריק, צופעליק, געמאַכט די זעלבע „אַנטדעקונגען”. עניוות פאַר דער קאָלעקטיווער דערפאַרונג איז אַ גרונט־שטריך אין דער פסיכאָלאָגיע פון עכטן פּראָלעטאַרישן מענטשן.

ביי אונדז, אין די מזרח־אייראָפּעישע שטעטלעך, פון וועלכע מיר שטאַמען אַלע, איז דאָס אויך געווען אַזוי. וואָס פאַר אַ לעכערלעכע פיגור עס איז ביי אונדז געווען דער „אויפגעקלערטער” אַפּטייקער און די „אינ־טעליגענטע” אַקושערקע! מיר האָבן אויף זיי רחמנות געהאַט. מיר האָבן געפילט, אַז דער מינדסטער צווישן אונדז איז אין באַזיץ פון אַ חכמה, וואָס דורות האָבן אָנגעזאַמלט און וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן בלויז בציבור — און האָט דעם דאָזיקן ציבור אויך באַשיצט קעגן די געפאַרן, וואָס האָבן אים שטענדיק אַרומגערינגלט. מיר האָבן געקוקט און געטראַכט: אַזאַ טיפּש. אָט דאָס דאָזיקע אייטעלע פאַרלאָזן זיך אויפן אייגענעם „אויפגעקלערטן” שכל, אויפן ביסל „בילדונג”, איז דאָך אַליין שוין אַ סימן פון נאַרישקייט. מיר האָבן אין אונדז געטראָגן דורות־אַלטע חכמה וועגן לעבן בכלל און אונדזער לעבן בפרט — וועגן דער גראָז־פאַרגענגלעכקייט פון פערזענלעכן לעבן און דעם טשערעפּאַכע־גאַנג פון דער געשיכטע, וועגן אונדזער שכן, דעם גוי, וועגן אייגנס און פרעמדס, וועגן גלות. די דער־

פאַרונג פון דורות האָט אונדז באַשיצט קעגן די אילוזיעס פון אייגענעם בידנעם, פריישוועבנדיקן, אַנקערלאָזן מוחל. און מיר האָבן פאַראַכט די דומהייט פון דעם עגאָיסטישן אַפּטייקערל, וואָס זיין „פּראָגרעס״ איז באַשטאַנען אין קויפן פלייש ביים גויישן קצב, זיין „סטאָל־סטאָלא־סטאָלו״ און זיין האַרטן קאַפּעליוש.

דער יידישער סאָציאַליזם האָט זיין יניקה געצויגן פון צוויי קוואַלן: פון אַלטער יידישער ציבור־דערפאַרונג, אַלטן יידישן צדק־פּאַטאָס און אַלטן יידישן גלות־צער — און אויך פון „אויפגעקלערטן אַפּטייקער״. שמריהו לווין, דוכט זיך, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז פאַר אַ געוויסן טיפּ יידישן סאָציאַליסט איז דער סאָציאַליזם געוועזן די הינטער־טיר אין דעם הויז פון דער אַסימילאַציע. היסטאָריש איז דאָס זיכער ריכטיק. פאַקטיש זיינען פיל פון די ערשטע יידן־סאָציאַליסטן שוין געקומען פון דער אסימילירט־פּריווילעגירטער וועלט. ווער עס צווייפלט אין דעם, וואָלט געדאַרפט איינקוקן אין דעם בוך וועגן דער געשיכטע פון יידישן סאָציאַליזם פאַרן „בונד״, וואָס דער „יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״ האָט אַרויסגעגעבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. דער ערשטער ייד־סאָציאַליסט אין רוסלאַנד איז געווען ניקאָלאַי אוטין, אַ זון פון אַ משומד־מיליאָנער. און דער דאָזיקער פּיאָנער פונם סאָציאַליזם ביי יידן האָט פאַרענדיקט ווי אַ רוסישער מאָנאַרכיסט־אַנטיסעמיט. איז דאָס ניט קיין סימבאָל — ניט פאַרן יידישן סאָציאַליזם בכלל, פאַרשטייט זיך, נאָר פאַר איינעם פון זיינע וואַריאַנטן? ציט זיך ניט קיין ליניע פון ניקאָלאַי אוטין צו די יידן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געזעצט די פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און צו דעם ייד־קאָמוניסט אַלגין, וואָס האָט געבענטשט די הענט פון די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס אין חברון און צפת? דער יידישער סאָציאַליזם האָט אין אַ טייל יידן אויפגעוועקט אַלטע יידישע מסירות נפש און קידוש השם — אָבער פאַר אַנדערע איז ער אויך געווען דער קאַנאַל, אין וועלכן עס האָט געשטראָמט אונדזער שמוץ און אָפּפאַל, די „אברים מדולדלים״, וואָס האָבן זיך געריסן צו אַנטלויפן פון זייער פאָלק, זיך אידענטיפיצירן מיט די פרעמדע און שטאַרקע אין אַלץ — ביז צו אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע.



איך לייען ד״ר חיים זשיטלאָווסקיס לעצטע צוויי שאַפונגען — און איך זע פאַר זיך מיין אַלטן שונא, דעם נגידים־זון אין דער שבתדיקער דראָשקע.

ער איז שוין ניט קיין יונגער פּראַנט, דער פּאַסאַזשיר אין דער דראָשקע. ער איז אַלט און גרוי — אָבער דאָס לעבן האָט אויף אים דאָך געלאָזט ווייניק שפּורן. יאָ, דאָס איז אַ טייל פון זייער מזל, דעם מזל פון נגידישע זין. אָבער איז דאָס טאַקע אַ גליק? דער מענטש, וואָס לעבט אויפן דנאָ, וואָס שטייט יעדע רגע פאַר דער גרויערווירקלעכקייט, וואָס דער עול פון לעבן הערט אויף אים קיינמאָל ניט אויף צו דריקן, האָט אויך זיין שכר — ער וואַקסט מיטן לעבן, מיט דער דערפאַרונג. ער לערנט אומאויפהערלעך. מיט יעדן קנייטש אויפן פּנים פאַלט אַוועק אַן אילוזיע. וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ קנאַפּער ווערט דער באַגאַזש פון זיינע אילוזיעס. אָבער דערפאַר ווערט אויך וואָגיקער און עכטער דער אוצר פון זיינע, אין לעבן דעראָבערטע, אמתן.

עס איז ניט אָנגענעם צו קוקן אויפן פּנים אין דער דאָזיקער שבת־דראָשקע. וואָס שיינט ער אַזוי? וואָס איז ער אַזוי אויפגעלייגט? פון וואַנען נעמט זיך די ראָזעווע פאַרב אויף זיינע באַקן? וואָס זעט ער אַרום זיך, וואָס גיט זיין שטים אַזאַ האַפערדיקן, פייערלעך זיכערן ווילקלאַנג?

אין משך פון פיל, פיל יאָרן האָט ער געבויט זיינע לופט־שלעסער: סאָציאַליזם, וואָס דאַרף דעם מענטשן ברענגען די העכסטע גערעכטיקייט און האַרבסטע גלייכקייט און די עכסטע פרייהייט; נאַציאָנאַלע ווידער־געבורט, דער אויפבלי פון דער יידישער שפּראַך אין מויל פון פאָלק און זיינע קינדער, פּראָדוקטיווע אַרבעט; אַ לאַנד, אין וועלכן דאָס פאָלק זאָל זיך דעראָבערן די מעגלעכקייט צו לעבן פון זיך און צווישן זיך אין דער פולסטער פרייהייט.

וואָס זעט ער, דער ייִנגלשער זקן אין דער שבתדיקער דראָשקע? ער מוז דאָך זען: אַ „סאָציאַליזם" מיט קאָנצענטראַציע־לאַגערן און טורמעס, מיט ברודער־מאָרד און פאַרראַט; זיין שפּראַך, די „שפּראַך פון פאָלק", וועלכע איז פאַר אים שטענדיק געווען דער איינציקער קולטור־קנין, וואָס פאַראייניקט אונדז און איז אונדז מייחד אַלס פאָלק, לעבט בלויז אויף די ליפּן פון זקנים און שפּעט־מיטליעריקע; דער ווילן ווייטער צו לעבן אַלס פאָלק צאַנקט און גייט אויס — און דער פיזישער אומקום איז שוין דער גורל פון הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען.

עס איז געבליבן בלויז דאָס לאַנד. דאָרטן איז עפּעס געשאַפן געוואָרן — ניט ווי אים האָט זיך געוואָלט און אָן זיין ברכה. ער האָט געשפּאָט פון דעם אָרעמען פאַרנעם, פון דעם פאַמעלעכדיקן טעמפּאָ, פון דעם „אָפּגע־לעבטן, פאַרשימלטן גייסט", וואָס הערשט דאָרטן, אין דעם קליינעם לאַנד.

אָבער בלויז דאָרטן איז עפּעס געבויט געוואָרן, פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן, וואַקסט עפּעס.

זעט עס ניט דער פּאַסאַזשיר אין דער שבתדיקער דראָשקע מיט די פֿרעמדע אויגן? זעט ער ניט די איינגעפֿאַלענע חורבות פֿון זיינע לופֿט־שלעסער? זעט ער ניט דאָס הויז, וואָס האַלט זיך אין בויען, ניט געקוקט אויף זיין שפּאָט און חוזק און ביטול? טראַכט ער וועגן דעם קיין מאָל ניט?

די דראָשקע ציט זיך איבער אונדזערע אָרעמע גאַסן. דעם פּאַסאַזשיר ציט אין שענק, ווו מען קען זיך אונטערלענען דאָס האַרץ מיט אַ שטיקל טריפֿס. ער ווייסט, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען אויף אים ברוגז, וואָס זיינען מיט אים אַנטוישט. אָבער זיין האַרץ איז שוין דאָרטן — און ער שרעקט זיך ניט פֿאַר אונדזער רוגזה און פֿאַראיבל.

ניט לאַנג צוריק האָט ער אונדז אַלעמען דערקלערט פֿאַר „מיט־לויפֿער פֿון דער אַלוועלטלעכער רעאַקציע", רחמנא ליצלן. פֿאַרזיכערט ער אונדז, פֿון זיין דראָשקע, אַז ער האָט „ניט גענומען קיין איין וואָרט צוריק פֿון מיינע באַשולדיקונגען". ער מאַכט אַ חשבון. ער רעכנט צוזאַמען די מעגלעכע צאָל מענטשן, וואָס דאַרפֿן זיך פֿילן געטראָפֿן פֿון די דאָזיקע באַשולדיקונגען — סך־הכל אַ ביסל מער ווי הונדערט טויזנט. ער — קעגן אַ ליאַדע הונדערט טויזנט נפֿשות. נו, מאַכט אַליין דעם סך־הכל.

די דאָזיקע ליאַדע הונדערט טויזנט באַשולדיקן אים אין פֿאַרבינדן זיך מיט די פֿאַררעטער פֿון יידישן פֿאָלק. ער שמייכלט. אויך אויף דעם האָט ער אַן ענטפֿער:

די אַסימילאַטאָרן און די „אַסימיליאַ־ציוניסטן" פֿון ד"ר סירקינס און דוד בן־גוריונס אַרט זיינען אין מיינע אויגן די אמתע „עוכרי ישראל", די אמתע פֿאַררעטער פֿון די אינטערעסן פֿון דעם יידישן פֿאָלק, אַ סך געפֿער־לעכער פֿאַר אונדזער קיום און פֿאַר אונדזער פּראָגרעסיוו־אַרבעטאָרישער אַנטוויקלונג, איידער יענע יידישע קאָמוניסטן, וואָס גלויבן אין דעם קיום פֿון אונדזער פֿאָלק, און אין אַ ליכטיקער צוקונפֿט פֿאַר אונדז ווי אַ פֿאָלק.

דו רייבסט זיך די אויגן, דו גלויבסט ניט די ווערטער, וואָס דו הערסט.

— בן־גוריון. שוין אַלס יינגל, נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, פֿאַרלאָזט ער שוין דעם טאַטנס הויז. ער איז צווישן די ערשטע אין ערשטן אַרבעטער־קאָלעקטיוו אין גליל. ער איז אַ שומר, וואָס שטייט אויף דער וואַך פֿון אָרעמען יידישן האָבן־און־גוטס. ער איז צווישן

די געציילטע, צווישן די צענדליקער, וואָס האָבן הינטער זיך פאַרלאָזן די „ברייטע וועלט", די שלווה פון דער נאָך זיכערער שטוב, די קאַריערע, די רחבות פון דער פרעמד, כדי אַליין, מיט די אייגענע צען פינגער, צו בויען אַ היים פאַרן פאָלק. יאָרן שטייט ער אויף דער וואַך פון דעם מיט געפּארן באַדראָטן אָנהויב־בנין. ער איז אַ מענטש פון איין זאָרג, מיט דער דאָזיקער איינציקער זאָרג אָטעמט ער און לעבט.

און הינטער אים — דער דור פון די „בן־גוריונס". זין און טעכטער פון דער יידישער גאַס, וואָס שטייען שוין יאָרן און יאָרן אויפן קאַמפּס־פעלד פון יידישער ווידעראויפריכטונג. מיט איבערמענטשלעכער געדולד וואַכן זיי איבער די שפּראָצונגען, וואָס זיי האָבן פאַרפלאַנצט אין האַרטן, אומפריינדלעכן באָדן. דער טויט לויערט איבער זייערע פרידלעכע גע־צעלטן. יעדער טאָג איז פאַר זיי אַ טאָג פון געראַנגל מיטן גורל — מיט די אייגענע שוואַכע, צו שווערער אַרבעט ניט געוווינטע הענט, מיטן הייסן מדבר־ווינט און דער וויסטעניש. אָבער זיי האָבן דאָך דעם גורל אַליין אויסגעקליבן. און ניט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען און מוראס זעען זיי — גרינע פעלדער, בליענדיקע גערטנער, היימען, שולן און זיי הערן: זייער שפּראַך אין די מיילער פון קינדער און קינדס־קינדער. „עוד לא נותקה השלשלת" („עס איז נאָך ניט איבערגעריסן די קייט").

און אָט איז דער פּאַסאַזשיר אין דער דראָשקע, וואָס דערוווּנדערט זיך אַלץ מער און מער פון אונדז:

— זאָט מיט יאָרן און פוסטן כבוד, מיט לאַנגע רייד און „שטורעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן", מיט אָפטע יובּיליי־פייערונגען און אָפטן בייטן די גייס־טיקע אכסניות. זשעסטן פון אַ באַראָן — דעם „באַראָן פון יידישן סאָצי־אַליזם". אָבער דאָך רופט די געשטאַלט אַרויס רחמנות. וואָס טויגן דעם זקן די אַלע כיבודים און אַפּלאָדיסמענטן, אַז ער איז קינדערלאָז, אַז ער איז אַן „עץ־סרק", אַן בלעטער און אָן בלומען? און דער גרעסטער רחמנות: ער אַליין פילט עס ניט. די טראַגעדיע, זיין טראַגעדיע, האָט אים אַליין גאָרניט באַרירט. ער איז אפילו ניט מקנא די „בן־גוריונס", וואָס זייערע קינדער זיינען זייערע קינדער, וואָס זייער לעבן איז ניט קיין קאַריקאַטור פון זייערע איבערצייגונגען, וואָס האָבן זוכה געווען צו אַן אָנהויב פון אַ שכר. ער וואָס האָט אפילו זיינע אייגענע קינדער ניט איבערגעגעבן אפילו זיין אייגענע אָרעמאַנסקע יידישע ירושה.

די דראָשקע טראָגט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער אויף יענער זייט תחום. „דערפאַר קען איך אייניקע קאָמוניסטישע פירער, וואָס ווען איך

בין אין זייער סביבה, אָטעם איך די זעלביקע הויך־גראַדיקע עטיש־רעוואָלוציאָנערע לופט, אין וועלכער איך האָב געלעבט, מיט וועלכער איך האָב געאָטעמט פון מיינע יונגע יאָרן אָן ביז טיף אין די פופציקער. דאָס זיינען מענטשן פון גאָר אַ הויכן מאָראַליש־רעוואָלוציאָנערן סטאַזש. גיב איך אַ טראַכט וועגן יענע, וואָס קענען אויף אַזוינע מענטשן אַ שליי־דער טאָן דעם ,מוקצה מחמת מיאוס׳, ווילט זיך אויסשרייען: ,תרבות, איר אַזוינע און אַזוינע׳. מיין אינעווייניקסטע צענזור פאַרווערט מיר אָבער, עס זאָל איצטער דורך מיין פעדער דורכגיין, וואָס איך מיין מיט ,אַזוינע און אַזוינע׳ ".

„די אינעווייניקסטע צענזור״! — איז דאָס טאַקע דאָס איינציקע וואָס זי אונטערדריקט אין דער נשמה פון דעם אַלטן דראָשקע־פּאַסאַזשיר? אפשר איז פאַראַן אַ שייכות צווישן דער „הויך־גראַדיקער עטיש־רעוואָ־לוציאָנערער לופט״, וואָס ער האָט געאָטעמט אין די יונגע יאָרן און די דאָזיקע אַנדערע זכרונות, וואָס די „אינעווייניקסטע צענזור״ דערלאָזט איצט ניט, אַז זיי זאָלן איצט, אויפן וועג אַהין, באַאומרואיקן דעם אַלטן פּאַסאַזשיר? זכרונות וועגן יענע יאָרן, בעת ער האָט אין דער זיכערקייט פון דער שיינער שווייץ געטאָן זיין אַרבעט פאַר דער „גרויסער רוסישער רעוואָלוציע״ — ווען ער האָט אין בראָשורן און לעקציעס באַוויזן באותות ומופתים, מיט ציטאַטן און פּירושים און מראי־מקומות, אַז מען מעג — אַז עמעצער מעג נעמען אַ באַמבע אין האַנט — זי וואַרפן אויף אַ רוצח אין אַ מונדיר — און נאָכדעם דערפאַר אַליין גיין אויף דער תליה. אפשר וויל זיך דער זקן איצט, אויפן וועג צו דער נייער אַכסניא, ניט דערמאָנען וועגן דעם, וואָס זיינע נייע פריינד האָבן געטאָן מיט די יעניקע, וואָס אין זייער סביבה האָט ער אַמאָל געאָטעמט אַזאַ „הויך־גראַדיקע עטיש־רעוואָלו־ציאָנערע לופט״. ער קען זיך דאָך דערמאָנען וועגן מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, וועגן גאָצן, וועגן פיל, פיל אַנדערע — אין מאַרטירער־קבר, אין טורמע, אין „קאָנצלאַגער״.

יאָ, מען האָט צו אים טענות — און ער האָט אויף אַלצדינג אַן ענטפער. ער האָט שטענדיק געהאַט אויף אַלצדינג אַן ענטפער. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז „די בלוט־שנאה צו די יידישע קאָמוניסטן, נעמט זיך ביי די פּועלי ציון דערפון, וואָס די היגע ,מאַרגן־פרייהייט׳ האָט אין דער צייט פון די אַראַבישע פּאָגראָמען אויף דעם יידישן ישוב דערבליקט נישט קיין פּאָ־גראָמען, נאָר אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן אַראַבישן אויפשטאַנד קעגן יידן, ווי די שטיצער פון ענגלישן אימפּעריאַליזם״.

**אָט פון דעם — פון דעם, שטעלט זיך פאַר! — נעמט זיך ביי זיי די „בלוט־שנאה״!**

**און זיי ווייסן ניט, אַז אויף דעם איז אויך פאַראַן אַן ענטפער:**

אַריינוואַרפן אין חרם אַ יידישע פּאָליטישע פּאַרטיי פאַר וואָס זי גלויבט, אַז אין דעם אָדער יענעם קאָנפליקט פון יידן מיט ניט־יידן זיינען די יידן אומגערעכט און די ניט־יידן גערעכט, קענען נאָר אַזעלכע ענג־האַרציקע פּאַרטיי־שאָוויניסטן, וואָס האַלטן פון דעם אַבסאָלוט פאַלשן, שעדלעכן שאָוויניסטישן כלל: „מאי פּיפּל, רייט אָר ראָנג״.

**די ענגהאַרציקע פּאַרטיי־מענטשן! זיי דערשרעקן זיך פאַרן וואָרט „פּאָגראָמען״. אָבער פריער דאַרף מען דאָך קלאָר מאַכן פאַרוואָס מען מאַכט די פּאָגראָמען, צוליב וואָס מען מאַכט זיי — און וואָס זיינען די מאָטיוון וואָס דיקטירן צו בענטשן פּאָגראָמען.**

האָט זי (די קאָמוניסטישע פּאַרטיי) אָנגענומען איר שטעלונג אויס ריינער פיינטשאַפט צו אונדז, אָדער אויס אַ פאַלשן צי ריכטיקן בליק, אַז אַזאַ שטעלונג ווערט געפאָדערט פון אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן אידעאַל, אַ סך אַ העכערן איידער פון דעם אָדער יענעם נאַציאָנאַל־יידישן אינטערעס פון דעם אָדער יענעם טייל פון דעם יידישן פאָלק?

**זיי פאַרשטייען ניט. אפילו דאָס פאַרשטייען זיי ניט. איז קיין חידוש ניט, וואָס דער זקן טרייבט די דראָשקע אַהין, — אין דער סביבה, אין וועלכער ער וועט ווידער אָטעמען „די זעלבע הויך־גראַדיקע עטיש־רעוואָ־לוציאָנערע לופט״, אין וועלכער ער האָט געאָטעמט פון זיינע „יונגע יאָרן אָן ביז טיף אין די פופציקער״ (און וואָס איז געשען צווישן פופציק און היינט? ווער האָט אים פון דער דאָזיקער „סביבה״ פאַרטריבן?)**

**קוקסטו אויף דעם דאָזיקן גוט־געפלעגטן פנים, אויף די דאָזיקע רואיקע, כמעט־תמימותדיקע אויגן, אויף דעם דאָזיקן כמעט אומשולדיקן שמייכל — און פרעגסט זיך:**

**— פון וואַנען שעפּט אַ מענטש די דאָזיקע זעלבסט־זיכערקייט, די דאָזיקע ניט־דאַאיקע שלווה, דאָס דאָזיקע געפיל פון שטענדיק גערעכט־זיין, די דאָזיקע פעיקייט קיינמאָל ניט אויפגעטרייסלט צו ווערן? פון וואַנען נעמט עס אַ מענטש די זיכערקייט, אַז אומעטום ווו ער געפינט זיך, הערשט שטענדיק אַ „הויך־גראַדיקע עטיש־רעוואָלוציאָנערע לופט״?**

**אויב דו זוכסט אויף דעם אַן ענטפער, כאַפּ אַ קוק אויף דעם וואָס דער זקן האַלט אין זיינע הענט.**

**— זיין אַלטן, כשרן לולב מיטן מהודרדיקן אתרוג.**

מיט פיל, פיל צענדליקער יאָרן צוריק האָט זיך דער וויטעבסקער נגידים־זון איינגעהאַנדלט דעם דאָזיקן לולב און אתרוג („על פי סאָציאַ־ ליסטישער כשרות, פאַרשטייט זיך״), און זיי האָבן אים דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעהיט פון אַלע פּגעים רעים — פון סתירות, פון אַנטוישונגען, פון געוויסן־מאַטערנישן — פון דערווירקלעכקייט.

דער זקן זיצט אין דער דראָשקע און שאָקלט דעם לולב און אתרוג. עס איז ביי אים שוין געוואָרן אַ רגילות. דערפאַר באַמערקט ער ניט, ווייזט אויס, אַז די צייט האָט אויפן אתרוג, אויב ניט אויף אים, דווקא יאָ געלאָזן אירע שפּורן. די בלעטער פון לולב זענען צעקרימטע, געלע, זיך ברעקלענדיקע און דער אתרוג פוילט...

ער שאָקלט דעם לולב, בעת די דראָשקע טראָגט אים אַהין. דו באַגלייטסט די דראָשקע אָן פּאַרדראָס. אָבער דער זויערלעך־טוכלער גערוך בלייבט הענגען אין דער לופט.

(„אידישער קעמפער״, 26 פעברואַר 1943)

# פון דרויסן און אינעווייניק

אַ פריינד האָט מיר דערציילט די דאָזיקע געשיכטע. זיינער אַ חבר, ג., אַן ענגלישער דיכטער, האָט לעצטנס באַזוכט לאָנדאָן, ווו ער איז געבאָרן געוואָרן און אויפגעוואַקסן. דאָרטן האָט ער זיך באַגעגנט מיט א. אַ. אַן אַלטן חבר. אַן אַנגעזעענעם יונגן ענגלישן שריפטשטעלער, וואָס איז פּאָלי־טיש זייער לינק געשטימט, אָבער אַ מענטש מיט אַן אומאָפּהענגיקן קאָפּ. אין די גאָר יונגע יאָרן זיינען די צוויי געווען נאָענטע חברים. ג. איז אַ קינד פון אַ געמישטער הייראַט צווישן אַ יידישן פאָטער און אַן איר־לענדישער מוטער. ער אַליין האָט ביז לעצטנס וועגן זיך קיינמאָל ניט געטראַכט ווי אַ ייד. זיין פריינד ד. אַ. דער פולער ניט־ייד, ווייס דערפאַר ניט, אַז זיין פריינד שטאַמט פון יידן. שמועסנדיק אין לאָנדאָן, האָט דער ניט־ייד ד. אַ. דערציילט זיין האַלב יידישן פריינד ג., אַז זיין פרוי און ער (זיי זיינען קינדערלאָז) האָבן באַשלאָסן צו אַדאָפּטירן אַ קינד. און דאָ האָט א. איבערגעגעבן דעם ווייטערדיקן שמועס צווישן אים און זיין פרוי. ד. אַ. האָט צו זיין פרוי באַמערקט, אַז ס׳וואָלט גוט געווען, אַז דאָס קינד וואָס זיי וועלן אַדאָפּטירן זאָל זיין אַ פּליטהלינג. זיין פרוי האָט מסכים געווען, אָבער זי האָט דערביי צוגעגעבן:

— אָבער ניט קיין יידיש קינד.

און דער מאַן האָט געענטפערט:

— ניין, ניט קיין יידיש קינד.

אַזוי דערציילט דער האַלב־יידישער ג. אין אַ בריוו צו מיין פריינד אין ניו־יאָרק. און ער גיט צו: „איך ווייס ניט פאַרוואָס ד. אַ. האָט דאָס מיר דערציילט. ער האָט דאָך ניט געקענט האָבן קיין באַזונדערע כוונה. ד. אַ. ווייסט ניט, אַז איך בין אַ ייד. ער האָט מאָדנע געשמייכלט בעת ער האָט איבערגעגעבן דעם דאָזיקן קורצן דיאַלאָג צווישן אים און זיין פרוי. ער איז, ווייזט אויס, זיכער געווען, אַז איך, אַ ניט־ייד, וועל אים פאַרשטיין אָן איבעריקע דערקלערונגען. אָבער בעת איך האָב געהערט די דאָזיקע ווערטער פון מיין אַלטן פריינד, דעם לינקן ענגלישן סאָציאַליסט, האָב איך געפילט, ווי אַ שווערד וואָלט אַדורכגעשניטן מיין האַרץ״.

ד. אַ. איז מיר באַקאַנט בלויז ווי אַ שרייבער. איך האָב געלייענט זיינע

ביכער: צאָרנדיקע באַריכטן וועגן בריטישן אימפּעריאַליזם אין אינדיע (ווו ער האָט אַמאָל געדינט ווי אַ בריטישער באַאַמטער; אונטערן איינדרוק פון זיינע אינדישע דערפאַרונגען איז ער טאַקע געוואָרן אַ רעוואָלוציאָ־נערער אַנטי־אימפּריאַליסטישער סאָציאַליסט), וועגן דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע, וועגן ענגלאַנד אין דער מלחמה־צייט. ד. אָ. האָט ניט איינ־מאָל געשריבן מיט גרויסער זאָרג וועגן דעם שטייגנדיקן אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד. אויפפאַלנדיק איז שטענדיק געווען זיין עקסטרעמער אַנטי־ציוניזם (טשיקאַווע: דער ניט־ייִד ד. אָ. איז דער לאָנדאָנער קאָרעס־פּאָנדענט פון אַ היגער יידישער ניט־ציוניסטישער חודש־שריפט). עס איז מיר, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט איינגעפאַלן דעם דאָזיקן אַנטי־ציוניזם צו פאַרבינדן מיט אַנטיסעמיטיזם. ס'איז מיר אפילו איצט שווער צו גלויבן, אַז עס איז פאַראַן אַ שייכות צווישן די צוויי זאַכן.

די דערקלערונג פאַר דעם דאַרף מען אפשר זוכן ערגעץ אַנדערש. דער לינק סאָציאַליסטישער ד. אָ. איז טאַקע וועגן שטייגנדיקן אַנטיסע־מיטיזם שטאַרק באַזאָרגט — מער ווי דער דורכשניטלעכער ליבעראַל געשטימטער ניט־ייִד. ער האָט מורא פאַר די קאָנסעקווענצן פון דעם אַנטיסעמיטיזם, פאַרן כאַאָס וואָס ער טראָגט מיט זיך פאַר דער וועלט. ד. אָ. שטייט אויף דער זייט פון די יידן — און דערפאַר האָט ער אפשר טאַקע מורא, אַז דער מבול, אויב ער זאָל טאַקע, חלילה, קומען, איז עלול צו פאַרשווענקען ניט נאָר די יידן, נאָר אויך די וואָס שטייען נאָענט צו זיי. און פאַר דעם האָט ער מורא. דערפאַר אפשר האָבן ד. אָ. און זיין פרוי, בעת זיי האָבן באַשלאָסן צו אַדאָפּטירן אַ פּליטשלינג־קינד אַזוי ספּאָנטאַן אויך צוגעגעבן: „אָבער ניט קיין יידיש קינד.“

ס'דערמאָנט זיך מיר אַ מעשה וואָס איך האָב געהערט פון אַ באַקאַנטן, וואָס האָט זיך לעצטנס פאַרבונדן מיט אַ פרוי פון קאַטוילישן אָפּשטאַם. די עלטערן פון דעם מיידל זיינען געווען שטאַרק אומצופרידן מיטן שידוך. זיי האָבן געבראַכט כלערליי אַרגומענטן קעגן דעם שריט וואָס זייער טאָכטער האָט זיך געקליבן צו מאַכן. אַז דער פאָטער האָט געזען, אַז זיינע טענות איבערצייגן ניט, האָט ער געוואָרפן די לעצטע וואָרענונג:

— ס'קומען שלעכטע צייטן אויף די יידן דאָ אין לאַנד. דו דאַרפסט זיך מיט זיי ניט פאַרפּלאָנטערן...

אַזוי זעט מען אונדז פון דרויסן — דווקא ניט מיט פיינטלעכע אויגן. ס'איז, ווייזט אויס, אויך פאַראַן אַ גלייכגילטיקייט בנוגע יידן וואָס נעמט זיך, משמעות, דווקא פון זאָרג פאַרן אַנטיסעמיטיזם, פון מורא פאַר אַ נייעם

מבול. אָט איז לעצטנס אין דער זייער אָנגעזעענער, לאָנדאָנער וואָכנשריפט „עקאָנאָמיסט" פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל וועגן דער צוקונפט פון די יידן. דער אַרטיקל טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען „רעשטן פון אַ ראַסע". דער אַרטיקל איז פול מיט סימפּאַטיעס פאַר די רעשטן פון די היטלער־קרבנות, ווי מען קען דערוואַרטן פון אַזעלכע ליבעראַלע און הומאַנע ענגלענדער ווי די רעדאַקטאָרן פון דער דאָזיקער וואָכנשריפט. די כוונות פון די שרייבער זיינען זיכער די סאַמע בעסטע. אָבער אַז אַ פאַרוואָרצלטער ייד, וואָס באַטראַכט דעם יידישן פאָלקס־קיום ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, לייענט אַזאַ אַרטיקל, מוז ער בלייבן אַ פאַר־גאַפטער און אַ באַליידיקטער. מיט אַמאָל ווערט אים קלאָר, ווי אַזוי די דרויסנדיקע, אפילו די בעסטע, די פרייסטע פון פאָראורטיילן, קוקן אויף אונדז. די רעדאַקטאָרן פון „עקאָנאָמיסט" ווילן פרובירן פאַרשטיין, איז ליכט פון די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן, פאַרוואָס עס איז געקומען צו דער יידישער טראַגעדיע, און זיי מאַכן וועגן דעם כלערליי השערות. ס'איז געווען אַ צייט בעת עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט ווערט די יידישע פּראָבלעם געלייזט. נאַפּאָלעאָן איז געווען דער מחבר פון דעם אויפגעקלערטן וואָרט: „זאָלן די יידן זוכן זייער ירושלים אין פראַנקרייך". אמת, „נאַפּאָלעאָן איז גאָרניט געווען סענטימענטאַל בנוגע יידן. זיין יידן־פּאָליטיק האָט אויף זיך געטראָגן די צייכנס פון אַ טיראַן; ער האָט, צום ביישפּיל, ערנסט פאָרגעשלאָגן, אַז יעדער דריטער ייד זאָל געצווונגען ווערן חתונה צו האָבן מיט אַ קריסטין. אָבער זיין כוונה אָפּצוגעווינען יידן פון שאַכער און אומ־לעגאַלן מסחר, צו מאַכן אַ סוף צו דעם יידישן סעפּאַראַטיזם און זיי העלפן פאַרשלונגען צו ווערן פון דער ניט־יידישער באַפעלקערונג איז זיכער געווען אַ געזונטע; ווער ווייסט, צי ווען די דאָזיקע פּראָגראַם וואָלט טאַקע אויסגעהאַלטן דורכגעפירט געוואָרן אין גאַנץ אייראָפּע, וואָלט די יידישע פּראָבלעם שוין אפשר לאַנג ניט פאַרגעסן געוואָרן, און אונדזער דור וואָלט פאַרשפּאָרט געוואָרן די אומאָפּווישבאַרע חרפה פון עדות זיין צו דער בכיוונדיקער הריגה פון פיר ביז פינף מיליאָן מענטשן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַזקאַמערן".

ווי עס זאָגט דער נאָמען „עקאָנאָמיסט" איז דאָס אַ שריפט, וואָס לייגט דעם אַקצענט אויף די עקאָנאָמישע אַספּעקטן פון לעבן. דער „עקאָנאָמיסט" רעכנט טאַקע אויס די אַלע עקאָנאָמישע סיבות וואָס האָבן באַוועגט דעם אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע און געפירט צו דער מיליאָנען־הריגה אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַזקאַמערן. אָבער ס'איז פאַראַן נאָך אַ סיבה,

אַ ניט־עקאָנאָמישע, מצד יידן אַליין — „דער סעפּעראַטיזם פון די יידן וואָס איז דערמוטיקט געוואָרן דורך די ניט־יידישע הערשנדיקע קלאַסן, אָבער אויך פון דעם יידישן קלעריקאַלן אָבסקוראַנטיזם און דעם ציוניזם. זייער באַזונדערע שפּראַך, יידיש, זייער אַנאַכראָניסטישער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער, זייער מיטלאַלטערלעכע הלבשה, האָבן אין פּוילן געשאַפן אמתע געטאָס אַ לאַנגע צייט איידער היטלער האָט זיי אַרומגערינגלט מיט ווענט. דער אָפּגרונט פון סעפּעראַטיזם צווישן ייד און ניט־ייד איז, וויניקסטנס טיילווייז, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אומהיימלעכער פּאַסיווי־טעט און גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער די מאַסע ניט־יידן האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַפּאָקאַליפּטישער הריגה פון די יידן.״

און די צרה איז וואָס ס׳האַלט נאָך ניט ביים סוף. דער „עקאָנאָמיסט״ דערמאָנט זיך ווידער וועגן דעם עקאָנאָמישן מאָמענט. אויף די קברים פון די פּאַרטיליקטע מיליאָנען יידן אין אייראָפּע איז אויפגעשטאַנען אַ „בייער מיטלקלאַס״. און אַזוי ווי די דאָזיקע מענטשן זיינען קריסטן, זיינען זיי ניט פעיק מיט אַ ריינעם געוויסן הנאה צו האָבן פון זייערע דערגרייכונגען און דעראָבערונגען. דער קריסטלעכער געוויסן מאַטערט, ווייזט אויס, דעם „נייעם מיטלקלאַס״. „זיי (די מענטשן פון „נייעם מיטלקלאַס״) ליידן אָן ספק פון אַ שולד־קאָמפּלעקס, וואָס מאַכט זייער טעמפּעראַמענט זייער נערוועז און ברוטאַל. זיי קוקן אַריין געשפּאַנטע און באַזאָרגטע אין די פּנימער פון די יידן, וואָס ווילן איצט קומען צוריק אַהיים... דער איינציקער וועג ווי אַזוי דער נייער ,מיטלקלאַס׳ קען ראַטעווען ניט נאָר זיין ביי־דערוואָרבענע עשירות, נאָר אויך זיינע נערוון און פּרעטענזיע אויף רעס־פּעקטאַביליטעט איז דורך אויסרויכערן די פאַרבליבענע יידן.״

דאָס איז די פּראָבלעם — געזען פון דרויסן, און מיט די פרייַנדלעכסטע אויגן. אַלץ וואָלט גוט געווען — ווען די פּראָבלעם וואָלט ניט געווען. וואָרעם, געזען פון דרויסן, איז דאָס בלויז אַ פּראָבלעם, עפּעס וואָס וואָלט ניט געדאַרפט זיין, ניט קיין זעלבסטפאַרשטענדלעכע ווירקלעכקייט. יידנטום איז אַן אַנאַכראָניזם: מיטלאַלטערלעכע בגדים אָדער אַן אַנאַכראָ־ניסטישער רעליגיע. און דאָס אַלץ, פאַר וואָס דער וואָס ער זעט עס מיט דרויסנדיקע אויגן, געפינט ניט קיין שום עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. בלייבט דאָך עקזיסטירן. מען קען דערפון ניט פּטור ווערן. נאָך אַלע מבולס שוימען דאָך אַרויף פון דאָסניי די מיטלאַלטערלעכע בגדים, די אַנאַכראָ־ניסטישע מנהגים — אָדער, היינט, דער ציוניזם. און אין צווישן קאָרטשעט זיך דער קריסטלעכער געוויסן, אין זיינע פאַרשיידענע מדרגות, אין אומ־

באַשרייבלעכע יסורים. און ס׳בלייבט נאָר דער זיפץ: ווען דאָס וואָלט נאָר ניט געווען...

אַזוי זעט מען די זאַך פון דרויסן. אַ יידן מוז אויפצאָרענען צו זען אַזאַ בילד פאַר זיך — אָבער ענטפערן דערויף איז ניט לייכט. דער שאָטלענדישער דיכטער עדווין מור האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „קיין פאָלק פאַרשטייט ניט פאַרוואָס אַן אַנדער פאָלק זאָל וועלן אויפהאַלטן זיין קיום״ — און אַוודאי און אַוודאי אַזאַ פראָבלעמאַטיש עס־לאָ־עם ווי יידן. אָבער אויסער דעם „דרויסן״ איז דאָך אויך פאַראַן אַן „אינעווייניק״. זיינען מיר אינערלעך זיכער, אַז דאָס דאָזיקע בילד פון אונדז איז אַ פעלשונג — און זיינען מיר טאַקע גרייט עס צו באַווייזן מיט מעשים?

מען מוז זיך מודה זיין, אַז איצט, נאָך דעם מבול, זיינען מיר דערמיט שטענדיק זיכער. דערפאַר טאַקע טוליעט זיך די נשמה צום יענעם ווינקל, דעם איינציקן אויף דער ערד, ווו יידישע ליפּן זאָגן אַזוי פשוט און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי אומעמפאַטיש און דאָך קלאָר: מיר, יידן...

(„אידישער קעמפער״, 22 מערץ 1946)

# אַ רגע פאַרן אויפכאַפּן זיך...

יידישע געשטאַלטן שפּאַנען לעצטנס זייער אָפט איבער די בלעטער פון אַמעריקאַנער ראָמאַנען און דערציילונגען. די יידישע געשטאַלט שטייט אין צענטער פון דער צייט — און דעם קינסטלערס פאַנטאַזיע קען זי ניט אויסמיידן. די שפע יידישע פיגורן אין אַמעריקאַנער ראָמאַנען און דערציילונגען איז ניט קיין צופעליקע דערשיינונג. קיין צופאַל איז אויך ניט דאָס וואָס די דאָזיקע געשטאַלט ווערט זייער זעלטן געזען דריי־דימענסיאָנעל. זעלטן ווערט די דאָזיקע געשטאַלט געצייכנט מיט קלאָרע ליניעס. זי שווימט שטענדיק, דוכט זיך, אַרויס פון די פאַרנעפּלטע, דושנע טיפענישן פון דעם אונטערבאַוווסטזיין. קינסט־לעריש זיינען די דאָזיקע יידן אין די אַמעריקאַנער ראָמאַנען און דערציי־לונגען ניט קיין פאַרענדיקטע געשטאַלטן. זיי האָבן ניט קיין אויטאָנאָמע עקזיסטענץ, דערפאַר וואָס זייער שאַפער האָט זיך, דוכט זיך, אַליין ניט באַפרייט פון זיינע באַשעפענישן. צופיל מאָטיוון וואָס זיינען דעם מחבר אַליין אומקלאָר האָבן אים באַוועגט צו שאַפן די געשטאַלט פון דעם יידן.

דערפאַר איז טאַקע די ערשטע פראַגע וואָס ס׳שטעלט זיך, אַז מען באַגעגנט אַזאַ געשטאַלט אין אַ דערציילונג אָדער ראָמאַן — ווער איז דער מחבר אַליין, אַ ייד צי אַ ניט־ייד? פאַר יידן, פאַרן יידישן ווי פאַרן ניט־יידישן מחבר, איז דאָך די יידישע געשטאַלט וואָס ער פורעמט אַ פּרווו אויסצושיילן פון זיינע אונטערבאַוווסטזיניקע טיפענישן עפּעס בולטס און סאָלידס. ס׳איז דאָך אָבער קלאָר, אַז דער אינערלעכער דרוק וואָס טרייבט אַ יידן צו פורעמען אַ יידישע געשטאַלט איז גאָר אַן אַנדערער פון דעם דרוק וואָס טרייבט דעם ניט־ייד.

דער ניט־ייד, פילט מען, געפינט זיך אָפטמאָל אונטערן צויבער פון זיין יידישן העלד — אַ צויבער וואָס ציט און שטופט אָפּ, פאַסצינירט און וואַרפט אָן אַ מורא. דער ייד איז „אַנדערש״ — אָבער וואָס איז ער? פיל יידישע געשטאַלטן אין אַמעריקאַנער ראָמאַנען און דערציילונגען זיינען וואַריאַנטן פון לעאָ פינסקערס גרונט־טיפּ. די מורא פאַר יידן איז אַ מורא פאַר רוחות, פאַר קערפּערלאָזע באַשעפענישן, וואָס מען ווייס ניט פון וואַנען זיי קומען און וווהין זיי גייען.

עס זיינען פֿאַראַן דערציילונגען, אין וועלכע דער ייד איז אַ דעמאָנישע געשטאַלט, אַ רעטעניש פֿאַר וועלכער עס איז ניטאָ קיין לייזונג. אַנדערע אַמעריקאַנער שרייבער זעען דאָס וואָס זיי באַטראַכטן ווי יידישע (און דאָס הייסט, בדרך כלל, נעגאַטיווע) שטריכן אין קאָנטעקסט פֿון סאָציאַלע אומשטענדן, וואָס קענען עלימינירט ווערן דורך סאָציאַלע שינויים אָדער פֿערזענלעכער אָנשטרענגונג. אין עטלעכע ראָמאַנען פֿון דער לעצטער צייט געפֿינען די יידישע העלדן אַן אויסוועג פֿון דעם יידישן אומגליק אין אַ חתונה מיט ניט־יידן.

אָבער די געשטאַלט פֿון דעם יידן האָט כמעט תמיד עטלעכע בשות־פּותדיקע גרונט־שטריכן: דער אָפּשטאַם פֿון העלד איז שטענדיק אַ נידע־ריקער. ער קומט פֿון אַ וועלט, וואָס איז אַרכאַיש און ניט מחוייב המציאות. דער העלד, אויב ער וויל זיך אין דער וועלט בכלל באַוועגן (און אַן דעם וואָלט דאָך ניט מעגלעך געווען דער דורכשניטלעכער ראָמאַן אָדער דער־ציילונג), מוז ער אָנהויבן קלעטערן באַרג־אַרויף — פֿון דער אין טאָל ליגנדיקער יידישער געטאָ אין דער ברייטער פֿרייער וועלט וואָס ליגט אויפֿן שפּיץ באַרג. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויפֿן וועג מוז ער זיך אָנשלאָגן אָן כלערליי באַדויערלעכע מכשולים — אָבער דאָס איז אַלץ כדאי. וואָרעם עס קאָן דאָך ניט זיין קיין העכערע אַמביציע ווי זיך צו באַפֿרייען פֿון דער פֿאַרגליווערטער וועלט אין וועלכער ער איז געבאָרן געוואָרן און דערגרייכן דעם באַרגשפּיץ. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די פֿונקציע וואָס דאָס באַשאַפֿן דעם יידישן העלד שפּילט אין דער פּסיכיק פֿון זיין ניט־יידישן באַשעפֿער.

זיין העלד איז דער מעדיום דורך וועלכן ער קען אויסלאָדן די פֿאַר־אַכטונג און מורא פֿאַרן יידן, וואָס זיין סביבה האָט אין אים איינגע־פֿלאַנצט — און גלייכצייטיק זיך שאַפֿן אַן אילוזיע פֿון דער אייגענער גרויסמוטיקייט, וואָרעם ער איז דאָך גרייט אויפֿצונעמען דעם יידן, וואָס האָט זיך באַפֿרייט פֿון זיין הויקער.

דער יידישער העלד וואָס ווערט געשאַפֿן פֿון אַ יידישן קינסטלער דערפֿילט אין לעבן פֿון זיין מחבר גאָר אַן אַנדער פֿונקציע. ער האָט צום יידישן העלד אַן אינערלעכע שייכות; אַלע זיינע יידישע העלדן זיינען מאַסקעס פֿון זיין אייגענעם איך. דער שרייבער קען זיך מיט זיין העלד אידענטיפֿיצירן — אָדער זיך פֿון אים אָפּגערענעצן. ער קען אים נעמען אונטער זיין שוץ — אָדער אים אויסזעצן צו דער פֿאַראַכטונג און האַס פֿון דער וועלט. אין אַלע די פֿאַלן איז דער העלד אַ פֿונקציע אין דעם אייגענעם פּסיכישן לעבן פֿון דעם מחבר.

לעצטנס איז אַרויס אַ טשיקאַווער ראָמאַן מיט אַ יידישער טעמע — „פּאָקוס" פון אַרטור מילער. דער מחבר איז אַ ייד. ס׳איז אַ געשיכטע פון אַ ניט־יידן, מיט וועמען עס האָט געטראָפן אַן אומגליק. אַן אומשול־דיקער „גוי" הויבט אָן צו טראָגן ברילן — און הויבט אָן אויסצוזען ווי אַ ייד. אַ וועלט מיט צרות עפנט זיך פאַרן באַברילטן „אַריער", וואָס מען איז חושד, אַז ער איז אַ ייד. ער ראַנגלט זיך מיט דעם דאָזיקן אומגליק. אָבער צום סוף הויבט ער אָן צו פאַרשטיין דעם מאָדנעם פּלאָנטער אין וועלכן ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן. ער, וועלכער האָט געקענט געהערן צו דער שטאַרקער מערהייט, איז צוליב אַ נאַרישע פּאָר ברילן אידענטי־פיצירט געוואָרן מיט דער באַדראָטער מינדערהייט. דערפון לערנט ער, אַז די צעטיילונג אויף מערהייט און מינדערהייט איז ניט מער ווי אַ צופאַל. ס׳איז ניט מער ווי די ברילן, וואָס האָבן זיין אַרישן פּנים געגעבן אַ יידישן אויסזען. דער אונטערשייד צווישן די שלעגער און געשלאָגענע איז בעצם אַן אילוזאָרישער, אַ קינסטלעכער. הינטער די ברילן זיינען דאָס די זעלבע מענטשן. באמת זיינען ניטאָ קיין יידן און קיין ניט־יידן, נאָר בלויז, מסתמא, אַמעריקאַנער.

ס׳איז ניט שווער זיך צו דערגרונטעווען צום סוד פון דעם פּסיכישן מעכאַניזם, וואָס האָט באַשאַפן די דאָזיקע געשטאַלט. ס׳איז אַ חלום, אַ חלום פון אַן אַמעריקאַנער יידן פון צווייטן אָדער דריטן דור. אויף דער וואָר פילט אַרטור מילער די אומדערטרעגלעכע איזאָלאַציע אין וועלכער זיין שטאַם לעבט. ער זעט פאַר זיך אַ שאַרפע גרענעץ: ער און די זייניקע פון איין זייט, די אַנדערע — פון דער אַנדער זייט. אָבער טאַטע־מאַמע און אפשר אויך אַ לערער אין דער שול, אַמעריקאַנער דיכטער און דענקער, האָבן אים פאַרזיכערט, אַז „מיר זיינען אַלע אַמעריקאַנער". און ער מוז גלויבן, אַז דער ניט־יידישער ברודער־אַמעריקאַנער דאַרף זיך פילן פאַר־ווונדעט פון יעדן קלאַפּ, וואָס ער כאַפּט, ממש ווי ער אַליין. דאָ קומען אים צו הילף די ברילן. די דאָזיקע ברילן פאַרטושן די שאַרפע גרענעץ, דורך זיי זעען יידישע פּנימער אויס ווי אַרישע — און פאַרקערט. דורך די דאָזיקע ברילן זעט דער יונגער אַמעריקאַנער ייד, אַז דאָס וואָס איז — איז „גאָרניט געווען".

אַן אַנדער יונגער אַמעריקאַנער יידישער שרייבער, אירווין שאָ, חלומט אויך אין אַ זייער אינטערעסאַנטער דערציילונג, וואָס איז לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ניו־יאָרקער" (פון 2־טן פעברואַר). דער יידי־שער סאָלדאַט סיגער איז דער זון פון אַ פּראָפעסאָר אין אָהאַיאָ. ער און

זיינע קריסטלעכע פריינד אַלסאַן און וועלטש זיינען ערשט צוריקגעקומען פון פראַנט און זיי קלייבן זיך גיין אויף אורלויב אין פּאַריז. ס׳פעלט זיי אָבער דאָס בויטיקע געלט. סיגער האָט פון פראַנט געבראַכט אַ דייטשן לוגער־רעוואָלווער, וועלכער געפעלט אים זייער און ער וויל אים מיט־נעמען אַהיים, קיין אַמעריקע, אַן אָנדענק פון דער מלחמה (ער האָט אַליין געהרגעט דעם דייטשן ס. ס., וועלכער איז געווען דער אייגנטימער פון דעם רעוואָלווער). ווען ער פאַרקויפט דעם רעוואָלווער, וואָלט ער און זיינע חברים געהאַט אויף הוצאות הדרך קיין פּאַריז. אָבער ער קען זיך ניט אַנטשליסן, צי ער זאָל זיך מיט דעם רעוואָלווער שיידן. ער זיצט און שלאָגט זיך מיט דער דעה, בעת מען ברענגט אים אַריין אַ בריוו פון זיין פאָטער.

דער פאָטער, אַ פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וויל זיך פאַר זיין זון אַראָפּריידן פון האַרצן. די פאַמיליע סיגער האָט אין דער מלחמה פאַרלאָרן אַ זון. אַ צווייטער זון, דזשייקאָב, איז צוריקגעקומען פון דער אַרמיי אַ נערוון־דערשיטערטער. איינמאָל האָט אים דער פאָטער געפונען ווי ער זיצט אין זיין אַלטער אוניפאָרם לעבן פענצטער און קוקט אַרויס אין דרויסן. דער פאָטער פרעגט אים, וואָס ער טוט. „איך אָבסערוויר״, האָט דער זון געענטפערט, „די באַז־באָמבעס און ראַקעטעס... דאָס זיינען די נייע ראַקעטע־באָמבעס, זיי זיינען פאַר די יידן״. פון צייט צו צייט רעדט דער זון וועגן אַ מאָב וואָס דערנענטערט זיך צום הויז באַוואָפנט מיט באַזוקאָס און אויטאָמאַטישע ברויזינג־ביקסן. איינמאָל האָט אים דער פאָטער געפונען וויינענדיק בעת די צייטונגען האָבן געמאָלדן, אַז הונדערט יידן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין אַ פּאָגראָם אין טריפּאָלי.

„דאָס שרעקלעכסטע״, שרייבט דער פאָטער, „איז דאָס וואָס איך אַליין הויב אָן צו גלויבן, אַז ס׳איז פאַר אַ יידן ניט נעוראָטיש אַזוי זיך אויפ־צופירן אין דער איצטיקער צייט. אפשר איז דזשייקאָב דער נאָרמאַלער און איך בין... אין דער אמתן דער משוגענער״. דער פאָטער זעט או־מעטום סימנים פון יידן־שנאה. ער איז זיך מודה פאַרן זון, אַז ער זוכט אין די צייטונגען די יידישע נעמען אין די רשימות פון די געפאַלענע און פאַרוווּנדעטע און ער איז „אין געהיים גליקלעך״ בעת ער געפינט זיי דאָרטן. דריי מאָל האָט ער אין די רשימות געפונען די אייגענע קינדער — „און זאָל מיר גאָט מוחל זיין, וואָס איך האָב אויפן חשבון פון דיין בלוט און דיין ברודערס לעבן, דורך מיינע טרערן, געפילט דעם זעלבן צוק פון צופרידנהייט״.

בעת דער פּאָטער לייענט אין די צייטונגען וועגן יידן וואָס ווערן נאָך אַלץ דערמאָרדעט אין פּוילן אָדער יידן וואָס פאָדערן אַז מען זאָל אומקערן זייערע דירות אין פראַנקרייך אָדער מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין אַ לאַנד ווו מען וועט זיי ניט מאָרדן, איז ער ברוגז אויף זיי. „איך פּיל, אַז זיי לאַנגווייליקן די וועלט מיט זייערע פּראָבלעמען, אַז זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דער וועלט מיט ניט דערמאָרדעט ווערן, אַז זיי שטערן אַלעמען דורך זייער הונגעריק זיין און מיט די פאָדערונגען, אַז מען זאָל אומקערן זייער אייגנטום. ווען מיר וואָלטן געקענט דורכברעכן די אויי־בערפלאַך פון דער ערד און פאַרשווינדן אין איין הרף־עין, מיט אונדזערע העלדן און דיכטער און נביאים און מאַרטירער, וואָלטן מיר אפשר אויף אַזאַ אופן געטאָן אַ טובה דעם נאָמען פון דער יידישער ראַסע".

דזשייקאָב לייענט זיין פּאָטערס בריוו און ער דערמאָנט זיך וועגן זיינע באַגעגענישן מיט יידן אויף די שלאַכטפעלדער. ער רעדט ניט קיין יידיש — אָבער די דאָזיקע יידן האָבן גלייך דערקענט, אַז ער איז אַ ייד. זיי זיינען שטאָלץ געווען וואָס איינער פון זיי איז אַזוי יונג און שטאַרק — און טראָגט אויף דער פּלייצע „אַזאַ שיינעם ביקס". אַז סיגער הויבט אָן צו טראַכטן, קומט ער צום שלוס, אַז „ס'איז נאַריש זיך איינצורעדן, אַז אפילו פּאַר זיין פּאָטערס בריוו, איז ער געווען ווי די אַנדערע סאָלדאַטן וואָס האָבן דורכגעמאַכט די מלחמה. בעת ער איז געשטאַנען איבער דעם איבערגעוואָקסענעם טויטן ס. ס. סאָלדאַט, וואָס זיין פּנים איז געווען דורכ־געלעכערט פון קוילן, אין דעם סקלאַד אין קאָבלענץ און אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון זיין טויטער האַנט, האָט ער געשפּירט אַ באַזונדערן טעם פון נצחון".

דזשייקאָב טראַכט: ניין, ער וועט דעם לוגער־רעוואָלווער ניט פאַר־קויפן. ער וועט דעם רעוואָלווער מיטנעמען אַהיים. ניט ווי אַ מעמענטאָ, אַן אָנדענק פון דער מלחמה. ניין, אַ געלאָדענעם רעוואָלווער. ער דערמאָנט זיך ווי ער האָט, נאָך איידער ער איז אַריין אין דער אַרמיי, אונטערגעהערט אין אַ באַר, ווי איין סאָלדאַט האָט געזאָגט צום צווייטן: „טשאַרלי, האַלט זיך ביי דיין באַיאָנעט. מיר וועלן זיי קענען נוצן ווען מיר וועלן צוריק־קומען. אויף די 'יידס'."

אפשר, טראַכט ער, איז דער גליקלעכסטער אין זיין משפּחה זיין ברודער לעאָנאַרד, וועלכער איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. „לעאָנאַרד וועט שוין ניט דאַרפן זאַמלען די דאָזיקע העסלעכע, פּאַסצינירנדיקע

קליינע מעשיות, אין וועלכע יעדער ייד איז אַ פרעמדער אין יעדער שטאָט, אין יעדן פעלד, אויף דער גאַנצער ערד״.

אָבער פלוצלינג הערט דזשייקאָב די שטים פון זיין פריינד אָלסאָן, וואָס רייסט איבער זיינע אומעטיקע מחשבות. אָלסאָן און וועלטש האָבן זיך איבערגעטראַכט וועגן דעם לוגער־רעוואָלווער. זיי ווייסן, אַז דזשייקאָבן געפעלט זייער דער רעוואָלווער. ניין, זאָל ער דעם רעוואָלווער ניט פאַר־קויפן. ניט פון זייערט וועגן.

„איך האָב נאָך ניט באַשלאָסן,״ זאָגט סיגער.

און די דריי חברים גייען אַרויס שפּאַצירן. סיגער דערמאָנט זיך ווי אַזוי אָלסאָן האָט אים געראַטעוועט אויפן פראָנט לעבן שערבורג, ווי אַזוי דער צווייטער פריינד האָט אים באַשיצט אין אַ מינע־פעלד. און פלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ און פרעגט זיינע חברים: „חברה, וואָס טראַכט איר וועגן די יידן ?״

„וועלטש און אָלסאָן האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, און אָלסאָן האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן בריוו אין סיגערס האַנט.

„יידן ?״ — האָט אָלסאָן געזאָגט צום סוף, — „ווער זיינען זיי ? וועלטש, דו האָסט אַמאָל געהערט וועגן יידן ?״

„וועלטש האָט פאַרטראַכט געקוקט אויפן גרויען הימל.״ „ניין״, האָט ער געזאָגט, „אָבער פאַרגעס ניט, איך בין ניט קיין געבילדעטער.״

„סיגער האָט געקוקט אויף די פּנימער פון זיינע פריינד. אויף זיי וועט ער זיך דאַרפן פאַרלאָזן שפּעטער, ווען זיי וועלן אויסטאָן די מונדירן, אויף די היימישע גאַסן, נאָך מער ווי אין דער קוילן־באַשאָסענער גאַס און אין דעם פינצטערן מינע־פעלד אין פראַנקרייך. וועלטש און אָלסאָן האָבן אים אָנגעקוקט, באַזאָרגטע, מיט פּנימער אָפענע און פאַרהאַרטעוועטע און פאַרלאָזלעכע.״

אָלסאָן האָט זיך ווידער געווענדט צו זיין יידישן חבר: „הער אויס. איך ווייס ווי ס׳געפעלט דיר דער רעוואָלווער. איך וועל זיך פילן ווי אַן אויסוווּרף, אויב דו וועסט אים פאַרקויפן.״

„טראַכט מער ניט וועגן דעם״, האָט געענטפערט סיגער, וואָס האָט ווידער אָנגעהויבן שפּאַנען. „אויף וואָס וועל איך דאַרפן אַ רעוואָלווער אין אַמעריקע ?״

אַזוי חלומט אירווין שאָ. אַ חלום — אַ קאָשמאַר. דער קאָשמאַר פון דער פאַמיליע סיגער, פון דעם פאָטער, דעם פראָפעסאָר, פון דעם זון וואָס איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, און דעם צווייטן זון וואָס זיצט ביים

פענצטער און ציטערט פאַר די ראַקעטע־באָמבעס, „פאַר די יידן". אָבער אין דער לעצטער רגע, איידער מיר כאַפּן זיך אויף פון אַזאַ קאָשמאַר, רייסט זיך אַמאָל אַריין אין דעם בייזן חלום אַן אַנדער חלום. מיר חלומען, אַז דער חלום איז ניט מער ווי אַ חלום. איצט שלאָפט סאַרדזשענט סיגער — אַ רואיקן אָדער אומרואיקן שלאָף?

(„אידישער קעמפער", 22 מערץ 1946)

# איז קאַרל מאַרקס ניט געווען קיין אַנטיסעמיט?

## 1

עס איז ניט אינגאַנצן קלאָר וואָס עס האָט געקענט טרייבן גענאָסע צביון אין מיטן דערינען אָפּצוגעבן אַ גאַנצן אַרטיקל („אידישע אינטערעסן" פון שבת, דעם 30־טן נאָוועמבער) צו אַזאַ שפּאָגל־נייער און אַקטועלער טעמע ווי די פראַגע, צי קאַרל מאַרקס איז יאָ אָדער ניט געווען אַן אַנטי־סעמיט. עס איז, פאַרשטייט זיך, מעגלעך, אַז די סיבה דערפאַר איז געווען זייער אַ פּשוטע. עס האָבן זיך ביי אים, ווי עס טרעפט אַמאָל ביי די סאַמע גייסטרייכסטע שרייבער, אויסגעלאָזן אַלע „טעמעס". אין אַזאַ נויט־פאַל כאַפּט מען זיך צו וואָס עס לאָזט זיך — און די קאַרל־מאַרקס־אַנטי־סעמיטיזם פראַגע איז דעמאָלט אויך אַ פראַגע. עס איז אָבער שווער צו גלויבן, אַז געניאָסע צביון איז צו דער דאָזיקער טעמע געקומען אויף אַזאַ צופעליקן אופן. צביונס שטענדיקע לייענער האָבן מסתמא באַמערקט, אַז דער ענין אַנטיסעמיטיזם באַשעפטיקט אים לעצטנס זייער אינטענסיוו. צביון האָט זיך לעצטנס, ווייזט אויס, געשטעלט די אויפגאַבע צו באַווייזן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז אַ סך מענטשן וואָס ווערן באַשולדיקט אין אַנטיסעמיטיזם, זיינען קרבנות פון בילבולים; צווייטנס, אַנטיסעמיטן זיינען גראָד געוויסע יידן, געניויער געזאָגט, ציוניסטן, וואָס שמען אַלס אוהבי ישראל — אָבער וועגן זיי שווייגט מען. צביון האָט לעצטנס ניט איינמאָל געוואָרנט קעגן דער טענדענץ צו פאַרשרייען געוויסע ניט־יידן אַלס אַנטי־סעמיטן, כאָטש זיי אַליין לייקענען דאָס אָפּ. דורך דעם, וואָרנט צביון, מאַכן מיר זיך אָן אומזיסטע שונאים. אויב אַ מענטש ווי, לאָמיר זאָגן, דער גלח קאָגלין (דאָס איז ניט צביונס ביישפּיל, נאָר מיינער, אָבער קאָגלין האָט דאָך שטענדיק אויסגעהאַלטן געלייקנט, אַז ער איז אַן אַנטי־סעמיט) פּראָטעסטירט ווען מען באַשולדיקט אים אין שנאת־ישראל — פאַרוואָס זאָל מען זיך צו אים טשעפּען? ער זאָגט דאָך אַליין, אַז ער איז ניט קיין אַנטיסעמיט. פון דער אַנדערער זייט, זאָגט צביון, זיינען פאַראַן אַ גאַנצע ריי ציוניסטן — און דווקא זייער, זייער אַנזעעוודיקע, ניט קיין קלענערע ווי הערצל און סירקין — וואָס האָבן וועגן יידן געזאָגט זאַכן וואָס שפּעטער האָבן זיי היטלער און געבעלס איבערגעחזרט וואָרט ביי

וואָרט. און פונדעסטוועגן זייַנען הערצל און סירקין און די אַנדערע ביי אונדז (דאָס הייסט, ביי די ציוניסטן) כשרע יידן...

דערפאַר האָט זיך איצט, משמעות, צביון גענומען צו רעהאַביליטירן דעם כבוד פון קאַרל מאַרקס. דר. בן־ציון האָפמאַן האַלט אַז עס איז זיין פליכט דאָס צו טאָן — „אין דער איצטיקער צייט, ווען יעדער יידישער אייזל, וואָס קען האַלטן אַ פען אין דער קאָפּיטע, באַמיט זיך אַרויסצווייזן זיין גרויסע אייזלקייט צו [דורך?] שמידן וועגן קאַרל מאַרקס און אים רופן מיט די ערגסטע נעמען..." דזשענטעלמאַן וואָס ער איז, רופט צביון ניט די אייזלען ביי די נעמען — און, באמת, עס איז שווער זיך צו דער־מאָנען ווער עס זאָל לעצטנס האָבן גערופן מאַרקסן מיט „די ערגסטע נעמען". אָבער צביון דערמאָנט „אונדזערע יידישע איבערהיצטע נאַציאָ־נאַליסטן, אין זייער כלל אויך די „פּועלי ציון" און [צום צווייטן מאָל! ער מיינט, מסתמא אַז דעם ערשטן מאָל האָבן מיר ניט געהערט...] דעם „אַנטי־סאָציאַליסטישן 'אידישן קעמפּער'". מיר האָבן אַ חשד, אַז צביון האָט, אין זיינע טענות קעגן די מאַרקס־פאַרלוימדער, אין זינען אַ באַ־שטימטן אַדרעס. אמת, מיר זיינען, ווי שוין געזאָגט, ניט די דירעקטע סיבה פון צביונס אַרטיקל. אויף וויפל מיר געדענקען האָבן מיר אויף די שפּאַלטן פון „אידישן קעמפּער" מאַרקסן לעצטנס ניט דערמאָנט, ניט מיט די ערגסטע און ניט מיט קיין בעסערע נעמען. אָבער אַזוי ווי צביון האָט שוין דעם ענין באַרירט, ווילן מיר ניט, אַז זיין מי זאָל גיין אין ניוועץ. די טעמע מאַרקס און יידן איז באמת גאָר אַן אַן אינטערעסאַנטע און זי גייט אַריבער די גרענעצן פון ענגער מאַרקס־פאַרשונג. דוכט זיך, אַז פון דעם ענין קענען מיר אויך עפּעס לערנען וועגן פיל אַנדערע, אַקטועלערע ענינים.



קאַרל מאַרקס האָט אָנגעשריבן איין אַרבעט וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות מיט דעם דאָזיקן ענין — דאָס איז דער עסעי „צו דער יידן־פראַגע", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „דייטש־פראַנצויזישע יאַרביכער" (1844). אין דעם דאָזיקן עסעי האָט מאַרקס פּאָלעמיזירט מיט דעם לינק־העגעליאַנער ברונאָ באַוער, וואָס איז אין זיין אַרבעט וועגן דער יידן־עמאַנ־ציפּאַציע געקומען צום אויספיר, אַז יידן דאַרפן באַקומען בירגער־רעכט בלויז בתנאי אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון יידנטום און אָננעמען דעם קריסט־לעכן גלויבן. מאַרקס האָט ברונאָ באַוערן קריטיקירט פאַר זיין טעאָלאָגישן

צוגאַנג צו דער פראַגע. פאַר מאַרקסן איז די יידן־פראַגע ניט קיין פראַגע פון אמונה. „לאָמיר קוקן אויף דעם ממשותדיקן יידן, דעם יידן פון דער וועלט, ניט דעם שבת־יידן, ווי דאָס טוט באַוער, נאָר דעם יידן פון איב־דערוואָכן. לאָמיר ניט זוכן דעם סוד פון יידן אין זיין רעליגיע; לאָמיר זוכן דעם סוד פון דער יידישער רעליגיע אין דעם ממשותדיקן יידן".

און קאַרל מאַרקס גיט זיין שוין קלאַסיש געוואָרענעם פּאָרטרעט פון דעם „ממשותדיקן יידן":

„וואָס איז די וואָכעדיקע באַזע פון יידנטום? תכלית, אייגננוצן. וואָס איז דעם יידנס וואָכעדיקער קולט? געשעפטמאַכעריי. וואָס איז דעם יידנס וועלטלעכער גאָט? געלט. דעריבער איז די עמאַנציפּאַציע פון אונדזער עפּאָכע — די עמאַנציפּאַציע פון געשעפטמאַכעריי און געלט, דאָס הייסט, זיך עמאַנציפּירן פון פּראַקטישן, רעאַלן יידנטום. ביי אַזאַ געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וווּ קיין געשעפטמאַכעריי וועט ניט זיין, וועלן אויך ניט מעגלעך זיין קיין יידן".

„יידן זיינען אַזוי וויית עמאַנציפּירט ווי וויית קריסטן זיינען געוואָרן יידן. דער יידישער גאָט איז געוואָרן דער וועלט־גאָט. אַ וועקסל — דאָס איז דער רעאַלער גאָט ביי יידן. די אויסגעטראַכטע יידישע נאַציאָנאַליטעט איז די נאַציאָנאַליטעט פון אַ סוחר, פון אַ געלט־מענטשן בכלל. געזעל־שאַפטלעך עמאַנציפּירן יידן — דאָס הייסט עמאַנציפּירן די געזעלשאַפט פון יידנטום".

דאָס איז דער תמצית פון מאַרקס' „יידן־פראַגע". דער סאַמע מהות פון יידנטום איז דער קולט פון „געשעפטמאַכעריי" און „געלט". עס קען דערפאַר ניט זיין קיין פראַגע פון באַפרייען יידן. די יידן זיינען פריי — דאָס יידנטום הערשט דאָך פאַקטיש אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. די פראַגע איז: ווי אַזוי באַפרייט מען די וועלט פון יידנטום. דאָס קען געשען בלויז דורך דעם סאָציאַליזם. אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג וועט „זיין [דעם יידנס] רעליגיעזער באַוווסטזיין זיך אויסוועפּן ווי אַ נעפּל אין דער לעבנס־אַטמאָספער פון דער געזעלשאַפט..."

ווי אַזוי איז די „יודענפראַגע" אויפגענומען געוואָרן אין דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג? דאָס איז גאָר אַן אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע געשיכטע; דער ענין האָט טאַקע אַ געשיכטע. אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט האָט אין די קרוב צו זעקס יאָרצענדליקער, וואָס זיינען פאַר־גאַנגען צווישן דעם דערשיינען פון מאַרקס' „יודענפראַגע" (1844) און דעם סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט זיך ניט אויפגעהויבן קיין אין סאָציאַליס־

טישע שטים אָפּצופרעגן די הנחות פון דער דאָזיקער בראָשור וועגן יידן און יידנטום. עס איז גאָר ניט שווער צו געפינען די דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער דערשיינונג. עס איז זייער פּשוט: די מיינונגען וואָס מאַרקס האָט אויסגעדריקט אין דער בראָשור זיינען אין פולן הסכם מיט דעם צוגאַנג און דער באַציונג צו יידן, וואָס האָבן געהערשט אין סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע באַוועגונגען פון ניינצנטן יאָרהונדערט. וואָס איז שייך יידן און יידנטום, זיינען ניט געווען קיין חילוקי־דעות צווישן די אוטאָפּיס־טישע סאָציאַליסטן (פוריע, טוסענעל), די ראַדיקאַלע „יונג־העגעליאַנער״, מאַרקס׳ גרויסע אַנאַרכיסטישע קעגנער (באַקונין, פּרודאָן) און די מאַרק־סיסטן. צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן דעם אַקצענט געלייגט אויף יידנטום — די יידישע רעליגיע איז דער מקור פון דער גייסטיקער פאַרדאַרבונג פון דער מענטשהייט, דער פּראָטאָטיפּ פון אַבערגלויבן און שווינדל. אַנדערע האָבן דעם אַקצענט געלייגט אויף דעם „ממשותדיקן יידן״ — יידן זיינען בנאַטור פּראָצענטניקעס, שאַכער־מאַכערס, עקספּלו־אַטאַטאָרן, שווינדלערס. אַ טייל פון זיי האָבן פאַראייניקט די פאַראַכטונג פאַרן יידנטום מיט שנאה צו יידן. די דאָזיקע ראַדיקאַלן, סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן האָבן אין מאַרקס׳ בראָשור ניט געקענט געפינען קיין חידושים אָדער אפּיקורסות. בלויז אַז מען באַקענט זיך מיט אַט דער אַנטיסעמיטי־שער טראַדיציע אין דעם סאָציאַליסטישן דענקען פון ניינצנטן יאָרהונ־דערט, פאַרשטייט מען ווי נאַטירלעך עס איז געווען אַז איינער פון די ערשטע קאָנגרעסן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל (1891) זאָל אָפּוואַרפן אַ רעזאָלוציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז פאַרגעשלאָגן געוואָרן מצד אב. קאַהאַן, דעם פאַרשטייער פון די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. קעגנערשאַפט צום אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַ שאַקירנדיקער אָפּנויג פון אַ טראַדיציע, צו וועלכער מען האָט זיך צוגעוווינט און אָנגענומען אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעך. ערשט ווען עס איז שוואַכער געוואָרן דער כוח פון דער מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע אין דעם סאָציאַליזם — האָט זיך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אָנגעהויבן באַפרייען פון דער באַציונג צום יידנטום און יידן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין מאַרקס׳ „יודענ־פראַגע״. מאַרקס׳ חיבור איז זייער זעלטן איבערגעדרוקט געוואָרן. אַז מען האָט אים יאָ דערמאָנט — האָט מען דאָס געטאָן אַפּאָלאָגעטיש, מען האָט געזוכט כלערליי אַנטשולדיקונגען פאַרן מחבר. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג איז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געוואָרן אַלץ מער אַ ליבע־ראַלע רעפאָרם־באַוועגונג. איינס פון די שלעכטס וואָס זי האָט באַקעמפט,

צוזאַמען מיט אַנדערע ליבעראַלן, איז געווען די ראַסן־שנאה. מאַרקס האָט וועגן יידן גערעדט אין די זעלבע טערמינען ווי די פּראָפעסיאָנעלע אַנטי־סעמיטן. אַן אַנטיסעמיט איז בדרך כלל אויך געווען אַן אַנטי־סאָציאַליסט. עס איז ניט גרינג געווען אפילו מיט די בעסטע דיאַלעקטישע קונץ־שטיק צו געפינען אַ זכות פאַר מאַרקס׳ טעאָריע וועגן יידנטום און די יידן. וואָס ווייניקער אָרטאָדאָקסיש מאַרקסיסטן זיינען געוואָרן, אַלץ מער האָבן זיי געוואָלט פאַרגעסן מאַרקס׳ „יודענפראַגע״.

די אָנשויאונגען פון מאַרקס׳ „יודענפראַגע״ זיינען נאַטירלעך טריי געבליבן די לינקסטע עלעמענטן אין סאָציאַליזם. פראַנץ מעהרינג, איינער פון די בעסטע קעפּ פון דעם לינקן פליגל אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און שפּעטער איינער פון די גרינדער פון דער דייטשער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט אין זיין מאַרקס־ביאָגראַפיע דערקלערט: „יעדער פירוש איז עלול בלויז אָפּצושוואַכן די דאָזיקע פונדאַמענטאַלע שטודיע; די דאָזיקע ווייניקע זייטן זיינען שקול קעגן דער גאַנצער טורעם־הויכער ליטעראַטור וועגן יידן, וואָס איז זינט דעמאָלט דערשינען״. דאָס קאָמוניסטישע גרונט־ווערק וועגן יידן, אָטאָ העלערס „אונטערגאַנג פונעם יידנטום״, איז געשריבן אין גייסט פון מאַרקס׳ „יודענפראַגע״. אין יאָר 1936, אין דער היטלער־תקופה, זיינען אין „אונזער וואָרט״, דעם אָרגאַן פון די דייטשע טראָצקיסטישע פליטים, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרטיקלען, אין וועלכע מען האָט זיך אויסגעטענהט מיט די „פּסעוודאָ־מאַרקסיסטן״, וואָס זיינען אַראָפּ פון דעם מאַרקסיסטישן דרך־הישר אין דער יידן־פראַגע — און גערופן זיך צוריקקערן צו די גרונט־הנחות פון דער דער יידן־פראַגע איז ניט צו געפינען קיין בעסערן וואָפן ווי מאַרקס׳ חיבור״. אונטערן נאָמען „יאָהרע״, זאָגט: „איך ווייס, אַז מאַרקס׳ בראָשור איז אין משך פון עטלעכע יאָרצענדליקער אויסגעשטאַנען (און שטייט נאָך איצט אויס) די פאַרשיידנסטע אַטאַקעס (און זידלערייען). עס איז מיר באַקאַנט, אַז מען באַשולדיקט מאַרקסן אין אַנטיסעמיטיזם... אין דייטשלאַנד שטיצט זיך דער נאַציזם דירעקט אויף מאַרקסן, און לאַנג פאַרן נצחון פון דעם פאַשיזם פלעגן צו אונדז קומען נאַציס און „באַווייזן״, אַז גראָד לויט מאַרקסן איז דער אַנטיסעמיטיזם אומאָפּפרעגלעך־ריכטיק״. אָבער דאָס מאַכט אויף דעם טראָצקיסט ניט קיין איינדרוק. ער באַשטייט דערויף, אַז „וואָס שייך דער יידנפראַגע, איז ניט צו געפינען קיין בעסערן וואָפן ווי מאַרקס׳ חיבור״. („אונזער וועג״, פּאַריז, יאַנואַר, 1946). די קאָנסעקווענטסטע אויספירן פון מאַרקס׳ „יידן־פראַגע״ האָט געמאַכט אַלבערט ווייסבאָרד, איינער פון די

וויכטיקסטע פירער פון אַמעריקאַנער קאָמוניזם אין די צוואַנציקער יאָרן און שפּעטער אַ טראָצקיסט און „טעאָרעטיקער" פון אַן אייגענער קאָמוניסטישער „אָפּאָזיציע". ווייסבאָרד (אַליין אַ ייִד) האָט פון מאַרקס׳ בראָשור אַרויסגעדרונגען, אַז ייִדן זיינען אַן אַנטי־סאָציאַלער, פאַרדאָרבענער און פאַרדאָרבנדיקער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט. דערפאַר קען ניט זיין קיין גרעסערע סכנה ווי אַריינצולאָזן גרעסערע צאָלן ייִדן אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. ווייסבאָרד איז, דוכט זיך, דער ערשטער מאַרקסיסט, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די „רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג" זאָל איינפירן אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר ייִדן. מען דאַרף ייִדן אַריינעמען בלויז אין זייער קליינע צאָלן — און יעדער ייִד וואָס ווערט אַריינגענומען אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג דאַרף דורכגיין זייער אַ שטרענגע פּראָבע. דער ערשטער תנאי דאַרף זיין: איבעררייסן אַלע פאַרבינדונגען מיט דער ייִדישער סביבה — פריינד, קרובים, עלטערן. ערשט ווען אַ ייִד וועט איבעררײַסן אַלע באַציונגען מיט ייִדן, וועט ער אפשר באַוויזן זיך צו באַפרייען פון דער פאַרדאָרבנדיקער השפּעה פון פאַרברעכערישן ייִדנטום — און ראוי זיין צו דינען דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

ייִדישע מאַרקסיסטן, וואָס זיינען טעטיק געווען צווישן ייִדן, האָט מאַרקס׳ „יודענפראַגע" געשטעלט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. פון איין זייט איז דאָך אוממעגלעך געווען צוצוגעבן, אַז קאַרל מאַרקס זאָל האָבן געהאַט אַן אַנטיסעמיטישע באַציונג צו ייִדן; פון דער אַנדערער זייט, איז שווער געווען מסכּים צו זיין מיט די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע מיינונגען. האָבן זיך די דאָזיקע ייִדישע סאָציאַליסטן שטאַרק געמאַטערט צו „דערקלערן" און „אויסטייטשן" מאַרקס׳ „צו דער ייִדן־פראַגע", אַז דער ענין זאָל ניט אויסזען אַזוי שרעקלעך, ווי עס קען מאַכן דעם איינדרוק.

גענאָסע צביון איז ניט קיין מחדש אין דער דאָזיקער מאַרקס־אַפּאָלאָגעטיק. ער חזרט בלויז איבער וואָס אַנדערע האָבן שוין געזאָגט מער ווי איין מאָל. אַזוי ווי מיר האַלטן נאָך ביי דער „יודענפראַגע" וועלן מיר זיך דערווייל אָפּשטעלן בלויז אויף איין אַרגומענט, וואָס ער ברענגט אין זיין אַרטיקל:

„אַז קאַרל מאַרקס האָט געהאַט אַ שלעכטע מיינונג וועגן די ייִדן אין דייטשלאַנד, קען ניט זיין קיין פראַגע", זאָגט גענאָסע צביון. „אָבער", זאָגט ער ווייטער, „האָבן אַ שלעכטע מיינונג וועגן די ייִדן אין דייטשלאַנד, בפרט אין דער צייט פון קאַרל מאַרקס, און זיין אַן אַנטיסעמיט, זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן". גענאָסע צביון ברענגט עטלעכע „ראיות" וואָס דאַרפן

באַווייזן, אַז מאַרקס האָט ניט געקענט זיין קיין אַנטיסעמיט, ווי עס ווילן האָבן זיינע „פּאַרלוימדער". די „ראיות" זיינען: די פריינדשאַפט צווישן אים און אַזאַ וואַרעמען יידן און פּאַרלויפער פון ציוניזם ווי משה העס; אַ בריוו וואָס דער היסטאָריקער היינריך גרעץ האָט צו אים געשריבן נאָך דעם ווי די צוויי האָבן זיך באַקאַנט אין אַ דייטשן קוראָרט; „דער פאַקט" וואָס „אין דער צייט ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע, האָט ער געלאָזט וויסן אַרנאָלד רוגע, אַז ער וויל אונ־טערשרייבן אַ פּעטיציע צום לאַנדטאַג, אַז עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די אויסנאַם־געזעצן קעגן די יידן אין רהיינלאַנד און אַז זיי זאָלן קריגן גלייכע רעכט".

אויף אָט די אַלע „ראיות" און „פאַקטן" וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין אונדזער צווייטן אַרטיקל. איצט וועלן מיר בלויז אַ רגע זיך אַריינטראַכטן אין געגנאָסעס צביונס גרונט־באַהויפּטונג — אַז אין זיין „יידן־פראַגע" האָט מאַרקס אויסגעדריקט בלויז „אַ שלעכטע מיינונג וועגן די יידן אין דייטש־לאַנד", און דאָס קען, באַזונדערס דערפאַר וואָס עס האַנדלט זיך וועגן די דייטשע יידן „אין דער צייט פון קאַרל מאַרקס", ניט באַטראַכט ווערן ווי אַנטיסעמיטיזם:

דערויף זיינען פאַראַן צוויי ענטפערס —

די פאַקטן: קאַרל מאַרקס דערמאָנט כמעט ניט אין זיין „יידן־פראַגע" די דייטשע יידן. אין דעם עסעי רעדט זיך וועגן יידן בכלל, וועגן יידנטום ווי אַ וועלט־היסטאָרישע דערשיינונג, וועגן מהות פון דער יידישער רעליגיע און דעם יידישן „ממשותדיקן מענטשן", אָן קיין שום געאָגראַפישע קוואַליפי־קאַציעס. בעת מאַרקס רעדט וועגן יידישן וואָכעדיקן „קולט", די „געשעפט־מאַכעריי", וועגן דעם יידישן „וועלטלעכן גאָט", דעם „געלט", וועגן יידישן „רעאַלן גאָט", דעם „וועקסל", רעדט ער ניט וועגן עפּעס אַ לאָקאַל־גאָט פון די דייטשע יידן. מאַרקס האָט אין זיין „יודענפראַגע" אַ סך צו זאָגן וועגן מהות פון דער יידישער רעליגיע. „וואָס איז דער יסוד פון דער יידישער רעליגיע? די פּראַקטישע באַדערפעניש, דער עגאָיזם. דער יידישער מאָנאָ־טעיזם איז פּראַקטיש דער פּאָליטעיזם פון דער גרויסער צאָל באַדערפע־נישן — דאָס איז דער פּאָליטעיזם וואָס מאַכט אויך דעם בית־הכסא פאַר אַן ענין פון געטלעכן געזעץ... דאָס וואָס עס ווערט אין דער יידישער רעליגיע געגעבן אַבסטראַקט, די פאַראַכטונג פאַר טעאָריע, פאַר דער קונסט, פאַר דער געשיכטע, פאַרן מענטשן ווי אַ זעלבסט־צוועק — דאָס איז דער אמתער באַוווסטזיניקער שטאַנדפּונקט, די גרונט־אייגנשאַפט פונעם

געלט־מענטש". מאַרקס פאַרגלייכט דאָס יידנטום מיטן קריסטנטום. „דאָס קריסטנטום איז געבוירן געוואָרן אין יידנטום; עס איז שפּעטער אויפ־געלייזט געוואָרן אין יידנטום. לכתחילה איז דער קריסט געווען דער ייד, וואָס האָט זיך אַ קער געטאָן צום טעאָרעטישן דענקען... דאָס קריסטנטום איז געווען צו איידל און צו ספּיריטועל, אַז עס זאָל די מגושמדיקייט פון דער פּראַקטישער באַדערפעניש קענען באַזייטיקן אַנדערש, ווי דורך דער־הויבן צום הימל־בלוי. דאָס קריסטנטום איז די ריינע אידעע פון יידנטום. דאָס יידנטום איז די ווולגאַרע עקספּלואַטאַציע פון קריסטנטום... דער עגאָיזם פון דעם העכערן גליק פון קריסטנטום איז אין זיין פולער פּראַק־טישקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם יידנס קערפּערלעכן עגאָיזם, די הימלשע באַדערפעניש איז געוואָרן אַן ערדישע, דער סוביעקטיוויזם — עגאָיזם... מיר דאַרפן זוכן די דערקלערונג פאַר דער יידישער קאָנטי־נואיטעט ניט אין זיין רעליגיע, נאָר אין דעם מענטשלעכן יסוד פון זיין רעליגיע, אין דער פּראַקטישער באַדערפעניש, אין עגאָיזם".

עס איז דוכט זיך קלאָר, אַז צביון האָט אויף זיין מייסטער אויסגע־טראַכט אַ בילבול. ער האָט ניט גערעדט וועגן „דייטשע יידן" אין „דער צייט פון קאַרל מאַרקס", נאָר וועגן מהות פון יידנטום אין אַלע צייטן און אומעטום, וועגן זיין ראָלע אין דער וועלט־געשיכטע.

די לאָגיק פון אָט דער מאַרקס־אַפּאָלאָגעטיק. מאַרקס אַליין האָט ניט גערעדט וועגן די דייטשע יידן פון זיין צייט — נאָר וועגן יידן בכלל. אָבער, ווײַל אפשר די אַפּאָלאָגעטיק זאָגן, אַז פאַקטיש איז ער געווען באַקאַנט בלויז מיט דייטשע יידן, די דייטשע יידן פון זיין צייט? ער האָט געמאַכט ברייטע גענעראַליזאַציעס אויפן יסוד פון זיינע פּערזענלעכע באַגרענעצטע דערפאַרונגען.

אויב דאָס איז וואָס גענאָסע צביון האָט געהאַט בדעה צו זאָגן, האָט ער וועגן זיין לערער מאַרקס ניט נאָר אויסגעטראַכט אַ בבא־מעשה (אַז ער האָט כלומרשט אין דער „יודענפראַגע" געשריבן וועגן „דייטשע יידן"), נאָר וועגן אים אויך געשריבן די צעשמעטערנדיקסטע קריטיק, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. מיר ווייסן ווי אַזוי מאַרקסיסטן קוקן אויף זייער לערער. ער איז איינער פון די גרעסטע, אויב ניט דער גרעסטער געלערנ־טער פון אַלע צייטן. ער איז אַן ענציקלאָפּעדישער היסטאָריקער. ער איז, קודם כל, דער „אָביעקטיווער פאָרשער". און אָט קומט דער דאָזיקער סופער־פאָרשער און סופער־דענקער און שאַפט אַ גאַנצע טעאָריע וועגן אַ פאָלק און אַ רעליגיע, וואָס עקזיסטירן שוין עטלעכע טויזנט יאָר, וואָס

האָבן אַ לאַנגע און פאַרבנרייכע געשיכטע און האָבן געשאַפן אַ פאַרצווייגטע ליטעראַטור — אויפן יסוד, משמעות, פון צופעליקע באַגעגענישן מיט עטלעכע יידישע פּראַצענטניקעס אין באָן און בערלין.

דער שרייבער פון די שורות איז ניט קיין מאַרקסיסט — ער איז אַן אַנטי־מאַרקסיסט. אָבער אפילו אַן אַנטי־מאַרקסיסט מוז זאָגן, אַז דער מאַרקס־תלמיד צביון דערלויבט זיך שוין אַביסל צו פיל. מאַרקס איז ניט געווען קיין בעזגראַמאָטנער פויער אָדער פּראָווינציאַל, וואָס האָט געבויט טעאָריעס וועגן פעלקער און רעליגיעס אויפן יסוד פון צופעליקע באַגעגענישן און אומאָנגענעמע פּערזענלעכע דערפאַרונגען. מאַרקס האָט, פאַרשטייט זיך, געוווּסט, אַז דער גרינדער פון דער יידישער רעליגיע איז ניט געווען קיין פּראָצענטניק אין פּראַנקפורט, אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט. ער האָט געוווּסט וועגן וועמען און וואָס ער האָט גערעדט.

דעם מקור פון מאַרקס׳ מיינונגען וועגן יידנטום און יידן אין זיין „יודענפראַגע" דאַרף מען זוכן ניט ביי די „דייטשע יידן" און אויך ניט אין זיין „צייט"; מען דאַרף דאָס זוכן אין מאַרקסן, אין זיין טעמפּעראַמענט, אין זיין באַציונג, אין זיין נשמה. אַנטיסעמיטיזם איז אַ כאַראַקטער־ענין, אַ נשמה־ענין.

כדי דאָס קלאָר צו מאַכן איז גענוג זיך צו פרעגן: האָבן אַלע אינטעלעקטועל־עמאַנציפּירטע דייטשע יידן געקוקט אויפן יידנטום און אויף יידן מיט די זעלבע אויגן ווי קאַרל מאַרקס? בערטאָלד אַוּערבאַך האָט געלעבט אין דער זעלבער סביבה ווי מאַרקס; ער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין דייטשלאַנד. האָט ער אויך געהאַלטן, אַז די געטער פון די יידן זיינען געשעפטמאַכעריי, געלט, דער וועקסל? משה העס איז אויפגעוואַקסן ניט אין אַ משומדים־הויז, נאָר אין דער שטוב פון אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישן טאַטן. ער האָט דאָך זיכער געדאַרפט בעסער באַקאַנט זיין מיטן יידישן גאָט, ווי קאַרלס מאַרקס. פונדעסטוועגן איז ער געווען דער מחבר פון „רוים און ירושלים". און העס איז דאָך אויך געווען ניט קיין קלענערער שונא פון „געשעפטמאַכעריי" און „געלט" און „וועקסל", ווי קאַרל מאַרקס.

אָבער, מען קען אפשר זאָגן: דאָס איז דאָך די צרה — מאַרקס איז ניט אויסגעוואַקסן אין קיין יידיש הויז. ער איז געווען דער זון פון אַ משומד. ער האָט אין זיין קינדהייט און פריער יוגנט איינגעזאַפּט די קאָנווענציאָנעלע קריסטלעכע קאָנצעפּציע וועגן יידן און יידנטום. אָבער, מוז מען פרעגן, איז קאַרל מאַרקס געווען אַ מענטש, וואָס האָט בדרך כלל

אומקריטיש איבערגענומען די קאָנווענציאָנעלע אידעען און פאָראורטיילן פון זיין סביבה? מאַרקס איז דאָך געווען איינער פון די אומרחמנותדיקסטע קריטיקער פון אַלע קאָנווענציאָנעלע אידעען פון זיין צייט. ער איז דאָך געווען דער גרויסער רעבעל. צו זאָגן אויף מאַרקסן אַז זיין אַנטיסעמיטיזם איז פשוט געקומען פון אומוויסן, אונטער דעם איינפלוס פון דער סביבה אין וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן — הייסט, אים טיף באַליידיקן, זאָגן אויף אים, אַז ער איז ניט געווען דער קריטיש־רעוואָלוציאָנערער דענקער, וואָס ער איז געווען, ווי עס טענהן זיינע תלמידים.

כדי קלאָר צו מאַכן דעם אומזין פון דער דאָזיקער מאַרקס־אַפּאָלאָגע־טיק, איז כדאי צו פאַרגלייכן מאַרקס' באַציונגען צו יידן מיט דער באַציונג פון אַ ניט־ייד — אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט. פאָן הומבאָלדט איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט. ער האָט מסתמא איינגעזאַפּט דעם גאַנצן קריסט־לעכן מיטאָס וועגן יידן. ער האָט געזען די זעלבע „דייטשע יידן" וואָס קאַרל מאַרקס. ער איז אין דער יידישער רעליגיע ניט געווען קיין גרע־סערער בקי ווי קאַרל מאַרקס. אָבער בעת פאָן הומבאָלדט איז אַרויסגע־טראָטן פאַרן אָפּשאַפן די אויסנאַם־געזעצן קעגן יידן, האָט ער וועגן זיי גערעדט ווי וועגן דעם „אייביק אונטערדריקטן און גערודפטן פאָלק". אַזוי האָט ער, וואָס האָט אויך געקענט די „דייטשע יידן" אין דער „צייט פון קאַרל מאַרקס", געזען דאָס יידישע פאָלק — „דאָס אייביק אונטערדריקטע און גערודפטע פאָלק".

אָבער מיר האָבן זיך צופיל פאַרנומען מיט מאַרקס' בראָשור. דער אמת איז — אַן אמת וואָס די יידישע מליצי יושר פון דעם מחבר פון דער דאָזיקער בראָשור ווייסן ניט אָדער ווילן פאַרדעקן — אַז מען דאַרף זיך גאָרניט אָזויפיל חקרענען וועגן דעם אמתן זינען פון מאַרקס' באַהויפּ־טונגען וועגן יידן און יידנטום. ווער עס האָט באמת געלייענט מאַרקסן, קען ניט האָבן קיין ספקות וועגן זיין באַציונג צום יידנטום און יידן. מאַרקס האָט וועגן די ענינים גאַנץ אָפט גערעדט זייער אָפן און דירעקט. דאָס איז שוין גענוג קלאָר געוואָרן פון מאַרקס' באַקאַנטע שריפטן. אָבער דערצו זיינען נאָך אין די לעצטע יאָרן צוגעקומען נייע באַלערנדיקע מאַטעריאַלן.

(„אידישער קעמפער", 13 דעצעמבער 1946)

## 2

מיר וועלן זיך פאַרנעמען ניט מיט קאַרל מאַרקס' געשיכטפילאָזאָפישער קאָנצעפּציע פון יידנטום און יידן בכלל, נאָר מיט זיין איינשטעל צו אַ

וויכטיקער, ריכטיקער, דער וויכטיקסטער, יידישער פּראָבלעם פון זיין צייט — די פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דער נייַנצענטער יאָרהונדערט איז דער יאָרהונדערט פון יידישער עמאַנציפּאַציע. אין דעם יאָרהונדערט זיינען אין די מערסטע לענדער אין אייראָפּע, איינס נאָכן צווייטן, באַזייטיקט געוואָרן די לעצטע רעשטן פון דעם יידישן מיטלאַלטערלעכן סטאַטוס. דער פּראָצעס פון יידישער עמאַנציפּאַציע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אין נייַנצנטן יאָרהונדערט אַרומגענומען כמעט די גאַנצע יידישע וועלט — מיט דעם גרויסן יוצא מן הכלל, רוסלאַנד. פאַר קאַרל מאַרקס' באַציונג צו יידן קען דערפאַר זיין איינשטעל צו דער פּראַקטישער פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָבע. לאָמיר גלייך באַמערקן, אַז קאַרל מאַרקס וואָס האָט אַזוי פיל געשריבן בכלל, וואָס האָט פיל געשריבן וועגן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע קאַמפן פון זיין דור, האָט דעם דאָזיקן ענין דערמאָנט בלויז אין געציילטע פאַלן. דאָס זאָגט אונדז שוין אויך עפּעס וועגן זיין באַציונג — באַזונדערס אין ליכט פון די גרונט־טעזעס פון זיין „יודענפראַגע". אָבער דאָס וואָס ער זאָגט יאָ וועגן דער פראַגע לאָזט ניט קיין פּלאַץ פאַר ספק וועגן זיין איינשטעל צום ענין.

מיר וועלן אָנהויבן מיט אַ באַהויפּטונג וואָס צביון האָט געמאַכט אין זיין דערמאָנטן אַרטיקל — דאָס איז איינע פון די „ראיות" וואָס ער ברענגט כדי צו באַווייזן ווי אַבסורד עס איז דער בלבול פון די „יידישע אייזלען" וואָס „שמירן וועגן קאַרל מאַרקס און רופן אים מיט די ערגסטע נעמען...״ כדי, משמעות, ענדגילטיק צו באַווייזן, אַז אין מאַרקס' „יודענפראַגע" האָט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן „שלעכטע מיינונגען" וועגן „דייטשע יידן" און אַז אפילו בנוגע זיי, די „דייטשע יידן", איז מאַרקס ניט געווען קיין אַנטי־סעמיט, דערמאָנט צביון „דעם פאַקט". אַז „אין דער צייט ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע, האָט ער געלאָזט וויסן אַרנאָלד רוגע, אַז ער וויל אונטערשרייבן אַ פּעטיציע צום לאַנדטאַג, אַז עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די אויסנאַם־געזעצן קעגן די יידן אין רהיינ־לאַנד און אַז זיי זאָלן קריגן גלייכע רעכט". דאָס איז אָן ספק אַ וויכטיקער, אַנטשיידנדיקער פּונקט. קאַרל מאַרקס האָט טאַקע געמעגט האָבן מיינונגען וועגן יידן וואָס זיינען אונדז ניט סימפּאַטיש, וואָס זיינען אפשר אומגערעכט. אָבער ווען עס איז געקומען צו אַזאַ עלעמענטאַרער זאַך ווי „גלייכע רעכט" פאַר יידן, וועגן אויסגלייכן זייער בירגער־סטאַטוס מיטן סטאַטוס פון זייערע ניט־יידישע מיטבירגער, האָט דאָך קאַרל מאַרקס מסתמא גע־

שטיצט די דאָזיקע פאָדערונג. זיכער האָט ער דאָס געשטיצט. אַנדערש קען דאָך גאָרנישט געמאָלט זיין!

און צביון האָט טאַקע געפונען אַ בריוו פון קאַרל מאַרקס צו זיין דעמאָלטדיקן פריינד אַרנאָלד רוגע אין וועלכן די דאָזיקע זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייט דאַרף ווערן באַשטעטיקט, ווי אַ „פאַקט".

צביון דערמאָנט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ בריוו; ציטירן ציטירט ער אים אָבער ניט. איך ווייס ניט גענוי פאַרוואָס ער האָט דאָס ניט געטאָן. עס זיינען פאַראַן צוויי קלאַסישע דעפיניציעס פון דעם טערמין „מאַרקסיסט". איין דיפיניציע שטאַמט פון דער פען פון דעם קלוגן ווינער אַקטיאָר־היס־טאָריקער עגאָן פרידעל, וועלכער זאָגט אַז „מיט אייניגער איבערטרייבונג, קענטע מאַן בעהאַופטען, איין מאַרקסיסט איזט איין מענש, דער מאַרקס ניכט געלעזן האַט" („מיט אַ געוויסער גוזמא קען מען באַהויפּטן, אַז אַ מאַרקסיסט איז אַ מענטש, וואָס האָט ניט געלייענט מאַרקסן"). גוסטאַוו לאַנדאוער, דער שאַרפער סאָציאַליסטישע קריטיקער און באַקעמפער פון מאַרקסיזם, האָט דעם ענין אַנדערש פאָרמולירט: דער מאַרקסיסט איז אַ מענטש וואָס האָט אַ טבע צו ווייזן דעם קעגנער דעם רוקן אַנשטאָט דעם שטערן... אָבער איין זאַך איז קלאָר: פון זיין שטאַנדפּונקט, האָט צביון זיכער גלייך געטאָן וואָס ער האָט ניט ציטירט קאַרל מאַרקס' בריוו צו אַרנאָלד רוגען.

קאַרל מאַרקס שרייבט צו אַרנאָלד רוגען אין אַ בריוו פון דעם 13־טן מערץ, 1843: „צו מיר איז אָקאָרשט געקומען דער פאָרשטייער פון די היגע יידן און מיך געבעטן צו שטיצן די פעטיציע, וואָס זיי האָבן איבער־געגעבן דעם לאַנדטאַג. כאָטש די יידישע רעליגיע איז מיר זייער פאַר־מיאוסט, גלויב איך פונדעסטוועגן, אַז [ברונאָ] באַוערס מיינונג [דאָס הייסט, אַז יידן דאַרפן עמאַנציפּירט ווערן נאָר בתנאי, אַז זיי זאָלן איבערגיין צו דער קריסטלעכער רעליגיע], איז צופיל אַבסטראַקט. אונדזער פליכט איז אָפּצושוואַכן, אויף וויפיל עס איז מעגלעך, דעם קריסטלעכן שטאַט און אויף אומדירעקטע וועגן אין אים אַריינפירן אַלץ וואָס עס שטימט מיט די פאָדערונגען פון דער פאַרנונפט. מען דאַרף דאָס, יעדנפאַלס, פּרובירן; און יעדעס מאָל וואָס אַ פעטיציע ווערט צוריקגעוויזן וואַקסט דאָך די פאַרביטערונג". (ציטירט לויט: תיאודור זלוציסטי, משה הס — תל־אביב, ירושלים, תש"ה, ז. 63).

אַזוי מאָטיווירט מאַרקס אַליין זיין כוונה צו שטיצן די יידישע פעטיציע וועגן בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג אין רהיינלאַנד. דוכט זיך, אַז דער

זינען פון דעם דאָזיקן בריוו לאָזט זיך ניט מיספאַרשטיין און זיין טעם לאָזט זיך ניט פאַרזיסן. אָבער, אַ קשיא אויף די מאַרקס־אַפּאָלאָגעטיקער! עס איז אפשר פּאַרט נויטיק צו באַמערקן, אַז בעת מאַרקס רעדט וועגן דער „יידישער רעליגיע", מיינט ער ניט די יידישע רעליגיע, צום אונ־טערשייד פון דעם „ממשותדיקן יידן", נאָר טאַקע אים, דעם „ממשותדיקן יידן" — די מיטגלידער פון דער יידישער קהלה. בעת מען האָט אין יאָר 1843 אין רהיינלאַנד גערעדט וועגן גלייכע רעכט פאַר יידן, האָט מען דערמיט ניט געקענט מיינען רעכט פאַר דער יידישער רעליגיע. קיין דיסקרימינאַציעס קעגן אָפּהיטן די יידישע רעליגיע זיינען דעמאָלט אין רהיינלאַנד ניט געווען; עס האָט זיך געהאַנדלט אויסשליסלעך וועגן ביר־גערלעכע רעכט פאַר מיטגלידער פון דער יידישער קהלה. וועגן זיי האָט מאַרקס גערעדט בעת ער האָט דערמאָנט, אַז ער איז גענייגט צו שטיצן די יידישע פּעטיציע, כאָטש די „יידישע רעליגיע" איז אים פאַרמיאוסט. אָבער פאַרוואָס האָט מאַרקס זיך דאָך צוגעשלאָסן צו שטיצן די פּעטיציע? דערפאַר וואָס די פּאָליטישע אָפּאָזיציע, צו וועלכער ער האָט געהערט, וועט דאָס קענען אויסנוצן אין איר קאַמף קעגן „קריסטלעכן שטאַט" (דער קלעריקאַלער „קריסטלעכער שטאַט" קעגן דעם סעקולערן „פאַרנונפט־שטאַט"). אויב די פּעטיציע וועט צוריקגעוויזן ווערן — און מאַרקס האָט, ווייזט אויס, געהאַלטן, אַז זי וועט צוריקגעוויזן ווערן — וועט דאָס מסתמא אין געוויסע קרייזן אַרויסרופן „פאַרביטערונג", אַ זאַך וואָס קען דער אָפּאָזיציע צונוץ קומען. צוליב דעם מעגלעכן ריווח פאַר זיין פּאַרטיי איז מאַרקס גרייט געווען אפילו ביינצוקומען זיין מיאוס־געפיל בנוגע דער „יידישער רעליגיע"...

געגוי צען יאָר שפּעטער איז דער ענין יידישע גלייכבאַרעכטיקונג געשטאַנען אויפן סדר־היום פון בריטישן פאַרלאַמענט. עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אָפּשאַפן די לעצטע רעשטן פון די אויסנאַם־געזעצן בנוגע יידן אין ענגלאַנד — וועגן געבן יידן דאָס רעכט דערוויילט צו ווערן צום פאַרלאַמענט. קאַרל מאַרקס האָט שוין דעמאָלט געוווינט אין לאָנדאָן. גערעדט האָט זיך דאָס מאָל ניט וועגן די „דייטשע יידן" — נאָר וועגן די ענגלישע. מאַרקס איז דעמאָלט געווען דער לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פון דער „ניו־יאָרק טריביון". אין דער דאָזיקער צייטונג פון 15־טן מערץ, 1853 קאָמענטירט ער וועגן אַ פאַרלאַמענט־זיצונג וואָס האָט דיסקוטירט די פראַגע פון אָפּשאַפן די אויסנאַם־געזעצן קעגן יידן:

„אין דער לעצטער נאַכט־זיצונג האָט לאָרד דזשאָן ראַסעל אַריינגע־

בראַכט זיין פאָרשלאַג וועגן 'באַזייטיקן געוויסע געזעצלעכע דיסקרימינאַציעס קעגן די יידישע אונטערטאַנען פון איר מאַיעסטעט', וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מאַיאָריטעט פון 29 שטימען, אַזוי איז די דאָזיקע פראַגע אין אונטערשטן הויז ווידער דערליידיקט געוואָרן, זי וועט אָבער אָן ספק נאָכאַמאָל אויפגענומען ווערן פון לאָרדן־הויז".

**און נאָכדעם גיט קאַרל מאַרקס זיין קאָמענטאַר וועגן דעם דאָזיקן פּאָרשלאַג און דער דיסקוסיע אַרום אים.**

**מאַרקס הויבט אָן דעם קאָמענטאַר מיט די ווערטער: „דאָס אויסשליסן די יידן פון אונטערשטן הויז איז אָן ספק אַ נאַרישע אַנאָמאַליע". איז דאָך, דוכט זיך — גוט! אָבער דאָס איז,ליידער, בלויז דער ערשטער טייל פון דעם זאַץ. דער צווייטער טייל לייענט זיך: „באַזונדערס דערפאַר, וואָס דער גייסט פון וווּכער פירט שוין אַזוי לאַנג דעם פאָרזיץ אין בריטישן פּאַרלאַמענט און יידן האָבן שוין דערגרייכט דאָס רעכט דערוויילט צו ווערן צו אַלע בירגער־אַמטן פון דער מלוכה".**

**פון דער דאָזיקער באַמערקונג וועגן דער עצם פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג גייט מאַרקס גלייך אַריבער צו אַ ביטערער אַטאַקע אויף דעם דעמאָלטדיקן בריטישן פּרעמיער, דעם „וויהיג" (ליבעראַל) לאָרד דזשאָן ראַסעל, וואָס האָט דעם דערמאָנטן פאָרשלאַג אַריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט:**

„עס איז אָבער ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מאַן און זיין צייט, וואָס 'פיינאַליטי־דזשאָן' (דעם צונאָמען וואָס זיינע קעגנער האָבן געגעבן לאָרד דזשאָן ראָסעל) האָט אָנשטאָט דעם צוגעזאָגטן רעפאָרם־געזעץ, וואָס האָט געדאַרפט מאַכן אַ סוף צום אויסשליסן די מאַסע פון ענגלישן פאָלק פון וואַלרעכט, גאָר אַריינגעבראַכט בלויז אַ געזעץ־פּראָיעקט, וואָס זיין צוועק איז אויסשליסלעך צו באַזייטיקן דאָס ניט קענען דערוויילט ווערן פון דעם הער באַראָן ליאָנעל ראָטשילד. ווי אויסערגעוויינלעך גלייכגילטיק דאָס גרויסע פובליקום איז צו דעם דאָזיקן עניַן, ווערט קלאָר דערפון וואָס אפילו פון קיין איין פונקט אין גרויס־בריטאַניע איז ניט אַריינגעבראַכט געוואָרן קיין בקשה לטובת דאָס צולאָזן יידן אין פאַרלאַמענט".

**לאָרד דזשאָן ראַסעל, דער פּרעמיער וואָס האָט אין פּאַרלאַמענט אַריינגעבראַכט דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן די יידן אַ"ז, ווי געזאָגט, געווען אַ „וויהיג", אַ ליבעראַל, וואָס האָט שפּעטער אויך דורכגעפירט דעם אַלגעמיינעם „רעפאָרם־ביל", וואָס מאַרקס האָט אַזוי שטאַרק געפאָדערט זיין**

**דורכפירונג. קעגן דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן באַזייטיקן די דיסקרימינאַ־ציעס קעגן יידן האָט אין דער פּאַרלאַמענט־דיסקוסיע גערעדט דער קאָנ־סערוואַטאָר („טאָרי"), סער ראָבערט פּיל. מאַרקס ציטירט סער ראָבערט פּילס רעדע. ער זאָגט וועגן דער דאָזיקער רעדע: „דער גאַנצער סוד פון דער דאָזיקער שענדלעכער רעפאָרם־פּאָזע איז אַנטבלויזט געוואָרן אין דער רעדע פון דעם אָנוועזנדן סער ראָבערט פּיל". עס איז כדאי איבער־צוגעבן די דאָזיקע רעדע פון סער ראָבערט פּיל קעגן דעם געזעץ „צו באַזייטיקן געוויסע דיסקרימינאַציעס קעגן די יידישע אונטערטאַנען פון איר מאַיעסטעט", ווי זי ווערט ציטירט מיט דער פולסטער הסכמה אין קאַרל מאַרקס' בריוו:**

(סער ראָבערט פּיל:) אייגנטלעך באַשעפטיקט זיך דער פּאַרלאַמענט בלויז מיט אַ פּריוואַטן ענין פון דעם איידעלן לאָרד (דזשאָן ראָסעל) (הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן). דער איידעלער לאָרד האָט לאָנדאָן באַגליקט מיט אַ יידן און האָט אים געגעבן אַ צוזאָג יעדן יאָר אַריינצוברענגען אַ פאָרשלאָג לטובת די יידן (הערט!). אָן ספק איז לאָרד ראָטשילד אַ רייכער מאַן, אָבער דאָס גיט אים בשום אופן קיין רעכט אויף ספּעציעלע פּריווי־לעגיעס, באַזונדערס ווען מען דערמאָנט זיך, אויף וועלכן אופן ער האָט אָנגעקליבן זיין רייכטום (הילכיקע אויסרופן: הערט! הערט! און אָהאָ!! אָהאָ! פון די מיניסטאָרן־בענק). ערשט נעכטן האָב איך געלייענט, אַז דאָס הויז ראָטשילד האָט געגעבן גריכנלאַנד אַן ניין־פּראָצענטיקע הלוואה, מיט וואַגיקע גאַראַנטיעס (הערט!). עס איז דערפאַר קיין וווּנדער ניט וואָס דאָס הויז ראָטשילד איז רייך געוואָרן אויף אַזאַ אופן (הערט!). דער האַנדלס־מיניסטער האָט גערעדט וועגן פּענטען די פרעסע. יאָ, קיינער האָט ניט געטאָן אַזויפיל צו פאַרקנעכטן די פרייהייט אין אייראָפּע, ווי דאָס הויז ראָטשילד (הערט! הערט!) דורך די הלוואות, מיט וועלכע עס העלפט די דעספּאָטישע מאַכטן! אָבער לאָמיר אפילו אָננעמען, אַז דער באַראָן האָט ממש אַזויפיל פאַרדינסטן ווי רייכטימער, האָט מען דאָך געדאַרפט דער־וואַרטן, אַז דער איידעלער לאָרד, וואָס פאַרטרעט אין דעם איצטיקן פּאַר־לאַמענט אַ רעגירונג, וואָס באַשטייט פון פירער פון פאַרשידענע פּאָליטישע פראַקציעס, וואָס זיינען געשטאַנען אין אָפּאָזיציע צו דער לעצטער רעגירונג, זאָל פאָרשלאָגן אַ פּראָיעקט פון גרעסערער חשיבות ווי דעם דאָזיקן". (ציטירט פון „געזאַמלטע שריפטן" פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס, 1852 ביז 1862, אַרויסגעגעבן פון נ. ריאַזאַנאָוו, פאַרלאַג דיעטץ, 1920, באַנד 1, זז. 9—108).

דאָ דאַרפן געמאַכט ווערן עטלעכע באַמערקונגען:

דער פּראָיעקט וועגן באַזייטיקן דעם פאַרבאָט בנוגע דערוויילן יידן צום פּאַרלאַמענט איז בשום אופן ניט געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו דער רעפאָרם פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט. פאַרקערט: די אָנהענגער פון אַל־געמיינעם וואַלרעכט („רעפאָרם־ביל") זיינען בדרך כלל אויך געווען די אָנהענגער פון די באַמיונגען צו באַזייטיקן די רעשטן פון לעגאַלער דיס־קרימינאַציע קעגן יידן. דער ליבעראַל לאָרד מאַקאָלי, דער פאַרקעמפער פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט איז אויך געווען דער מחבר פון דעם קלאַסישן אַרטיקל לטובת דער פולער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן („סיוויל דיסאַבי־ליטיס אָוו דהי דזשוס"). דער קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם קאַמף פאַר אַלגעמיינער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. אַ סתירה צווישן די צוויי זאַכן האָבן געזען בלויז פאַרביטערטע רעאַקציאָנערן — און קאַרל מאַרקס. פאַר מאַרקסן, ווי פאַר דעם קאָנסערוואַטאָר, סער ראָבערט פיל, איז די פּאָליטישע גלייכ־באַרעכטיקונג פון די יידן געווען דאָס זעלבע ווי אַ „ספּעציעלע פּריווילעגיע" פאַרן „הויז ראָטשילד". דער אמת איז, פאַרשטייט זיך, אַז עס איז ניט געווען קיין שום חיוב, אַז דער ייד וואָס זאָל דערוויילט ווערן אין פּאַרלאַ־מענט זאָל דווקא זיין אַ לאָרד ראָטשילד. דאָס געזעץ האָט געדאַרפט באַ־פרייען יידן, אַלע יידן, פון די דיסקרימינאַציעס וואָס זיינען פּראַקטיצירט געוואָרן ספּעציעל קעגן זיי דערפאַר וואָס זיי זיינען יידן. בלויז אַ דאַנק דעם דאָזיקן געזעץ איז מיט יאָרן שפּעטער אין פּאַרלאַמענט דערוויילט געוואָרן דער יידישער מיטגליד פון דער לייבאָר פּאַרטיי, עמנואל שינוועל און דער קאָמוניסט דזשעק פּיראַטין. אָבער פאַר מאַרקסן זיינען יידן ניט געווען קיין פאָלק אָדער גרופּע וואָס קען פון זיך אַרויסגעבן, ווי אַלע פעלקער און אַלע גרופּעס — סיי ראָטשילדס און סיי פּיראַטינס. דאָס באַזייטיקן די לעגאַלע דיסקרימינאַציעס קעגן יידן איז פאַר אים געווען סיי ווי סיי בלויז אַ פאָרמאַליטעט — וואָרעם „דער גייסט פון וווּכער פירט שוין לאַנג דעם פאָרזיץ אין פּאַרלאַמענט". און פון זיין „יודענפראַגע" ווייסן מיר דאָך שוין ווער עס איז דער היסטאָרישער טרעגער פון דעם „גייסט פון וווּכער". „וואָס איז דעם יידנס וואָכעדיקער קולט? דער וווּכער. וואָס איז זיין וועלטלעכער גאָט? דאָס געלט". דער וווּכער, דער גאָט פון די יידן, האָט באַזיגט די וועלט. אָבער דאָס איז זיי ניט גענוג. ראָטשילד וויל נאָך דערצו אויך אַ זיצפּלאַץ אין פּאַרלאַמענט...

אַן אַריינבליק אין קאַרל מאַרקס' סאָציאָלאָגיע פון יידן גיט אונדז

**דער קאַפּיטל 108 אין דעם בוך „דהי איסטערן קוועסטשאָן", אַ זאַמלונג פּאָליטישע אַרטיקלען, וואָס זיין טאָכטער עלענאָר און זיין איידעם עדוואַרד עוועלינג האָבן אַרויסגעגעבן נאָך זיין טויט („דהי איסטערן קוועסטשאָן", לאָנדאָן, 1897, ז. 600).**

**אין דעם דאָזיקן אַרטיקל שרייבט קאַרל מאַרקס וועגן אַ הלוואה, וואָס אַ גרופּע באַנקירן האָבן אין יאָר 1856 געגעבן דער רוסישער רעגירונג. דאָס גאַנצע אַרטיקל איז אַ פּרוּוו צו באַווייזן, אַז די דאָזיקע הלוואה צו דער רוסישער דעספּאָטיע איז אַ יידישע קאָנספּיראַציע. עס איז אַ גאַנץ לאַנגער אַרטיקל. מיר וועלן פון אים ברענגען בלויז עטלעכע ציטאַטן. מאַרקס רעדט וועגן דעם באַנקיר שטיגליץ אין פּעטערבורג, וואָס האָט דורכגעפירט די דאָזיקע הלוואה:**

שטיגליץ איז פאַר אַלעקסאַנדערן דאָס וואָס ראָטשילד איז פאַר פראַנץ יאָזעפן, וואָס פולד איז פאַר לואי נאַפּאָלעאָן... מיר זעען, אַז הינטער יעדן טיראַן שטייט אַ ייד, אַזוי ווי הינטער יעדן פּויפּסט שטייט אַ יעזואיט. דער אמת איז, אַז די אַמביציעס פון די אונטערדריקער וואָלטן געווען האָפענונגסלאָז, און די מעגלעכקייטן פון מלחמה וואָלטן געווען אויסגעשלאָסן, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אַרמיי פון יעזואיטן צו אונטערדריקן געדאַנקען און אַ הייפל יידן צו באַגנבענען קעשענעס.

**מאַרקס באַמערקט, אַז די דערמאָנטע הלוואה איז דורכגעפירט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דער יידישער פירמע באַרינג און שטיגליץ אין פּעטערבורג און דער ניט־יידישער פירמע האָופּ ענד קאָמפּאַני אין אַמסטערדאַם. אָבער ער וויל ניט לאָזן קיין פלעק פאַר קיין אומקלאָרקייט:**

די האָופּס האָבן בלויז געגעבן דעם פּרעסטיזש פון זייער נאָמען; די אמתע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך די יידן — און בלויז זיי האָבן די אַרבעט געקענט טאָן, וואָרעם זיי מאָנאָפּאָליזירן דעם אַפּאַראַט פון די מיסטעריעס פון די הלוואה־ספּעקולאַציעס, דורך קאָנצענטרירן זייערע ענערגיעס אויף דעם אויסטויש־האַנדל אין ווערטפּאַפּירן, און דערפון נעמט זיך אין אַ גרויסער מאָס דער אויסבייט פון געלט און האַנדל אין וועקסלען. נעמט, למשל, אַמסטערדאַם, אַ שטאָט אין וועלכער עס האַלטן זיך אויף די ערגסטע יידן וואָס שטאַמען פון די יידן וואָס פערדינאַנד און איזאַבעלאַ האָבן פאַרטריבן פון שפּאַניע, און וואָס מען האָט, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַ שטיקל צייט פאַרבראַכט אין פּאָרטוגאַל, פון דאָרטן אויך פאַרטריבן, ביז וואַנען זיי האָבן געפונען אַ זיכערן מקום־מקלט אין האָלאַנד. אין אַמסטערדאַם אַליין ציילן זיי ניט ווייניקער ווי 35,000 נפשות, וואָס פיל

פון זיי פאַרנעמען זיך מיט ספּעקולירן און האַנדלען מיט ווערטפּאַפּירן. די דאָזיקע מענטשן האָבן זייערע אַגענטן אין ראָטערדאַם, האַאַג, ליידען, האַאַרלעם, נימעגען, דעלפט, גראָנינגען, אַנטווערפּן, גענט, בריסל און אַנדערע ערטער אין האָלאַנד און די אַרומיקע דייטשע און פראַנצויזישע טעריטאָריעס. זייער אויפגאַבע איז אַרויסצוקוקן אויף געלטער וואָס קענען ווערן צוגענגלעך פאַר אינוועסטירונגען און זיי האַלטן אַ שאַרף אויג ווו עס געפינט זיך. דאָ און דאָרט און אומעטום איז פאַראַן אַ ביסל קאַפּיטאַל וואָס זוכט אינוועסטירונג־מעגלעכקייטן, און עס זיינען שטענדיק פאַראַן קליינע יידן וואָס זיינען גרייט צו געבן אַן עצה אָדער געפינען אַ קונד פאַר אַ הלוואהלע. דער קליגסטער רויבער אין אָברוצי איז ניט בעסער אינפאָרמירט וועגן דעם פּלאַץ ווו עס געפינען זיך די האַרטע מזומנים אין דער וואַליזע פון אַ רייזנדן אָדער קעשענע ווי די דאָזיקע יידן וועגן לויזן קאַפּיטאַל אין די הענט פון אַ סוחר.

די דאָזיקע קליינע יידישע אַגענטן ווערן אויסגעשטאַט דורך די גרויסע יידישע פירמעס, ווי האָלענדער און לעהרען, קעניגסוואַרטער, ראַפּאַעל, שטערן, סיכעל, בישאָפּסהיים פון אַמסטערדאַם, עזעקיעלס פון ראָטערדאַם. האָלענדער און לעהרען געהערן צו דער סעקטע פון די פּאָרטוגעזישע יידן און זיינען זייער דעמאָנסטראַטיוו טריי דער רעליגיע פון זייער ראַסע. לעהרען, ווי דער גרויסער לאָנדאָנער ייד, סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע, האָט פיל בייגעשטייערט פאַר די יידן וואָס וווינען נאָך אין ירושלים. זיין ביוראָ, לעבן דעם אַמסטעל, אין אַמסטערדאַם, איז איינע פון די בילדלעכסטע וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. געזעמלען פון די דאָזיקע יידישע אַגענטן פאַר־זאַמלען זיך דאָרטן יעדן טאָג, צוזאַמען מיט צאָלרייכע יידישע טעאָלאָגן, און אַרום די טירן שטייען כלערליי אַרמענישע, ירושלימער, בערבערישע און פוילישע בעטלער, אין לאַנגע כאַלאַטן און אָריענטאַלישע טורבאַנען. פון דער שפּראַך וואָס זיי רעדן טראָגט זיך אַ שטאַרקער ריח פון בבל, און דער פּאַרפום וואָס נעמט דורך דעם פּלאַץ איז בשום אופן ניט פון דעם בעסטן סאָרט.

**נאָך דעם קומען דעטאַליזירטע באַשרייבונגען פון אַנדערע צענטערס פון דער דאָזיקער יידישער אינטערנאַציאָנאַלער באַנקירן־נעץ — אין דייטשלאַנד, אין מאַדריד, אין בעלגיע, אין לאָנדאָן. מיר וועלן זיך באַנו־גענען מיט עטלעכע כאַראַקטעריסטישע אויסצוגן:**

אַזוי ווערן די דאָזיקע הלוואות, וואָס זיינען אַ קללה פאַרן פאָלק, אַ רואין פאַר די קרעדיטאָרן, אַ סכנה פאַר רעגירונגען — אַ ברכה פאַר די

פירמעס פון די קינדער פון יהודה. די דאָזיקע יידישע אָרגאַניזאַציע פון הלוואה־שפּעקולאַנטן איז פאַרן פאָלק אַזוי געפערלעך ווי די אַריסטאָקראַ־טישע אָרגאַניזאַציע פון די באַדן־אייגנטימער. זי איז אויפגעקומען אין אייראָפּע הויפּטזעכלעך זינט ראָטשילד איז געוואָרן אַ באַראָן אין עסטרייך, נאָך דעם ווי ער איז רייך געוואָרן דורכן געלט פון די העסיאַנער וואָס האָבן געקעמפט אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

**אין דער דאָזיקער „יידישער אָרגאַניזאַציע״ אַרבעטן די יידישע באַנ־קירן־מיליאָנערן האַנט אין האַנט מיט די קליינע אַגענטן — די „ליטל־דזשווס״. ראָטשילדס אַגענטן אין בערלין פאַרקויפן די ווערטפּאַפּירן צו די „קליינע יידן״ אין בערלין, מאַגדעבורג, קאַסעל, האַנאָווער; די פראַנק־פורטער גרויסע יידישע באַנקירן באַזאָרגן די „קליינע יידן״ אין דאַרמ־שטאַט, מאַנהיים, קאַרלסרוע, שטוטגאַרט, אולם, אַוגסבורג און מינכען. די דאָזיקע „קליינע יידן״ פאַרטיילן די ווערטפּאַפּירן צו נאָך „קלענערע יידן״ —**

ביז וואַנען עפּעס אַן ערלעכער פויער אין שוואַביע, אַ סאָלידער פאַב־ריקאַנט אין קרעפעלד, אַן אַלטע גראַפינע אין איזענבורג האָבן דעם כבוד צו ווערן די פּערמאַנענטע קרעדיטאָרן פון דעם צאַר — און באַהאַלטן די אַקציעס, ווי פּערמאַנענטע אינוועסטירונגען. די יידישע אַגענטן פון ברעסלאַו, ראַטיסבאָן, קראָקע און פּאָזען, די פרענקעלס פון וואַרשע, בענעדיקט פון שטאָקהאָלם, האַמבראָ פון קאָפּענהאַגען, מאַגנוס פון בערלין מיט זיין פאַר־צווייגטער פּוילישער קליענטעל, יאַקאָבסאָן פון דער זעלבער שטאָט, ריס און היינע פון האַמבורג, ביידע פירמעס מיט אַ גרויסער השפּעה אין יידישע פינאַנציעלע קרייזן, פאַרשפּרייטן צוזאַמען גרויסע סומעס צווישן זייערע צאָלרייכע קונדן און מאַכן די אַקציעס צוגענגלעך דעם צפון־טייל פון אייראָפּע... נאָך מער, אַט די אַלע יידישע הלוואה־שפּעקולאַנטן זיינען פאַרוואַנדט דורך משפּחה־פאַרבינדונגען. אַזוי ווי די ראָטשילדס און די גריכן שעפּן די דאָזיקע יידישע הלוואה־שפּעקולאַנטן אַ גרויסן טייל פון זייער כוח פון די דאָזיקע פאַמיליע־פאַרבינדונגען, וואָס גיבן זיי, צוזאַמען מיט די געלט־רווחים, אַ קאָמפּאַקטקייט און איינהייט וואָס פאַרזיכערן זייערע אָפּעראַציעס מיט הצלחה.

... זאָל מען ניט זאָגן, אַז מיר זיינען צו שטרענג אין אונדזער אורטייל וועגן די דאָזיקע הלוואה־שפּעקולאַנטן. דער פאַקט וואָס מיט 1855 יאָר צוריק האָט קריסטוס אַרויסגעטריבן די יידיש געלט־חלפנים פון טעמפּל, און וואָס די געלט־חלפנים פון אונדזער צייט וואָס האָבן זיך מאָביליזירט אויף דער זייט פון דער טיראַניע זיינען היינט ווידער אַמאָל הויפּטזעכלעך

יידן, איז אפשר ניט מער ווי אַ היסטאָרישער צופאַל. די הלוואה־שפּעקו־לירנדיקע יידן פון אייראָפּע טוען אויף אַ גרעסערן און מיאוסערן מאַסשטאַב דאָס וואָס אַנדערע טוען אויף אַ קלענערן און ווייניקער באַדייטנדיקן מאַס־שטאַב. אָבער בלויז דערפאַר וואָס די יידן זיינען אַזוי שטאַרק איז צייט־מעסיק און נוצלעך צו אַנטבלויזן און שטעמפּלען זייער אָרגאַניזאַציע.

די דאָזיקע אויסצוגן נויטיקן זיך ניט, דוכט זיך, אין קיין קאָמענטאַרן. ס'איז כדאי צוצוגעבן, צוליב אַבסאָלוטער פּינקטלעכקייט, אַז דער מאַרקס־קענער ב. ריאַזאַנאָוו האָט, אין זיין דייטשער אויסגאַבע פון דער „אָריענ־טאַלישער פראַגע" אויסגעדריקט די השערה, אַז דער ציטירטער קאַפּיטל פון דער „אָריענטאַלישער פראַגע" שטאַמט ניט פון מאַרקס' פּען. (דער אַרטיקל איז איינער פון אַ קליינער צאָל מאַרקס־קאָרעספּאָנדענציעס אין דער „ניו־יאָרק טריביון" וואָס זיינען דאָרטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָן אַ חתימה). ליידער, ברענגט אָבער ריאַזאַנאָוו אינגאַנצן ניט קיין אַרגו־מענטן צו באַקרעפטיקן זיין השערה. ריאַזאַנאָוו האָט ווייזט אויס, באַשלאָסן, אַז מאַרקס האָט אַזאַ אַרטיקל ניט געקענט שרייבן. מען קען זיך אָבער פאַרלאָזן אויף זיין טאָכטער עלענאָר, וואָס איז איר פאָטער געשטאַנען זייער נאָענט און אים געהאָלפן אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, אַז זי האָט ניט געמאַכט קיין טעות בעת זי האָט דעם אַרטיקל אַריינגענומען אין דער זאַמלונג. און וואָס שייך דעם אינהאַלט און דעם סטיל פון דעם אַרטיקל, איז שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי איינער וואָס איז באַקאַנט מיט קאַרל מאַרקס' ווערק, מיט זיין זייער אייגנאַרטיקן סטיל, און דער עיקר מיט זיינע מיינונגען וועגן יידן, זאָל האָבן דעם מינדעסטן ספק וועגן דעם, צי ער איז טאַקע געווען זיין מחבר.

מיר האָבן, גלויבן מיר, געבראַכט גענוג מאַטעריאַל וועגן מאַרקס' איינשטעל צו דער צענטראַלסטער יידישער פראַגע אין ניינצעטן יאָר־הונדערט — די פראַגע פון יידישע „גלייכע רעכט". עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע: וואָס איז דער מקור פון דער דאָזיקער באַציונג צו יידן?

דערויף האָבן מיר פּרובירט געבן אַן ענטפער אין דעם אַרטיקל וועגן דער „יודענפראַגע". דעם ענטפער דאַרף מען ניט זוכן אין די „דייטשע יידן", די ענגלישע יידן אָדער אין קאַרל מאַרקס' צייט — דעם ענטפער דאַרף מען זוכן אין מאַרקס' פערזענלעכקייט, אין זיין טעמפּעראַמענט, אין זיין נשמה. אַנטיסעמיטיזם, האָבן מיר געזאָגט, איז אַ נשמה־ענין, אַ כאַ־ראַקטער־ענין.

אין זיינע כתבים האָט מאַרקס וועגן יידנטום און יידן גערעדט אין

פילאָזאָפישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע טערמינען. ווי אַ פּריוואַטער מענטש רעדט מאַרקס וועגן יידן אַמדירעקטסטן און אַמדייטיקסטן אין זיינע בריוו צו זיין נאָענטסטן פריינד און תלמיד פרידריך ענגעלס.

(„אידישער קעמפער", 27 דעצעמבער, 1946)

**3**

דער וויכטיקסטער מקור פאַר קאַרל מאַרקס' באַציונג צום „ממשותדיקן יידן" זיינען זיינע בריוו, באַזונדערס די קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין נאָענטסטן פריינד און תלמיד, פרידריך ענגעלס. די מאַרקס־ענגעלס־קאָרעספּאָנדענץ האָט אַ געשיכטע, וואָס עס איז כדאי איבערצוגעבן, ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט.

די ערשטע אויסגאַבע פון דער מאַרקס־ענגעלס־קאָרעספּאָנדענץ איז, אונטער דער רעדאַקציע פון אויגוסט בעבעל און עדואַרד בערנשטיין, דער־שינען אין יאָר 1913. די בריוו זיינען שטאַרק געקירצט געוואָרן. וואָס בעבעל און בערנשטיין האָבן עלימינירט פון די דאָזיקע בריוו האָט מען זיך דערוווּסט ערשט אין 1929—31, בעת דער מאַרקס־פאָרשער ד. ריאַזאַנאָוו האָט אַרויסגעגעבן דעם אומגעקירצטן נוסח פון די דאָזיקע בריוו, ווי אַ טייל פון דער גרויסער „היסטאָריש־קריטישער געזאַמטאויסגאַבע" פון מאַרקס' און ענגעלס' „ווערק, שריפטן און בריוו", וואָס האָט געזאָלט אַרויסגיין אין פאַרלאַג פון מאַרקס־ענגעלס־אַרכיוו אין מאָסקווע.

דער קאָמוניסט ריאַזאַנאָוו האָט מיטן אַרויסגעבן דעם פולן טעקסט פון די דאָזיקע בריוו געפייערט אַ נצחון איבער די „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רענעגאַטן", עדואַרד בערנשטיין און אויגוסט בעבעל, וואָס האָבן געהאַט די חוצפה מקצר צו זיין די ווערטער פון מאַרקס און ענגעלס אַליין! דער אייפערדיקער ריאַזאַנאָוו האָט, אגב, דעם טעקסט פון די בריוו באַקומען אויף אַ טשיקאַווען אופן. די בריוו האָבן זיך געפונען אין די אַרכיוון פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָך דער מלחמה, אין די אינפלאַציע־יאָרן, האָט זיך די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געפונען אין זייער אַ שלעכטער פינאַנציעלער לאַגע. ריאַזאַנאָוו האָט אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט און זיך געווענדט צום „רענעגאַט" קאַרל קאַוטסקי, אַז ער זאָל דינען ווי אַ פאַרמיטלער צווישן דעם מאָסקווער מאַרקס־ענגעלס אינסטיטוט און דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בנוגע אָפּקויפן מאַרקס' און ענגעלס' כתבים. שפּעטער, ווען עס האָבן זיך אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד

אַנגעהויבן די רדיפות אויף די טראָצקיסטן און אַנדערע אָפּאָזיציאָנערן, האָט ריאַזאַנאָוו דערפֿאַר באַצאָלט אַ שווערן פּרייז. צווישן די באַשולדיגונגען וואָס די „גע־פּע־או" האָט געבראַכט קעגן דעם אַלטן מאַרקס־פאָרשער זיינען אויך געווען — זיינע „טונקעלע געשעפטן" מיט קאַרל קאַוטסקין און דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (ריאַזאַנאָוו איז אומגעבראַכט געוואָרן אָדער געשטאָרבן ערגעץ אין סיביר).

די פּולע, אומגעקירצטע בריוו, וואָס די צוויי פּאַטערס פון „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" האָבן זיך געשיקט אין משך פון נאָענט צו פערציק יאָר (1844—1883) גיבן אַ קלאָר און גענוי בילד פון זייערע פּערזענלעכקייטן. די צוויי פריינד האָבן זיך איבערגעשריבן אין אַ היימיש־אינטימען טאָן. דער גרעסטער טייל פון זיי, די בריוו וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין ענגלאַנד, זיינען אָפט געשריבן געוואָרן אין אַ מין פריוואַטן דייטש־ענגלישן „זשאַרגאָן", אַ פעפערדיקן געמיש פון אַקאַדעמישער טערמינאָלאָגיע און גאַסן־שפּראַך, וואָס איז אָפטמאָל זייער עפעקטיוו הומאָריסטיש.

פאַר די קאָמוניסטן זיינען די דאָזיקע בריוו קודש־קדשים, ווי אַלץ וואָס שטאַמט פון דער פען פון די צוויי מייסטער. דער קליינער צאָל אינטעלעקטועל־ערלעכע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן די בריוו געלייענט, האָבן זיי געמוזט פאַרשאַפן אַ שיין ביסל האַרץ־ווייטאָג און חרפּה. גלייך נאָכן דערשיינען פון די פיר בענד האָט בענעדיקט קאַוטסקי (קאַרל קאַוטסקיס זון) פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין ווינער „קאַמף", דעם טעאָרעטישן אָרגאַן פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין ביטערן באַדויערן, וואָס די דאָזיקע בריוו האָבן געזען די ליכטיקע וועלט. די בריוו זיינען באמת ניט עלול צו געבן קיין גרויסן כבוד זייערע מחברים. הונדערטער נעמען פון מענטשן ווערן דערמאָנט אין די בריוו — ניט נאָר שונאים, נאָר אויך פריינד. צווישן זיי די טרייע וואָפנטרעגער פון דעם מייסטער, מענטשן וואָס האָבן מאַרקסן געהאָלפן אין די שווערע יאָרן אין לאָנדאָן. אָבער מען קען זאָגן, אָן גוזמא, אַז מען קען אין די בריוו ניט געפינען קיין גוט וואָרט וועגן קיין איין מענטשן, אויסער מאַרקס' אייגענער פאַמיליע. די צוויי פריינד רעדן ניט וועגן מענטשן — זיי באַרעדן זיי. די בריוו זיינען פול מיט רכילות און ניבול־פה. די צוויי בריוו־שרייבער גיבן זיך איבער איינער דעם צווייטן די לעצטע נייעס וועגן פאַמיליע־סקאַנדאַלן ביי זייערע באַקאַנטע — און קוועלן דערפון. אויך ענינים פון דער יונגער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווערן דיסקוטירט כמעט אויסשליסלעך אין דעם דאָזיקן טאָן — קליינלעכע צאַנקערייען, קאַמף פאַר

פּאָזיציע, גניבות פון קהלשע קאַסעס. מאַרקס און ענגעלס שרייבן וועגן זייערע געטרייע חברים און נאָכפּאָלגער אין דעם זעלבן טאָן ווי וועגן זייערע שונאים — אידיאָטן, לומפּן, שווינדלער...

די ריאַזאַנאָוו־אויסגאַבע פון דער מאַרקס־ענגעלס קאָרעספּאָנדענץ איז אַן אוצר בלום פון אינפאָרמאַציע וועגן דער געשיכטע פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער — און באַזונדערס דער דייטשער — סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אירע אָנהויב־יאָרן, וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער מאַרקס־ענגעלס׳שער שיטה און וועגן דעם בליק פון די צוויי קאָרעספּאָנדענטן אויף די פּאָליטישע געשעענישן פון זייער צייט. נאָכמער אָבער גיבן זיי דעם לייענער אַן אַריינבליק אין דער פּערזענלעכקייט פון קאַרל מאַרקס. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די מערסטע זכרונות וועגן מאַרקסן וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט די תלמידים וואָס האָבן אים געקענט פּנים אל פּנים זיינען געשריבן געוואָרן אין סטיל פון די „לעבנס פון די הייליקע" — אַ מין „שבחי קאַרל מאַרקס". זייער באַרימט זיינען די זכרונות פון דעם אַלטן ווילהעלם ליבקנעכט — קאַרל ליבקנעכטס פאָטער. עס איז אָבער גענוג צו לייענען וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן צו זאָגן וועגן זייער געטרייען נושא־כלים ווילהעלם ליבקנעכט — „אייזל ליבקנעכט" האָט ער ביי זיי געהייסן אין די סאַמע „צערטלעכסטע" מאָמענטן — מיט זיינע פּיעטעט־פולע זכרונות, כדי צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ פאַלש בילד די אָפיציעלע מאַרקסיסטישע ביאָגראַפיע האָט אונדז געגעבן פון מאַרקס׳ פּערזענלעכקייט און כאַראַקטער. אין די בריוו וואָס ריאַזאַנאָוו האָט אַרויסגעגעבן געפינען מיר דעם „ממשותדיקן קאַרל מאַרקס" — מיט זיין אומרחמנותדיקער באַציונג צו יעדן איינעם וואָס האָט געהאַט די חוצפּה מיט אים ניט מסכים צו זיין וועגן דעם מינדסטן אות אין זיין תורה, מיט דער קפּדנות פון אַ פּאַרטיי־„באָס" צו זיינע אָנהענגער, מיט זיין שטענדיקער רכילות, מיט זיינע אַנגראַ־אורטיילן וועגן פעלקער און ראַסן — מיט זיין אויסגעהאַלטן אַנטיסעמיטישער באַציונג צו יידן.*

עס דאַרף קלאָר געמאַכט ווערן דער זינען אין וועלכן מאַרקס׳ באַציונג צו יידן, קען, לויט אונדזער מיינונג, באַטראַכט ווערן ווי אַן אויסגעהאַלטן אַנטיסעמיטישע. אַ מענטש איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין אַנטיסעמיט אויב ער האָט „שלעכטע מיינונגען" וועגן באַשטימען יידן. ס׳זיינען זיכער פאַראַן

* וועגן מאַרקס׳ באַציונג צו פאַרשיידענע פעלקער און ראַסן — זע בערנאַרד נאַסקינס אינטערעסאַנטע, רייך דאָקומענטירטע אַרבעט: „סאָציאַליזם, נאַציאָנאַליזם און מלחמה" („אידישער קעמפער", יאַנואַר־פעברואַר, 1936).

יידן, וואָס זיינען ווערט, מ׳זאָל וועגן זיי האָבן „שלעכטע מיינונגען״.

(פאַרשטייט זיך אַז גאָר אַן אנדער מעשה איז צו האָבן „שלעכטע מיינונגען״ וועגן אַ גאַנצן קיבוץ, ווי די „דייטשע יידן״. ס׳איז אמת, אַז די „דייטשע יידן״ פון מאַרקס׳ צייט זיינען געווען בלויז איין טייל פון יידישן פאָלק. אָבער אויב אפילו מאַרקס האָט, ווי צביון באַשטייט, געהאַט „שלעכטע מיינונגען״ בלויז וועגן „דייטשע יידן״ — פאַרדינט עס באַצייכנט צו ווערן ווי אַנטיסעמיטיזם. ס׳איז געווען אַ גענעראַליזאַציע וועגן אַ גאַנצן קיבוץ. און אויף וואָס פאַר אַ יסוד האָט מאַרקס געמאַכט די דאָזיקע גענעראַליזאַציע? די דייטשע יידן האָבן געהערט צום קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. אגב: די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון אַמעריקאַנער יידנטום איז איצט ניט פיל אַנדערש פון דער סטרוקטור פון דייטשן יידנטום אין מאַרקס׳ צייטן — זי איז מסתמא, מער, ניט ווייניקער, קאַפּיטאַליסטיש. אויב מאַרקס איז געווען באַרעכטיקט צו האָבן יענע „שלעכטע מיינונגען״ וועגן די דייטשן יידן, מעגן מאַכן מאַרקסיסטן די זעלבע אויספירן בנוגע די אַמעריקאַנער־יידן).

עס קען אָבער ניט זיין קיין ספק וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם פון איינעם, וואָס באַנוצט זיך מיט שנאה אָדער פאַראַכטונג צו אַ מענטשן דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד, אָדער, אַנדערש געזאָגט, צו דעם יידן אין דעם יידן. דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, אַנטיסעמיטיזם ווי אַן ענין פון פסיכישן איינשטעל און מאָראַלישער אָפּשאַצונג. אַנטיסעמיטיזם האָט, פאַרשטייט זיך, אויך אַן אַנדער באַדייטונג. אַן אַנטיסעמיט איז איינער, וואָס באַטייליקט זיך אַקטיוו אין פּאָליטישע טעטיקייטן קעגן יידן — און, ווי מיר וויסן, איז פאַראַן אַ גאַנצע סקאַלע פון פּאָליטישע אַנטיסעמיטיזמען, פון גלח קאָגלין ביז די ס.ס.־מערדער אין די קרעמאַטאָריעס. מאַרקס איז זיכער ניט געווען קיין אַנטיסעמיט אין דעם זינען. מאַרקס׳ פּאָליטישע חלומות, פּלענער, אַנשטרענגונגען און אינטריגעס האָבן זיך געדרייט אַרום איין ציל — די סאָציאַלע רעוואָלוציע. ער האָט, אויף וויפיל אונדז איז באַקאַנט, קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט קיין מיינונג וועגן די אָרגאַניזירטע אַנטיסעמיטישע באַוועגונגען פון זיין צייט — ניט צום גוטן און ניט צום שלעכטן. אָבער עס קען אויך ניט זיין קיין ספק, אַז ער האָט מסכים געווען מיט די גרונט־הנחות פון די פּראָפעסיאָנעלע אַנטיסעמיטן וועגן דעם כאַראַקטער פון יידן און יידנטום. מאַרקס, דער אַנטיסעמיט, געהערט ניט צו דער קאַטעגאָריע פון אַנטי־יידישע אינטריגאַנטן און אַגיטאַטאָרן, נאָר צום אַנטיסעמיטישן „מאַן אין גאַס״. ער איז אונדזער אַלטער באַקאַנטער, דער בייזלעכער ניט־יידישער פּאַסאַזשיר אין „בראָנקס עקספּרעס״. בעצם טראַכט ער גאָרניט

וועגן יידן; זיי ליגן אים אין דער לינקער פּאה. אָבער אָט קומט ער אַריין אין אַ געפּאַקטן וואַגאָן. ס׳איז אים ענג. ער כאַפּט אַ קוק אויף זיינע שכנים, ער באַמערקט גלייך די סטערעאָטיפּישע סימנים פון זייער „ראַסע״, ווי מען געפינט זיי אין אַלע יידן־קאַריקאַטורן — די נעזער, די אויגן, די פלאַכע פיס. און ער הויבט אָן צו ברומען אונטער דער נאָז: יידן־ממזרים, אומעטום שטופּן זיי זיך, די גאַנצע וועלט ווילן זיי פאַרכאַפּן, מען דאַרף היטן די קעשענעס קעגן די יידישע גנבים.

אין דער „יודענפראַגע״ רעדט קאַרל מאַרקס דער פילאָזאָף; אין דער „אָריענטאַלישער פראַגע״ און אין די פּאָר באַמערקונגען וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג רעדט מאַרקס דער פּאָליטיקער; אין די בריוו צו ענגעלסן רעדט מאַרקס דער אַנטיסעמיטישער פּאַסאַזשיר אין דעם בראַנקס־עקספּרעס פון זיין צייט. דאָרט רעדט ער ניט וועגן דעם חילוק צווישן „פּאָליטישער״ און „מענטשלעכער״ עמאַנציפּאַציע, אָדער וועגן יעזוסן וואָס האָט פון בית־המקדש פאַרטריבן די יידן־חלפנים. דאָרטן רעדט ער וועגן — יידן און פּליי.

מיר ציטירן פון אַ בריוו וואָס מאַרקס האָט געשריבן צו זיין פריינד ענגעלס פון דעם ענגלישן זומער־פּלאַץ ראַמסגעיט. עס איז אַ קורץ בריוול, אין וועלכן עס רעדט זיך, ווי ס׳איז דער שטייגער אין בריוו פון זומער־פּלעצער, וועגן וועטער. פרייטיק איז געווען אַ שיינער טאָג, שבת האָט גע־רעגנט, זונטיק איז ווידער געווען שיין, וואָס דער וועטער וועט זיין מאָרגן, מאָנטיק, איז שווער צו זאָגן. און צום סוף: „אַ סך פּליי און יידן — אפילו דאָ״ (בריוו, ריאַזאַנאָוו־אויסגאַבע, באַנד 4, ז. 490).

די אַסאָסיאַציע יידן און פּליי איז דער שליסל צו מאַרקס׳ אוממיטל־באַרער באַציונג צום „ממשותדיקן יידן״. דאָס איז דאָס שליסלוואָרט צו אַלע רעפערענצן צו יידן אין זיינע בריוו. און יידן ווערן אין מאַרקס׳ בריוו דערמאָנט זייער אָפט — פיל צענדליקער מאָל. אין די בריוו רעדט מאַרקס קיינמאָל ניט וועגן יידן ווי וועגן אַ כלל אָדער וועגן יידישע כלל־ענינים. ער רעדט אָבער זייער אָפט וועגן יידישע יחידים — וועגן יידישע חברים־סאָציאַליסטן, וועגן יידישע קעגנער און קאָנקורענטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן יידן מיט וועלכע ער האָט זיך צופעליק באַגעגנט. „יידן און פּליי״ איז דאָס שליסלוואָרט צו מאַרקס׳ גרונט־באַציונג צו אָט די אַלע יידן. לאָמיר גלייך באַמערקן: צו אַלע יידן וואָס ווערן — פיל, פיל מאָל — דערמאָנט אין די דאָזיקע בריוו, כמעט אָן איין־איינציקן יוצא מן הכלל. כּמעט יעדעס מאָל וואָס מאַרקס דערמאָנט אין אַ בריוו אַ יידן, פאַר־געסט ער ניט גלייך צוצוגעבן, אַז עס רעדט זיך וועגן אַ יידן. אָבער „ייד״

(„יודע") איז ניט דאָס וואָרט וואָס קאַרל מאַרקס באַנוצט בעת ער רעדט וועגן אַ יידן. „יודע" איז אַ זאַכלעכע, „נייטראַלע" באַצייכענונג פון אַ פאַקט. אָבער מאַרקס' באַציונג צו יידן איז ניט קיין זאַכלעך־נייטראַלע. דער אַנטיסעמיט דריקט אויס זיין פאַראַכטונג פאַרן יידן אויך דורך דעם וואָס ער נוצט קיינמאָל די קאָרעקטע, זאַכלעכע באַצייכענונג „ייד". בעת מאַרקס דערמאָנט אַ יידן גיט ער אים צו אַ טיטל, וואָס איז בדרך כלל איינע פון די קאָנווענציאָנעל־אַנטיסעמיטישע פאַרקריפּלונגען פון דעם וואָרט „יודע". מיר וועלן דאָ געבן אַ קליינע רשימה פון דעם דאָזיקן „מאַרקס־לעקסיקאָן: יוד (Jud) ייד (Jid) יידל (Juedl) יידכען (Juedchen) .**

מיר וועלן אָנהויבן מיט עטלעכע רעפערענצן ניט צו מאַרקס' פריינד אָדער באַקאַנטע נאָר צו סתם־יידן, אָט איז אַ באַגעגעניש מיט אַ יידן אויף אַ רייזע: „אין לאָנדאָן איז אין אונדזער וואַגאָן אין איילעניש אַריינגעקומען אַ פּיפּיק־אויסזעענדיק 'יידל', מיט אַ קליינעם קופערט אונטערן אָרעם". שפּעטער, אויף דער שיף האָט „דאָס יידל" פאַר קאַרל מאַרקסן „געעפנט דאָס האַרץ". עמעצער האָט אים באַשווינדלט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך „אַ דייטשער יענקי מיטן נאָמען בוירן אָדער בערנשטיין..." די מעשה איז ניט וויכטיק; אינטערעסאַנט איז דער טאָן, אין וועלכן די געשיכטע ווערט איבערגעגעבן. איין „יידל" איז באַשווינדלט געוואָרן פון אַן אַנדער „יידל". שווינדל איז, ווייזט אויס, אַ יידישער ענין. מאַרקס קוועלט פון דער געשיכטע (באַנד 4, ז. 428).

צוויי מאָל ווערט אין די בריוו דערמאָנט אַ „יוד" מיטן נאָמען „לייבל כאַראַס". דער דאָזיקער לייבל כאַראַס איז, ווייזט אויס, געווען מאַרקס' אַ יידישער שכן. לויט אַלע סימנים איז ער געווען אַ שטיקל נודניק. מאַרקס איז געווען אַ פאַרנומענער מענטש — און ער האָט אוודאי געהאַט אַ רעכט צו זיין ברוגז אויף נודניקעס, וואָס רויבן זיין טייערע צייט. אָבער לייבל כאַראַס איז געווען אַ ייד. אַ נודניק — און אַ ייד דערצו! שרייבט מאַרקס

** אין מאַרקס' זילזולים בנוגע יידן פאַרגעמט אַ ספּעציעלן פּלאַץ דער טראַדיציאָנעלער אָביעקט פון אַנטיסעמיטישן „הומאָר" — די יידישע נאָז. אין זיין פּאַמפּלעט „הער פאָגט" טשעפּעט ער זיך צו איינעם אַ לעווי, דעם רעדאַקטאָר פון אַן ענגלישער צייטונג, וואָס האָט קריטיקירט ד'יזראַעלין פאַר זיין „ניט־בריטישער" פּאָליטיק. זאָגט מאַרקס: ווי קומט לעווי צו זוכן ביי אַנדערע די פּגימה פון ניט־ענגלישקייט, אַז „די מוטער־נאַטור האָט זיין יחוס־בריוו אָנגעשריבן מיט דער ווילדסטער פראַקטור־שריפט אין מיטן פון זיין פּנים... מען קאָן זאָגן, אַז אַ גוזמא, אַז לעווי שרייבט זיין צייטונג מיט זיין נאָז" („הער פאָגט", ז. 144).

ווען לייבל כאָראַסעס אַ באַזוך בזה־הלשון: „איך האָב דיר נאָך געוואָלט שרייבן אַ סך, איז אָבער געקומען דער פאַרדאַמטער אַלטער 'יוד' לייבל כאָראַס, וועמען דו קענסט, און האָט מיך פאַרהאַלטן אַ גאַנצע שעה." דער „פאַרדאַמטער אַלטער 'יוד'" ווערט אויך דערמאָנט אין אַ צווייטן בריוו. דאָס מאָל האָט מאַרקס מיט לייבל כאָראַסן פאַרפירט אַ שמועס וועגן אַ יידישן ענין — וועגן „יידן־רדיפות אין מאָלדאַוויע". מיר וועלן די דאָזיקע שטעל ציטירן אין אָריגינאַל:

Gestern kam der unvermeidliche Leibel Choras und verhinderte mich am Schreiben. Ich fragte ihn nach den Judenvervolgungen in der Moldau ; er jammerte etwas, aber so arg scheint es nicht zu sein : mir misen's halt dulden, mir Jiden haben nit die macht ; er ware gern russisch oder östreichisch, aber es fällt ihm nicht ein fortzugehn. Der Hohenzoller sei ein dummer Junge und die Regierung in der hand der "Schreiber" (heruntergekommene Bojaren, die Bureaukratie spielen), und die zwacke die Juden so. (באַנד 3, ז. 432; באַנד 4, ז. 52).

דער לייענער וועט פאַרשטיין פאַרוואָס די שטעלע איז געגעבן געוואָרן אין אָריגינאַל. לייבל כאָראַס, אַ רומענישער אָדער בעסאַראַבער ייד, אַ מזרח־אייראָפּעישער ייד, האָט מיט מאַרקסן גערעדט יידיש. דאָס יידישע „יאָמערן" וועגן די יידן אין מאָלדאַוויע, וואָס די „שרייבער" („ביוראָקראַטן") „רייבן זיי אָריין אַזוי" (מאַרקס שמט ביי זיינע תלמידים פאַר אַ געוואַלדיקן איראָניקער!) האָט שטאַרק אַ קיצל געטאָן קאַרל מאַרקס' חוש פאַר הומאָר. פּרובירט ער נאָכצוקרומען דעם יידיש פון דעם „פאַרדאַמטן אַלטן יוד". פאַרוואָס קומט עס דעם אַלטן לייבל כאָראַס, אַז מען זאָל אַזוי חוזק מאַכן פון זיינע צרות און זיין לשון — אפילו אויב ער איז טאַקע אַ שטיקל גודניק? אָבער דאָס איז דער „ממשותדיקער" קאַרל מאַרקס — דער מחבר פון דער „יודענפראַגע" איז פּאַנטאַפּל.

אָט איז אַ באַמערקונג וועגן זיגיזמונד לודוויג באָרקהיים, אַ דייטשער פּובליציסט און אַ פּאָליטישער עמיגראַנט: מאַרקס האָט מיט אים געהאַט געוויסע חילוקי־דעות און אויך געשעפטלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן. מיר זיינען ניט באַקאַנט מיט באָרקהיימס קאַריערע; מעגלעך, אַז ער איז געווען וואָס אין דער קאָרט שטייט. יעדנפאַלס, מאַרקס באַקלאָגט זיך וועגן אים פאַר ענגעלסן בזה הלשון: „וואָס שייך באָרקהיים, האָב איך אים געזאָגט: וואָס ענגעלס שרייבט, איז געשריבן — און מען קען דערפון גאָרניט

׳אָפּדינגען׳... אָבער אַלס סוחר און ׳יוד׳ מוז ער דאָך מאַכן נאָך איין פּאַרזוך״. (באַנד 3, ז. 346). סוחר און ׳יוד׳! איר געדענקט די „יודען־פראַגע״?

און נאָך אַ באַמערקונג וועגן דעם זעלבן באַרקהיים — דאָס מאָל ניט וועגן סוחר, נאָר וועגן דעם ליטעראַט: „באַרקהיימס פּערל וויל איך זייער שטאַרק האָבן. וואָס שייך ליטעראַרישער אייטלקייט, איז דער קערל ריינער ׳ייד׳״ (באַנד 3, ז. 433). דאָס געהערט שוין צו קאַרל מאַרקס׳ „תוספות״. די „ליטעראַרישע אייטלקייט״, ווי אַ שטריך פון „ריינעם יידנטום״ האָט ער אין דער „יודענפראַגע״ ניט דערמאָנט.

און אָט איז עפּעס אַ ייד מיטן נאָמען בינדער — אַ בוך הענדלער און צייטונג־אַרויסגעבער אין לאָנדאָן. אויך מיט אים האָט מאַרקס, ווייזט אויס, ניט געלעבט בשלום. און, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט ניט פאַרגעסן אַז ער איז אַ ייד — דאָס מאָל אַ „שמיריגע יוד״ („קויטיקער ייד״. — באַנד 3. ז. 434).

אָט טראָגט מאַרקס אַ שווער האַרץ אויף אַ יידן מיטן נאָמען איינהאָרן. הייסט ער ביי אים, ערשטנס Ein-Horn. וועגן אים שרייבט ער אַזוי: „אָט דער Jud האָרן וועט באַלד זיך דערוויסן, אַז אויסער מאָזעס העס זיינען נאָך פאַראַן אַנדערע דייטשן״. מסתמא אַ רמז וועגן צוויי מינים דייטשן — „עכטע״ און אַזעלכע ווי מאָזעס העס. אגב: צביון דערמאָנט אַ בריוו, וואָס העס האָט געשריבן בעת ער און מאַרקס זיינען געווען יונגע־לייט אין די צוואַנציקער יאָרן, אין וועלכן ער דערקלערט מאַרקסן פאַרן גרעסטן זשעני פון אַלע דורות. דאָס איז ביי אים אַ סימן, אַז מאַרקס איז ניט געווען קיין אַנטיסעמיט... פאַרוואָס האָט ער זיך ניט באַמיט צו לייענען, וואָס און ווי אַזוי מאַרקס האָט געשריבן וועגן העסן? די דאָזיקע באַמערקונגען קענען מיר ליידער ניט ציטירן — וואָרעם אַמעריקע איז אַ פּוריטאַנישע מדינה, און מען זעצט דאָ מענטשן אין טורמע פאַר פאַר־שפּרייטן פאָרנאָגראַפישע ליטעראַטור. העס איז פאַר מאַרקסן און ענגעלסן געווען ממש אַ שמאַלצגרוב — עס איז געווען אַזוי לייכט זיך צו וויצלען וועגן Moses און זיין פרוי די Mosin. העס האָט זיין פרוי אַרויסגע־נומען פון אַ פּראָסטיטוציע־הויז. אַ גאַנץ לעבן האָבן מאַרקס און ענגעלס זיך ממש געקייקלט פון געלעכטער וועגן העס און זיין פרוי — און קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן אים רופן Moses אָן דעם פאַמיליען־נאָמען. (אגב: העס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויך עפּעס געהאַט צו זאָגן וועגן מאַרקסן, און שוין גאָרניט אין דעם באַגייסטערטן טאָן פון דעם פון צביונען

ציטירטן יוגנט־בריוו. אָבער פאַרוואָס זאָל דאָס אינטערעסירן אַ מאַרקס־אַפּאָלאָגעטיקער ?).

און אָט איז דער ייד לעאָ פרענקעל, איינער פון די גרינדער פון דער ליאָנער סעקציע פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אַ מיטגליד פון דער פּאַריזער קאָמונע, אַן אַלטער, אויסגעפּרוווטער רעוואָלוציאָנער. עס זיינען געווען ציטן וואָס מאַרקס איז געווען גאַנץ צופרידן מיט לעאָן פרענקעלן. אָבער אַמאָל איז ער אויף אים געווען ברוגז. דעמאָלט האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ Jud: „דאָס Jüdchen לעאָ פרענקעל" (באַנד 4, ז. 302).Jüdche" פרענקעל" (באַנד 4, 338) פרידריך ענגעלס גיט צו וועגן דעם זעלבן פרענקעל אָט די אומאיבערזעצלעכע פאָרמולע: Das Fränkel-che ist das richtige Jüdche (באַנד 4, ז. 305).

אָבער דער אָביעקט פון מאַרקס' (און ענגעלס') העפּטיקסטע יוד־יידל־און יידכען זילזולים איז געווען פערדינאַנד לאַסאַל. פון דעם ערשטן ביזן לעצטן באַנד פון די בריוו ווערט מיט אַן אומדערמידלעכער און ווילדער מאָנאָטאָנישקייט איבערגעחזרט פיל צענדליקער מאָל דער דאָזיקער לעקסיקאָן: יוד, שמיריגע (שמוציקער) יידל, איציג, באַראָן איציג, יידל בראַון, אפרים געשייט. פאַר ענגעלסן איז לאַסאַל דער „עכטער יוד פון דער סלאַווישער גרענעץ", דער „שמוציקער ייד פון ברעסלאַו" (באַנד 2, ז. 122). און מאַרקס אַליין בלייבט ניט הינטערשטעליק לגבי זיין מיטאַרבעטער און תּלמיד. ער איז דאָס דער מחבר פון די מערסטע געבראַכטע חוזק־צונעמען פאַר דעם „שמוציקן יידן פון ברעסלאַו".

אַזוי גייט עס אָן אַ סוף, ממש ביז צום סאַמע סוף — ביז קאַרל מאַרקס ליגט שוין אויפן טויטן־בעט. דעם 9־טן יאַנואַר 1883 שרייבט אים פרידריך ענגעלס וועגן איינעם אַן אַדאָלף העפּנער, אַ סאָציאַליסט פון יידישן אָפּשטאַם, מיט וועלכן זיי האָבן געהאַט חילוקי־דעות וועגן אַ הקדמה צו אַ נייער אויסגאַבע פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". „וואָס זאָגסטו", שרייבט ענגעלס, „דערצו, וואָס דאָס קליינע יידכען וויל אונדז שטעלן דעם פּיסטאָלעט אויף דער ברוסט וועגן דער הקדמה צום מאַניפעסט?"

מאַרקס ענטפערט ענגעלסן וועגן דעם ענין אין אַ בריוו פון 10־טן פעברואַר: „וואָס שייך דעם העפּנערכען, איז מיין מיינונג אַז מען דאַרף אים באַהאַנדלען 'געשעפטלעך'... Die 'Pistole auf die Brust setzen ist 'unsrer leit' Natur und Art, also als selbstverständliches mit den Hepnerchen in Kauf zu nehmen" (שטעלן דעם פּיסטאָלעט אויף דער ברוסט איז די נאַטור און כאַראַקטער פון 'אונדזערע

לייט׳, און דאָס הייסט, אַז מען דאַרף דאָס אָקצעפּטירן ווי אַ זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייט צוזאַמען מיטן העפּנערכען !). (באַנד 4, זז. 9—588).

(„אונדזערע לייט״ [ניט דאָס קאָרעקטע דייטש „לויטע״] איז אַ קאָנ־ווענציאָנעל־אַנטיסעמיטישע דייטשע קאַריקאַטור אויפן רייד־אופן פון דייט־טשע יידן).

אַזוי שרייבט מאַרקס דריי חדשים פאַר זיין טויט. ער האָט זיין סטיל ניט געענדערט ממש ביזן לעצטן אָטעם.

מיר האָבן דאָ געגעבן אַ גאַנץ קליינעם אויסוואַל „פּערל״. עס איז, דוכט זיך, מער ווי גענוג. עס איז יעדנפאַלס, גענוג צו באַווייזן ווי לעכער־לעך עס איז געגאָסע צביונס דרייען מיט גראָבן פינגער. צביון ברענגט ציטאַטן פון אַ בריוו, וואָס דער היסטאָריקער היינריך גרעץ האָט געשריבן צו מאַרקסן נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך צופעליק באַגעגנט אין קאַרלסבאַד. ס׳איז אַ פאָרמעלער העפלעכקייט־בריוו — פון גרעצן צו מאַרקסן, ניט פאַרקערט. פון דעם דרינגט צביון ניט, אַז גרעץ איז געווען אַ העפלעכער מענטש — נאָר אַז מאַרקס איז ניט געווען דאָס, וואָס בייזע צינגער זאָגן. ווייטער, קען זיך צביון ניט דערמאָנען, ווו ער האָט געלייענט, אַז „מען האָט געפונען מערערע בריוו פון דעם בריוו־וועקסל צווישן גרעצן און קאַרל מאַרקס״. מיר פאַרזיכערן געגאָסע צביונען, אַז מיר ווייסן ווו ער האָט דאָס געלייענט — אין חלום? אויפן יסוד פון אָט דעם בריוו און אָט דעם חלום שאַפט זיך צביון די באַקוועמע אָבער אַבסאָלוט אומבאַגרינדעטע טעאָריע, אַז מאַרקס האָט זיך „געמוזט דערוויסן פון גרעצן אַביסל מער וועגן יידן, ווי ער האָט געוווסט אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבן זיין אַרטיקל ׳צור יודענפראַגע׳״. ווען צביון וואָלט זיך גענומען די מי אַריינצוקוקן אין דעם מייסטערס בריוו, וואָלט ער זיך דערוווּסט, ווי אַזוי מאַרקס האָט געשריבן וועגן יידן אין סאַמע לעצטן בריוו וואָס איז אַרויס פון זיין פען (דער ציטירטער בריוו וועגן העפּנערן).

אַ פריינד וואָס האָט געלייענט די דאָזיקע אַרטיקלען האָט געמאַכט די באַמערקונג, אַז עס איז ניט ריכטיק אָנצווענדן אויף מאַרקסן דעם טערמין „אַנטיסעמיט״, מאַרקס איז דאָך אַליין געווען אַ ייד; קען ער דאָך ניט זיין קיין אַנטיסעמיט. מאַרקס האָט געליטן פון אַ יידישער קראַנקייט — זעלבסטהאַס. ער איז ניט געווען קיין אַנטיסעמיט — נאָר אַ זעלבסטהאַסער.

אפשר איז מיין פריינד גערעכט. אָבער וואָס הייסט אַ „זעלבסטהאַסער״? אַ יידישער אַנטיסעמיט. דאָס איז קאַרל מאַרקס זיכער געווען. אגב: וועגן מאַרקס׳ זעלבסטהאַס האָט געשריבן איינער פון זיינע לעצטע ביאָגראַפן,

אַטאָ ריהלע, אַליין אַ מאַרקסיסט און אַ פּראָפעסיאָנעלער פּסיכאָלאָג. אָטאָ ריהלע האָט געהאַלטן, אַז אָט דער זעלבסטהאַס איז געווען איינער פון די אַנטשיידנדיקסטע עלעמענטן אין מאַרקס׳ נעוראָטישער פּסיכיק.

עס גייט ניט וועגן טערמינאָלאָגיע, נאָר קודם כל וועגן די פאַקטן. די פאַקטן וועגן מאַרקס׳ באַציונג צו יידן פּסלענען, פאַרשטייט זיך, ניט, אויטאָמאַטיש, זיין חשיבות ווי אַ דענקער. אויב מאַרקס׳ היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, אָדער ווערט־טעאָריע, אָדער קריזיס־טעאָריע, זיינען אַזוי׳ וויסענשאַפטלעך ריכטיק, ווי, לאָמיר זאָגן, איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, פאַרלירן זיי גאָרניט פון זייער אמת צוליב דעם באַדויערנסווערטן פאַקט וואָס ער האָט זיך צו יידן באַצויגן ווי אַן אַנטיסעמיט. אָבער מען דאַרף צוגעבן, אַז דער מאַרקס־קולט האָט אַ קנאַפּע שייכות מיט מאַרקס׳ שיטה. מען קען זאָגן אַז פיל, פיל ווייניקער מאַרקסיסטן האָבן געלייענט מאַרקס׳ כתבים, ווי קריסטן — דעם „נייעם טעסטאַמענט״. דער אָביעקט פון דעם מאַרקס־קולט איז אַ מענטש — אַ וווּנדער־מענטש, אַ כליל השלמות, אינטעלעקטועל און מאָראַליש. דאָס איז שוין גאָר און גאָר וויכטיק די פראַגע, צי דער דאָזיקער מענטש איז יאָ אָדער ניט געווען אַן אַנטיסעמיט (אָדער „זעלבסטהאַסער״).

דאָ איז אויך אויפן פּלאַץ די פראַגע: ווי אַזוי קענען יידן מיט עלע־מענטאַרער ווערדע דינען דעם דאָזיקן קולט? בדרך כלל איז דאָס אַ רעטע־ניש. מיר קענען אָבער ניט זאָגן, אַז מיר זיינען שטאַרק איבעררעאַשט, וואָס צביון איז צווישן די מאַרקס־חסידים. דאָס איז גראָד זייער נאַטירלעך. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אונדז צביון דערציילט וועגן זיך זייער אַן אַנט־פּלעקנדיקע זאַך. ריידנדיק וועגן יידישע ימים־טובים, האָט ער זיך מודה געווען, אַז די איינציקע זאַך, וואָס ער געדענקט וועגן חנוכה אין זיין עלטערן־הויז איז דעם „שלעכטן ריח״ פון די חנוכה־ליכטלעך. עס איז זייער נאַטירלעך, אַז אַ ייד, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע יידישע זכרונות, זאָל זיך אַזוי ליידנשאַפטלעך טוליען צו דעם משומד, וואָס וואָלט פאַר אים, צביונען, ווען ער וואָלט אים באַגעגנט פּנים אל פּנים, מסתמא ניט געהאַט קיין אַנדערן נאָמען ווי „אַלטער פאַרדאַמטער יוד״, „דאָס קליינע יידכען״, אָדער גאָר „שמיריגע יידל״.

(„אידישער קעמפער״, 3 יאַנואַר 1947)

# יידישע קאָמוניסטן:
# טיפ נומער איינס און טיפ נומער צוויי

אין איינעם אַ פרימאָרגן בין איך געשטאַנען ביי דער סטאַנציע אויפן כביש און געוואַרט אויף אַן אויטאָבוס. און אַט האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קליינער לאַסטוואַגן און דער שאָפער האָט מיר פאָרגעלייגט צו פאָרן מיט אים אין שטאָט אַריין. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים און מיר האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן, און דערביי האָב איך אויפן זיצאָרט באַמערקט דעם „קול העם״ *. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ נייגער מסתם דערפאַר בעיקר וואָס דער וואָס האָט מיר אָנגעבאָטן די נסיעה האָט מיר גלייך אויסגעזען צו זיין סימפּאַטיש. פאַראַן פּנימער און שטימען וואָס רופן ביי דיר אַרויס באַלד ביים ערשטן קאָנטאַקט אַ געפיל פון נאָענטקייט, נאָענטקייט פון שורש, נאָענטקייט פון אָפּשטאַם, אַ צוטרוי. דער מאַן איז געווען קרוב צו די פופציק. זיין פּנים דאַר, זיינע אויגן ווייכע און וואַרעמע, זיין שטים אַ האַרציקע און זיינע הענט איבערגעוואַקסענע, ניט קיין הענט פון אַן אַרבעטער נאָר פון אַ בעל־מלאָכה. מיין אַ ביסל אויסגעפּרוּווט אויער האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז ער שטאַמט פון פּינסקער געגנט. און כ׳האָב טאַקע ניט געהאַט קיין טעות. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז עולה געווען קיין ישראל נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און אַז ער האָט אַ קליינעם וואַרשטאַט אין איינער פון די קליינע שטעט אין אונדזער סביבה. כ׳האָב אים אַ פרעג געטאָן: „צי לייענט איר דעם „קול העם״ רעגולער?״ און ער האָט פאַרגיסערס און באַשמוצערס זיינען געווען לעניִן און טראָצקי בכבוד וב־ער איז אַ חבר אין מק״י; ער האָט געזאָגט יאָ און צוגעגעבן, אַז שוין אין אויסלאַנד איז ער געווען אַ קאָמוניסט. אונדזער שמועס איז, פאַרשטייט זיך, פאַרגעקומען נאָך דער שפּאַלטונג אין דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ווען מיר זיינען אַלע דערשטוינט געוואָרן הערנדיק די רייד פון משה סנה און זיינע חברים. כ׳האָב מיין שכן געזאָגט עטלעכע ווערטער צו זייער שבח. איך געדענק ניט גענוי וואָס ער האָט מיר געענטפערט — עפּעס אַזוי זיך ווענן מק״י ווי וועגן אַ „פאַטריאָטישער פאַרטיי״ א.אַ.וו. פאַרשטייט

---

* אָרגאַן פון דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער פאַרטיי (מק״י) — (דער איבערזעצער).

זיך, אַז כ׳האָב אים געקענט פרעגן וואָס איז געווען ביז איצט, ווי איז דער קער געקומען. איך האָב אים ניט געפרעגט, ווייל כ׳האָב זיך געזאָגט אַז דאָס איז דאָך איצט ניט וויכטיק. אַ מענטש וואָס איז געווען געפּײַניקט איז סוף כל סוף געוואָרן אַ פרייער מענטש און לעבט בשלום מיט זיך אַליין, צי וויל איך אים דען מצער זיין?

אַ פּרינציפּיעלער אַנטי־קאָמוניסט בין איך שוין אַ סך יאָרן — געגנוי זינט דעם אויפשטאַנד פון די מאַטראָסן אין קראָנשטאַט, וואָס זייערע בלוט־פאַרגיסערס און באַשמוצערס זיינען געווען לענין און טראָצקי בכבודם וב־עצמם. אָבער די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז זיכער געווען איינע פון די פאָרמאַטיווע עטיקעטן אין מיין לעבן, אין לעבן פון אַ סך אַזוי ווי איך פון מיין דור. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען די קאַטאַסטראָפע מיט די שווערסטע רעזולטאַטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע פאַר דער נייער צייט. איצט דאַרף עס זיין קלאָר פאַר אַלעמען, און דאָס איז אויך ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן פאַר אַ סך אַלטע קאָמוניסטן אין פאַרשיידענע סטאַדיעס פונעם סאָוויעטישן רעזשים און אין פאַרשיידענע מאָסן. אָבער איך גיב צו אַז וואָס שייך צו די וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע, צו די קאָמוניסטן און ספּע־ציעל צו די וואָס מ׳רופט די חברים פון דער שורה, איז מיין באַציונג אַ קאָמפּליצירטע.

איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף מיין באַציונג צו די יידישע קאָמוניסטן. אַ סך יאָרן פלעגט איך אָנהאַלטן אַ פּערזענלעכן חרם לגבי יעדן באַקאַנטן וואָס האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און ס׳זיינען געווען צווישן זיי אַזעלכע וואָס זיינען אַמאָל געווען גוטע פריינד — ספּעציעל לגבי יידן. אין יעדן יידישן קאָמוניסט האָב איך געזען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן ניט נאָר פאַרן טעראָר, פאַר די מאָסקווער פּראָצעסן און די אַנדערע געמיינ־קייטן, נאָר אויך פאַר דער שותפות מיטן מופטי זיינערצייט, פאַר דער פּאָגראָם־העצע, פאַר דעם רודפן ציוניסטן אין ראַטנפאַרבאַנד, פאַר אַרעס־טירן און אומברענגען זיי, פאַר דעם פּאָליצייאישן ליקווידירן פון דער יידישער רעליגיע, פון דער העברעישער שפּראַך און קולטור. אין יעדן יידישן קאָמוניסט האָב איך געזען אַ קאָרומפּירטן אַגענט פון דער סאָוויעטי־שער מאַכט, פון די שונאים פון אַלץ וואָס איז מיר צום טייערסטן.

כ׳האָב אָבער תמיד געוווּסט, אַז הינטער דעם וואָס זיי וויזן אַרויס פאַרן דרויסן איז זיכער אויך פאַראַן אַן אינערלעכער ווידעראַנאַנד און אפשר אויך געוויסנס־פּייניקונגען. אין איינעם אַ טאָג איז די זאַך מיר קלאָר געוואָרן אויף אַ ממשותדיקן אופן.

געשען איז עס אויף מאָרגן נאָך גראָמיקאָס דערקלאַראַציע אין דער אונ״אָ וועגן דער חלוקה אין סוף 1947. יענעם אינדערפרי בין איך אַריין אין דער דרוקעריי אין ניו־יאָרק ווו ס׳האָט זיך געדרוקט דאָס ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע וואָכנבלאַט, וואָס כ׳האָב רעדאַגירט. דאָרט האָבן זיך געפונען צוויי אַרבעטער, אַלטע יידישע קאָמוניסטן. יעדע וואָך פלעגן מיר זיך צונויפֿמענשטויסן, פלעגן זיך קריגן און שטערן איינע די אַנדערע. און אָט יענעם אינדערפרי, גלייך ווי כ׳בין נאָר אַריין אין דער דרוקעריי, איז מיר אַנטקעגנגעלאָפן איינער פון די צוויי, וו., אַן אַלטער זעצער, אַ גרויער, אַ הויכער, אַ בלאַסער און אַ באַברילטער און האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן אַ געררירטער: „ג., פאַרוואָס זיצן מיר דאָ מיט פאַרלייגטע הענט? דאָ איז דאָך אַ גרויסער אַרבעטפלאַץ און אַלע אַרבעטער דאָ זיינען דאָך יידן. פאַרוואָס־זשע טוען מיר ניט עפּעס פאַר דער „הגנה״? מיר דאַרפן דאָך העלפן, גלייך. העלפט צו!״ כ׳בין דערשטוינט געוואָרן און ס׳האָט מיר אפילו אויסגעקוקט אַ ביסל ווי אַ וויץ: דער זעלבער וואָס האָט ערשט נעכטן, און אַ סך יאָרן, געזאָגט דאָס וואָס ער האָט געזאָגט — זאָגט איצט עפּעס אַזוינס פונקט ווי עס וואָלט גאָרניט געווען. און אָט ווען דער דאָזיקער מאָדנער שמועס איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז צוגעגאַנגען זיין חבר ה., דער וואָס האָט געשטעלט די צייטונג, און מיט אַ קלוגן שמייכל אויף זיין פנים האָט מיך אַ צי געטאָן אין אַ זייט: „ג., איר זייט דאָך ניט קיין נאַר, צי גלייבט איר אין די אַלע נאַרישקייטן? איר ווייסט וואָס דאָס איז אַזוינס קאָמוניזם. מיר ענדערן ניט אונדזערע מיינונגען יעדן טאָג, סתם אַזוי, די דאָזיקע טפשים פאַרשטייען ניט אַז דאָס איז טאַקטיק, היינט דיקטירט אונדז די טאַקטיק צו שטיצן אַ יידישע מדינה אין פּאַלעסטינע, מאָרגן וועלן מיר ווייטער שלאָגן די ציוניסטן. אַזוי ווי מיר האָבן זיי תמיד געשלאָגן...״

שוין לאַנגע יאָרן ווי כ׳האָב מער ניט געזען מיינע אַרבעט־קאָלעגעס און כ׳ווייס ניט וואָס מיט זיי איז געשען ווען דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געענדערט זיין „טאַקטיק״ לגבי ישראל און דעם ציוניזם. ס׳איז מיר כמעט קלאָר, אַז ה. האָט זיך זייער געפרייט און איז פאַרבליבן ביז היינט אַ געטרייער קאָמוניסט. איך בין נוטה אָנצונעמען, אַז וו., וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ מאָמענט פון אַ „דערלויבטן״ באַפרייען זיך, האָט שוין מער ניט נאָכגעטאַנצט די יורשים פון סטאַלינען אין מאָסקווע און פוילן.

אין יענע טעג אין דער ניו־יאָרקער דרוקעריי האָב איך דערזען אַז ס׳זיינען פאַראַן צוויי הויפּט־טיפּן פון אַ יידישן קאָמוניסט, און זייערע

עיקרדיקע שטריכן זיינען: א) אַ יידישער קאָמוניסט וואָס איז געווען געטריי צו אַלץ וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד, זיינע נאָכשלעפּערס און אַגענטן האָבן געטאָן אין דער יידישער פראַגע, ניט געקוקט דערויף וואָס זיין האַרץ איז דערמיט ניט געווען גאַנץ און זיין געוויסן האָט אים דעריבער געפּייניקט, ב) אַ יידישער קאָמוניסט וואָס איז געווען אַ קאָמוניסט ראשית כל צוליב דער שטעלונג פון קאָמוניזם אין דער יידישער פראַגע, צוליב זיין קאַמף קעגן ציוניזם, דעם פאַרניכטן די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, דעם אָפענעם קאָמוניסטישן אַנטיסעמיטיזם פון סטאַלינס לעצטע יאָרן אָן. דער טיף נומער איינס האָט אַראָפּגעשלונגען אַלע די דאָזיקע געמיינקייטן אין דער האָפענונג, אַז ס'וועט קומען אַ טאָג ווען דער קאָמוניזם וועט אָפּגערייניקט ווערן פון דעם אַנטי־יידישן קויט און וועט ווערן „דאָס וואָס ער דאַרף זיין", די לויטערע קאָמוניסטישע אידעע. ביז אין איינעם אַ טאָג איז געקומען דער קריזיס און האָט אויפגעדעקט, אַז מ'קען ניט אָפּשיידן צווישן דעם קאָמוניסטישן געדאַנק און דער קאָמוניסטישער פּראַקטיק כמעט פון זייער אָנהויב אָן. אויך דער טיף נומער צוויי האָט דורכגעמאַכט קורצע קריזיסן. יעדעס מאָל ווען די קאָמוניסטישע שטעלונג לגבי דעם יידישן פאָלק און ספּעציעל לגבי דעם ציוניזם פלעג ווייכער ווערן, האָט עס געבראַכט צו אַן אויפטרייסלונג. אויף איין מאָל זיינען דערשיטערט געוואָרן די עמאָציאָנעלע יסודות פון דעם דאָזיקן יידישן קאָמוניזם. וואָסער זין קען דער יידישער קאָמוניסט פון צווייטן טיף געפינען אין אַ קאָמוניזם, וואָס גלוסט ניט צו פאַרניכטן די יידישע קולטור, וואָס שטיצט ניט די וואָס ווילן פאַרניכטן מדינת ישראל? יעדער איינער וואָס האָט געקענט פון דער נאָענט יידישע קאָמוניסטן האָט געקענט די דאָזיקע טיפּן, אין זייערע פאַרשיידענע וואַריאַנטן.

ווי אַזוי דערקלערט זיך אַזאַ דערשיינונג? אין דער יידישער נשמה שטעקט טיף דער עסקאַטאָלאָגישער משיחישער יסוד, דער דראַנג דוחק צו זיין דעם קץ. זינט דער עמאַנציפּאַציע און זינט דעם אָנהויב פון דער זיך פאַרשפּרייטנדיקער סעקולאַריזאַציע נעמט דער יידישער משיחיזם אָן נייע און משונהדיקע פאָרמען. אויך דער קאָמוניזם איז געווען איין גלגול, אפשר דער שטאַרקסטער אינעם לעצטן דור, פון דעם יידישן משיחיזם. אין דעם קאָמוניסטיש־יידישן דוחק זיין דעם קץ איז געווען אַ נאָבעלער יסוד. אָבער פון זיין אָנהויב אָן קען מען אויף אים זאָגן, אַז „דאָס הייליקע האָט זיך געזיזאַלגערט אין וואָכעדיקן און דאָס דערהויבענע האָט זיך געקייקלט אין עקלהאפטן". געווען איז אין דאָזיקן קאָמוניזם דער

עלעמענט פונעם תמימותדיקן חלום אין אַ גרינטלעכן און תיכפדיקן אויס־בעסערן די וועלט; געווען אַ זיכערקייט אַז דאָס שלעכטס קען מען אויס־ראָטן פון דער וועלט מיטן כח פון דער פויסט; געווען אַ קנאות וואָס פאַרטראָגט ניט קיין ספיקות פון אַנדערע און פון זיך אַליין — און ס׳איז געווען אַ גרייטקייט צו ברענגען יעדן קרבן כדי צו דערגרייכן דעם ציל. אָבער דער קאָמוניסטישער רעזשים האָט אויך פאַרגעשלאָגן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יידן אַזעלכע מעגלעכקייטן וואָס קיין שום אַנדער רעזשים האָט זיי ניט פאַרגעשלאָגן: צו הערשן און צו אונטערדריקן, זיך נוקם צו זיין און פאַרטיליקן, און מאַכן קאַריערע אין זכות פון די אייגנ־שאַפטן וואָס זיינען נויטיק דערצו. דאָס סאַמע עקלהאַפטע אינעם יידישן קאָמוניזם איז געווען די זעלבסט־שנאה, וואָס האָט געזוכט מעגלעכקייטן אָנצוגיין מיט דער ממשותדיקער פאַרניכטונג־מלחמה קעגן די יידן און קעגן זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמו־ניזם האָט עס אויסגענוצט אָן אַ גרענעץ.

אויך די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין ארץ ישראל (פּאַלעסטינע) און נאָכן אויפקום פון דער מדינה — מק״י, איז געווען צונויפגעשטעלט פון די דאָזיקע עלעמענטן. ס׳דוכט זיך מיר, אַז אין ארץ־ישראל איז דער דאָזיקער פּאַטאָלאָגישער עלעמענט אינעם יידישן קאָמוניזם געווען דער שטאַרקס־טער. יעדער יידישער קאָמוניסט אין פּאַלעסטינע האָט געוווסט, אַז ס׳איז מעגלעך אַז אין איינעם אַ טאָג וועט ער גערופן ווערן אָנטיילצונעמען אין פּאָגראָם וואָס ווערט אָנגערופן „דער אויפשטאַנד פון די פעלאַכן״ אָדער עפּעס ענלעכס צו דעם — פון דעם אוצר פון די לאָזונגען פון קאָמינטערן. און אין די געשעענישן פון יאָר 1929 זיינען טאַקע די יידישע קאָמוניסטן אין פּאַלעסטינע אויפגעפאָדערט געוואָרן דאָס צו טאָן, אָבער זיי זיינען ניט געווען אַ סך און אפשר זיינען זיי אויך געווען פחדנים — און צוליב דעם האָט דער קאָמינטערן געהייסן אויסשליסן די יידן פון צענטראַל־קאָמיטעט און אַוועקגעזעצט אַראַבער אויף זייער אָרט. און די יידן האָבן אויך אויס־געפּילט דעם דאָזיקן באַפעל און אויב זיי האָבן ניט געהאַט די זכיה זיך צו באַטייליקן אַקטיוו אין די מאַסן־שחיטות אין חברון און אין צפת, האָבן זיי די דאָזיקע שחיטות באַרעכטיקט עפנטלעך, ווער מיט הנאה־פרייד, ווער מיט געוויסנס־פּייניקונגען.

אַזוי האָבן די דאָזיקעביידע עלעמענטן געהויזט צוזאַמען אין איין פּאַרטיי. ס׳זעט אויס, אַז די ענדגילטיקע צעטיילונג איז געקומען מיט דער לעצטער שפּאַלטונג אין מק״י. דער טיפּ נומער צוויי איז איצט קאָנ־

צענטרירט אין זיין אייגענער פּאַרטיי. אין רק״ח זיינען אַוועק ניט נאָר פּסיכאָפּאַטן, נאָר אויך ניכטערע קאַריעריסטן. צווישן די אָנפירערס פון רק״ח זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן גוט געוווּסט וואָסער שטעלונג מאָסקווע וועט אָננעמען אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה און נאָך איר — און דאָס באַשטימט ענדגילטיק, מחמת תמיד זיינען זיי געווען פּאַרקויפטע אַגענטן פון מאָסקווע. ווען ניט מאָסקווע, וואָלטן זיי ניט געווען עקזיס־טירט. נאָר מיט איר כוח האָבן זיי געמאַכט די קליינע קאַריערע אינעם דאָזיקן קליינעם און באַקוועמען (פאַרן קאָמוניסט) לאַנד. צווישן די יידישע חברים פון דער שורה און ספּעציעל צווישן די עלטערע צווישן זיי, איז בולט דער פּסיכאָפּאַטישער עלעמענט. דער טאָג ווען מאָסקווע האָט פּראָקלאַמירט, אַז זי שטיצט מדינת ישראל איז געווען פאַר זיי אַ טאָג פון טרויער, אָבער זיי זיינען דאָך געבליבן געטריי און איצט האָבן זיי באַקומען זייער באַלוינונג.

איך בין זיכער, אַז די מק״י־מענטשן ווייסן אויסגעצייכנט, אַז זיי זיינען אַרויס אויף אַ וועג פון וועלכן ס׳איז ניטאָ קיין צוריק. געגנוג געווען די לעקציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע, זיי זאָלן פון איר לערנען. זייער באַפרייען זיך פונעם עול פון מאָסקווע איז אַ באַפרייען זיך אָן אַ דערלויבעניש. אמת, זיי רופן זיך אָן קאָמוניסטן. אָבער קאָמוניסטן פון זייער סאָרט קענען זיך ניט אָנלענען אויפן כח, אויף דער אויטאָריטעט, אויף דער הילף פון „דער ערשטער אַרבעטער־מדינה״. פון שטאַנדפּונקט פון די מאָסקווער הערשערס זיינען זיי די געפערלעכסטע אינערלעכע שונאים אין די כלומרשט סאָציאַ־ליסטישע מדינות און אויסער זיי.

מק״י שטעלט ניט פאָר מיט זיך קיין גרויסע מחנה, אָבער פון מיין יידישן און ציוניסטישן שטאַנדפּונקט, שוין ניט רעדנדיק פונעם מענטש־לעכן שטאַנדפּונקט, בין איך צופרידן וואָס מק״י עקזיסטירט און איך האָף אַז זי וועט עקזיסטירן.

(„דבר״, 23 אָקטאָבער 1969)

# דער אומפאַרגעסלעכער

## (צו חיים אַרלאָזאָראָווס פינפטן יאָרצייט)

איך האָב די טעג געבלעטערט אין חיים אַרלאָזאָראָווס געזאַמלטע שריפטן. און עס איז געווען אַזוי מאָדנע דאָרטן צו געפינען אַ בריוו פון ניו יאָרק, פון יאָר 1929, אין וועלכן ער האָט זיין מוטער דערציילט ווי אַזוי ער האָט געפייערט זיין דרייסיק־יעריקן געבורטסטאָג. איצט, כמעט צען יאָר שפּעטער, האָט עס געקלונגען ממש אומגלויבלעך. איך האָב עטלעכע מאָל געמוזט איבערחזרן צו זיך אַליין: דרייסיק יאָר. און דאָך אַזוי איז דאָך עס טאַקע געווען. איך בין דאָך אַליין יענעם אָוונט געווען אין דעם קליינעם צימערל אין האַרלעם, אין וועלכן ער האָט דעמאָלט געוווינט מיט זיין פאַמיליע. און אַ קורצע צייט פריער בין איך דאָך געשטאַנען לעבן אים בעת ער האָט זיך רעגיסטרירט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק אויף דער צווייטער עוועניו און דער אַכטער גאַס, און האָט דער ביבליאָטעקאַרין געגעבן זיין עלטער: 29 יאָר. איך געדענק, אַז איך האָב דעמאָלט דערשטוינט אַ קוק געטאָן אויף זיין פּנים, אויף דעם שאַרף אויסגעפורעמטן, געשלאָסענעם רייפן אויסדרוק. אין דעם דאָזיקן פּנים איז שוין ניט געבליבן דער מינדעסטער סימן פון יוגנטלעכער צעשוווּמנקייט, פון בלאָנדזשענדיקער אומבאַשטימטקייט, וואָס ביי די מערסטע מענטשן קען מען עס נאָך געפינען לאַנג נאָך די דרייסיקער.

און דאָך האָבן מיר אַלע, וואָס זיינען צו אים נאָענט געווען, שוין דעמאָלט געפילט, אַז מיר שטייען פאַר אונדזער לערער, פאַר דעם וואָס האָט אַ רעכט צו זיין אַ לערער און וועגווייזער דערפאַר וואָס ער אַליין האָט ביז צום סוף דורכגעטראַכט און פאָרויסגעשפּירט דעם וועג אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען. ער האָט אונדז געגעבן דעם געפיל, אַז עס איז ניטאָ קיין איין שוועריקייט, קיין איין מניעה, קיין איין פאַרבאָרגענע גרוב וואָס ער האָט ניט פאָרויסגעזען און אינערלעך דורכגעלעבט, אַז דער וועג שטייט שטענדיק פאַר זיינע אויגן אין זיין גאַנצער מוראדיקער אָפנקייט, און ער איז גרייט — גלויביק, האָפערדיק. און מיר זיינען אים דערפאַר גרייט געווען צו פאָלגן.

ער איז געווען אַ רבי וואָס געצויגן צו אים האָט דוקא מתנגדים. זיין

עשירות האָט ניט פאַראויסגעזעצט, ווי עס איז דער שטייגער ביי חסידישע וווּנדער־רביים, (באַזונדערס היינטיקע, מאָדערן־יידישע) די אָרעמקייט פון אַן עדה פאַרגאַפּטע, פון מתיקות־קרעכצנדיקע שיריים־כאַפּער. מען האָט תיכף געפילט, אַז ער אַליין זוכט ניט דעם חסיד, נאָר דעם חבר. אויב מיר האָבן כמעט אומבאַוווּסטזיניק פריידיק מקבל געווען זיין גייסטיקע אויטאָ־ריטעט, איז עס ניט געווען דערפאַר וואָס ער האָט אונדז באַצויבערט מיט די דרכים פון אַ העכערן וויזן, וואָס מיר לעבן אין זיין זכות. דאָס איז שוין לכתחילה געווען אויסגעשלאָסן. ער האָט צופיל געקענט לאַכן און צו ווייניק געקענט מאַכן ערנסטע מינעס. ער פלעגט אַ סך, אַ סך לאַכן און ניט וועגן אַנדערע מענטשן. די נאָענטקייט צו אים האָט ניט אַנטוישט. פאַרקערט: וואָס גוט־ברודערישער, אינטימער, צוגעלאָזטער ער איז גע־וואָרן מיט איינעם פון אונדז, אַלץ טיפער, אַלץ גלויביקער איז געוואָרן דער יראת הכבוד, מען קען אפילו זאָגן, אַז אַלץ גרעסער איז געוואָרן די דיסטאַנץ צו אים.

מיר האָבן זיך געפילט ווי זיינע תלמידים שוין דורך דער אינטענ־סיווער אינטעלעקטועלער שפע פון זיין פערזענלעכקייט, וואָס האָט, דוכט זיך, גאָר ניט געהאַט קיין סוף. מיר האָבן שטענדיק געוווּסט: וואָס מיר זאָלן ניט באַרירן אין אונדזער שמועס, וואָס פאַר אַ פראַגע מיר זאָלן ניט אַוועקשטעלן — אויף אַלץ וועט קומען אַן עכאָ, און נאָכדעם וועלן מיר עס שוין זען אין אַ נייער פערספּעקטיווע, אין שייכות מיט אַנדערע זאַכן, ווי מיר האָבן זיך עס קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט.

פאַרשטייט זיך, אַז ער איז ניט געווען קיין פוסק־אחרון און קיין אַלץ־ווייסער. מיר זיינען צו אים ניט געגאַנגען פרעגן שאלות — אָבער ער האָט געהאַט די פעיקייט די פראַגן אַרויסצורייסן פון זייער איזאָלאַציע און זיי לעבעדיק צו מאַכן.

און נאָך עפּעס האָבן מיר געוווּסט: דאָרטן ווו עס ענדיקן זיך אַלע פראַגן און אַלע ענטפערס, ווו דער אינטעלעקט שטייט אין גאַנצן קראַפטלאָז און ווירקונגלאָז — ערשט דאָרטן געפינט זיך די אמתע קראַפט פון זיין פערזענלעכקייט, דער כח פון פערזענלעכן אַנטשלוס. ער האָט אונדז איינמאָל דערציילט, ווי אַזוי ער און זיינע פריינד האָבן זיך איינמאָל פאַרזאַמלט אין מיטן פון די אומרוען פון יאָר 1921, בעת עס האָט זיך אין אַ מינוט געדוכט, אַז עס קומט שוין „דער סוף פון דעם גאַנצן ענין״, און האָבן צווישן זיך גערעדט ווי צו באַגעגענען דעם דאָזיקן סוף. איך וועל ניט איבערגעבן די

איינצלהייטן פון דעם דאָזיקן שמועס. איך האָב אָבער דעמאָלט געפילט ווי פשוט, ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך דאָס איז געווען ביי אים.

וועגן איינעם אַ חבר, איינעם פון אונדזערע בעסטע פּיאָנערן, וועמען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, האָט ער אַמאָל געזאָגט, אַז ער האָט אַ „פּנים פון אַן אַלטן רוימער". אין אים האָט אויך געלעבט אַן אַלטער רוימער, וואָס גייט אין קאַמף מיט דעם אַנטשלוס צו קומען צוריק מיט נצחון — אָדער אינגאַנצן ניט קומען צוריק.



ער איז געווען ניט מער ווי דרייסיק יאָר אַלט אין יענעם יאָר ווען ער האָט מיט אונדז פאַרבראַכט אין ניו־יאָרק. און עס גלויבט זיך קוים, ווי פיל ער האָט שוין געהאַט היגטער זיך, ווי פיל ער האָט שוין דורכגעמאַכט און ווי ווייט ער איז שוין דערגאַנגען זינט יענע קינדער־יאָרן, ווען ער האָט אַזוי פייערלעך געשוואָרן טרייקייט דעם אידעאַל פון יידישער אויפלעבונג. ער האָט שוין געשאַפן די פּראָגראַם פון אַ וויכטיקער פּאַרטיי אין ציוניזם. ער האָט דער ערשטער, אין ייִנגלשן גערעאַנגל מיט דעם פּראָבלעם פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג, אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער הלוואה צו פינאַנסירן אונדזער קאָלאָניזאַציע. ער האָט שוין פאַרעפנטלעכט אַרבעטן, אין וועלכע ער האָט מיט אַלע וואָפן פון ערודיציע און שאַרפזין געזוכט צוצופּאַסן די סאָציאַליסטישע דאָקטרין צו דער ווירקלעכקייט פון לעבן פון אַ לאַנד וואָס געפינט זיך אין פּראָצעס פון ווערן. ער האָט שוין געמאַכט זיין גלענצענדיקן פּרווו צו שטודירן דעם פּראָבלעם פון אַ יידישן נאַציאָנאַליזם אין אַ צייט (אַזוי האָט זיך דעמאָלט, אין 1924־1928, געדוכט) ווען די נאַציאָנאַלע אידעע האָט פאַרלאָרן איר וויטאַליטעט און צויבער. ער איז שוין געשטאַנען אין די ערשטע שורות פון ציוניסטישער פירערשאַפט, און מען האָט שוין וועגן אים עפנטלעך גערעדט ווי וועגן דעם מאַן פון דער צוקונפט אין ציוניזם.

אין דרייסיקסטן יאָר פון זיין לעבן.



אינטעלעקטועל איז ער שוין געווען דעמאָלט אַ פולשטענדיק רייפער מענטש. עס איז געווען צום באַוואונדערן וויפיל איינפלוסן ער האָט אין זיך אויפגענומען: דייטשע, ענגלישע, מזרח־אייראָפּעיש־יידישע, ארץ־ישראל־דיקע. כאָטש ער האָט געשטאַמט פון אַ רוסישער פאַמיליע וואָס האָט געלעבט און אירע קינדער דערצויגן אין דייטשלאַנד, איז וועגן אים שווער געווען צו זאָגן, אַז ער איז אַ מזרח־ייד אָדער אַ מערב־ייד. ער האָט זיך

געפּילט היימיש אין יעדן יידישן קרייז. ער איז שטענדיק געטריבן געוואָרן פון אומגעזעטיקטן ווילן צו לערנען און זיך איינלעבן אין יידישן לעבן אין אַלע זיינע פאָרמען און אויסדרוקן.

ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מאַרקסיסט — און ער איז דאָס מסתמא געווען — איך וואָלט אָבער געזאָגט: אַ מאַרקסיסט מיט אַ שמייכל. עס האָט אים בכלל געפעלט די פעיקייט וועגן זיך צו געברויכן די זילב „איזם" מיט דער געוויינלעכער כמורנער זעלבסט־חשיבות. ווען ער האָט געלערנט און געטראַכט, האָט ער עס געטאָן לשמה. ניט זייענדיק קיין „טעאָרעטיקער", דאָס הייסט קיין מאָדערנער מגיד, האָט ער זיך צום אינטעלעקטועלן לעבן באַצויגן צו ערנסט, אַז ער זאָל זיך מיט זיינע גייסטיקע ווערטן און אַריינ־בליקן באַנוצן פאַר פאַרטיי־צוועקן, צו פלעכטן פּראָגראַמען אָדער כדי אַרויס־צורופן די באַוווּנדערונג פון אַן אומוויסנדיקן עולם. ער איז געווען אינטע־לעקטועל אַ צו שעמעוודיקער מענטש, אַז ער זאָל קענען פּרעטענדירן, אַז וועלכע עס איז וויסן־סכעמע איז עפּעס מער ווי אַ לפי־ערכדיקע און צייט־ווייליקע אַפּראָקסימאַציע פון לעצטן, אומדערגרייכבאַרן אמת.

ער איז אָבער געווען אַ מאַרקסיסט אין אַ באַשטימטן זין. ער האָט אָקצעפּטירט די אַלגעמיינע שטריכן פון מאַרקס' טעאָריע פון דער געזעל־שאַפטלעכער אַנטוויקלונג ווי וועגווייזער אין די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער צייט. עס איז אָבער געווען אַן אויסגעלייטערטער נאָך־מאַרקסיסטישער מאַרקסיזם. זיינע לערער זיינען געווען ווערנער זאָמבאַרט און מאַקס וועבער, וועלכע זיינען צו זייערע אייגענע אַנשויאונגען אויך געקומען דורך אַ געראַנגל מיטן מאַרקסיזם. די וויסנשאַפטלעכע שול אין וועלכער אַרלאָזאָראָוו איז אינטעלעקטועל אויסגעפורעמט געוואָרן, איז אַרויסגעגאַנגען פון מאַרקס' הנחות וועגן דעם פּראָדוקציע־אופן און דער קלאַסן־גלידערונג ווי די פאַק־טאָרן וואָס דעטערמינירן דעם אינהאַלט און די ריכטונג פון די סאָציאַלע און פּאָליטישע קאַמפן פון דער צייט. אָבער זי איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער: זי האָט פון דעם דאָזיקן דעטערמיניזם אויך ניט אויסגעשלאָסן דעם מאַרק־סיזם אַליין און זי איז געקומען צום שלוס, אַז די לעצטע דעטערמינירנדיקע פאַקטאָרן זיינען פאַרט אידעען, קולטורן, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע טראַ־דיציעס.

**פון זיינע פריסטע יינגל־יאָרן מערקט זיך אין אים אַן אינסטינקטיווער ווידערווילן קעגן דער גייסטיקער באַדנלאָזיקייט,** וואָס איז דער מקור פון אַזוי פיל יידישער אומגעלומפּערטער „רעוואָלוציאָנערישקייט" און זעלבסט־נאַרעריי. ער האָט ניט ליב דעם טיפּישן יידיש־דייטשן אינטעליגענט, וועלכן

ער האָט אין איינעם פון זיינע בריוו כאַראַקטעריזירט ווי דעם „צופיל אַל־ליבענדן און ווייכלעכן", דערפאַר שטייט ער פול מיט פּיעטעט פאַר ד׳יזראַעלין, וואָס זיין לעבן און זיין וווקס זיינען ניט געגאַנגען אויף קיין רעוואָלוציאָנערן אופן, ווי ביי אַ סך יידן, נאָר „דורך אָרגאַנישן וואַקסן, כּאָוונדיק די פאַרהייליקטע טראַדיציעס און רעכט, מיט אַ טיפער פאַר־שטענדעניש פאַר דעם וואָס עקזיסטירט און לעבט". פאַר זיין ליבע צום אָרגאַנישן און פאַרוואָרצלטן איז אויך כאַראַקטעריסטיש זיין ליטעראַרישער געשמאַק. אין דער דייטשער ליטעראַטור האָט אים געצויגן ניט צו די איבער־ראַפינירטע און איבער־אינטעלעקטועלע שטאָט־דיכטער (מערסטע פון יידישן אָפּשטאַם) נאָר צו די פאַרוואָרצלטע היימאַט־דיכטער; אין דער ענגלישער ליטעראַטור האָט ער באַזונדערס ליב געהאַט דעם דיכטער פון דער דאָרפישער לאַנדשאַפט און דעם מאָלער פון אין גורל־יאָך געשפּאַנטן מענטשן, טאָמאַס האַרדי.

חיים אַרלאָזאָראָוו האָט געשטאַמט פון אַ גוט סיטואירטער בירגערלעכער רוסיש־יידישער פאַמיליע וואָס האָט זיך בעת ער איז געווען אַ קליין קינד באַזעצט אין דייטשלאַנד. ער איז געווען אַ פערצן־יאָריק יינגל בעת עס איז צו אים דערגאַנגען דער רוף פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. דער געדאַנק פון חלוצישער פאַרווירקלעכונג איז געווען זיין טיפסטע יוגנט־איבערלעבעניש. אָבער צו פאַרווירקלעכונג איז ביי אים דאָך ניט געקומען. זיינע פעיקייטן און זיינע אַמביציעס האָבן אים באַשערט צו פירן אַ בירגערלעך לעבן. אָבער דער שטעמפּל פון זיינע יוגנט־טרוימען איז קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט געוואָרן. אין זיין ערנסט, אין יעדן וואָרט און אין יעדן טראָט זיינעם האָט מען געפילט מיט וואָס פאַר אַן ערנסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט עס האָט אים אָנגעפילט דאָס באַוווסטזיין, אַז אים איז געגעבן געוואָרן דער מאַנדאַט און דער צוטרוי פון די יעניקע וואָס שטרעבן אין זייער פערזענלעכן לעבן צו פאַרווירקלעכן דעם מאַקסימום פון אונדזערע סאָציאַלע אידעאַלן. ווען ער פלעגט זיך ווייזלען וועגן זיין „קאָנסטיטוענסי", נהלל, (אין די לעצטע יאָרן האָט ער ליב געהאַט צו טראַכטן אין ענגלישע פּאָליטישע טערמינען) איז עס געווען פיל מער ווי איראָניע. עס איז אין דעם געלעגן אַ גרויסער שטאָלץ, וואָס האָט זיך דוקא גענומען פון באַוווסטזיין פון דעם גרויסן אונטערשיד צווישן זיין לעבן און דעם לעבן פון די, וועמענס פירער ער איז געווען. און ער איז געווען אַ צופיל גייסטיק זויבערער מענטש אַז ער זאָל דאָס דאָזיקע באַ־וווסטזיין פּרווון פאַרטושן דורך רעדנערישער רעטאָריק. אין אונדזער באַווע־

גונג זיינען פאַראַן אַ סך ביוראָ־מענטשן און פּראָפעסיאָנעלע פירער, וואָס האָבן זיך ליב צו צעגיסן וועגן דער שיינקייט פון חלוציזם, וועגן גליק פון ליידן. אַרלאָזאָראָוו, געדענק איך, פלעגט זיך אָפּזאָגן צו באַטייליקן אין יאָרצייט־פאַרזאַמלונגען צום אָנדענק פון א. ד. גאָרדאָן. דאָס אומ־דערגרייכבאַר פערפעקטע טאָר ניט פּראָפאַנירט ווערן דורך גרינגע יום־טוב־רייד. צו אים מעג זיך צורירן בלויז דער וואָס איז אַליין אויפן וועג צו אים.

אַרלאָזאָראָוו, דער פּאָליטיקער, דער ניכטערער ווירטשאַפטס־מענטש, האָט געהאַט אַ „פאַרבאָרגענע שוואַכקייט": פּאָעזיע. ער האָט אַליין אָנגע־הויבן ווי אַ דיכטער. ער האָט אויפגעהערט שרייבן בעת ער האָט זיך מיט זיין גאַנצן וועזן אַריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער אַרבעט.

ער פלעגט אָבער אויפלעבן בעת ער פלעגט באַקומען די געלעגנהייט פאַר נאָענטע, וואָס האָבן אויך געהאַט אַן אינטערעס אין דעם, צו אַנטפּלעקן זיין „זינד". די בעסטע אַנטאָלאָגיע פון דער דייטשער פּאָעזיע האָב איך געהערט פון אים — אויף אויסנווייניק. און זיין געשמאַק איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, און האָט מער ווי עפּעס אַנדערש אַנטפּלעקט די גרונט־מאָטיוון פון זיין פערזענלעכקייט. זיינע באַליבטע דיכטער זיינען געווען געטע, העלדערלין, סטעפאַן געאָרגע — דיכטער פון דערהויבענעם, פון מענטשלעכער גרויסקייט און פון טונקעלן, אומדורכזיכטיקן שיקזאַל, וואָס הערשט איבער אַלע מעשים און זאָגט דאָס לעצטע וואָרט וועגן אַלע מענטשלעכע אַמביציעס.

אין אונדזערע שמועסן וועגן פּאָעזיע, האָב איך געפּרוווט אים „געווינען" פאַר אַ באַליבטן דיכטער, דעם אירלענדער (און ווי פילע מיינען, דעם גרעסטן, לעבעדיקן דיכטער אין דער ענגלישער שפּראַך) וויליאַם באַטלער יעיטס. איין ליד יעיטס' האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן רושם. איך ווייס ניט וואָס דאָס ליד האָט צו אים געזאָגט, אָבער מיר דוכט זיך, אַז אין אים איז געקומען צום אויסדרוק עפּעס פון חיים אַרלאָזאָראָווס אייגענער פערזענלעכקייט, פון זיין עטאָס, און פון זיין גורל:

**TO A FRIEND WHOSE WORK HAS COME TO NOTHING**

Now all the truth is out,
Be secret and take defeat
From every brazen throat,
For how can you compete,
Being honor bred, with one
Who, were it proved he lies,

Were neither shamed in his own
Nor in his neighbors' eyes ?
Bred to a harder thing
Than triumph, turn avay
And like a laughing string
Whereon mad fingers play
Amid a place of stone,
Be secret and exult,
Because of all things known
That is most difficult.

(„דער אידישער קעמפער", 17 יוני 1938)

## דער אַלטער וועכטער

### (צו מנחם אושיסקינס 75־יאָריקן געבורטסטאָג)

פשוט גראַדליניקע, אומקאָמפּליצירטע נאַטורן זיינען ניט שטענדיק געוויינלעכע, דורכשניטלעכע מענטשן. עס זיינען פאַראַן געזעלשאַפטן און צייטן ווו דער אויסנאַם איז, ניט ווי געוויינלעך, דער פּראָבלעמאַטישער מענטש, דער אומקאָנוועניאָנעלער פראַגן־שטעלער, נאָר דווקא דער אויס־געהאַלטענער, גאַנצער, אומצווייפלענדער. אַזאַ זעלטענער מענטש און פירער איז ביי אונדז אין משך פון העכער פופציק יאָר פון זיין געלעזשאַפטלעכער קאַריערע געווען מנחם אוסישקין, וועמעס פינף־און־זיבעציקסטן געבורטס־טאָג עס ווערט איצט געפייערט אין אַלע עקן פון דער יידישער און ציוניסטישער וועלט.

מנחם אוסישקין איז לויט זיין גאַנצן פסיכאָלאָגישן און גייסטיקן פּרצוף־פּנים אַ פאַלקסמענטש. די סענטימענטן וואָס ער האָט אין זיך אויפגענומען אין די קינדהייטס־יאָרן לעבן אין אים אין זייער אורשפּרינג־לעכער, אומפּראָבלעמאַטישער פרישקייט נאָך אַ לאַנגן, דערפאַרונגס־רייכן לעבן מיט אַלע זיינע אומפאַרמיידלעכע אַנטוישונגען. אויף דאָס, וואָס אים איז טייער, איז ער אינגאַנצן אומפעיק צו קוקן מיט קריטישע אויגן — אַזוי צו זאָגן פון דרויסן. זעלבסט־קריטיק און זעלבסט־אַנאַליז גרענעצן זיך ביי אים, ווי ביי יעדן פאָלקסמענטש מיט פראָפאַנאַציע און כפירה. אַזוי זעט ער די זאַכן — און אַזוי דאַרף דאָס זען יעדער גוט מיינענדיקער ערלעכער מענטש.

אַן און פאַר זיך זיינען די דאָזיקע אייגנשאַפטן ניט שטענדיק קיין מעלה. עס באַגרענעצט די ווירקזאַמקייט פון אַ מענטשן אויף זיין אייגענעם קרייז. עס מאַכט אים גלייכגילטיק צו דער רעאַקציע פון דער פרעמדער וועלט — אַ האַלטונג וואָס טראָגט אין זיך גרויסע געפאַרן פאַר אַ באַוועגונג ווי די ציוניסטישע, וועלכע איז אַזוי אָפּהענגיק פון דרויסנדיקע פאַקטאָרן. אָבער אין אוסישקינען זיינען אָט די אייגנשאַפטן ניט געוואָרן קיין שטער פאַר זיין וווקס און אויפשטייג, נאָר אפשר פאַרקערט, אַ קוואַל פון קראַפט, פון אינערלעכער פעסטקייט און איינפלוס אויף אַנדערע.

עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען די מערכה פון פאַר־מלחמה־ציוניזם

כדי צו פאַרשטיין פאַרוואָס מנחם אוסישקין האָט אין אים פאַרנומען אַזאַ ווּיכטיקע, פירנדיקע פּאָזיציע. און דווקא הויפּטזעכלעך, צוליב זיין גאַנצן פאָלקסטימלעכן גלויבן, זיין רויער עקשנות, זיין טראַציקן זיך ניט־רעכענען מיט דער סביבה, מיט די הערשנדיקע אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע מאָדעס — צוליב זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן.

אין דער צייט ווען ציוניזם איז געווען וואָס איר ווילט אַליין, אָבער ניט קיין אַקטועלער ענין, ווען ציוניסטן האָבן געפילט, אַז די איינציקע זאַך וואָס קען ראַטעווען דעם ציוניסטישן פּרעסטיזש און אים געבן האָפענונג אויף אַ פּאָפּולערן רעזאָנאַנס איז עפּעס אַ פּראָגראַם פון „קעגנוואַרט־אַרבעט״; ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז די טענדענץ פון צייטגייסט, די נויטן פון די מאַסן, די ריכטונג פון פּראָגרעס, אַז דאָס אַלץ גייט להיפּוך דעם ציוניזם, איז אוסישקין געווען איינער פון יענע ווייניקע ציוניסטן וועלכע האָבן זייער ציוניסטישע אַרבעט געטאָן אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר, די צענטראַלע אויפגאַבע פון פאָלק, זיין אמתדיקע לעבנס־האָפענונג. און די דאָזיקע התמדה אין דער אַרבעט וואָס האָט פון דרויסן אויסגעזען אַזוי קליין און זינלאָז האָט צום ציוניזם ווילנדיק־ניט־ווילנדיק אַרויסגערופן דרך־ארץ אפילו מצד פיינט און סקעפּטיקער.

אין ציוניזם גופא האָט אוסישקין געשפּילט אַן אייגנאַרטיקע ראָלע. זיין נאָמען איז אין דער געשיכטע פון דער באַוועגונג פאַרבונדן מיט צוויי אַנטשיידנדיקע עפּיזאָדן: מיטן קאַמף קעגן „טשאַרטער״־ציוניזם פאַר דער וועלט־מלחמה און פאַר דער באַדן־פראַגע נאָך דער מלחמה.

אוסישקין איז צום ציוניזם געקומען פון די „חובבי ציון״־קרייזן. פון זיינע מדריכים האָט ער פרי געלערנט די פאַרווירקלעכונג פון ענדציל צו באַטראַכטן ווי אַ פּראָצעס פון קאָלאָניזאַציע, פון עקשנותדיקן אַריינדרינגען אין לאַנד, אויפבוי פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס — ווי קליין זיי זאָלן ניט זיין. אין קרייז פון די „חובבי ציון״ האָט ער זיך איינגעשאַפּט יענע געוווינהייטן אָן וועלכע מיר וואָלטן ניט געקענט מאַכן קיין איין שריט אין פאָראויס אונטער די צודריקנדיקע טערקישע באַדינגונגען: אויסדויער, קאָנצענטראַציע אויף די פּרטים פון ישוב ארץ־ישראל, פּערזענלעכער אינ־טערעס און צובונד צום קליינעם ארץ־ישראלדיקן ישוב, זיינע פּראָבלעמען און בויער.

ווען הערצל האָט אַרויסגעלאָזן זיין היסטאָרישן רוף איז אוסישקין געווען צווישן די עשרה ראשונים וואָס האָבן זיך אויף אים אָפּגערופן. זיין דרך־ארץ פאַר דעם יונגן פירער, וועלכער איז געקומען פון דער פרעמד,

האָט ניט געוווסט קיין גרענעצן, אָבער ער איז געווען צופיל פּאַרוואָרצלט אין דעם שוין באַשטייענדיקן ציוניזם (כאָטש ער האָט ניט געטראָגן דעם דאָזיקן נאָמען), און צופיל היימיש אין דערווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל, אַז ער זאָל פאַרכאַפּט ווערן פון מיסטישן הערצל־קולט, וועלכער האָט גע־הערשט צווישן אַ גרויסער צאָל ציוניסטן, נייע מענטשן וועלכע זיינען געקומען פון דער זעלבער „גויישער" וועלט ווי הערצל אַליין, אָבער אויך פון נייעם ליכט פאַרבלענדעטע חובבי־ציון.

אַזוי איז אוסישקין אין דער תקופה פון די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן געווען דער נאַטירלעכער וואָרטזאָגער פון דעם „פּראַקטישן", רעאַליסטיש־ארץ־ישראלדיקן טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער אָפּאָזיציע־פירער. (די אַזוי גערופענע „דעמאָקראַטישע אָפּאָזיציע", וואָס אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען אַזעלכע מענטשן ווי דער פאַרשטאָרבענער מאָצקין און וויצמאַן, אים צו לאַנגע יאָר, איז געווען געטריבן פון אַנדערע מאָטיוון ווי אוסישקינס זאָרג פאַרן המשך פון דער ישוב־אַרבעט. דאָס איז געווען, הויפּטזעכלעך, אַן אידעאָ־לאָגישע אָפּאָזיציע פון אַ פּראָגרעסיוו־קריטישער אינטעליגענץ, וועלכע איז דעם קאָנסערוואַטיוון אוסישקין געווען גאַנץ פרעמד). אָבער בעת הערצל האָט געמאַכט זיינע „דיפּלאָמאַטישע" פּרווון וואָס האָבן געמוזט פירן צו אַנטוישונג און אויסוועגלאָזיקייט, האָט אוסישקין, דורך דעם אָדעסער חובבי־ציון־קאָמיטעט ווייטער געזאָרגט פאַר דעם יסוד — פאַר קאָלאָניעס, פאַר דער העברעישער שול, פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון ישוב — פאַר דער פיל אויסגעלאַכטער ארץ־ישראלדיקער „ציג", וועלכע איז דאָך געווען דער עיקר.

איצט, בליקנדיק אויף צוריק, ווייזן מיר, אַז איינער פון די אַנטשיידנדע „צופאַלן" אין פאַר־מלחמה־ציוניזם, און דאָס הייסט אין גורל פון ציוניזם בכלל, איז געווען די גרויסע היסטאָרישע דערשיינונג, וועלכע מיר קענען אונטערן נאָמען „צווייטע עליה". די איינוואַנדערונג און דאָס פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד פון עטלעכע הונדערט עקשנותדיקע יונגע מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען „אויף יענער זייט פון יעדער אַנטוישונג", האָט ניט נאָר באַנייט און פאַריינגערט דעם קראַפּטלאָזן, אַטראָפירטן ארץ־ישראל־ישוב, נאָר אויך טויזנטער יונגע יידן געראַטעוועט פאַרן ציוניזם. מנחם אוסיש־קינס גרעסטער שטאָלץ דאַרף זיין די ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין דער דאָזיקער עליה. כאָטש ער איז, לויט זיין טעמפּעראַמענט און גאַנצער מענטאַליטעט, געווען אַזוי ווייט פון דעם דאָזיקן הויפן רעוואָלוציאָנערער,

נערוועז־סקעפּטישער יידישער יוגנט, האָט ער זיך אָבער מיט איר גוט פֿאַרשטאַנען אין איין פּרט — אין דעם גרויסן הונגער נאָך ציוניסטישער טאַט. און זיין ראָלע אין דער צווייטער עליה איז ניט געווען בלויז אַ פּאַסיווע. אין דעם אַנטשלוס פֿון צענדליקער און הונדערטער מענטשן פֿון דער צווייטער עליה אָנצוהייבן פֿון דאָס ניי אַ קאַפּיטל פֿון יידישן פּיאָנערנטום האָט, צווישן אַנדערע איינפֿלוסן, אַ וויכטיקן פּלאַץ פֿאַרנומען די קליינע, ליטעראַריש בלאַסע אָבער היסטאָריש רעוואָלוציאָניזירנדיקע בראָשור „אונ־דזער פּראָגראַם", וואָס אוסישקין האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין יאָר 1904.

אין דער דאָזיקער בראָשור זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ ריי געדאַנקען וואָס זיינען נאָכדעם געוואָרן די לעבנס־לערע פֿון דער צווייטער עליה. אושיסקינס „אונדזער פּראָגראַם" איז דערשינען אין דער זעלבער צייט מיט נאָך אַ היסטאָרישן ציוניסטישן דאָקומענט — מיט יוסף וויטקינס רוף צו דער יידישער יוגנט „צו באַנייען די טעג פֿון די בילויים" (אוסישקין האָט טאַקע פֿיל געהאָלפֿן צו פֿאַרשפּרייטן וויטקינס רוף). אין ביידע רופֿן איז צום אויסדרוק געקומען דער אַנטשיידנדיקער ויכוח מיט דעם „דיפּלאָמאַ־טישן", און דאָס הייסט פּאַסיוו, טאַטלאָז משיחישן פּעריאָד אין ציוניזם. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם שפּעטערדיקן בויער פֿון „יידישן נאַ־ציאָנאַל־פֿאָנד" וואָס דאָס צענטראַלע פּראָבלעם אין דער דאָזיקער בראָשור איז די באָדן־פֿראַגע. אוסישקין, וועלכע איז פֿון זיין פֿריסטער יוגנט געווען איינגעוויקלט אין די „קליינינקייטן" פֿון ישוב ארץ־ישראל, האָט אין „אונדזער פּראָגראַם" פֿאַרניכטעט אַלע אילוזיעס וועגן אַ ווייטער פּאָליטישער לייזונג פֿון דעם באָדן־פּראָבלעם. עס איז פֿאַראַן איין וועג ווי אַזוי דער באָדן פֿון ארץ־ישראל זאָל איבערגיין אין יידישע הענט. דאָס איז דער קאָמערציעלער שטר־מכירה. מיר האָבן איין האָפֿענונג, אַז דער שליסל צום לאַנד זאָל זיך געפֿינען אין אונדזערע הענט — מיר קענען אים ביסלעכוויז אָפּקויפֿן. און אין דער דאָזיקער בראָשור ווייזט אוסישקין אָן אויף דעם צווייטן גרויסן פּראָבלעם פֿון ארץ־ישראל־אויפֿבוי — אויף דער פֿראַגע פֿון יידישער אַרבעט, די אַראַבישע אַרבעט אין די יידישע קאָלאָניעס זעט ער ווי אַן אָפֿענע וווּנד, וועלכע איז עלול צו פֿירן צו זייער שווערע קאָנסעקווענצן פֿאַרן אויפֿבוי פֿון לאַנד. אוסישקין האָט עפּעס געלערנט פֿון דעם אַגראַר־פּראָבלעם אין דער רוסישער אימפּעריע. אויב די פֿראַגע פֿון אַראַבישער אַרבעט וועט גלייך ניט געלייזט ווערן, „וועט דער גאַנצער בנין פֿון ארץ־ישראל געבויט ווערן אויף זאַמד, מען קען זאָגן, אויף אַ ווולקאַן. עס וועט קומען אַ טאָג, און דער געדריקטער, אָרעמער אַראַבישער פּויער וועט עפֿענען די אויגן, און פֿאַר

זיך זען בליענדיקע יידישע קאָלאָניעס, אין וועלכע עס לעבן ווייניק מענטשן. ער וועט דערזען, אַז זיינע הענט, זיין שווייס האָט געשאַפן די דאָזיקע שפע, און ער וועט אָפן שטעלן זיינע תביעות אויף דער דאָזיקער שפע"...

עס איז געווען נאָך דעם זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, נאָך דעם אוגאַנדע־אינצידענט. די באַוועגונג איז געשטאַנען נאָך איר ערשטן גרויסן קריזיס, אַ צעבראָכענע און האָפנונגסלאָזע. דער טעריטאָריאַליזם, אין אַלע זיינע פאָרמען, האָט פון ציוניזם אָװעקגעריסן די בעסטע יונגע כוחות. דעמאָלט איז אוסישקין געקומען מיט זיין פּלאַן פון אַ מין ציוניסטישן אַרבעטס־דינסט: אַן אַל־יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון יונגע, אומ־פאַרהייראַטע מענטשן, וואָס זאָלן זיך מתחייב זיין עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל אויף דריי יאָר און דערפילן זייער „דינסטפליכט צום יידישן פאָלק, ניט מיט שווערד און ביקס, נאָר מיט גראָבאייזן און אַקער". דער וועג פון יידישן פּיאָנערנטום האָט אין דערווירקלעכקייט, ווי מיר ווייסן, אויסגעזען גאַנץ אַנדערש פון אוסישקינס סכעמע. די פאָרמען פון דעם העראָישן „אַרבעטס־דינסט" פון די מענטשן פון דער צווייטער עליה זיינען אָרגאַניש אויסגעוואַקסן פון לעבן, פון די באַדינגונגען פון אַרבעט און קאָלאָניזאַציע און די סאָציאַלע אידעאַלן וואָס די פּיאָנערן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון זייערע אַלטע היימען. אָבער אַ סך פון זיי זיינען קיין ארץ־ישראל געפאָרן מיט דער כוונה צו ווערן יענע אַרבעטס־זעלנער וועגן וועלכע אוסישקין האָט גערעדט אין „אונדזער פּראָגראַם".

דער צווייטער קאַפּיטל אין אוסישקינס ציוניסטישן לעבן איז געקומען נאָך דער וועלט־מלחמה. לויט דעם פּלאַן וואָס אוסישקין האָט פאַרנומען אין פאַר־מלחמה־ציוניזם האָט ער געדאַרפט שטיין אין די ערשטע רייען פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט. אָבער די נייע עפּאָכע אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל האָט די באַוועגונג געשטעלט פאַר גאָר נייע באַדינגונגען. די ריכטונג פון דער ציוניסטישער אַרבעט איז באַשטימט געוואָרן ניט אין דעם פאַרגליווערטן, פעאָדאַלן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָר אין דער וועלט־באַהערשנדיקער, אין אַ סך הינזיכטן נעפּלדיקער לאָנדאָן. די נייע סיטואַציע האָט אין פאָדערגרונט אַרויסגערופן נייע מענטשן, מער בויגזאַמע און עלאַסטישע ווי אוסישקין. אוסישקין איז גלייך פון אָנהויב פון דעם נאָך־מלחמה־פּעריאָד ניט מיטגעגאַנגען אויפן דרך־המלך פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק. דערפאַר האָט ער מיט זיין אַלטער חובב־ציוניסטישער עקשנות און גרינטלעכקייט זיך אינגאַנצן קאָנצענטרירט אויף דער „אויסלייזונג פון באָדן". אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער אַריינגעלייגט זיין גאַנצע

ווילנס־קראַפט, די גאַנצע פאַנאַטישע „מאַנאַמאַניע" אויף וועלכער ער איז פעיק, אַלע זיינע טאַלאַנטן ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ רעדנער און אַ באַ־איינפלוסער פון מענטשן.

און דער רעזולטאַט פון בערך פופצן יאָר אָנשטרענגונג רעדט פאַר זיך אַליין: העכער 400 טויזנט דונאַם באָדן, וועלכע זיינען דער אייביקער קנין פון יידישן פאָלק און די הויפט־גאַראַנטיע פון דער זיכערקייט, וואָס דער יידישער ישוב פאַרמאָגט אפילו איצט, אין אַ צייט פון אַלגעמיינעם אומרו און אויפטרייסלונג. דאַרף מען פאַרדאַנקען דעם דאָזיקן באָדן אונטער די פיס — אַ רעזולטאַט פון אוסישקינס ענערגיע, פאַרשטעלונגס־קראַפט און עקשנות.

צוויי גרויסע טאַטן. זיי אַליין שטעלן אוסישקינען אין דער ערשטער ריי פון די בוימייסטערס פון ציוניזם. אוסישקין איז דער איינציקער ציוניס־טישער פירער, וואָס זיין טעטיקייט ציט זיך פון דער קאַטאָוויצער קאָנפערענץ ביז דעם היינטיקן טאָג. און ער איז ניט קיין „וועטעראַן", ניט קיין רעליקוויע פון אַמאָליקע צייטן. היינט, אין 1938, ניט ווייניקער ווי אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, ווי אין 1904 אָדער 1918, איז נאָך אַלץ אין פלאַץ, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ ציוניסטישן פּראָבלעם, די פראַגע: וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט דערצו אוסישקין? וואָס טראַכט ער וועגן דעם?

ער איז טייער מער ווי איין דור אין ציוניזם. פאַר די מענטשן פון זיין דור וואָס זיינען צווישן אונדז פאַרבליבן איז ער אַ מיטקעמפער, מיט וועמען זיי זיינען פאַרבונדן דורך די בשותפותדיקע זכרונות פון דעם פרימאָרגן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דער צווייטער דור אין ציוניזם זעט אין אים דעם פירער און לערער, קעגן וועלכן ער איז אָפטמאָל גע־צוווּנגען געוואָרן צו רעבעלירן, אָבער דער פאַרמעסט קעגן אים איז שוין אַליין שטענדיק געווען אַ קוואַל פון עכטער ציוניסטישער דערציונג; און דער גאָר יינגסטער דור אין ציוניזם, די חלוצישע יוגנט, קען אים ווי דעם אַלטן דעמב, וועלכער איז דער שומר פון יידישן באָדן — פון דעם יסוד, פון וועלכן מיר שעפּן אונדזער קראַפט און גלויבן.

אוסישקין שטייט איצט ווידער אַ שיין ביסל איזאָלירט אין ציוניסטישן לאַגער. ער איז דער אומקאָמפּראָמיסלעכסטער פון אַלע ניין־זאָגערס צום צעטיילונגס־פּראָיעקט — אָבער אויך דער פאַרגליווערטסטער. און איצט, דוכט זיך, איז ווידער אַ צייט וואָס פאָדערט עלאַסטישקייט, רירעוודיקייט — פון אַלע צדדים. אָבער אַזוי איז שוין אוסישקין. ווו איז דער מענטש וואָס

וועט זיך אונטערנעמען אים צו בויגן ? און אויסער דעם האָט שוין אוסישקין עטלעכע מאָל באַוויזן, אַז אומבויגיקייט איז ניט שטענדיק, ווי מען גלויבט, סטעריל און אומפּראָדוקטיוו. וואָס מאָרגן וועט זיין קען קיינער ניט וויסן. היינט ווייסן מיר בלויז אַז דער אַלטער קעמפער, וועלכער איז פּאַראַיאָרן אין באַזעל, אויף דער פייערונג פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס באַאויפ־טראָגט געוואָרן פון דער גאַנצער באַוועגונג איבערצוגעבן אַ גרופּע חלוצישע יוגנט די פאָן פון ערשט ציוניסטישן צוזאַמענקום, איז מער ווי וועלכער עס איז אַנדער ציוניסט געווען ראוי דאָס צו טאָן. איז דאָס ניט די העכסטע באַפרידיקונג וואָס אַ מענטש קען דערגרייכן אין אַ באַוועגונג ווי אונדזע־רע — אין דער באַוועגונג וואָס איז פאַר אַ מענטשן ווי אוסישקין דער אלף און דער תיו פון זיין לעבן ?

(„דער אידישער קעמפער", 23 סעפטעמבער 1938)

# „רעאַליזם און קדושה"

## (פון דעם אַריינפיר צום ברענער־בוך)

קרוב ד׳ לנשברי לב

אין אַ בריוו וואָס דער צוואַנציק־יאָריקער יוסף חיים ברענער האָט געשריבן צו זיין יוגנט־פריינד א. נ. גנעסין געפינען זיך די פאָלגנדיקע שורות:

„מיט דיין טעאָריע וועגן ׳ליטעראַטור צוליב ליטעראַטור׳, ווי דעם זין פון לעבן, און אַזוי ווייטער, בין איך אינגאַנצן ניט מסכים. איך האָב גאָר אַן אַנדער בליק אויפן לעבן. בקיצור: מיר דאַרפן זיך מוסר נפש זיין און פאַרמינערן דאָס שלעכטס, דעם הונגער, די קנעכטשאַפט, די ליידיקגייעריי, די צביעות און דאָסגלייכן. מען דאַרף אַלץ פאַרשטיין, פאַרשטיין און זיך דערווייטערן פון מיסטיציזם און פאַנטאַזיעס; מען דאַרף שטאַרקן דעם רעאַליזם און די קדושה אין דער וועלט; מען דאַרף מתקן זיין דאָס יידישע לעבן, עס נאָרמאַל מאַכן..."

אין די דאָזיקע ווערטער פון אַ צופעליקן בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דעם יאָר אין וועלכן ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע דערציילונג, זעען מיר שוין פאַר זיך דעם גאַנצן ברענער. מיר געפינען דאָ דעם פאַרן שפּעטערדיקן ברענער אַזוי כאַראַקטעריסטישן ווילן „צו פאַרשטיין אַלץ", וואָס איז ניט קיין נאַאיווע אילוזיע וועגן דער מעגלעכקייט צו פאַרשטיין דעם רעטענישדיקן, אומאויסשעפּלעכן „אַלץ", נאָר די זעלישע גרייטקייט צו לעבן מיט אָפענע אויגן, צו רעגיסטרירן אין דער נשמה אַלץ, וואָס די אויגן זעען און צו לאָזן צו דעם געדאַנק פירן ביז צו דער לעצטער קאָנסעקווענץ; דער גערוּנגל מיט די בייזקייטן פון לעבן, וואָס איז ניט קיין קאַמף פאַר עפּעס אַן אויסגעקליגלטער אוטאָפּיע פון פעלערלאָזער שלמות, ניט קיין אידעאָלאָגיע וועגן אַ מאַגישן שפרונג פון דעם פאַרשאָלטענעם היינט אין דעם „קעניגרייך פון מאָרגן", נאָר אַ שטענדיק מיען זיך פאַר דער טיילווייזער, אומבאַפרידיקנדיקער, אָבער באַלדיקער פאַרלייכטערונג פון דעם יאָך, וואָס עס ליגט אויף די אומבאַמערקטע, די שוואַכע און די הילפלאָזע. די קדושה ליגט ניט ערגעץ אין „ווייטע, שיינע

וועלטן" — אין דעם טרערנטאָל דאַרף זי געבוירן ווערן, אין צער און ליידן און טעות.

אין די דאָזיקע צוויי שליסל־ווערטער פון דעם צוואַנציק־יאָריקן האָבן מיר שוין דעם גאַנצן, פולגעשטאַלטיקן ברענער. מיר שפּירן דאָ שוין זיין אייגענעם, אין ווייען געבוירענעם געדאַנק און דעם אייגנאַרטיקן, פּערזענלעך אָפּגעשטעמפּלטן, גראָדליניקן אויסדרוק פון דעם דאָזיקן געדאַנק. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן: דאָס האָט געשריבן אַ צוואַנציק־יאָריקער עקסטערן אין דער קליינער פּראָווינץ־שטאָט האָמעל, איינעם פון די צענטערן פון דער פאַנאַטיש פּאַרטייאישער, פאַרביסן דאָגמאַטישער יידישער אינטעליגענץ און האַלב־אינטעליגענץ אין אָנהויב פון אונדזער יאָרהונדערט. וויפיל צווישן די דאָזיקע וואָרט־גלויביקע און פאָרמולע־פאַנאַטיקער זיינען פעיק געווען אַרויסצורעדן אין איין אָטעם אַזעלכע ווערטער ווי רעאַליזם און קדושה? די מערהייט פון די אָנהענגער פון די פאַרשיידענע מאַרקסיסטישע סעקטעס האָבן זיך זיכער געהאַלטן פאַר „רעאַליסטן". זיי האָבן דאָך שטאַרק געגלויבט אין אַל־אמת פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, זיי האָבן דאָך אין די „פּראָדוקציע־באַדינגונגען" געזען די אַלץ דערקלערנדיקע סיבת הסיבות, זיי האָבן זיך דאָך כמעט געקוויקט מיטן אַנטבלויזן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגטקייט פון אַלע „העכערע שטרעבונגען". צווישן דער דאָזיקער מאַסע האָבן זיך אוודאי אויך געפונען יחידים וואָס האָבן געזוכט עפּעס אַ פאַרלאָרענע און דערלייזונג צוזאָגנדיקע קדושה. זיי האָבן עס שנעל, צו שנעל, געפונען אין ניטשען, אין טאָלסטאָיען, אין די פונדאַסניי אַנטדעקטע חסידישע תורה־אויסטייטשער. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ געפונענע, דערוואָרבענע, אין פאָרמולעס אויסגעדריקטע קדושה. צו צוואַנציק יאָר איז שוין אָבער ברענער אַ פרייער מענטש. ער איז שוין דעמאָלט פריי פון די קאָנווענציאָנעלע אַנטינאָמיעס פון דעם פּראָפעסיאָנעלן דיסקוטאַנט. מיר זעען שוין דעמאָלט אין אים דעם מאַן, וואָס שרעקט זיך ניט פאַר קאָנווענציאָנעלע סתירות, וואָס וויס דעם טראַגישן אמת, אַז פון די סתירות קען מען קיינמאָל און אין ערגעץ ניט אַנטלויפן און אַלע מענטשלעכע דערגרייכונגען זיינען בלויז ציטווייליקע דעראָבערונגען, פאַר וועלכע מען דאַרף זיך שטענדיק ראַנגלען פונדאַסניי. מיר זעען שוין דעמאָלט ברענערן דעם רייפן מענטשן און דעם דיכטער.

מוט צו זיינע סתירות ווייזט שוין דעמאָלט ברענער אַרויס ניט נאָר אין זיין דענקען, נאָר אויך אין זיין לעבן. ער אַרבעט אויף זיך ווי אַ שריפטשטעלער, און די שפּראַך פון זיין שאַפן איז דאָס לשון פון אַלטע, פאַר־

הייליקטע, אָבער שוין מער ניט הייליקע ספרים. אָבער די העלדן פון זיינע דערציילונגען זיינען די אָרעמע און באַליידיקטע איינוווינער פון אביונדיקן „עמק עכור״ (דער נאָמען פון זיין ערשטער דערציילונג־זאַמלונג). פון שול און פון חדר האָט ער מיטגעבראַכט דעם חלום פון „זונלאַנד, דאָס זונ־לאַנד פון חומש״. ער איז אַ חובב ציון ניט אויס איבערצייגונג, נאָר דערפאַר וואָס ער איז דער נאַטירלעך המשכדיקסטער מענטש, וואָס דער נעכטן לעבט זיך אַריין און פלאָנטערט זיך אין זיין היינט מיט אַן אַכזריות־דיק רעאַלער צוואַנגס־קראַפט. ער איז ניט פון די לייכטע מענטשן, וואָס קענען זיך פון אַזעלכע זאַכן באַפרייען דורך אַן אינטעלעקטועלן אַנטשלוס, דורך אַ נייער טעאָריע אָדער רעזאָלוציע. אָבער ער, דער העברעישער שריפטשטעלער, ווערט אַ מיטגליד פון דעם אַנטי־ציוניסטישן „בונד״. די ליידן און בזיונות און נויטן פון היינט קענען ניט וואַרטן אויפן ווייטן און אומבאַשטימטן מאָרגן. און אויסערדעם, גייט עס דען וועגן „פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקייט״? דער פּרינציפּן־מענטש קען אַנטלויפן פון זיינע סתירות און די פּלאָנטערן פון לעבן. אָבער דער מענטש וואָס פאַר זיינע אויגן שטייט שטענדיק די נאַקעטע ווירקלעכקייט און אירע פאָדע־רונגען דריקן כסדר אויף זיין וואַכן געוויסן, קען זיך ניט באַרואיקן מיטן אָפּיום פון אויסגעהאַלטענע פאָרמולעס. און גאָר נאָענט איז ברענער אין יענער האָמעלער צייט מיט עטלעכע מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך דווקא מיט „מיסטיק״. די ריינסטע געשטאַלט אין זיינע ראָמאַנען „בחורף״ און „מסביב לנקודה״, אין וועלכע ער שילדערט שפּעטער זיינע האָמעלער יאָרן, איז אַ מאַן וואָס האָט אין לעבן געטראָגן דעם נאָמען שלום־סענדער באָום, אַ פילאָזאָף אין דעם אורשפּרינגלעכן זין פון וואָרט, אַ נזיר און אַ שווייגער מיט אַ טרויעריק איראָנישן שמייכל, וואָס די עכטקייט פון זיין פּעסימיס־טישן פילאָזאָפירן איז שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן, ווען ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן ערגעץ אין אַ רוסישער פּראָווינציעלער באַן־סטאַנציע.

פון די ערשטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן האָט ברענער אַרויסגע־ראַטעוועט דעם גלויבן, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין די ווערטער רעאַליזם און קדושה. אין די נאָכפאָלגנדיקע צוואַנציק יאָר האָט ער, ווי אַ מענטש און אַ דיכטער, פאַר די דאָזיקע ווערטן געלעבט מיט אַ מסירת־נפש, וואָס איז זעלטן אין אונדזער דור און אין יעדן דור. אויף זייער וואַך איז ער געשטאַנען ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

איך האָב אויבן געברויכט דאָס וואָרט אַרויסגעראַטעוועט. ווען ברענער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע דערציילונג, האָט ער הינטער זיך געהאַט

אַ שווערע קינדהייט און יוגנט. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין דערציילונג אָדער ראָמאַן זיינער, אין וועלכע ברענער זאָל זיך ניט אומקערן צו די דאָזיקע איבערלעבענישן פון זיינע ערשטע יאָרן. ברענער מעדיטירט ניט וועגן די קינדהייט־יאָרן, ווי עס טוען עס אַזוי פיל דיכטער. אין ברענערס קינדהייט־און יוגנט־שילדערונגען זעען מיר אים ווי דעם פאַנאַטישן נזיר פון אמת („רעאַליזם״). די דאָזיקע וועלט ווערט געמאָלן „גרוי אויף גרוי״. ברענער זעט ניט (אָדער וואָס איז ריכטיקער, וויל ניט זען) די שיינע פאַרבן אין וועלכע די קינדהייט און יוגנט־לאַנדשאַפט איז איינגעהילט; ער קאָנצענטרירט זיך אינגאַנצן אויף דער סטרוקטור פון דער דאָזיקער וועלט. זיין בליק דרינגט כסדר אַריין אין די יסודות פון דעם יידישן שטעטל, פון דעם קהל־לעבן, פון די סאָציאַלע באַציונגען, פון דעם גלויבן. די לופט איז דאָ פאַרסמט און קיינער קען פון דאַנען ניט אַרויסקומען קיין גאַנצער און קיין געזונטער.

איז ברענערס קינדהייט טאַקע געווען אַזאַ אויסערגעוויינלעך שווערע, ווי עס לאָזט זיך דרינגען פון זיינע שילדערונגען? פון די זכרונות וואָס זיינע קינדהייט־פריינד האָבן וועגן אים געשריבן נאָך זיין טויט, באַקומען מיר ניט דעם דאָזיקן איינדרוק. עס איז, ווייזט אויס, געווען אַ געוויינלעכע יידישע קינדהייט אין דעם הויז פון אַן אָרעמען מלמד אין אַ ווייסרוסיש שטעטל אין די לעצטע צענדליקער פון ניינצנטן יאָרהונדערט. אַנדערע יידישע שריפטשטעלער פון זיין דור, וואָס האָבן געהאַט אַן ענלעכע קינד־הייט, האָבן זי נאָך דעם באַשריבן ווי אַ „פאַרלוירענעם גן־עדן״. עס איז נאַטירלעך, אַז דאָס דריקנדיקע און פּיינלעכע זאָל פאַרגעסן ווערן און אין דער געדעכעניש זאָל בלייבן דאָס אָנגענעמע און רייצנדיקע. ברענער האָט ניט פאַרגעסן; זיין גאַנצער ליטעראַרישער שאַפן איז אַ פאַרעקשנטער געראַנגל מיטן „שר השכחה״. דער אמת ווייכט פון דעם ליכט פון ניכ־טערער דערקענטעניש, און מען דאַרף אים פאַרפאַלגן, מען טאָר אים ניט לאָזן אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן אין דער פינצטערניש פונעם אונטערבאַוווסט־זיין. דאָס איז דאָס געבאָט פון ברענערס „רעאַליזם״. וואָרעם ברענערס רעאַליזם איז ניט קיין קינסטלערישער מעטאָד; עס איז דאָס העכסטע מאָראַלישע געבאָט.

פון די טונקעלע פאַרבאָרגנהייטן גראָבט ברענער אויס די בילדער און געשטאַלטן פון זיין קינדהייט און זיין פריער יוגנט. ער צייכנט זיי מיט אַ מענלעך־פעסטער האַנט, מיט קלאָרע און שאַרפע שטריכן. מיט עפּעס אַן איינגעשפּאַרטער אַכזריות. אָבער דער לייענער שפּירט דעם ציטער פון

דעם קינסטלערס האַנט, זיין שטוינען און זיין שרעק פאַר די געשטאַלטן, וואָס ער האָט אַליין געבראַכט צום לעבן, ווי אומגליקלעך, ווי בידנע, ווי מיאוס עס איז דאָס דאָזיקע לעבן! אָט זיינען די סאַמע נאָענטסטע, דער פאָטער און די מוטער, חברים און פריינד. זיי רופן אַרויס רחמנות, דאָס האַרץ וויינט אויפן צער און דער זינלאָזיקייט פון זייער לעבן — אָבער גלייכצייטיק קען עס זיך ניט באַפרייען פון דער ביטערער דערקענטעניש, אַז דאָס דאָזיקע לעבן פאַרמאָגט ניט קיין ברעקל ווערדע און קיין שימער פון דערהויבנקייט, וואָס זאָל מכפּר זיין אויף דער אָרעמקייט און שיפלות. דער טאַטע איז אַן אייביקער אביון, וואָס זיין עקזיסטענץ איז אָפּהענגיק פון די חסדים פון די גבירים פון שטעטל. פאַר זיי שטייט ער שטענדיק אַן איינגעבויגענער און שמייכלענדיקער, אין זיין גאַנצער גראָבקייט און טיראַ־נישקייט אַנטפּלעקט ער זיך פאַר זיין פרוי און קינדער. די אָרעמקייט און די ליידן דערהויבן ניט דעם מענטשן. דער דערנידעריקטער טאַטע זוכט אין זיינע קינדער די קאָמפּענסאַציע פאַר די בזיונות פון זיין לעבן. זיי זאָלן אויסוואַקסן צו גאָט און צו לייט, כדי ער זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען פאַר זיינע ברויט־ און חסדים־געבער. און ווען די דאָזיקע אַמביציעס ווערן ניט פאַרווירקלעכט גיסט ער אויס זיין צאָרן אויף דער פרוי און קינדער. אין דער דאָזיקער פאָטער־געשטאַלט (באַזונדערס אין די ראָמאַנען „בחורף" און „מסביב לנקודה") פאַרקערפּערט ברענער כמעט אַלץ וואָס עס איז אים פאַרהאַסט אין טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער — די גראָבע שכר־ועונש פרומקייט, די חניפה צום גביר, די אומווערדע פון טאָג־טעגלעכן לעבן. און די אָרעמע, באַליבטע מוטער, וואָס איר גאַנצער לעבן איז איין לאַנגע מאַטערניש פאַר אַ שטיקל ברויט פאַר אירע קינדער, דער שטענ־דיקער, שווייגנדיקער קרבן פון איר מאַנס קאַפּריזן און גראָבקייטן, ווערט אויך ניט אידעאַליזירט, מען פילט, אַז ברענער האָט מורא זי צו אידעאַ־ליזירן. „אַמאָל, אין מיינע גוטע יוגנט־יאָרן, פלעג איך זיך צעגיסן אין פּאַטעטישע מעדיטאַציעס וועגן אירע ענויים און איר אויסדויער און אין איר געזען דעם סימבאָל פון דער ,אשה עבריה'... איצט, איצט — גאָרניט. ,אשה עבריה' — אוודאי: אַן אָרעמע יידענע ליידט יסורים".

ברענער האָט ניט פאַרגעסן די אימה פון זיין קינדהייט; ער האָט עס, ווייזט אויס, ניט געקענט פאַרגעסן. דער פּסיכאָלאָג מעג דאָ פרעגן: פאַרוואָס? אַ שאַרפזיניקער קריטיקער (דב שטאָק) האָט פּרובירט דערויף צו ענטפערן אין טערמינען פון פרוידס עדיפּוס־קאָמפּלעקס, די ליבע צו דער מוטער שטויסט זיך אָן אָן דער אויטאָריטעט און פּאָזיציע פון פאָטער.

די עלעמענטאַרע באַגערן שטויסן זיך אָן אָן די פאַרבאָטן פון דער קולטור. די דערנידעריקונג פון פאָטער איז די נקמה פון אונטערבאַוווסטזיין קעגן די דאָזיקע פאַרבאָטן. דב שטאָק געפינט די שפורן פון דער זעלבער סיטו־אַציע אויך אין ברענערס שפּעטערדיקע ווערק (ברענער האָט „בחורף" און „מסביב לעבודה" געשריבן אין זיינע פריע צוואַנציקער יאָרן), אין דער שילדערונג פון רייפערע, „דערוואַקסענע" באַציונגען. דאָס איז די גרונט־דיאַגראַמע פון דעם ניוראָטישן עלעמענט אין ברענערס שאַפן, אַן עלעמענט, וואָס מען קען טאַקע ניט לייקענען.

אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ קונסטווערק איז דער אַנאַליז פון די פּסיכישע פּלאָנטערן און קאָנפליקטן פונעם מחבר ניט מער ווי אַ טייל־ווייזע דערקלערונג פאַרן סך־הכל פונם ווערק. זיינע פּסיכישע דיספּאָזיציעס זיינען פאַרן קינסטלער בלויז מאַטעריאַל פאַר זיין שעפערישן ווילן. ברענער אַליין איז געווען צופיל באַוווסטזיניקער מענטש און געניטער פּסיכאָלאָג, אַז ער זאָל, ווי אַ קינסטלער, זיין בלויז דער מעדיום פון די אונטערבאַ־וווסטזיניקע כוחות וואָס האָבן אין אים געווירקט. ברענער אַליין האָט, קען מען זאָגן, מיט אַ מין פאַרגעניגן, צוגעשטעלט די „מאַטעריאַלן" פאַר דעם פּסיכאָלאָג. ער האָט כסדר געגישטערט און געפאָרשט אין די פאַר־באָרגענע ווינקלען פון זיין נשמה, ער האָט אויף זיך אַליין אַרויסגעגעבן דעם שווערסטן פּסק־הדין. פייערמאַן (אין „בחורף"") אַבראַמזאָן (אין „מסביב לנקודה"), אובד־עצות (אין „מכאן ומכאן"), יחזקאל חפץ (אין „שכול וכשלון") זיינען זעלבסט־פּאָרטרעטן, וואָס זיינען געצייכנט מיט אַן אכזריות, וואָס האָט כמעט קיין גלייכן ניט אין דער העברעיש־יידישער ליטעראַטור. אויב ער האָט געמאָלט אַזאַ שוואַרץ בילד פון דעם לעבן פון דעם יידישן ניט־פאָלק (עם־לא־עם), אויב ער האָט מיט אַזאַ אכזריות אַנטבלויזט די פאַרפוילטע און וואַקלדיקע יסודות פון דעם דאָזיקן לעבן און די מענטשן וואָס האָבן איינגעזאַפּט זיין פאַרגיפטעטע לעבנס־טויטנדיקע לופט, האָט ער זיך קיינמאָל ניט אַרויסגענומען פון כלל. דער הויפּט־העלד פון ברענערס ראָמאַנען און דערציילונגען, וואָס אַמאָל רעדט ער צו אונדז דירעקט אין דער ערשטער פּערזאָן און אַמאָל הייסט ער פייערמאַן, אַבראַמ־זאָן, יחזקאל חפץ, צייכנט זיך פון די אַנדערע אויס בלויז מיט דעם וואָס ער קוקט מיט אָפענע אויגן אויף זיינע אייגענע און דעם כללס ווונדן. מער ווי אַלץ האָט ברענערן געעקלט פון אַ געוויסער „פערדישער ענערגיע", פון דעם בלינדן לעבנס־ווילן, וואָס דערלאָזט יידן ניט צו מאַכן אַן ערלעכן חשבון פון זייער מעמד אין דער וועלט. פון דעם איז דער הויפּט־העלד

פון ברענערס שאַפן פריי, אָבער ער הערט ניט אויף צו „רייסן שטיקער" פון די שוואַכקייטן, וואָס ער טיילט מיטן פּאָלקס־כלל. און ער ווייסט: ער האָט ניט קיין תרופה און קיין אויסוועג פון דער פוילעניש און דער האָפענונגסלאָזיקייט.

אין זיינע זעלבסט־פּאָרטרעטן האָט ברענער זיך אַליין גענומען אויף אַ פּייניקנדיקן קרייצפאַרהער. יעדער שטריך אין זיי איז אַ זעלבסט־באַשולדיקונג. דער באַשולדיקטער איז אין זיין סאַמע תוך צעפוילט, ווילנס־שוואַך, אומפעיִק צו טאָט, אומפעיִק צו לעבן, צו בויען, צו געניסן פון לעבן. אַזעלכע ווי ער האָבן ניט געדאַרפט געבוירן ווערן, האָבן ניט קיין רעכט צו לעבן. אין זיינע יוגנט־שאַפונגען איז די דאָזיקע זעלבסט־קריטיק געגעבן געוואָרן אין אַ סאָציאַלער ראַם. אָט דאָס איז דער פּנים פון אונדזער יוגנט, אָט אַזוי מוז זי זיין, אונטער אונדזערע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס גיבן איר ניט קיין מעגלעכקייט צו וואַקסן און שאַפן. אין זיין לעצטן און רייפסטן ווערק, אין ראָמאַן „שכול וכשלון" איז דער דאָזיקער זעלבסט־פּאָרטרעט פאַרטיפט געוואָרן. יחזקאל חפץ איז ניט קיין פּראָדוקט פון דער אָדער יענער סביבה. ער איז דער „באַזיגטער מענטש. ניט נאָר פון דעם טויט וואָס וועט קומען, נאָר אויך פון דער צווייטער זייט פון לעבן, פון די נייגונגען וואָס לעבן אין אים, וואָס קומען ניט צום אויסדרוק, אָבער זיי לעבן אין אים... אַ באַזיגטער דורך זיינע שווערע שעהן, וואָס קערן אַלץ איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ".

ער האָט זיך בכיוון געמאָסטן מיט דער מאָס פון דורכשניט, האָט זיך פאַרגליכן מיט די „געזונטע" און „נאָרמאַלע" און איז געקומען צו מוראדיקע שלוסן וועגן זיין אייגענער געפאַלנקייט. דאָס איז אין זייער אַ גרויסער מאָס געווען אַ רעאַקציע קעגן דער פאַרקערטער נייגונג, וואָס ער האָט באַטראַכט ווי זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער מענטאַ־ליטעט — די נייגונג פון די „אונטער־נאָרמאַלע" מבטל צו זיין דאָס נאָר־מאַלע בכלל. די דאָזיקע נייגונג האָט ברענער געפונען אין אַלע ווינקלען פון אונדזער לעבן, און זי האָט אים כסדר געררייצט און דענערווירט. ער האָט זיך שטענדיק באַצויגן מיט חשד צו די אייגענע „העכערע שטרעבונ־גען", שטענדיק געפאָרשט, צי זיי זיינען ניט עפּעס קיין קאָמפּענסאַציע פאַר שוואַכקייט, קיין אַפּאָלאָגעטיק פאַר עפּעס וואָס דאַרף ניט זיין אָדער פאַר דעם וואָס עס דאַרף זיין און איז ניטאָ אין פּערזענלעכן לעבן. און מיט דעם זעלבן אומצוטרוי האָט ער זיך באַצויגן צו דעם אַפּאָלאָגעטישן אידעאַליזירטן נאַציאָנאַלן זעלבסט־פּאָרטרעט. מיר רעדן וועגן עטיק,

יידישער עטיק. אָבער אונדזער לעבן — אַ לעבן פון אָפּהענגיקייט פון פרעמדע חסדים, אַ לעבן פון זיצן בײַ פרעמדע טישן, אַ לעבן אָן פרייהייט, וואָרעם אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז די פרייהייט אָן אוממעגלעכקייט — איז אין גרונט אומעטיש.

ער האָט אין זיך און פאַר זיך מערסטנטייל געזען עלנט און פינצטער־ניש — ער האָט די לאַבירינטן פון דער אייגענער נשמה און די פינצטערע קאָרידאָרן, דורך וועלכע עס האָט זיך פאַר זיינע אויגן געצויגן דער עלנטער היסטאָרישער צוג פון פאָלק, באַלויכטן מיט דער לאַמטערנע פון אומברח־מנותדיקער אמת־דערקענטעניש (כאָטש אָפּטמאָל דוכט זיך, ווי שוין געזאָגט, אַז די לאַמטערנע איז אַן אַנטליענע. ער זאָגט, דוכט זיך: אדרבא, לאָמיר זען וואָס מען קען זען אין דער פינצטער אין דעם דאָזיקן ניט שוינענדיקן אומפרייינדלעכן ליכט!). אָבער קיין אויסוועג פון די דאָזיקע לאַבירינטן (וועלכע זיינען אייגנטלעך געווען אײן זאַך — דאָס פּערזענלעכע און דאָס נאַציאָנאַלע האָבן זיך ביי אים צוזאַמענגעגאָסן ווי ביי קיין שום אַנדער יידישן שריפטשטעלער אין אונדזער צייט — צום גוטן און צום שלעכטן) האָט ער ניט געזען. אויך דאָ, ווי אין זיין קינסטלערישער רע־קאָנסטרוקציע פון זיין פּערזענלעכן לעבן, האָט געווירקט קודם כל דער ווילן, דער מאָראַלישער ווילן. דאָ האָט אויך געהערשט דאָס געבאָט פון זיין אייגנאַרטיקן „רעאַליזם". „מען דאַרף אַלץ פאַרשטיין און זיך דערווייטערן פון מיסטיציזם און פאַנטאַזיעס...". ער האָט מורא געהאַט, אַז ביי אונדז, מיט אונדזער אָפּגעשוואַכטן לעבנס־ווילן, מיט אונדזערע שלעכטע היסטאָריש געפורעמטע געוווינהייטן, איז די האָפענונג ניט קיין סטימול צו טאָט, נאָר צו זעלבסט־צופרידנהייט, אַ מין שלאָפמיטל.

און אַזוי האָט ער זיך מיט זיך געראַנגלט אויף אַלע וועגן און „סטאַנ־ציעס" (זיין וואָרט) פון זיין פיינפולן, איגטענסיוון קורצן לעבן: אין רוס־לאַנד, אין לאָנדאָן, אין ארץ־ישראל — אין דער „לעצטער סטאַנציע". ער האָט קיין רו ניט געוווּסט, ער איז פון זיך ניט געווען צופרידן. אין בעסטן פאַל, האָט ער פאַר זיין לעבן געפונען בלויז אַן איראָנישן צידוק־הדין — ער מעג אויך לעבן, די שוואַכע און לעבנס־מידע מעגן אויך אָטעמען און געניסן אַ ביסל זונשיין. אין יאָר 1920, אין דער צייט פון אויפגעבלאָזענע האָפענונגען און הויכע ווערטער און קליינע, פאַרשעמענ־דיקע טאַטן, שרייבט ער צו מ. י. בערדיטשעווסקין, וועמען ער האָט פאַרערט מער ווי יעדן אַנדערן אין זיין דור: „אין לאַנד שלעפּט זיך אַלץ, און אַלע ווייסן, אַז דער ציוניזם איז אַ פּוסטער חלום. דאָס לאַנד איז קליין

און דער בעסטער און מיטלמעסיקער באָדן איז באַזעצט דורך די איינגע־בוירענע איינוווינער. עס זיינען פּאַראַן פּלעצער, וואָס מען קען זיי קאָלאָ־ניזירן דורך באַמיאונגען וואָס זיינען איבער די כוחות. אָבער יידן זיינען ניט קיין קאָלאָניזאַטאָרן. בלאָנדזשער און פאַרפירער. וואָס איז שייך מיר אַליין, האָף איך, אַז דאָס מאָל וועט מקויים ווערן מיין אַנטשלוס אין גאַנצן צו פאַרלאָזן מיין שרייבער־אַרבעט, די דאַזיקע פּוסטע אַרבעט. מיין ברויט וועל איך ביזן טאָג פון מיין טויט געפינען אין קאָרעקטור־אַרבעט אין דרוקערייען און פּריוואַטע לעקציעס. און אויפן טאָג פון מיין טויט וועל איך וואַרטן.״

ער איז געווען מיד פון לעבן, פון די פּייניקונגען, וואָס ער האָט זיך אַליין אָנגעטאָן. אָבער קיין איין טאָג פון זיין לעבן איז ניט אַוועק אָן באַמיאונגען, אָן שאַפן! ער האָט געשאַפן ביז זיין לעצטער מינוט. זיין האַרץ איז געווען אָפן פאַר די ליידן פון נאָענטע און ווייטע, פון יעדן איינעם וואָס ער האָט געטראָפן אויף זיין וועג. צו הלל צייטלינען, וואָס האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן אין האָמעל אויף אים אויסגעאיבט אַן אויסערגעוויינלעכן איינפלוס, און האָט אים אין אַ בריוו דערמאָנט די „הויכע עולמות״ אין וועלכע זיי האָבן אַמאָל צוזאַמען געבלאָנדזשעט און געזוכט אייביקע אמתן און דערלייזנדיקע שיינקייט, שרייבט ער אַזוי: „גוט האָסטו געטאָן וואָס דו האָסט אָהער געשיקט דיינע זין. דאָ איז דער פּלאַץ. ביי מיר זיינען איצט ניטאָ קיין שום „עולמות״ נאָר בלויז מענטשלעכע באַציאונגען״. אין דער ספערע פון „מענטשלעכע באַציאונגען״ האָט זיך אַנטפּלעקט דער גאַנצער ברענער. דאָ האָט ער זיך געגעבן אינגאַנצן, דאָ איז ער גרייט געווען צו געבן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, דאָ האָט ער ניט געוויגן און ניט געמאָסטן. דאָ האָט ער זיך אויך אַנטפּלעקט ווי אַ מענטש פון ווילן, פון אויסדויער און פאַרעקשנטער ענערגיע.

און דווקא ער, און ניט קיין אין זיך זיכערער, קיין האַפּערדיקער און טרייסטער, איז געוואָרן דער לערער פון בויענדיקסטן דור אין אונדזער נייער געשיכטע. ער האָט אין זיך געזען בלויז פּינצטערניש און טויט־קראַמפן — אָבער די וואָס האָבן אים געזען פון דרויסן, האָבן געזען דאָס ליכט וואָס האָט פון אים געשטראַלט. דעם אָרעאָל וואָס האָט געשיינט אַרום זיין קאָפּ. זיינע ערלעכע ביטערע ווערטער זיינען זיך ניט צעגאַנגען אין די גלידער ווי האָניק — זיי האָבן אין יוגנטלעכע נשמות אַריינגעטריפט טראָפּנס שטאָל, געשמידט דעם ווילן, געשטאַרקט מוסקולן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך טאַט.



די צוואַנציק יאָר וואָס זיינען פאַרגאַנגען זינט זיין טראַגישן טויט האָבן אָפּגעלייקנט פילע פון זיינע שוואַרצע זעאונגען. עס איז געקומען אַ דור, וועגן וועלכן ער האָט ניט געוואַגט צו חלומען.. ער האָט ניט דער־לעבט צו זען טאַטן, וואָס וואָלטן אויפגעמונטערט זיין געפייניקט האַרץ, ווי עס האָבן אים דערהויבן די טעג פון תל־חי, ווען ער האָט געשריבן: „עס איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד' — ווייל איז דעם וואָס איז געשטאָרבן מיט דעם דאָזיקן באַוווסטזיין — און תל־חי איז אים געלעגן צוקאָפּנס".

אין יאָר 1911 האָט ער די קהלשע טרייסטער געוואָרפן די פאָלגדיקע ביטערע ווערטער: „וואָס איז אייער ציוניזם? ווען איך וואָלט געזען ווי איר קומט אַהער, ווי איר טראָגט דאָ איבער יעדע מי אָן תרעומות, אָן קלאָגענישן, נאָר מיט דער שמחה של מצוה וואָס איר זייט אַרויס פון דער פינצטערניש פון גלותא, ווו מען קען אפשר פון אַ פרעמדן טיש כאַפּן אַ ברעקל פאַר דעם פרייז פון אייביקער פיינטשאַפט און הינטישן לעבן, ווען איר וואָלט געקומען אין אַ פלאַץ, וועלכן איר זייט בכח צו פאַרוואַנד־לען אין אַ ניט־געטאָ, ווו עס איז ניטאָ קיין פרעמדער טיש, פון וועלכן מען קען כאַפּן ברעקלעך, ווו עס איז אפשר פאַראַן די מעגלעכקייט צו פירן אַן אייגענעם טיש... ווען איך וואָלט געזען ווי איר פאַרווירקלעכט אייערע ווערטער, בויט דאָ איבער אייער לעבן, בויט דאָ אייער פערזענ־לעכע צוקונפט, פון וואָס עס וועט אפשר אַרויסקומען אַ צוקונפט פאַרן גאַנצן פאָלק... ווען איך וואָלט אייך געזען, אין דעם דאָזיקן לאַנד פון אונדזערע אבות, ווי איר זייט זיך מפקיר פאַר אַ יידן־לאַנד, ווי איר לייגט אין דעם אַריין אייער גאַנצע אַרבעט, אַלע אייערע אַרבעטס־מעגלעכקייטן... אַזוי אַז איר זאָלט האָבן דאָס רעכט צו זאָגן, אַז דאָס איז אייער לעבנס־לאַנד, ווען איך וואָלט געזען ווי איר דערוועבט זיך אַ היימלאַנד, מיט אַלע כוחות וואָס איר באַזיצט, וואָלט איך אוודאי געקושט די זוימען פון אייערע פון אַרבעט־צעריסענע קליידער. אָבער איצט? מען שוואַכט אָפּ אייערע הענט? פון וואָס? פון אייער אַרבעט פאַר ציון?" —

עס איז אים באַשערט געווען, אַז נאָך זיין טויט זאָל קומען דער דור מיט די פון „אַרבעט־צעריסענע קליידער". ער האָט בלויז געזען זיינע פיאָנערן, די איינזאַמע יחידים. וועגן איינעם פון זיי, א. ד. גאָרדאָן (אריה לפידות אין „מכאן ומכאן"), האָט ער געזאָגט: „האָסטו געזען זיינע הענט, די אָרעמע, מאָגערע, צעבראָכענע, אַרבעטנדיקע הענט, די הענט פון מיכאל

**אַנדזשעלאָ?״ ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ יחיד, דער לעצטער לעבנס־אויפשפּראָץ פון אַן אַלט, צום טויט־פאַראור־טיילט פאָלק, אַן „אָרעמער איסי״. ער האָט זיך טועה געווען — כאָטש אין די צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט האָבן אויך ניט געפעלט קיין עליות און ירידות, מפּלות און אַנטוישונגען. אָבער עפּעס איז אויפגעטאָן גע־וואָרן — און פאַר אים איז דאָך אפילו דער עפּעס שטענדיק געווען אַ גרויסע טרייסט. און אין דעם דאָזיקן עפּעס האָט ער, מיט זיין רעאַליזם און קדושה, געהאַט גאָר אַ גרויסן חלק.**



**די צייטן האָבן זיך געענדערט. אָבער אויך היינט זיינען ניטאָ קיין מער דערהויבנדיק טרייסטנדיקע ציטווערטער, ווי די „פּערזענלעכע צוואה״, אין וועלכער ער האָט געמאַכט דעם סך־הכל פון דעם וואָס ער האָט גע־לערנט פון די „דערפאַרונגען פון זיין לעבן״:**

דאָס לעבן איז שלעכט, אָבער שטענדיק סודותדיק... דער טויט איז שלעכט.

די וועלט איז פאַרפּלאָנטערט, אָבער אויך פאַרביק, און אַ מאָל שיין.

דער מענטש איז אומגליקלעך, אָבער עס טרעפט, אַז ער איז אויך פּרעכטיק.

די לאָגיק זאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט ניט קיין צוקונפט.

מען דאַרף פונדעסטוועגן אַרבעטן.

כל זמן דיין נשמה לעבט אין דיר, זיינען פאַראַן גרויסע מעשים און דערהויבנדיקע מינוטן.

זאָל לעבן די יידיש מענטשלעכע אַרבעט.

(„אידישער קעמפער״, 2 מאַי 1941)

# לואיס ד. בראַנדייס

אַמעריקע האָט לעצטע וואָך פאַרלאָרן איינעם פון אירע בעסטע און נוצלעכסטע בירגער; דאָס יידישע פאָלק איינעם פון זיינע באַליבטסטע זין.

עס איז ניט אָפּצושאַצן דעם פּלאַץ וואָס לואיס בראַנדייס, דער אַדוואָקאַט און ריכטער און סאָציאַלער רעפאָרמער, האָט געשפּילט אין אַמעריקעס סאָציאַלער אַנטוויקלונג אין משך פון די לעצטע יאָרצענדלינגער. עס איז געענוג צו זאָגן, אַז מען קען זיך ניט פאָרשטעלן די דאָזיקע אַנטוויקלונג — און אין דעם האַלבן יאָרהונדערט האָבן זיך דאָך אין אַמעריקע געוואַלדיק געענדערט אינסטיטוציעס, באַגריפן און באַציונגען — אָן בראַנדייס׳ ביי־שטייערונג. די לעצטע פופציק יאָר זיינען אין אַמעריקע געווען אַ צייט פון עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע און סאָציאַלער טראַנספאָרמאַציע. אין דעם פּעריאָד איז אויסגעוואַקסן די אינדוסטריעלע אַמעריקע, וואָס מיר קענען היינט צו טאָג. עס איז די תקופה פון גיגאַנטישער קאַפּיטאַליסטישער אַקומולאַציע. איבערנאַכט זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע פאַרמעגנס. מיליאָנען מענטשן האָבן דורך „אָביעקטיווע היסטאָרישע פּראָצעסן״ פאַרלאָרן זייער עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט. אָט די מעכטיקע עקאָנאָמישע רעוואָלוציע און די רעזולטירנדיקע סאָציאַלע איבערגרופּירונגען האָבן ביי פילע דענ־קענדיקע אַמעריקאַנער אַרויסגערופן דעם צווייפל, צי אונטער די נייע באַ־דינגונגען איז פאַראַן די אָביעקטיווע מעגלעכקייט אָפּצוהיטן און ווייטער צו אַנטוויקלען די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ווי זי איז פאַרשטאַנען גע־וואָרן פון די „אָבות פון דער רעפּובליק״. וואָרעם זיי, די גרינדער, האָבן אונטער פרייהייט פאַרשטאַנען ניט נאָר גלייכקייט פאַרן געזעץ, נאָר אויך עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט. אָבער אויב דער סאַמע קיום פון מיליאָנען מענטשן איז אָפּהענגיק פון די קאַפּריזן פון געציילטע מעכטיקע יחידים, ווערן דעמאָקראַטיע און פרייהייט פּוסטע און צביעותדיקע ווערטער.

לואיס בראַנדייס׳ טעטיקייט ווי אַ ריכטער און סאָציאַל־רעפאָרמער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער דערקענטניש, וואָס דזשעפערסאָן האָט אויסגע־דריקט אין די ווערטער: „ברייט פאַרשפּרייטע אָרעמקייט און קאָנצענט־רירט רייכטום קענען אין אַ דעמאָקראַטיע לאַנג ניט געדייען איינס ביי דער זייט פון צווייטן״. נאָך אַלס אַ יונגער אַדוואָקאַט האָט ער זיך באַרימט

געמאַכט ווי אַ קעמפער קעגן די גרויסע מאָנאָפּאָל־אינטערעסן. ער האָט געשאַפן דעם אויסדרוק: די קוירס אָוו ביגנעס" („די קללה פון גרויסקייט"). די אויפגאַבע וואָס ער האָט זיך געשטעלט (צוזאַמען מיט די סאָציאַל סענסיטיווסטע גייסטער פון זיין צייט) איז געווען: פאַרטיידיקן דעם „קליי־נעם מאַן", דעם קליינעם געשעפטסמאַן, דעם קליינעם אונטערנעמער, דעם פאַרמער, דעם היים־אייגנטימער קעגן דעם מעכטיקן אומפּערזענלעכן, אומברחמנותדיקן מאָנאָפּאָל־גיגאַנט. וואָרעם נאָר אויב זיי וועלן געראַטע־וועט ווערן פון אונטערגאַנג, וועט אויך אָפּגעהיט ווערן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק פון „פרייע מענטשן".

בראַנדייס איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט; ער איז געווען אַ קעגנער פון סאָציאַליזם. ער האָט זיך געשראָקן ניט נאָר פאַר דער טיראַניי פון די מאָנאָפּאָל־גיגאַנטן, נאָר אויך פאַר דער מאַכט פונעם אויבער־גיגאַנט — דעם שטאַט. ער האָט געהאַט זיין אייגענע „אוטאָפּיע": אַ לאַנד וואָס זיינע מערסטע בירגער זיינען אויך אייגנטימער; אַ לאַנד פון אומאָפּהענגיקע פאַרמער, פון דעצענטראַליזירטע אינדוסטריעס, פון פרייע „קליינע מענטשן": מען דאַרף ווי וויט מעגלעך פאַרטיידיקן דאָס וואָס איז נאָך געבליבן פון דער אַלטער אַמעריקע. אָבער בראַנדייס איז ניט געווען קיין ראָמאַנטיקער, וואָס גלויבט אין דער רעסטאַווראַציע פון „פאַרלוירענע גן־עדנס". ער האָט געוווּסט, אַז דער נייער אינדוסטריאַליזם האָט שוין גרינדלעך געענדערט דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פרצוף־פּנים פון לאַנד. מיליאָנען מענטשן זיינען שוין אָפּהענגיק אינגאַנצן פון די „גרויסע אינטערעסן". דאַרף מען זיי צוימען. דער אינסטרומענט איז: דאָס געזעץ.

צוויי גרויסע יוריסטן האָבן די בעסטע יאָרן פון זייער לעבן אָפּגעגעבן דער גרויסער אַרבעט: צו הומאַניזירן דאָס געזעץ. איינער איז געווען אָליווער ווענדל האָלמס, דער צווייטער — לואיס בראַנדייס. דאָס אַמע־ריקאַנער געזעץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַלס אַן אינסטרומענט פון מענטשלעכער פרייהייט, איז אין אָנהויב פון דער תקופה פון מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם מיסברויכט געוואָרן ווי אַן אינסטרומענט פון דער „נייער שקלאַפעריי". פרייהייט! — און דערפאַר זאָל פריי זיין דער עקספּלואַטאַ־טאָר פון דער אַרבעט פון פרויען און קינדער, די „שוויצפאַבריק" מיט אירע אומסאַניטאַרישע באַדינגונגען און לאַנגע אַרבעטס־שעהן, די גיגאַנ־טישע אייזנבאַנען־געזעלשאַפטן, די צושטעלער פון עלעקטריציטעט און גאַז און מילך. אָבער די „פרייהייט" פון די „גרויסע אינטערעסן" האָט געמוזט פירן צו דער פולשטענדיקער הילפלאָזיקייט פון דעם „קליינעם

מענטשן" און אַרבעטער. די „פרייהייט" איז געוואָרן אַ לעגאַליסטישע פּאַראַדיע אויף דער פרייהייט פון די רעפּובליק־גרינדער.

בראַנדייס האָט פריער אַלס אַדוואָקאַט און נאָכדעם אַלס מיטגליד פון העכסטן געריכט אין משך פון צענדליקער יאָרן געפירט דעם קאַמף צו באַפרייען דעם גייסט פון געזעץ פון די טויטע בוכשטאַבן, וואָס האָבן אים געפּענטעט. טראָט ביי טראָט, פּרעצעדענט נאָך פּרעצעדענט האָט ער גע־בראָכן די טראַדיציע פון טויטן לעגאַליזם. ער האָט צו זיין אַרבעט געבראַכט ניט נאָר אַ הייליקע פּיעטעט פאַר דער קאָנסטיטוציע און איר גייסט, ניט נאָר אַ פיינע יוריסטישע חריפות, נאָר אויך אַ זעלטענעם וויסן אין סאָציאַלע פראַגן. אַלס יוריסט האָט ער דורכגעבראָכן אַ נייעם וועג און געשאַפן אַ מוסטער פאַר אַנדערע. אונטער זיין איינפלוס איז אויפגעשטאַנען אַ דור פון נייע מפרשים פון דעם אַמעריקאַנער געזעץ. און ער האָט זוכה געווען צו זען ווי דער בנין וואָס ער און זיין פריינד האָלמס האָבן אויפגעבויט איז געוואָרן דער יסוד פון דעם „ניו דיל". ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר בראַנדייס' כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט, אַז ווען עס האָט, ווי ער האָט געגלויבט, געדראָט אַ סכנה פון דער צווייטער זייט, ווען רוזוועלט און זיין קרייז האָבן די קאָנסטיטוציע אָנגעהויבן צו מאַניפּולירן שוין אויף אַ צו פרייען אופן, פאַר דער דערגרייכונג פון געוויסע סאָציאַלע צילן (צילן אין וועלכע בראַנדייס האָט געגלויבט ניט ווייניקער פון אַנדערע), האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם דאָזיקן פּרווו צו צעשטערן די „אומאָפּהענגיקייט פון דעם געריכט".

אויב בראַנדייס' טויט איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר אַמעריקע איז עס אַ נאָך אַ פיל מער אומדערזעצלעכע אבידה פאַרן יידישן פאָלק און דעם ציוניזם. בראַנדייס איז צום ציוניזם געקומען אין זיינע פּופּציקער יאָרן. ער האָט צום ציוניזם געבראַכט יענע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן אים כאַראַק־טעריזירט זיין גאַנץ לעבן; גאַנצקייט, קאָנסעקווענטקייט, גרינדלעכקייט, באַשיידענע איבערגעבנקייט. זיין ציוניזם האָט אין זיך ניט פאַרמאָגט יענע פריקרע זיסקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזויפיל פון זיינע אַמע־ריקאַנער וואָרטזאָגער, באַזונדערס פון ראַבאַישן חדר. די יידישע פּראָבלעם איז פאַר אים געווען אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַלע פּראָבלעם, און ציוניזם איז געווען אַ לייזונג פון ערנסטע מענטשלעכע נויטן — ניט קיין מיטל פאַר פּערזענלעכער התרוממות הנפש נאָך אַ זאַטן מאָלצייט. אָבער מען מעג זאָגן, אַז ער האָט אין ציוניזם ניט געשפּילט יענע ראָל, וואָס ער וואָלט אפשר געקענט שפּילן, ווען ער וואָלט צו אים געקומען אין אַ יינגערן

עלטער. ווען בראַנדייס איז געוואָרן אַ ציוניסט איז ער שוין געווען צופיל איינגעוואָרצלט אין אַמעריקאַנער עפנטלעכן לעבן, אַז דער ציוניזם זאָל ביי אים ווערן יענער צענטראַלער אינטערעס, וואָס ער דאַרף זיין ביי אַ פירער פון זיין קאַליבער. דערצו איז געקומען דער טראַגישער צוזאַמענ־שטויס מיט דער ציוניסטישער פירערשאַפט אין די ערשטע יאָרן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע — אַ צוזאַמענשטויס וואָס מיר האָבן נאָך עד היום ניט קיין אָביעקטיוון אורטייל וועגן זיינע אמתע סיבות. ציוניזם איז גע־וואָרן איינער פון די אינטענסיווע אינטערעסן אין בראַנדייס׳ לעבן. אין די יאָרן פון זיין ריכטערשאַפט איז זיין ציוניזם געווען אַ זייער פריוואַטער אינטערעס; ער איז אַלס ציוניסט קיינמאָל עפנטלעך ניט אַרויסגעטראָטן. אָבער אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין אַ באַשיידענער דירה אין וואַשינגטאָן זיצט אַ ייד, וואָס פאָלגט נאָך יעדן טראָט וואָס יידן מאַכן אין ארץ־ישראל, וואָס מפּלות און שטרויכלונגען באַאומרואיקן זיין געמיט, וואָס איז שטענדיק גרייט צו טאָן און צו העלפן, וואָס זיין צייט איז פריי פאַר יעדן וואָס האָט עפּעס צו דערציילן פון יידישן אויפבוי און האָט צו אים עפּעס אַ ביטע און פאָדערונג, וואָס זיינע אויגן ווערן פייכט ווען עמעצער ברענגט אים אַ גרוס פון דערגרייכונג און פאָרשריט. פילע זיינען פון יענע שעהן אין דער קליינער וואַשינגטאָנער ווינונג אַוועק מיט פאַרשטאַרקטן מוט און גלויבן. וואָרעם דער אַלטער אידעלער ייד האָט אַליין שטענדיק געגלויבט אין נצחון פון גוטן — אַ נצחון וואָס וועט ניט פאַרדינען דעם דאָזיקן נאָמען, אויב ער שליסט ניט איין די ווידער־אויפריכטונג פון יידישן פאָלק אין זיין היימלאַנד.

יידן און ציוניסטן האָבן בראַנדייסן ליב געהאַט מיט יענער באַזונדערער ליבע וואָס מיר פילן צו אונדזערע „צוריקגעקומענע״, צו די פאַרבלאָנדזשעטע זין, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויסער אונדזער תחום און האָבן פרייוויליק אויף זיך גענומען דעם עול און די גלאָריע פון יידישער געמיינשאַפט. זיי, די „צוריקגעקומענע״, זיינען פאַר אונדז אַ לעבעדיקער באַווייז, אַז פולע מענטשלעכע ווערדע איז פאַר אַ יידן ניט מעגלעך אָן אידענטיפיקאַציע מיטן אייגענעם שטאַם און זיינע האָפענונגען. און פאַר דעם דאָזיקן דער־הויבנדיקן געפיל זיינען מיר היינט דאַנקבאַר דעם ברודער, וואָס האָט אונדז פאַרלאָזן נאָך אַ לעבן, וואָס איז געווען זאַט אין יאָרן און רייך אין שיינע און גוטע מעשים.

(„אידישער קעמפער״, 10 אָקטאָבער 1941)

# בערל קאַצענעלסאָן

## (עטלעכע שטריכן)

### .1

יעדעס מאָל וואָס מיר האָבן געזען בערל קאַצענעלסאָנען, אים געהערט רעדן, פּריוואַט אָדער בציבור, געלייענט זיינע אַ שורה, האָט פון דאָס ניי אַרומגענומען אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צום גורל פאַר דער זכיה וואָס איז געגעבן געוואָרן אונדזער דור. ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג האָט דער אַרבעטער־ציוניזם אין פאַרשיידענע תקופות פּרובירט פּראָגראַמאַטיש צו פאָרמולירן, אין דער שפּראַך פון דער געגעבענער צייט און סביבה, זיינע צילן און באַגערן. אָבער דער טיפערער אינהאַלט פון דעם ציוניזם, האָבן מיר אָפט געפילט, איז מיט די דאָזיקע פּראָגראַמאַטישע פאָרמולעס ניט אויסגעשעפּט געוואָרן. אין אונדזער באַוועגונג ווירקן טיפע איבער־ראַציאָנאַלע און איבער־פּערזענלעכע כוחות און זכרונות, זי שעפּט איר יניקה ניט נאָר פון קעגנוואַרטס־נויטן, נאָר אויך פון אויבנאויף אומזיכטבאַרע, איבערמעכטיקנדיקע היסטאָרישע אימפּולסן. צוזאַמען מיט אירע פּאָליטישע ענדצילן טראָגט זי אין זיך אויך באַגערן, וואָס לאָזן זיך ניט גרינג פאַר־מולירן אין דער שפּראַך פון „אידעאָלאָגיעס" און „פּלאַטפּאָרמעס". אין בערל קאַצענעלסאָנס פּערזענלעכקייט און אין זיין וואָרט האָבן זיך אָפּגע־שפּיגלט אָט די אַלע ווערטן און באַגערן. אין דעם דאָזיקן שפּיגל האָבן מיר געזען די טיפענישן פון אונדזער לעבנס־זאַך.

ער אַליין, וועלכער האָט אפשר מער ווי יעדער אַנדערער, דער אַרבע־טער־באַוועגונג געגעבן איר שליחות־באַוווסטזיין, האָט מיט אַן אומגעזע־טיקטן נייגער שטענדיק געזוכט די פוסטריט פון אומבאַמערקטע און פאַר־געסענע פאָרלויפער פון דעם רעוואָלוציאָנערן גאולה־ווילן. ער פלעגט אָפּט־מאָל איבערחזרן די טענה, אַז דאָס קאָנווענציאָנעלע בילד פון דער געשיכטע פון אַרבעטער־ציוניזם גיט זייער אַן אויבערפלעכלעכן באַגריף פון אונ־דזערע מקורות. כדי צו געפינען דעם מקור פון דער דאָפּלטער און דאָך איינער וויזיע, דעם חלום פון יידישער ווידעראויפריכטונג און פון אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג, דאַרף מען גיין ווייטער אויף צוריק ווי מיר זיינען

עס געוווינט, דאַרף מען גראָבן טיפער, ווי אָפיציעלע געשיכטע־שרייבער זיינען זיך נוהג דאָס צו טאָן.

איך דערמאָן זיך אַ פרימאָרגן אין ווינטער 1937, בעת בערל קאַצע־נעלסאָנס צווייטן באַזוך אין אַמעריקע. נאָך איידער איך האָב באַוויזן אים צו זאָגן „גוט־מאָרגן", האָט ער מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן אַן אוצר וואָס ער האָט אין יענע טעג געפונען. אין הויז פון אַ היגן קרוב האָט ער אַנטדעקט אַ פעקל בריוו פון זיין פאָטער. עס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע פרייד צו געפינען אין דעם ציוניזם פון זיין פאָטער, דעם חובב ציון און משכיל, אַזאַ פולע נאָטע פון דעם סאָציאַליסטישן תיקון עולם, וואָס איז פאַר זיין זון געווען אַזאַ אינטעגראַלער עלעמענט פון דעם ציוניזם *. און פון דעם אייגענעם טאַטן האָט זיך דער שמועס אַוועקגעלאָזן צו אַנדערע „ענווי עולם" — יידן וואָס האָבן אַליין, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אין זיך אויסגעטראָגן העזהדיקע רעוואָלוציאָנערע טרוימען, וואָס האָבן מיט צענדליקער יאָרן מקדים געווען די אָרגאַניזירטע באַוועגונגען. באַזונ־דערס בולט איז געבליבן אין זכרון די געשטאַלט פון אַ יידן אין אַ קליין שטעטל, וואָס בערל קאַצענעלסאָן האָט פיל געהערט וועגן אים און זיין פאַמיליע אין די קינדהייט־יאָרן. ער איז, דוכט זיך, געווען אַ גערטנער, וואָס האָט (אויב איך מאַך קיין טעות ניט, אויך אין עטלעכע חיבורים, וואָס זיינען, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן) געשאַפן זיין אייגענעם סינטעז פון חיבת ציון און אַן אין דער יידישער טראַדיציע פאַרוואָרצלטן סאָציאַליזם. און גלייך נאָכדעם האָט בערל קאַצענעלסאָן דער־ציילט וועגן אַ זון פון דעם דאָזיקן יידן, וועלכן ער האָט געטראָפן אין ארץ־ישראל, ווען ער איז אַהין געקומען אין 1909. דער זון, אַ מענטש פון זעלטענער לויטערקייט, אַ נחבא אל הכלים און אַ שווייגער, וואָס האָט געלעבט מיטן תנ"ך און דער גראָבאַייזן האָט ממש געשפּילט אין זיינע הענט, האָט אויף אים געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק פון אַלע מענטשן וואָס

---

* זיין פאָטער איז ווייזט אויס, בכלל, געווען זייער אַן אייגנאַרטיקער מענטש. אגב: עמעצער האָט דערמאָנט, צו בערל קאַצענעלסאָנס שבח, וואָס ער האָט אפילו אין ארץ־ישראל זיך געהאַלטן ביים „גלותדיקן" נאָמען בערל — און אים ניט פאַרביטן אויפן העברעישן דוב. דער אמת איז, אַז גראָד זיין טאַטע האָט אים געגעבן דעם אויסערגעוויינלעכן תנ"כישן נאָמען „בארי" (דער פאָטער פון דעם נביא הושע) קאַצענעלסאָן אַליין האָט, ווייזט אויס, פאַרגעצויגן דעם יידיש־פאָלקס־טימלעכן בערל.

ער האָט אין יענע יאָרן באַגעגנט אין ארץ־ישראל. ער האָט צו אים אַרויפגעקוקט און זיך באַוווסטזיניק יאָרן לאַנג אָנגעשטרענגט צו דערגרייכן זיין מדרגה. בעת בערל קאַצענעלסאָן האָט דערציילט די דאָזיקע און אַנדערע געשיכטעס, האָט מען פאַר זיך ממש געזען ווי עס וועבן זיך די איידעלע פעדים פון זיין געדאַנק. אין צענטער פון אָט דעם געדאַנקענגאַנג איז געשטאַנען דער גלויבן אין דער זריעה, וואָס ווערט פאַרזייט אין דעם מדבר, וואָס קיין שום ווינט קען ניט פאַרניכטן, און אין איין טאָג בליט זי זיך פאַנאַנדער אין איר גאַנצער פּראַכט. די געשיכטע, אונדזער עכטע געשיכטע, ווערט געשאַפן במסתרים. אירע אמתע טרעגער זיינען נאָמענלאָזע העלדן. בערל קאַצענעלסאָנס העלדן־גאַלעריע איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון אַזעלכע אַנאָנימע „אנשי תפארת". פאַר זיי האָט ער מייחד געווען דעם שטילסטן ווינקל אין זיין נשמה. און דערפאַר וואָס זיי האָט ער באַטראַכט פאַר די אמתע שאַפער פון אונדזער נייער געשיכטע, איז די געשיכטע פון אונדזער אויפבוי, ווי די נייע יידישע געשיכטע בכלל, ביי אים געווען אַ מין פאַמיליע־כראָניק. צו שרייבן די דאָזיקע אינטימע „פאַמיליע־כראָניק" איז געווען זיין טרוים אין משך פון פיל יאָר. עס איז אים ניט באַשערט געווען דאָס צו טאָן אויסער אין ברוכשטיקער. און קיין אַנדערער פון די בני־הדור וועט די דאָזיקע „פאַמיליע־כראָניק" ניט שרייבן.

בערל קאַצענעלסאָן האָט מיט אַן אייגנאַרטיקער דבקות געלעבט די יידישע געשיכטע פון דער לעצטער תקופה, פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, פון זיינע וואַנדערונגען און זוכענישן, זיינע עליות און ירידות. אָבער באַזונדערס האָבן אים געצויבערט די זייטיקע, פאַרבאָרגענע שטעגן, וואָס פירן פון תקופה צו תקופה, פון איינזאַמע יחידים צו אַנדערע איינזאַמע יחידים. איינער פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער דאָזיקער פאַמיליע־כראָניק איז געווען די הנחה, אַז אָט די אַלע שטעגן פירן צו איין ציל; עס איז אַ גורלדיקער אומפאַרמיידלעכער וועג. אַ באַזונדערן צויבער האָבן פאַר אים געהאַט די קרייצוועגן, אויף וועלכע עס באַגעגענען זיך פון אויבנאויף פרעמדע מענטשן און אידעען. עס האָט געררייצט זיין פאַנטאַזיע, ווען עמעצער (דוכט זיך, דער היסטאָריקער גוסטאַוו מייער) האָט אין אַן אַרכיוו געפונען אַ קליינעם בריוו־אויסטויש צווישן קאַרל מאַרקס און היינריך גרעץ, וועלכע האָבן זיך באַגעגנט בלויז איין מאָל, ערגעץ אין אַ קוראָרט, און ווי עס ווייזט אויס, זיך וואַרעם דערנעענטערט. פיל מער האָט אים פאַרכאַפּט דער לעבנס־וועג פון אברהם ליעסין, אָט דער יוצא דופן אין דעם יידישן סאָציאַליזם

און זיין באַגעגעניש, אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, מיט דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויף קרייצוועגן באַגעגענען זיך לייבלעך נאָענטע מענטשן און אידעען, וואָס האָבן זיך דוכט זיך, בלויז דורך אַ טעות, ניט געקענט — און דאָרטן צעשיידן זיך אויך מענטשן און אידעען, וואָס אין דער שעה פון זייער געבורט איז, דוכט זיך, נגזר געוואָרן, אַז זיי זאָלן אייביק זיין באַהעפט. אין זיינע גאָר פריע יוגנט־יאָרן, איידער ער האָט הינטער זיך פאַרברענט אַלע בריקן און עולה געווען קיין ארץ־ישראל, האָט בערל קאַצענעלסאָן עטלעכע יאָר געלעבט אין אַ קרייז, וואָס האָט פיל בייגעטראָגן צו דער אויספורעמונג פון זיין יידישן געדאַנקענגאַנג — צו דער טעריטאָריאַליס־טישער גרופע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום די ס״ס און „וואָזראָזש־דעניע״. ער איז געווען צווישן די סאַמע ייִנגסטע אין דעם דאָזיקן קרייז און ער האָט צו פילע פון זיינע פירנדיקע מענטשן אַ גאַנץ לעבן געטראָגן אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט, פון „חסד נעורים״. אָבער — „דאָס בינטל איז זיך פונאַנדערגעפאַלן״. דער צוויי־און־צוואַנציק יעריקער בערל קאַצענעל־סאָן האָט געפונען זיין היים אין דעם הויף פון דער קבוצה כנרת. פון דאָרטן האָט ער נאָכגעפאָלגט די וועגן פון זיינע אַלטע חברים. פיל פון זיינע געוועזענע לערער האָבן ווייט פאַרבלאָנדזשעט פון דעם בשותפותדיקן אויסגאַנגס־פונקט. האַרציק נאָענטע זיינען געוואָרן — ווילד פרעמדע, אפילו שונאים. אָבער בערל קאַצענעלסאָן האָט דעם געמיינזאַמען אָנהויב ניט פאַרגעסן. פאַר אים זיינען די דערוויטערטע געבליבן — פאַרבלאָנד־זשעטע. און וועגן די נאָענטסטע און די ליבסטע צווישן זיי האָט ער קיינמאָל ניט אויפגעהערט האָפן — אַז עס וועט נאָך ווידעראַמאָל קומען די באַגעג־עניש אויפן קרייצוועג. אָט האָט אים עמעצער דערציילט, אַז יוסף כמור־נער, (אַ ברודער, אים צו לאַנגע יאָר, פון יעקב לעשצינסקי), דער ס״ס, וועלכער איז געוואָרן אַ בונדיסט, און זייער אַ פאַנאַטישער בונדיסט, אַ ביטערער שונא ציון, האָט געלייענט זיינע אַ בראָשור (די שמועסן מיט דער יוגנט וואָס זיינען אין יאָר 1935 דערשינען אין תל־אביב אונטערן נאָמען „במבחן״) און האָט אויף אירע בלעטלעך אויך אָנגעשריבן אַ צאָל באַמער־קונגען. בערל קאַצענעלסאָן האָט ניט געוווסט, וואָס כמורנער האָט געשריבן, אָבער פאַר אים איז דאָס געווען אַ סימן, אַז דער קעגנער ראַנגלט זיך נאָך מיטן ציוניזם אין זיך, אַז ער האָט נאָך מיט אים דעם לעצטן חשבון גיט פאַרענדיקט. און דערפאַר האָט ער ניט געקענט פאַרענדיקן דעם חשבון

מיט אים. אַזאַ באַציונג האָט בערל קאַצענעלסאָן אויך געהאַט צו אַ צאָל מענטשן אין „בונד".

בערל קאַצענעלסאָן איז געווען אַ זעלטענער בקי אין אַלע חדרי־חדרים פון די יידישע רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען פון דער לעצטער תקופה. אַ פּאַרטיי איז פאַר אים אָבער שטענדיק באַשטאַנען פון מענטשן. און ער האָט געהאַט אַן אינטימען אינטערעס אין די מענטשן און די גורלות פון די שאַפער פון יידישע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען. און דער דאָזיקער אינטערעס זיינער האָט ניט געוווסט פון קיין פּאַרטייאישע אָדער סעקטאַנ־טישע גרענעצן. אין אַ באַשטימטן זינען זיינען פאַר אים אַלע יידישע געזעל־שאַפטלעכע שטרעמונגען פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט אַרויסגעפּלאָסן פון איין קוואַל. אין זיי אַלע איז געקומען צום אויסדרוק די סאָציאַל־קולטורעלע אויפלעבונג פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, זיי האָבן אַלע, באַוווסט־זיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק, זיך געראַנגלט מיט דעם „ואבדתם בגויים". פאַר אים איז די דאָזיקע תקופה, אין וועלכער עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַזוי פיל יידישער זשעני, געווען ניט קיין סכום פון אָפּגעריסענע עפּיזאָדן, נאָר איין לעבעדיק געוועב. און דערפאַר האָבן אים קיינמאָל ניט אויפגע־הערט מאַטערן די פראַגן: פאַרוואָס איז אָט די צעל אין דעם געוועב פאַרטריקנט געוואָרן — און יענע איז געבליבן לעבן? פון וואַנען האָט די צעל זיך גענערט און געזויגן איר חיות — און וועלכע מיקראָבן האָבן די אַנדערע געשעדיקט אָדער פאַרניכטעט? ער האָט געוווסט, אַז דער אָרגאַניזם איז איינער. און אויב איין צעל ווערט געשעדיקט, קען ניט זיין קיין אַנדער צעל, ווי איזאָלירט זי זאָל ניט זיין, וואָס זאָל זיך אַבסאָלוט ניט געפינען בחזקת סכנה.

אָבער נאָך שאַרפער ווי דאָס געפיל פון דעם בשותפותדיקן אויסגאַנגס־פּונקט און דעם געמיינזאַמען שורש פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט אין דער לעצטער תקופה האָט אין בערל קאַצענעלסאָנען געלעבט דער זכרון פון יענעם ברוך מיט דער דאָזיקער וועלט, וואָס האָט אים געבראַכט קיין ארץ־ישראל. אין אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1912, דעם ערשטן אַרטיקל, אין וועלכן עס איז שוין געקומען צום אויסדרוק דער גאַנצער בערל קאַצענעלסאָן, מיט זיין אייגענעם פּרצוף־פּנים, שרייבט ער: „מוראדיקע ריסן קומען איצט פאַר צווישן די פאַרשיידענע טיילן פון פאָלק. דער גלות צעשפּרייט זיך אָן אַ סוף, פאַרשיידענע שפּראַכן צעצווייגן זיך און ווערן אַלץ פרעמדער איינע דער צווייטער, פאַרשיידענע, דורכאויס אַנדערע באַדינגונגען, קעגנזייטיק פרעמדע באַשטרעבונגען —

מען קען זיי ניט פאַרטושן מיט תירוצים און טעאָריעס. מיר וועלן זיי ניט מבטל מאַכן כדי צו פאַרלייכטערן דעם ווייטיק אין האַרצן. צי קען מען בייקומען דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער אומה? די צוקונפט וועט דערויף ענטפערן. מיר ווייסן בלויז איין זאַך: מיר שטייען אויף אונדזער באָדן. מיר זיינען אַ קליינער טייל פון פאָלק, אַ קליינער טייל פון דער (יידישער) אַרבעטערשאַפט. אָבער — ניט אחרי רבים להטות (מען דאַרף ניט גיין נאָך דער מערהייט). זאָלן זיי זיך צוריקקערן צו דיר — אָבער דו דאַרפסט זיך ניט צוריקקערן צו זיי".

דאָס הייפל וואָס איז אַוועק פון דעם זיך אויפלייזנדיקן פאָלק האָט זיך פריער געדאַרפט באַפרייען פון דעם יאָך פון פיל פאַרהייליקטע טראַדיציעס און „קאָנווענציאָנעלע ליגנס". אין איינעם פון זיינע שמועסן מיט דער יוגנט דערציילט ער: „מיר רופן זיך רעוואָלוציאָנערן. און איך פרעג: קעגן וואָס האָבן מיר רעבעלירט?... מיר האָבן רעבעלירט אויך קעגן פיל מרידות וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר אונדז, מיר האָבן רעבעלירט קעגן דער באַוווּנדערונג פון דעם „דיפּלאָם" פון אונדזער בעסטער אינטעליגענץ, מיר האָבן רעבעלירט קעגן דער באַדנלאָזיקייט און פאַרמיטלעריי, אָבער ניט נאָר די יעניקע וואָס מיר געפינען אין דעם אַלטן יידישן נוסח, נאָר אויך אין זייערע מאָדערנע פאָרמען, די פאַרמיטלעריי און באַדנלאָזיקייט פון דעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן יידישן אינטעליגענט וואָס עקלען אונדז מער ווי אַלע זייערע פריערדיקע גילגולים".

אַן אַנדערס מאָל, רעדנדיק צו דער יוגנט, זאָגט בערל קאַצענעלסאָן: „עס זיינען אונדז געגעבן געוואָרן צוויי כוחות: צו געדענקען און צו פאַרגעסן. מיר קענען ניט אויסקומען אָן ביידן. ווען עס וואָלט אין מענטשן געווירקט בלויז דער כוח צו געדענקען, וואָס וואָלט געווען אונדזער גורל? מיר וואָלטן געוואָרן די שקלאַפן פון אונדזער זכרון, פון אונדזערע אבות־אבותינו. אונדזער פּרצוף־פּנים וואָלט געווען ניט מער ווי אַ קאָפּיע פון פאַרגאַנגענע דורות. אָבער ווען דער כוח צו פאַרגעסן וואָלט אונדז אינגאַנצן באַהערשט, וואָלט דען נאָך געווען פּלאַץ פאַר קולטור, פאַר וויסנשאַפט, פאַרן זעלבסטבאַוווּסטזיין, פאַרן זעלישן לעבן? דער פינצטערער קאָנסערוואַטיזם וויל ביי אונדז צונעמען דעם כוח צו פאַרגעסן, און דער פסעוודאָ־רעוואָלוציאָניזם זעט אין יעדן געדענקען פון דער פאַרגאַנגענהייט — דעם ‚שונא'."

אין אים אַליין האָבן דער זכרון און די שכחה דערגרייכט אַ זעלטן דעליקאַטן גלייכגעוויכט. ער האָט אומדערמידלעך געוואָרנט קעגן דער סכנה

פון דער שכחה, קעגן אַלע מעגלעכע פאָרמען פון שכחה. ער האָט באַקעמפט דעם ביליקן סעקולאַריזם, וואָס פאַרגעסט ווי אומאָפּטיילבאַר עס איז אין דעם איינעם לעבעדיקן געוועב פון דעם נאַציאָנאַלן זכרון דאָס רעליגיעזע און דאָס נאַציאָנאַלע. ער האָט דעם שוין צופיל זעלבסט־באַוווּסטן „נייעם יידן" דערמאָנט, אַז דער גלות איז געווען ניט נאָר מאַכטלאָזיקייט און שפלות, נאָר אויך דאָס העלדנטום פון אַן „עם קשה עורף", אַז עס זיינען געווען תקופות אין וועלכע דאָס „איוב־פאָלק" האָט זיך דערהויבן צו אַזעלכע מדרגות פון מענטשלעכער עליה, צו וועלכע די „פרייע" האָבן קיינמאָל ניט זוכה געווען. ער האָט באַקעמפט די געפאַר פון אָפּגעזונדערטקייט צווישן די פאַרשיידענע יידישע „שבטים", פון וועלכע עס דאַרף אויסגעשמידט ווערן אַ יידיש פאָלק אין ארץ־ישראל. ער האָט דעם מזרח־אייראָפּעישן יידן דערמאָנט, אַז אפילו אין די מדבריות פון אַראַביע האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער יידישע קיבוצים מיט עקשנות אָפּגעהיט זייער מענטש־לעכע פיזיאָנאָמיע און זייער יידישע ירושה. און ער האָט אויך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג באַקעמפט דעם ענגן קלאַסן־איזאָלאַציאָניזם און די קלאַסן־גאווה.

אָבער גלייכצייטיק האָט ער ניט געלאָזט פאַרגעסן, אַז עס זיינען פאַראַן בריקן, וואָס האָבן געמוזט פאַרברענט ווערן הינטער אונדז, אַז עס קען ניט זיין קיין צוריקקער קיין „מצרים". שוין אין יאָר 1912 האָט ער די העזה צו זאָגן צו דער קליינער מחנה אין ארץ־ישראל: „און קיין שום ווידערקול פון די חורבות פון חוץ־לארץ... טאָר אויף אונדז ניט האָבן קיין שליטה". דער ברוך מיטן גלות איז אַן ענדגילטיקער. די אילוזיעס פון אַ יידיש לעבן אין גלות זיינען פאַרפירערישע מיראַזשן. אָט פון די דאָזיקע מיראַזשן איז בערל קאַצענעלסאָן אַנטלאָפן, בעת ער איז, נאָך די „וואַנדער־יאָרן" אין די קרייזן פון פּראָגראַמאַטיש־מאַקסימאַליסטישע טעַ־ריטאָריאַליסטן, פון די פּיאָנערן פון דעם יידישיזם, וואָס האָבן אין זייער בלינדקייט ניט געזען, אַז אויך שפּראַך און קולטור מוזן האָבן אַ יסוד, געקומען צום „לעצטן האָפן". אָבער עס קען ניט זיין קיין גרעסערע סכנה, ווי אַז צווישן דעם „לעצטן האפן" און די סטאַנציעס אויפן וועג צו אים זאָלן פאַרניכטעט ווערן די בריקן איבער וועלכע עס דאַרף איבערגעפירט ווערן דאָס וואָס קען געראַטעוועט ווערן פון די חורבות פון גלות. און בערל קאַצענעלסאָן איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו דערמאָנען וואָס פאַר אַן אוצרות עס געפינען זיך צווישן די דאָזיקע חורבות, אוצרות פון מענטשן און אוצרות פון גייסט. דאָס אַלץ האָט געלעבט אין אים, געפיבערט אין אים,

כסדר געפֿאָדערט פֿון אים. און אַזוי איז ער, וואָס איז קיין ארץ־ישראל געקומען געטריבן פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן ווילן אַראָפּצוּוואַרפֿן פֿון זיך די משא פֿון דער קאָנטינואיטעט וואָס איז געוואָרן אַ רוטין, וואָס פֿירט צום אונטערגאַנג, געוואָרן דער דערציִער צום זכרון, וואָס פֿאַרבינדט דורות, וואָס בלויז ער אַליין קען פֿון די ברוכשטיקער פֿון אַ פֿאָלק צוריק שאַפֿן אַ לעבעדיק פֿאָלקסגעוועב.

## 2

עטלעכע דערינערונגען:

אין יענער צייט איז אין אַן איסט־סיידער טעאַטער אויפֿגעפֿירט געוואָרן אַ יידישער פֿילם. בערל קאַצענעלסאָן איז באַשטאַנען, אַז מיר זאָלן עס גיין זען. איך בין קוים אויסגעזעסן די פֿאָרשטעלונג. ס׳איז געווען אַ באַנאַלע מעשה וועגן אַן אָרעמער אלמנה, וואָס איז געבליבן אַליין מיט אַ קינד. זי האָט ניט געהאַט די מיטלען אַליין מגדל צו זיין די יתומה. האָט זי עס אָפּגעגעבן צו אַ רייכער און קינדערלאָזער פֿאַמיליע, מיטן תנאי אַז דאָס קינד זאָל קיינמאָל ניט וויסן ווער עס איז איר אמתע מאַמע. דאָס מיידל איז אויסגעוואַקסן זייער געראָטן. און אָט פֿירט מען זי צו דער חופּה. די מאַמע זעט די חופּה דורך דעם פֿענצטער, זי קען זיך שוין מער ניט איינהאַלטן, רייסט זיך אַריין אין הויז און באַקענט זיך צו דער טאָכטער. די „פֿאַלשע״ עלטערן לייקענען. אָבער „בלוט איז שטאַרקער פֿון וואַסער״. די טאָכטער גלויבט דער אמתער מאַמען — און די מעלאָדראַמע ענדיקט זיך, פֿאַרשטייט זיך, בכי טוב.

אַז מיר זיינען אַרויס פֿון טעאַטער, האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, זיך אָנגעהויבן וויצלען אויפֿן חשבון פֿון דעם שונדשטיק. בערל קאַצענעלסאָן האָט מיר גלייך איבערגעהאַקט: „ניין, ניין. בעת איך זע אַזאַ שטיק, ווייז איך צוזאַמען מיט אַלע ווייבער אין טעאַטער, ווייל וואָס איז דען די דאָזיקע מעשה אויב ניט אַן אויסדרוק פֿון אונדזער שענסטער פֿאָלקס־טראַדיציע, פֿון דעם סאָלידאַריזירן זיך מיט די שוואַכע, מיט די אָרעמע און געקריוודעטע, פֿון שנאה צום רייכן און זאַטן? אַוודאי ווערט עס געגעבן אין אַ ביליקער און קאָרופּטער פֿאָרם. אָבער עס מאַכט ניט אויס. אויב דו ווילסט, קענסטו מיך האַלטן פֿאַר ניט קיין ,עסטעט׳. יאָ, איך וויין מיט אַלע ווייבער אין טעאַטער״.

איך דערמאָן זיך אַן אַנדער שמועס. מיר רעדן וועגן יידיש און יידי־שיזם. בערל קאַצענעלסאָן איז זיין גאַנצן לעבן געווען אַ שאַרפֿער קריטיקער פֿון דער יידישיסטישער אידעאָלאָגיע. עס איז אים פֿרעמד געווען ניט

נאָר דער אַנטי־היסטאָריזם פון דער יידישיסטישער אידעאָלאָגיע און איר פלאַכער דעמאָקראַטיזם; ער האָט אין יידישיזם אויך געזען איינע פון די אילוזיעס פון אַ שוואַכן דור, וואָס האָט מורא געהאַט צו זען דעם ביטערן אמת פון גלות. זיין גאַנצער ציוניזם איז געווען געבויט אויף דער דערקענטעניש פון דער אוממעגלעכקייט פון אַן אייגענעם יידישן לעבן און אַן אייגענער יידישער קולטור אין גלות. אָבער הערנדיק, מסתמא, אין די רייד פון זיין מיטשמועסער עפּעס אַן איבערגעשפּיצטע נאָטע, האָט ער געזאָגט: „שבת נאָך מיטאָג פלעגט ביי אונדז אין שטוב זיך זעצן אַרום טיש די גאַנצע משפּחה מעיין צו זיין אין אַ ספר. אויפן טיש זיינען געלעגן: אַ משניות, אַן „עין יעקב", אברהם מאַפּו'ס „אהבת ציון", אָבער אויך מענדעלעס „די קליאַטשע". און דאָס איז מיין טיש עד היום".

אָבער דאָס ברייטע, אָפענע, וואַרעמע האַרץ האָט זיך אַרויסגעוויזן אויך אויף אַנדערע אופנים. ביים לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין זשענעווע האָב איך אים געזען אַפּלאָדירן אַ רעדנער בלויז איין מאָל — בעת אויף דער טריבונע איז געשטאַנען אַ פירער פון „מזרחי", איינער פון יענע וואָס איז ניט קיין קלעריקאַלער פּאָליטיקער, נאָר אַן אַלטמאָדישער רב. ב. קאַצענעלסאָן האָט נאָכדעם דערציילט, אַז יעדעס מאָל וואָס עס קומט אים אויס צו באַזוכן די מערב־ אייראָפּעישע קהילה אין וועלכער דער דאָזיקער מזרח־אייראָפּעישער ייד פאַרנעמט דעם כסא הרבנות, פאַרברענגט ער יעדע פרייע שעה ביי אים אין שטוב. בערל קאַצענעלסאָן איז ניט געווען קיין „בעל תשובה". איך דערמאָן זיך, אַז איין מאָל רעדנדיק וועגן מאָדערנע רבנים (מכל המינים), האָט ער, מיט זיין כאַראַקטעריסטישן דיגעם הומאָר, באַמעקרט: „כל ימי האָב איך מקיים געווען דעם פּסוק: ושנא את הרבנות". אָבער ער האָט אומעטום געזוכט יידישע תקיפות, יידישע וואָרצלדיקייט, יידישן כאַראַקטער. און ווען ער האָט עס געפונען אין דער שטוב פון אַ רב, וואָס איז אין אַ מאָדערנער פּאָליטישער באַוועגונג, אין אַ גרויסער מערב־אייראָפּעישער שטאָט, געבליבן טריי און גאַנץ, האָט ער, ניט געקוקט אויף אַלע מחיצות, זיך געפילט אים נאָענטער און אייגענער, ווי פילע „אייגענע מענטשן".

מיר האָבן איין מאָל געשמועסט וועגן דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג אין אייראָפּע — געניער, וועגן צוויי אַלגעמיינע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס איינע פון זיי איז געווען באַקאַנט מיט אירע דעמאָקראַטישע און פּראָ־הסתדרותישע סימפּאַטיעס און די צווייטע איז געשטאַנען נאָענט צו די גרופּע־ב׳־ציוניסטן און זיך צו דער הסתדרות

אָפּטמאָל פאַרהאַלטן זייער קריטיש. איך האָב אים געפרעגט, וועלכע פון די צוויי גרופּעס איז, לויט זיין מיינונג, די מער ווערטפולע. איך האָב באַקומען דעם ענטפער וואָס איך האָב געדאַרפט דערוואַרטן: די צווייטע. די צווייטע גרופּע האָט אין יענע יאָרן, ווען יידישע יוגנט, אפילו ציוניס־טישע, איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון קאָמוניסטישע השפעות, אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד צו ציימטמאָדעס, האָט תמיד אונטערגעשטראָכן די חשיבות פון די יידישע קולטור־מקורות, געזוכט וועגן ווי אַזוי צו פאַראייניקן דאָס טראַדיציאָנעלע מיטן נייעם. דאָס, און ניט דער חשבון פון פּאָליטישער נאָענטקייט, איז פאַר אים געווען דער עיקר.

אַ חברטע האָט מיר אַמאָל דערציילט אַ טשיקאַווע מעשה. ס'איז געווען נאָך דער רונדער־טיש קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, ערב דעם „ווייסבוך". אויך דער גלויביקסטער האָט שעהן, ווען זיין בטחון ראַנגלט זיך מיט יאוש. אין אַזאַ שעה האָט בערל קאַצענעלסאָן, זיצנדיק אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה אין אַ לאָנדאָנער רעסטאָראַן, זיך פּלוצלונג געווענדט צו דער דערמאָנטער חברטע מיט אַ מאָדנער פראַגע: „וואָס ווערט איצט ווערן פון דער העברעישער ליטעראַטור?" דער חברטע איז געווען שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי קומט צו בערל קאַצענעלסאָנען אַזאַ פראַגע אין אַזאַ מאָמענט. אָבער פאַר בערל קאַצענעלסאָנען איז דאָס ניט געווען קיין משונהדיקע פראַגע. ער איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין „קולטור־טרעגער" פון דעם באַקאַנטן מין, פאַר וועלכן „יידישע קולטור" איז אַ קאָמפּענסאַציע פאַר באַדנלאָזיקייט און פאָלקלאָזיקייט. אַ צאָל פון בערל קאַצענעלסאָנס גאָר ערשטע אַרטיקלען זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער שריפט, אין אליעזר יפהס „גן הירק". און מבינים האָבן געהאַלטן, אַז עס וואַקסט אין אים אַ וויכטיקער פאַכמאַן, אַ גרינס־גערטנער. ער איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער וויכטיקער קאָאָפּעראַטיווער אינסטיטוציע פון די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער — דעם „המשביר". ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער אַרבעטער־באַנק. ער האָט נאָך אוסישקינס טויט פאַקטיש פאַר־נומען זיין פּלאַץ אין יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד ניט דערפאַר וואָס ער האָט געקענט האַלטן אַ גוטע רעדע וועגן דער וויכטיקייט פון גאולת הארץ, נאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ בקי אין אַלע פּרטים פון אונדזער באָדן־פראַגע, פון דער סטראַטעגיע פון דער דונאַם־אויסלייזונג. אָבער גראָד אין דער זעלבער צייט וואָס בערל קאַצענעלסאָן האָט פאַרנומען אָט דעם פּאָסטן אויפן באָדן־פראָנט, האָט ער זיך גענומען בויען דעם גרויסן הסתדרות־פאַרלאַג „עם־עובד".

אויך אין דער דאָזיקער לעצטער טעטיקייט האָט ער אַרויסגעוויזן ניט נאָר דעם ברען פֿון זיין ענערגיע און זיין אומדערמידלעכן פֿלייס — נאָר אויך זיינע אייגנאַרטיקע השגות און פּאַרנעם. די קאַטאַלאָגן פֿון „עם עובד" שפּיגלען אויך אָפּ די איינציקאַרטיקע פּערזענלעכקייט פֿון בערל קאַצע־נעלסאָנען. מען זעט דאָרטן דעם מענטשן וואָס קיין מענטשלעכע זאַך איז אים ניט פֿרעמד, דעם מענטשן וואָס פֿאָלגט נאָך פֿון זיין ווינקל אַרויס מיט וואַכע חושים, מיט אַן אָפֿן האַרץ און אַ קריטישן קאָפּ אַלץ וואָס עס טוט זיך אין דער ברייטער וועלט — און בלייבט דאָך שטענדיק אַ בן־בית, וואָס שטייט מיט ביידע פֿיס אויפֿן אייגענעם באָדן, וואָס איז באַקאַנט מיט יעדן גרעזל און יעדער בלום אויף די היימישע פֿעלדער, וועמען עס איז פֿרעמד יעדע התבטלות פֿאַרן ווייטן און פֿרעמדן. צוזאַמען מיט סעריעס ביכער וועגן וועלט־פּראָבלעמען, מיט נייע ווערק, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע, בעלעטריסטישע, וויסנשאַפֿטלעכע און פּובליציסטישע, האָט איר דאָרטן דעם ווינקל פֿון אומבאַרעכטיקט פֿאַרגעסענע ביכער און שרייבער. לאַנג צוריק, אין די צייטן פֿון חיבת ציון, האָבן העברעישע לייענער פֿון בוקי בן יגליס „שירת הזמיר" געהערט דעם רוף צו ערד און ערד־אַרבעט. דאָס בוך איז שוין לאַנג אַ יקר המציאות. און בערל קאַצענעלסאָן גיט עס אַרויס פֿון דאָס ניי אין זיין פֿאַרלאַג. אָט ווערט אָנגעזאָגט אַ נייע אויפֿלאַגע פֿון די געקליבענע שריפֿטן פֿון דעם פֿאַרגעסענעם יהודה שטיינבערג. שוין אַ סך יאָרן ווי אין ארץ־ישראל לעבט און שאַפֿט אַ זעלטענער דיכטער, אַ פֿרומער ייִד, י. צ. רמון, אָבער עד היום זיינען לידער נאָך ניט געזאַמלט געוואָרן צווישן די טאָוולען פֿון אַ בוך. זייער גואל אין בערל קאַצענעלסאָן. און אויב ער איז דער רעדאַקטאָר פֿון דעם אַרבעטער־פֿאַרלאַג, איז גאָרניט משונהדיק צו עפֿענען דאָס בוך און דערזען פֿאַר זיך די פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דיכטער — אַ ייִד מיט אַ באָרד און פּאות, מיט אַ יאַרמולקע אויפֿן קאָפּ. עס דאַרף דיך אויך ניט חידושן, וואָס ביי דער זייט פֿון אַ באַנד מאַרקס אָדער קאַוטסקי (אָבער אויך מאַדזיני, פּראַנץ אָפּענהיימער, עדואַרד בערנ־שטיין, קראָפּאָטקין, גוסטאַוו לאַנדאַוער) שטייט אַ באַנד געקליבענע כתבים פֿון אַ רעליגיעזן דענקער, אַ רב אין אַ ירושלימער שול, אברהם חן.

### 3

ווי שווער עס איז זיך געווען מיט בערל קאַצענעלסאָנען צו זעגענען נאָך אַ שעהן־לאַנגן שמועס אין זיין צימער אָדער נאָך אַרומוואַנדערן אַ נאַכט איבער די גאַסן פֿון ניו־יאָרק, פֿון תל־אביב, פֿון זשענעווע. אָבער מיין לעצטער זיי־געזונט צו אים איז געזאָגט געוואָרן אין גרויסער איילע־

ניש. עס איז געווען דער פרימאָרגן נאָך דעם ווי עס איז בהלהדיק געשלאָסן געוואָרן דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין זשענעווע, אין די לעצטע טעג פון אויגוסט, 1939. איך האָב געדאַרפט זיין ביי דער באַן זייער פרי. שטייענדיק, האָבן מיר אַריינגעכאַפּט עטלעכע קורצע, לייכטע ווערטער. נאָר זיין לעצטע פראַגע איז געפאַלן שווער, ווי אַ דומפּער דונער, האָט דערשיטערט, ווי אַן אומדערוואַרטע שלעכטע בשורה:

— וואָס זאָגסטו, מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען?

אייגנטלעך האָט דאָך די דאָזיקע פראַגע ניט איינמאָל געהויערט ערגעץ אין קאָפּ. אָבער עס איז דאָך ניט געווען מעגלעך זי צוצולאָזן צום קלאָרן באַוווּסטזיין. און איצט האָט ער אַליין זי קלאָר אַרויסגעזאָגט. מיר האָבן דאָך געוווּסט, אַז ער איז ניט געזונט. און אָט איז דאָך שוין דאָ די מלחמה, וואָס ווער ווייס וויפיל זי וועט געדויערן. אין דער רגע וואָס ער האָט, מיט אַ לייכטן שמייכל אויף די ליפּן, אַרויסגעזאָגט די פראַגע, האָט זיך געעפנט אַ תהום, וואָס איז טאָג־טעגלעך געשטאַנען אָפן אין משך פון אָט די אַלע פינף יאָר — דער תהום וואָס האָט אים איצט פאַרשלונגען.

אָבער פאַר אָט־דעם פינצטערן פרימאָרגן איז געווען אַ ליכטיק־זוניקע נאַכט. דער פאַראַדנער קאָנגרעס איז געשלאָסן געוואָרן אין אַ געשפּאַנטער, מיט דער אָנונג פון די קומענדיקע שרעקן דורכגענומענער שטימונג. אין אַ זייטיקן צימער האָבן זיך פאַרזאַמלט די שליחים פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. אויף דער טאָג־אָרדענונג — אַ „טעכנישע פראַגע". צי זאָלן די שליחים פון דער הסתדרות העובדים צו די „החלוץ"־אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, אין די באַלאַקאַנען און אין די אַקס־לענדער זיך אומקערן צו זייערע פּאָסטנס? צי זאָלן יונגע מענטשן, עטלעכע פון זיי כמעט קינדער, וואָס קענען נאָך פאָרן אַהיים, קיין ארץ־ישראל, ווו עס געפינען זיך די פאַמיליעס פון די מערסטע צווישן זיי, זיך פרייוויליק לאָזן צוריק אין די לענדער, וואָס וועלן אין משך פון עטלעכע טעג אָן דעם מינדעסטן ספק פאַרוואַנדלט ווערן אין גיהנומס? זאָלן די שליחים פון דער הסתדרות העובדים קיין דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע זיינען אַליין פּליטים פון די דאָזיקע לענדער, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען אין ארץ־ישראל, פריי־וויליק פאָרן צוריק קיין בערלין און קיין פּראָג?

ס'איז געווען אַ גאַנץ אויסגעצויגענע זיצונג. מען האָט פיל גערעדט, ווי עס איז ביי אונדז דער שטייגער. אָבער דער אינהאַלט פון די ווערטער איז געווען דער זעלבער. איינער נאָכן צווייטן האָבן זיי, די שליחים אַליין, זיך אויפגעשטעלט צו „נעמען אַ וואָרט". אָן דער מינדסטער הערויִשער

פּאָזע, אָן קיין איין רעטאָרישן וואָרט, האָבן זיי, ווי מען רעדט „צו דער טאָג־אָרדענונג", דערקלערט, אַז זיי פּראָטעסטירן קעגן שטעלן די דאָזיקע פראַגע. עס קאָן גאָר ניט זיין קיין פראַגע, צי זיי זאָלן צוריקפאָרן. דווקא ווייל די סכנה איז גרויס, ווייל עס איז פאַראַן די מעגלעכקייט אַז אין קריגס־צייט זאָל היטלער אָנהויבן ראַדיקאַל דורכפירן זיין „יידן־פּראָגראַם", מוזן זיי זיין אויפן פּלאַץ, מיט די חברים, מיט יידן וואָס זיינען פאַרמשפּט צו בלייבן אין דער פאַסטקע. דאָס איז אַ געוויסן־פראַגע. מען קען וועגן דעם ניט אָננעמען קיין פאָרמעלע באַשלוסן. זיי פאָרן צוריק.

איך האָב זיך צוגעהערט צו דער דיסקוסיע, אָבער פון צייט צו צייט האָט פון זיך אַליין מיין בליק זיך געווענדט צו דער באַנק, אויף וועלכער בערל קאַצענעלסאָן איז געלעגן אויסגעצויגן, זיין האַנט אָנגעשפּאַרט אונטערן קאָפּ. ער האָט אויסגעזען זייער מיד. אָט דוכט זיך, דרעמלט ער איין, און פלוצלונג עפנט ער די אויגן — און דו זעסט, אַז דאָס איז געווען אַ טעות. די אויגן זיינען אַזוי וואַך און שאַרף און דורכדרינגנדיק. זיי זאַפּן אין זיך איין דאָס בילד פון דעם דאָזיקן געזעמל אין קליינעם צימער — און באַלד שליסן זיי זיך צוריק. דו טראַכסט: ער מאַכט איצט אַ חשבון, אַ חשבון פון וועג וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען, פון די נסיונות וואָס לויערן אויף אונדז אין אָט דער נאַכט פון סוף חודש אויגוסט, 1939, פון די כוחות מיט וועלכע מיר גייען זיי אַנטקעגן. און ווידער עפענען זיך די אויגן. זיי שמייכלען איצט זייער אַלטן, טייערן שעלמישן שמייכל. בליקן באַגעגענען זיך. אין די אויגן אויף דעם מידן, קלוגן פּנים פלעמלט איצט אַ קליינער פונק גליק.

דער בליק דערציילט דאָס זעלבע, וואָס עס האָט געזאָגט דאָס דאָזיקע מויל מיט עטלעכע חדשים פריער, אין אַ רעדע וואָס איז געהאַלטן געוואָרן ערב דעם קלאַפּ פון דעם „ווייסבוך", שוין פּנים אל פּנים מיט דעם שווערסטן נסיון פאַר וועלכן די אידעע און די באַוועגונג זיינען ווען עס איז געשטאַנען — אַ רעדע אַ כמורנע ווי די ווירקלעכקייט גופא, אָן איין וואָרט פון אומבאַרעכטיקטן טרייסט, אָן דער מינדעסטער פאַרלייכטערונג פון דעם זיך־דערנענטערנדיקן אומגליק. די שלוס־ווערטער:

תנועת הפועלים בארץ־ישראל אין דומה לה בעולם. אני מאמין בכל לבי, כי תנועתנו נוצרה לגדולות (די אַרבעטער באַוועגונג אין ארץ־ישראל האָט ניט קיין גלייכן אין דער גאַנצער וועלט. איך גלויב מיטן גאַנצן האַרצן, אַז אונדזער באַוועגונג איז געשאַפן געוואָרן פאַר גרויסע מעשים).

(„אידישער קעמפער", ראש השנה תש"ח)

# הענריעטאַ סאָלד

## 1860 — 1945

עס איז ניט גרינג צו פֿאַרבינדן דעם פֿרישן קבר אויפֿן הר־הזיתים מיטן אָנהויב פֿון דעם דאָזיקן לעבן, מיטן פֿיר־יעריקן מיידעלע אין דעם רבנישן פֿאָטער־הויז פֿון יוטאָ סטריט אין באַלטימאָר, וואָס העלפֿט איר מוטער מאַכן באַנדאַזשן פֿאַר פֿאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן אין אַמעריקאַנער בירגער־קריג. דאָס איז געווען דאָס ערשטע בילד פֿון איר לעבן, וואָס הענריעטאַ סאָלד האָט זיך געקענט דערמאָנען אין די שפּעטערדיקע יאָרן. די דאָזיקע דערינערונגען האָט זי אָפּגעהיט ווי אַ טייערן אוצר. דאָס איז געווען איר וועלט: די אַטמאָספֿער וואָס איר פֿאָטער, דער טראַדיציאָנעלער ייד פֿון לעבן פֿרעשבורג, דער תלמיד פֿון היינריך גרעץ און דער רעוואָ־לוציאָנער פֿון יאָר 1848 האָט געשאַפֿן אַרום זיינע קינדער; די יידישע מקורות וואָס זיינען פֿאַר איר אָפֿן געווען פֿון איר פֿריסטער קינדהייט און פֿון וועלכע זי האָט ניט אויפֿגעהערט צו שעפּן גלויבן און חכמה איר גאַנץ לעבן — און די טראַדיציעס פֿון אַן אַמעריקאַנער ליבעראַליזם, וואָס זיין טרעגער איז ניט געווען קיין פֿאַרטיי, נאָר דער יחיד, וואָס איז פֿאַר דער גערעכטיקייט אויך גרייט געווען צו טראָגן אַ ביקס, אָבער זיין הויפּט־„געווער" איז געווען דער באַרעמהאַרציקער „באַנדאַזש", די שטענדיקע גרייטקייט צו העלפֿן דעם נויטבאַדערפֿטיקן, דעם שוואַכן און דעם פֿרעמדן.

עס איז גרויס דער מהלך צווישן באַלטימאָר פֿון יאָר 1860 און ירושלים אין יאָר 1945; צווישן דער וועלט, וואָס איז עלול געווען אויפֿגערודערט צו ווערן פֿון אַן אומרעכט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אַן איינצלנעם מענטשן און דער וועלט, וואָס לאָזט אפֿילו צו זיך ניט צו די גסיסה־געשרייען פֿון מיליאָנען; צווישן דער אידילישער עקלעקטישער יידישקייט פֿון אַ תלמיד פֿון זכריה פֿרענקל און דער פֿון פֿאַרצווייפֿלונג געבאָרענער און מיט דעם אוממעגלעכן זיך פֿאַרמעסטנדיקער יידישקייט פֿון די מענטשן פֿון „אף־על־פּי־כן". הענריעטאַ סאָלד האָט, פֿאַרשטייט זיך, די דאָזיקע עקן וועלט ניט פֿאַרבונדן אין איין האַרמאָניע — אפֿילו ניט אין זיך. אָבער זי האָט געלעבט אין אָט די אַלע וועלטן, אין זיך אויפֿגענומען און

אָפּגעהיט אַלץ וואָס עס האָט געערדט צו איר האַרצן, אָפּגעוואָרפן וואָס עס איז איר פרעמד געווען, און שטענדיק געבליבן טריי זיך אַליין.

דאָס איז איר גרינג ניט אָנגעקומען — און אין אירע באַמיאונגען צו פאַראייביקן אָט די פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן איז זי ניט אָפּגעקומען אָן שווערע ווונדן. מען האָט זי גערימט פאַר דער ברייטקייט פון איר לעבנס־באַנעם און אירע אינטערעסן — און ס'איז טאַקע געווען צו באַ־ווונדערן דעם מענטשן, אין וועלכן עס האָבן זיך אויף אַזאַ זעלטענעם אופן צוזאַמענגעגאָסן דער וועלטמענטש און די פרומע יידישע פרוי, וואָס יעדער טאָג אירער האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם טראַדיציאָנעלן דאַווענען, די טיף פאַרוואָרצלטע אַמעריקאַנערין און וואָרצלדיקע יידישע טאָכטער, די „סאָציאַלע טוערין" און אידעען־קעמפערין. אָבער דאָס איז ניט געווען פון יענעם מין ברייטקייט, וואָס נעמט זיך פון דער פעיקייט אַלץ אין זיך אויפצונעמען און צו אַלץ זיך צוצופּאַסן. די דאָזיקע ברייטקייט וואָלט ניט מעגלעך געווען אָן דער גרייטקייט אויף האַרבע ברירות און פיינלעכע וויתורים. עס איז גענוג אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַמעריקאַנער יידן פון הענריעטאַ סאָלדס דור. די מערסטע פון זיי זיינען דערצויגן געוואָרן אין יידישע היימען — כאָטש אַוודאי ניט אַזעלכע יידישע היימען ווי דאָס הויז פון הרב בנימין סאָלד. וויפיל פון זיי זיינען געבליבן אין תחום פון יידישן לעבן? פאַר וויפיל פון זיי איז זייער יידישקייט געווען עפּעס מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקע יוגנט־איבערלעבעניש, וואָס זייער שפּעטערדיקער לעבנס־גאַנג האָט אין גאַנצן אָפּגעווישט אַלע אירע שפּורן? הענריעטאַ סאָלד איז אויך ניט געבליבן שטיין אויף איין אָרט. אָבער וווהין זי איז געגאַנגען, האָט זי מיט זיך מיטגענומען דאָס וואָס זי האָט געירשנט פון איר היים און זיך אַליין דערוואָרבן אויף איר לעבנסוועג. זי איז ניט געווען קיין מענטש פון שפּרונגען און פּאַראַדאָקסן. דאָס נייע איז תמיד געווען אַ צוגאָב, וואָס איז אַרויפגעזעצט געוואָרן אויפן שטאַם פון איר פּערזענלעכ־קייט. זי איז קודם כל געווען אַ מענטש פון כאַראַקטער.

אויך איר יידישקייט און איר ציוניזם איז ביי איר געווען פאַר אַלץ אַן ענין פון כאַראַקטער — ווי זיי זיינען דאָס געווען פאַר יעדן עמאַנ־ציפּירטן יידן, וואָס איז ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַסימילאַציע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין דעם אַמעריקאַנער ציוניזם, וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן אַ באַוועגונג הויפּטזעכלעך פון אימי־גראַנטישע „יידישע יידן", האָבן אין זיינע ערשטע יאָרן געשפּילט גאָר אַ באַדייטנדיקע ראָלע יידן, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון מערב־אייראָפּעישע

קיבוצים און אַזעלכע וואָס האָבן זיך, קולטורעל, געפונען אונטער זייער השפּעה. די עמאַנציפּאַציע האָט אויפגעלייזט דאָס געטאָ, אויסגעליידיקט די יידנגאַס, חרוב געמאַכט דעם יידישן רשות הרבים. די באַלאַגערטע יידישקייט האָט זיך באַפעסטיקט אין דער היים, אין פאַמיליע־קרייז. אין יעדער מערב־אייראָפּעישער (און אויך אַמעריקאַנער) שטאָט האָבן זיך אין די בלי־יאָרן פון דער עמאַנציפּאַציע געפונען עטלעכע אַלטאיינגעזעסענע יידישע פאַמיליעס, וואָס זיינען געווען די טרעגער פון יידישן לעבן אין זייערע קהילות און האָבן דער עיקר אין זייערע ד׳ אמות אָפּגעהיט די יידישע קולטור־ירושה און דעם יידישן לעבנס־שטייגער, אין דעם אָדער יענעם נוסח. אַזעלכע פאַמיליעס זיינען אויך געווען צווישן די בויערס און בוישטיינער פון אַמעריקאַנער ציוניזם.

הענריעטאַ סאָלד איז דערצויגן געוואָרן אין אַ היים, וואָס איז געווען אַן אינדזל פון לעבעדיקער יידישקייט אין איר געבוירנשטאָט, באַלטימאָר. זי האָט זיך געחברט מיט קינדער פון ענלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס די נאָענטסטע פון זיי איז געווען די משפּחה פרידענוואַלד, אַ פאַמיליע פון דייטשע יידן, וואָס עטלעכע דורות עמאַנציפּאַציע, סיי אין דער אַלטער, סיי אין דער נייער וועלט, האָבן ניט באַוויזן צו צעשטערן (ביזן היינטיקן טאָג) איר יידישן קערן און די פעיקייט עס מנחיל צו זיין פון דור צו דור.

פאַר די דאָזיקע יידן, שנים בעיר ואחד במדינה, איז יידישקייט געוואָרן אַ פאַמיליע־אוצר און אַ פאַמיליע־הערב, אַן ענין פון „נאָבלעס אָבליזש״. די יונגע, צוואַנציק־יעריקע הענריעטאַ סאָלד איז שוין געשטאַנען אין קאַמף פאַר דער יידישער ירושה קעגן די וואָס האָבן זי פאַרלאָזן און פאַרביטן אויף לייכטע צייטמאָדעס. און שוין אין די ערשטע אַרטיקלען, וואָס זי האָט, אונטערן פּסעוודאָנים „שולמית״, פאַרעפנטלעכט אין דער ניו־יאָרקער יידישער צייטשריפט „דזשוישׁ מעסענדזשער״, זעט מען די זעלטענע קוואַליטעט פון דער דאָזיקער יידישקייט. אין די דאָזיקע אַרטיקלען און בריוו קומט צום אויסדרוק דער צער און פּראָטעסט פון אַ מענטש, וואָס ווייס, אַז ער שטאַמט פון אַ יחוסדיקער גזע און מוז צוזען, ווי אַזוי די ירושה פון דער דאָזיקער משפּחה ווערט פאַרטאַכלעוועט דורך לייכטזיניקע און אומווירדיקע יורשים. אָבער פון דעם געזאָגטן קען זיך שאַפן דער איינדרוק, אַז די יונגע הענריעטאַ סאָלד איז אַ סענטימענטאַלער מענטש, וואָס בענקט נאָך דער אויסערלעכער פּראַכט פון אַ פאַרלאָשענער גלאָריע. ניין, הענריעטאַ סאָלד בענקט ניט נאָך שיינע, באַגילטע הערבן, נאָך אויסערלעכן „יחוס״. זי זאָרגט פאַר דער פאַרשוועכטער און פאַר־

שוועגדטער ירושה פון איר פאָלק, דערפאַר וואָס זי ווייס, אַז עס האַנדלט זיך וועגן עפּעס וואָס רירט אָן דעם סאַמע לעבנסנערוו פון יחידס לעבן. מיטן כוח פון זייער גייסטיקער ירושה זיינען יידן גלידער פון אַ משפּחה און אַן עדה, מיט אַן אייגענעם פּנים, מיט אַ קאָדעקס פון עשה׳ס און לא תעשה׳ס, מיט אַ לעבנס־אינהאַלט און אַ לעבנס־שטייגער — אָן דער דאָזיקער ירושה שטייען זיי פאַרן תהום פון דעגענעראַציע. ס׳איז באמת מערקווירדיק ווי טיף עס איז געווען דער אַריינבליק פון מענטשן פון הענריעטאַ סאָלדס דור, וואָס זיינען טריי געבליבן זייער יידישקייט, אין דער שייכות צווישן אַסימילאַציע און דעגענעראַציע. יידן וואָס זיינען שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע פון די מזרח־אייראָפּעישע קיבוצים, מיט זייער פולסירנדיקן יידישן לעבן, האָבן געקוקט מיט אַ שיין ביסל ביטול אויף די דאָזיקע „ציוניסטישע יאַהודים״, מיט זייער זאָרג פאַרן „דשוזאַאיזם״. אָבער ווען מען קוקט אַריין אין די דרשות און שריפטן פון אַזעלכע ציוניסטישע רעפאָרם־ראַבינער ווי הערבערט פעלזענטאַל פון שיקאַגאָ אָדער מאַקס העלער פון ניו־אָרלינס, הויבט מען אָן צו פאַרשטיין, אַז זיי, די דאָזיקע „יאַהודים״, האָבן געזען אמתן, וועגן וועלכע די מזרח־אייראָפּעישע אימיגראַנטן, וואָס זיינען געווען אַזוי זיכער מיט זייער לעבעדיקער יידישקייט, האָבן אפילו ניט געחלומט. פאַר די דאָזיקע מזרח־אייראָפּעישע יידן, אפילו פאַר זייערע געראָטענע זין וואָס טראָגן איצט די העכסטע ראַבינער־אַמטן אין אונדזער קיבוץ, זיינען יידישקייט און ציוניזם נאָך אַלץ קרוינען וואָס זייער עובדה איז צו באַפּוצן דעם פאַרהאַוועטן און גראָבן אינדערוואַכן פון דעם דערפאָלגרייכן „דזשואיש אַמעריקען״ — וואָס וועגן זיין עצם מהות און ווערט פאַלט זיי גאָר ניט איין צו האָבן וואָסערע ס׳איז ספקות. אָבער ציוניזם, וואָס וואַקסט ניט אַרויס פון אומזיכערקייט, פון זאָרג, פון מורא פאַר דרויסנדיקע סכנות אָדער אינערלעכן פאַנאַנדערפאַל איז בלויז אַ לוקסוס־ענין. אויב ציוניזם וועט אין אַמעריקע נאָך אַמאָל ווערן אַן אידעע, ניט נאָר אַן אָרגאַניזאַציע און אַ פאָנדן־אַפּאַראַט, וועט עס געשען דעמאָלט ווען אַמעריקאַנער יידן פון מזרח־אייראָפּעישן אָפּשטאַם וועלן זיך אָנהויבן דערשרעקן פאַר דער דעגענעראַציע, דער זאַטער און טעמפּער דעגענעראַציע, וואָס אויך זיי האָבן ניט אויסגעמיטן — ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען אַהער געקומען אין גרעסערע צאָלן און אויסגעשטאַט מיט אַ לעבעדיקערן קולטור־באַגאַזש ווי זייערע דייטשע ברידער. הענריעטאַ סאָלד איז שוין פון אירע פריסטע יוגנט־יאָרן (אין די זיבעציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט!) געווען

פול מיט צער און זאָרג וואָס אַמעריקאַנער יידישקייט ווערט רעפּרעזענטירט אינגאַנצן דורך אונדזערע „יתומים־הייזער, פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, אונדזערע שפּיטאָלן און אַנדערע אינסטיטוציעס", בעת די גייסטיקע ירושה פון פאָלק ווערט פאַרלאָזן און פאַראַכט; וואָס יידן שעמען זיך מיט יידישע נעמען; וואָס מען פּרובירט דעם חנוכה־לאָמפּ צו פאַרבייטן אויף אַ Chanuka bush, אַ מין געכשרטן ווייַנאַכטבוים — און דער עיקר דעריבער וואָס צוויי ענינים הויבן אָן צו פאַרנעמען דעם הויפּטפּלאַץ אין לעבן פון יידישן יחיד, וואָס האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זיין יידישן פּנים — „געשעפטן און פאַרגעניגנס".

אין דעם קליינעם יידישן קיבוץ וואָס האָט זיך געפונען אין אַמעריקע ביים סוף פון די זיבעציקער יאָרן האָט הענריעטאַ סאָלד געזען אַלע סימפּטאָמען פון ירידה פון אַ זאַטער און זעלבסטזיכערער געזעלשאַפט. אַזעלכע געזעלשאַפטן האָבן די טבע, אַז זיי הויבן אָן זיך צו באַטראַכטן ווי די איינציקע מאָס פון גוטס און ביינז. הענריעטאַ סאָלד האָט געזוכט לאָיאַליטעטן, וואָס פירן דעם יחיד אויסער זיך און דערהויבן אים איבער זיך. איר באַגער נאָך עניוותדיקן דינסט האָט געפונען זיין ערשטע באַפרידיקונג אין דער אַרבעט פאַר די מזרח־איראָפּעישע יידן, וואָס האָבן אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן גענומען קומען מאַסנווייַז קיין אַמעריקע און אויך אין איר געבוירנשטאָט. זי איז ניט געווען די איינציקע פון די איינגעבוירענע אַמעריקאַניזירטע יידן, וואָס דאָס דערשיינען פון דעם מזרח־איראָפּעישן אימיגראַנט האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין זייער גייסטיקן רייפווערן; זי איז דערין געווען אַ שוועסטער פון דער דיכטערין עמאַ לאַזאַרוס, דאָס קינד פון אַ רייכער און קולטורעלער יידיש־דייטשער פאַמיליע, פאַר וועלכער דער מזרח־איראָפּעישער אימיגראַנט און חיבת־ציון האָבן געעפנט אַ נייע גייסטיקע וועלט — די פאַרשלאָסענע ספערע פון עניוות.

אָבער די גרויסקייט פון הענירעטאַ סאָלד איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי איז אַוועק ווייטער פון אָט דעם דאָזיקן קרייז. ביי אַנדערע איז די ליבע פאַרן אָרעמען יידישן אימיגראַנט און דער חלום פון שיבת ציון געבליבן ניט מער ווי אַ פאַרגליווערטער זשעסט; ביי הענריעטאַ סאָלד איז דאָס געווען אַן אַלץ דורכדרינגנדיקער לעבנס־אינהאַלט. זי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט באַוווּנדערן די יידישע קולטור־ירושה פון דער ווייטנס; זי איז אַליין געוואָרן אַ בן־בית אין אירע אוצרות און אַנדערע דערצויגן זיי צו דערקענען און ליב האָבן. זי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט סענטימענטאַלער בענקשאַפט נאָכן לאַנד פון די אבות. בעת זי האָט זיך צוריקגעקערט פון

איר ערשטן באַזוך אין ארץ־ישראל אין יאָר 1909, האָט זי פון דאָרטן מיט־געבראַכט ניט קיין זיסע טוריסטישע דערינערונגען, נאָר אַ פּײַנלעכן געפיל פון אַ יאָך און התחייבות פון וועלכע זי קען און דאַרף זיך ניט באַפרײַען. עס האָט זי ניט געלאָזט רוען די דערינערונג פון אָרעמקייט, פון שמוץ, פון קראַנקע קינדער־אויגן — און פון דעם אָנהויב פון אַ נײַעם לעבן, וואָס ווערט געבויט מיט גרויסער מסירת־נפש און קרבנות. זי האָט געפילט, אַז די דאָזיקע התחייבות איז עלול זי אָוועקצונעמען פון דער אינטימער סביבה פון איר פאַמיליע און אירע פרײַנד. אָבער די פליכט האָט ביי איר שטענדיק געהאַט די אויבערהאַנט. גראָד נאָך דעם דאָזיקן באַזוך אין ארץ־ישראל, נאָך דעם ווי עס איז איר אוממיטלבאַר קלאָר געוואָרן, אַז דער ציוניזם איז אַן אידעאַל, וואָס זיין פאַרווירקלעכונג איז פאַרבונדן מיט פיל גרעסערע שוועריקייטן, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, „צוליב די יידן אַליין און אַ דאַנק די באַדינגונגען אין דער וועלט און אין דעם אָריענט״, איז דער ציוניזם געוואָרן אַלץ מער און מער איר צענטראַלע לעבנס־אַרבעט.

און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער פעריאָד און די פאַר־ווירקלעכונג פון דעם ציוניזם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי ניט געקענט פאַרבלייבן פונדערווייטנס. אין 1909 האָט זי געשריבן אין אַ בריוו פון ירושלים: „ווען איך וואָלט געווען צוואַנציק יאָר יינגער, וואָלט איך געפילט אַז דאָ איז מיין אַרבעטס־פעלד״. אין 1920 זיינען צוגעקומען נאָך צען צו די דאָזיקע „איבעריקע״ צוואַנציק יאָר. ערשט דעמאָלט איז ארץ־ישראל געוואָרן איר „אַרבעטספעלד״. אין זעכציקסטן יאָר פון איר לעבן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערסטע, שעפערישסטע און פרוכטבאַרסטע קאַפּיטל אין איר ביאָגראַפיע.

וועגן דעם דאָזיקן קאַפּיטל אין איר לעבן איז פיל דערציילט און געשריבן געוואָרן. איר אויפגאַבע אין ארץ־ישראל איז געווען, קודם כל — הילף און היילונג. אָן איר וואָלטן מיר אין ארץ־ישראל ניט געהאַט די נעץ מעדיצינישע אינסטיטוציעס, וואָס איז געווען אַזאַ ברכה פאַרן לאַנד אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. און שפּעטער איז געקומען — די קרוין פון איר לעבנס־ווערק, די קינדער־עליה. העכער צען טויזנט יידישע קינדער לעבן איצט אין ארץ־ישראל, לעבן איצט בכלל, אַ דאַנק איר מוטערלעכער זאָרג און הערויִשער ענערגיע. אין יאָר 1934, אין פינף און זיבעציקסטן יאָר פון איר לעבן, איז זי אַליין אַריין אין דער מערדער־פאַסטקע דייטשלאַנד, כדי אויפן פלאַץ צו אָרגאַניזירן די רעטונג פון די קינדער פון יידישן קיבוץ. די לעצטע צען יאָר פון איר לעבן, ממש ביז

דער לעצטער שעה, האָט זי אײַנגאַנצן זיך געווידמעט דער דאָזיקער אויפֿגאַבע צו ראַטעווען פֿון טויט און דערציִען צו אַ נײַ לעבן, אַ לעבן פֿון פֿיאָנערטום, די דאָזיקע קינדער.

די דאָזיקע אַרבעט האָט איר פֿאַרשאַפֿט גרויס גליק, אָבער דאָס גליק פֿון אירע פֿינף און צוואַנציק יאָר טעטיקייט אין ארץ־ישראל איז געווען געמישט מיט פֿיל לײַדן. זי האָט אין משך פֿון פֿיל יאָרן אין זיך געטראָגן דעם חלום פֿון אַן ארץ־ישראל, ווו ייִדישקייט וועט ווערן לעבעדיקע גאַנצקייט, פֿאַרענדיקטע פֿאָרם. אָבער די נײַע ארץ־ישראל איז אַרויסגעוואַקסן ניט נאָר פֿון ווילן צו שלמות פֿון זעלטענע יחידים, נאָר פֿיל מער פֿון דער נויט און אומגליק פֿון גרויסע ייִדישע מאַסן. גראָד אין ארץ־ישראל האָט זיך אַנטפּלעקט צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע גרויסע פּאָטענצן, דאָס צעריסענע און רויִע אין דער ייִדישער נשמה. אַט דאָס צעשויבערטע און אומגעלומפּערטע האָט געמוזט באַזונדערס ווײ טאָן איר, פֿאַר וועמען דאָס ייִדישע איז געווען אידענטיש מיטן העכסטן און לויטערסטן. אין אירע בריוו האָט זי זיך וועגן די דאָזיקע אַנטוישונגען ביטער באַקלאָגט — אָבער גלײַכצײַטיק אויך איראָניזירט וועגן אירע אייגענע „קאַפּריזן”. אירע בעסטע שעהן זײַנען געווען די וואָס זי האָט פֿאַרבראַכט אין אַן אַרבעטער־דאָרף, כאָטש דערויף האָט זי אויך ניט געקוקט מיטן פֿאַרכלינעטן בליק פֿון דעם פֿיליסטערישן טוריסט. זי איז געווען פֿון די מענטשן, וואָס ווי זיי זאָלן זיך ניט געפֿינען, קענען זיי קיינמאָל ניט זײַן עפּעס אַנדערש ווי זיי אַליין. אַמאָל האָט די דאָזיקע טרײַקייט צו זיך אַליין זי געמוזט פֿרעמד מאַכן צו אַנדערע, אפֿילו נאָענטע. אַט רעדט זי אין איינעם פֿון אירע בריוו מיט גרימצאָרן וועגן דעם מנהג וואָס עס פֿאַרשפּרייט זיך צווישן חלוצים צו פֿראַווען פֿיקטיווע חתונות, כדי צו געווינען נאָך אַ סערטיפֿיקאַט אין אימיגראַציע־סקעדיול. באַרעכטיקט, פֿרעגט זי, אפֿילו דער קאַמף קעגן דער אומיושרדיקער אימיגראַציע־פּאָליטיק פֿון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג די פֿאַרשוועכונג פֿון אַזאַ הייליקן סימבאָל ווי דער לעבנס־בונד צווישן מאַן און פֿרוי? זי האָט מסתּמא געוווּסט, אַז זי לעבט אין אַ דור, וואָס אַזעלכע סקרופּלען זײַנען אים פּשוט אומפֿאַרשטענדלעך. פֿאַרשוועכן אַ סימבאָל — מה רעש? און ס'איז דאָך טאַקע קיין פֿראַגע ניט וואָס איז בילכער: אַרײַנברענגען נאָך אַ ייִדישן מענטשן קיין ארץ־ישראל — אָדער ערנסט נעמען אַ פֿאָרמעלע צערעמאָניע?

אָבער זי האָט אַנדערש ניט געקענט; זי איז געווען פֿאַרוואָרצלט אין

אַ וועלט, אין וועלכער דער סימבאָל איז ניט געווען אָפּצוטיילן פון דעם וואָס ער סימבאָליזירט.

עס איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז זי, וואָס האָט שטענדיק געשעפּט פון אַלטע יידישע קוואַלן, וואָס דער „ולא ישא גוי אל גוי חרב" איז געווען איר לעבנס־אָטעם, זאָל שווער איבערלעבן דעם יידיש־אַראַבישן קאָנפליקט. אויך די באַגעגעניש צווישן די צוויי פעלקער אין ארץ־ישראל איז ניט געווען קיין אידיליע; אונדזער פרייהייט ווערט געבוירן אין פייער און בלוט. זי דערציילט איינמאָל אין אַ בריוו וועגן אַ נסיעה אין אַן אויטאָבוס פון ירושלים קיין תל־אביב. לעבן איר איז געזעסן אַ יונגער סאָלדאַט, אַ נײַנצן־יאָריק ייִנגל, מיט דעם פינגער אויפן צינגל פון זיין ביקס — גרייט יעדע רגע צו טויטן און געטויט צו ווערן. זי שרייבט וועגן דעם שולד־געפיל, וואָס האָט זי ניט אָפּגעלאָזן די גאַנצע צייט — אָט דאָס דאָזיקע יונגע לעבן איז געשטעלט געוואָרן אין געפאַר, כדי זי צו באַשיצן. זי האָט ניט אויפגעהערט פאָדערן: עס מוז געפונען ווערן אַ וועג פון שלום צווישן יידן און אַראַבער. אָבער זי איז קיינמאָל ניט געקומען מיט קיין לייכטע עצות און פּלענער. און זי האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז די הויפּט־שולד פאַר דער לאַגע טראָגן די וואָס באַזיצן די העכסטע מאַכט. איר לעכצן נאָך שלום האָט זי ניט בלינד געמאַכט צו די אמתע סיבות פון דעם קאָנפליקט; ס'איז אויך ניט געווען, ווי ביי אַנדערע „שלום־זוכער", קיין ראַציאָנאַליזאַציע פון אַ שוואַכקייט פאַר די שטאַרקע און מעכטיקע. און זי האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, וואָס ארץ־ישראל מיינט פאַר יידן: די ברירה צווישן אונטערגאַנג און המשך.

אין אַ בריוו צו אַ פריינד, וואָס האָט זי געמוסרט, אויפן באַקאַנטן שטייגער, פאַר אירע „באַגרענעצטע אינטערעסן", האָט זי געענטפערט: איך בין צו שוואַך אַרומצונעמען די גאַנצע וועלט. איך האָב געמאַכט מיין אויסוואַל. איך האָב אויסגעקליבן אַ טייל פון דעם וועלט־פּראָבלעם — דעם יידישן פּראָבלעם. אָבער איר לעבן איז געווען אַ ווונדערבאַרע אילוס־טראַציע פון דעם וואָס מאַרטין בובער האָט אַמאָל גערופן „פּרוכטבאַרער צמצום" („פּרוכטבאַרע ענגע"). ווי שפּעדיק איז געווען דאָס לעבן אין דעם דאָזיקן ווינקל וואָס הענריעטאַ סאָלד האָט אויסגעקליבן! איר אינטעלעק־טועלער נייגער און אָפּנקייט און איר מוטערלעך האַרץ האָבן פאַרבונדן ווייטע וועלטן און דערנענטערט אָפּגעפרעמדטע ברידער. זי האָט פאַר דעם אַמעריקאַנער יידן געהאָלפן עפענען אַלטע מקורות (זי האָט איבער־געזעצט אויף ענגליש לוי גינזבורגס „יידישע לעגענדעס") און אים באַקאַנט

מיטן מאָדערנעם שאַפן פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום; זי האָט אין מזרח־אייראָפּעישן יידן געוועקט דעם חוש פאַר אָרדענונג און פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט; זי האָט פון מזרח־אייראָפּעישן אימיגראַנט געלערנט יידישע ליידנשאַפט און עקשנות; און זי האָט זוכה געווען, אין נאָמען פון יידישן ישוב, דאָס העכסטע שאַפן פון מזרח־אייראָפּעישן יידישן זשעני, צו ברענגען טרייסט און הילף די קינדער פון דעם אויסגעוואָרצלטן דייטשן יידנטום, אין דער שעה פון אומגליק. אין פּליטים־לאַגער אין עתלית, האָט אַ יונג בחורל, איינער פון די „אומלעגאַלע" עולים, זי אויפגעזוכט כדי זיך צו באַקענען פּנים אל פּנים מיט דער טאָכטער פון דעם בנימין סאָלד, וואָס איז געווען אַ נאָענטער און באַליבטער ישיבה־חבר פון זיין זיידן.

מיר, אמעריקאַנער יידן, גרויסן זיך מיט אונדזערע דערגרייכונגען און אויפטוען. אָבער אין עצם זיינען מיר נאָך עד היום ניט געגאַנגען פיל ווייטער פון „בתי־יתומים, פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן און שפּיטאָלן", וועגן וועלכע הענריעטאַ סאָלד האָט געשריבן אין יאָר 1878. דאָס אַמע־ריקאַנער יידנטום האָט אַרויסגעגעבן פיל גרויסע אַדוואָקאַטן, מעדיצינער, געשעפטסמענער, אָראַטאָרן — אָבער דערווייל זייער ווייניק גרויסע נשמות. דער פרישער קבר אויפן הר־הזיתים זאָגט אונדז פון וואָס פאַר אַ מקור עס וועט קומען און וווהין עס וועט פירן די דערוואַכונג פון דער יידישער נשמה אין אַמעריקע.

(„אידישער קעמפער", 23 פעברואַר 1945)

# חיים (ענצאָ) סערעני

ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָבן מיר פון ירושלים דערהאַלטן די ידיעה, אַז ענצאָ סערעני לעבט — און מיר האָבן זיך מיט דער פריי־דיקער בשורה געטיילט מיט אונדזערע לייענער (צווישן זיי זיינען דאָך פאַראַן פיל וואָס האָבן אים באַגעגנט, אָדער געהערט בעת ער האָט פאַר־בראַכט אין אַמעריקע מיט אַכט־ניין יאָר צוריק, אין דער שליחות פון דער הסתדרות העובדים צום „החלוץ"). אמת, די טעלעגראַמע האָט אונדז גע־לאָזט וויסן, אַז סערעני געפינט זיך אין אַ שפּיטאָל אין דער רוסישער זאָנע אין דייטשלאַנד — „אַן אויסגעשעפּטער". דאָס האָט באַאומרואיקט. סערעני — מיט אויסגעשעפּטע כוחות? ס'איז שווער געווען זיך דאָס פאָר־צושטעלן. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ טעות, ווי די אַלע אַנדערע קלאַנגען וועגן זיין גורל, וואָס האָבן זיין פאַמיליע און פריינד געוואָרפן צווישן האָפענונג און יאוש אין די לעצטע חדשים. איצט איז געקומען די לעצטע, ענדגילטיקע ידיעה, נאָך וועלכער עס קען אפילו ניט זיין קיין פאַלשע האָפענונג. ענצאָ סערעני איז דעם 18־טן נאָוועמבער, 1944, אומגעבראַכט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו.

ענצאָ סערעני איז געשטאָרבן ווי אַ יידישער סאָלדאַט, וואָס האָט אויף זיך פרייוויליק גענומען די געפערלעכסטע שליחות. ער איז געווען איינער פון די עטלעכע צענדליק יידישע מענער און פרויען פון ארץ־ישראל, מיטגלידער פון אַרבעטער־ישובים, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פאַראַשוטיסטן־אַקציע, וואָס איז סוף 1943 אָרגאַניזירט געוואָרן פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם חבר אליהו גאָלאָמב ז"ל. אויפן יסוד פון אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער יידישער אַגענטור און געוויסע בריטישע אַרמיי־אינסטאַנצן זיינען עטלעכע צענדליק יידן (צווישן זיי דריי פרויען), מיט פאַראַשוטן אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אין אַכט פיינטלעכע לענדער. זיי האָבן אויף זיך גענומען אַ טאָפּלטע אויפגאַבע: דורכפירן געוויסע וויכטיקע און געפערלעכע מלחמה־שליחותן פאַר דער בריטישער אַרמיי, און ברענגען די הילף פון יידישן ישוב די לעבן־פאַרבליבענע יידן אין יענע לענדער. ענצאָ סערעני האָט זיך אָנגעבאָטן פאַר דער דאָזיקער אַקציע, פאָדערנדיק, אַז מען זאָל אים שיקן אין זיין געבורטלאַנד, איטאַליע.

אָנהויב 1944, איז ער אין אַ פּאַראַשוט אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אויף דער טעריטאָריע פון מוסאָליניס „פּאַשיסטישער רעפּובליק". מען האָט פון אים, ווייזט אויס, די גאַנצע צייט ניט געהערט. אַז די מלחמה איז געקומען צו איר סוף, האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן זיך צוריקקערן די חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַקציע (לויט די לעצטע ידיעות האָבן די מערסטע פון זיי זיך ניט צוריקגעקערט עד היום). ענצאָ סערעני איז ניט געווען צווישן זיי. צוויי בריטישע אָפיצירן, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן אין דייטשלאַנד, האָבן איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן ענצאָן באַגעגנט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. די „פּאַראַשוטיסטן" האָבן געדאַרפט פּרע־טענדירן, אַז זיי זיינען ענגלישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען צוליב אַ צופאַל, געצוווּנגען געוואָרן זיך אַראָפּצולאָזן אויף פיינטלעכער טעריטאָריע. אָבער די דייטשן האָבן פאַרדעכטיקט, אַז סערעני איז אויף דער אַקס־טעריטאָריע ניט אַראָפּגעפאַלן על פּי צופאַל. ער איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין דאַכאַו. די בריטישע אָפיצירן זיינען טראַנספערירט געוואָרן אין אַן אַנדער לאַגער און זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס איז פון אים געוואָרן. אין משך פון די לעצטע חדשים זיינען קיין ארץ ישׂראל דערגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנ־גען וועגן ענצאָס גורל — גוטע און שלעכטע. און איצט, נאָך דעם לעצטן קלאַנג וועגן דעם, אַז מען האָט אים געפונען אין אַ רוסישן שפּיטאָל — קומט די באַשטעטיקונג וועגן זיין טויט.

אין דער גאַלעריע פון די מענטשן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם אַקטיוו, דעם קערן, פון דער חלוצישער מחנה, האָט ענצאָ סערעני פאַר־נומען גאָר אַ באַזונדערן פּלאַץ. זיין אָפּשטאַם, זיין וועג צום ציוניזם און דער אַרבעטער־באַוועגונג, זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן און אינטע־רעסן, זיין טעמפּעראַמענט — אַלץ צוזאַמען האָט זיין געשטאַלט בולט אַרויסגערוקט צווישן זיינע חברים.

די צווייטע עליה (1904־14), וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, איז איינגאַנצן באַשטאַנען פון מזרח־אייראָפּעישע עולים — הויפּטזעכלעך רוסישע יידן. ערשט אין דער דריטער עליה, די עליה פון די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַווייזן זיך אויך עולים פון מיטל־אייראָפּע — יידישע יוגנט פון דייטשלאַנד, וואָס איז קיין ארץ־ישׂראל געקומען אונטערן איינפלוס פון א. ד. גאָרדאָן און מאַרטין בובער. פון מערב־אייראָפּע זיינען קיין ארץ־ישׂראל געקומען בלויז יחידים — און דאָס אויך אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. איינער פון די ערשטע צווישן זיי איז געווען ענצאָ סערעני.

ער איז זיכער געווען דער ערשטער איטאַליענישער ייד, וואָס איז געקומען צו דער חלוצישער מחנה.

חיים סערעני האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער מיוחסדיקער יידישער היים אין רוים. זיין זיידע, אַנדזשעלאָ סערעני, איז געווען דער ראש הקהל אין רוים. דער פאָטער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון מעדיצין אויפן רוימישן אוניווערסיטעט און דער פּערזענלעכער דאָקטאָר פון דעם אי־טאַליענישן קעניג. די יידישקייט אין זיין היים איז געווען זייער אַ שוואַכע. ער האָט אַמאָל דערציילט וועגן אַ שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין פאָטער, בעת ער איז, אַלס דרייצן־פערצן יאָריק ייִנגל, באַקערט געוואָרן צום ציוניזם. דער פאָטער האָט אים געפרעגט:

— דו זאָגסט אַז יידן זיינען אַ פאָלק — אָבער דער ערשטער קענ־ציכן פון אַ פאָלק איז דאָך זיין שפּראַך. אַמאָל האָבן יידן גערעדט העברעיש. אָבער די שפּראַך איז דאָך טויט. ווי אַזוי קענען יידן זיין אַ פאָלק, אויב זיי האָבן אפילו קיין שפּראַך ניט?

אַ ביסל אַ צעטומלטער, האָט ענצאָ זיך געלאָזט צו זיין לערער אין ציוניזם, משהביילינסאָן.

ביילינסאָן האָט אים דערציילט, אַז ניט נאָר ווערט די העברעישע שפּראַך אויפגעלעבט אין ארץ־ישראל, נאָר מיליאָנען יידן אין גלות רעדן אויף זייערער אַן אייגענער שפּראַך — יידיש. די מערסטע פון זיי קענען ניט קיין אַנדער שפּראַך. ענצאָ איז, אַ צופרידענער, געקומען צום פאָטער — און אים איבערגעגעבן דאָס וואָס זיין לערער האָט אים דערציילט. ווען ער איז אָבער געקומען צו די מיליאָנען יידן וואָס רעדן יידיש, האָט אים זיין פאָטער אומגעדולדיק איבערגעשלאָגן די רייד מיט דער באַמערקונג: „מיין זון, אויב דו ווילסט זיין אַ ציוניסט — קען איך דיר ניט שטערן. אָבער, כ'בעט דיך, דערצייל מיר ניט קיין באָבע־מעשיות...״

פון אַזאַ יידישער סביבה איז ענצאָ סערעני געקומען צום ציוניזם און צו דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיין מורה־דרך איז געווען משה ביילינסאָן. ער אַליין איז געווען אַ זון פון אַן אַסימילירטער יידישער משפּחה אין רוסלאַנד, און איז צום ציוניזם שוין געקומען ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. ער, וואָס איז שפּעטער גע־וואָרן דער רעדאַקטאָר פון „דבר״ און איינער פון די גלענצנדיקסטע העב־רעישע פּובליציסטן, האָט זיך דעם יידישן אלף־בית אויסגעלערנט ערשט אין זיינע דרייסיקער יאָרן. פאַרן עולה זיין קיין ארץ־ישראל (אין יאָר 1924) האָט ביילינסאָן פאַרבראַכט אַ צאָל יאָרן אין איטאַליע, זיך איינ־

געוואָרצלט אין דער איטאַליענישער קולטור, איבערגעזעצט (צוזאַמען מיט דאַנטעס לאַטעס) פּרץ און שלום עליכם אויף איטאַליעניש און רעדאַקטירט די ציוניסטישע מאָנאַטשריפט „ישראל". נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין רוים געשאַפן געוואָרן אַ קליינער קרייז פון ציוניסטישער יוגנט מיטן נאָמען „עבודה"(„אַרבעט"), וואָס האָט פּרובירט איבערפּלאַנצן אויפן איטאַליענישן באָדן דעם געדאַנקען־גאַנג און דעם דראַנג פון חלוציות. משה ביילינסאָן האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם דאָזיקן קרייז. אין דעם דאָזיקן קרייז זיינען ציוניסטיש אויסגעפורעמט געוואָרן ענצאָ סערעני און זיין פרוי, עדה, אַ טאָכטער פון אַ רייכער, פון שמד־צעפּרעסענער אַלטער יידיש־איטאַליענישער פאַמיליע. אין 1926, נאָכדעם ווי ענצאָ האָט פאַרענדיקט זיין שטודיום אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט פון רוימישן אוניווערסיטעט, איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ענצאָס נאָמען איז פאַרבונדן מיטן קיבוץ „גבעת ברענער". ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער דאָזיקער קאָמונע — איינע פון די מוסטערהאַפטסטע אין לאַנד אין אַ סך פּרטים, און באַזונדערס ווי אַ שיינער ביישפּיל פון קיבוץ גלויות, פון דעם צוזאַמענלעבן פון מזרח־און מערב־אייראָפּעישע יידן. סערעני האָט אויך מעגלעך געמאַכט, אַז די דאָזיקע קבוצה זאָל באַזעצט ווערן אויפן באָדן, וואָס זי פאַרנעמט איצט.

עס ליגט פאַר מיר די מימעאָגראַפירטע „הגדה של פסח" פון גבעת ברענער פאַרן יאָר תרצ"ו (1936). צום סוף פון דער דאָזיקער הגדה, נאָך די אַלטע אגדות און פּיוטים וועגן יציאת מצרים און די מאָדערנע טעקסטן וועגן די נייע עליות קיין ארץ־ישראל, קומט די געשיכטע פון דעם ישוב, וואָס האָט די הגדה אַרויסגעגעבן. דאָרטן ווערט דערציילט, אין אַלטן תנ"ך־סטיל, ווי אַזוי גבעת ברענער איז געגרינדעט געוואָרן:

און די טעג זיינען געווען טעג פון יאוש אין לאַנד. כפירה אין דעם חזון און אומגלויבן אין דער גאולה... און אין לאַנד האָט געהערשט אבלות און זיינע טויערן זיינען געווען געשלאָסן און פוסט זיינען געווען די וועגן פון דער עליה. אין יענע טעג איז אין רחובות געבליבן אַ קליין הייפל עולים פון גלות ליטע. און צו דער קבוצה איז דערגאַנגען דער קלאַנג: אַ שטיק באָדן געפינט זיך אין רשות פון נאַציאָנאַל־פאָנד אין רחובות. האָבן געזאָגט די מענטשן פון דער קבוצה: „קומט און לאָמיר זיך דאָרטן באַזעצן, לאָמיר דאָרטן אַריינשטעקן אַ פלאָקן ביז עס וועט באַנייט ווערן די עליה".

און וואָס זיי האָבן געזאָגט — דאָס איז געשען.

און אַ בשורה איז צו זיי דערגאַנגען: אַ קיבוץ איז פאַראַן אין גלות דייטשלאַנד, אויף הכשרה. ער וואַרט שוין דריי יאָר אויף עליה. דער קיבוץ האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע נסיונות אין די דערפער פון דייטשלאַנד. דאָס זיינען געווען די מענטשן פון קיבוץ „חירות״, וואָס האָבן די ערשטע דערשפירט אויף זייער אייגן לייב דעם גורל וואָס האָט געלויערט אויפן יידישן שבט אין גלות אשכנז. די ערשטע מענטשן פון „חירות״ זיינען אין לאַנד אַריינגעדרונגען ווי טוריסטן און זיי האָבן געעפנט די פינפטע עליה.

און עס זיינען געקומען גוטע טעג אין דעם אָרט און די פרייד פון דער עליה איז אַריבער אַלע גרענעצן. אָבער במסתרים האָט גענאָגט דער צווייפל: וועך ווייס, צי וועט לאַנג געדויערן דער כוח פון ליבע צווישן יידישע שבטים, און ווער קען קאַווירן אַז דער ווילן צו גאולה וועט ניט מיד ווערן צו זאַמלען די נדחי ישראל? פיל זיינען די בלאַנדזשענישן פון האַרצן און די שפּראַך־ווייען, די יסורים פון איינוואָרצלען זיך אין דער ערד און אין די יידישע שרשים...

און די פּלאָג פון ספּעקולאַציע האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. און די אַרבעטס־מענטשן האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן ניט קענען זיך באַזעצן אין דעם טאָל, וואָס איז זיי אַזוי ליב געוואָרן... און איין טאָג האָט זיך אַן אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט פאַרן לאַגער. פון אויטאָמאָביל איז אַרויסגעקומען יהושע (חענקין), דער אויסלייזער פון יידישן באָדן, און ער האָט געזאָגט צו די יונגע אַרבעטער: „אַ רייכער מאַן איז געקומען פון די בריטישע אינדזלען. ער האָט געזען די דאָזיקע ערד און זי איז אים געפעלן געוואָרן — און ער באַגערט זי צו קויפן. אוודאי וואָלט איך געוואָלט אייך געבן דעם באָדן... איילט זיך — טאָמער איר וועט פאַרשפּעטיקן!״

און דאָרטן האָט זיך געפונען אַן אַרבעטס־מענטש און זיין פרוי און צוויי קינדער. און דער נאָמען פון דעם מאַן איז געווען חיים און דער נאָמען פון זיין פרוי — עדה, און זיי האָבן געשטאַמט פון אַן אַלטן שטאַם, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן פון ירושלים מיט די גולים אין די טעג פון טיטוס אספּסינוס הרשע. און דער מאַן האָט געזען, אַז עס איז ניטאָ קיין העלפער און ס׳איז איבער אים געקומען דער גייסט פון אמונה און ער האָט אויסגערופן: „זאָל אונדז געגעבן ווערן די דאָזיקע ערד! איך וועל פאַר איר ערב זיין און כ׳וועל געפינען דאָס געלט וואָס מען דאַרף פאַר איר באַצאָלן״.

און ווען ס׳איז געשריבן געוואָרן דער אָפּמאַך אויף דער ערד, האָט

איינער פון די שרים צו אים געזאָגט: „דו ביסט דאָך נאָך אַ יונגער מענטש און יהושע דער דערלייזער פון באָדן איז דאָך אַ גרייז — ווי אַזוי קענסטו אים פאַרפלאָנטערן אין אַ קניה, וואָס דו ווייסט נאָך ניט ווי אַזוי זי וועט באַצאָלט ווערן?״

און חיים, דער מאַן פון אַרבעט, האָט געענטפערט: „איך בין ניט קיין מינדעריאָריקער — און אָט זיינען מיינע צוויי קינדער — אַ סימן און אַ באַוויז, אַז איך בין מיט מיין קערפּער ערב פאַר דער דאָזיקער ערד״.

און דער באָדן איז געבליבן די נחלה פון די אַרבעטער. און ס׳איז פאַררופן געוואָרן אַן אסיפה צו באַשליסן וואָס דער נאָמען פון פלאַץ זאָל זיין. איינער האָט געזאָגט — בצרון, און אַן אַנדערער האָט געענטפערט: ניין, שערי הנגב זאָל דער נאָמען זיין, אָבער צום סוף האָט אַ דריטער געזאָגט: „זאָל דאָס בערגל טראָגן דעם נאָמען יוסף חיים ברענער, וואָס ביים לעבן האָט ער אַנטבלויזט אונדזערע וואונדן, כדי זיי צו היילן, און דורך זיין טויט, זיין מות קדושים, האָט ער אונדז פאַרזאָגט דאָס לעבן״. און אַזוי איז געשען.

**די דאָזיקע העזה פון דעם „יונגן מאַן״, וואָס האָט אויף זיך גענומען די אחריות פאַר דעם באָדן פון גבעת ברנר, איז געווען דער שליסל צו ענצאָס פערזענלעכקייט. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קליינער, ניט גאַנץ וויכטיקער פּרט, אין יענעם כסדרדיקן באַרג־אַרויף־גאַנג, וואָס האָט ענצאָן געפירט פון דער רואיקער און איינגעוואָרצלטער עלטערן־היים אין רוים ביז צו דער הויך פון קדושים־טויט אין דאַכאַו.**

**מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט אויפגעהערט חידושן וועגן דעם דאָזיקן פענאָמען. מיר האָבן פאַרהאַנדלט וועגן זאַכן, וואָס דאַרפן געטאָן ווערן, וועגן פראַגעס וואָס שטייען אויף דער אָרדענונג פון טאָג, זיך געווערטלט וועגן דער אָדער יענער קאָמישער דערשיינונג, געלאַכט און זיך געוויצלט, אויסגעהערט זיינע משונהדיקע פּאַראַדאָקסן און פאַנטאַסטישע פּלענער — און קיינמאָל ניט אויפגעהערט טראַכטן: וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש? ווי קומט ער צו אונדז? ווי האָט דאָס דער דאָזיקער קליינער „איטאַליענער״ גענומען די אומפאַרשטעלבאַרע גייסטיקע ענערגיע זיך צו פאַרוואַנדלען פון דעם וואָס ער איז געווען אין דעם וואָס ער איז געוואָרן?**

**און וואָס פאַר אַן ענטפער מיר זאָלן זיך וועגן דעם ניט האָבן גע־געבן — האָט אונדז אַרומגענומען אַ געפיל פון שטאָלץ אויף דער יידישער אידעע, וואָס פאַרמאָגט דעם כח צו באַווייזן אַזעלכע וווּנדער און ליבע**

צום פאַרוואָגלטן זון פון די ברעגעס פון טיבער, וואָס איז אַזוי גאַנץ און זיכער און טריי צוריקגעקומען צו אונדז.

אַלץ, אַלץ אין אים האָט אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג — און באַוווּנ־דערונג. די פאַרשיידענע אידיאָמען, אין וועלכע ער האָט געטראַכט און גערעדט, פּראָדוקטן פון די פאַרשיידענע סביבות, וואָס האָבן אויסגעפּור־רעמט זיין פּערזענלעכקייט, און האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך צוזאַמענצוגיסן אין איין שפּראַך — און דער סאָלידער יסוד פון פּערזענלעכקייט, וואָס קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט בכח צו רירן פון אָרט. דער ערנסטער, עטוואָס אומצוטרויליכער אויסדרוק אויפן באַברילטן פּנים פון דעם פּראָ־פעסאָרן־זון — און די לויזע, עטוואָס הפקרדיקע תנועות פון אַן ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער, וואָס פּילט זיך אַמבעסטן דווקא צווישן „חברה טראַסק". דאָס אָפענע לעבנס־לוסטיקע אויג, וואָס פאַרזעט ניט קיין איין שמץ פון שיינקייט, ווו עס זאָל ניט אויפשטראַלן, די לייכטע, אפּיקורסות־דיקע צונג פון דעם סקעפּטישן דרום־מענטש — און דאָס האַרבע, פאַנאַ־טישע קאָנצענטרירן זיך אויף דער טאַט, אויף די פליכטן פון טאָג, אויף תכלית, די זאָרג פאַר יעדער רגע וואָס פאַרשווינדט אָן דערגרייכונג. די ברייטע גייסטיקע וועלט, אין וועלכער עס לעבן ניט שטענדיק בשלום, אָבער דאָך אַזוי אָרגאַניש פאַרוואַנדט, אַזוי אומפאַרמיידלעך — מאַקיאַוועלי און הערצל, וויקאָ און בערדיטשעווסקי, בענעדעטאָ קראָטשע און ברענער, פּעטראַרקאָ און ביאַליק.

און איבער אַלץ — דאָס געפיל, אַז פאַר דעם מענטשן איז דער וועג וואָס ער האָט דורכגעמאַכט פון די לעצטע גרענעצן פון דער פּעריפעריע פון דער יידישער וועלט צו איר צענטער און האַרץ בלויז דער אָנהויב, און די ליידנשאַפט, וואָס האָט פון אים אַרויסגעברויזט נאָך דער גרויסער טאַט און דעם גרויסן קרבן.

ער איז צו אונדז אין אַמעריקע געקומען פון דייטשלאַנד, פון דער נאַצישער דייטשלאַנד. ער האָט ווייניק גערעדט וועגן זיין אַרבעט דאָרטן, אונטער די אויגן פון דער „געסטאַפּאָ", אָבער מיר האָבן געהערט וועגן זיין חלק אין אויפבוי פון דייטשן „החלוץ" אין די היטלער־יאָרן. שוין דאָס אַליין האָט פאַרכאַפּט, וואָס די הסתדרות העובדים האָט, ווי איר שליח צום אומגליק־געטראָפענעם דייטשן יידנטום, געשיקט אָט דעם זון פון אַן אַנדערן און פיל מער אויסגעוואָרצלטן יידישן קיבוץ, וואָס האָט שוין גע־שלאָגן אַזעלכע טיפע וואָרצלען אין ארץ־ישראל, אַז ער איז ראוי און גרייט צו טראָגן איר וואָרט צו אַנדערע. אָבער אין דעם דאָזיקן איינציקאַרטיקן

שליח פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל האָט אויך געלעבט עפּעס פון דעם טעמפּעראַמענט פון אַן איטאַליענישן „קאָנדאָטיערע״. געשפּאַנטע האָבן מיר זיך צוגעהערט צו אומצאָליקע געשיכטעס פון ענצאָס אַוואַנטורעס אין היטלער־לאַנד — דעם דערציער פון יידישער יוגנט צו אַ ניי לעבן און דעם שמוגלער פון יידישן פאַרמעגן פון אונטער די נעזער פון די אונטער־דריקער און רויבער.

ער איז אַהער געקומען מיט גרויסע פּלענער און האָפענונגען. דער באָדן איז אָבער ניט געווען קיין גינסטיקער. און ער האָט פאַר רוטין־אַרבעט ניט געהאַט קיין גוסט און געדולד. אָבער די חדשים וואָס ער האָט פאַרבראַכט האָבן איבערגעלאָזן ליכטיקע דערינערונגען ביי אונדז אַלעמען — באַזונדערס צווישן די יונגע חברים, וואָס אַ סך פון זיי זיינען, אונטער זיין איינפלוס, געקומען צום לעצטן אַנטשלוס וועגן דעם אַנטשיידנדיקן שריט אין זייער לעבן. זיין טויט איז אַ באַזונדערע אבידה פאַר אונדזער יוגנט אין „כפר בלום״ און פאַר די אַנדערע, וואָס זיינען ממשיך די אַרבעט און וואַרטן אויף עליה — דאָ.

זיינע נאָענטסטע פריינד וועלן נאָך דערציילן וועגן ענצאָן, ווי זיי האָבן אים געזען אין זיין היים, אין גבעת ברנר, אויף די פאַרשיידענע שליחותן פון די לעצטע יאָרן. זיי וועלן דערציילן וועגן יאָרן פון דער מלחמה, וועגן זיין אַרבעט ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר פון אַנטי־פאַשיסטישן ווידערשטאַנד צווישן די איטאַליענער אין די ערשטע מלחמה־יאָרן, וועגן זיין טאָפּלטער שליחות אין איראַק, ווי אַן אָפיציר אין דער בריטישער „אינטעלידזשענס״ און אַ בויער פון „החלוץ״ אין גלות־אַראַביע, וואָס האָט דער דאָרטיקער פאַרוואָר־לאָזטער יידישער יוגנט געבראַכט, אויף דער אַראַבישער שפּראַך, ברענערס רוף צו זעלבסטשוץ — און וועגן זיין לעצטער, טראַגישער שליחות.

מיר האָבן בלויז געזען אַ קליינעם טייל פון דער דאָזיקער קוועלנדיקער ענערגיע — אָבער דאָס איז אומפאַרגעסלעך. דער סוד פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט און פון דעם דאָזיקן לעבנסוועג לעבט אין אונדזערע הערצער, וואַרעמט, דערמוטיקט און דערהויבט.

אַ סוד: וואָרעם ווער קען ענטפערן אויף דער פראַגע — וואָס האָט אים געבראַכט צו אונדז? וואָס האָט אים געפירט צו דער העכסטער הויך אין דאַכאַו? איין זאַך איז זיכער: ניט קיין פּערזענלעכע נויט, ניט קיין אויסערלעכער דרוק. ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ לאַנד, וואָס האָט כמעט ניט געוווּסט דעם טעם פון אַנטיסעמיטיזם. ענצאָ האָט ליב געהאַט דאָס איטאַליענישע פאָלק; ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין שלעכט וואָרט

וועגן דעם דאָזיקן פאָלק. (און די לעצטע יאָרן האָבן באַוויזן, ווי באַרעכ־טיקט דער דאָזיקער גלויבן איז געווען. ניט געווען קיין סך פעלקער, וואָס זייערע פשוטסטע זין האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מענטשלעכקייט און גרייטקייט צו באַצאָלן דעם פּרייז פאַר דער דאָזיקער מענטשלעכקייט, ווי די איטאַליענער).

איך דערמאָן זיך זיינע אַ שטיפעריי: „שמע, פּעלאָו וואָירקער״, שטעלט ער מיך אָפּ אין מיטן גאַס, — „דו ווייסט דאָך — דער ציוניזם מוז ניט זיגן. יאָ, עס קען זיך אויך ענדיקן מיט אַ מפּלה. איך וויל וויסן: אויב דאָס זאָל טאַקע געשען (נו, גוט, חלילה!), וואָס וועט פון דיר ווערן — אַ קאָמו־ניסט אָדער אַן אגודת־ישראלניק?״

„אַן אגודת־ישראלניק״, האָב איך געענטפערט.

אַ האַרטע האַנט האָט אַ שמיץ געטאָן איבער מיין פּלייצע: „גוט! אויב אַזוי — ביסטו אַ ציוניסט״.

איך דערמאָן זיך זיינעם אַן אַרטיקל וועגן נתן בירנבוים. פאַר אים איז בירנבוים געווען איינער פון די באַצויבערנדיקסטע געשטאַלטן אין אונדזער דור. איך דערמאָן זיך מיט וואָס פאַר אַ שמייכל ער האָט מיר אַמאָל געגעבן אַ קאָמפּלימענט פאַר אַ פראַזע, וואָס ער האָט געפונען אין מיינעם אַן אַרטיקל, וואָס האָט די לעצטע טרייבקראַפט פון ציוניזם כאַ־ראַקטעריזירט ווי „די ליידנשאַפט פאַר דער אומשטערבלעכקייט פון דער אומה״.

אָבער ער איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען איינער פון די יידן, וואָס גלויבן אין דער צויבערקראַפט פון דער פראַזע „נצח ישראל לי ישקר״ און „בטחון״. אָט לייען איך אַן אויפשריפט אויף אַ בוך, וואָס ער האָט מיר געלאָזן במתנה: „לאחד... בין גולי־ציון על גדות ההודסון היודע את ערך הגלות וחזון ביטולה״ („צו איינעם... פון די גולי־ציון אויף די ברעגעס פון האָדסאָן, וואָס ווייס דעם ווערט פון גלות און די וויזיע פון זיין אויפלייזונג״). ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער טאָפּלטער דער־קענטעניש: מיט דער אַנונג פון דער מיסטעריע פון גלות און דער מורא פאַרן אונטערגאַנג, מיט דער ליידנשאַפט פאַרן יידישן קיום און אָפענע אויגן פאַר דעם תהום.

און דער עיקר — מיט גרייטקייט פאַרן קרבן. ער איז געווען אַ מוסטער־סאָלדאַט פון ציוניזם, דערפאַר וואָס פאַר אים, דעם זון פון אַ זיך־אויפלייזנדיקן און זיכערן יידישן שבט, איז עס ניט געווען קיין פּראָגראַם און קיין אידעאָלאָגיע — נאָר אַ ליידנשאַפט, אַ געמיש פון

ליבע און צאָרן און זאָרג. ליבע צום גורל פון ייד־זיין; צאָרן קעגן דעם גורל פון גלות; זאָרג פאַר דעם גורל פון די קערנדלעך פון שיבת ציון, וואָס זיינען פאַרזייט געוואָרן מיט אַזוי פיל שווייס און טרערן — און עס באַדראָט זיי דער מדבר, די קנאה און די רשעות.

פון וואַנען ציט דער ציוניזם זיין טיפסטע יניקה? איך ווייס, אַז ענצאָ וואָלט מיט מיר מסכים געווען, אַז פאַר אונדז, פאַר אונדזער דור איז פאַראַן איין ליידנשאַפט, אָן וועלכער דאָס לעבן מוז פאַרלירן יעדן זינען און ווערט: די ליידנשאַפט צו זען יידישע דורות הינטער אונדז און פאַר אונדז. אפשר וועלן קומען אַנדערע דורות, וואָס וועלן פון דער דאָזיקער ליידנשאַפט פריי זיין. מיר אָבער זיינען אירע קנעכט.

עס איז גוט געווען אַרויסצוקומען אין אַ געוויינלעכן פרימאָרגן פון אַ ניו־יאָרקער סאָבוויי, מיט אירע יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען אויסער־לעך אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי פרעמד, וואָס זייער ווייניק צווישן זיי האָלטן שוין אין די הענט אַ יידישע צייטונג — און פּלוצלונג זיך אָנשטויסן אין דער גאַס אויף ענצאָן, אַרומגערינגלט פון זיין קליינער משפחה, זיין עדהן און זייערע דריי קינדערלעך. עס איז גוט געווען צו קוקן אויף די דאָזיקע טונקעלע, פיין געשניצטע דרומדיקע קעפּ, הערן די קלאַנגען פון דעם שטיפערישן העברעיִש אויף זייערע ליפּן און טראַכטן: ניט אַלץ גייט אַוועק — עפּעס קומט אויך צוריק; ניט אַלץ גייט אונטער — עס איז אויך פאַראַן אויפקום. דער הייליקער זאָמען גייט דאָך ניט פאַרלאָרן אין דעם מדבר פון דער וועלט.

די איינציקע עדות פון ענצאָס לעצטע מינוטן זיינען אפשר געווען זיינע מערדער. אָבער די, וואָס האָבן אים געקענט, קענען ניט צווייפלען, וואָס עס זיינען געווען זיינע לעצטע מחשבות: זיין היים, וואָס טראָגט דעם נאָמען יוסף חיים ברענער; די חברטע, וואָס האָט נאָך אין די קינדער־יאָרן זיך מצרף געווען אויף זיין לעבנסוועג; די טאָכטער אין סאָלדאַטן־מונדיר און די צווייטע טאָכטער אין די פעלדער פון זיין דאָרף; דער זון, וואָס טראָגט שוין אויף זיך, אין די ייִנגסטע יאָרן, דעם עול פון אַרבעט און זעלבסטשוץ. פון יענער הויך האָט ער פאַר זיך קלאָר געזען דעם וועג, וואָס האָט געפירט פון דעם גרויסן „יאָ" צום „נצח ישראל", דורך דער שלילה פון דעם דערנידעריקנדיקן און אונטערגייענדיקן גלות — צו דער עקדה אין דאַכאַו.

אין דעם קליינעם קרייז פון איטאַליענישע ציוניסטן, פון וועלכן ענצאָ איז צו אונדז געקומען איז געווען פאַרשפּרייט דער טערמין „ריטאָרנאַדי" —

„צוריקקערנדיקע" אָדער „היים־קערנדיקע". זיי, קינדער פון יענע שוואַכע דורות, וואָס זייער גרויסער ברודער, שמואל דוד לוצאַטאָ, האָט פּאַראויס־געזען מיט פּיין און צער, האָבן געזוכט אַ וועג צוריק צום פאָלק פון וועלכן די פאַלשע „עמאַנציפּאַציע" האָט זיי אָפּגעשניטן. ענצאָ סערעני האָט דעם וועג געזוכט מיט אַ מסירת־נפש און אַ ליידנשאַפט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גלייכן — און, געטריבן פון חלוצישן דראַנג, פון אַף על פּי כן־עקשנות, האָט ער אים געפונען אין דעם קאַלכאויוון, אין וועלכן די קינדער פון אַלע גלותן, פון מזרח און מערב, זיינען געוואָרן איין היילִיק פאָלק.

(„אידישער קעמפער", 2 נאָוועמבער 1945)

# אברהם רעוווּצקי

אין דער געשיכטע פון דעם אַרבעטער־ציוניזם וועט א. רעוווצקי פאַר־צייכנט ווערן ווי איינער פון די בויער פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי אין צאַרישן רוסלאַנד, צו וועלכער ער איז צוגעשטאַנען, דוכט זיך, דווקא אין די ירידה־יאָרן, נאָך דער מפּלה פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, בעת עס זיינען אין אַלע פּאַרטייען געבליבן בלויז די טרייסטע און פעסט־סטע; ווי אַ מקורב און וואָפנטרעגער פון בער באָראָכאָוו אין יענע יאָרן, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער צענטער פון דער פועלי־ציון וועלט־באַוועגונג איז געווען אין ווין. וועגן יענע יוגנט־יאָרן — און אויך וועגן דער ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין רוסלאַנד אין דער מלחמה־און בירגערקריג־צייט — וועלן זיכער דערציילן די יעניקע וואָס זיינען אים נאָענט געווען אין יענע צייטן. אין דעם זכרון פון די מערסטע פון אונדז לעבט דער אברהם רעוווצקי פון די לעצטע העכער צוואַנציק יאָר — רעוווצקי אין אַמעריקע, דער געזעצטער און רייפער מענטש.

אין די ערשטע יאָרן האָבן מיר אים געקענט פונדערווייטנס — עס האָט אונדז פון אים אָפּגעטיילט דער מרחק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1921 דורך דער שפּאַלטונג אין דער פועלי־ציון־באַוועגונג. אברהם רעוווצקי איז אַוועק מיטן לינקן פליגל. שפּעטער האָט ער פּרובירט זיך שאַפן אַן אייגן ווינקל — אין צענטער, צווישן רעכטס און לינקס. ער האָט עס פּרובירט טאָן אין בערלין און אין ארץ־ישראל. אין יענער צייט איז אפילו געווען אַ גרופּע פועלי־ציון, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „רעוווצקיאַנער". די לינקע פועלי־ציון האָבן אין יענער צייט אַלץ גע־שטעלט אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס קלאַפּט שוין אין טיר. פון אַט דעם שטאַנדפּונקט, האָט מען, פאַרשטייט זיך, געמוזט באַטראַכטן ווי קליינִיקייטן — פּאַרפירערישע און שעדלעכע קליינִיקייטן — אַלע זאָרגן און מעשים, וואָס האָבן אין יענע יאָרן באַשעפטיקט די אויפמערקזאַמקייט פון דער „בורזשואַזער" ציוניסטישער באַוועגונג און די „באַלעבאַטישע קינדער", וואָס האָבן געהאַט די העזה זיך צו באַטראַכטן ווי דער אַרבעטער־פליגל אין ציוניזם. די אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, די קבוצה און דער מושב עובדים האָבן אָפּגעווענדט די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער פון דעם

עיקר — דעם קלאַסן־קאַמף. זיצן אין איין ציוניסטישן קאָנגרעס מיט „קלאַסן־שונאים" איז נאָך געווען אַן אומפאַרגעבלעכע זינד. רעוווצקי איז אין יענע יאָרן אויך געווען אַ קעגנער פון „רעפאָרמיזם". ער האָט ניט גורס געווען די חידושים וואָס די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט האָט געשאַפן אויף אַ סך געביטן — קודם כל די סטרוקטור פון דער הסתדרות העובדים אַליין, דאָס פאַראייניקן אונטער איין דאַך לוין־אַרבעטער און זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער אין זייערע אייגענע ישובים, קבוצות און פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דאָס בויען אַן אייגענע ווירטשאַפט צוזאַמען מיט אַרבעטער־קאַמף אין דער פריוואַטער ווירטשאַפט. ער איז אָבער ניט אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דעם אַפּאָקאַליפּטישן ערב־רעוואָלוציע עקסטאַז — און ער האָט ניט געקענט מיטמאַכן די פּאַסיוויטעט פון זיינע לינקע חברים בנוגע דער ממשותדיקער בויאַרבעט. רעוווצקי האָט געזוכט אַ מיטלוועג צווישן טרייקייט צו דער „באָראָכאָוויסטישער" אָרטאָדאָקסיע (פון וועלכער באָראָכאָוו אַליין האָט זיך אין זיינע לעצטע יאָרן שטאַרק אָפּגעווייכט) און אַקטיוון אָנטיילנעמען אין דעם לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויספורעמען אין ארץ־ישראל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם אַנדערן לאַגער אין דער באַוועגונג האָבן געקענט האָבן דעם איינדרוק, אַז אָט די גאַנצע פּלוגתא צווישן „לינקס" און „צענטער" איז אַן ענין פון דיסקוסיע וועגן טעאָרעטישן „כשר" און „טריף". און דאָס — דאָס עצם פּירן „טעאָרעטישע" וויכוחים וועגן אַזעלכע ענינים, בעת די ערד ברענט אונטער די פיס, בעת יעדע שעה וואָס גייט פאַרלאָרן אָן מעשים און דערגרייכונגען איז פאַרלאָרן אויף אייביק, דאָס זאָרגן זיך וועגן „מה יאמרו" דער דריטער אָדער 2½ אינ־טערנאַציאָנאַל — איז דאָך געווען פרעמד און אפילו פריקרע אַ באַוועגונג, וואָס האָט איר יניקה אָנגעהויבן ציען פון ארץ־ישראל מיט איר אַקצענט אויף אוממיטלבאַרער איבערלעבונג און קאָנקרעטע ווערטן. עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז אויך אברהם רעוווצקי איז איינער פון יענע באָראָכאָוו־סכאָלאַסטיקער. אָבער אַז מיר האָבן זיך מיט אים באַקענט, האָבן מיר איינגעזען, אַז בנוגע דעם מענטשן האָבן מיר געמאַכט אַ טעות. כאָטש ער האָט אָפט באַנוצט די זעלבע טערמינאָלאָגיע ווי די אַנדערע, האָט ער אָבער זיין ציוניסטישן גלויבן געשעפּט פון גאָר אַן אַנדער קוואַל, פון אורקוואַל. זיין ציוניזם איז געווען ניט קיין פּראָגראַמאַטישער — נאָר אַן אורשפּרינג־לעכער. הינטער די אַלע וויכוחים און פאָרמולעס האָט זיך באַהאַלטן אַ פרומער, גלויביקער חובב־ציון, אַ מענטש וואָס אין זיין האַרצן פלאַמט דער

חלום פון יידישער גאולה און ס׳באַאומרואיקט אים כסדר די זאָרג פאַר אַ יידישן דונאַם, פאַר אַ יידישן אַרבעטספּלאַץ, פאַר אַ נייעם עולה, פאַר אַ נייער ווירטשאַפטלעכער פּאָזיציע.

איך דערמאָן זיך: אין יענע יאָרן, בעת אברהם רעוווצקי האָט זיך נאָך געהאַלטן פונדערווייטנס פון אונדזער באַוועגונג, איז מיר אויסגעקומען איבערצולייענען זיין בוך זכרונות וועגן די בירגערקריג־יאָרן אויף דער אוקראַינע (ער איז דאָך, כידוע, געווען אַ מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין איינער פון די לעצטע אוקראַינישע רעגירונגען, ערב דעם פולשטענ־דיקן זיג פון די באָלשעוויקעס). איך בין איבערראַשט געוואָרן בעת איך בין געקומען צו די לעצטע זאַצן אין בוך. רעוווצקי האָט געשילדערט ווי אַזוי ער איז איבערגעגאַנגען די רוסיש־רומענישע גרענעץ, אָנגעלאָדן מיט זכרונות פון די בלוטיקע יאָרן. אָבער פּלוצלונג האָט ער געשלאָסן די אויגן און האָט פאַר זיך געזען אַ בילד פון גאָר אַן אַנדער לאַנדשאַפט — אַ מזרח־לאַנדשאַפט, אַ העלע זון, געלע זאַמדן, אַ פּרדס, פּאַלמען. אַן ארץ־ישראלדיקע לאַנדשאַפט.

דאָס איז די לאַנדשאַפט, אין וועלכער אברהם רעוווצקי האָט פאַר־בראַכט עטלעכע יאָר פון זיין קינדהייט. זיין פאָטער, אַ סוחר און משכיל, האָט ווי איינער פון דער „עם עולם״ גרופּע צוויי מאָל עמיגרירט קיין אַמעריקע. ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד — און איז שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. ער האָט זיך באַזעצט אין רחובות — אַ קאָלאָניע וואָס האָט געזאָלט געבויט ווערן אויף אַנדערע, מער סאָלידע יסודות ווי די פריערדיקע ישובים, פּתח־תקוה און ראשון לציון. די קאָלאָ־ניסטן פון רחובות זיינען געווען אַ געקליבענער עלעמענט — מענטשן מיט אייגענע מיטלען וואָס האָבן געשטרעבט צו ווערן זעלבסטשטענדיקע לאַנד־ווירטן. דאָס זיינען געווען חובבי־ציון, צווישן זיי מענטשן מיט אַ פיינער יידישער און אַלגעמיינער קולטור. שפּעטער, אַז מען האָט זיך פערזענלעך באַקענט מיט רעוווצקין, זיינען אָפּט געקומען אויפן געדאַנק די דאָזיקע עטלעכע יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער פּיאָנערישער רחובות. מיר דוכט זיך, אַז דער שטעמפּל פון יענע יאָרן איז קיינמאָל ניט אָפּגע־מעקט געוואָרן פון זיין נשמה און זיין גייסטיקן פּרצוף.

מען האָט אין אים שטענדיק געפילט דעם ארץ־ישראל־ייד. אמת, אין וויכטיקע פּאַזע פון דער ירושה פון אונדזער נייעם ישוב האָט אויף אים ניט געלאָזט קיין טיפע עמאָציאָנעלע שפּורן — זייער אַ וויכטיקע פּאַזע, די צווייטע עליה. די גייסטיקע מקורות פון דער צווייטער עליה

זיינען אים, דוכט זיך, געווען גאַנץ ווייט — איר שפּעדרישער פּעסימיזם (וואָס האָט אַמאָל דערגרייכט ביז „היסטעריע"), איר פּאַטאָס פּאַרן אומ־מעגלעכן, איר קנאות פאַר העברעיש. דער מענטש פון דער צווייטער עליה איז געווען אַ שטיקל „אַוואַנטוריסט" און „פאַנטאַסט" — און האָט זיך דערמיט ניט געשעמט. רעוווצקי האָט זיך שטענדיק באַמיט צו זיין ניכטער און זאַכלעך — ס'איז אים, פאַרשטייט זיך, ניט שטענדיק געלונגען... אָבער אין ארץ־ישראל איז ער געווען טיף פאַרוואָרצלט און אין די שפּע־טערדיקע יאָרן פון זיין לעבן איז אויך געפאַלן די מחיצה צווישן אים און יענעם דור פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, וואָס עד היום האָט ער נאָך די גרעסטע השפעה אויף דער באַוועגונג — דער דור פון דער צווייטער עליה. בעת איך האָב ניט לאַנג צוריק געלייענט זיינע רירנדיקע טרויער־ווערטער וועגן בערל קאַצענעלסאָן, האָב איך געפילט, אַז עס איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן די דיסטאַנץ וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון די מענטשן פון דער צווייטער עליה. דאָס איז אויך געווען די באַציאונג צו אים — פון דער אַנדערער זייט.

רעוווצקי איז אין משך פון די העכער צוואַנציק יאָר וואָס ער האָט געלעבט אין אַמעריקע געווען טעטיק ווי אַ יידישער זשורנאַליסט. ער איז ניט געווען צווישן די יידישע זשורנאַליסטן, וואָס פאַרכאַפּן „ביים ערשטן בליק". עס האָבן אים געפעלט אַלע אויסערלעכע מיטלען וואָס זיינען נויטיק צו פאַרכאַפּן אַ לייענער. זיין כוח איז ניט געלעגן אין שפּראַך אָדער סטיל. דערפאַר זיינען זיינע ידיעות שטענדיק געווען סאָלידע ידיעות. ער האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו לערנען. הינטער יעדן וואָרט איז געלעגן — געוויסן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און דער עיקר — אַלץ וועגן וואָס ער האָט געשריבן האָט אים גענאַרט.

דאָס איז געווען זיין שענסטע מידה ווי אַ מענטש און זשורנאַליסט — זיין זעלטענער ערנסט. דער דאָזיקער ערנסט האָט זיך קודם כל אָפּגעשפּיגלט אין די טעמעס וואָס ער האָט באַהאַנדלט. נעמען שטעלונג צו די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אויפן יידישן אָדער אַלגעמיינעם סדר־היום האָט ער באַטראַכט פאַר אַן ענין פון זשורנאַליסטישער פליכט; ניט נעמען קיין שטעלונג צו אַן עפנטלעכן ענין האָט פאַר אַ זשורנאַליסט פון זיין טיפּ געהייסן כמעט זיך אויסדרייען פון אַ פליכט. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע יידישע זשורנאַליסטן אין אַמעריקע וואָס פאַרדינען דעם נאָמען פּובליציסט, וואָרעם ער האָט זיך באמת אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט עפנטלכע ענינים, ניט מיט ברענגען צום אויסדרוק פּריוואַטע שטימונגען, פּריוואַטע „פילאָזאָפיעס",

אָדער ווער רעדט נאָך פּריוואַטע קריוודעס. און גראָד ער, דער טרייער פּאַרטיי־מענטש, האָט בעת ער האָט גענומען די פּען אין האַנט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע פּאַרטיי־צוימען און זיך איינגאַנצן געלאָזט פירן פון זיין אייגענעם שכל און געוויסן. ער האָט ניט געדאַרפט מורא האָבן פאַר אַזלעכע „פרייהייטן" — און זיין פּאַרטיי אויך ניט. וואָרעם עס איז ניט געווען קיין ספק, אַז דער מענטש האָט אַן עיקר, אַ צענטער. פון דעם האָט ער ניט געקענט אָפּנויגן. דאָס האָט אים אפשר באַגרענעצט — רעוווצקי האָט ניט געקענט שפּרינגען פון איין שטאַנדפּונקט צום צווייטן, פון איין אידעע צו דער צווייטער. אָבער דער דאָזיקער צימצום האָט זיין דענקען און שרייבן געגעבן געוויכט. מען האָט רעוווצקיס אַרטיקלען געלייענט מיט צוטרוי — דאָ איז ניט קיין מאַנופאַקטור פון „אידעען" לשמן; קיין אויסשטעלונג פון פלענער וואָס דער שרייבער אַליין ווייס, אַז זיי קענען קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן; קיין מוסר־זאָגן, צוליב דער הנאה פון זאָגן מוסר. מען האָט געוווסט, אַז מען לייענט אַן אַרטיקל פון אַ מענטשן וואָס איז מקפּיד ביים איבערגעבן פאַקטן, באַהאַנדלט דעם לייענער ווי אַ מענטש וואָס איז אַליין פעיק צו דענקען און פּרוביִרט קיינמאָל ניט באַ־האַלטן די אייגענע איבערצייגונגען און אפילו פאַראורטיילן הינטער דער פּרעטענזיע פון אַ פּרעטענציעזער „אומפּאַרטייאישקייט".

ווי אַ ציוניסטישער פּובליציסט און שריפטשטעלער האָט א. רעוווצקי כמעט ניט קיין גלייכן אין אַמעריקע. זיין בוך „יידן אין ארץ־ישראל", וואָס איז דערשינען אויף יידיש און ענגליש (די צווייטע ענגלישע אויפלאַגע איז אַרויס אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט) איז אַ מוסטער־ווערק פון אַן אינ־פאָרמאַציע־בוך פון העכערן סאָרט. דאָס איז ניט קיין פּראָפּאַגאַנדע־בוך. דאָ איז ניטאָ קיין איין פאַלשער טאָן. ס'ווערט ניט באַהאַלטן קיין איין שוואַכקייט; ס'ווערט ניט אויסגעמיטן קיין איין שוועריקייט. אַז מען שליסט דאָס בוך זעט מען פאַר זיך די ווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל — אָן פּראָפּאַגאַנדיסטישער שמינקע, אָן אַ רעטאָריש וואָרט. מען פילט אָבער אויך, ווי פעסט און תמימותדיק ס'איז געווען דער גלויבן פון דעם מענטשן וואָס האָט דאָס בוך געשריבן.

אברהם רעוווצקי איז געווען אַ תלמיד־חכם ניט נאָר אין זיין אַרבעט — נאָר אויך אין טאָגטעגלעכן לעבן, אין אומגאַנג מיט מענטשן, עפנטלעך און פּריוואַט. ס'איז געווען אַן עסטעטישע הנאה צו הערן זיינעם אַ רעפע־ראַט — דווקא דערפאַר וואָס ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער

אָראַטאָר, וואָס ער האָט זעלטן געהויבן דאָס קול, וואָס ער האָט ניט געשליפֿן זיינע ווערטער. אין פּריוואַטן געשפּרעך איז ער געווען אַ צו־הערער, ניט נאָר אַ זאָגער. אין פּריוואַטן געשפּרעך איז אויך געקומען צום אויסדרוק דאָס בעסטע וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן — זיינע זאָרגן וועגן די „קליינע ענינים" און די „קליינע עוולות", וואָס ווערן פֿאַרקוקט פֿון אַלע „גרויסע", זיינע ספקות עס איז שטענדיק געווען אָנגענעם צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס. ער איז געווען פֿריי פֿון די שוואַכקייטן פֿון מענטשן פֿון דער „ליטעראַרישער קאַפּע", ניט גערעדט קיין לשון־הרע, ניט מבטל געווען, ניט געלצעוועט. אויסערלעך האָט ער אויסגעזען ווי אַ טיפּישער יידישער אינטעליגענט פֿון יענע צייטן, אין אָנהויב פֿון אונדזער יאָרהונדערט — ווייניק אַכטונג געשענקט אויסערלעכקייטן, פֿאַרטאָן אין די אייגענע מחשבות, מילד אין זיינע באַנעמונגען, איידל און העפֿלעך („די העפֿלעכקייט פֿון האַרצן") צו יעדן איינעם, צו קליין און גרויס.

איך האָב ניט געהאַט די זכיה צו קענען בער באָראָכאָוון — אָבער איך האָב שטענדיק געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַברהם רעוווצקי איז אַ מענטש פֿון דעם זעלבן שורש. ניט קיין „תלמיד", ניט קיין נאָכזאָגער פֿון פּסוקים — נאָר אַ קרוב אין גייסט און געמיט. דער זעלבער דאָרשט נאָך וויסן, די זעלבע פֿעיקייט צו לערנען און איבער־לערנען, די זעלבע טרייקייט און מילדקייט, די זעלבע חיבת־ציון. זיי זיינען ביידע געקומען פֿון איין שורש — צווייגן פֿון דעם ווונדערלעכן אוקראַיִנישן יידנשטאַם. אברהם רעוווצקי האָט אונדז דערמאָנט וועגן דער שיינקייט פֿון יענעם שטאַם און יענעם דור — און זי וועט ווייטער לעבן אין אונדזער האַרצן.

(„דבר", 21 מערץ 1963)

# חיים גרינבערג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן

...איך האָב אים געקענט בלויז אין זיין אַמעריקאַנער תקופה. כ׳האָב געאַרבעט אין זיין מחיצה מער ווי צוואַנציק יאָר. ס׳האָבן אונדז אָפּגעטיילט ניט נאָר אונטערשיידן פֿון עלטער און מיינונג נאָר בעיקר פֿון מענטאַ־ליטעט און געמיט. אָבער די מחיצות האָבן ניט געוואָרפֿן קיין שאָטן אויף דער לייכטנדיקער געשטאַלט און כ׳בין אויף תמיד אים פֿאַרבליבן דאַנקבאַר פֿאַר דעם וואָס איך האָב זוכה געווען זיך ביי אים אויסצולערנען.

דאָס איז געווען אַ געשטאַלט פֿון אַן אויסגעשפּראָכענעם רוסישן יידן און ווען איך זאָג „רוסישן" מיין איך ניט דאָס אָפּשטאַמלאַנד נאָר די קולטור־וואָרצלען. מעגלעך אַז אויך דער דאָזיקער אַספּעקט האָט געשאַפֿן אַ שפּאַלט צווישן אים און דעם וואָס האָט ניט געשעפּט דירעקט פֿון דער דאָזיקער קולטור. זעט אויס, אַז ער איז געווען אַ ייד וואָס האָט פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל אָן צער און אָן בענקשאַפֿט. דאָס דאָזיקע פֿאַרלאָזן האָט אויך זיכער געלייגט זיין שטעמפּל אויף זיין ציוניזם, דער עיקר ביז זיין קומען קיין אַמעריקע. ניט געקוקט אויף זיין שטענדיקער נייגונג צו מעטאַפֿיזיק און צום תחום פֿון אמונה, איז זיין ציוניזם (אמת, אויף אַ זעלטן אינטעלעק־טועלן ניוואָ) געווען אַ פֿאַרמעלער, פּאָליטישער און וועלטלעכער. דער דאָזיקער ציוניזם איז געווען אייך נוסח פֿון רעוואָלט קעגן „געטאָ". מיט דער צייט ווען דער דאָזיקער ציוניזם איז אים געוואָרן דערווידער, פֿלעגט ער דערציילן אויף אים און אויף זיך גופֿא אין יענע טעג בייזוויליקע אַנעקדאָטן. היות ווי אין ליכט פֿון דאָזיקן ציוניזם איז דער „גלות" געווען אַ „טעות" אויב ניט קיין „זינד", לויט די רייד פֿון דיכטער, האָט דאָס האַרץ געצויגן צו יעדער זאַך צו וועלכער דער דאָזיקער פֿלעק האָט זיך ניט צוגעקלעפּט. דעריבער האָט דער יונגערמאַן געזוכט אַ טרייסט צווישן די רעשטלעך פֿון די קאַראַימער. אָבער נאָך דעם ווי ער איז געווען עט־לעכע מאָל אין זייער שול, וואָס איז געווען פֿריי פֿון די מומים פֿון דעם תלמודיש רבנישן יידנטום, איז ער אַרויס אינגאַנצן אַן אויסגעניכטערטער. גרויס איז געווען זיין קנאות פֿאַר העברעיש, ניט ווי אַ קעגנזאַץ צו רוסיש, פֿאַרשטייט זיך, נייערט צו יידיש. אין זיין יוגנט איז ער געווען נאָענט צו זאב זשאַבאָטינסקין וואָס איז געווען עלטער פֿון אים. ווען זיי האָבן

זיך געטראָפֿן, האָט זשאַבאָטינסקי געהאַלטן ביי זיין תקופה פֿון קנאות פֿאַר רעדן העברעיש. ביידע בחורים וואָס די שפּראַך זייערע איז געווען רוסיש און זייער יידישקייט־באַגאַזש ניט קיין היפשער, פֿלעגן רעדן „רק עברית" פֿון זייער ערשטער באַגעגעניש אָן. ער פֿלעגט דערציילן מיט אַן אָפֿענעם פֿאַרגעניגן וועגן דעם שפּאַס וואָס דאָס דאָזיקע העברעיש־רעדן פֿלעגט אַרויסרופֿן ביים קינסטלער פֿון דער שפּראַך און איר אַלטן קנאי א. דרויאַנאָוו, וואָס פֿלעגט זיך קאָכן פֿון צאָרן אונטער זיינע וואָנצעס: „אַ סך אומגליקן האָט דאָס פֿאָלק בייגעקומען און עס וועט אויך בייקומען דאָס אומגליק פֿונעם „דיבור העברי". מיט דער צייט איז די דאָזיקע קנאות אַריבער צום רעדן העברעיש אין די גאַסן פֿון אָדעס, אָבער ווען ביידע גוטע פֿריינד האָבן געוואָלט צוריק רעדן צווישן זיך רוסיש, וואָס איז געווען ביי זיי אַזוי נאַטירלעך, האָבן זיי שוין געקענט בלויז שטאַמלען, און אַזוי האָבן זיי ווייטער גערעדט העברעיש אַלע טעג פֿון זייער פֿריינד־שאַפֿט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן עטלעכע יאָר צוליב דער רעוויזיאָ־ניסטישער מחלוקת, און איז אַ ביסל באַנייט געוואָרן אויף זשאַבאָטינסקיס איניציאַטיוו אין זיינע לעצטע יאָרן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דאָס האָט דערציילט גרינבערג.

כ'האָב מורא אַז ווען ער איז געווען געצוווּנגען, קומענדיק קיין אַמע־ריקע, אַריינצוגיין אין אַ טעטיקייט אויף יידיש בעל פּה און בכתב, איז אים די זאַך ניט איבעריק געפֿעלן געוואָרן. מיט דער צייט האָבן אַלע אין אים געזען איינעם פֿון די גרויסע קינסטלער פֿון וואָרצלדיקן און הויך קולטורעלן יידיש און די שפּראַך איז אים טייער געווען אַזוי ווייט, אַז עס פֿלעגט אים אויסקומען אויסצודריקן אין אַ פּריוואַטן שמועס (אפשר אויך כדי צו דערצערענען אַביסל זיין מיטשמועסער דעם קנאי פֿאַר עברית) זיין חשש, צי האָבן ניט אַמאָל קיין טעות געהאַט די וואָס האָבן געזען אינעם פֿאַרבייטן יידיש אויף עברית, איינעם פֿון די גרונטשטיינער פֿון יידישן רענעסאַנס.

די לענגסטע, פּרוכטבאַרסטע און רייפֿסטע עפּאָכע אין זיין לעבן איז געווען די אַמעריקאַנער און ניט באַר דערפֿאַר וואָס דאָס זיינען געווען זיינע רייפֿע יאָרן. ער האָט ליב געהאַט די פֿאַראייניקטע שטאַטן מיט יענער ליבשאַפֿט וואָס מ'געפֿינט צווישן די אימיגראַנטן פֿון מזרח־אייראָפּע, אַ גאָר באַזונדערע יידישע ליבשאַפֿט צו אַמעריקע. יענע באַוווּסטע רעדע זיינע וועגן דעם באַזונדערן יידישן גלות אין אַמעריקע, אַ גלות פֿון אַ „לבנה־נאַכט", די רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן אין יאָר 1951 אין ירושלים

און וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ שטורמישן וויכוח, איז ניט אַרויסגעדרונגען פון אַן אַנאַליז פון דער לאָגע אַזוי ווי ער האָט זי געזען, נאָר פון האַרצן. כ׳געדענק די דיסקוסיע וואָס פלעגט זיך תמיד אָנהויבן פון דאָס ניי יעדעס יאָר צווישן אים און דעם בוכהאַלטער, ווענכער פלעגט אים צוגרייטן זיין שטייער־דעקלאַראַציע. יעטוועדער גוטער אַמעריקאַנער בירגער האַלט פאַר זיין חוב אַביסל זיך אַרויסצודרייען פון שטייערן. דער בוכהאַלטער פלעגט זיך באַמיען אים איבערצייגן ער זאָל זיך פירן ווי אַן אַלטער און געטרייער אַמעריקאַנער. גרינבערג פלעגט אָבער כסדר טענהן: ניין, איך וויל עס ניט. כ׳בין געבוירן און אויסגעוואַקסן אין אַ לאַנד ווו כ׳האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי איבערצוקליגלען די גזירות פון רשעותדיקן מלכות, אָבער איצט ווען כ׳האָב די געלעגנהייט זיך צו פירן קאָרעקט, צי וועל איך מוותר זיין דערויף?

אין אַמעריקע האָט גרינבערג געלערנט דאָס וואָס ווערט אין איר „אָריגינעלער״ פילאָזאָפיע באַטראַכט ווי דער פּראַגמאַטישער אופן פון דענקען. אָט דער פּראַגמאַטיזם איז נאָך עד היום אַ צווייפלהאַפט וואָרט אויסער אַמעריקע — צי צוליב זיין נידעריקן מעמד אינעם לייטער פון די גרויסע פילאָזאָפישע שיטות, צי צוליבן חשד אַז ער איז ניט עפּעס מער ווי אַן אינטעלעקטועלער הכשר פאַרן אָפּאָרטוניזם. אָבער די פּאַטערס פון דעם אַמעריקאַנער פּראַגמאַטיזם זיינען געווען וויליאַם דזשיימס, די לייכטנדיקסטע מענטשלעכע געשטאַלט צווישן די „לעבנס־פילאָזאָפן״ פון 20־סטן יאָרהונדערט (דער מחבר פון דעם טייערן בוך „די פאַרשידענע פאָרמען פון דער רעליגיעזער איבערלעבונג״, וואָס איז אויך פאַראַן אין אַ העברעישער איבערזעצונג), און דזשאָן דיואי, דער נאָבעלער קעמפער פאַר אַמעריקאַנער ליבעראַליזם אויף אַלע לעבנס־שטחים, וואָס זיין גע־שטאַלט — און די געשטאַלט פון זיין דענקען — איז דער דערהויבענער וועלטלעכער גלגול פון דער נאָנקאָנפאָרמיסטישער פּראָטעסטאַנטישער ירושה פון דער אַלטער פּיאָנערישער אַמעריקע. די דאָזיקע לויטערע קוואַלן פון אַ פּראַגמאַטיזם וואָס איז אין זיין מהות אַ מאָראַלישער און רעליגיעזער, פון אַ דענקען, וואָס דיריגירט די טאַט און העלפט איר, פון אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט געווידמעט די באַדערפענישן פון דער שעה, זיינען אַזוי ווי געווען די שלייפער פון דער „אייביקייט״, האָבן ניט וויניק געשפּייזט די סאָציאַלע, יידישע און ציוניסטישע מחשבה פון חיים גרינבערגן. ווי אַ מנהיג און דענקער אין דער באַוווסטזיניקער און מיט ווילנסקראַפט אָנגעפילטער יידישער מחנה, האָט גרינבערגס פערזענלעכקייט אַרויסגע־

לויכטן איבער אַלע. זיין איינוואָרצלען זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן
איז אָנגעגאַנגען אומזיכער און פאַמעלעך. פון אָנהויב האָט זיך זיין השפעה
אָנגעזען אין באַגרענעצטן קרייז פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַ־
וועגונג, וואָס איר גרויסע מערהייט האָט געשטאַמט פון מזרח־אייראָפּע און
גערעדט יידיש. אָבער אין די לעצטע צען־פופצן יאָר איז דער עכאָ פון
זיין פערזענלעכקייט און זיין השפעה ווייט אַרויס איבער די גרענעצן פון
דעם קרייז און האָט זיך אויסגעשפרייט איבער דער גאַנצער יידיש־אַמע־
ריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט. איך קען ניט נאָך אין יידיש־געזעלשאַפט־
לעכע פערזענלעכקייט וואָס האָט אין דער דאָזיקער תקופה זוכה געווען
צו אַזאַ הויכער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער אויטאָריטעט. די
אָנערקענונג און דער פרעסטיזש זיינען אפילו אַריבער דעם יידישן תחום.
כ׳געדענק ווי שטאַרק מיר זיינען געווען איבערראַשט און פאַרשטייט זיך
אויך שטאָלץ ווען ריינהאָלד ניבאָ דער טיפישסטער פון די פראָטעסטאַנ־
טישע טעאָלאָגן אין אַמעריקע און אין דער ענגליש רעדנדיקער וועלט בכלל
האָט אָנגעוויזן אויף חיים גרינבערגס רעליגיעז־סאָציאַלן דענקען און באַ־
דויערט וואָס אַמעריקע קען אים ניט ווי געהעריק.

איך שטעל זיך פאָר, אַז זיין פעלן מוז זיך דאָרט פילן אין די לעצטע
צען יאָר. מיט זיין גאַנצער פראַגמאַטישער ניכטערקייט איז גרינבערג
געטריי געווען זיין ראַדיקאַלן ציוניזם. ניט געקוקט אויף דעם רעאַליזם
וואָס האָט געשטעקט אין זיין אַנאַליז פון דער ווירקלעכקייט וואָס דורך
אים האָט ער געזען דעם יידישן קיבוץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין
זיין אַנדערשקייט פון די יידישע קיבוצים אין וועלכע ס׳איז אויסגעוואַקסן
די ציוניסטישע באַוועגונג, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט אַזוי
ליב געהאַט די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, האָט ער ניט מוותר געווען
אויף די געדאַנקען וואָס ליגן אין יסוד פון קלאַסישן ציוניזם און אויף
די גלוסטונגען צו אַ פולער גאולה. בלויז ער אפשר וואָלט געקענט אין
דער דאָזיקער תקופה ווייזן אַ וועג דעם אַמעריקאַנער יידנטום וואָס שטעקט
טיף אין אַן אַפאַטיע פון אַ ווילשטאַנד־געזעלשאַפט און וואָס זיין יידיש
האַרץ לאָזט אים דאָך ניט רוען און דערלאָזט ניט עס זאָל אינגאַנצן פאַר־
זונקען ווערן. ווען מיר וואָלטן זוכה געווען און ווען זיינע ליפן וואָלטן
ניט פאַרשטומט געוואָרן, וואָלטן געהערט געוואָרן זיינע רייד, ניט קיין
הויכע און פוסטע מוסר־רייד, נאָר זאַכלעכע, שטילע, אפילו פאַרזיכטיקע
און אומזיכערע און דאָך אַזעלכע וואָס טרעפן אין פינטעלע, אין מקור
אַריין, וואָס אַנטפלעקן דעם אמת און דעראָבערן דאָס האַרץ.

אין אַמעריקע איז אויך דערגאַנגען זיין יצירה שבכתב צו איר פולער, רייכער אַנטפּלעקונג. („ניטאָ ביי אים קיין ניט רייף וואָרט" — האָט אַמאָל וועגן זיין שרייבן געזאָגט אין אַ שמועס שלמה ביקל). זיינע שריפטן אין יידיש זיינען איינגעזאַמלט געוואָרן אין 3 בענד און אַ גאַנץ היפשער טייל וואָרט נאָך איינגעזאַמלט צו ווערן. צו וואָס האָט זיך זיין פּען ניט צוגע־רירט? צו די פּראָבלעמען פון מענטשן, פון אמונה, פון פאָלק, צו פילאָ־זאָפיע און טעאָלאָגיע, צו פּראָבלעמען פון פּאָליטישע רעזשימען, צום סאָצ־יאַליזם. מיר פירן זיך, אַז מיר זאַמלען איין די ווערטער פון אונדזערע פירער ביי זייער לעבן און אוודאי שוין נאָך זייער טויט. ס'טרעפט אַז אַזאַ זאַמלונג איז ניט מער ווי עפּעס אַ חוב אָפּצוגעבן איינגערעדטן כבוד. אָבער גרינבערגס ירושה איז אַ ממשותדיקע, אַ לעבעדיקע, אַן אינספּירירנדיקע. פאַראַן אין זיי אַ סך ניט נאָר פאַר וועמען די זאַכן זיינען בשעתו געשריבן געוואָרן נאָר אויך פאַר אונדז.

(„דבר", 21.3.1963)

# אברהם מענעס

מיט אַ וואָך צוריק איז אין ירושלים געבראַכט געוואָרן צו קבורה אברהם מענעס. געשטאָרבן איז ער אין ניו־יאָרק אין זיין 72־סטן לעבנס־יאָר און אין זיין צוואה האָט ער פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים קובר זיין אין ארץ־ישראל.

זיין נאָמען איז מיר ניט געווען באַקאַנט ביז ס׳איז מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט אַריין אַ מאמר מיט זיין אונטערשריפט אין איינעם פון די נומערן „פרייע שריפטן״, וואָס איז אַרויס אין פּאַריז אין די 30־ער יאָרן. דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון די דאָזיקע שריפטן איז געווען ד״ר י. נ. שטיינבערג ז״ל — אַ מענטש מיט אַ זייער מאָדנער ביאָגראַפיע. ער איז געווען איינער פון די אָנפירערס פון דער פּאַרטיי פון די לינקע סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן (די עס־ערן זיינען געווען רוסישע סאָציאַליסטן וואָס האָבן זיך געשטיצט ניט אויפן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויפן רוסישן פּויער, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע ציוויליזאַציע האָט ניט קאַליע געמאַכט זיין תמימותדיקע נשמה און וועלכער איז במילא באַשטימט געווען צו זיין דער טרעגער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דעם דאָזיקן גלויבן אין רוסישן פּויער האָבן געטראָגן ניט נאָר אמתע רוסן, נאָר אויך עטלעכע יידן און דווקא ניט קיין איבעריק דאָרפישע, למשל חיים זשיטלאָווסקי). אין קעגנזאַץ צו די רעכטע עס־ערן זיינען שטיינבערג און זיינע חברים צוגעשטאַנען צו לענינס ערשטער רעגירונג און ער אַליין האָט פאַרנומען אין איר דעם אַמט פון יוסטיץ־מיניסטער. ס׳איז ניט אַוועק קיין סך צייט און שטיינבערגן איז צו זיין איבערראַשונג קלאָר געוואָרן, אַז לענין און דזשערזשינסקי האָבן זייערע אייגענע השגות וואָס שייך רעכט און געזעץ, ספּעציעל אין פּרט פון דער אויספירונג. שטיינבערג איז אַנטלאָפן און געוואָרן אַ טייל פון דער רוסישער עמיגראַציע אין בערלין, ווו ער איז טעטיק געווען צווישן די עמיגראַנטן, פאַרטרעטן זיין פּאַרטיי אין אינטער־נאַציאָנאַל. אָבער שטיינבערג, דער פירער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּויערים, איז אויך געווען אַ יידישער ייד, אַ שטאַרק אָפּגעהיטענער שומר מצוות. בעת זיינע גלות־יאָרן האָט ער אויך אָנגעהויבן זוכן אַ לייזונג פאַר דער יידן־פראַגע און איבער אַלץ האָט ער געזוכט עפּעס אַ פּאָסיקע טעריי־

טאָריע פאַרן פאָלק ישראל. זיין אַנטוויִשונג אין דעם ענין האָט אים געמאַכט פאַר איינעם פון די פאַרביסנסטע אַנטי־ציוניסטן.

די „פרייע שריפטן" זיינען געווען זייער אַ פיינע צייטשריפט. דערמיט איז זי ווונדערלעך ענלעך געווען אויף זיין אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר, וואָס איז געווען אַ סימפּאַטישער מענטש מיט אַ שיינער באָרד און אַן אָנגענעמער שטים: „פרייע שריפטן" האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גרופּע יידן פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, וואָס האָבן אַלע געהאַלטן אַז „עטישער סאָציאַליזם" איז אַ סך פיינער ווי אַ סאָציאַליזם וואָס איז ניט אַזוי עטיש, אַז אידעאַליזם איז פיינער פון מאַטעריאַליזם און אַז אפילו גלויבן אין גאָט איז פיינער פון ספקות און פון כפירה. אַלץ איז געווען זייער פיין, אָבער ס'האָט געקענט אויפוועקן אַ געדאַנק אַז דאָס איז שוין צופיל פיין.

און אָט האָב איך געלייענט אין איינעם פון די העפטן אַ מאמר פון אברהם מענעס. די געשריבענע ווערטער האָבן גלייך צוגעשמידט, היות ווי ס'איז אין זיי ניט געווען גאָרניט פון דער פּאַטעטישער פּליסיקייט וואָס פלעגט געוויינלעך כאַראַקטעריזירן די דאָזיקע העפטן. זיינע ווערטער האָט דער מחבר ניט אַרויסגעבאָרגט פון דעם אידעאָלאָגישן וויסנשאַפטלעכן ווערטערבוך און אויך ניט פון דעם פּאָעטישן ווערטערבוך פון די וואָס האָבן זיך אין „אידעאָלאָגישן" ווערטערבוך אַנטוישט. די ווערטער זיינען כמעט געווען איינגאַנצן גראָ. אָבער פון דער גראָקייט האָט אַרויסגעשטראַלט ליכט. דער מחבר האָט ניט געשריבן וועגן דעם וואָס איז אָנגענעם און געוווּנטשן, נאָר וועגן דער אומפאַרמיידלעכער נויטווענדיקייט. ליידער האָב איך ניט דעם אַרטיקל פאַר די אויגן, כ'געדענק אָבער זייער גוט זיין טעם. אויך ער האָט גערעדט וועגן דעם עטישן און וועגן דעם עסטעטישן, אָבער דאָס זיינען ניט געווען קיין סתם ווערטער. ס'האָט אויסגעזען ווי דער מענטש זאָל שטיין איינגעבויגן איבער דער ערד און זאָל אַרויסנעמען פון זאַמד פּאַמעלעך, אָפּגעהיט, קליינע, גראָע שטיינדעלעך, אפשר גרונט־שטיינער פאַר עפּעס אַ פאַרבאַהאַלטענעם און פאַרהוילענעם יש.

כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט ווער איז אברהם מענעס און מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אַלטער בונדיסט, וואָס געהער אָבער ניט צו די עסקנים פון דער פּאַרטיי. ער איז אַ מענטש מיט וויסן, וואָס האָט אָנ־געשריבן אַ בוך אין דייטש וועגן די סאָציאַלע ווערטן פון די נביאים — אַ תנ"ך פאָרשונג, און דאָס איז אַ זעלטענע און ווונדערלעכע צונויפפאָרונג. נאָענט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מענעס אָנגעקומען קיין

אַמעריקע צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע פּליטים פון פראַנקרייך. כ׳האָב באַשטעלט אַ טרעפונג מיט אים.

אויסגעזען האָט ער ווי אַ יידישער יושב אוהל (על כל פנים אַזאַ ווי אין דער אידעאַלער איקאָנאָגראַפיע), אַ קליינער, מיט קליינע באַוועגונגען, מיט ווייניק רייד, מיט אַ שטילער און ווייכער שטים. די שטריכן פון זיין פּנים האָבן צוגעצויגן דאָס אויג, ווייל ס׳איז געווען אין זיי עפּעס פון ווייטן מזרח. (אַמאָל פלעג איך זיך וווּנדערן וואָס אַ טייל פון מיינע ליבסטע פריינד, אָפּשטאַמיקע פון מזרח־איירָאָפּע האָבן געהאַט, מער אָדער ווייני־קער, „כינעזישע״ אָדער „יאַפּאַנישע״ פּנים־שטריכן). זיין אָנטייל אין אונ־דזער שמועס איז געווען אַ קנאַפּער, אַן אָפּגעהיטענער, ס׳האָט זיך ביי אים אַרויסגעפילט אפילו אַ שטיקל חשד. איך האָב אָבער דערגרייכט מיין ציל. כ׳האָב אים פאַרבעטן אָנטיילצונעמען אין „אידישער קעמפּער״, דעם וואָכנ־זשורנאַל פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי וואָס איך האָב רעדאַגירט.

ס׳איז געווען קענטיק אַז ער איז אַביסל דערשטוינט געוואָרן. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן צי כ׳ווייס צו וועלכער פּאַרטיי ער איז צוגעבונדן. כ׳האָב אים געענטפערט אַז כ׳ווייס אַז ער איז אַ בונדיסט און אַז דאָס איז פאַר מיר ניט וויכטיק. ער פאַרנעמט זיך דאָך מיט פאַרשיידענע זייער וויכטיקע ענינים וואָס שטייען אויסער אַ פּאַרטיי־דיסקוסיע. און כ׳האָב צוגעגעבן אַז אויב ער וועט אונדז וועלן געבן אַן אַנטי־ציוניסטישן מאמר, וועלן מיר אים געַרן אָפּדרוקן און מיר וועלן זיכער מיט אים דיסקוטירן. ס׳איז געווען צו זען אַז דער גאַנצער ענין איז נאָך פאַר אים געווען אויס־טערליש. ער האָט אַ שטיקל צייט נאָכגעטראַכט און צום סוף געזאָגט: אַ גרויסן דאַנק פאַר דער אומגעווויינלעכער פאַרבעטונג. ער וואָלט זי מיט פאַרגעניגן אָנגענומען. אָבער איין זאַך האַלט אים אָפּ: ס׳איז דאָך קלאָר, אַז מיר, דער „בונד״, זיינען „באַזיגט״ געוואָרן. דער יסוד איז צעשטערט געוואָרן און איר, ציוניסטן, האָט „געזיגט״. איך ווייס עס און כ׳האָב סימפּאַטיע דערפאַר וואָס איר טוט. אָבער איבערגיין אין דער דאָזיקער שעה פון דער מחנה פון די „באַזיגטע״ צו דער מחנה פון די „זיגער״ — דאָס קען איך ניט.

אין האַרצן האָב איך זיך געזאָגט: ווי טייער איז דער מענטש דווקא מיט זיין אָפּזאָגן! צי איז פאַראַן אַ מער איידעלע געטריישאַפט ווי אַ געטריישאַפט צו אַ פאַרלוירענעם ענין? און נאָך האָב איך זיך געטראַכט: געווען בונדיסטן און בונדיסטן. איז דאָך אויך י. ח. ברענער אַ קורצע צייט געווען אַ מין „בונדיסט״; און ער האָט אפילו רעדאַגירט זייערע אַ

צייטונג. אמת, דערמיט איז ער געווען אַ יוצא דופן. זיכער איז ער אפילו אויף קיין קורצער צייט ניט פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דער אידעאָלאָגיע פון „בונד“, מיט זיינע אָנשויאונגען און רעצעפּטן פאַר דער קרענק פון דער מענטשהייט און פאַר די פּלאָגן פון ישראל. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן: „די אמתע אידעאַליסטן גיבן זיך תמיד אָפּ מיט די מאַטעריעלע „גראָבע“ באַדערפעונישן פון די מענטשן און זאָרגן פאַר זיי זייער גאַנץ לעבן, וויסנדיק גענוי וואָס אַ שטיקל ברויט און אַ קריגל וואַסער קענען מאַכן פון אַ מענטשן“. און מער ווי דאָס: „די געהויבענע גייסטער, די וואָס זיינען באמת מיסטיש, רעליגיעז, ריין, דווקא זיי וואָס אין מאַטעריעלן זין קענען זיי זיך באַנוגענען מיט אַ מעסטל באָקסער, שטרעבן דערצו אַז די מענטשן זאָלן זיין זאַט, זאָלן אַרומגיין מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן, זיין צוגעבונדן צו דער וועלט און ניט מורא האָבן פאַר יענער וועלט“.

זיכער זיינען געווען בונדיסטן וואָס דער מקור פון זייער צוגעבונדנקייט צו זייער פּאַרטיי איז געווען די שנאה וואָס זיי האָבן געפילט צו זייערע טאַטעס, די פאַראַכטונג צו דער טראַדיציע און די זעלבסט־שנאה. און געווען אַזעלכע וואָס זייער געטריישאַפט איז אַרויסגעדרונגען פון זייער איבערגעגעבנקייט צום יידישן אַרבעטער, צום אָרעמאַן וואָס איז געשטאַנען פאַר זייערע אויגן און דערפאַר איז אַלץ וואָס איז געווען אויסער דעם געווען פאַר זיי אַזוי פרעמד און אפילו פאַרדעכטיקט. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָב איך געלייענט וועגן איינעם אַן אַלטן בונדיסט פון די ראשונים פון דער פּאַרטיי „ירחמיאל“ (דאָס איז געווען זיין קאָנספּיראַטיווער פּסעוודאָנים) וויינשטיין, פון די וואָס זיינען אַריבער צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אָנהויב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און איז שפּעטער געשטאָרבן אין אַ סאָוויעטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. ס'ווערט וועגן אים דערציילט, אַז פאַר זיין טויט, ווען מ'פלעגט אים שלעפּן פון איין לאַגער אין אַנדערן, פלעגט ער זיך געזעגענען פון זיינע חברים מיט די ווערטער: „צו אַלע יידן וואָס וועלן אַהערקומען זאָגט אין מיין נאָמען: ירחמיאל האָט געזאָגט לשנה הבאה בירושלים“.

עטלעכע חדשים נאָך אונדזער ערשטן שמועס האָב איך באַקומען פון מענעסן זיין ערשטן אַרטיקל. אויב כ'האָב קיין טעות ניט, האָט ער צום מאמר ניט צוגעגעבן קיין שום דערקלערונג פאַרוואָס ער האָט געענדערט זיין מיינונג. זינט דאַן איז ער געווען איינער פון אונדזערע שטענדיקע און טייערסטע מיטאַרבעטער.

ער האָט ניט געשריבן וועגן פּאָליטישע ענינים — ניט אין „קעמפער“

און דאַכט זיך מיר אויך ניט אין „פאָרווערטס״, אין וועלכן ער האָט זיך געדרוקט ביז זיין טויט. אין יענע טעג, אין די חורבן־יאָרן, האָט זיך מענעס פאַרטיפט אין דער געשטאַלט פון דער יידישער קהילה אין מזרח־אייראָפּע, ספּעציעל אין אירע סאָציאַלע פאָרמען און אינסטיטוציעס, די „חברות״ צו לערנען תורה און פאַר טראָגן הילף נצרכים און פאַר קעגנזייטיקער הילף. אין זיי האָט מענעס אַנטפּלעקט דעם וווּנדער פון אַ געזעלשאַפט, וואָס האַלט אויף סאָלידאַריטעט אָן צוואַנגמיטלען פון דער מדינה און אין דעם האָט ער געזען דעם העכסטן און פולסטן אויסדרוק פון יידישער קולטור און פון יידישן זשעני אין אַלע דורות. איך האָב אָבער מורא, אַז איך רעזומיר דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע אַרטיקלען מיט ווערטער וואָס זיינען ניט זיינע, מיט צו סכעמאַטישע ווערטער. ער האָט בלויז איבער־געגעבן וועגן דעם וואָס ער האָט אויסגעפונען אין די כראָניקעס, אין די ספרי זכרונות, אין דער העברעישער און יידישער ליטעראַטור, די תקנות פון די דאָזיקע „חברות״, זייערע מנהגים און פירעכצן. דאָס ליכט האָט אַרויסגעשטראַלט פון די מעשים אַליין. מ׳האָט כמעט ניט באַדאַרפט גאָרניט צוגעבן צו זיי. איך בין ניט באַרופן צו פּסקענען וואָס ער האָט מחדש געווען ווי אַ היסטאָריאָגראַף. זיין חידוש איז באַשטאַנען אינעם באַלייכטן די זאַכן מיטן ליכט פונעם עיקר, מיט זיינע אויגן וואָס האָבן געזוכט דעם עיקר. (מיט דער צייט האָט ער רעזומירט זיינע פאָרשונגען אין זיין אַר־בעט: „די מזרח־אייראָפּעישע תקופה אין דער יידישער געשיכטע״ אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע״ — „יידן״ באַנד ד׳, דובנאָוו־פאָנד, ציקאָ ניו־יאָרק 1950, אָבער אין ערשטן מקור זיינען די זאַכן געווען ערשטע און מער פּערזענלעכע).

דער רושם פון די זאַכן וואָס מענעס האָט צונויפגענומען און פאַר־עפנטלעכט איז בשעתו געווען אַ גרויסער. ס׳איז געווען אוממעגלעך צו לייענען למשל אַזאַ אַרטיקל ווי וועגן די מנהגים וואָס ס׳האָט איינגעפירט וואָלאָזשין מיט אירע ישיבה בחורים, אָדער ווי אַזוי אַן אַנדער שטעטל האָט מקיים געווען די מצווה פון ביקור חולים, און ניט דערשיטערט ווערן דערפון אַז איצט, אין די מינוטן, ווערט דאָס אַלץ פאַרשניטן.

אין יענע טעג איז אין אונדזער וואָכנבלאַט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ בריוואויסטויש צווישן מענעסן און חיים גרינבערגן אין ענינים פון אמונה און דת — איינער פון די אינטערעסאַנטסטע דאָקומענטן אויף דעם געביט אין אונדזער ליטעראַטור און מאָדנע זיינען געווען די שטעלונגען פון דיביידע. גרינבערג איז פון זיין יוגנט אָן געווען אַן איבערצייגטער

טעיסט און דער גלויבן אין אַ גאָט אין זיין גאַנצער האַרבקייט איז ביי אים געגאַנגען פאַר זיין געטריישאַפט צום גאָט פון ישראל, צו דער אמונה וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון דור צו דור. ווי ס׳זאָל ניט זיין, די ביידע גלויבנס זיינען לויט אים געווען אָפּגעשיידט איינער פון צווייטן און ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער דאָזיקער טעאָרעטישער צעטיילונג הן צוליב דער מורא פאַר אַ חילול השם וואָס איז אין קולט פון טראַדיציע לשם טראַדיציע, הן צוליב דעם קיום האומה. דער אָפּשטאַמיקער פון „בונד״ האָט פאַרטיידיקט די איינִיקייט, די צונויפגעבונדנקייט פונעם פאָלק און זיין תורה. אין מיינע אויגן איז גרינבערגס אַרגומענטאַציע געווען אָן אַן ערך שטאַרקער פון מענעסעס, אָבער ווונדערלעך איז געווען זיין מיטשמועסער (ווייל ביידע האָבן געשמועסט צווישן זיך און ניט דיסקוטירט), דער בונדיסט, וואָס האָט אין זיין דביקות ניט געקענט אָפּטיילן צווישן גאָט און זיינע גלויביקע, צווישן דעם פאַרהוילענעם, דעם פאַרבאָרגענעם און דער געשיכטע פון די וואָס רופן אָן זיין נאָמען.

מיט אומגעפער אַ יאָר צוריק איז מענעס געקומען מיט זיין משפּחה אויף אַ וויזיט קיין ישראל. איך שטעל זיך פאָר אַז דער דאָזיקער ערשטער וויזיט איז געקומען אַזוי שפּעט צוליב מאַטעריעלע טעמים. ער האָט ניט געהערט צו די שליחים וואָס האַלטן אין איין אַרומפאָרן אויפן חשבון פון כלל. כ׳האָב געוווּסט אַז אין די זיבעצן יאָר וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען האָט ער אַ סך דורכגעמאַכט. ער האָט איבערגעלעבט אַ זייער שווערן קריזיס צוליב אַ פאַל וואָס עס האָט געטראָפן אין זיין משפּחה, אַזאַ וואָס טרעפט זיך איצט אָפט אין די יידישע פאַמיליעס אין אַמעריקע — אָבער דעם געוועזענעם בונדיסט האָט עס דערשיטערט ביז צום גרונט.

כ׳האָב פאַר זיך געזען דעם מענטשן וואָס כ׳האָב געקענט בעת זיינע ערשטע יאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט אַז ער איז אַביסל לייכטער. אין זיינע אויגן איז געווען אַ שיין פון הומאָר, וואָס האָט זיך פריער אַזוי שטאַרק ניט אָנגעזען. וועגן זיינע איינדרוקן איבער ישראל האָבן מיר כמעט ניט גערעדט. ס׳איז ניט נויטיק געווען. די ווייניקע ווערטער זיינע וואָס האָבן באַרירט די טעמע און דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָבן געזאָגט בלויז דאָס: דאָס איז די ווירקלעכקייט, דאָס עקזיסטירט. ער האָט געוואָלט באַזוכן אַ קיבוץ און כ׳האָב אים פאַרגעשלאָגן צו באַזוכן איינעם אַ גרויסן קיבוץ ווו עס געפינט זיך מיינע אַ פריינדין וואָס וועט אים דאָרט מדריך זיין. מיינע פריינד אין קיבוץ האָבן מיר שפּעטער דערציילט וועגן דעם וויזיט. דער מענטש האָט געוווּנען

זייערע הערצער מיט דער זאַכלעכקייט און דעם ערנסט פון זיינע פּראַגעס, וואָס זיינען כלל ניט ענלעך געווען אויף די פּראַגעס און די אַנטציקונגען פון טוריסטן.

מער ווי די רייד האָט זיך אין מיין האַרצן איינגעקריצט די געשטאַלט. אויף זיינע פּנים־שטריכן, זיין חיתוך הדיבור און זיין שמייכל איז געלעגן אַ יראת שמים. ווען איך פּעלג זיך אין אים איינקוקן פלעג איך טראַכטן: ס'טרעפט אַז דו גייסט אַרויס אין גאַס פון אַ שטאָט אין דער פרי, זעסט די פּנימער פון די פאַרבייגייענדיקע — און אָט קומט דיר אַנטקעגן אַ מענטש און דווקא אַ מענטש אָן אויסערלעכע יידישקייט־סימנים און לויטן אויסדרוק פון זיין פּנים ווייסטו אַז ער האָט שוין היינט געדאַווענט. אַזאַ פּנים האָט מענעס געהאַט תמיד.

אין אונדזער ערשטן שמועס אין ניו־יאָרק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיר שטאַמען פון איין שטאָט, פון גראָדנע, און ער איז תמיד פאַרבליבן פאַר מיר אַ בן־עיר. אין מיין קינדהייט בין איך אַרויסגעריסן געוואָרן פון מיין שטאָט, אָבער זי האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן פון מיין זכרון. ווען כ'בין אויסגעוואַקסן אין דער פרעמד האָב איך געוואָלט זיך באַקענען מיט איר געשיכטע. איינס פון די ביכער איבער גראָדנע הייסט: „עיר גיבורים״ (די שטאָט פון גיבורים), גראָדנע איז שטאָלץ געווען מיט אירע קדושים און מיט אירע מקדשי־השם פון אַמאָל. אָבער בעת מיר זיינען געווען קינדער, האָבן אונדז אונדזערע עלטערן דערציילט וועגן איינעם אַ קדוש, וואָס פלעגט אַרומגיין איבער די גאַסן און די מערק פון אונדזער שטאָט ביי אונדזער לעבן אָדער נאָענט צו אונדזער געבוירן ווערן. מיר האָבן אַלע געוווּסט ווער ס'איז ר' נחומקע — אַ פּשוטער ייד, פון די סאַמע פּשוטסטע, אַן אָרעמאַן ווי דאָס רוב יידן פון גראָדנע, וואָס די גאַנצע נויט און אַלע באַדערפענישן פון די גרעסטע נצרכים, פון די יתומים און אלמנות, פון די קראַנקע און אומבאַהאָלפענע זיינען געלעגן בלויז אויף אים פון אין דער פרי ביז ביינאַכט אַלע זיינע יאָרן.

אַלע האָבן געוווּסט אַז ר' נחומקע לעבט צווישן זיי. אָבער יעדע משפּחה האָט געהאַט איר אייגענע כראָניק. איינמאָל האָב איך גערעדט מיט מיין מאַמען, ווען זי איז שוין געווען אַ זקנה, אין ניו־יאָרק. מיין מאַמע האָט ניט געקענט קיין „היסטאָריע״. זי האָט געשטאַמט פון בעל מלאכהעס, ווייסטע אָרעמעלייט און אין דער קינדהייט האָט זי שוין געאַרבעט אין דער טאַבאַק־פאַבריק ביי אונדז אין שטאָט. זי פלעגט דערציילן אָן קיין שום כוונה, אָן שום אונטערשטרייכן דאָס וווּנדערלעכע וואָס אין אירע

דערציילונגען. זי האָט געדענקט איר זיידן און ווי אַזוי ער איז אַוועק פון דער וועלט. ער איז געווען געפערלעך קראַנק. ס׳איז געווען אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס, ער האָט שוין ניט געקענט אויפשטיין פון בעט און ער האָט געבעטן מ׳זאָל אים דערלאַנגען אַ גלאָז וויין. ער האָט קידוש געמאַכט מיט אַ לויטערער שטים מיט גרויס התעוררות און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה. פאַר מיר איז די דאָזיקע דערציילונג געווען וווּנדערלעך און פון דעם טאָן פון איר שטים און פון אויסדרוק פון אירע אויגן איז קענטיק געווען אַז מיין מאַמען איז אָנגענעם געווען אַרויסצוברענגען דעם זיידן אין איר זכרון און פאַר איר זון. זי האָט אָבער דערציילט ניט ווי וועגן אַ זאַך וואָס איז איבער אונדזער פאַרשטאַנד, נאָר ווי וועגן איין פּרט פון דער אַנאָנימער משפּחה־כראָניק וואָס האָט געקענט פאַרגעסן ווערן און וואָס זי האָט זיך כמעט צופעליק אין אים דערמאָנט. און אָט האָט זי זיך דערמאָנט אין אַנדערע, עלטערע פאַר איר, אין דער משפחה. זי האָט געהאַט אַ פעטער. בעת ער איז געווען אַ קינד, האָבן אים די „כאַפּערס" געכאַפּט און אָפּגעגעבן צו דינען אין צאַרישן מיליטער ווי אַ „קאַנטאָניסט". פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער געדינט. דאָס קינד איז אויסגעוואַקסן אַ מענטש און פאַרבליבן אַ ייד. דאַן איז ער צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין. אָבער ער איז אין איר געווען פרעמד, ווייל אַזוי פיל יאָרן איז ער געהאַט פאַרבליבן צווישן גויים. דאָס האָט ער ניט געקענט אויסשטיין און אין איינעם אַ טאָג האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין טייך ניעמאַן אַריין.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אין די דערציילונגען פון מיין מאַמען ווען כ׳בין געזעסן מיט אברהם מענעסן בעת זיין ערשטן וויזיט אין ישראל. דאָס איז געווען זיין שטאָט.

(„דבר", 7 נאָוועמבער 1969)

# קיבוץ גלויות

## (דאָס קולטור־פּנים פון דער נייער ארץ־ישראל)

### 1

עטלעכע דורות האָט זיך דאָס בילד פון דער נייער שיבת־ציון פאַרגעשטעלט אין אידילישע פאַרבן. עס וועלן עולה זיין די וואָרצלדיקסטע און די גאַנצסטע יידן; פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועלן זיין מזרח־איראָפּעישע יידן, זיין פון דעם קיבוץ פון „יידישע יידן". (קיינער האָט זיך דאָך ניט פאָרגעשטעלט, אַז מאַסן מערב־איראָפּעישע יידן, אַסימילירטע יידן ניט בלויז לויט זייערע איבערצייגונגען, נאָר אין דער טאָט, זאָלן מיט אַמאָל עולה זיין קיין ארץ־ישראל). אָט די דאָזיקע יידן, וואָס אפילו אין די יענעקע צווישן זיי וואָס האָבן באַוווסטזיניק זיך אָפּגעטרייסלט פון דער יידישער ירושה, לעבט די דאָזיקע ירושה בעל כרחם, וועלן קומען קיין ארץ־ישראל — און מיט זיך ממילא מיטברענגען זייער טיף וואָרצלדיקע יידישקייט. דאָרטן, אונטער די נייע באַדינגונגען, וועט פיל אין דער יידישער ירושה געענדערט ווערן, באַקומען אַ נייעם פּנים — אָבער דער עיקר וועט בלייבן, אין באַנייטע פאָרמען.

ווי די מערסטע חלומות פון די לעצטע דורות, איז אויך דאָס ניט מקויים געוואָרן. דער ישוב אין ארץ־ישראל בויט זיך פון דער יידישער קאַטאַסטראָפע. ארץ־ישראל איז ניט, ווי פּרץ סמאָלענסקינס אַ העלד האָט געזאָגט, אַ מקלט פאַר „בזירי ישראל", נאָר אַן אַנטרינונגס־פּלאַץ פאַר יידישע פליטים פאַר וועמען אַלע טירן זיינען פאַרמאַכט. אפילו די יעניקע צווישן זיי, וואָס זיינען קיין ארץ־ישראל ניט געגאַנגען דורך אַ צופאַל, וואָס עס האָט זיי אַהין געטריבן עפּעס אַן אַנטשלוס, אַ באַגער און אַ ווילן, זיינען אויך אין לאַנד געקומען, ווי יידן, ווי יידישע קולטור־מענטשן — נאַקעט און באָרוועס. דער היטלערישער אַנטיסעמיטיזם איז געקומען הונדערט און פופציק יאָר נאָך דער עמאַנציפּאַציע; זיין האַק האָט ניט געטראָפן אין קיין געזונטן בוים, נאָר אין אַ פאַרטריקנטן שטאַם. די פּלוצעמדיקע קאַטאַסטראָפע האָט אוודאי ניט ווייניק דייטשע יידן אויפגערודערט ביז די טיפענישן און אין זיי אויפגעוועקט אַ ווילן צו זוכן אַן אָנשלוס אַן דעם יידישן פאָלק, אָבער אויך זיי האָבן מיט זיך געבראַכט אַ מאָגערע

יידישע צידה לדרך — און בלויז די אויסערגעוויינלעך אייפּערדיקע צווישן זיי אָדער די גאָר יונגע האָבן באַוויזן באמת צו שלאָגן וואָרצלען אין דעם יידישן לעבן און אין דער יידישער קולטור.

די דייטשע עולים שטעלן מיט זיך טאַקע פאָר גאָר אַ גרויסן פּראָצענט פון די איינוואַנדערער אין די לעצטע צען יאָר און פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אויסער זיי איז אַלץ אומפּראָבלעמאַטיש. מיר פאַרגעסן אָפטמאָל, אַז די יידישע קיבוצים אין מזרח־אייראָפּע זיינען אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות שוין אויך ניט געווען דאָס וואָס זיי זיינען געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. מזרח־אייראָפּע איז טאַקע געווען דער גרויסער קוואַל פון יידישן לעבן און יידישער קולטור אין אונדזער צייט — אָבער מיר פאַרגעסן, אַז אין די לעצטע יאָרן איז אויך דער דאָזיקער מקור שטאַרק פאַרטריקנט געוואָרן. היסטאָריש, האָט דער אומגליק, וועלכער האָט אין די לעצטע פינף יאָר דערגרייכט זיין מוראדיקן קלימאַקס, זיך אָנגעהויבן אין אויגוסט, 1914. די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט די אייראָפּעישע וועלט אַראָפּגעוואָרפן פון די רעלסן, איז אויך ניט פאַרבייגעגאַנגען יענע יידישע קיבוצים, וואָס האָבן געלעבט אין אירע גרענעצן. יעדע נייע סאָציאַל־פּאָליטישע אויפטרייסלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע פינף און צוואַנציק־דרייסיק יאָר, האָט אויך לויזער און שוואַכער געמאַכט די וואָרצלען פון יידישן לעבן אין אייראָפּע. די ערשטע פון די דאָזיקע אויפטרייסלונגען איז געווען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איינער פון די פאַרשפּרייטסטע טעותן צווישן אונדז איז די איינרעדעניש, אַז יעדער יידישער קיבוץ איז אויטאָנאָם, אַז ער שפּייזט זיך פון זיך אַליין. דער אמת איז, אַז ערגעץ ווו אונטער דער אויבערפלאַך באַגעגענען זיך אַלע אונדזערע וואָרצלען, און דער דאָזיקער פלאָנטער ציט זיין לעבנס־יניקה פון איין קוואַל. ווערט אָפּגעהאַקט אָדער פאַרטריקנט איין צווייג — ליידט דערפון דער גאַנצער בוים. די גאַנצע יידישע געשיכטע פון דער מאָדערנער צייט איז אַ שורה פון אַזעלכע פאַלן. פריער איז געקומען דער נסיון פון דער עמאַנציפּאַציע אין די מערב־לענדער; נאָכדעם איז געקומען די גרויסע טראַנספּלאַנטאַציע פון מיליאָנען מזרח־אייראָפּעישע יידן מעבר לים — דאָס זיינען נאָך אָבער געווען „נאָר־מאַלע פּראָצעסן". מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה הויבט זיך אָן אַ סעריע פון אויסערגעוויינלעכע געוואַלט־געשעענישן. דאָס רוסישע יידנטום, די שעפעריש־יידיש אוקראַינע און וויכטיקע פּראָווינצן פון דער יידישער רייסן (ווייסרוסלאַנד), ווערט אָפּגעריסן פון דעם מזרח־אייראָפּעישן קיבוץ: אין

די גרענעצן פון דער דאָזיקער איזאָלירטער וועלט ווערן מיט געוואַלט עלימינירט פיל וויכטיקע עלעמענטן פון יעדן גאַנצן יידישן קולטור־לעבן — יידישע רעליגיע, העברעיש, חיבת ציון. די איזאָלאַציע פון אוקראַינישן יידנטום האָט זיך טאַקע אָפּגערופן זייער שווער אויף יענע קלענערע יידישע קיבוצים, וואָס זיינען מיט אים געווען אַמנאָענטסטן פאַרבונדן — ליטע און לאַטוויע. אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָט דעם ערשטן און צענטראַלן פּלאַץ אין דער יידישער מזרח־אייראָפּע פאַרנומען פּוילן. דאָרטן איז די השכלה אַריינגעדרונגען שפּעטער, ווי אין די אַנדערע טיילן פון מזרח־אייראָפּע. די וועלטלעכע יידישקייט האָט דאָרטן דורכגעמאַכט איר בלי־פּעריאָד אין דער תקופה פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אָבער אויף דעם דאָזיקן זאַפטיק־יונגפרוילעכן באָדן האָט זיך פאַנאַנדער־געבליט ניט נאָר די נאַציאָנאַל־פּאָזיטיווע יידישקייט אין אַלע אירע נוסחאות, נאָר צוזאַמען מיט איר אויך די שפּראַך־און קולטור־אַסימילאַציע. דאָס פּוילישע יידנטום האָט דער אַסימילאַציע אַרויסגעוויזן ווייניקער באַוווסט־זיניקן ווידערשטאַנד, ווי דאָס רוסישע יידנטום אין דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד. דער דור יידן, וואָס האָבן אין דער אַלטער רוסלאַנד געשאַפן יענע באַוועגונגען און אידעאָלאָגיעס, פון וועלכע מיר אַלע ציען אונדזער יניקה עד היום, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט צוויי מעלות — פון איין זייט, מאָראַלישע עקשנות, און פון דער אַנדערער זייט — גייסטיקע באַוועגלעכקייט און שעפערישקייט. אפילו אַזאַ דערשיינונג ווי דער באָראָכאָווישער פּועלי־ציוניזם, וואָס מיר זאָלן וועגן אים ניט טראַכטן ווי אַן אידעאָלאָגישע שיטה, איז דאָך געווען דער אויסדרוק פון אָט דער מענטאַליטעט: ער האָט זיך געגערט פון אַ ווילן צום יידישן קיום, וואָס קיין זאַך האָט ניט געקענט ברעכן און אַן אינטעלעקטועלער רירעוודיקייט, וואָס האָט פּרובירט דעם דאָזיקן ווילן צו „לעגיטימיזירן”, אין גייסט פון דער צייט. אין דער צווישן־מלחמהדיקער פּוילן האָט דער יידישער לעבנס־ווילן ניט אַרויסגעוויזן אַזעלכע כוחות און פעיקייטן. פון איין זייט, איז דווקא געוואָרן קלאָרער ווי ווען עס איז אין דער פאַר־מלחמהדיקער רוסלאַנד, וואָס פאַר אַן אילוזיע עס איז די האָפענונג אויף דער דערלייזנדיקער אַסימילאַציע; פון דער אַנדערער זייט, איז ארץ־ישראל שוין ניט געווען קיין סעיף אין אַ פּראָגראַם, נאָר אַ רעאַל אימיגראַציע־לאַנד אין אַ תקופה פון געשלאָסענע טירן אין די גרויסע אימיגראַציע־לענדער מעבר לים. אָבער נאָך שטאַרקער איז געווען דאָס טוליען זיך צו די חיי שעה — אַן

פּראָגראַמען און אידעאָלאָגיעס, אָן דער האָפענונג, אַז די דאָזיקע חיי שעה פירן אין אַ סאָציאַלן גן־עדן.

ס'איז ניט געווען נאָר אַן ענין פון פּלאַץ, פון דעם כאַראַקטער פון אַ באַשטימטן יידישן קיבוץ — נאָר אויך פון דער צייט, פון דעם אַלגע־מיינעם קלימאַט פון דער צווישן־מלחמה־וועלט. דער דור האָט זיך שוין מיט און פאַר זיין יידישקייט ניט געראַנגלט מיט יענער אינטענסיווקייט, וואָס לעבט נאָך עד היום אין שריפטן פון ביאַליק און בערדיטשעווסקי און ברענער. מען איז געניויגט געווען ענינים אָנצונעמען ווי זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייטן — אַזוי די פּוילישע אַסימילאַציע, אַזוי דער בונדישער סאָציאַליסטישער אויטאָנאָמיזם, אַזוי אפילו דער ציוניזם. די יידישע לי־טעראַטור אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, מיט אירע וויכטיקע טאַלאַנטן און דערגרייכונגען, שפּיגלט אָפּ דאָס חיי־שעהדיקע לעבן פון כלל אָדער יחיד; ניטאָ אין איר קיין סימן פון ראַנגלעניש מיט די גורל־פראַגעס פון דער אומה. און די העברעישע ליטעראַטור, וואָס דער צער האומה און דער חשבון האומה זיינען שטענדיק געווען איר סאַמע תוך, איז צווישן די צוויי מלחמות אין מזרח־אייראָפּע אינגאַנצן פאַרשטופּט געוואָרן אין אַ ווינקל, ווו זי האָט געפירט ניט קיין איבעריק פרוכטבאַרע עקזיסטענץ. די יעווסעקישע האַק, וואָס האָט חרוב געמאַכט איר לעבנס־צענטער, רוסלאַנד, און די כסדר וואַקסנדיקע קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל האָבן אויסגעשעפּט די כוחות וואָס האָבן אין איר געלעבט אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט.

עס איז פאַראַן אַ געשיכטלעכע השגחה, כאָטש מיר פאַרשטייען ניט אירע טונקעלע סודות און אירע גרויזאַמע דרכים. די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אין אָנהויב פון דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געעפנט אַ פאָרטקע דורך וועלכער פאַרוואָרצלטע יידישע כוחות האָבן זיך געראַ־טעוועט פון אייראָפּע — און דורך דעם אויך אָפּגעהיט גרויסע יידישע טראַדיציעס פון דער פולשטענדיקער פאַרטיליקונג וואָס איז שפּעטער געקומען. די מענטשן אַליין — די טויזנטער אוקראַאינער חלוצים וואָס זיינען קיין ארץ־ישראל געקומען גלייך נאָך דער מלחמה און דער רעוואָ־לוציע און די צענדליקער טויזנטער פון דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן — האָבן זיך באַטראַכט ווי ערשטע; אוודאי ניט ווי לעצטע. פיל פון זיי האָבן מסתמא אויפן וועג מיט זיך אפילו מיטגענומען דאָס געפיל, אַז זיי זיינען אָפּטריניקע, אַז זיי פאַרקערעווען זיך ערגעץ אָן אַ זייט פון עיקרדיקן יידישן לעבן. (מען דאַרף צוגעבן, אַז די סענסיטיווע מענטשן פון אַלע

עליות, די יעניקע וואָס האָבן ניט מורא געהאַט פאַר „מיסטישע" פאַר־געפילן, האָט געמאַטערט די אַנונג, אַז יעדער ייד וואָס קומט קיין ארץ־ישראל, איז, ווי בערל קאַצענעלסאָן פלעגט זיך אָפּט אויסדריקן, אַ „אוד מוצל מאש" — „אַ האָלעוועשקע וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פון פייער").

די מאַסן־איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל האָט זיך אָנגעהויבן בערך מיט צוואַנציק יאָר צוריק — מיט די „גראַבסקי־עולים" פון פוילן פון די יאָרן 1924־25, אָבער אמת־באַדייטנדיקע פּראָפּאָרציעס האָט זי אָנגע־נומען ערשט אין די דרייסיקער יאָרן. צווישן 1931 און 1942 זיינען קיין ארץ־ישראל אַריינגעקומען 350 טויזנט יידן. דאָס זיינען געווען, מסתמא אין דער מערהייט, יידן וואָס זיינען קיין ארץ־ישראל געגאַנגען ניט אויס פרייען אויסוואַל, נאָר דערפאַר וואָס קיין אַנדער וועג איז פאַר זיי ניט געווען אָפן. און אַזוי איז ארץ־ישראל געוואָרן אַ קיבוץ גלויות אויך אין אַן אַנדער זינען — אַ זאַמל־פּלאַץ פון די פאַרשיידענע מינים גלותדיקייט. גראָד אין ארץ־ישראל האָט מען אין די לעצטע יאָרן געקענט זען וואָס עס איז אין משך פון דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט געשען מיט יידן אין די פאַרשיידענע גלות־לענדער. יעדער יידישער קיבוץ און יעדער יחיד האָט קיין ארץ־ישראל געבראַכט זיינע וווּנדן, זיינע נשמה־ריסן, זיינע פע־לערן, זיין האָרב. אין ארץ־ישראל האָבן מיר געזען ווי וויט ס'איז ביי אונדז אין די לעצטע יאָרן אַוועק דער פּראָצעס פון „אויס פאָלק ווערן", ניט נאָר אין מערב־איירָאָפּע, נאָר אויך אין מזרח־איירָאָפּע.

אין די יאָרן פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָט אויך אין מזרח־איירָאָפּע אָנגעהויבן מקויים ווערן דאָס וואָס יוסף קלויזנער האָט אַמאָל באַצייכנט מיטן טערמין „דע־היסטאָריזאַציע". דער טיפּ פון אַ יידן וואָס איז אַ בן בית אין דער אַלטער רעליגיעזער יידישער קולטור, וואָס ס'איז אים אינטים נאָענט אפילו דאָס וואָס ער וואַרפט אָפּ אין דער יידישער קולטור־ירושה — איז געוואָרן אַ גרויסע זעלטנהייט. אפילו די מערסטע חלוצים האָבן שוין ניט געהאַט קיין צוטריט צו מקורות; די העברעישע קולטור איז באַשטאַנען אין ארץ־ישראלדיקן ליד און אַביסל לאָזונגען גע־נומען פון אַן אַנטאָלאָגיע פון דער „ספרות עבודה". און מען דאַרף זיך דערויף ניט וווּנדערן. די פאַרשיידענע ריכטונגען און שטרעמונגען אין דער יידישער קולטור האָבן אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר געפירט אַ שאַרף איזאָלירטע עקזיסטענץ. י. טאַבנעקין האָט לעצטנס, אין אַ רעדע וועגן ב. קאַצענעלסאָן, דערציילט, ווי אַזוי אין אָנהויב פון אונדזער יאָר־הונדערט איז אַ ניי העפט „השלוח", מיט אַ ליד פון ח. נ. ביאַליק, געווען

אַן איבערלעבונג ניט נאָר פאַר דער ציוניסטישער יוגנט, נאָר אויך פאַר בונדיסטן. דאָס איז שוין אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות כמעט ניט מעגלעך געווען. אייגנטלעך, איז יעדע פּאַרטיי־ריכטונג געוואָרן אַלץ מער און מער אַ — פאָלק פאַר זיך. יעדע פּאַרטיי — מיט איר עקס־קלוזיווער אידעאָלאָגיע, מיט איר אייגענער „קולטור", מיט אירע „אייגענע" קלאַסיקער. עס איז דאָך שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז די אַלע וועלטלעכע ריכטונגען האָבן ניט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער וועלט פון דעם פרומען יידן. די אָרטאָדאָקסיע, פון איר זייט, איז אַלץ מער פּאָליטיזירט געוואָרן און האָט איר ענערגיע אַריינגעלייגט פיל מער אין פּאַרטייען און פּאַרלאַמענטן, ווי אין ישיבות. מען קען זאָגן, אַז וואָס מער „באַוווּסטזיניק" אַ ייד איז געוואָרן, וואָס מער ער האָט געטראַכט און געזאָרגט וועגן כלל־זאַכן — אַלץ מער אויסשליסלעך האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַנדערע יידן, בלויז ווי מיט פּאַרטיי־קעגנער, ניט ווי מיט קינדער פון דעם זעלבן פאָלק.

און אַזוי האָבן שיפן אין די לעצטע יאָרן אויך קיין ארץ־ישראל געפירט דאָס וואָס דער דיכטער יעקב שטיינבערג האָט אַמאָל גערופן „עם שלכת" („פאָלק פון פאַלנדיקע בלעטער") — די לעצטע גייסטיקע ענערגיעס פון פאָלק, דעם איבערבלייב פון דעם קולטור־חורבן וואָס איז פאָראויסגעגאַנגען דעם פיזישן אומקום.

**2**

איינער פון די אָרגאַנישסטע אימפּולסן פון דעם ציוניזם איז דער באַגער נאָך אַ גאַנצער קולטור. אין עמאַנציפּירטן גלות איז קולטור געוואָרן אַן ענגער אייגזייטיקער ענין — עפּעס וואָס איז כמעט אינגאַנצן באַשרענקט אויף דעם בוך. און דערפאַר וואָס הינטער אונדזער מאָדערנעם בוך איז ניט געשטאַנען, און ס'האָט ניט געקענט שטיין, קיין צענטראַלע אידעע, ווי אין די פריערדיקע דורות, איז דאָס געוואָרן אַ קולט פון בוך לשם בוך, פון יעדן בוך. דער מאָדערנער ענטוזיאַזם פאַר „קולטור" איז אייגנטלעך געבויט אויפן געפיל אַז שוין דורך באַרירן אַ בוך, שוין אָפּגערעדט פון עס לייענען, ווערט אַ מענטש „פאַרגייסטיקט" און „דערהויבן".

די ציוניסטישע אידעע (און ציוניזם איז, כאָטש מיר פאַרגעסן עס, ליידער, זייער אָפט, אַן אידעע, ניט נאָר אַן אונטערנעמונג) קען ניט פאַר־שטאַנען ווערן, אויב מען נעמט אַריין אין חשבון זיין ווידערשטאַנד קעגן דער דאָזיקער איינזייטיקער אויסטייטשונג פון קולטור. אַז מען נעמט אַריין אין חשבון דעם דאָזיקן מאָטיוו, ווערן פאַרשטענדלעך ביאַליקס געדאַנקען וועגן „הלכה און אגדה", בערדיטשעווסקיס צייטנווייז היסטערישע אָנגריפן

קעגן דעם „בוך" און „התאבנות הלב", ברענערס ביטערע קריטיק איבער דעם יידישן לעבן, א. ד. גאָרדאָנס געדאַנקען וועגן דער „הייליקייט פון אַרבעט". דער יסוד פון אָט די אַלע געדאַנקען, וואָס צייכענען זיך אַמאָל אויס מיט דער גרוזמאדיקער איבערשאַצונג פון איין פאַקטאָר אין נאַציאָנאַלן לעבן, נעמט זיך פון אַ לעכצן נאָך אַ יידישער קולטור, וואָס איז ניט באַגרענעצט בלויז אויפן בוך און אויפן וואָרט — אַ קולטור וואָס נעמט אַרום אַלע ספערעס פון פאָלקס־לעבן, זיין עקאָנאָמיק און פּאָליטיק, זיין שטאָט און דאָרף, לעבנס־סטיל און לעבנס־שטייגער, ליטעראַטור און קונסט.

דערפאַר איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די פּיאָנערן פון דער יידישער ארץ־ישראל האָבן צוגעשריבן אַזאַ צענטראַלע וויכטיקייט, פון שטאַנדפונקט פון נאַציאָנאַלער קולטור, דער פיזישער אַרבעט און דער זעלבסטשוץ. (און דאָ דאַרף מען צוגעבן: דער פּרווו פון א. ד. גאָרדאָן און י. ח. ברענער אויסצוטייטשן די יידישע געשיכטע אין ליכט פון איין אָדער צוויי פאַקטאָרן, עקאָנאָמישע „פאַרמיטלעריי" און פּאָליטישע מאַכטלאָזיקייט, איז זיכער געווען אומבאַרעכטיקט און האָט אויך טיילווייז געפירט צו אומגעוווּנטשענע פּעדאַגאָגישע רעזולטאַטן; דאָס שוואַכט אָבער בשום אופן ניט אָפּ דעם געזונטן אינסטינקט, וואָס האָט זיי געזאָגט, ווי ברענער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַז כל זמן אונדזער אונטערבוי איז וואַקלדיק זיינען אַלע אונדזערע גייסטיקע אויפשטייגן גאָרניט ווערט). עס זיינען ניט איינמאָל געמאַכט געוואָרן פּרווון צו אַנאַליזירן די „פילאָזאָפיע" אָדער די „רעליגיע" פון אַרבעט — פון אַ פילאָזאָפישן אָדער טעאָלאָגישן שטאַנדפונקט. אָבער אַזאַ קריטיק האָט קיינמאָל ניט געטראָפן אין פונקט. דער ווערטן־לוח פון דער נייער ארץ־ישראל איז ניט געשאַפן געוואָרן דורך פּראָפעסיאָנעלע פילאָזאָפן אָדער טעאָלאָגן — נאָר דורך מענטשן מיט אַן עכטן יידישן לעבנס־ווילן און גוטע אינסטינקטן.

ביי די פּיאָנערן פון די ערשטע עליות, און באַזונדערס פון דער צווייטער און דריטער עליה, וואָס האָבן אין דעם ערשטן און צווייטן יאָרצענדליק און דעם אָנהויב פון דעם דריטן יאָרצענדליק פון אונדזער יאָרהונדערט געלייגט די יסודות פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, איז די דאָזיקע אויפפאַסונג פון אַ יידישער קולטור ניט געבליבן קיין סתם־איבערצייגונג. די בעסטע ענערגיעס פון די דאָזיקע דורות זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין שאַפן די יסודות פון אַ יידישער מאַטעריעלער און סאָציאַלער ציוויליזאַציע. די סאַמע וויכטיקסטע קולטור־שאַפונג פון יידישן ישוב איז דאָס יידישע דאָרף. אָט דאָס דאָזיקע ווערק האָט

געפּאָדערט די בעסטע כוחות, די שווערסטע קרבנות, די בריהדיקסטע אייגנשאַפטן, די העכסטע מאָראַלישע קוואַליטעטן.

אין דעם באַוווּסטזיין פון דעם טרעגער פון יידישן אויפבוי האָט אויפן לייטער פון נאַציאָנאַלער חשיבות פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ — דער יידישער לאַנדווירט. עס זיינען געווען צייטן ווען ביי דעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער האָט זיך געמערקט אפילו אַ מין ווידערווילן קעגן בוכקולטור. די מענטשן האָבן אינסטינקטיוו געפילט, אַז די אינטעלעקטועלע פּראָדוקציע קומט ביי אונדז אָפּטמאָל ניט פון קיין אינערלעכער נויטווענדיקייט — אַז זי איז ביי אונדז געוואָרן איינע פון די „לייכטע מלאכות". און אַזוי האָט זיך לגבי איר געשאַפן אַ באַציונג פון פאַרדאַכט, פון „כבדהו וחשדהו".

די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פון דער שוין עקזיסטירנדיקער יידישער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל ליגן אין דער מאַטעריעלער, אין דער טעכנישער ספערע. די אויפטוען פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט זיינען צווישן די גרויסע וווּנדער פון אונדזער צייט. נאָך וווּנדערלעכער איז דער פּראָצעס פון איבער־דערציונג, וואָס האָט אונדז געגעבן דעם בויער פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט — וואָס האָט הענדלער־קינדער און אינטעליגענטן פאַרוואַנדלט אין בויער פון דערפער אין זומפּיקע טאָלן און אויף פעלזיקע בערג.

פּראָבלעמאַטישער זיינען די דערגרייכונגען פון דער יידישער ציוויליזאַציע אין דער סאָציאַלער ספערע. פון אויבנאויף קען אַזאַ באַהויפּטונג קלינגען משונהדיק. האָבן דען די אַרבעטער־ישובים, די קבוצה און דער מושב עובדים, ניט אַרויסגערופן די באַוווּנדערונג פון דער וועלט? אפילו אַ מענטש ווי סער אַרטור וואָקאָפּ, דער געוועזענער הויך־קאָמיסאַר פון ארץ־ישראל, האָט דאָך דערקלערט, אַז די אַרבעטער־ישובים שטעלן מיט זיך פאָר די וועלט פון איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין סאַמע מיטן פון אונדזער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע. איז דאָס טאַקע אמת; אָבער דאָס איז בלויז איין זייט פון דער מטבע. וואָס איז שייך די פאָרמען פון סאָציאַלן צוזאַמענלעבן, האָט די יידישע ארץ־ישראל אָן ספק געשאַפן עפּעס וואָס איז פון גרויסער און מוסטערהאַפטער באַדייטונג. אָבער אויב מען רעדט וועגן אַ יידישער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל, דאָס הייסט וועגן אַן אָרדענונג, וואָס איז פעיק צו רעגולירן דעם ווילזיין און די זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג ניט דערשטיקנדיק אינדיווידועלע מיינונגען און אינדיווידועלן געשמאַק, מוז דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע לעבן

פון דעם איצטיקן יידישן ישוב אַרויסרופן אויך טרויעריקע מחשבות. וועגן דעם ביטערן פּאַרטיי־קאַמף וואָס בושעוועט אין ארץ־ישראל הערן מיר אָפט טרויעריקע גרוסן. מיר האָבן לעצטנס געהערט וועגן די 24 פּאַרטייען, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטן צו דער אספת הנבחרים און די עטלעכע גרופּעס וואָס האָבן די וואַלן צו דער יידישער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג איבּ־גאַנצן באָיקאָטירט. און דאָס איז בלויז די אויבערפלאַך פונעם ענין.

מיר האָבן פריער, ריידנדיק וועגן דעם יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע ערב דעם חורבן, דערמאָנט, אַז די פּאַרטיי איז דאָרטן געוואָרן אַ סוראָגאַט פון פאָלק. די דאָזיקע טענדענץ איז ניט פאַרשווּנדן אויך אין ארץ־ישראל; פאַרקערט, זי האָט דאָרטן נאָך אָנגענומען שאַרפערע פאָרמען ווי אין די גלות־לענדער. בלויז אויף עטלעכע געציילטע געביטן האָט דער יידישער ישוב באַוויזן צו שאַפן און דערהאַלטן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. אָבער עס זיינען פאַראַן גענוג ספערעס פון נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס זיינען מאָנאָפּאָליזירט דורך די פּאַרטייען. אָט איז אַזאַ נאַציאָנאַלע גרונט־אינסטי־טוציע ווי די פאָלקסשול: אין ארץ־ישראל עקזיסטירן דריי פּאָליטישע שול־ריכטונגען — די אָרטאָדאָקסישע, די „אַלגעמיינע״, די הסתדרותישע. אויף אַזאַ לעבנס־וויכטיקן געביט האָט דער ישוב ניט אַרויסגעוויזן די פעיקייט צו שאַפן אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל באַפרידיקן די גרונט־הצטרכותן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס איז אַן ענין, וואָס קען מעגלעך ווערן בלויז דורך טאָלעראַנץ און פשרה, דורך פאַרקוקן פּאַרטיי־קולערע גרופּע־אינטערעסן אין נאָמען פון אַלגעמיינע עיקרים און אינ־טערעסן. אָבער די דאָזיקע טאָלעראַנץ און פשרה־גרייטקייט פעלט.

אָבער ניט נאָר אין דער פאָלקסשול קענען קינדער פון עלטערן מיט פאַרשיידענע פּאָליטישע סימפּאַטיעס און אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען ניט זיצן אויף איין באַנק; ס'איז אפילו שווער דערוואַקסענע מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען צו לעבן אויף איין שטח, אין איין ישוב. אָט זיינען אין ארץ־ישראל פאַראַן דריי ריכטונגען אין דער קבוצה־באַוועגונג — פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין איין פאָרם פון סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. פאַרוואָס זאָל אַן אָנהענגער פון א. ד. גאָרדאָן אָדער שלמה שילער ניט קענען וווינען אין איין דאָרף מיט אַ תלמיד פון קאַרל מאַרקס און ב. באָראָכאָוו? ווו איז דאָס בכלל געהערט געוואָרן, אַז שכנות און בירגערשאַפט אין אַ לאָקאַלן ישוב זאָלן זיין אָפּהענגיק פון אידעאָלאָגיש־פּאָליטישן אני־מאמין? אָבער אין דער קבוצה־באַוועגונג, דער קרוין פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, איז גראָד אין די לעצטע יאָרן געוואָרן אַלץ

שאַרפער און שאַרפער די טענדענץ צו „קולקטיביות רעיונית" („אידעאָ־לאָגישן קאָלעקטיוויזם"), אויף דער דאָזיקער „קולקטיביות רעיונית" זיינען שוין געשריבן געוואָרן ל"ב פירושים. אָבער אין לעצטן סך־הכל הייסט דאָך דאָס ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אָפּזונדערן מענטשן אפילו געאָגראַפיש לויט זייערע אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע איבערצייגונגען און סימפּאַטיעס. און וואָס פאַר אַן אומגליק דאָס מוז זיין פאַר דער נאָך יונגער, וואַקסנדיקער יידישער ציוויליזאַציע! דאָס הייסט דאָך: מיט געוואַלט שטערן יענעם קולטורעל־גייסטיקן שטאָפּוועקסל, אָן וועלכן קיין נאַציאָנאַלע ציוויליזאַציע קען ניט געמאָלט זיין. פאַר מענטשן פון אַ באַשטימטן טיפּ איז דאָס אפשר אַן אופן פון „זיך אויסלעבן". אָבער וואָס פאַר אַ ווירקונג קען אַזאַ איזאָ־לאַציע האָבן אויפן אויפוואַקסנדיקן דור? און די דאָזיקע איזאָלאַציע צווישן זיך, צווישן מענטשן וואָס זיינען דאָך אַזוי גורלדיק פאַרבונדן אין דעם עיקר, איז בלויז איין אַספּעקט פון אַן אַנדער, ברייטערער איזאָלאַציע. אָט זיינען אין ארץ־ישראל אויך פאַראַן רעליגיעזע חלוצים — אָבער מען קען זיך פּשוט ניט פאָרשטעלן, אַז אַזעלכע מענטשן זאָלן זיך געפינען אַ פּלאַץ אין אַ הסתדרותישן קיבוץ; זיי האָבן געבויט זייערע אייגענע ישובים. און אפילו די אַלטע עלטערן אין די קיבוצים לעבן אויך איזאָלירט — מיט זייער אייגענער קיך און עסצימער. כדי רעליגיעזע און ניט־רעליגיעזע יידן זאָלן קענען ווינען צוזאַמען אין אַ ישוב און עסן ביי איין טיש, וואָלט עמעצער געדאַרפט מאַכן אַ פּשרה — און גראָד די „פרייע", וואָרום מען קען דאָך ניט דערוואַרטן, אַז פרומע יידן זאָלן אָנהויבן עסן טרפות משום דרכי שלום. און דערויף איז ניטאָ דער כוח — און דער ווילן. אָבער איז די דאָזיקע איזאָלאַציע ניט קיין אומגליק פאַר דער זיך קריסטאַליזירנדיקער יידישער ציוויליזאַציע אין ארץ־ישראל? יעדע ריכטונג אין ארץ־ישראל איז געקומען מיט איר קולטור־פּעקל — און מיר ווילן דערפון שאַפן איין יידישע קולטור. קען דאָס געשען דורך באַוווּסטזיניקן עקשנותדיקן איזאָלירן זיך איינער פון צווייטן? אַלע פילן דאָך, אַז דער יידישער ציוויליזאַציע אין ארץ־ישראל פעלט נאָך דער אַלגעמיינער, פאַראייניקנדיקער יסוד, דער נאַציאָנאַלער קאָלאָריט און סטיל. און עס וואָלט דאָך געדאַרפט זיין קלאָר, אַז דורך קעגנזייטיקער איזאָלאַציע וועט דאָס ניט געשען — דאָס קען דאָך געשען בלויז דורך קעגנזייטיקער באַפרוכפּערונג. פאַרוואָס זאָל דער ייד, וואָס פּרובירט מיט אַלע כוחות זיך האַלטן אָן דער תרי"ג־מצוות־ירושה ניט זען פאַר זיינע אויגן דעם ברודער, וואָס האָט זיי פון זיך אָפּגעוואָרפן, ניט דערפאַר וואָס ער האָט אויף דעם דאָזיקן אופן געהאָפט

זיך אויסצוגלייכן מיטן ניט־ייד — נאָר אויס איפער פּאַר דער לעצטער „אויפריכטיקייט״? און פּאַרוואָס זאָל דער „פרייער״ און „וועלטלעכער״ פּאַר זיך ניט זען דעם ברודער, וואָס ראַנגלט זיך פּאַר זיין גלויבן ניט מיט פּאָליטיש־פּאַרטייאישע מיטלען, ניט צוליב מאַכט־אַמביציעס, נאָר אויס לויטערער אמונה אָדער ווילן צו אמונה? און פּאַרוואָס זאָלן די קינדער, וואָס וואַקסן אויס אין די דאָזיקע ישובים, פּאַר זיך זען בלויז אַ פּראַגמענטאַריש יידיש לעבן, און ניט זיין גאַנצע שפע, זיינע גרויסע שפּאַנונגען, בלויז זיינע אויבערפלעכלעכע פּאָליטישע פּראָגראַמען — און ניט זיינע טיפענישן?

די ביטערע פּאַרטיי־קאַמפן אין ארץ־ישראל, אויך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, שפּיגלען אָפּ עפּעס וואָס איז פיל וויכטיקער פון פּאָליטיק — דעם פּראָצעס פון שאַפן אַ פּאָליטישע קולטור, די חבלי־לידה פון לערנען די קונסט פון אַ פּרוכטבאַרן סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. דאָס איז פּאַר אונדז, אין דער איצטיקער סטאַדיע פון ארץ־ישראל־אויפבוי און פּאָלק־אויפבוי, וויכטיקער פון ריין אינטעלעקטועלע אָדער קינסטלערישע דערגרייכונגען. דאָס איז דער יסוד פון יעדן נאַציאָנאַלן לעבן; און פון דער פעסטקייט פון דעם דאָזיקן יסוד איז אויך אין גאָר אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק די גייסטיקע אויפנאַמס־פעיקייט פון פּאָלק און די פּראָדוקטיוויטעט פון זיינע שעפער.

פון דעם וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, קען זיך אפשר שאַפן דער איינדרוק, אַז דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז אָרעם אין אינטעלעקטועלע כוחות אָדער דערגרייכונגען. אַלע ווייסן, אַז דאָס איז בשום אופן ניט דער פּאַל. די בוך־פּראָדוקציע אין ארץ־ישראל איז גראָד אין די לעצטע יאָרן שטאַרק געוואַקסן. דאָס פּאַרלאַג־וועזן האָט זיך שטאַרק באַפעסטיקט און פּאַרצווייגט: די דריי אַרבעטער־פּאַרלאַגן („עם עובד״, „ספרית פועלים״ [השומר הצעיר] און „הוצאת הקיבוץ המאוחד״) האָבן אין משך פון צוויי־דריי יאָר אַרויסגעגעבן הונדערטער ביכער — אָריגינעלע און איבערגעזעצטע. אויסער די דאָזיקע דריי געזעלשאַפטלעכע פּאַרלאַגן, פונקציאָנירן אַ צאָל פּריוואַטע און האַלב־פּריוואַטע פּאַרלאַגן. דער מאַרק פון דעם העברעישן בוך איז באַדייטנדיק אויסגעברייטערט געוואָרן. עס דערשיינען איצט אין ארץ־ישראל אַכט טעגלעכע צייטונגען, עטלעכע וויכטיקע ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן, פּאָליטישע וואָכנבלעטער, וויסנשאַפטלעכע פערטליאָרביכער, אַ באַדייטנדיקע צאָל פּאַכזשורנאַלן. דער העברעישער

טעאַטער פירט אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ. עס פעלן ניט קיין אויסשטעלונגען פון מאָלער און סקולפּטאָרן.

אָבער דער ציוניזם האָט אונדז געלערנט: ליטעראַטור איז נאָך ניט קיין קולטור; אַ לעקציע און אַן אויסשטעלונג זיינען נאָך ניט קיין סימן פון אַ נאַציאָנאַלער ציוויליזאַציע. מיר ווייסן פון אונדזער דערפאַרונג, אַז תקופות, אין וועלכער אונדזער ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט איר רייכסטן אויפבלי, זיינען דאָך געווען תקופות פון גרויסער נאַציאָנאַלער ירידה. די בלום פון אינדיווידועלן טאַלאַנט האָט זיך צעשטראַלט מיט אַלע פאַרבן אויף די חורבות פון אַ פאָלקס־בנין.

די העכסטע דערגרייכונגען פון געשטאַלטנדיקן יידישן גייסט, פון זיין קינסטלערישן זשעני אין אונדזער צייט זיינען ניט קיין ביכער און ניט קיין טעאַטער, נאָר דאָס סאַמע געוועב פון אַ נאַציאָנאַלער ציוויליזאַציע — שטעט און דערפער, בשותפותדיקע שפּראַך און אַ לעבנססטיל, פּאָליטישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. די יסודות פון דער דאָזיקער ציוויליזאַציע זיינען שוין אין ארץ־ישראל געלייגט געוואָרן. דאָ און דאָרטן פעלט אַ ציגל — דאָ און דאָרטן ליגט אַ ציגל ניט גלייך. דאָס פאַרענדיקן פון דעם בנין איז אָפּהענגיק, קודם כל, פון מאַטעריאַלן און אומשטענדן. נחמן סירקין האָט בעת זיין באַזוך אין ארץ־ישראל סומירט זיינע איינדרוקן פון די קבוצות מיטן וואָרט: „דער גרעסטער פעלער פון דער קבוצה איז — וואָס מיר האָבן ניט קיין טויזנט קבוצות". די צוקונפט פון דער יידישער ציוויליזאַציע אין ארץ־ישראל איז, קודם כל, אָפּהענגיק פון איר קוואַנטיטאַטיוון וווּקס, פון צאָלן, פון באַפעלקערונג, פון קאָמפּאַקטע ישובים — און פון דער מאָס אומאָפּהענגיקייט וואָס דער דאָזיקער ישוב וועט געניסן. פיל חסרונות פון דער יידישער ציוויליזאַציע אין ארץ־ישראל זיינען אַ רעזולטאַט פון די אַנאָרמאַלע פּאָליטישע באַדינגונגען אונטער וועלכע זי אַנטוויקלט זיך. דער יידישער מענטש אין ארץ־ישראל איז אַן אויסער־געוויינלעך רירעוודיקער און אינטענסיווער פּאָליטישער מענטש. זיינע פּסיכישע ענערגיעס זוכן אַן אויסוועג — און אין אַ לאַנד, וואָס איז ניט פּאָליטיש זעלבסט־רעגירנדיק מוזן די דאָזיקע כוחות זיך אויסלאָדן אויף מאָדנע אומוועגן. זיינען דען ניט די ביטערע קאַמפן צווישן פּאָליטישע פּאַרטייען, געמיינשאַפט־פאָרמען און אידעאָלאָגיעס אין ארץ־ישראל אויך אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַנאָמאַליע? ווען די פּאָליטישע ענערגיעס פון אונדזער ישוב וואָלטן געקענט געריכטעט ווערן אויף אַ פּאָליטישן אָביעקט, אויף קאָנקרעטע פּראָבלעמען פון אַ נאָרמאַלן פּאָליטישן לעבן,

וואָלט דאָס זיכער אָפּגערייניקט די אַטמאָספער. דאָס פּאָליטישע וואָלט אויפגעשלונגען געוואָרן פון דער פּאָליטיק און ניט פּאַרפּלייצט די אַנדערע לעבנס־ספערעס. מיר מוזן אַזוי גלויבן, וואָרעם מיר קענען דאָך ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מיר זיינען אין גרונט ניט פעיק אויף אַן אייגענעם לעבן אין די אייגענע ד׳ אמות.

און אַזוי פירן אונדז אונדזערע לויזע מחשבות וועגן די פּראָבלעמען פון קאָנקרעטן קיבוץ גלויות אין דער איצטיקער ארץ־ישראל צום אויס־פיר, אַז ניט נאָר די רעטונג פון אונדזערע לעבנגעבליבענע און דער המשך פון יידישן ישוב, נאָר אויך די געזונטע געשטאַלטונג פון אַ יידישער ציוויליזאַציע אין ארץ־ישראל פאָדערן, ווי אַ פאָרבאַדינג — דעם יידנשטאַט.

(„אידישער קעמפער״, פסח תש״ח)

# העברעיש איז נאָך ניט אַלץ

מיר האָבן געהערט, אַז דער העברעישער שרייבער־פאַרבאַנד אין ישראל (אגודת הסופרים העברים בישראל) האָט אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פונעם יידישן שרייבער־פאַראיין אין לאַנד וועגן אָננעמען אים אַלס סעקציע. דער העברעישער שרייבער־פאַרבאַנד האָט ניט פאַרעפנטלעכט זיין באַשלוס און די מאָטיווירונג. עס איז אָנצונעמען, אַז דער מאָטיוו איז: דער פאַרבאַנד איז אַן אָרגאַניזאַציע אויסשליסלעך פון העברעישע שרייבער און ניט קיין אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון ישראל־שרייבער אָדער יידישע שרייבער. לויט מיין מיינונג איז דער דאָזיקער מאָטיוו נאָר אַ פאָרמעלער, און ווייל עס רעדט זיך וועגן יידיש און וועגן יידישע שרייבער, איינוווינער פון ישראל, וואָס לעבן זיך אויס אין דער דאָזיקער שפּראַך — איז דער באַשלוס פון העברעישן שרייבער־פאַראיין אַ שעדלעכער און באַליידיקט.

מיט יאָרן צוריק איז אויסגעבראָכן אַ שפּראַכן־מלחמה צווישן יידנטום פון מזרח־אייראָפּע און צווישן איר עמיגראַציע מעבר לים. דאָס איז געווען דער שווערסטער גייסטיקער קאַמף אין פאָלק, דאָס איז געווען מער ווי אַ קריג צווישן צוויי שפּראַכן. אונדז האָט זיך דעמאָלט אויסגעדאַכט, אַז די שפּראַכן זיינען כלים, באַטירלעכע כלים פאַר צוויי קעגנזעצלעכע יידיש־היסטאָרישע וועלט־באַנעמונגען. פון איין זייט — דער געשיכטלעכער פּאָזיטיוו פונעם גרויסן ניט־געקירצטן יידנטום, אין זיין ברייט און טיף, און פון דער אַנדערער זייט די איבערפלאַכלעכע דאָקטרינערישע „פּראָג־רעסיווקייט", וואָס איז אָפּגעריסן פונעם יסוד.

אָבער איצט מוז מען מודה זיין, אַז די ישראל־ווירקלעכקייט באַשטע־טיקט ניט די דאָזיקע הנחות פונעם עברית־פאַנאַטיקער, וואָס האָט אין העברעיש געזען אַן אויטאָמאַטישע גאַראַנטיע פאַר יידיש־פאַרוואָרצלונג.

אין גאַנג פון איר ווונדערבאַרער אויפלעבונג, האָט די העברעישע שפּראַך אויך אַרויסגעבראַכט אַ קענטיקע אייגנשאַפט צו דינען ווי אַ װערקצייג פונעם יידישן ניהיליזם, צו וועלכן עס איז ניט דערגאַנגען דער אַזוי שטאַרק אַנטי־טראַדיציאָנעלער יידישיזם.

אַ חוץ אפשר ביי אייניקע פון די עקסטרעמע אידעאָלאָגן פון דער „יעווסעקציע" איז אין ערגעץ ניט געווען אַזאַ ראַדיקאַלער איבעררייס מיט

דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, ווי ער קומט פאָר אין ישראל. אין דער אמתן, איז דאָס רוב פון דער העברעישער פּרעסע און ליטעראַטור דער קוואַליטאַטיווער רוב — שוין דורכאויס כנעניש אָן שום פונק צו וועלכער עס איז יידישער פאַרגאַנגענהייט, אָן שום דערנענטערונג צו יידן, וואָס געפינען זיך מחוץ ישראל — דאָס איז אַ ניי באַשעפעניש אַ לעוואַנטיניש־קאָסמאָפּאָליטיש, און עס גייט ניט בלויז אין דער גלייכגילטיקייט, אין דער „נייטראַליטעט" פון די דאָזיקע כנענים צו אַלגעמיין יידישע ענינים. עס וואָלט שוין איצט מעגלעך געווען אויפצושטעלן אַ העברעישע אַנטי־סעמיטישע אַנטאָלאָגיע און דאָס איז כלל ניט געזאָגט געוואָרן וועגן כלומרשטן „אַנטיסעמיטיזם" פון י. ח. ברענער. עס איז גאָרניט קיין צופאַל, וואָס דער ערשטער „עברי"־מאַניפעסט (געמיינט דעם מאַניפעסט פון די אַזוי גערופענע כנענים — איבערז.) איז דערשינען אין יאָר 1940, ד. ה. אין אָנהויב פון דער יידן־אויסראָטונג אין איראָפּע.

אין פאַרגלייך מיט דעם דאָזיקן מצב, דאַרף מען מודה זיין, הערשט איצט אַן אַנדערער גייסט אין דעם איבערבלייב פון דער יידישער ליטע־ראַטור. עס זעט אויס, אַז זי האָט געירשנט פיל פון די אייגנשאַפטן, וואָס צוליב זיי זיינען מיר אַזוי צוגעבונדן צו דער נייער העברעישער ליטעראַ־טור: דעם צער פון פאָלק, די לעבעדיקייט פון זכרון, געטריישאַפט. איך וועל ניט פסקענען וועגן דער איצטיקער קינסטלערישער הויך פון דער יידישער ליטעראַטור, די אָנגענומענע מאָס פאַר דער דאָזיקער הויך איז, פונקט ווי פאַר דער העברעישער ליטעראַטור, אַ פאַרלייכטערנדיקע אין אַ פאַרגעבערישע, אָבער איך בין מודה, אַז ווען איך אַנטלויף פון לייענען „לויפיקע" העברעישע ליטעראַטור צו אַזאַ דערציילער ווי באַשעוויס — פיל איך זיך ווי איך וואָלט אַרויס פון אַ וויסטן מדבר, אָן געשטאַלט און אָן פאָרם, צו אַ לאַנד, וואָס גאָט האָט געבענטשט מיט דעם אַלעם.

און צוליב דעם לויערט ניט מצד יידיש קיין שום סכנה פאַר העברעיש. יידיש איז ניט קיין פרעמדע שפּראַך. זי איז ניט עלול צו עפענען אַ טיר צו דער „גרויסער וועלט". אויך אַ בוך אין יידיש האָט ניט קיין אויס־זיכטן פאַרקויפט צו ווערן מער, ווי אין צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן. די נאָענטקייט פון יידיש באַערט ניט דעם מענטשן מיט דעם „כבוד", צו וועלכן ניט וויניק בענקען אַזוי שטאַרק אין ישראל. די יידישע ליטע־ראַטור דערמאָנט מער דאָס „געטאָ" און דאָס „פאַרעיפּושטע שטעטל" (לויט דעם אויסדרוק פון אַ באַוווסטן העברעישן קריטיקער און טיפן „קאָמענטאַטאָר" פון עגנונען, אַן אָפּשטאַמיקער פון סלאָוואַקיע, אויב איך

בין זיך ניט טועה), און דעריבער איז ניט פֿאַראַן אין איר קיין שום „סכנה״ יידיש איז מער אַן אויטענטיש־יידישער ענין, ווי אַן ענין, וואָס זאָל צו־ציען די הערצער פֿון די אויטענטישע „ישראלים״. וואָס האָבן זיי (די „ישראלים״) אַ שייכות צו אַ שפּראַך, וועלכע האָט ניט קיין שום אינטער־נאַציאָנאַלע פּאָזיציע, אַ שפּראַך, וועלכע קאָן ניט דינען ווי אַ בריק צו דער „בעסערער געזעלשאַפֿט״, צו גוטע קאָנטאַקטן און צו אַ גוטער פּרנסה אין ישראל און אין חוץ לארץ?

צוליב דעם אַלעם מיין איך, אַז דער העברעישער שרייבער אין ישראל דאַרף איצט פֿילן — טראָץ מחלוקות פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, טראָץ דעם אידעאָלאָגישן וויכוח — אַ באַזונדערע דערנענטערונג, אַ ביסל אַן אומע־טיקע, צו זיין ברודער, וואָס שרייבט יידיש, ניט געקוקט דערויף, וואָס עס איז אויסגעראָטן געוואָרן דאָס פֿאָלק, וואָס האָט גערעדט און געשריבן אויף דער דאָזיקער שפּראַך, ניט געקוקט אויף איר טונקעלער צוקונפֿט. די ציוניסטישע מחיצה שטערט שוין אוודאי ניט, ווייל עס איז ניטאָ קיין אמתערע ליבשאַפֿט, ווי זייער ליבע, און קיין ווירקלעכערע זאָרג ווי די זאָרג פֿון די יידיש־שרייבער און זייערע לייענער פֿאַר מדינת ישראל.

דאָס רוב פֿון זייער לעבן (פֿון די יידישע שרייבער) איז אַדורך אין אַנדערע פּאָליטישע לאַגערן. אויך אין אַנטי־ציוניסטישע און אויב זיי טוליען זיך מיט ליבשאַפֿט צו מדינת ישראל, איז די דאָזיקע פֿעיקייט — צוצובינדן זיך צו אַן ענין, וואָס איז זיי געווען פֿרעמד אַ סך יאָרן — אַרויסגעקומען נאָר פֿון איין קוואַל: פֿון פֿאַוואָרצלטער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער יידיש־קייט און אויב אַזוי שטייט דער ענין כמעט ביי אַלע יידיש־שרייבער אין דער וועלט, איז ער נאָך אַ סך שטאַרקער ביי די יידיש־שרייבער, וואָס האָבן עולה געווען קיין ישראל.

איך בין זיכער, אַז איך וועל גאָרניט פֿאַרקלענערן מיין געטריישאַפֿט צו עברית אויב איך וועל זאָגן: עס איז גוט, וואָס יידיש האַלט אויף אַ פּאָזיציע אין ישראל, וואָס עס דערשיינען דאָ צייטונגען, צייטשריפֿטן און ביכער אין יידיש, נאָך מער — איך באַגריס די דאָזיקע יידן — אמת, קליין איז זייער צאָל — וואָס פּרווון לערנען זייערע קינדער די שפּראַך פֿון זייער מוטער און שבט. עס איז קלאָר, אַז זייער יידישקייט וועט פֿון דעם ניט ליידן קיין שאָדן. פֿאַרקערט, זיי זיינען עלול צו זיין בעסערע יידן און ממילא בעסערע ישראל־בירגער פֿון די „גלות״־פּרעסער, וועלכע האָבן דערצויגן אַ ציגיינער־דור פֿון „ישראלים״.

עס איז אַ טעות, ווען מען גייט צו צו אַזעלכע ענינים מיט אַ פֿאַר־

מאַליסטישער מאָס. דער אַבסורד פון דאָזיקן פאָרמאַליזם באַווייזט זיך מיט זיין גאַנצער אומוווערטיקייט, אויב די פאָרמעלע שפּראַך־מאָס דערלויבט צו עפענען די טויערן פון דער „אגודת הסופרים" (העברעישער שרייבער־פאַרבאַנד) פאַר אַזאַ מענטש ווי יונתן רטוש, למשל. איך גלויב, אַז איך וועלט ניט זינדיקן מיט אַנטפּלעקן אַ פערזענלעכן סוד — ה׳ רטוש שטאָלצירט עפנטלעך מיט דעם, אַז דער דאָזיקער דיכטער האָט אַ פּאַס אין וועלכן עס איז אויסגעמעקט געוואָרן די באַצייכענונג „יהודי" און אָנשטאָט דעם איז אויפגעשריבן „עברי". דאָס איז געמאַכט געוואָרן אויפן פאַרלאַנג פונעם דיכטער, און ווי איך האָב געהערט: נאָך זיינע פּילמאַליקע באַמיונגען.

איך ווייס ניט, וואָס עס האָט באַוויגן פריינד רטוש אָנצושליסן זיך אין פאַרבאַנד פון „יידישע עמיגראַנטן", ווי עס איז זיין באַצייכענונג (געמיינט דעם העברעישן שרייבער־פאַרבאַנד). איך בין זיך משער, אַז דאָס זיצן אין געזעלשאַפט מיט יידן פאַרשאַפט ניט רטושן קיין באַזונדערע הנאה. איך בין רטושן חושד (מיר יידן זיינען אומצוטרוילעך), אַז פּונקט ווי געוויסע אויפגעקלערטע ניט־יידן, איז אויך רטושן ניט צו שטאַרק ליב די באַעגנטקייט פון אונדזערע יידן („בני בריתנו").

פון דער אַנדערער זייט אָבער איז מיר שווער צו פאַרשטיין מיינע פריינד די יהודים פון דער „אגודת הסופרים", וואָס האָבן אָנגענומען אַלס מיטגליד אַ מענטשן, וואָס איז לויט זייער יידישקייט־באַגריף, ניט מער ווי אַ „ישראל"־עקזעמפּלאַר פון אַ באַשטימטן טיפּ ייד, וועלכער איז דורות לאַנג געווען דאָס צילברעט פאַר די פּיילן פון דער העברעישער ליטעראַטור. וואָס איז די באַהעפטונגס־ליניע צווישן רטוש מיט זיינסגלייכן און די מיטגלידער פון „אגודת הסופרים"? די העברעישע שפּראַך? אויב אַזוי איז עס אינגאַנצן אַ נישטיקער ענין, ווייל קוים וואָלט געלעבט מיט אונדז דאָ אַזאַ יידישער שרייבער ווי לייוויק וואָלט ער ניט געווען ראוי צו געהערן צו די מיטגלידער פון העברעישן שרייבער־פאַרבאַנד אין ישראל. ער — ניט! און דער, וואָס האָט פון זיין פּאַס אויסגעמעקט די באַצייכענונג „יהודי" — יאָ!

עס איז וויכטיק, אַז דער העברעישער שרייבער־פאַראיין זאָל נאָך אַמאָל באַטראַכטן דעם דאָזיקן אויסטערלישן באַשלוס.

(„דבר", 30 אָקטאָבער 1960)

# „שוואַרצע פּאַנטערס" און אַנדערע חיות

אין דער געשיכטע פון מדינת ישראל זיינען פאַראַן עטלעכע ביז גאָר היסטאָרישע אַרויסזאָגונגען. כ'בין זיכער אַז די לייענערס געדענקען נאָך גוט דעם זאָג: „כ'האָב ניט געלייענט און וועל ניט לייענען" (פון דעם ערשטן פּרעמיער־מיניסטער וואָס שייך אַן אָפיציעלן דאָקומענט וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ געוויסער קאָרופּציע־אַפערע אין אַ צענטראַלן נאַ־ציאָנאַלן אַמט); „אל תחסום שור בדישו" — זאָלסט ניט איינצוימען אַן אָקס ביים דרעשן (ווי ס'האָט געזאָגט דער אַמאָליקער פינאַנץ־מיניסטער און שפּעטער דער דריטער פּרעמיער ז"ל אין אַן ענלעכן ענין); „עסטעטישער פּגם" און אַזוי ווייטער. צו די דאָזיקע אַרויסזאָגונגען זיינען די לעצטע וואָכן צוגעקומען צוויי נייע און ביידע אין שייכות מיט דעם דערשיינען פון די „שוואַרצע פּאַנטערס": „ניטאָ קיין אונטער־דערנערונג אין ישראל" (פּנחס ספּיר); „גייט אַראָפּ פונעם גראָז" (דער שטאָט־פּרעזידענט פון ירושלים).

ניטאָ קיין אָרט פאַר קיין דיסקוסיע מיט דעם שטאָט־פּרעזידענט. ווי אַזוי דיסקוטירט מען מיט אַזאַ גאַנץ באַזונדערער עסטעטישער פילבאַר־קייט? וואָס אַן אמת, האַלטן ניט, ווי באַקאַנט, געוויסע אַרכיטעקטן און שטאָט־פּלאַנירער ביי אונדז, אַז די עסטעטישע פילבאַרקייט פונעם שטאָט־פּרעזידענט איז אַ געוגנדיקע פאַר אַ שטאָט ווי אונדזערע און דאָך איז די דאָזיקע פילבאַרקייט, זעט אויס, אַ גרויסע, אויב איך האָב די היסטאָרישע באַמערקונג פונעם ראש העיר ניט נאָר געהערט מיט מיינע אויערן נאָר אויך געזען מיט מיינע אויגן כלומרשט, אין דער טעלעוויזיע, פאַרשטייט זיך. ניט געקוקט אויף דעם עסטעטישן אימפּולס וואָס האָט געבראַכט צו דער באַמערקונג, זיינען דאָס בילד און די זאַכן ניט געווען קיין איבעריק שיינע. און מער דאַרף מען ניט זאָגן.

אַ ביסל אַן אַנדער ענין איז געווען די פעסטשטעלונג פון מיניסטער ספּיר. וואָס איז „אונטער־דערנערונג?" איך נעם אָן, אַז ס'עקזיסטירן גע־וויסע מומחים וואָס באַשטימען די גענויע גרענעצן צווישן אונטער־דער־נערונג, דערנערונג און — איבער־דערנערונג. איך בין אין דעם ניט בקי. אָבער ס'קומט מיר אויס אָפט אַריינצוגיין אין שפּייזקראָם פון מיין שכונה,

אַ שכונה אַן אויסגעמישטע וואָס שייך דער עדות־אַנגעהעריקייט און דער הכנסה פון אירע באַוווינער, און כ'קוק זיך צו וואָס עס קויפן די מער פאַרמעגלעכע (דער גרעסטער טייל זייערער אָפּשטאַמיקע פון איראָפּע און אַ גאָר קלענער טייל אָפּשטאַמיקע פון די מזרח־עדות), און וואָס קויפן די אָרעמערע (די פּראָפּאָרץ אין צאָל צווישן די איינע און די אַנדערע איז דאָ אַ פאַרקערטע), און איך מאַך אַ ניט־אַקאַדעמישע פעסטשטעלונג: ס'איז פאַראַן ביי אונדז אַ רעלאַטיווע אונטער־דערנערונג. און כ'האָב קיין ספק ניט, אַז אין די ניט געמישטע שטעטלעך און שכונות פון פאַרמעגלעכע (רעלאַטיוו, אַלץ איז רעלאַטיוו) און אשכנזים פון איין זייט, און פון אָרעמע און ניט־אשכנזים פון דער אַנדערער זייט, איז דער אונטערשייד צווישן דערנערונג און אונטער־דערנערונג ווייניקער רעלאַטיוו און דאָ און דאָרט אפילו אַן אַבסאָלוטער, לויט די גאָר געגויע נאָרמעס פון די ספּעציאַליסטן.

אגב, אַ זייטיקע באַמערקונג. דער אייגנטימער פון דער דערמאָנטער שפּייזקראָם שטאַמט אָפּ פון די מזרח־עדות. די ערשטע יאָרן האָט ער זיך געמאַטערט. אָבער ער איז אַ מענטש אַ פלינקער און אַ פלייסיקער, און ס'דאַכט זיך מיר, אַז זיין איצטיקער מאַטעריעלער מצב איז ווייט ניט קיין שלעכטער, רעלאַטיוו געענומען. ס'קומט מיר אויס צו שטיין אין זיין קראָם און נאָכצוקוקן ווי אַזוי ער באַגייט זיך מיט זיינע קונים, מיט די מער פאַרמעגלעכע (וואָס די גרעסטע מערהייט זייערע זיינען, ווי געזאָגט, ניט פון די מזרח־עדות) פון איין זייט, און מיט די אָרעמערע (און זיי זיינען אים נענטער מיט זייער עדות־צוגעהעריקייט) פון דער אַנדערער זייט. צו די ערשטע באַציט ער זיך מיט אַן אויסערגעוויינלעכער העפלעכקייט, מיט די אַנדערע טיילמאָל אפילו מיט אַ בולטער גראָבקייט. זעט אויס, אַז ניט דער אידעלער אָפּשטאַם, דער אשכנזישער אָדער ספרדישער, איז דער וואָס באַשטימט, נאָר די אונטער־דערנערונג, די דערנערונג און די איבער־דער־נערונג, אָן שום עדות־אונטערשייד, און אַלץ וואָס דריננגט אַרויס דערפון.

צי ס'איז יאָ פאַראַן אין ישראל אַן אונטער־דערנערונג אָדער ניט — אין איין זאַך האָב איך קיין ספק ניט: פאַראַן ביי אונדז אַ סך איבער־דערנערונג. איך האָף, אַז אין דעם ענין וועט אפילו דער חשובער מיניס־טער זיך מיט מיר ניט שפּאַרן. אפילו דער וואָס קען ניט די איבער־דערנערונג פון אייגענער דערפאַרונג, קען זיך דאָך איבערצייגן פון אַן אַנדער מקור אַז זי עקזיסטירט, אויב ער איז געוווינט צו לייענען די אַוואַנגאַרדיסטישע ליטעראַטור און היפּערט במילא ניט איבער די רעצענ־זיעס איבער די רעקאָמענדירטע רעסטאָראַנען, אַ נייער זשאַנר אין אונ־

דזער קריטיק, וואָס זיין אינגאָוואַטאָר איז — ווי אַבסורדאַל דאָס זאָל ניט קלינגען — דווקא אַ מענטש פון נייעם לינקס. איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט קיין פאָראורטיילן קעגן דער איבער־דערנערונג. איך בין אַ ליבעראַלער מענטש און באמת זיך ניט צו זיין קיין פּראָווינציאַל און כ׳בין געטריי דעם פּרינציפּ, אַז יעדער איינער האָט דאָס רעכט צו זוכן זיין גליק ווו ער וויל. ס׳איז דאָך אָבער אויך קלאָר, אַז די דערנערונג־זאַפּאַסן זיינען ניט קיין אומבאַגרענעצטע אין ערגעץ ניט און אויך ניט אין ישראל, און במילא איז פאַראַן אַ סיבה־צוזאַמענהאַנג צווישן דער איבער־דערנערונג און דער אונטער־דערנערונג.

דער חשבון איז אַ גאָר פּשוטער און אפשר אפילו אַ סימפּליסטישער: בלויז דאַן ווען מ׳וועט עפּעס אַראָפּנעמען פון דער איבער־דערנערונג וועט מעגלעך זיין אויסצובעסערן אַביסל די אונטער־דערנערונג. איך ווייס אַז ניט אַזוי טראַכטן די מלוכהשע, פּראָפעסיאָנעלע, ווירטשאַפטלעכע קרייזן. די מעכאַניזמען פון דער מאָדערנער ווירטשאַפט זיינען ניט אַזוי פּשוט. מ׳קען דאָך ניט מיט כוח אַרויסנעמען די איבער־דערנערונג ממש פון די מיילער פון די וואָס זיינען קלאַסירט אין דער דאָזיקער רובריק און זי דירעקט אַריינלייגן אין די מיילער פון די וואָס געפינען זיך אין דער רובריק פון די אונטער־דערנערטע. זאָל מען קיין מורא ניט האָבן. כ׳בין ניט אַזוי פּרימיטיוו און כ׳בין אויך אַ פּרינציפּיעלער דעמאָקראַט און זיכער ווייס איך, אַז אַ דעמאָקראַטישע מדינה האָט קיין רעכט ניט זיך אַריינצו־מישן אין אַזאַ פּריוואַטן און אינטימען ענין ווי ס׳איז די דערנערונג. ס׳קען דאָך קיין רייד ניט זיין מ׳זאָל אין אַזאַ ענין קענען אויפצווינגען און דער־שטיקן יעטוועדע אַנטפּלעקונג פון פרייען געדאַנק און פון אַלע אַנדערע דערהויבענע זאַכן וואָס זיינען אונדז אַזוי טייער.

לאָמיר אָפּלאָזן דעם ענין פון אונטער־דערנערונג און לאָמיר איבער־גיין צום אונטער־ווויינען. אויך דער חשובער מיניסטער ספּיר האָט צו־געגעבן, אַז אונטער־ווויינען עקזיסטירט טיילווייז אין ישראל און אין דער אמתן זעט זיך דאָס אונטער־ווויינען מער אָן ווי די אונטער־דערנערונג. די מענטשן, וואָס גייען בדרך כלל אין די רעקאָמענדירטע רעסטאָראַנען און זאַמלען אגב זייערע חשבונות (כדי זיי אַריינצורעכענען אין זייערע געשעפטלעכע הוצאות — באַמערקונג פונעם איבערזעצער), שטויסן זיך דאָך געוויינטלעך זייער זעלטן אָן אין די וואָס זיינען קלאַסירט אין דער רובריק פון אונטער־דערנערונג. אַנדערש איז עס מיטן אונטער־ווויינען. דער וואָס געהערט צו דער רובריק פון איבער־דערנערטע איז אויך בדרך

כלל קלאַסירט אין דער רובריק פון דער איבער־קאָמוניקאַציע. אָבער פאַרנדיק אפילו מיט זיין איבער־קאָמוניקאַציע פון זיין הויז אין זיין ביוראָ אַריין, איז אים אוממעגלעך איבערצוהיפּערן דעם אָדער יענעם צענטער פון אונטער־ווינען. במילא וועלן אויך אונדזערע סקעפּטיקער ניט קענען אָפּלייקענען אַז אין ישראל איז פאַראַן אַן אונטער־ווינען.

דאָס וואָס רופט אַרויס אַ זאָרג אין אָט די אַלע דערמאָנטע איבער־רובריקעס איז דער פאַקט אַז זיי קענען אין אַן אַנזעעוודיקער מאָס עק־זיסטירן אויפן חשבון פון כלל. די באַוווּסטע אינסטיטוציע וואָס טראָגט דעם נאָמען חשבון פון הוצאות איז איצט פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער וועלט, אויך אין ישראל. מיר איז ניט באַקאַנט קיין באַגלויבטע פאָרשונג וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע ביי אונדז, דעם חשבון פון די הוצאות וועלכער ווערט צוגערעכנט צום געהאַלט וואָס ווערט אָפּגעצאָלט די אָנ־געשטעלטע אין די רעגירונג־אַנשטאַלטן און אין דער אַדמיניסטראַציע פון די עפנטלעכע און פּריוואַטע ווירטשאַפט־אונטערנעמונגען, און דאָך ריזיקיר איך און שטעל זיך פאָר, אַז דער חשבון פון די דאָזיקע הוצאות באַטרעפט אַן אַנזעעוודיקן סכום אינעם נאַציאָנאַלן בודזשעט. און עס שטעלט זיך די פראַגע, כאָטש זי איז זיכער אַ צופיל סימפּליסטישע: וואָס וואָלט מען געקענט אויפטאָן מיטן דאָזיקן סכום צו פאַרריכטן די אונטער־דערנערונג און דאָס אונטער־ווינען, אויב דער סכום וואָלט געשטאַנען אין אונדזער רשות? ס׳וואָלט כדאי געווען צו מאַכן דעם אָ חשבון — זאָל אפילו זיין כדי נאָכצוקומען דעם יצר פון אינטעלעקטועלן נייגער. ווייל כ׳ווייס וויל: אפילו ווען מיר וועלן וויסן ווי גרויס ס׳איז דער גענויער כוללדיקער סכום פון דעם חשבון פון די הוצאות, און ס׳וועט קלאָר זיין אַז מ׳קען מיט אים עפּעס מאַכן אין דעם ענין פון דער אונטער־דערנערונג און אונטער־ווינען, וועט אונדז דאָס גענויע אויפדעקן פון די דאָזיקע פאַקטן ניט פירן צו קיין פּראַקטישע מסקנות, ווייל דאַן וועט קלאָר ווערן, אַז אויב אפילו די זאַך איז געווונטשן, איז ניט מעגלעך זי דורכצופירן צוליב אָביעקטיווע טעמים וואָס לאָזן זיך ניט אָפּשאַפן. די איבער־קאָמוניקאַציע, די איבער־דערנערונג און דאָס איבער־ווינען זיינען אַ מוז פאַר די וואָס זיינען פאַר־רעכנט אין די דאָזיקע רובריקעס. פאַר זיי איז עס אַ מוז צו טאָן זייער אָנשטרענגנדיקע אַרבעט אויפן עפעקטיוון אופן — און דאָס קען געמאַכט ווערן בלויז אַ דאַנק די הילף־באַדינגונגען פון איבער־קאָמוניקאַציע, אי־בער־דערנערונג און איבער־ווינען.

אָבער אויב די זאַך שטייט אַזוי, זיינען אוממפאַרמיידלעך די „שוואַרצע

פּאַנטערס״. זיכער ווייס איך אויך, אַז דאָס זיינען ניט קיין קליינע און יוצא־דופנדיקע גרופּעס. די דאָזיקע נחמה קען אונדז פולשטענדיק ניט טרייסטן.

דער מענטש קען בלויז דאָס וואָס ער האָט געלערנט פון זיין אייגענער דערפאַרונג. פון מיין דערפאַרונג קען איך גוט דאָס לאַנד פון די אָריגינעלע „שוואַרצע פּאַנטערס״. דאָ אין ישראל דערמאָן איך זיך אָפט אין האַרלעם, דער ריזיקער געגנט פון די נעגערס אין ניו־יאָרק. לאַנגע יאָרן פלעגט דער סאָבוויי, וואָס האָט אונדז געפירט אין מאַנהעטן, דורכפאָרן איבער האַרלעם און ס׳פלעגט אויך טרעפן, אַז מיר זאָלן דאָרט אָפּשטאָטן אַ וויזיט צוליב עפּעס אַן ענין. מיר האָבן געזען וואָס דאָרט קומט פאָר און ס׳האָט אויך געטראָפן אַז מיר האָבן זיך געבייזערט אויף די מאַכטהאָבערס און אויף די ווייסע בירגער וואָס האָבן ניט געטאָן דאָס נויטיקע כדי דעם מצב אויס־צובעסערן אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, וועמעס גאַנצער פּרעסטיזש באַשטייט אין דעם, אַז עס קען אויסבעסערן און פאַרריכטן אָן קאַטאַקליזמען און אָן רעוואָלוציעס. נאָך אין די פופציקער יאָרן פלעגן ליבעראַלע אַמעריקאַנער און דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן אָנווייזן אויף דער פאַרבעסערונג פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן, עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און דערציערישן מעמד פון די נעגערס ווי אויף אַ וווּנדער פון דעמאָקראַטישע פּראָצעסן, וואָס האָבן דערגרייכט ממשותדיקע רעזולטאַטן — אין קעגנזאַץ צו די טאָטאַליטאַרע רעזשימען וואָס זאָגן צו אַ סך און צעשטערן אַ סך און וואָס צום סוף ליידן זיי אַ דורכפאַל.

מיר האָבן געזען אין דעם פּראָבלעם פון האַרלעם, אין דעם פּראָבלעם פון די נעגערס אין גאַנץ אַמעריקע, אַ סאָציאַל פּראָבלעם, איינס צווישן אַ סך אַנדערע פּראָבלעמען. ס׳וועלן קומען די אָדער יענע אויסבעסערונגען — און אַלץ וועט רואיקערהייט ווערן אין אָרדענונג. און אָט דווקא אין די דאָ־זיקע יאָרן, נאָך דעם ווי דאָס העכסטע געריכט האָט אַרויסגעטראָגן דעם ענדגילטיקן פּסק — אַ פּסק קעגן וועלכן מ׳קען ניט אַפּעלירן — אַז די געזעצלעכע היסטאָרישע עוולות וואָס האָבן מקפּח געווען די ציווילע רעכט פון אַ סך דורות נעגערס מוזן אָפּגעשאַפט ווערן, דווקא דאַן איז קלאָר געוואָרן, אַז די האָפענונג אַז דאָס נעגער־פּראָבלעם אין די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל געלייזט ווערן אויפן וועג פון שלום און פון רעפאָרמעס איז אַ פאַלשע האָפענונג.

אין איין שיינעם טאָג איז צו אַלעמענס דערשטוינונג — און אויך צו דער אַנטוישונג פון די זעלטענע וואָס זעען פאָר וואָס דאַרף געשען —

קלאָר געוואָרן, אַז די נעגער־פּראַגע איז ניט אַ סאָציאַל פּראָבלעם ווי אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין די זעכציקער יאָרן איז שוין פאַר אַלעמען געוועזן קלאָר, אַז דאָס נעגער־פּראָבלעם איז אַן „עטניש פּראָבלעם״. צוויי פּעלקער זיצן פון ביידע זייטן פון אַן אָפּצוימענדיקן מויער. ניו־יאָרק איז ניט איין שטאָט. ניטאָ קיין שום בריק וואָס פאַרבינדט די „ווייסע״ שטאָט מיט דער „שוואַרצער״ שטאָט. פּלוצעם האָבן אַלע דערזען וואָס עס קומט פאָר אין האַרלעם. זיי האָבן אויך דערזען אַז אין איין טאָג איז די לאַגע געוואָרן אַזוי ווי זי איז, נאָר אַז אַ סך יאָרן זיינען אַוועק און פון איין יאָר צום צווייטן, פון איין טאָג צום צווייטן איז ערגער געוואָרן. איצט זיינען שוין די פּראָבלעמען פון האַרלעם ניט געווען קיין באַשטימטע סאָציאַלע פּראָבלעמען וואָס מ׳קען זיי צעטיילן, קלאַסירן און זוכן פאַר זיי טיילווייזע און זאַכלעכע לייזונגען — דאָס איז געווען איין פּראָבלעם און, דוכט זיך, אָן אַ לייזונג. מ׳קען שוין מער ניט איינטיילן צווישן דעם פּראָבלעם פון אָרעמקייט און דעם פּראָבלעם פון פאַרברעכערישקייט, צווישן דעם געפיל פון באַעוולט ווערן און דעם יצר פון צעשטערונג; צווישן דעם באַוווסטזיין פון פרוסטראַציע און דעם גדלות־שגעון וואָס האָט קיין גרענעץ ניט; צווישן דער פולשטענדיקער אָנמאַכט און דער זיכערקייט, אַז מ׳קען אַלץ דערגרייכן מיטן כח פון דער פויסט.

און דאָס אַלץ — אַלץ וואָס איז זיך פאַרלאָפן אַ סך יאָרן ממש אונטער דער נאָז — האָבן מיר ניט געזען, מיר די זין פון דער זעלבער שטאָט, אפילו די קליגסטע, די אויפגעקלערטסטע, די פילבאַרסטע.

(„דבר״, 28 מערץ 1971)

# באַמערקונגען פון אַ פריינד
# פון די „שוואַרצע פאַנטערס"

איך פיל נאַטירלעכערהייט אַ גרויסע נאָענטשאַפט צו די „שוואַרצע פאַנטערס". איך בין טאַקע אַ געוועזענער בלאָנדין, אָבער עטלעכע פון מיינע קינדעריאָרן האָב איך דורכגעלעבט אין אַזעלכע באַדינגונגען וואָס האָבן זיך ניט קיין סך אונטערגעשיידט — עס כל פנים אין פרט פון די וווינונגס־באַדינגונגען, פון דער באַשפּייזונג וכדומה — פון די וואָס הערשן היינט אין די צום מיינסטן באַוואוּלטע משפּחות אין די שכונות פון מוסררה (אַ פערטל אין וועלכן ס׳וווינט אַ טייל פון דער אָרעמער באַפעלקערונג פון ירושלים — דער איבערזעצער). און אויך שפּעטער האָב איך געהאַט יאָרן פון נויט, פון אַרבעטלאָזיקייט א. אז. וו.

דאָס האָט אויך משפּיע געווען אויף מיין מענטאַליטעט און אויף מיינע סאָציאַלע איינשטעלונגען. זינט מיין יוגנט בין איך גענייגט צו גלויבן, אַז אַ מענטש וואָס ליידט איז תמיד גערעכט. ווי כ׳האָב געזאָגט, איז עס אַ נייגונג אין געדאַנק, אָדער בעסער געזאָגט אַ פאָראורטייל. זיכער ווייס איך, אַז אַזאַ פאָראורטייל האָט קיין באַגרינדונג ניט. די קאָלעקטיווע דערפאַרונג פון מיין דור ווי אויך מיין פּערזענלעכע דערפאַרונג האָבן מיך געמוזט אויסלערנען, אַז מענטשן וואָס ליידן אָדער אַזעלכע וואָס קענען ניט פאַרגעסן די ליידן וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט אויסגעטראָגן, זיינען מסוגל אָנצוטאָן די מיאוסטע, די ערגסטע זאַכן אַנדערע און אפילו זיך אַליין, אין נאָמען פון דעם דאָזיקן ליידן זייערן, מעג עס זיין אַן אמתדיק ליידן אָדער אַן איינגערעדט. פאָראורטיילן זיינען אָבער שטאַרקער ווי די לעקציעס פון דער דערפאַרונג און פונעם פאַרשטאַנד. אָט פאַרוואָס איך, וואָס בין אַן אשכנזי און וואָס בלויז דורך אַ צופאַל איז מיין נאָמען ניט אַבראַמאָוויטש, און וואָס בין אויך ניט קיין רעוואָלוציאָנער, סימפּאַטיזיר אַזוי מיט אונדזערע ברידער די „שוואַרצע פאַנטערס".

אָבער אין די לעצטע טעג פאַרשאַפן זיי מיר, זיי און זייערע ענינים, גרויס דאגה. אויף מאָרגן נאָך דער מאַניפעסטאַציע אין ירושלים איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אַ זייער יונגן פריינד. כ׳וועל אים שילדערן אַזוי: אַ הי געבוירענער, אַן אשכנזי, אַ קינד פון אַן אַרבעטנדיקער

משפחה, אַ בחור מיט קולטור, אַ גוטמוטיקער, אַ פּילבאַרער פּאַר יעדער דערשיינונג פון אומרעכט און צביעות. מיט איין וואָרט — אַן אַנטי־„עס־טאַבלישמענט״־מענטש. ער האָט גערעדט וועגן דעם אַקטועלסטן ענין און כ׳בין דערשטוינט געוואָרן. כ׳וויל ניט איבערחזרן די רייד זיינע געבוי און מיט אַלע פּרטים. כ׳וועל זיי בלויז רעזומירן. גאָרניט האָט זיך געענ־דערט אין זיינע מיינונגען וואָס שייך דער דיסקרימינאַציע פון די עדות, וועגן דער נויטיקייט צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען און די מעג־לעכקייטן פון די באַעוולטע. אָבער וואָס שייך דעם דאָזיקן אָרגאַניזירן זיך, די פּראָפּאַגאַנדע־מעטאָדן און דער דאָזיקער טעטיקייט, די מענטשן וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם... האָב איך שוין געזאָגט, אַז בעסער כ׳זאָל זיינע ווערטער גענוי ניט איבערחזרן.

דעם זעלבן טאָג איז אין „הארץ״ דערשינען אַן אַרטיקל פון דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן און אינטעליגענטסטן צווישן די פּובליציסטן פון דער דאָזיקער צייטונג, אמנון רובינשטיין, און ס׳דוכט זיך מיר, אַז ער האָט געזאָגט די זעלבע ווערטער וואָס כ׳האָב געהערט פון מיין יונגן פריינד, אין אַ מער אָפּגעוויגענעם און מער פּאָרזיכטיקן טאָן. און אויב מיר וועלן זיך אַ קער טאָן לינקס, איז אין די זעלבע טעג אויך דערשינען אין „על המשמר״ אַן אַרטיקל פון רפי בנקלר, און אויך אין זעלבן טאָן.

הייסט עס, אַז אין ישראל האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואָס מ׳רופט אָן אין אַמעריקע BACLASH און וואָס לאָזט זיך איבערזעצן: „צוריקשלאָג״. דאָרט, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האַנדלט זיך אין דער רעאַקציע פון דעם ליבעראַלן סעקטאָר, מיט אַ טראַדיציע וואָס איז סימפּאַטיש פאַר די נעגערס, נאָך דעם ווי זיי האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַנוצן מיט געוואַלט. דאָרט זיינען פאַרביי ניט ווייניק יאָרן ביז ס׳איז געקומען דער דאָזיקער „צוריקשלאָג״. ביי אונדז, האָב איך מורא, וועט די זאַך קומען א סך שנעלער.

קומט דעריבער די פראַגע: פאַרוואָס? (און פון איצט אָן זיינען מיינע באַמערקונגען געווענדט צו אונדזערע ברידער די „שוואַרצע פּאַנטערס״).

איך דאַרף אָנהויבן מיט אַ התנצלות. כ׳האָב מורא, אַז ווייטער וועל איך ניט האָבן קיין אַנדער ברירה און כ׳וועל מוזן מאַכן אָפּטע פּאַראַלעלן צווישן די ענינים פון די נעגערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און די מזרח־עדות אין ישראל. היות ווי די פּילבאַרקייט פון די מענטשן אין ענינים פון אָפּשטאַם האָט קיין גרענעץ ניט, וואָלט איך זיכער מקפּיד געווען זיך אָפּצוהאַלטן דערפון, ווען די דאָזיקע באַוועגונג וואָלט זיך אַליין ניט געגעבן דעם טיטל „שוואַרצע פּאַנטערס״, וואָס איז דער נאָמען פון

דער אָרגאַניזאַציע פון די אַמעריקאַנער נעגערס, וועלכע באַנוצן זיך מיט געוואַלט און וואָס זיינען קעגן די יידן און קעגן ישראל. אויב אַזוי, דוכט זיך מיר, אַז ס׳איז מיר דערלויבט ניט צו זיין אַזוי אָפּגעהיט. מעגלעך גאָר, אַז כ׳וועל אפילו פאַרשאַפן נחת די „שוואַרצע פּאַנטערס" אונדזערע אויב כ׳וועל זיי דערמאָנען בנשימה אחת מיט די פון וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעבאָרגט זייער נאָמען.

לאָמיר צוריקגיין צו דער פראַגע פאַרוואָס דער „צוריקשלאָג" קען ביי אונדז קומען פריער ווי ער איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז, דוכט זיך מיר, דערפאַר, מחמת אונדזער שולד־געפיל איז אַ סך אַ לייכטערס ווי דאָס שולד־געפיל פון די „ווייסע" אין די פאַראייניקטע שטאַטן; און ניט נאָר דאָס שולד־באַוווסטזיין איז אַ סך אַ לייכטערס, נאָר אויך די שולד גופא.

לאָמיר אָנהויבן פון דעם ענין פאַרב: די פאַרב פון דער הויט. די פאַרב איז די הערמעטישע מחיצה צווישן „שוואַרצע" און ווייסע" אַמערי־קאַנער, זי איז דער פיזישער ברענפּונקט פון פרעמדקייט, פון פיינטשאַפט, פון דיסקרימינאַציע. צי איז די זאַך אַזוי אויך ביי אונדז? צי ווערט דער אָפּשטאַמיקער פון די מזרח־לענדער דערקענט ביי אונדז לויט זיין פאַרב? איך שעם זיך צו זאָגן (און דאָך מוז מען עס זאָגן), אַז די פאַרב פון די יידן וואָס שטאַמען אָפּ פון די מזרח־לענדער איז ניט די פאַרב פון די נעגערס אין די פאַראייניטע שטאַטן (און אויך דאָרט איז דאָס באַשטימענדיקע ניט דער פיזישער פאַקט, נייערט די היסטאָרישע אַסאָציאַציעס וואָס באַגלייטן אים: ווי אַזוי די פון אַפריקע אָפּשטאַמיקע זיינען געבראַכט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זייער שקלאַפעריי, די פעאָדאַליש־קריסטלעכע מענטאַליטעט פון זייערע הארן). אָבער באמת וויכטיק איז דער פאַקט, וואָס קיינער וועט אים ניט אָפּפרעגן, אַז ביי אונדז, אין דער דורות־לאַנגער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ טראַדיציע און האָבן קיינמאָל ניט עקזיסטירט אַזעלכע אַסאָציאַציעס, און דערפון די ערשטע באַמערקונג צו מיינע פריינד, די „שוואַרצע פּאַנטערס". ס׳איז ריכטיק, אַז די פאַרשטאָפּטע קעפּ צווישן די אשכנזים באַנוצן זיך מיטן מיאוסן וואָרט „שוואַרצע". אמת איז, אַז דער ניט־אשכנזי וואָס זעצט איבער דאָס דאָזיקע וואָרט פשוט אויף עברית: „שחורים", זאָגט אויף זיך אַליין עדות, אַז ער איז ניט מסוגל זיך פאַרצושטעלן וואָס עס האָט ממשותדיק באַטייט אין מויל פון דעם עפּיסקאָפּיליאַנישן אָדער פּרעסבי־טעריאַנישן שקלאַפן־האַר אין דרום פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אָדער

אין אַ בריטישער קאָלאָניע, און אין מויל פון זייערע קינדער ביזן הײַנטיקן טאָג און וואָסער באַדייטונג דאָס וואָרט האָט אין מויל פון אַ טעמפּן אשכנזי אין ישראל, אַ פּלוישער וואָס האַלט זיך נאָך פאַר אַ שאַרפן הומאָריסט. דערמיט איז אגב דער זעלבער אשכנזי ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער צו יענעם ניט־אשכנזי, וואָס ווערט ממש צעזעצט פון התלהבות מיט זײַן שאַרפזיניקייט בעת ער שיקט זײַנע פײַלן אין די מינדערווערטיקע „אַבראַ־מאָוויטשעס", וועלכע עסן די „געפילטע פיש" און די „לאָקשן". אין דער אמתן זײַנען די און יענע — אידיאָטן.

מ'דאַרף אָבער אויך זאָגן אָט וואָס: די פּאַן פון דער פּאַרב הויבן איצט אויף די „שוואַרצע פּאַנטערס". און דאָ דאַרף מען מאַכן אַ באַמער־קונג, וואָס וועט אפשר ניט פּאַר אַלעמען זײַן אָנגענעם: די וואָס הויבן אויף די דאָזיקע פּאַלשע פּאַן, קענען אויפוועקן דעם חשד, אַז זייער כוונה איז ניט נאָר ראַסן־דעמאַגאָגיע, נאָר אַז זיי ווילן אויסנוצן די פּאַן כדי צו פאַר־באָרגן פאַר זיך און פאַר אַנדערע באמת ערנסטע ענינים. פּאַראַן פּראָבלע־מען פון מזרח־עדות וואָס מ'קען זיי בשום אופן ניט לייזן אָדער וואָס מ'קען אפילו זיך ניט דערנענטערן צו זייער לייזונג מיטן בלויזן אַ פּאָכע טאָן מיט דער פּאָן. די לייזונג פון די דאָזיקע פּראָבלעמען איז ניט אָפּהענגיק בלויז פון די אשכנזישע שונאים, פון די „אַבראַמאָוויטשעס", אפילו ניט פון זייער גוטן ווילן און אויך ניט פון דער מדינה און זײַערע אַפּאַראַטן. זי איז אָפּהענגיק ניט אין קיין קלענערער מאָס פון די מזרח־עדות גופא און אפילו פון די באַוואוסטע גופא, פון זייער ווילן און זייערע אָנשטרענ־גונגען צו באַקעמפן דאָס עקלהאַפטע וואָס שטעקט אין דער אָרעמקייט, דאָס בכיוונדיקע ליידיקגיין, די נייגונג צו פאַרברעכערישקײַט א. אז. וו.

אויך אין דעם איז פאַראַן אַ ווייטיקלעכער פּאַראַלעל צווישן „די שוואַרצע פּאַנטערס" אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און די וואָס האָבן אַדאָפּטירט זייער נאָמען אין ישראל. אַלע זײַנען מודה, אַז אַ גרויסע ראָלע אין דעם שרעקלעכן פאַרשאַרפן דאָס פּראָבלעם פון די נעגערס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן דווקא אין די יאָרן ווען ס'זײַנען בטול געוואָרן די אכזריותדיקע לעגאַלע דיסקרימינאַציעס אין דרום און ווען די רעגירונג און די געזעלשאַפט האָבן זיך אויפגעוועקט צו ממשותדיקע מעשים כדי צו ליקווידירן דאָס פּראָבלעם, האָט געשפּילט דער פּאַקט, אַז די נעגערס גופא האָבן זיך אָפּגעווענדט פון די זאַכן וואָס בלויז זיי אַליין האָבן עפּעס געקענט טאָן כדי זיי צו פאַרריכטן בתנאי, פאַרשטייט זיך, אַז די רעגירונג

און די גאַנצע געזעלשאַפט וועלן שטיין ביי זייער זייט און געבן אין זייער האַנט אַריין די נויטיקע מיטלען.

און איצט עטלעכע פריינדלעכע וואָרענונגען און דער עיקר וואָרענונגען קעגן צוויפלהאַפטע פריינד.

ראשית כל איז גוט זיך אָפּצוהיטן פון די וואָס רופן זיך „אינטעלעקטואַלן". ס'דאַכט זיך, אַז „די שוואַרצע פּאַנטערס" האַלטן, אַז אַ סימפּאַטישן אָפּקלאַנג פאַר זייער נויט און פאַר זייער־דער פּראָבלעמען וועלן זיי געפינען צווישן זיי — אין די אוניווערסיטעטן, אין דער כלומרשטער אַרטיסטישער באַהעמע א. אז. וו. זיי מאַכן אַ ביטערן טעות. די דאָזיקע אילוזיע דרינגט אַרויס, זעט אויס, פון נאַיווקייט און אַביסל אויך פון וועלן געפינען קאָנטאַקטן מיט פרעסטיזש־קרייזן. דער אמת איז אָבער, אַז דער וואָס רופט זיך „אינטעלעקטואַל" איז אומעטום, און אפשר ספּעציעל אין ישראל, אָפּטמאָל אַ ניט ערנסטער מענטש און ניט מער. דאָס איז עס וואָס מאַכט אים פאַר אַן „אינטעלעקטואַל". די דאָזיקע מענטשן זוכן זיך אויס סענסיטיווע ענינים (אַן אַנדער דעפיניציע פון אַן „אינטעלעקטואַל": אַ מענטש וועמען ס'איז נאָך מער לאַנגווייליק ווי אַנדערע), הערלישן פרעסטיזש אַן אַנשטרענגונגען און, פאַרשטייט זיך, רעקלאַמע. אָבער די גערירטקייט פון די דאָזיקע מענטשן פאַרשווינדט גאָר שנעל. אונדזער דערפאַרונג לערנט אונדז, אַז מ'קען זיך אויף די וואָס רופן זיך אַליין אַן „אינטעלעקטואַלן" ניט פאַרלאָזן, אָדער בעסער געזאָגט, מ'קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן וויניקער ווי אויף אַנדערע.

ווי איינער וואָס איז עולה געווען פון די פאַראייניקטע שטאַטן און וואָס קען פון דער נאָענט מיינע דאָרטיקע ברידער, האַלט איך פאַר מיין חוב צו וואָרענען קעגן עולים „אינטעלעקטואַלן" פון אַמעריקע. איך מיין דאָ געוויסע סטודענטן און אַקאַדעמיקער וואָס זיינען עולה געווען פון די פאַראייניקטע שטאַטן מחמת זיי האָבן ניט געוואָלט פערזענלעך זיין פאַרמישט אין דער מלחמה אין וויעטנאַם און דאָ הי איז דווקא זייער באַגער גרויס צו מישן זיך אין לאָקאַלע ענינים. איך ווייס פון באַגלויבטע מקורות אַז זיי זיינען גאָר גרייט אין געבן עצות און אַנווייזונגען „די שוואַרצע פּאַנטערס", וואָס זוכן זייער וועג. דאָס וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אויף סטודענטן און אַקאַדעמיקער, איז אויך חל אויף סטודענטקעס און אַקאַדעמיקערינס — אפשר אפילו אין אַ גרעסערער מאָס.

גאָר ספּעציעל דאַרפן „די שוואַרצע פּאַנטערס" זיין אָפּגעהיט פון די „אינטעלעקטואַלן" וואָס שטאַמען פון זייערע אייגענע עדות. לאָמיר עס

דערקלערן: אויב די באַשולדיקונגען וואָס שייך דער דיסקרימינאַציע כלפּי פּשוטע בשר ודמס זיינען שטאַרק באַרעכטיקט, איז עס ניט אַזוי נוגע די פון די פרייע פּראָפעסיעס. כ׳האָב נאָך ביז איצט ניט געהערט וועגן דעם אַז אַקאַדעמיקער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, זשורנאַליסטן וכדומה פון די מזרח־עדות, זאָלן דיסקרימינירט ווערן צוליב זייער אָפּשטאַם. אָבער אַ דיסקרימינירטע געזעלשאַפט איז אויך אַ ברייט פעלד פאַר האַלב־דריטל־און פערטל אינטעלעקטואַלן (און דערמיט וויל איך ניט זאָגן, אַז מ׳געפינט זיי ניט אויך צווישן די וואָס דיסקרימינירן). אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַזעלכע, און דווקא די ווייניקער אינטערעסאַנטע צווישן זיי, זיך דערשלאָגן צו זייער פיינע פּאָזיציעס. אַ פּראָפעסיאָנעלער כוליגאַן און שמוציקער פּלאַפּלער ווי עלדרידזש קליווער, וואָס רוט זיך אויס פון זיינע קאַמפן פאַר זיין ראַסע אין אַמעריקע אין אַ פּאַלאַץ אין אַלזשיר, האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אָנזען ווי אַ טיפער דענקער (אין דער אמתן זיינען צווישן די „ווייסע״ דענקערס פאַראַן אַזעלכע טיפע ווי ער). לערוא דזשאָנס, אַ סאָפיסטיקירטער פּסיכאָפּאַט פון דזשוירזי־סיטי, ווערט דאָרט באַטראַכט ווי אַ „באַטייטיקער״ דראמאטורג. דאָרט לוינט זיך שוין דער ענין: מ׳קען דערגרייכן צו עפּעס מיטן כח פון טעראָר. איך אַליין קען אין ישראל עטלעכע אַזעלכע „אינטעלעקטואַלן״ צווישן די אָפּשטאַמיקע פון די לענדער פון אַזיע און אַפריקע. דאָ איז זיי נאָך דערווייל שווער צו דערגרייכן זייער ציל, צו דערגיין צו אַן אַקאַדעמישער און אינטעלעקטואַלער פּאָזיציע אָן פעיקייטן און אָן אָנשטרענגונגען. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אין ניט ווייניק אוניווערסיטעטן פאַראַן פאַקולטעטן, וואָס אַלע ווייסן אַז ס׳איז אין זיי ניטאָ קיין שום וויסנשאַפטלעכע ממשות — אָבער זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן און האַלטן זיך אויס כדי צו פאַרמיידן סקאַנדאַלן און מהומות. דאָ, ביי אונדז, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע זאַכן ניט נאָר צוליב דעם הויכן ניוואָ פון אונדזערע לערן־אַנשטאַלטן, נאָר אויך צוליב דעם געזונטן אינטערעסן־באַוווּסטזיין וואָס עס פאַרמאָגן אונדזערע אַקאַדעמיקער, אפילו די לינקסטע, אָבער די באַוועגונג פון „די שוואַרצע פּאַנטערס״ עפנט אַ סך מעגלעכקייטן פאַר די „אינטעלעקטואַלן״ פון דעם דערמאָנטן טיפּ. דעריבער דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק.

צום סוף דאַרף איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אַן אַנדער סאָרט „אינטעלעקטואַלן״ (דאָס הייסט וועגן דעם וואָס מאַכט זיין מח פאַר אַ קרדום לחפור בו) — דעם פּאָליטיקער פון די אָפּשטאַמיקע פון די מזרח־עדות. וואָס שייך זיי, איז זיכער אַז זייערע ברידער, די אשכנזישע פּאָלי־

טיקער, באַעוולען זיי. ס׳איז ניטאָ קיין שום סיבה, אַז די פּאָליטיקער פון די מזרח־עדות זאָלן ניט זיין רעפּרעזענטירט אין אַ פּראָפּאָרציע וואָס אַנטשפּרעכט מער אָדער ווייניקער דעם צונויפשטעל פון דער באַפעלקערונג לויטן אָפּשטאַם. ס׳דוכט זיך מיר, אַז אויף דעם געביט איז ניטאָ קיין שום מורא, אַז די דאָזיקע ענדערונג זאָל אַראָפּנידערן דעם ניווא פון דער פּראָפּעסיע. דאָ קען מען זיך דאָך פאַרלאָזן אויף דער געטריישאַפט צו דער פּאַרטיי און צו די אַפּאַראַטן פון די פּראַקציעס אין דער כנסת און די מוניציפּאַליטעטן אויף די ספרדים און די אָפּשטאַמיקע פון די מזרח־עדות ניט ווייניקער ווי אויף די אשכנזים. אין דעם פאַך, דוכט זיך מיר, זיינען פאַראַן ביז גאָר פעיקע קאַנדידאַטן אויך צווישן די מזרח־עדות. ווען זייער פאַרלאַמענטאַרישע און מוניציפּאַלע רעפּרעזענטאַנץ וואָלט געווען אַ מער גערעכטע, וואָלט אַזוי אַרום בטל געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער שפּאַנונג צווישן די עדות — און דאַן, קען זיין, וואָלטן די פאַרשטייערס פון די מזרח־עדות, נאָך דעם ווי זיי וועלן האָבן דערגרייכט זייער ציל, מער ווי אַנדערע פון זייערע חברים די אשכנזים זיך געמיט פאַר די ענינים פון די אָנגעהעריקע פון זייערע עדות.

ס׳פאַרבלייבט נאָך דאָס פּראָבלעם פון די „צוויי קולטורן״ — די קולטור פון די אַבראַמאָוויטשעס פון איין זייט און די קולטור פון די ספרדים פון דער צווייטער זייט. היות אָבער ווי די דאָזיקע סוגיה איז אַ זייער דערהויבענע און דערהויבנדיקע און שטעקן שטעקט זי אין דער ספּערע פון שייגגייסט — איז זי ראוי זי זאָל באַהאַנדלט ווערן באַזונדער אין דער טיף און אין דער לענג.

(„דבר״, 28 מאַי 1971)

# צי זיינען עס טאַקע צוויי קולטורן?

אינעם באַריכט וועגן דער באַגעגעניש צווישן דעם פּרעמיער־מיניסטער און די „שוואַרצע פּאַנטערס" (וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ידיעות אחרונות") זיינען איבערגעגעבן די אַ ווערטער פון איינעם פון זייערע פאַרשטייערס, עזרא: „איר האָט אונדז געבראַכט אין דער דאָזיקער מדינה, בעת מיר האָבן געהאַט אַ קולטור און האָבן פאַרמאָגט ווערטן. איר פּרובירט אַריינגעבן אונדז ווערטן צו וועלכע מיר האָבן ניט קיין צובונד, דעם היס־טאָרישן צובונד פון מזרח־איראָפּע און גאַליציע... די ספרדים אין ישראל מאַכן אַדורך אַ פּראָצעס פון אַסימילאַציע... אין דעם לימודים־פּראָגראַם דאַרף מען אַריינגעמען מער ספרדישע קולטור און ליטעראַטור..."

און אָט דערלויב איך זיך, דער ניט־ספרדי, צו זאָגן עפּעס אין דעם ענין און האָף, אַז מ'וועט ניט קוקן אויף מיר ווי אויף איינעם וואָס מישט זיך אין ענינים וועלכע גייען אים ניט אָן, ד.ה. אין דער ירושה און אין די ווערטן פון דער ספרדישער קולטור.

דער יונגער „שוואַרצער פּאַנטער" האָט קיין סך ניט מחדש געווען. די רייד וואָס ער האָט געלאָזט הערן פאַרן פּרעמיער־מיניסטער זיינען אַן עכאָ פון די רייד פון עלטערע און פון גענייטערע פון אים. שוין יאָרן הערן מיר פון די עסקנים און אינטעלעקטואַלן פון צווישן די ספרדים און די אָפּשטאַמיקע פון די מזרח־עדות, אַז דער קאַמף צווישן די אשכנזים און די אונטערדריקטע ספרדים איז ניט בלויז אַ פּאָליטישער און סאָציאַלער קאַמף, נייערט אויך אַ צוזאַמענשטויס צווישן צוויי קולטורן — דער קולטור פון די אַבראַמאָוויטשעס פון איין זייט (די קולטור פון דעם צוריקגעשטאַ־נענעם יידישן שטעטל אין מזרח־איראָפּע) און דער ספרדישער קולטור פון דער אַנדערער זייט (און ס'איז דאָך איבעריק צו זאָגן דאָס וואָס איז אַלעמען באַקאַנט, אַז אָט די קולטור פאַרמאָגט אַן אַדלדיקן יחוס און ווערטפולע אייגנשאַפטן).

וואָס איז זי, אָט די ספרדישע קולטור, וועלכע די אַבראַמאָוויטשעס ווילן אויסוואָרצלען פון די לעגיטימע זין אירע אין ישראל דורך אַן אויפ־געצוווּנגענער אַסימילאַציע און אויף איר אָרט אַרויפטאָן אויף זיי מיט כח זייער אייגענע „קולטור"?

אויבנאויפיק שווימט תיכף אַרויף די תשובה: דאָס איז זיכער די רעליגיעזע־גייסטיקע־ליטעראַרישע ירושה, וואָס שטאַמט פשוט אָפּ פון גלות־ספרד און פון די גולי־ספרד אין די לענדער פון זייער פאַרשפּרייטקייט נאָכן גירוש. דאָס הייסט: די ירושה פון רמב״ם, יהודה הלוי, יוסף קארו א.אַז.וו. אויב איר ווילט קען מען צוגעבן דערצו די ירושה פון די יידישע קהילות אין מזרח, וואָס שטאַמען ניט אָפּ פון גלות־שפּאַניע: סעדיה גאון, שלום שבזי א.אַז.וו. די דאָזיקע קולטור איז אין גאַנצן טעאָלאָגיע, הלכה, מוסר, פּיוט און זי איז איינגעזאַמלט אין אַ סך ספרים און האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דער מענטאַליטעט און אין די לעבנס־שטייגערס, אין די מנהגים און פירעכצן פון אַ סך דורות ביז דעם היינטיקן דור.

צי מיינען זיי עס די דאָזיקע קולטור, די וואָס ריידן פון דער ספרדישער קולטור, וועלכע ווערט גערודפט דורך די אַבראַמאָוויטשעס אין ישראל? צי האָבן זיי אין זינען די ווערטן פון דער דאָזיקער קולטור ווען זיי ריידן וועגן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע וואָס די אשכנזים צווינגען אויף אויף די ספרדים אין לאַנד?

כ׳האָב ניט געהאַט די זכיה צו קענען נענטער די וואָרטזאָגערס פון די „שוואַרצע פּאַנטערס״, כ׳האָב אָבער געקענט עטלעכע פון די וואָס האָבן די ערשטע פאָרמולירט די דאָזיקע אידעאָלאָגיע פון דער „ספרדישער קולטור״. פון זיי האָבן מיר מיט יאָרן צוריק געהערט דעם לאָזונג וועגן דעם „קולטור־גענאָסיד״, וואָס די אשכנזים פירן אויס איבער די ספרדים.

אין מיין אַרטיקל מיט אַ וואָך צוריק האָב איך שוין אָנגערירט אַ געוויסן טיפּ פון אַ ספרדישן האַלב — דריטל — און פערטל אינטעלעקטואַל. כ׳מוז מודה זיין, אַז דער דאָזיקער טיפּ האָט ביי מיר אויפגעוועקט אַן אינטערעס מחמת איך אָבסערוויר שוין לאַנג די טיפּאָלאָגיע פון דער יידישער אַסימי־לאַציע אומעטום. נאַטירלעכערהייט איז אויסגעקומען, אַז דאָס אייראָפּעיש־אַמעריקאַנישע אָבסערוואַציע־פעלד איז מיר געווען צום מיינסטן נאָענט און צום מיינסטן באַקאַנט. און ווען כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן מיט די דאָזיקע אינטעלעקטואַלן, וואָס שטאַמען אָפּ פון אַזיע און אַפריקע, האָב איך אַ דער־שטוינטער אַנטפּלעקט, אַז מיר זייגען טאַקע איין פאָלק.

כ׳וועל דערציילן וועגן איין טיפּ פון אַזאַ אינטעלעקטואַל. ער איז אַ זשורנאַליסט. לאַנגע יאָרן זיצט ער אין ישראל און האָט זיך נאָך ניט אויס־געלערנט שרייבן העברעיש. אויך די זאַכן זיינע וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין העברעישע צייטונגען, ווערן איבערגעזעצט פון ענגלישן אָריגינאַל. זיין מוטערשפּראַך איז געווען אַראַביש. צי איז אים דען שווערער געווען

זיך אויסצולערנען עברית ווי ענגליש? היות ווי איך קען גוט דעם דאָזיקן טיפּ פון אייראָפּעישן אָפּשטאָם, איז מיר ניט שווער צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע: אין די אויגן פון אַ באַשטימטן טיפּ ייד (אויך אין ישראל) פאַרמאָגט ענגליש אַ העכערן סאָציאַלן מעמד ווי עברית. אָט דער זשורנאַליסט איז אַן ענערגישער קעמפער פאַרן מזרח און פאַר די מזרח־יידן; מ׳קען אפילו זאָגן, אַז דאָס איז זיין פאַך, זיין שליחות, אָבער שטרעבן שטרעבט ער צו עפּעס וואָס זעט אים אויס העכער. ווען מיר פלעגן זיצן און שמועסן, האָב איך געהאַט אַ זייער ניט אָנגענעם געפיל. ער האָט אין מיר געזען אַן אויסגעשפּראָכענעם אַמעריקאַנער יידן — און ער פלעג זיך ווענדן צום כלומרשטן אַמעריקאַנער אין מיר, ווען ער פלעג אויסדריקן זיין זילזול־באַציונג צו יענע יידן פונעם מזרח־אייראָפּעישן „שטעטל" מיט דער נידעריקער קולטור, וואָס האָבן כלומרשט באַוועלטיקט דאָס דאָזיקע לאַנד, אים און מיך. און כ׳בין זיך מודה, אַז אין יענעם מאָמענט פלעג איך אַרויפּברענגען אין מיין געדאַנק מיינע אַמעריקאַנער זכרונות. אַ סך יאָרן האָב איך נאָכגעפאָלגט דעם אנטיסעמיטיזם פון די נעגערס און כ׳האָב זיך געהאַלטן ביי אַ מין טעאָריע כדי אים צו דערקלערן. די נויט פון די נעגערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַ פּועל יוצא דערפון, וואָס זיי ווערן אַרויסגעשטויסן דורך די ווייסע אַמעריקאַנער, דורך דער קריסט־לעכער מערהייט: ניט געקוקט אויף זייער בשותפותדיקער קריסטלעכער אמונה — צעשפּאַלט זיי די פאַרב. אָבער אין בשותפותדיקע זאַך פאַרמאָגן די ווייסע און שוואַרצע קריסטן און דאָס איז די שנאה צו די יידן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ מקור פאַר סאָלידאַריטעט, פאַר דער איינציקער געפיל־סאָלידאַריטעט צווישן דעם אונטערדריקטן נעגער און זיינע ווייסע אונטערדריקער.

זיכער זיינען ניט אַלע איינצלהייטן ענלעך אינעם משל און נמשל. די ספרדים זיינען ניט קיין ראַסן־מינדערהייט אין ישראל; די ווייסע זיינען ניט קיין טאָלערירטע ווייסע מינדערהייט אַזוי ווי די יידן אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, נאָר זיכער די וואָס האַלטן די שליסל־פּאָזיציעס אין מדינת ישראל. און דאָך, ווען די פאַקטן און די באַדינגונגען זיינען ניט ענלעך און אפילו גרונטיק אַנדערש — טרעפט אָבער אַז די אַפּאַראַטן פון דער פּסיכאָלאָגישער רעאַקציע זיינען אַ ביסל ענלעך. מ׳דאַרף באַמערקן אַז אין דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע קעגן די אשכנזים ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז דער קאָנקרעטער אָביעקט פון דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע זיינען ניט אשכנזים סתם, נאָר די יידן פון מזרח־אייראָפּע, זייער יידיש לשון, זייערע

מנהגים און לעבנס־שטייגער. און דאָס דערקלערט זיך אויף אַ פּשוטן אופן: דער פּרעסטיזש פון דער קולטור פונעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום איז היינט ניט קיין גרויסער אין ישראל. יידיש איז דאָ תמיד געווען אויס־געשטעלט אויף זילזול (אפילו ביי די אָפּשטאַמיקע פון מזרח־אייראָפּע); דער יונגער דור אָריענטירט זיך אויפן אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער (אַזוי ווי ער איז געווען אין די יאָרן פון אויפשוווּנג, פאַרן קריזיס וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר די לעצטע יאָרן און וואָס זיין אָפּקלאַנג איז נאָך ניט דערגאַנגען ממש קיין ישראל). די דאָזיקע אינ־טעלעקטואַלן פון צווישן די ספרדישע און מזרח־עדות ווילן זיך מיט דעם אידענטיפיצירן, ניט געקוקט אויף די לאָזונגען וועגן „ספרדישער קולטור" און וועגן דעם „קולטור־גענאָסיד".

ווען כ'האָב אַמאָל אַ זאָג געטאָן דעם דאָזיקן זשורנאַליסט אין מיינעם אַ שמועס מיט אים, אַז איך בין אַ ציוניסט, איז ער אויפגעשפּרונגען. ס'איז געווען אוממעגלעך ער זאָל ניט וויסן, אַז דער ציוניזם איז ניט אין דער מאָדע אין די „בעסערע קרייזן" אין ישראל. אין אַזעלכע ענינים האָבן די דאָזיקע ספרדישע אינטעלעקטואַלן ניט קיין מורא פאַר אַ ביסל אַסימילאַציע צווישן יענע אשכנזים צו וועלכע זיי ווילן זיך סאָציאַל דערנענטערן. אָבער דאָס דאָזיקע שטרעבן זייער'ס צו אַ סאָציאַל אַנגעזעענעם מעמד שטייט ניט ביי זיי אין קעגנזאַץ צו דער אידעאָלאָגישער קנאות פאַר אַ „מזרחדיקער ספרדישער קולטור". כ'געדענק, אַז דער זעלבער זשורנאַליסט האָט אַמאָל פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם רמב"ם (לויט אַן אַרטיקל וואָס איז דערשינען אין אַן ענגלישער צייטשריפט). דאָס דאָזיקע אַרטיקל זיינס איז געווען איין ביטער קלאָגן זיך אויף דעם אשכנזישן אַקאַדעמישן עסטאַבליש־מענט און אויף די אשכנזים בכלל דערפאַר, ווייל זיי שאַצן ניט אָפּ און טייטשן ניט אויס דעם רמב"ם אַזוי ווי עס קומט אים — און זיי זיינען אין דער אמתן ניט מסוגל עס צו טאָן, היות ווי פאַר זיי, וואָס שטאַמען אָפּ פון מזרח־אייראָפּע, איז די מזרח־חכמה, וואָס איז דער מהות פון רמב"ם'ס תורה, פאַרזיגלט. האָב איך זיך אָפּגערופן צום מחבר פון דעם אַרטיקל: „זיכער לייענסטו אַ סך דעם רמב"ם". האָב איך דערזען אויף זיין פנים, אַז כ'האָב אים שטאַרק אָנגעגריפן. ווי אַזוי איז מיר איינגעפאַלן צו קלערן, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט אַזעלכע אַנאַכראָניסטישע זאַכן? ער ווייס אָבער פון דעם וואָס ער האָט געלייענט אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטע־ראַטור ווי גרויס ס'איז דער היסטאָרישער ווערט פון רמב"ם, דעריבער איז ער אַרויס קעגן דער עוולה וואָס עס טוען די דאָזיקע אשכנזים, וועלכע

זיינען מזלזל מיט אַזאַ היסטאָרישער פּערזענלעכקייט בלויז דערפאַר וואָס דער רמב״ם איז געווען אַ ספרדי.

פון מיינע באַגעגענישן מיט דעם סאָרט ספרדישע אינטעלעקטואַלן האָב איך זיך דערוווּסט ניט נאָר וועגן דעם, אַז ס׳האָט עקזיסטירט דער רמב״ם און יהודה הלוי, נאָר אַז עס עקזיסטירט אויך אַן אַסימילאַציע און אַסימילאַטאָרן אין די יידישע קהילות אין אַזיע און אַפריקע, וואָס זיינען ווי צוויי טראָפּנס ענלעך צו דער אַסימילאַציע און די אַסימילאַטאָרן אין מינסק, אין פּינסק, אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע ערטער ווו ס׳וווינען די אַבראַמאָוויטשעס. דעריבער האָב איך זיך ניט געוווּנדערט ווען כ׳האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק געלייענט די זכרונות פון אַ ישראלדיקן שליח, וועלכער איז אָפּגעזעסן אַ פּאָר יאָר אין תפיסה אין איראַק. אין יענער צייט איז אין איראַק די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען אומלעגאַל און אירע חברים זיינען שטאַרק גערודפט געוואָרן. אין דער זעלבער תפיסה זיינען אויך געזעסן עטלעכע אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן און זיי האָבן צוזאַמען מיט די איראַ־קישע אַרעסטאַנטן (לאו דוקא קאָמוניסטן) דערגאַנגען די יאָרן דעם „שליח פון ציוניסטישן אימפּעריאַליזם״. רבונו של עולם! ווי איינהייטלעך די וועלט איז און ווי פּראָגרעסיוו!

דער אמת איז, פאַרשטייט זיך, אַז דער רמב״ם (און סעדיה גאון און שלום שבזי א.אַז.וו.) זיינען טאַקע אַנאַכראָניזמען אין היינטיקן ישראל — פּונקט אַזוי ווי דער ווילנער גאון און דער בעל שם טוב און אַנדערע אַבראַמאָוויטשעס. ס׳זיינען טאַקע פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרבליבן געטריי די דאָזיקע אַנאַכראָניזמען, אָבער זייער צוזאַמענשטעל לויטן אָפּשטאַם איז אַ שטאַרק פאַרשיידנאַרטיקער, אַזוי ווי דאָס איז אגב תמיד געווען. כ׳בין זיכער, אַז ווען כ׳וואָלט געזאָגט מיין זיידן ע״ה, וואָס איז אויך געווען מיין רבי, אַז דער רמב״ם און דער מחבר פון „שולחן ערוך״ זיינען די פאַרטרעטער פון עפּעס א „ספרדישער קולטור״, וואָס מיר, די אבראַמאָוויטשעס האָבן ניט קיין חלק ונחלה אין איר, וואָלט איך פון אים באַקומען אַ נישקשהדיקן פּאַטש: זיינען זיי דאָך געווען די ווינקל־שטיינער פון זיין וועלט.

אויך מיט דעם זיינען די וואָרטזאָגערס פון די „שוואַרצע פּאַנטערס״, אָדער בעסער געזאָגט, זייערע אינטעלעקטואַלע אינספּיראַטאָרס, ענלעך צו די מאָנאָפּאָליסטן וואָס טראָגן זייער נאָמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די לעצטע האַלטן אין איין פּאַכען מיט דער פאָן פון דער „אפריקאַנער קולטור״, וועלכע שטייט, פאַרשטייט זיך, אָן אַן ערך העכער ווי די פּיל־

פאַרביקע מערבדיקע קולטור. אָבער וואָס איז זי די דאָזיקע „אַפריקאַנער קולטור", וועלכע זיי האַלטן ממש אין די הענט? די ספּעציעלע הלבשה, די ספּעציעלע פריזור וכדומה — ספּעקטאַקולאַרע פרעמדע פעדערן זיך אויסצופּוצן מיט זיי און דער עיקר זיי אויסצונוצן פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט ניט מיט קולטור און ניט מיט אַפריקע.

קולטור איז ניט בלויז אַן ענין פון טעאָלאָגיע און פון פּאָעזיע, זי איז אויך אַ לעבנס־שטייגער פון אַ קיבוץ, מנהגים פון עסן, אופנים פון דערציען קינדער און אפילו אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו דעם וואָס קומט פאָר צווישן מאַן און ווייב. אויב ס'האַנדלט זיך דאָ אין אַן אַלגעמיינער קולטור, אין דעם זינען, איז אַ זיכערע זאַך, אַז צווישן די ספרדישע עולים און די עולים פון די מזרח־עדות קומט פאָר אַן „אַסימילאַציע־פּראָצעס".

די דאָזיקע קולטור איז געווען אַ רעליגיעזע און אַ פּאַטריאַכאַלע. דער קאָנטאַקט מיט דער ישראלדיקער געזעלשאַפט, וואָס איז אַ וועלטלעכע געזעלשאַפט, האָלט אין איין צעטרייסלען אירע יסודות. אין אָנהויב פון דעם דאָזיקן „פּראָצעס" האָט וועגן אים געשריבן טרעפלעכע און באַלערנ־דיקע זאַכן איינער אַן אשכנזי, וואָס איז געווען עטלעכע יאָר לערער אין די ישובים פון די עולים פון די מזרח־עדות — אוריאל סימאָן (איצט לעקטאָר פון תנ"ך אין דעם בר־אילן־אוניווערסיטעט). צי איז אָבער דער דאָזיקער „פּראָצעס" זיי אויפגעצוווּנגען געוואָרן? צי קען דער דאָזיקער „אַסימילאַציע־פּראָצעס" פאַרגליכן ווערן צו דעם וואָס קומט למשל פאָר אין ראַטנפאַרבאַנד — ווו ער ווערט דורכגעפירט מיטן כח פון געזעץ, פון דער פּאָליציי?

דאָס איז די ווירקונג פון אַן אַנדער „פּראָצעס", פון אַ מין „גרעשעם־געזעץ" אין תחום פון קולטור, דאָס געזעץ פון דער מינדערווערטיקער מטבע, פון דער מיט ווייניק דעקונג, וואָס שטויסט אַרויס די פולווערטיקע מטבע. דער דאָזיקער „פּראָצעס" רירט אָן אין דער גלייכער מאָס דעם רמב"ם און דעם ווילנער גאון, שלום שבזי און דעם בעש"ט. ניט די ספרדישע קולטור ווערט דאָ אַנטקעגנגעשטעלט דער קולטור פון די אַבראַמאָוויטשעס, נאָר, אויב איר ווילט, די „אַנאַכראָניסטישע" קולטור פון גאַנץ ישראל קעגן דער קולטור פון מדינת ישראל, דער „איצטיקער". און ס'איז פאַר יעדן קלאָר: די צאָל פון די וואָס זיינען געטריי דער קולטור פון ישראל — צי דאָס איז אַ געטריישאַפט פון אָפּהיטן מצוות ממש אָדער צי דאָס איז אַ געטריישאַפט פון בלויזן האַלטן זיך אין אַ קולטור־טראַדיציע — איז ניט גרעסער צווישן די ספרדים און די מזרח־עדות ווי צווישן די אַבראַמאָוויטשעס.

מ׳דאַרף זיך אָבער ניט מיאש זיין פון דעם פּרעסטיזש פון דער „ספרדישער קולטור״ אין דעם „איצטיקן״ ישראל, אויב מיר ווען מעסטן די זאַכן מיט די מאָסן פון דעם „איצטיקן״ ישראל אין ענינים פון קולטור. פאַראַן געביטן אין אונדזער קולטור־לעבן, אין וועלכע די פאָר־שטייערס פון דער ספרדישער קולטור זיינען ניט נאָר ניט באַוואָלט, נאָר ווו זיי האָבן שוין די איבערהאַנט.

צי איז דער פּרעסטיזש פון די „געפילטע פיש״ און פון די „לאָקשן״ פון די אַבראַמאָוויטשעס גרעסער פון דעם פּרעסטיזש פונעם „קוסקוס״ און פון דער „שוואַרמאַ״ אין איצטיקן ישראל? ווו איז דער געוואָגטער גבר צווישן די אַבראַמאָוויטשעס וואָס זאָל אויפשטיין און עפנטלעך אויסרופן, אַז ער האָט ליבער „לאָקשן״ ווי „קוסקוס״? דער פּרעסטיזש פון די „געפילטע פיש״ און פון די „לאָקשן״ איז אַזוי געפאַלן צווישן אונדזער אינטעלעקטועלער עליטע, אַז בקרוב, בין איך זיכער, וועלן די חסידים פון די „געפילטע פיש״ און פון די „לאָקשן״ ניט האָבן קיין אַנדער ברירה ווי צו פּלעגן זייער קולטור אין געהיים. קיינער, און אפילו אבראַמאָוויטש, וויל ניט זיין קיין יוצא דופן.

אַזוי אויך אַן אַנדער זייט פון דער „איצטיקער״ ישראל־קולטור: צי איז דער פּרעסטיזש פון אריק איינשטיין גרעסער פונעם פּרעסטיזש פון יורם גאון? וואָס שייך אונדזער „היינטצייטיקער״ קולטור, זיינען מיר איין פאָלק.

אמת, ס׳זיינען נאָך דאָ און דאָרט פאַראַן מינדערהייטן וועלכע קוקן אַריין אין רמב״ם און אין יהודה הלוי, אינעם ווילנער גאון און אין בעש״ט — און (לאָמיר מאַכן אַ גראָבן שפּרונג) מיר וועלן אויך צוגעבן צו זיי ביאַליקן, ש. י. עגנונען און בורלאַן. די דאָזיקע מינדערהייטן צעטיילן זיך זיכער ניט לויט אַן עדות־ליניע. היות ווי זיי זיינען מינדערהייטן, דראָט ניט פון זייער צד קיין שום סכנה דער „היינטצייטיקער״ ישראל־קולטור אַזוי ווי מיר האָבן עס דערמאָנט, וואָס אויך זי איז, ווי שוין געזאָגט, אַ צונויפ־געשמאָלצענע פונעם עדות־שטאַנדפּונקט, ממש איין פאָלק. ווי עס שטייט געשריבן, איז אונדזער פאָלק אַ פאָלק בלויז אין זיינע תורות, דאָס הייסט אין זיין קיך און אין זיינע פאַרווײלונגען.

(„דבר״, 4 יוני 1971)

# דער ענדציל און דער פּראָצעס

איך דערמאָן זיך געווי ווען די דאָזיקע פאָרמולע האָט זיך ביי מיר אויסגעקריסטאַליזירט: ענדציל און פּראָצעס. פאַרשטייט זיך, אַז עס רעדט זיך ניט וועגן די דאָזיקע ווערטער אין דעם פּיל גענוצטן ביי אונדז, אידעאָ־לאָגישן זין. די פאָרמולע האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט — ביזן היינטיקן טאָג — אין אַ רגע פון פּערזענלעכן אַנטשלוס. עס איז געשען אין יאָר 1949. איך בין דעמאָלט געקומען קיין ישראל אויף אַ קורצן באַזוך, מיט דער כּוונה אַ ביסל צוצוגרייטן די עליה פון מיין משפּחה. אַ יונגער פריינד האָט מיך גענומען אויף אַ וויזיט אין זיין אַרבעטפּלאַץ — אַן אַרמיי־ביבליאָטעק. איך בין געשטאַנען און געבלעטערט די זשורנאַלן, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט אויף אַ פּאָליצע. איך האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט ביי אַ זשורנאַל, וואָס איז מיר ביז דעמאָלט געווען אומבאַקאַנט — אַ רעליגיעזן יוגנט־זשורנאַל. היינט געדענק איך שוין ניט וואָס אין דעם זשורנאַל עס האָט אַזוי שטאַרק געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. אָבער דעם עיקר האָב איך ניט פאַרגעסן עד היום: עס איז געווען אַן אַפּעל פאַר יידישקייט, פאַר דער היינטיקער, אַקטועלער ווערטיקייט פון דער טראַדיציע — און דער טאָן פון דעם דאָזיקן אַפּעל האָט מיך איבערראַשט, אויב ניט פאַרוווּנ־דערט. דער איינדרוק איז געווען, אַז די רעדאַקטאָרן און שרייבערס פון דעם דאָזיקן אומפּרעטענציעזן זשורנאַלעכל ווייסן אַז, זיך ווענדנדיק צו זייער לייענער — און מען דאַרף דאָך זיך משער זיין, אַז זיי קענען אים פון נאָענטן — דאַרפן זיי ניט פאַרויסזעצן די עקזיסטענץ פון בשותּפותדיקע זעלבפאַרשטענדלעכע, אומאָפּפרעגבאַרע אמתן, אמתן וואָס מען דאַרף זיי גאָרניט פאַרטיידיקן, „באַווייזן", אַרגומענטירן.

גלייך אין אָנהייב האָט דאָס מיך געחידוש. דאָס איז דאָך אַן אָרגאַן פון אַ רעליגיעזער גרופּע, וואָס ווערט געלייענט מער אָדער ווייניקער אויסשליסלעך פון מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון דער דאָזיקער גרופּע. און אויב אַזוי, פאַרוואָס און צו וואָס די דאָזיקע אָנשטרענגונג צו „איבער־צייגן" וועגן אלף־בית־אמתן?

איך בין קיין ישראל געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו מיין טאָג־טעגלעכע סביבה איז געווען אַ יידיש־רעדנדיקע און יידיש־לייענענדיקע.

מיינע פריינד, גייסטיק אויסגעפורעמטע אין דער סביבה פון דער אַזויגערו־פענער וועלטלעכער יידישער קולטור, האָבן דעמאָלט — אייגנטלעך זינט די דרייסיקער יאָרן — ניט אויפגעהערט רעדן, שרייבן און חלומען וועגן דעם, וואָס זיי האָבן גערופן „יידישקייט״. אין פאַרשיידענע נוסחאות, אין פאַרשיידענע פאָרמולירונגען, אויף פאַרשיידענע פלאַכן פון אינטעליגענץ און „סאָפיסטיקאַציע״, האָט געשאַלט דער רוף — „צוריק״. מיט מיין גאַנצן דרך־ארץ פאַר מיינע פריינד און סימפּאַטיע פאַר זייערע שטימונגען, האָט דאָס ביי מיר ניט איין מאָל אַרויסגערופן אַ באַהאַלטענעם שמייכל. מיין אייגענע גייסטיקע ביאָגראַפיע איז געווען אַ ביסל אַן אַנדערע פון זייערער. איך בין שטענדיק געווען אַ ציוניסט, איך האָב זיך דערצויגן אויף דער העברעישער ליטעראַטור, וואָס אפילו אירע עקסטרעמסטע נאָן־קאָנפאָר־מיסטן זיינען דאָך, וואָס שייך דעם עיקר, געווען קאָנסערוואַטאָרן. דעם פּאַטאָס פאַר טראַדיציע, האָב איך ניט געדאַרפט „אַנטדעקן״. דעם אמת געזאָגט, האָט מיר די דאָזיקע שפּעט אויפגעבראַכטע התלהבות פאַר „יידיש־קייט״ אויסגעזען אַ ביסל פאַרדעכטיקט. איז דאָס אפשר ניט אַ פאַרגליווער־טער זשעסט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מענטשן אין אַ באַשטימטן עלטער, אַן אימפּולס, אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכער, זיך אָנצוכאַפּן אָן אַ באַוווסטזיניקער, פאַרגאַנגענער קינדער־וועלט, און, אפשר, אַן אַקט פון יאוש, און דערפאַר אַן אַקט ניט אינגאַנצן קיין ערנסטער?

בלעטערנדיק דעם דאָזיקן רעליגיעזן יוגנט־זשורנאַל, אין דער אַרמיי־ביבליאָטעק, אין ירושלים, האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט: דאָ קען קיין זאַך ניט געדייען בלויז מיטן כוח און מיט דער סאַנקציע פון „היסטאָרישן קרעדיט״ — בעת דאָרט, אין גלות, איז דאָס דאָך די לעצטע באַרעכטיקונג פאַר אַלע באַמיונגען צו עקזיסטירן און צו כאַווען די אייגענע עקזיסטענץ. דאָס דאַרף אונדז טייער זיין דערפאַר, וואָס עס האָט אונדז יאָרהונדערטער און יאָרטויזנטער דערהאַלטן ביים פּיינפולן און דערהויבנדיקן לעבן; די דאָזיקע געשיכטע איז אונדז שויך, מיט איר עצם זיין, אָדער געווען־זיין, מחייב ווייטער צו זיין, און זיך ווייטער צו פורעמען אין אירע אויסגעפּרו־בירטע פאָרמען.

בלעטערנדיק דעם זשורנאַל אין דער אַרמיי־ביבליאָטעק, איז מיר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן: דאָ, און משונהדיק, דווקא דאָ, מוז מען אַלץ אָנהייבן פון אָנהייב, פון אלף־בית. יעטוועדער היסטאָריש אויסגעפורעמטער ווערט, יעטוועדע טראַדיציע, יעטוועדער היסטאָריש פאַרהייליקטער אמת, דאַרף פונסניי אויסגעפּרובירט ווערן, כדי אַזוי צו זאָגן, צו באַשטעטיקן

זייער אייגנטלעכע ווערטיקייט און לעבנספעיקייט. דאָס איז אמת אפילו לגבי די מעטאַפיזישע אמתן פון דער רעליגיעזער טראַדיציע. אפילו די רעליגיעזע מצווה קען דאָ ניט שעפּן איר סאַנקציע בלויז דערפון, וואָס די אָבות זיינען גרייט געווען פאַר איר צו גיין אויף קידוש־השם, און מיטן כוח פון דער גרייטקייט לעבן מיר עד היום. די ווערטיקייט פון דער מצווה דאַרף פונסניי דורכגעלעבט ווערן היינט — אוממיטלבאַר, דירעקט, פאַר דיר און פאַר מיר. דער „היסטאָרישער קרעדיט" אַליין איז דאָ ניט גענוג. דווקא דאָ.

און אויב דאָס איז אמת בנוגע רעליגיעזע טראַדיציעס און מצוות, איז עס דאָך אַוודאי און אַוודאי אמת וועגן יינגערע, וועלטלעכע, און מסתמא פלאַכערע אמתן. מען מעג פרעגן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי — און אפשר איז בעסער גאָר זיך ניט גריבלען אין דעם. אָבער עס איז גאָר קיין פראַגע ניט, אַז אַזוי איז עס.

צומאָל דאַכט זיך, אַז כמעט אַזויפיל וויפל יידן עס לעבן אין ישראל זיינען פאַראַן מאָטיוון פאַר זייער עליה אָדער פאַר זייער בלייבן אין ישראל. אָבער אין תוך לאָזן זיי זיך רעדוצירן אויף די צוויי וויל־באַקאַנטע טיפּן — „צוואַנג־עולים" און „פרייוויליקע עולים" (ניט קיין זייער עקזאַקטע קלאַסיפיקאַציע, ווי די געענדזנפיסלעך זיינען מרמז). יעטוועדער טיפּ עולה ברענגט מיט זיך זיינע ספּעציפישע דערוואַרטונגען און אילוזיעס — און עס דערוואַרטן אים ממילא ספּעציפישע אַנטוישונגען און דעזאילוזיעס. די אילוזיע פון דעם „פרייוויליקן עולה" איז אַז אָט־אָט, סוף־סוף, האָט ער דערגרייכט דעם „ענדציל", דעם „לעצטן ברעג", דאָס לאַנד פון זיינע חלומות. ער מעג זיין דער סאַמע האַרטסטער „רעאַליסט", ער מעג זיך איינרעדן, אַז ער קען דאָס לאַנד „אַזוי ווי עס איז" ממש (פון לייענען און שטודירן, פון קורצע טוריסטישע באַזוכן) — אָבער פון דער דעזאילוזיע וועט עס אים ניט באַפרייען. פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס ווילנדיק אָדער אומווילנדיק — ישראל איז פאַר אים אַן „ענדציל", בעת אָביעקטיוו קען עס ניט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ פּראָצעס. ער איז עולה קיין ישראל דערפאַר וואָס דאָרטן, אין קעגנזאַץ צום גלות פונוואַנען ער איז אַוועק, צום אַסימילירנדיקן גלות, ווו די איינציק מעגלעכע לעבנסראַם איז היינט, דווקא היינט, די „רעליגיעזע" — דערוואַרט „אַ גאַנץ (אָדער פול) יידיש לעבן". אָדער: ער האָט רעבעלירט קעגן די „קאָמפּלעקסן", וואָס באַלאָדן דעם באַוווסטזיין פון יידישן מענטשן אין גלות, קעגן דער פּאַטאָלאָגיע פון דער יידישער זעלבסט־אידענטיפיקאַציע, וואָס איז אומפאַרמיידלעך.

און צי ער וויל צי ער וויל ניט, דערוואַרט ער, אַז פון דעם, ווייניקסטנס, וועט ער אין ישראל פטור ווערן.

ער מאַכט אַ טעות — אַן אומפאַרמיידלעכן טעות. ווען ער וועט דער־גרייכן צום „לעצטן ברעג", וועט ער דאַרטן ניט אַריינשווימען אין אַ רויִקן האַפן — ער וועט אַריינגעוואָרפן ווערן אין דעם תמיד קאָכנדיקן, ברויזנדיקן קעסלגרוב פון דעם פּראָצעס פונעם ווערן אַ פאָלק. און פאַרן יחיד — אויב ער האָט אַהער געבראַכט די דאָזיקע אילוזיעס — קען דאָס ניט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ זייער פּיינפולער פּראָצעס. די נייע יידישע עקזיסטענץ, אין אַן אייגענער לעבנסראַם, יידן צווישן יידן, יידן צווישן זיך, איז ניט קיין אויטאָמאַטישע לייזונג (אָדער אויפלייזונג) פון די אַלע פראַגעס וואָס באַאומרויִקן דעם יידישן געדאַנק. פאַרקערט, דאָ ווערן זיי געשטעלט דירעקטער, שאַרפער און נאַקעטער ווי אומעטום און ווי ווען עס איז. זיינען מיר טאַקע אַ פאָלק? זיינען מיר איין פאָלק? איז נאָך אונדזער קולטור לעבנספעיק און שעפעריש? האָט נאָך אונדזער קיום אַ זין? יעטוועדן טאָג דאַרפן מיר ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגעס און זיך ראַנגלען צווישן „יאָ" און „ניין". און מיר ווייסן, אַז דער ענטפער קען ניט זיין בלויז קיין אינטעלעקטועלער (דערפאַר איז אפשר דער יידישער אינטעלעקט אין גלות פיל פּרוכטבאַרער ווי ער איז אין ישראל). דווקא דאָ, זעט אויס, האָבן מיר זיך ניט אויף וואָס אָנצושפאַרן. אָבער דווקא דאָ איז אַ ייד עלול צו זען אין זייער אכזריותדיקער נאַקעטקייט די אַלע קינסטלעכע קוליסעס אויף וועלכע עס שטייט דער יידישער קיום אומע־טום — די באַקוועמע נחמות פון דער טעאָלאָגיע און פון דער סאָציאָלאָגיע, פון דעם גרייסן זיך מיט דעם יידישן עבר און מיט די דערגרייכונגען פון דעם היינט.

אָבער עס בלייבט איין נחמה. פונדאַנען זעען אויס אַלע אָנשטרענגונגען פאַר אַ יידישן קיום אומעטום — אין בעסטן פאַל — ווי באַמיִונגען אויפ־צושטעלן אַ בכבודיקן, אַן איינדרוקספולן מוזיי אָדער מאָנומענט. דאָ זיינען מיר אַ טייל פון אַ פּראָצעס. עס זיינען ניטאָ קיין גאַראַנטיעס אויף הצלחה. מיר ווייסן ניט גענוי וואָס עס וועט דערפון אַרויסקומען. אָבער אַ פּראָצעס טראָגט אין זיך לעבן, איז אָריענטירט אויף דער צוקונפט. עס פאָדערט זיך אַ גרויסע מאָס רעזיגנאַציע, כדי זיך אָנצופאַרטרויען דעם דאָזיקן פּראָצעס פון ווערן אַ פאָלק ממש — אָבער אין דער דאָזיקער רעזיגנאַציע איז באַהאַלטן די טיפסטע באַרעכטיקונג און פרייד.

(„פאָלקסבלאַט", פעברואַר־מערץ 1969)

## „אייגענע“ און „פרעמדע“

אַפּטמאָל דערמאָן איך זיך אַ שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיט חיים גרינבערגן ז״ל, נאָך זיין ערשטן באַזוך אין מדינת ישראל, אָנהויב 1949, אויב איך מאַך ניט קיין טעות. ישראל האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סאַמע קאָך פון דער גרויסער עליה. און גאָר אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט פון די עולים זיינען שוין דעמאָלט געווען פון די אַזוי גערופענע מזרח־עדות. כמעט האָט דרך אגב גרינבערג אַ וואָרף געטאָן די שווערע, דער־דריקנדיקע ווערטער: „אָבער דאָס זיינען דאָך ניט מיינע יידן, דאָס זיינען דאָך, אייגנטלעך, פרעמדע יידן“.

עס איז ניט וויכטיק איצט איבערדערציילן וואָס איך האָב אים גע־ענטפערט. עס איז געווען צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער זאַג, פון חיים גרינבערגס מויל, האָט מיך פיינלעך שאָקירט און דערצערנט. ווי קומט עס צו אים — אַפילו צו אים? איך רעד שוין ניט וועגן דער דאָזיקער האַמעטנער קלאַ־סיפיקאַציע פון „אייגענע“ און „פרעמדע“ יידן — אַ זאַך וואָס עס פּאַסט אפשר פאַר אַ בונדיסט, אָדער פאַר אַ פאָלקיסט מיט זייער רעגיאָנאַל־אָדער־פעריאָד־יידישקייט, אָבער ניט פאַר אַזאַ אוניווערסאַלן יידן ווי חיים גרינבערג. אומגלויבלעכער איז געווען דאָס וואָס עס האָט זיך געלאָזט אַרויסהערן, אָדער אַרויסטייטשן, פון די דאָזיקע ווערטער — אַ היעראַר־כישע איינטיילונג צווישן עכטע און ווייניקער עכטע יידן, אפשר „בעסערע“ און „ערגערע“.

גרינבערג האָט ביי זיינע לייענער און צוהערער געהאַט אַ שם פון אַן עטערישן גייסט, פון איינעם וואָס רוט אין די „העכערע וועלטן“. דער אמת איז אָבער, אַז ניט געקוקט אויף זיין אויסזען און זיינע באַנעמונגען און זיין רעטאָריק, איז ער געווען גאָר אַ היפשער רעאַליסט.

די מערסטע פון אונדז האָבן דאָך דעמאָלט, אין די גאָר ערשטע יאָרן פון מדינת ישראל, זיך נאָך געהאַלטן ביים חלום פון באַלדיקער שיבת־ציון, פון דער עליה פון מיליאָנען פון אַלע יידישע קיבוצים. איך דערמאָן זיך מיינעם אַן אייגענעם פּראָגנאָז. עטלעכע חדשים פאַר דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, האָט מיך געפרעגט אליהו אילת, וויפל יידן וועלן, לויט מיין השערה, עולה זיין פון די פאַראייניקטע שטאַטן — אויב דער נס

זאָל טאַקע געשען, און עס זאָל ווערן אַ יידישע מדינה. האָב איך אילתן פאַרזיכערט, אַז איך בין לײדער ניט קיין אוטאָפּיסט, און דערפאַר זיינען מיינע דערוואַרטונגען זייער מינימאַליסטישע. מער ווי פּופּציק טויזנט נפשות וועלן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן אין דער נאָענטסטער צייט ניט עולה זיין... און אינדעראמתן האָט זיך דאָך מיין חשבון געשטיצט אויף אַ גאַנץ ניכטערן אָפּשאַצן פון יענער קליינער צאָל יידן, וואָס דער קיום פון פאָלק און דער יידישער פּנים פון זייערע אייגענע קינדער איז פאַר זיי ניט קיין מהיכי־תיתי־ענין, נאָר אַ סאַמע ערנסטער ענין, אַ לעבנסזאַך.

ווי מיר ווייסן, האָט ניט לאַנג גענומען ביז עס איז אַלעמען קלאָר געוואָרן אַז אַפילו אַזעלכע ניכטערע דערוואַרטונגען זיינען ניט מער ווי חלומות.

יאָ, עס איז אמת: די מערהייט יידישע באַפעלקערונג אין ישראל באַשטייט שוין איצט ניט פון „אייגענע יידן", מזרח־אייראָפּעישע, אפילו מיטן צוגאָב פון צענטראַל־אייראָפּעישע.

דערפאַר, אַז מען רעדט איצט פון דער קולטור־פיזיאָנאָמיע פון ישראל, איז ניט לייכט צו רעדן פון אַ „גייסטיקן צענטער", פון אַ מוסטער פאַר יידן אין דער צעשפּרייטקייט. עס איז געגויער צו רעדן פון דעם, וואָס אַמעריקאַנער יידן האָבן אַמאָל גערופן — אַ קעסלגרוב.

אמת, מיר זיינען אַלע יידן. דאָס איז דער עיקר. אָבער מיר זיינען אַלע „פאַרשיידענע" יידן. מיר זיינען אַלע „אַנדערע" יידן — אין די אויגן פון די „אַנדערע". טאָג־איין־טאָג־אויס דאַרף איך זיך אָנשטרענגען צו פאַר־שטיין מיין שכן, דעם יידן פון טריפּאָליטאַניע, אָדער פון אַלזשיר, אָדער פון מאַראָקאָ. אָבער איך טאָר קיינמאָל ניט פאַרגעסן: פּונקט אַזוי בין איך פאַר אים „אַן אַנדערער", אויב ניט „אַ פרעמדער".

און דאָס מוז דאָך זיין אַ קוואַל פון כסדרדיקע מיספאַרשטייענישן, שפּאַנונגען, איבער־סענסיטיוויקייטן, קריוודע־געפילן. און אַזוי איז עס, אויף אַלע געביטן פון אונדזער לעבן, די מאַטעריעלסטע און די סאַמע גייסטיקע. וואָס שייך די מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע אַספּעקטן פון דעם אַזויגערו־פענעם עדות־פּראָבלעם, זיינען זיי דאָך ווויל באַקאַנט און מען הערט ניט אויף צו דיסקוטירן וועגן זיי — און אַוודאי ווערט אויך ניט ווייניק געטאָן כדי צו געפינען פּראַקטישע לייזונגען. מער קאָמפּליצירט, סובטעלער זיינען אָבער די קולטורעלע און גייסטיקע אַספּעקטן פון דעם עדות־פּראָבלעם.

וואָס פאַרבינדט מיך גייסטיק און קולטורעל מיט מיין שכן און ברודער פון מיטל־מזרח און צפון־אַפריקע און אַפילו פון געוויסע באַלקאַן־לענדער?

מיין נייערע גייסטיקע ירושה — די העברעישע און יידישע ליטעראַטור, דער מאָדערנער יידישער געדאַנק, די טראַדיציע פון די יידישע סאָציאַלע באַוועגונגען אין דער נייער צייט — איז דאָך אים אינגאַנצן פרעמד. און מען מוז דאָך צוגעבן דעם ביטערן אמת: ניט קיין קליינער טייל פון דער דאָזיקער ירושה איז דאָך אין תוך ניט לעבנספעיק און לעבנסוויכטיק. ער לעבט אין דעם זכרון פון די אָפּשטאַמיקע פון אשכנז בלויז מיטן כוח פון נאָסטאַלגיע. ערשט נאָך זייער אַ שטרענגער סעלעקציע קען קלאָר ווערן וואָס אין דער דאָזיקער ירושה איז פעיק צו ווערן כלל־ירושה — אַ טייל פון דער אַנטשטייענדיקער קולטור פון דעם דאָזיקן פיל־שבטימדיקן יידישן כלל.

די דאָזיקע אומזיכערקייט קומט בולט צום אויסדרוק אין די כסדרדיקע ענדערונגען אינעם לימודים־פּראָגראַם אין אונדזערע שולן. ביז בערך צוואַנציק יאָר צוריק איז די זאַך געווען גאָר פּשוט — אָדער אַזוי האָט זיך עס אויסגעדוכט. צי קען מען זיך פאָרשטעלן אַ שול־פּראָגראַם אין ישראל אָן ביאַליקן און מענדעלען, אָן פּרצן און שלום־עליכמען, אָן טשער־ניכאָווסקין און שניאורן, און אָן אַ סך, אַ סך אַנדערע און קלענערע? אָן מאָדערנער יידישער געשיכטע, וואָס אין איר צענטער שטייען חיבת־ציון און ציוניזם און בונד און אַסימילאַציע, און וועלטלעכקייט, בקיצור, אָן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן באַשעפטיקט עטלעכע דורות יידן אין אייראָפּע? וואָרעם דער אמת איז דאָך, אַז די אַנדערע ניט־אייראָפּעישע יידן, זיינען פאַר אונדז, אפילו פאַר די אוניווערסאַלסטע אייראָפּעישע יידן, געווען בלויז ראַנד־יידן. אָבער איצט זיינען זיי שוין די מערהייט פון יידישן פאָלק אין ישראל.

אויב אַזוי, איז דען בכלל מעגלעך איין יידישע קולטור אין דער יידישער מדינה? פון וואַנען הויבט מען אָן זי צו בויען? און צי זעען זיך שוין סימנים פון אַזאַ נייעם סינטעז?

וועגן דעם — אין דעם קומענדיקן שמועס.

(„פאָלקסבלאַט", אַפּריל 1969)

# נאָך אַ מאָל: מזרח און מערב

מיר דערנענטערן זיך צום סוף פון די שמועסן אַרום אַ טעמע, וואָס האָט ניט קיין סוף — די פראַגע צי קען, און ווי אַזוי זאָל, אויסוואַקסן איין פאָלק (און דאָס הייסט דאָך, איין קולטור) פון די בראָכשטיקער פון אַזוי פיל יידישע עדות, האַלבע און גאַנצע טראַדיציעס, זכרונות, נאָך לעבעדיקע און שוין כמעט פאַרגעסענע — שוין ניט צו רעדן פון דעם יוירנדיקן רוישטאָף, וואָס הייסט די אין ארץ־ישראל אויסגעוואַקסענע דורות.

קודם־כל, לאָמיר אָנהויבן מיט אַ דאָגמאַטישער באַהויפּטונג: אָן אַן אמת וואָגיקער עליה פון דעם מערבדיקן יידנטום (און דאָס שליסט איין יידן פון די אַמעריקעס אַזוי ווי פון די אַזוי גערופענע סאָציאַליסטישע לענדער) וועט ישראל אין תוך ניט זיין דאָס צוליב וואָס דער ציוניזם איז געקומען אין דער יידישער געשיכטע. אפילו אויב אַזאַ ישראל זאָל באַוויזן בייצוקומען אַלע מוראדיקע שטרויכלונגען פון דרויסן און פון אינעווייניק — וועט זי דאָס ניט זיין.

אוודאי, אונדזערע ברידער פון די אַזוי־גערופענע מזרח־עדות זיינען זייער סענסיטיוו צו אַזעלכע דיבורים מצד אַן „אשכנזי". מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט גאָלדע מאיר זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט וועגן דער נויטווענדיקייט פון מערבדיקער עליה כדי אָפּצוהיטן דעם קולטור־ניוואָ פון דער יידישער מדינה. עס קען דאָך קיין ספק ניט זיין, אַז אין דעם דאָזיקן זאָג איז ניט געלעגן אפילו קיין שמץ פון גרינגשאַצונג אויפן חשבון פון ניט־אייראָפּעישע יידן; גאָלדע מאיר צייכנט זיך דווקא אויס מיט איר וואַרעמער באַציאונג צו זיי. אָבער וויפל גרימצאָרן די דאָזיקע אומשולדיקע באַמערקונג האָט ביי זיי אַרויסגערופן! באַקאַנטע, אָפּשטאַמיקע פון איראַק און פון עגיפּטן, האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אויסשניטן פון די צייטונגען, ווו גאָלדע מאירס רעדע איז ציטירט געוואָרן, און האָבן אונטערגעטראָגן יעדן איינעם צו וויזן וואָס און ווי אַזוי מען רעדט וועגן זיי אין דער אשכנזישער אויבערשיכט אין ישראל... און ס'איז ניט לייכט געווען זיי צו איבערצייגן אַז דאָס זיינען אומבאַגרינדעטע חשדים.

און פונדעסטוועגן, דער אמת בלייבט אַן אמת. אין די לעצטע יאָר־הונדערטער האָט דאָס יידישע פאָלק (אַ סך מער ווי אין די פריערדיקע

יאָרהונדערטער) דורכגעמאַכט וואָס מען קען באַצייכענען ווי „אַן אומגלייכע אַנטוויקלונג". אין די מזרח־קיבוצים איז דאָס כלל־לעבן און די כלל־קולטור באַשטאַנען מיטן כוח פון קאָנסערוואַציע; כאָטש מען דאַרף ניט גרינגשאַצן די אינערלעכע ענדערונגען אפילו אין די קאָנסערוואַטיווסטע יידישע קיבוצים (ערשט אין די לעצטע יאָרן, און אין ישראל, האָט מען אָנגעהויבן וויסנשאַפטלעך פאָרשן זייער געשיכטע). אין די דאָזיקע קיבוצים האָט כמעט אינגאַנצן ניט געשפּילט קיין ראָל דער דרויסנדיקער סטימול פון דער ניט־יידישער קולטור — אָט דער פאַקטאָר וואָס האָט רעוואָלוציאָניזירט די יידישע געשיכטע אין אייראָפּע. ווידעראַמאָל: פון דעם דאַרף מען ניט דרינגען, אַז די דאָזיקע יידישע קיבוצים אין די מוסולמענישע לענדער זיינען געווען „אָפּגעשטאַנען" אָדער „צוריקגעשטאַנען" אין אַ תוכיקן זינען. נאָכמער: ווער עס קוקט אויף דער יידישער געשיכטע מיט אויגן וואָס זיינען ניט פאַרבלענדט געוואָרן דורך באַנקראָטירטע „פּראָגרעסיווע" דאָג־מעס, ווייס וואָס פאַר אַ באַפרוכפּערנדיקע ראָל „געטאָ" און „איזאָלאַציע" האָבן געשפּילט אין זייער צייט אין יידישן געשיכטלעכן לעבן — אומעטום.

דאָס איז אַוודאי אמת וואָס שייך דער פאַרגאַנגענהייט און וואָס שייך דער אָביעקטיווער אָפּשאַצונג פון דער פאַרגאַנגענהייט. (דאָס, אגב, דאַרף וואָס גיכער קומען צום אויסדרוק, אין דעם לימוד פון יידישער געשיכטע אין אונדזערע שולן — יידישע וועלט־געשיכטע מוז ווערן די געשיכטע פון גאַנצן יידישן פאָלק, פון אַלע זיינע שבטים, און ניט בלויז די געשיכטע פון די געשיכטע־שרייבנדיקע אשכנזים). אָבער גאָר אַן אַנדער ענין איז אונדזער קעגנוואַרט און צוקונפט אין ישראל.

אויב מיר ווילן בויען אַ לעבנספעיקע יידישע קולטור אין אַ יידישער מדינה, דאַרפן מיר אָנהויבן פון דעם העכסטן פּונקט וואָס מיר האָבן דער־גרייכט אין גלות. בעת מיר רעדן וועגן העכסטן פּונקט, מיינען מיר ניט, פאַרשטייט זיך, יענע אויבערפלעכלעכע פאָרמען פון אַסימילאַציע צו דרויסנדיקע פאָרמען, וואָס יידן האָבן דערגרייכט (און לאָמיר צוגעבן, צו זייער אומגליק) אין ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין די מער „אַנטוויקלטע" אייראָפּעישע לענדער. מיר מיינען ניט די אַדאַפּטאַציע פון די פאַרבן פון דער אַרומיקער סביבה אָן ווידערשטאַנד און אָן ווייען, נאָר יענע יידישע מענטאַליטעט און יידישע קולטור וואָס איז אויסגעשמידט געוואָרן אין דעם שווערן און אפילו טראַגישן צוזאַמענשטויס פון אייגנס און פרעמדס, אין דעם קאָנפליקט צווישן קאָנסערווירנדיקע און ראַדיקאַלע אימפּולסן, צווישן אומבאַדינגטער טרייקייט און אכזריותדיקער זעלבסט־

קריטיק — יענע גרויסע קאַפּיטלען יידישע געשיכטע וואָס האָבן באַשאַפן דעם ציוניזם און די נייע העברעישע און יידישע ליטעראַטור און די נייע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין אַלע אירע נוסחאות, און אפשר מעג מען אויך זאָגן, נוצנדיק אַ באַנאַל געוואָרענעם, אָפּגעבליאַקעוועטן וואָרט, דעם נייעם יידישן מענטשן.

אָבער די גאַראַנטיע דערפאַר, די זיכערסטע גאַראַנטיע, איז די אַק־טיווע באַטייליקונג פון יענע עלעמענטן אין יידישן פאָלק, וואָס האָבן אַליין ממש דורכגעמאַכט די דאָזיקע רעוואָלוציע אין דער יידישער געשיכטע — און זיינען דורך איר אויסגעפורעמט געוואָרן, זיי און אפילו זייערע קינדער און קינדסקינדער.

לאָמיר צוגעבן: די אַזוי גערופענע אַסימילאַציע אין ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז געווען אַ גורלדיקער ווענדפּונקט אין דער יידישער געשיכטע. אַזוי האָט אייראָפּע אַסימילירט באַדייטנדיקע טיילן פון יידישן פאָלק; אָבער דער קערנדיקסטער, אויטענטישסטער, אין דער מאָ־דערנער וועלט לעבנספעיקסטער טייל, האָט אין דעם דאָזיקן פּראָצעס, אין געראַנגל מיט איר, זי, די אייראָפּעישע קולטור, אַסימילירט אין זיך, אין זיין אייגענער קולטור און „נאַטור". מוותר זיין אויף דער ירושה פון דעם דאָזיקן נאָענטן און אַנטשיידנדיקן עבר — קען ניט פירן צו עפּעס אַנדערש ווי צום איינשרומפּן און פענטען די מעגלעכקייט פון אַן אינטעגראַלער אַל־יידישער קולטור אין דער יידישער מדינה.

דערפאַר איז דער רוף צו עליה פון מערב, וועלכער שליסט איין, ווי געזאָגט, אין טערמינען פון דער יידישער קולטור־געאָגראַפיע, אויך דעם פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן מזרח, ניט קיין שבט־זאַך, נאָר אַ העכסטער כלל־עניך. אַ ייד אין מערב, וואָס ישראל איז פאַר אים ניט קיין זייטיקע סימ־פּאַטיע, נאָר אַ לעבנסזאַך, מעג און דאַרף זיך פרעגן: אויב איך וועל דאָרטן ניט זיין — וואָס וועט ישראל זיין? און עס קען ניט זיין קיין אַנדער ענטפער ווי דער: ניט דאָס וואָס זי דאַרף זיין, וואָס זי זאָל זיין — ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון גאַנץ ישראל, פון זיין גאַנצער געשיכטע און פון זיינע העכסטע פּאָטענצן, די קאָנסערווירנדיקע און די רעוואָלוציאָנערע.

(„פאָלקסבלאַט", יוני־יולי 1969)

# א י ד י ל י ע

## .1

אַזוי הויבט זיך אָן די טאָג־אָרדענונג — ביי יעדן איינעם, יעטווערן אינדערפרי. מען איילט זיך צום ראַדיאָ־אַפּאַראַט, צו הערן די ערשטע נייס פון טאָג, דעם סך־הכל פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מען עפנט דעם ראַדיאָ מיט אַ ציטער, וואָס איז שוין געוואָרן אַ געוווינהייט. אויב עס איז עפּעס געשען זינט דער לעצטער נייס־טראַנסמיסיע, די חצות־נייס: אַ נייע אַטאַקע פון לופטפלאָט ערגעץ אין עגיפּטן, אָדער אַ צוזאַמענשטויס אויף דער ירדנישער גרענעץ, אָדער אויף דער רמת הגולן, אָדער סתם אַן עקספּלאָזיע אין די גרענעצן פון דער פאַר־מלחמהדיקער ישראל — קומען עטלעכע סע־קונדעס פון שרעק, ביז וואַנען עס ווערן באַקאַנט אַלע פּרטים. מען וואַרט אומגעדולדיק אויף די רוטין־פאָרמולעס: „אַלע אונדזערע פליער זיינען צוריק געקומען בשלום"; „עס זיינען ניט געווען קיין באַשעדיקטע". אין אָט דער רגע פון שרעק דאָמינירן דעם באַוווסטזיין קאָנקרעטע נעמען — געמען פון זין פון פריינד און שכנים, פון דעם אייגענעם איידעם, וועלכע דינען איצט אויפן סועץ, אין ירדן־טאָל אָדער אין גולן. ערשט אַז די נייס ענדיקן זיך מיט דער דערקלערונג, אַז אַלע זיינען צוריקגעקומען בשלום, באַרואיקט מען זיך, דערמאָנט מען זיך, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער זוניקער ווינטער־טאָג אין אונדזער שטעטל, אָדער דערפל (אַזוי הייסט ביי מיר, מסתמא דערפאַר וואָס איך טראַכט נאָך, אויס געוווינהייט, לויט דעם ענגלישן סטערעאָטיפּ VILLAGE — וואָרעם, לויט אונדזער לאָקאַלער נאָמענקלאַטור, איז דאָס סתם אַ „שכון").

יאָ, עס איז ווינטער. עס האָט גענומען עטלעכע יאָר ביז מען האָט זיך צוגעוווינט צו דעם היגן גאַנג פון די יאָר־צייטן. אין די גאָר ערשטע יאָרן האָט די נאַטור אַליין אויסגעזען מער אומנאַטירלעך ווי אַלע אַנדערע נייקייטן דאָ. אַלצדינג האָט געהאַט אַ פּנים פון אַן עקזאָטישן טעאַטער — דער לאַנגער בלענדנדיקער, דוכט זיך קינסטלעך באַלויכטענער זומער — דער קורצער ווינטער מיט זיינע אומגלויבלעך נאַרמאַלע פאַרבן און שאָטנס. איצט איז שווער צו גלויבן, אַז עס איז ערגעץ פאַראַן אַן אַנדער נאַטור.

מאָדנע, וואָס דווקא דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געפיל פון

היימיש ווערן, פון פֿאַרוואָרצלט ווערן מיטן גאַנג פון יאָר, מיטן קאַלענדאַר פון דער זון און רעגנס, מיט די טראַנספאָרמאַציעס פון די פֿאַרבן. דווקא מיט די זאַכן, וואָס זיינען אומאָפּהענגיק פון אייגענעם ווילן, פון באַוווסטזיניקן אויסוואַל, פון די איינגעשטעלטע דערוואַרטונגען.

פיל לענגער זיינען כמעט פרעמד געבליבן דווקא יענע זאַכן וואָס זיינען דוכט זיך, אַזוי אינטים נאָענט געווען זינט די גאָר ערשטע, אומבאַוווסטזיניקע קינדער־יאָרן — דאָס לאַנד פון חומש, פון די אבות. ס׳איז שווער געווען צו פֿאַרשטיין, ריכטיקער, מיטצופילן, דעם פּאָפּולערן הייסן אינטערעס פֿאַר אַרכעאָלאָגיע. די שטיין געבליבענע, אָדער פונסניי אויסגעגראָבענע מאָנומענטן פון אַלטערטום האָבן כמעט ניט גערירט — סיידן זיי האָבן געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט שפּעטערדיקע צייטן. אפילו אַז מען איז געשטאַנען ביים כותל מערבי, עטלעכע טעג נאָך יענע זעקס טעג, איז מען טאַקע פֿאַרכאַפּט געוואָרן אין שטראָם פון אַלעמענס אויפרודער — אָבער דאָס איז כמעט ניט געווען קיין רגע פון צוזאַמענזיין מיט די אבות, וועלכע האָבן דאָ געזאָגט זייערע תפילות און מקריב געווען זייערע קרבנות. אַנדערע בילדער האָבן באַזעצט די פֿאַנטאַזיע: דער יונגער סאָלדאַט וואָס האָט געקוקט אַ פֿאַרגאַפּטער אויף דער ווידער אַנטדעקטער וואַנט ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, און דער זיידע, וואָס האָט זי קיינמאָל ניט געזען און זי איז שטענדיק געשטאַנען פֿאַר זיינע אויגן, און דער עלטער־זיידע, וואָס האָט נאָך אפשר געפּראַוועט תיקון־חצות.

דאָס דאָזיקע אָפּזאָגן זיך פון די עמאָציעס זיך אָפּצורופן אויפן לאַנד פון די אבות איז ניט געווען אינגאַנצן קיין ספּאָנטאַנע רעאַקציע. אַזוי איז דאָס, און ניט מער. עס איז אין דעם אויך געלעגן אַ באַוווסטזיניקער ווידערווילן, אַ פּראָטעסט קעגן דער געוואַלטזאַמער רעקאָנסטרוקציע פון דער יידישער געשיכטע, איינער פון די פּועל־יוצאס פון דעם ציוניזם, וואָס איז פון די סאַמע ערשטע באַגעגענישן אין לאַנד געשטאַנען אַזוי פיינלעך נאַקעט פֿאַר די אויגן. וואָס פֿאַראַ וואַקוואום — אַ וואַקוואום פון צוויי יאָרטויזנטער! — אין באַוווסטזיין פון די דאָזיקע מענטשן. אויב אַזוי, האָסטו ניט געקענט אויסמיידן די פראַגע — וואָס איז דער זינען פון דעם אַלעם? אָבער אַז מען האָט זיך אַמאָל ניט געקענט איינהאַלטן און מען האָט עמעצן געשטעלט די פראַגע דירעקט, האָט מען, אָנשטאָט אַן ענטפער פֿאַר זיך געזען אַ פּאָר שטוינענדיקע אויגן. פשוט: ווו ס׳איז ניטאָ קיין בשותפותדיקע שפּראַך, קענען ניט זיין קיין פֿאַרשטענדלעכע פראַגעס און ענטפערס.

ווי דערקלערט מען דאָס? באַזונדערס ווען עס רעדט זיך וועגן יידן מיט אַ זייער קלאָרן געמיינזאַמען אָפּשטאַם, מזרח־אייראָפּעיִשע יידן. אָבער מיט דער צייט ווערט קלאָר: אין משך פון איין דור און צוויי האָבן זיך שאַרף צעשיידט אויך די וועגן פון מזרח־אייראָפּעיִשע יידן. אַן אַמעריקאַנער ייד, אפילו אויב ער איז געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט זיינע קינדער־און־יוגנט־יאָרן אין אַ יידיש שטעטל אין פוילן אָדער ליטע אָדער גאַליציע, איז נאָך עטלעכע צענדליק יאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אפילו אין אַ סאַמע יידישער סביבה, שוין ניט געבוני דאָס וואָס ער איז געווען אויף יענער זייט ים. זיין גלות איז שוין אַן אַנדערער פון דעם וואָס ער האָט געקענט אין זיינע קינדער־אָדער־יוגנט־יאָרן. דער נייער גלות איז אַנדערש פון דעם פריערדיקן דערמיט וואָס ער איז אַ גלות פון פרייער, גלייכבאַ־רעכטיקטער בירגערשאַפט. דאָס איז יעדנפאַלס די קאָנווענציע אָדער די אילוזיע וואָס קיינער וועט דאָרטן ניט וואַגן אָפּצופרעגן. איז דערפאַר ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז אַ ייד פון יענע קיבוצים זאָל אין אַ יידישער מדינה זוכן ניט דאָס גלייך זיין מיט אַלע פעלקער — אָדער ניט דאָס אַליין — ניט די דאָזיקע גלייכקייט מיט אַלעמען, נאָר די אייגנאַרט, דעם פּאָליטישן יסוד פאַר דעם וויטערדיקן קיום פון דער דאָזיקער אייגנאַרט. יעטוועדער עולה פון איינעם פון יענע קיבוצים, ווו יידן געניסן, אָדער אפילו עס דוכט זיך זיי אַז זיי געניסן, פולע בירגעררעכט, איז אומפאַרמיידלעך אַ שטיקל „אחד־העמיסט".

איך דערמאָן זיך: ממש עטלעכע טעג ערב דעם צווייטן וועלטקריג איז אין זשענעווע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ציוניסטישער וועלט־קאָנגרעס — דער איינאונצוואַנציקסטער, עס איז דאָרטן געווען אַ גרויסע דיסקוסיע וועגן אומלעגאַלער עליה און וועגן מיליטאַנטישע — אויך אומלעגאַלע — מעטאָדן אין קאַמף מיט דער מאַנדאַט־מאַכט. עטלעכע דעלעגאַטן פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן — אבא הלל סילווער און שלמה גאָלדמאַן — האָבן ביטער באַקלאָגט די דאָזיקע אָפּבויגן פון דער „יידישער עטיק" און פון „יידישן גייסט". עס איז געווען גאַנץ לעכערלעך. עס איז אויך דורכגעפלויגן דער געדאַנק: היפּער־עטיק פון די זאַטע. אָבער אַז בערל קאַצענעלסאָן האָט, אין אַ שמועס, שטאַרק איראָניזירט וועגן די דאָזיקע מוסר־דרשות, האָט זיין מיטשמועסער, כאָטש ער האָט מיט אים אינגאַנצן מסכים געווען, גאַנץ ספּאָנטאַן אָנגעהויבן זוכן אַ זכות פאַר זיי. ציוניזם, האָט ער זיך דערמאָנט, האָט הערצל געזאָגט, איז דער שבת פון זיין לעבן. דאָס האָט קאַצענעלסאָנען ניט באַפרידיקט — אָבער ער האָט וועגן דעם נאָכגעטראַכט.

עס איז ניט אינגאַנצן זיכער, צי דאָס איז נאָך אַזוי אפילו איצט — ווען אפילו אַמעריקע איז געצוווּנגען צו טראַכטן וועגן קאַטאַסטראָפעס און קאַטאַקליזמען. אָבער אין יענע יאָרן, די יאָרן ווען מיר האָבן זיך אַריינ־געקליבן אונטער דעם אייגענעם דאַך אין דעם דאָזיקן דערפל ביים ים, האָבן די דאָזיקע געדאַנקען געעקבערט אָן אַן אויפהער. מען האָט אויס־געזוכט קאָמיש אין די אייגענע אויגן. אַז דו גייסט אַרויס ביי דיר אין גאַס, אַז דו פאָרסט אַרויס אין דער שטאָט, קיין תל־אביב, בעת דו כאַפּסט זיך סתם אַרויס אויף אַ שפּאַציר, אַז דו באַטראַכסט אַ מענטשן, אָדער מענטשן אין אַ גרופּע — כאָטש דו ווייסט אַז דאָס איז דיין היים, אַז דו ווערסט פון דאַנען זיך שוין קיינמאָל ניט רירן, זעסטו אין דיינע אויגן אויס ווי אַ מין מרגל. דו ווערסט תמיד אַלץ מעסטן מיט דער מאָס פון דעם וואָס־עס־דאַרף־זיין. דו ווערסט קיינמאָל ניט פעיק זיין שלום צו מאַכן מיט די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען, פשוט דערפאַר ווו זיי זיינען. און כאָטש מען דאַרף, אייגנט־לעך, מיט דעם דאָזיקן ביסל אַנדערשקייט זיך ניט שעמען — דריקט עס שטענדיק אויפן געמיט.

ביז עס איז געקומען דער זעקס־טאָגיקער קריג.

(„פאָלקסבלאַט", יאַנואַר 1970)

**.2**

וואָס ווייטער עס ציט זיך דער ווינטער־אָוונט, וואָס מער מען פאַר־זינקט אין זיינע טונקעלע וואַסערן, אַלץ קאָמפּולסיווער ווערן די מעלאַנ־כאָלישע געדאַנקען. עס דערנענטערט זיך צו זיין סוף דער טאָג מיט זיינע נייסן — מיט די נייס אין די צייטונגען, די נייס אויפן ראַדיאָ, מיט די שמועסן מיט אַ שכן (וואָס הערט מען פון זון אויפן פראָנט? ווי טראָגן איבער זייער אבידה די פריינד, וואָס האָבן פאַרלאָרן אַ טייערן זון?), מיט די כמעט מעכאַנישע באַמערקונגען פון צופעליקע מיטפאָרערס אין אויטאָבוס אַרום דעם אָדער יענעם צוזאַמענשטויס אין ירדן־טאָל, אויפן סועץ, אויף דער רמת־הגולן. אַ גאַנצן טאָג — זיך אָנגעהערט, זיך אָנגעלייענט קאָמענ־טאַרן פון עקספּערטן, מיליטערישע און פּאָליטישע, דיאַגנאָזן און פּראָגנאָזן. איצט קומט די שעה פאַר די אייגענע געדאַנקען, וועלכע ווערן איצט, מיט יעדער רגע וואָס דערנענטערט זיך צום צייטווייליקן אומבאַוווּסטזיין פון דער נאַכט, מער און מער שאַרפער, ענדגילטיקער, עקבערדיקער. איצט רעדט דאָך ניט קיין פרעמדער — מען טענהט זיך אויס מיט זיך אַליין.

אָבער דער טאָג איז דאָך געווען אַן אידילישער. אין פינצטערן דרויסן

ליגט דאָס שטעטל. דריי־פיר מינוט גאַנג פון דאַנען שטייט דאָס הויז פון דער יונגער טאָכטער. אוודאי שלאָפן שוין לאַנג די אייניקלעך — דאָס דריי־יאָריק טעכטערל און דער נאָך ניט איין־יאָריקער זון. און אפשר שלאָפט שוין די מוטער, נאָך אַ לאַנגן אַרבעטטאָג; דער פאָטער איז ניט אין דער היים, עס איז איצט זיין דינסט־חודש אין דער רעזערוו־אַרמיי. די דאָזיקע באַגליקנדיקע פיזישע נאָענטשאַפט מיט קינד־און־קייט הילט איין, ווי די מילדע ווינטערדיקע זון, דעם לאַנגן טאָג.

נאָענטשאַפט, פיזישע נאָענטשאַפט און די אייגנסטע, טאָג־טעגלעכע נאָ־ענטשאַפט — די נאָענטשאַפט אין אָנגעזיכט פון די סכנות, וואָס הויערן יעדע רגע, אַלע פיר־און־צוואַנציק שעה פון מעת־לעת. איצט, אין די נאַכט־שעהן, די סך־הכל־שעהן, טראָגט דער זיכרון צוריק צו יענע ווייטע טעג אין אַ ווייטן (און דאָך, עד היום אייגענעם) לאַנד, אין דעם גוטן, דעם בעסטן גלות־לאַנד, ווו עס איז אויסגעוואַקסן די מוטער פון די צוויי אייניקלעך, וועלכע שלאָפן איצט עטלעכע טריט פון דאַנען, און איר עלטערע שוועסטער וואָס איז אין ירושלים מיט אירע דריי קינדער. דער ווונדער דעריך, דער אומגלויבלעכער ווונדער, פון זייער אַלעמענס זיין דאָ, זיי און זייערע קינדער!

דער ווונדער איז געלעגן אַזוי ווייט, האָט אויסגעזען אַזוי אומדער־גרייכבאַר — דעמאָלט, אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן, זייערע ערשטע קינדער־יאָרן, דאָרטן אין דער ווייטער ברוקלין. אוודאי, עס איז געטאָן געוואָרן אַלצדינג וואָס ס'האָט געקענט געטאָן ווערן כדי מעגלעך צו מאַכן דעם ווונדער — די שמועסן פאַרן שלאָפן־גיין, די שבתים, די העברעישע שול. אָבער קיין זיכערקייט, אַז די אַלע באַמיונגען וועלן מצליח זיין, אַז זיי וועלן ברענגען דעם ווונדער, איז קיינמאָל ניט געווען. די קעגן־כוחות — דער פרעמדער אַרום, די אָפּגעפרעמדטע אייגענע גאַס — זיינען געווען אַזוי אומפאַרגלייכבאַר שטאַרק. זיי האָבן, דוכט זיך, געקוקט פונ־דערווייטנס און געלאַכט פון די אַלע באַמיונגען זיי זיך אַנטקעגנצושטעלן. עס זיינען געווען מינוטן, ווען עס האָט זיך געדוכט: אומזיסט זיך באַמיט, אַלץ איז פאַרלאָרן.

די נאַכט־געדאַנקען טראָגן צוריק צו די טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — די ערשטע לעבנס־יאָרן פון דער יינגערער טאָכטער. עס האָט קיין מאָל ניט געטראָפן, אַז דו זאָלסט קוקן אויף איר אומשולדיק פנים אין בעטל — און זאָלסט דערביי ניט טראַכטן וועגן דעם וואָס מען טוט איצט, אין אָט דער רגע ממש, מיט צענדליקער טויזנטער, הונדערט־טויזנטער, אַזעלכע אומשולדיקע פנימער אויף יענער זייט ים. מיין קינד,

איך מוז דיך באַשיצן קעגן אַלע די וואָס ווילן דיך פאַרטיליקן — באַשיצן דיך און דיך גרייטן פאַרן וווּנדער.



עס איז געקומען דער זעקס־טאָגיקער קריג. אין יענע טעג איז די איינציקע פאַרבינדונג מיט די אייגנסטע געווען דער טעלעפאָן.

די עלטערע טאָכטער איז געווען אין דער באַלאַגערטער, באָמבאַר־דירטער ירושלים, זי און אירע צוויי טעכטער. דער מאַן איז געווען אויפן פראָנט. אין נאָכמיטאָג האָט געקלונגען דער טעלעפאָן:

— וואָס הערט זיך?

— מען זאָגט, אַז מיר האָבן איינגענומען די אַלטשטאָט.

— און וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכן די קינדער?

— אַלצדינג איז „אין אָרדענונג". וואָס מאַכסטו, אבא?

— אַלץ איז „אין אָרדענונג". דו ווייסט דאָך, „אני ציוני".

— דו ווייסט דאָך, „גם אני ציונית".

מיר האָבן, דוכט זיך, ביידע געלאַכט.

אָט איז דער וווּנדער! ענדלעך איז ער געקומען!

וווּנדער זיינען געשען יענעם זומער און שפּעטער — ווינטער, און נאָך דעם. די פרוי האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן לייענען העברעיש.

זי איז געבוירן געוואָרן טאַקע אין יענער ברוקלין. קיין זייער וואַשנע יידישע דערציונג האָט זי ניט באַקומען. דעם ערשטן סדר, אין וועלכן זי האָט זיך באַטייליקט, האָט זי איבערגעלעבט ווי אַ דערוואַקסענע סטו־דענטין, ביי פריינד — אין איר היים האָט מען קיין יידישע ימים־טובים ניט אָפּגעהיט. אין אירע סטודענטן־יאָרן האָט זי זיך באַגעגנט מיטן ציוניזם. זי האָט זיך דערמיט אידענטיפיצירט. זי האָט אפילו געלערנט אַביסל העברעיש. עס האָט געסטייעט אויף עפּעס צו קויפן אין קראָם אָדער אויף אַ זייער זאַכלעכן שמועס מיט אַ שכן. פאַרשטייט זיך, אַז וווינענדיק אין דעם דאָזיקן בדרך כלל העברעיש־רעדנדיקן דאָרף, איז איר גערעדטער העברעיש מיט די יאָרן געוואָרן רייכער און פליסיקער. זי האָט מיט איר העברעיש שוין געקענט דורכקומען — אָבער ניט פיל מער.

וועגן לייענען העברעיש — אַ בוך און אפילו אַ צייטונג — האָט זי אפילו ניט געוואַגט צו חלומען. אָבער איין טאָג איז דאָס געשען — פּלוצ־לונג, אַזוי ווי פיל זאַכן אין דעם דאָזיקן לאַנד.

אין הויז איז געבראַכט געוואָרן די נייע צוועלף־בענדיקע אויסגאַבע פון די שריפטן פון חיים הזז, דעם גרויסן העברעישן דערציילער. האָט זי

געקומען אין האַנט איינעם פון די שיין אַרויסגעגעבענע ספרים און, ווי זי וואָלט אַרויסגעפּאָדערט זיך אַליין, געזאָגט: אפשר סוף־סוף פּרובירן לייענען אַ העברעיש בוך? זי האָט געהערט, אַז הזז איז זייער אַ „שווערער" שרייבער: זיין שפּראַך איז די שפּראַך פון אַלע דורות, די שפּראַך פון חז"ל, פון מדרשים, פון רבנישע ספרים — און זיין וועלט איז אַזוי ברייט ווי דער גלות, ביז צו זיינע פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך, ביז תימן.

און זי האָט זיך אין דעם אַריינגעוואָרפן. אין די לאַנגע אָוונטן. ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט זיך געצויגן דער געראַנגל מיט אָט דער פרעמ־דער וועלט — ביז צו דער לעצטער זייט פון די צוועלף בענד. און דעמאָלט האָט זי, וואָס האָט ביז צו איר ניינצנטן יאָר ניט געוווּסט ווי עס זעט אויס אַ סדר־נאַכט, געזאָגט: פון איצט אָן, ווייס איך, וועט אַ ניט־העברעיש בוך פאַר מיר זיין — פרעמדע ליטעראַטור.

ווי איז דאָס געשען? מסתמא האָט עס אויך אַ שייכות מיט יענע זעקס טעג — דאָס איז געווען דער לעצטער שטופּ. אַ סך יאָרן האָבן געדאַרפט אַוועקגיין ביז עס איז געקומען די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציע, ביז צעל האָט פאַרביטן צעל אין באַוווּסטזיין, און ס'איז אַזוי העל קלאָר געוואָרן וואָס איז אייגנס און וואָס עס איז פרעמד.



מיין שטעטל ביים ים שלאָפט שוין. וואָס וועט ברענגען דער פרי־מאָרגן, וואָס איז, דוכט זיך איצט, אַזוי ווייט? וואָס וועט זיין די ערשטע ידיעה אין דער ערשטער ראַדיאָ־טראַנסמיסיע? פונוואַנען? פון סועץ? פון ירדן־טאָל? פון צפון? וועט זיך די ידיעה אויך פאַרענדיקן מיט דער פאָרמולע: „אַלע זיינען צוריקגעקומען בשלום?"

איידער די אויגן שליסן זיך, שווימט אַרויף אין זיכרון אַ זאַץ פון יוסף חיים ברענער — אַ פּסוק וואָס באַגלייט, דוכט זיך, דאָס גאַנצע לעבן זינט די פריסטע קינדער־יאָרן: „כי רוצים אנו לחיות כאן, לעבוד כאן, למות כאן. קנצי למלין" (וואָרעם דאָ ווילן מיר לעבן, דאָ אַרבעטן, דאָ שטאַרבן. אַ סוף צו די ווערטער).

(„פאָלקסבלאַט", פעברואַר 1970)